# ספר

# נביאים אחרונים

מדויק היטב על פי המסורה

הוגהו בעיון נמרץ על ידי החכם המובהק מהור"ר

## מאיר הלוי לעטערים.

איבערזעצט אין א ריינעם מאָדערנעם אידיש

## לויט די נייע און אַלטע מפרשים.

צווייטע פערבעסערטע אויפלאַגע


**New York:**

**HEBREW PUBLISHING COMPANY**

**50-52 Eldridge Street**

**1914.**

# THE HOLY BIBLE

Translated into Yiddish

by

**Ch. Neuhausen, A. Hyman Charlap, and others.**

---

ספר

# נביאים אחרונים

ישעיה
ירמיה
יחזקאל
הושע
יואל
עמוס
עובדיה
יונה
מיכה
נחום
חבקוק
צפניה
חגי
זכריה
מלאכי

# ישעיה

# LIBER JESAIAE.

## CAPUT I. א

חֲזוֹן יְשַׁעְיָהוּ בֶן־אָמוֹץ אֲשֶׁר חָזָה עַל־יְהוּדָה וִירוּשָׁלִָם א
בִּימֵי עֻזִּיָּהוּ יוֹתָם אָחָז יְחִזְקִיָּהוּ מַלְכֵי יְהוּדָה׃ שִׁמְעוּ שָׁמַיִם 2
וְהַאֲזִינִי אֶרֶץ כִּי יְהוָה דִּבֵּר בָּנִים גִּדַּלְתִּי וְרוֹמַמְתִּי וְהֵם
פָּשְׁעוּ בִי׃ יָדַע שׁוֹר קֹנֵהוּ וַחֲמוֹר אֵבוּס בְּעָלָיו יִשְׂרָאֵל 3
לֹא יָדַע עַמִּי לֹא הִתְבּוֹנָן׃ הוֹי ׀ גּוֹי חֹטֵא עַם כֶּבֶד עָוֺן 4
זֶרַע מְרֵעִים בָּנִים מַשְׁחִיתִים עָזְבוּ אֶת־יְהוָה נִאֲצוּ אֶת־
קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל נָזֹרוּ אָחוֹר׃ עַל־מֶה תֻכּוּ עוֹד תּוֹסִיפוּ סָרָה ה
כָּל־רֹאשׁ לָחֳלִי וְכָל־לֵבָב דַּוָּי׃ מִכַּף־רֶגֶל וְעַד־רֹאשׁ 6
אֵין־בּוֹ מְתֹם פֶּצַע וְחַבּוּרָה וּמַכָּה טְרִיָּה לֹא־זֹרוּ וְלֹא
חֻבָּשׁוּ וְלֹא רֻכְּכָה בַּשָּׁמֶן׃ אַרְצְכֶם שְׁמָמָה עָרֵיכֶם שְׂרֻפוֹת 7
אֵשׁ אַדְמַתְכֶם לְנֶגְדְּכֶם זָרִים אֹכְלִים אֹתָהּ וּשְׁמָמָה
כְּמַהְפֵּכַת זָרִים׃ וְנוֹתְרָה בַת־צִיּוֹן כְּסֻכָּה בְכָרֶם כִּמְלוּנָה 8
בְמִקְשָׁה כְּעִיר נְצוּרָה׃ לוּלֵי יְהוָה צְבָאוֹת הוֹתִיר לָנוּ 9
שָׂרִיד כִּמְעָט כִּסְדֹם הָיִינוּ לַעֲמֹרָה דָּמִינוּ׃ שִׁמְעוּ י
דְבַר־יְהוָה קְצִינֵי סְדֹם הַאֲזִינוּ תּוֹרַת אֱלֹהֵינוּ עַם עֲמֹרָה׃
לָמָּה לִּי רֹב־זִבְחֵיכֶם יֹאמַר יְהוָה שָׂבַעְתִּי עֹלוֹת אֵילִים 11
וְחֵלֶב מְרִיאִים וְדַם פָּרִים וּכְבָשִׂים וְעַתּוּדִים לֹא חָפָצְתִּי׃
כִּי תָבֹאוּ לֵרָאוֹת פָּנָי מִי־בִקֵּשׁ זֹאת מִיֶּדְכֶם רְמֹס חֲצֵרָי׃ 12
לֹא תוֹסִיפוּ הָבִיא מִנְחַת־שָׁוְא קְטֹרֶת תּוֹעֵבָה הִיא לִי 13
חֹדֶשׁ וְשַׁבָּת קְרֹא מִקְרָא לֹא־אוּכַל אָוֶן וַעֲצָרָה׃ חָדְשֵׁיכֶם 14

ומועדיכם

v. 1. הפטרת אלה הדברים

# ישעיה

## קאפיטעל א

1 די פּראָפעצייאונג פון ישעיהו, דעם זוהן פון אמוץ, וועלכע ער האָט געזעהען איבער יהודה און ירושלים, אין די טעג פון עזיהו, יותם, אחז און יחזקיהו, די קעניגע פון יהודה.

2 הערט, איהר הימלען, און פערנעהם, דו ערד, דען גאָט האָט גערעדט ; קינדער האָב איך אויפגעצויגען און ערהויבען, אָבער זיי האָבען פערבראָכען קעגען מיר.

3 דער אָקס קען זיין אייגענטהימער, און דער עזעל די קרופּע (קאָרעטע) פון זיין הערר, ישראל אָבער, קען מיך ניט, מיין פאָלק בעמערקט מיך ניט.

4 וועה ! זינדיגעס פאָלק, נאַציאָן בעלאַדען מיט זינד, זאָמען וואָס טהוען שלעכטס, פערדאָרבענע קינדער ; פערלאָזען האָבען זיי גאָט, פעראכטעט דעם הייליגען פון ישראל, זיי האָבען זיך אָבגעקעהרט צוריק.

5 וואָרום זאָלט איהר ווייטער געשלאָגען ווערען ? אז איהר טהוט נאָך אַלץ מעהר אָבקעהרען, יעדער קאָפּ איז קראנק, יעדעס הארץ איז שמערצליך.

6 פון דעם פוסטריט ביז דעם קאָפּשייטעל איז ניטאָ אין איהם אַ גאַנצע שטעלע ; נאָר אַ וואונד און אַ בייל, און אַ אייטערענדע וואונד, זיי זיינען ניט אויסגעדריקט געוואָרען, און ניט פערבונדען געוואָרען און ניט ערווייכט געוואָרען מיט אויל.

7 אייער לאַנד איז וויסט, אייערע שטעדט פערברענט מיט פייער, אייער לאַנד פאר אייערע אויגען פרעמדע פערצעהרען זי, און עס איז פערוויסט ווי דורך אַ איבערקעהרונג פון פרעמדע.

8 און בלויז די טאָכטער ציון איז נאָך איבערגעבליעבען, אָבער עלענד, ווי אַביידעל אין אַ ווייגגאָרטען, ווי אַ וואכטהויז אין אַ קירבעס גאָרטען, ווי אַ בעלאַגערטע שטאָדט.

9 ווען גאָט פון די ערשאָרען וואָלט אונז ניט איבערגעלאָזען אַ קליינעם רעסט, וואָלטען מיר ווי סדום געוואָרען, צו עמרה וואָלטען מיר גליך געוועזן.

10 הערט דאָס וואָרט פון גאָט, איהר פירשטען פון סדום, פערנעהמט די לעהרע פון אונזער גאָט, איהר פאָלק פון עמרה.

11 צו וואָס טויג מיר אייערע פיעל אָפּפער ? זאָגט גאָט. איך בין זאט ! גאַנץ־אָפּפער פון ווידערס, און פעטס פון געשטאָפּטע אָקסען, און בלוט פון אָקסען און שאָף און בעק בעגעהר איך ניט.

12 ווען איהר קומט צו בעווייזען זיך פאר מיר, ווער פערלאַנגט עס פון אייך, דאָס איהר זאָלט צוטרעטען מיין הויף ?

13 איהר זאָלט ניט מעהר ברענגען אומזיסטע אָפּפער, אייער רויכערונג איז אַן עקעל צו מיר, ראש חדש און שבת ווען איהר פעררופט אַ הייליגע פערזאמלונג, איך לייד עס ניט ; טהאָן אונרעכט — אין הייליגע פערזאמלונגען.

14 אייערע מאָנאַט־פעסטען און אייערע פייערטעג האסט מיין זעעל, זיי זיינען צו כיר צו לאַסט, איך בין מיעד געוואָרען זיי צו ערטראַגען.

וּמוֹעֲדֵיכֶם שָׂנְאָה נַפְשִׁי הָיוּ עָלַי לָטֹרַח נִלְאֵיתִי נְשֹׂא׃
טו וּבְפָרִשְׂכֶם כַּפֵּיכֶם אַעְלִים עֵינַי מִכֶּם גַּם כִּי־תַרְבּוּ תְפִלָּה
16 אֵינֶנִּי שֹׁמֵעַ יְדֵיכֶם דָּמִים מָלֵאוּ׃ רַחֲצוּ הִזַּכּוּ הָסִירוּ רֹעַ
17 מַעַלְלֵיכֶם מִנֶּגֶד עֵינָי חִדְלוּ הָרֵעַ׃ לִמְדוּ הֵיטֵב דִּרְשׁוּ
מִשְׁפָּט אַשְּׁרוּ חָמוֹץ שִׁפְטוּ יָתוֹם רִיבוּ אַלְמָנָה׃
18 לְכוּ־נָא וְנִוָּכְחָה יֹאמַר יְהוָה אִם־יִהְיוּ חֲטָאֵיכֶם כַּשָּׁנִים
19 כַּשֶּׁלֶג יַלְבִּינוּ אִם־יַאְדִּימוּ כַתּוֹלָע כַּצֶּמֶר יִהְיוּ׃ אִם־תֹּאבוּ
כ וּשְׁמַעְתֶּם טוּב הָאָרֶץ תֹּאכֵלוּ׃ וְאִם־תְּמָאֲנוּ וּמְרִיתֶם
21 חֶרֶב תְּאֻכְּלוּ כִּי פִּי יְהוָה דִּבֵּר׃ אֵיכָה הָיְתָה
לְזוֹנָה קִרְיָה נֶאֱמָנָה מְלֵאֲתִי מִשְׁפָּט צֶדֶק יָלִין בָּהּ וְעַתָּה
22 מְרַצְּחִים׃ כַּסְפֵּךְ הָיָה לְסִיגִים סָבְאֵךְ מָהוּל בַּמָּיִם׃
23 שָׂרַיִךְ סוֹרְרִים וְחַבְרֵי גַּנָּבִים כֻּלּוֹ אֹהֵב שֹׁחַד וְרֹדֵף
שַׁלְמֹנִים יָתוֹם לֹא יִשְׁפֹּטוּ וְרִיב אַלְמָנָה לֹא־יָבוֹא אֲלֵיהֶם׃
24 לָכֵן נְאֻם הָאָדוֹן יְהוָה צְבָאוֹת אֲבִיר יִשְׂרָאֵל הוֹי אֶנָּחֵם
כה מִצָּרַי וְאִנָּקְמָה מֵאוֹיְבָי׃ וְאָשִׁיבָה יָדִי עָלַיִךְ וְאֶצְרֹף כַּבֹּר
26 סִגָיִךְ וְאָסִירָה כָּל־בְּדִילָיִךְ׃ וְאָשִׁיבָה שֹׁפְטַיִךְ כְּבָרִאשֹׁנָה
וְיֹעֲצַיִךְ כְּבַתְּחִלָּה אַחֲרֵי־כֵן יִקָּרֵא לָךְ עִיר הַצֶּדֶק קִרְיָה
27 28 נֶאֱמָנָה׃ צִיּוֹן בְּמִשְׁפָּט תִּפָּדֶה וְשָׁבֶיהָ בִּצְדָקָה׃ וְשֶׁבֶר
29 פֹּשְׁעִים וְחַטָּאִים יַחְדָּו וְעֹזְבֵי יְהוָה יִכְלוּ׃ כִּי יֵבֹשׁוּ
מֵאֵילִים אֲשֶׁר חֲמַדְתֶּם וְתַחְפְּרוּ מֵהַגַּנּוֹת אֲשֶׁר בְּחַרְתֶּם׃
ל כִּי תִהְיוּ כְּאֵלָה נֹבֶלֶת עָלֶהָ וּכְגַנָּה אֲשֶׁר־מַיִם אֵין לָהּ׃
31 וְהָיָה הֶחָסֹן לִנְעֹרֶת וּפֹעֲלוֹ לְנִיצוֹץ וּבָעֲרוּ שְׁנֵיהֶם יַחְדָּו
וְאֵין מְכַבֶּה׃

## CAP. II. ב

ב

א הַדָּבָר אֲשֶׁר חָזָה יְשַׁעְיָהוּ בֶּן־אָמוֹץ עַל־יְהוּדָה וִירוּשָׁלָםִ׃
2 וְהָיָה ׀ בְּאַחֲרִית הַיָּמִים נָכוֹן יִהְיֶה הַר בֵּית־יְהוָה בְּרֹאשׁ
3 הֶהָרִים וְנִשָּׂא מִגְּבָעוֹת וְנָהֲרוּ אֵלָיו כָּל־הַגּוֹיִם׃ וְהָלְכוּ

עמים

ש׳ סק v. 29

15 און ווען איהר שפּרייט אויס אייערע הענד (תפלה צו טהאָן) פערבאָרג איך מיינע אויגען פון אייך ; אויך ווען איהר פערמעהרט געבעט, הער איך עס ניט, ווייל אייערע הענד זיינען פול מיט בלוט.
16 וואשט זיך, רייניגט זיך, שאַפט אָב אייערע שלעכטע טהאַטען פון מיינע
17 אויגען, הערט אויף שלעכטס צו טהאָן, געוואָהנט זיך גוטס צו טהאָן, שטרעבט נאָך גערעכטיגקייט, שטאַרקט דעם אונטערדריקטען, שאַפט גערעכטיגקייט דעם יתום, נעהמט אָן די קלאָגען פון דער אַלמנה.
18 קומט. און לאָמיר זיך דורכרעדען, זאָגט גאָט, קענען אייערע זינד וועל־כע זיינען רויט ווי פּורפּור, אויסזעהען ווייס ווי שנעע ? אויב זיי זיינען רויט ווי קאַרמעזין פאַרב קענען זיי גלאַנצען ווי ווייסע וואָלל ?
19 ווען איהר וועט וועלען געהאָרכען, וועט איהר געניסען דאָס בעסטע פון
20 דעם לאַנד. אָבער אויב איהר וועט אייך ווייגערען, און איהר וועט ווידערשפּעניגען, וועט איהר פערניכטעט ווערען דורך דעם שווערד, דען גאָט'ס מויל האָט עס גערעדט.
21 אוי, ווי איז די טרייע שטאָדט געוואָרען ווי אַ בוהלערין, זי איז פול געווען מיט גערעכטיגקייט, די אונשולדיגקייט אַליין פלעגט זיך אויפ־האַלטען אין איהר, אָבער יעצט — מערדערס.
22 דיין זילבער איז געוואָרען אָבפאַל (שלאַקען), דיין געטראַנק איז גע־מישט מיט וואַסער.
23 דיינע פירשטען זיינען אָפּטריניגע געוואָרען, און פריינד פון גנבים, אַלע ליעבען צו נעהמען בעשטעכונג, אַלע יאָגען זיך נאָך בעצאָהלונגען, דעם יתום שאַפט קיינער קיין גערעכטיגקייט, און די קלאַגע פון דער אַלמנה קומט ניט פאַר זיי.
24 דאַרום, זאָגט דער הערר, דער גאָט פון די הערשאַרען, דער שטאַרקער גאָט פון ישראל : אָ, איך וועל זיך טרייסטען פון מיינע בעליידיגער ; ראַכע וועל איך נעהמען פון מיינע פיינד.
25 און איך וועל אומקעהרען מיין האַנד איבער דיר, און איך וועל לייטערען אזוי ווי מיט לויג דיינע שלאַקען, און איך וועל אָבשאַפען דיין גאַנצעס צין.
26 און איך וועל צוריקקעהרען דיינע ריכטער ווי פאַרצייטען, און דיינע ראַטהגעבער ווי אין אָנהויב, דאַן וועסטו ווידער גערופען ווערען : שטאָדט פון גערעכטיגקייט ; די בעגלויבטע רעזידענץ־שטאָדט.
27 יאַ, ציון וועט דורך גערעכטיגקייט אויסגעלייזט ווערען, און איהרע בע־קעהרטע (בעלי תשובה) — דורך טוגענד.
28 אָבער די פערברעכער און זינדער וועלען צוזאַמען צובראָכען ווערען. און די וואָס פערלאָזען גאָט וועלען אונטערגעהן.
29 דען אַ מאָל וועט מען זיך שעהמען וועגען די לינדענבוימער וואָס איהר האָט אזוי געגלוסט (פאַר עבודה זרה) און איהר וועט רויט ווערען פאַר שאַנדע וועגען די גערטנער וואָס איהר האָט אייך אויסערוועהלט.
30 דען איהר וועט זיין אזוי ווי אַ לינדענבוים וואָס זיינע בלעטער פער־וועלקען, און ווי אַ גאָרטען וואָס האָט ניט קיין וואַסער.
31 און אייער שטאַרקער (אָבגאָט) וועט ווערען אזוי ווי די אָבפאַל פון פלאַקס, און דער וואָס האָט איהם געמאַכט, (וועט ווערען) אַ פונק, און זיי וועלען צוזאַמען ברענען, און קיינער וועט זיי ניט אויסלעשען.

## קאַפּיטעל ב

1 דאָס וואָרט וואָס ישעיהו דער זוהן פון אמוץ האָט געזעהען איבער יהודה
2 און ירושלים. און עס וועט געשעהען אין די צוקינפטיגע צייטען ; פעסט אויפגעשטעלט וועט זיין דער באַרג פון גאָט'ס הויז, העכער פון אַלע בערג, און ערהויבען וועט ער זיין איבער אַלע היגעלען, און אַלע נאַציאָנען וועלען זיך ציהען (שטראָמען) צו איהם.

עַמִּ֣ים רַבִּ֗ים וְאָֽמְרוּ֙ לְכ֣וּ ׀ וְנַעֲלֶ֣ה אֶל־הַר־יְהוָ֗ה אֶל־בֵּית֙
אֱלֹהֵ֣י יַעֲקֹ֔ב וְיֹרֵ֙נוּ֙ מִדְּרָכָ֔יו וְנֵלְכָ֖ה בְּאֹרְחֹתָ֑יו כִּ֤י מִצִּיּוֹן֙
תֵּצֵ֣א תוֹרָ֔ה וּדְבַר־יְהוָ֖ה מִירוּשָׁלִָֽם׃ וְשָׁפַט֙ בֵּ֣ין הַגּוֹיִ֔ם 4
וְהוֹכִ֖יחַ לְעַמִּ֣ים רַבִּ֑ים וְכִתְּת֨וּ חַרְבוֹתָ֜ם לְאִתִּ֗ים וַחֲנִיתֽוֹתֵיהֶם֙
לְמַזְמֵר֔וֹת לֹא־יִשָּׂ֨א ג֤וֹי אֶל־גּוֹי֙ חֶ֔רֶב וְלֹא־יִלְמְד֥וּ ע֖וֹד
מִלְחָמָֽה׃ בֵּ֖ית יַעֲקֹ֑ב לְכ֥וּ וְנֵלְכָ֖ה בְּא֥וֹר יְהוָֽה׃ כִּ֣י ה 6
נָטַ֗שְׁתָּה עַמְּךָ֙ בֵּ֣ית יַעֲקֹ֔ב כִּ֤י מָלְאוּ֙ מִקֶּ֔דֶם וְעֹנְנִ֖ים כַּפְּלִשְׁתִּ֑ים
וּבְיַלְדֵ֥י נָכְרִ֖ים יַשְׂפִּֽיקוּ׃ וַתִּמָּלֵ֤א אַרְצוֹ֙ כֶּ֣סֶף וְזָהָ֔ב וְאֵ֥ין 7
קֵ֖צֶה לְאֹצְרֹתָ֑יו וַתִּמָּלֵ֤א אַרְצוֹ֙ סוּסִ֔ים וְאֵ֥ין קֵ֖צֶה לְמַרְכְּבֹתָֽיו׃
וַתִּמָּלֵ֥א אַרְצ֖וֹ אֱלִילִ֑ים לְמַעֲשֵׂ֤ה יָדָיו֙ יִשְׁתַּחֲו֔וּ לַאֲשֶׁ֥ר עָשׂ֖וּ 8
אֶצְבְּעֹתָֽיו׃ וַיִּשַּׁ֥ח אָדָ֖ם וַיִּשְׁפַּל־אִ֑ישׁ וְאַל־תִּשָּׂ֖א לָהֶֽם׃ 9
בּ֣וֹא בַצּ֔וּר וְהִטָּמֵ֖ן בֶּעָפָ֑ר מִפְּנֵי֙ פַּ֣חַד יְהוָ֔ה וּמֵהֲדַ֖ר גְּאֹנֽוֹ׃ י
עֵינֵ֞י גַּבְה֤וּת אָדָם֙ שָׁפֵ֔ל וְשַׁ֖ח ר֣וּם אֲנָשִׁ֑ים וְנִשְׂגַּ֧ב יְהוָ֛ה 11
לְבַדּ֖וֹ בַּיּ֥וֹם הַהֽוּא׃ כִּ֣י י֞וֹם לַיהוָ֧ה צְבָא֛וֹת עַ֥ל כָּל־ 12
גֵּאֶ֖ה וָרָ֑ם וְעַ֥ל כָּל־נִשָּׂ֖א וְשָׁפֵֽל׃ וְעַל֙ כָּל־אַרְזֵ֣י הַלְּבָנ֔וֹן 13
הָרָמִ֖ים וְהַנִּשָּׂאִ֑ים וְעַ֖ל כָּל־אַלּוֹנֵ֥י הַבָּשָֽׁן׃ וְעַ֥ל כָּל־הֶהָרִ֖ים 14
הָרָמִ֑ים וְעַ֖ל כָּל־הַגְּבָע֥וֹת הַנִּשָּׂאֽוֹת׃ וְעַ֖ל כָּל־מִגְדָּ֣ל גָּבֹ֑הַּ טו
וְעַ֖ל כָּל־חוֹמָ֥ה בְצוּרָֽה׃ וְעַ֖ל כָּל־אֳנִיּ֣וֹת תַּרְשִׁ֑ישׁ וְעַ֖ל כָּל־ 16
שְׂכִיּ֥וֹת הַחֶמְדָּֽה׃ וְשַׁח֙ גַּבְה֣וּת הָֽאָדָ֔ם וְשָׁפֵ֖ל ר֣וּם אֲנָשִׁ֑ים 17
וְנִשְׂגַּ֧ב יְהוָ֛ה לְבַדּ֖וֹ בַּיּ֥וֹם הַהֽוּא׃ וְהָאֱלִילִ֖ים כָּלִ֥יל יַחֲלֹֽף׃ 18
וּבָ֙אוּ֙ בִּמְעָר֣וֹת צֻרִ֔ים וּבִמְחִלּ֖וֹת עָפָ֑ר מִפְּנֵ֞י פַּ֤חַד יְהוָה֙ 19
וּמֵהֲדַ֣ר גְּאוֹנ֔וֹ בְּקוּמ֖וֹ לַעֲרֹ֥ץ הָאָֽרֶץ׃ בַּיּ֣וֹם הַה֗וּא יַשְׁלִ֤יךְ כ
הָֽאָדָ֔ם אֵ֚ת אֱלִילֵ֣י כַסְפּ֔וֹ וְאֵ֖ת אֱלִילֵ֣י זְהָב֑וֹ אֲשֶׁ֤ר עָשׂוּ־לוֹ֙
לְהִֽשְׁתַּחֲוֺ֔ת לַחְפֹּ֥ר פֵּר֖וֹת וְלָעֲטַלֵּפִֽים׃ לָבוֹא֙ בְּנִקְר֣וֹת 21
הַצֻּרִ֔ים וּבִסְעִפֵ֖י הַסְּלָעִ֑ים מִפְּנֵ֞י פַּ֤חַד יְהוָה֙ וּמֵהֲדַ֣ר גְּאוֹנ֔וֹ
בְּקוּמ֖וֹ לַעֲרֹ֥ץ הָאָֽרֶץ׃ חִדְל֤וּ לָכֶם֙ מִן־הָ֣אָדָ֔ם אֲשֶׁ֥ר נְשָׁמָ֖ה 22
בְּאַפּ֑וֹ כִּֽי־בַמֶּ֥ה נֶחְשָׁ֖ב הֽוּא׃

3 און פיעל פעלקער וועלען אהינגעהן און זיי וועלען זאָגען: קומט, און מיר וועלען ארויפגעהן צו דעם באַרג פון גאָט, צו דעם הויז פון דעם גאָט פון יעקב, דאָס ער זאָל אונז לערנען זיינע וועגען, און מיר וועלען וואנד־לען אין זיינע שטעגען, דען פון ציון וועט ארויסקומען די לעהרע און גאָט'ס וואָרט — פון ירושלים.

4 און ער וועט ריכטען צווישען די פעלקער, און ער וועט ענטשיידען צו פיעל נאַציאָנען, (וועגען זייערע שטרייטען), און זיי וועלען אומשמיע־דען זייערע שווערדען צו אַקער־אייזענס, און זייערע שפּיזען צו שנייד־מעסערס, איין פאָלק וועט ניט מעהר אויפהויבען אַ שווערד קעגען אַן אנדער פאָלק, און זיי וועלען מעהר ניט לעהרנען קיין קריעג.

5 איהר הויז פון יעקב, קומט! און לאָזען מיר געהן אין דעם ליכט פון גאָט.

6 אַך! יעצט האָסטו פערלאָזען דיין פאָלק, דאָס הויזגעזינד פון יעקב, דען זיי זיינען פול געוואָרען (מיט צויבעריי) מעהר אַלס (די פעלקער) פון דעם מאָרגענלאַנד, און צויבערער זיינען זיי ווי די פלשתים, און מיט פרעמדע קינדער (זיטען) בענוגענען זיי זיך.

7 און זיין לאַנד איז פול געוואָרען מיט זילבער און גאָלד, און עס איז ניט געווען קיין ענד צו זיינע שאַצען; און זיין לאַנד איז פול געוואָרען מיט פערד, און עס איז ניט געווען קיין ענד צו זיינע רייטוועגען.

8 זיין לאַנד איז פול געוואָרען מיט געטצען. צו די ווערק פון זייערע אייגענע הענד בוקען זיי זיך, צו דעם וואָס זייערע אייגענע פינגער האָבען געמאַכט.

9 און אַזוי איינגעבויגען איז געוואָרען דער מענש, און אַזוי ערניעדעריגט איז דער מאַן, אַז דו קענסט עס (כמעט) זיי ניט פערגעבען.

10 געה אין פעלזען און פערבאָרג זיך אין דעם שטויב, פאַר דעם שרעק פון גאָט, און פאַר די פורכט פון זיין הויכע מאַיעסטעט.

11 די שטאָלצע בליקען פון דעם מענשען וועלען ערניעדעריגט ווערען, און איינגעבויגען וועט ווערען די הויכקייט פון מענער, אָבער גאָט אַליין וועט ערהויבען ווערען אין יענעם טאָג.

12 דען אַ שטראָף טאָג האָט גאָט פון די הערשאַרען איבער יעדען שטאָלצען און הויכען, איבער יעדען ערהאַבענעם. אַלע וועלען ערניעדעריגט ווערען.

13 און איבער אַלע צעדערען פון לבנון, די הויכע און ערהאַבענע, און איבער אַלע אייכען פון בשן.

14 און איבער אַלע הויכע בערג, און איבער אַלע ערהויבענע היגעלען.

15 און איבער יעדען הויכען טהורעם, און איבער יעדע שטאַרקע פעסטונג.

16 און איבער אַלע שיפען פון תרשיש, און איבער אַלע פּראַכטפאָלע בילדער.

17 און דער שטאָלץ פון דעם מענשען וועט ניעדערגעבויגען ווערען, און די הויכקייט פון מענער וועט ערניעדעריגט ווערען. און ערהאָבען וועט זיין נאָר גאָט אַליין אין יענעם טאָג.

18 און די געצען אין גאַנצען וועלען זיי פערשוואונדען ווערען.

19 און זיי (די דיענער פון די געצען) וועלען קומען אין היהלען פון די פעל־זען און אין די גריבער פון דער ערד, פאַר דעם שרעק פון גאָט, און פאַר די פורכט פון זיין מאַיעסטעט, ווען ער וועט אויפשטעהן צו שרעקען די ערד.

20 און אין יענעם טאָג וועט דער מענש אַוועקוואַרפען זיינע געצען פון גאָלד, וואָס ער האָט זיך געמאַכט, אום זיך צו בוקען צו זיי, צו די מויל־וואורפען און צו די פלעדערמייז,

21 אום אַריינצוקומען אין די לעכער פון די פעלזען, און אין די שפּאַלטען פון די שטיינער, פאַר דעם שרעק פון גאָט און פאַר די פורכט פון זיין הויכע מאַיעסטעט, ווען ער וועט אויפשטעהן צו זעצען אין שרעק די ערד.

22 הערט נאָר אויף (צו פירכטען) פון דעם מענש, וואָס זיין לעבען איז נאָר אַ קורצער אָטהעם, דען וואָס פאַר אַ ווערטה האָט ער?

ג

## CAP. III. ג

א כִּי הִנֵּה הָאָדוֹן יְהוָה צְבָאוֹת מֵסִיר מִירוּשָׁלִַם וּמִיהוּדָה
2 מַשְׁעֵן וּמַשְׁעֵנָה כֹּל מִשְׁעַן־לֶחֶם וְכֹל מִשְׁעַן־מָיִם׃ גִּבּוֹר
3 וְאִישׁ מִלְחָמָה שׁוֹפֵט וְנָבִיא וְקֹסֵם וְזָקֵן׃ שַׂר־חֲמִשִּׁים
4 וּנְשׂוּא פָנִים וְיוֹעֵץ וַחֲכַם חֲרָשִׁים וּנְבוֹן לָחַשׁ׃ וְנָתַתִּי
ה נְעָרִים שָׂרֵיהֶם וְתַעֲלוּלִים יִמְשְׁלוּ־בָם׃ וְנִגַּשׂ הָעָם אִישׁ
בְּאִישׁ וְאִישׁ בְּרֵעֵהוּ יִרְהֲבוּ הַנַּעַר בַּזָּקֵן וְהַנִּקְלֶה בַּנִּכְבָּד׃
6 כִּי־יִתְפֹּשׂ אִישׁ בְּאָחִיו בֵּית אָבִיו שִׂמְלָה לְכָה קָצִין
7 תִּהְיֶה־לָּנוּ וְהַמַּכְשֵׁלָה הַזֹּאת תַּחַת יָדֶךָ׃ יִשָּׂא בַיּוֹם
הַהוּא ׀ לֵאמֹר לֹא־אֶהְיֶה חֹבֵשׁ וּבְבֵיתִי אֵין לֶחֶם וְאֵין
8 שִׂמְלָה לֹא תְשִׂימֻנִי קְצִין עָם׃ כִּי כָשְׁלָה יְרוּשָׁלִַם וִיהוּדָה
נָפָל כִּי־לְשׁוֹנָם וּמַעַלְלֵיהֶם אֶל־יְהוָה לַמְרוֹת עֵנֵי כְבוֹדוֹ׃
9 הַכָּרַת פְּנֵיהֶם עָנְתָה בָּם וְחַטָּאתָם כִּסְדֹם הִגִּידוּ לֹא
י כִחֵדוּ אוֹי לְנַפְשָׁם כִּי־גָמְלוּ לָהֶם רָעָה׃ אִמְרוּ צַדִּיק כִּי־
11 טוֹב כִּי־פְרִי מַעַלְלֵיהֶם יֹאכֵלוּ׃ אוֹי לְרָשָׁע רָע כִּי־גְמוּל
12 יָדָיו יֵעָשֶׂה לּוֹ׃ עַמִּי נֹגְשָׂיו מְעוֹלֵל וְנָשִׁים מָשְׁלוּ בוֹ עַמִּי
13 מְאַשְּׁרֶיךָ מַתְעִים וְדֶרֶךְ אֹרְחֹתֶיךָ בִּלֵּעוּ׃ נִצָּב לָרִיב
14 יְהוָה וְעֹמֵד לָדִין עַמִּים׃ יְהוָה בְּמִשְׁפָּט יָבוֹא עִם־זִקְנֵי
עַמּוֹ וְשָׂרָיו וְאַתֶּם בִּעַרְתֶּם הַכֶּרֶם גְּזֵלַת הֶעָנִי בְּבָתֵּיכֶם׃
טו מַלָּכֶם תְּדַכְּאוּ עַמִּי וּפְנֵי עֲנִיִּים תִּטְחָנוּ נְאֻם־אֲדֹנָי יֱהוִה
16 צְבָאוֹת׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה יַעַן כִּי גָבְהוּ בְּנוֹת צִיּוֹן
וַתֵּלַכְנָה נְטוּוֹת גָּרוֹן וּמְשַׂקְּרוֹת עֵינָיִם הָלוֹךְ וְטָפֹף תֵּלַכְנָה
17 וּבְרַגְלֵיהֶם תְּעַכַּסְנָה׃ וְשִׂפַּח אֲדֹנָי קָדְקֹד בְּנוֹת צִיּוֹן וַיהוָה
18 פָּתְהֵן יְעָרֶה׃ בַּיּוֹם הַהוּא יָסִיר אֲדֹנָי אֵת תִּפְאֶרֶת
19 הָעֲכָסִים וְהַשְּׁבִיסִים וְהַשַּׂהֲרֹנִים׃ הַנְּטִפוֹת וְהַשֵּׁירוֹת
כ וְהָרְעָלוֹת׃ הַפְּאֵרִים וְהַצְּעָדוֹת וְהַקִּשֻּׁרִים וּבָתֵּי הַנֶּפֶשׁ
21 22 וְהַלְּחָשִׁים׃ הַטַּבָּעוֹת וְנִזְמֵי הָאָף׃ הַמַּחֲלָצוֹת וְהַמַּעֲטָפוֹת

והמטפחות

v. 8. חסר י   v. 15. מַה לָּכֶם קרי   v. 16. נטויות קרי

## קאַפּיטעל ג

1 דען זעה, דער הערר, דער גאָט פון די הערשאַרען נעהמט אַוועק פון
ירושלים און פון יהודה שטיצע און הילף, יעדע שטיצע פון ברויט און
2 יעדע שטיצע פון וואסער. דעם העלד און דעם קריעגסמאַן, דעם ריכטער
3 און דעם פּראָפעט, דעם וואַהרזאָגער און דעם אַלטען מאַן. דעם הויפּט־
מאַן איבער פופציג און דעם אנגעזעהענעם מאַן, און דעם ראַטהגעבער, און
און דעם קלוגען קינסטלער, און דעם פערשטענדיגען אין געהיימניסען.
4 און איך וועל זעצען איבער זיי אינגלאַך פאַר פירשטען, און אויסגעלאַ־
5 סענע יונגע לייט וועלען הערשען איבער זיי. און דאָס פאָלק וועט דריי־
קען איינער דעם אַנדערן, און יעדער זיין פריינד. זיי וועלען שטאָלצירען,
דער יונגער איבער דעם אַלטען, און דער פעראַכטעטער איבער דעם געאַכ־
6 טעטען. (דאַמאָלס) וועט אַ מאַן אָננעהמען זיין ברודער, אָדער אַ פער־
וואַנדטען פון זיין פאָטער׳ס הויז (און ער וועט זאָגען :) דו זאָלסט טראָ־
גען דעם מאַנטעל פון אַ פיהרער ; דו זאָלסט זיין אונזער פירשט, נאָר נעהם
7 דיעזע אונאָרדנונג אונטער דיין האַנד. וועט ער אויפהויבען אין יענעם
טאָג (זיין האַנד) און וועט שווערען : איך וועל ניט זיין אַ הערשער ; און
אויך אַז אין מיין הויז זאָל ניט זיין קיין ברויט און קיין קלייד, זאָלט איהר
8 מיך ניט מאַכען צום פירשט איבער אַזאַ פאָלק. אַך ! אַזוי איז געשטרוי־
כעלט געוואָרען ירושלים, און יהודה איז געפאַלען, דען זייער שפּראַך און
זייערע טהאַטען זיינען קעגען גאָט, צו ערצערנען זיינע געעהרטע אויגען.
9 זייערע פרעכהייט (עזות) האָט געצייגט קעגען זיי, און זייערע זינד וואָס
זיינען ווי די זינד פון סדום דערצעהלען זיי, זיי לייקענען ניט. וועה
צו זייער זעעל, דען זיי האָבען צייטיג געמאַכט איבער זיך דעם אונ־
10 גליק. זאָגט אַליין, נאָר דעם גערעכטען איז גוט ! דען די פורכט פון
11 זייערע טהאַטען וועלען זיי געניסען. אָבער וועה איז צו דעם פערברע־
כער, אונגליק (איז זיין טהייל), דען נאָך דעם פערדיענסט פון זיינע הענד
12 וועט צו איהם געטהאָן ווערען. מיין פאָלק — זיינע אונטערדריקער
זיינען יונגע קינדער און ווייבער הערשען איבער זיי, מיין פאָלק ! דיינע
פיהרער זיינען פערפיהרערס, און דיינע ריכטונגען, און דיינע אויסגעטראָ־
13 טענע וועגען האָבען זיי פערדאָרבען. גאָט שטעהט אָנגעגרייט צו קריעג,
14 און ער שטעהט אויף צו ריכטען פעלקער. גאָט געהט אין געריכט מיט די
עלטסטע פון זיין פאָלק, און מיט זיינע פירשטען: איהר זעלבסט האָט אויפ־
געפרעסען דעם וויינגארטען, דער רויב פון דעם אָרעמען איז אין אייערע
15 הייזער. וואָס (פאַר אַ רעכט) האָט איהר צו אונטערדריקען מיין פאָלק,
און דאָס געזיכט פון די אָרעמע צו צומאָלען ? זאָגט דער הערר, דער גאָט
16 פון די הערשאַרען. און גאָט האָט (ווידער) געזאָגט : ווייל די טעכטער
פון ציון האַלטען זיך גרויס, און זיי געהן מיט אַן אויסגעשטרעקטען האַלז,
און ווינקען מיט די אויגען ; טאַנצענדיג געהען זיי ארום, און מיט זייערע
פיס (קייטלאַך) קלינגען זיי.
17 דארום וועט גאָט מאַכען אויסזעטציג דעם שייטעל פון די טעכטער פון
ציון, און גאָט וועט זייער שאַנדע ענטבלויזען.
18 אין יענעם טאָג וועט גאָט אפּשאַפען די פּראכט פון די פוסקייטלאַך,
די קליינע זינבילדער און די שטערן־בענדער, (האַלב־לבנות).
19 די פּערל, די בראַסלעטען און די שלייערס,
20 די היט, די אַרמרינגען, די גירטעלן, די פּארפום־פלעשלעך און די אויר־
רינגען.
21 די רינגען און די נאָז־רינגען.
22 די פּראַכטקליידער און די מאַנטלען, און די טיכער און די האַנד־בייטלען.

וְהַמִּטְפָּחוֹת וְהָחֲרִיטִים׃ הַגִּלְיֹנִים וְהַסְּדִינִים וְהַצְּנִיפוֹת 23
וְהָרְדִידִים׃ וְהָיָה תַחַת בֹּשֶׂם מַק יִהְיֶה וְתַחַת חֲגוֹרָה 24
נִקְפָּה וְתַחַת מַעֲשֶׂה מִקְשֶׁה קָרְחָה וְתַחַת פְּתִיגִיל מַחֲגֹרֶת
שָׂק כִּי תַחַת יֹפִי׃ מְתַיִךְ בַּחֶרֶב יִפֹּלוּ וּגְבוּרָתֵךְ בַּמִּלְחָמָה׃ כה
וְאָנוּ וְאָבְלוּ פְּתָחֶיהָ וְנִקָּתָה לָאָרֶץ תֵּשֵׁב׃ 26

## ד CAP. IV. ד

וְהֶחֱזִיקוּ שֶׁבַע נָשִׁים בְּאִישׁ אֶחָד בַּיּוֹם הַהוּא לֵאמֹר א
לַחְמֵנוּ נֹאכֵל וְשִׂמְלָתֵנוּ נִלְבָּשׁ רַק יִקָּרֵא שִׁמְךָ עָלֵינוּ אֱסֹף
חֶרְפָּתֵנוּ׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה צֶמַח יְהוָה לִצְבִי וּלְכָבוֹד 2
וּפְרִי הָאָרֶץ לְגָאוֹן וּלְתִפְאֶרֶת לִפְלֵיטַת יִשְׂרָאֵל׃ וְהָיָה ׀ 3
הַנִּשְׁאָר בְּצִיּוֹן וְהַנּוֹתָר בִּירוּשָׁלַםִ קָדוֹשׁ יֵאָמֶר לוֹ כָּל־
הַכָּתוּב לַחַיִּים בִּירוּשָׁלָםִ׃ אִם ׀ רָחַץ אֲדֹנָי אֵת צֹאַת 4
בְּנוֹת־צִיּוֹן וְאֶת־דְּמֵי יְרוּשָׁלַםִ יָדִיחַ מִקִּרְבָּהּ בְּרוּחַ מִשְׁפָּט
וּבְרוּחַ בָּעֵר׃ וּבָרָא יְהוָה עַל כָּל־מְכוֹן הַר־צִיּוֹן וְעַל־ ה
מִקְרָאֶהָ עָנָן ׀ יוֹמָם וְעָשָׁן וְנֹגַהּ אֵשׁ לֶהָבָה לָיְלָה כִּי עַל־
כָּל־כָּבוֹד חֻפָּה׃ וְסֻכָּה תִּהְיֶה לְצֵל־יוֹמָם מֵחֹרֶב וּלְמַחְסֶה 6
וּלְמִסְתּוֹר מִזֶּרֶם וּמִמָּטָר׃

## ה CAP. V. ה

אָשִׁירָה נָּא לִידִידִי שִׁירַת דּוֹדִי לְכַרְמוֹ כֶּרֶם הָיָה לִידִידִי א
בְּקֶרֶן בֶּן־שָׁמֶן׃ וַיְעַזְּקֵהוּ וַיְסַקְּלֵהוּ וַיִּטָּעֵהוּ שֹׂרֵק וַיִּבֶן 2
מִגְדָּל בְּתוֹכוֹ וְגַם־יֶקֶב חָצֵב בּוֹ וַיְקַו לַעֲשׂוֹת עֲנָבִים וַיַּעַשׂ
בְּאֻשִׁים׃ וְעַתָּה יוֹשֵׁב יְרוּשָׁלַםִ וְאִישׁ יְהוּדָה שִׁפְטוּ־נָא 3
בֵּינִי וּבֵין כַּרְמִי׃ מַה־לַּעֲשׂוֹת עוֹד לְכַרְמִי וְלֹא עָשִׂיתִי בּוֹ 4
מַדּוּעַ קִוֵּיתִי לַעֲשׂוֹת עֲנָבִים וַיַּעַשׂ בְּאֻשִׁים׃ וְעַתָּה אוֹדִיעָה־ ה
נָּא אֶתְכֶם אֵת אֲשֶׁר־אֲנִי עֹשֶׂה לְכַרְמִי הָסֵר מְשׂוּכָּתוֹ
וְהָיָה לְבָעֵר פָּרֹץ גְּדֵרוֹ וְהָיָה לְמִרְמָס׃ וַאֲשִׁיתֵהוּ בָתָה 6
לֹא יִזָּמֵר וְלֹא יֵעָדֵר וְעָלָה שָׁמִיר וָשָׁיִת וְעַל הֶעָבִים אֲצַוֶּה

23 און די טולקליידער און די העמדער, און די טורבאנען און די פלאָרען.
24 און עס וועט געשעהן, דאָס אנשטאט שמעקענדע געווירצען וועט זיין פוילנים, און אנשטאט א גארטעל וועלען זיין צייכענס פון וואונדען, און אנשטאָט די האָאר־פלעכטונג וועט זיין אויסקריכונג, און אנשטאט די קליידער פון פוטץ וועט זיין אן איינגער זאק. עקעל וועט זיין אנשטאט
25 שעהנקייט. דיינע מענער וועלען פאלען דורך דעם שווערד. און דיין
26 מאכט — אין קריעג. און עס וועלען זיפצען און טרויערען איהרע טויערען. און זי (די שטאָדט) וועט בלייבען ליידיג, און אויף דער ערד וועט זי זיצען (און קלאגען).

## קאַפּיטעל ד

1 און אין יענעם טאָג וועלען זיבען ווייבער אָננעהמען איין מאַן און זאָגען: אונזער (אייגענען) ברויט וועלען מיר עסען, און מיט אונזערע אייגענע קליידער וועלען מיר זיך קליידען; נור דיין נאָמען זאָל אויף
2 אונז גערופען ווערען; נעהם אוועק אונזער שאנדע. אין יענעם טאָג (ווען זיי וועלען תשובה טהאָן) וועט זיין די געטליכע שפּראָצונג (דאָס פאָלק) א שעהנקייט און אן עהרע, און די פרוכט פון דעם לאַנד (די אויפ־פיהרונג) וועט זיין צום שטאָלץ און צו הערליכקייט פיר די איבערגעבליע־
3 בענע פון ישראל. און עס וועט געשעהן דאָס דער וואָס וועט איבער־בלייבען אין ציון, און דער וואָס וועט צוריקגעלאָזען ווערען אין ירושלים — „הייליג" וועט ער אָנגערופען ווערען, יעדער וואָס איז אָנגעשריעבען
4 צו יענעם לעבען וועט זיין אין ירושלים. ווען גאָט וועט האָבען אָבגע־וואשען דעם שמוץ פון די טעכטער פון ציון, און דאָס בלוט פון ירושלים וועט ער אפּשווענקען פון איהר מיטען, מיט א גייסט פון גערעכטיגקייט
5 און מיט א גייסט פון פערניכטונג. און גאָט וועט בעשאַפען איבער יע־דען פעסטען זיץ פון בארג ציון, און איבער אלע איהרע פערזאמלונג־פלע־צער א וואָלקען ביי טאָג, רויך און שיין פון פלאמענדען פייער ביי נאכט,
6 ווייל איבער אלעס וועט זיין א בעדעקונג (פון גאָט'ס גלאַנץ). און דיזע בעדעקונג וועט זיין, פאר א שאָטען ביי טאָג פון היץ, און פאר א שיצונג און פאר א פערבארגעניס פון אונגעוויטער און פון רעגען.

## קאַפּיטעל ה

1 איך וועל נון זינגען פאר מיין פריינד א ליעבעס־געזאנג וועגען זיין וויינ־גארטען; א וויינגארטען האָט מיין פריינד געהאַט אויף א פעטען בארג.
2 און ער האָט איהם ארומגעצאַמט, און ער האָט איהם גערייניגט פון שטיי־נער, און ער האָט איהם בעפלאנצט מיט איידעלע צווייגען, און ער האָט געבויט א טהורעם אין איהם, און אויך א קעלטער האָט ער אויס־געהאַקט אין איהם, און ער האָט געהאָפט דאָס ער וועט ברענגען גוטע וויינטרויבען, אָבער ער האָט געטראגען פערדאָרבענע טרויבען.
3 און יעצט, איהר איינוואָהנער פון ירושלים, און איהר מענער פון יהודה, ריכט דאָך איהר צווישען מיר און מיין וויינגארטען.
4 וואָס איז נאָך געווען צו טהאָן פאר מיין וויינגארטען, וואָס איך האָב ניט געטהאָן? טו ווארום, אנשטאט וואָס איך האָב געהאָפט דאָס ער וועט ברענגען גוטע וויינטרויבען, האָט ער געבראכט פערדאָרבענע?
5 און יעצט, וועל איך אייך לאָזען וויסען וואָס איך טהו צו מיין וויינ־גארטען; אוועקנעהמען וועט מען זיין דערנער־צוים און ער וועט ווערען אָפּגעפרעסען (פון בהמות), צוברעכען וועט מען זיין שטיינערנעם צוים, און ער וועט ווערען צערטרעטען.
6 און איך וועל איהם מאכען וויסט, ער וועט ניט בעשניטען ווערען און וועט ניט ארומגעגראָבען ווערען, און דערנער און דיסטלען וועלען

7 מֵהַמְטִיר עָלָיו מָטָר׃ כִּי כֶרֶם יְהוָה צְבָאוֹת בֵּית יִשְׂרָאֵל
וְאִישׁ יְהוּדָה נְטַע שַׁעֲשׁוּעָיו וַיְקַו לְמִשְׁפָּט וְהִנֵּה מִשְׂפָּח
8 לִצְדָקָה וְהִנֵּה צְעָקָה׃ הוֹי מַגִּיעֵי בַיִת בְּבַיִת שָׂדֶה
בְשָׂדֶה יַקְרִיבוּ עַד אֶפֶס מָקוֹם וְהוּשַׁבְתֶּם לְבַדְּכֶם בְּקֶרֶב
9 הָאָרֶץ׃ בְּאָזְנָי יְהוָה צְבָאוֹת אִם־לֹא בָּתִּים רַבִּים לְשַׁמָּה
י יִהְיוּ גְּדֹלִים וְטוֹבִים מֵאֵין יוֹשֵׁב׃ כִּי עֲשֶׂרֶת צִמְדֵּי־כֶרֶם
11 יַעֲשׂוּ בַּת אֶחָת וְזֶרַע חֹמֶר יַעֲשֶׂה אֵיפָה׃ הוֹי
מַשְׁכִּימֵי בַבֹּקֶר שֵׁכָר יִרְדֹּפוּ מְאַחֲרֵי בַנֶּשֶׁף יַיִן יַדְלִיקֵם׃
12 וְהָיָה כִנּוֹר וָנֶבֶל תֹּף וְחָלִיל וָיַיִן מִשְׁתֵּיהֶם וְאֵת פֹּעַל יְהוָה
13 לֹא יַבִּיטוּ וּמַעֲשֵׂה יָדָיו לֹא רָאוּ׃ לָכֵן גָּלָה עַמִּי מִבְּלִי־
14 דָעַת וּכְבוֹדוֹ מְתֵי רָעָב וַהֲמוֹנוֹ צִחֵה צָמָא׃ לָכֵן הִרְחִיבָה
שְׁאוֹל נַפְשָׁהּ וּפָעֲרָה פִיהָ לִבְלִי־חֹק וְיָרַד הֲדָרָהּ וַהֲמוֹנָהּ
טו וּשְׁאוֹנָהּ וְעָלֵז בָּהּ׃ וַיִּשַּׁח אָדָם וַיִּשְׁפַּל־אִישׁ וְעֵינֵי גְבֹהִים
16 תִּשְׁפַּלְנָה׃ וַיִּגְבַּהּ יְהוָה צְבָאוֹת בַּמִּשְׁפָּט וְהָאֵל הַקָּדוֹשׁ
17 נִקְדָּשׁ בִּצְדָקָה׃ וְרָעוּ כְבָשִׂים כְּדָבְרָם וְחָרְבוֹת מֵחִים
18 גָּרִים יֹאכֵלוּ׃ הוֹי מֹשְׁכֵי הֶעָוֹן בְּחַבְלֵי הַשָּׁוְא
19 וְכַעֲבוֹת הָעֲגָלָה חַטָּאָה׃ הָאֹמְרִים יְמַהֵר ׀ יָחִישָׁה מַעֲשֵׂהוּ
לְמַעַן נִרְאֶה וְתִקְרַב וְתָבוֹאָה עֲצַת קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל וְנֵדָעָה׃
כ הוֹי הָאֹמְרִים לָרַע טוֹב וְלַטּוֹב רָע שָׂמִים חֹשֶׁךְ
לְאוֹר וְאוֹר לְחֹשֶׁךְ שָׂמִים מַר לְמָתוֹק וּמָתוֹק לְמָר׃
21 22 הוֹי חֲכָמִים בְּעֵינֵיהֶם וְנֶגֶד פְּנֵיהֶם נְבֹנִים׃ הוֹי גִּבּוֹרִים
23 לִשְׁתּוֹת יָיִן וְאַנְשֵׁי־חַיִל לִמְסֹךְ שֵׁכָר׃ מַצְדִּיקֵי רָשָׁע עֵקֶב
24 שֹׁחַד וְצִדְקַת צַדִּיקִים יָסִירוּ מִמֶּנּוּ׃ לָכֵן כֶּאֱכֹל קַשׁ
לְשׁוֹן אֵשׁ וַחֲשַׁשׁ לֶהָבָה יִרְפֶּה שָׁרְשָׁם כַּמָּק יִהְיֶה וּפִרְחָם
כָּאָבָק יַעֲלֶה כִּי מָאֲסוּ אֵת תּוֹרַת יְהוָה צְבָאוֹת וְאֵת
כה אִמְרַת קְדוֹשׁ־יִשְׂרָאֵל נִאֵצוּ׃ עַל־כֵּן חָרָה אַף־יְהוָה בְּעַמּוֹ
וַיֵּט יָדוֹ עָלָיו וַיַּכֵּהוּ וַיִּרְגְּזוּ הֶהָרִים וַתְּהִי נִבְלָתָם כַּסּוּחָה



קמץ בטרחא v. 9.

אויף איהם וואקסען, און די וואָלקענס וועל איך בעפעהלען, איהם ניט
7 צו בעוואסערן מיט רעגען. ווייל דער וויינגארטען פון דעם גאָט פון די
הערשארען איז דאָס הויז פון ישראל, און די מענער פון יהודה זיין ליעבלי־
כע פלאַנצונג, און ער האָט געהאָפט אויף גערעכטיגקייט, ערשט, דאָ איז
8 געזעצלאָזיגקייט, אויף טוגענד—און דאָ איז קלאָג־געשריי. וועה צו די
וואָס רוקען צוזאמען אַ הויז צו אַ הויז, אַ פעלד צו אַ פעלד ברענגען זיי,
ביז עס בלייבט מעהר קיין אָרט ניט. און איהר אַליין וועט בלייבען די
9 בעזיצער פון לאַנד ? אין מיינע אויערן (האָט געזאָגט) דער גאָט פון די
הערשארען : אויב עס וועלען ניט פיעל הייזער ווערען וויסט, גרויסע און
10 שעהנע (הייזער) וועלען בלייבען אָהן איינוואָהנער. דען צעהן אַקערס
וויינגארטען וועלען ברענגען נור איין בת (אַ מאָס) וויין, און אַ חמר זאָמען
11 וועט ברענגען איין איפה. וועה צו די, וואָס שטעהען אויף אין פריה־
מאָרגען, אָבער נאָך שטארקע געטרענקע יאָגען זיי זיך. פערשפעטיגען זיך
12 אין אווענד, ביז דער וויין ברענט זיי דורך. און דאָרט האָבען זיי האַר־
פען און פיעדלען, פויקען און פלעטהען ביי די וויין פון זייערע מאהלציי־
טען, און אויף די ווערק פון גאָט קוקען זיי ניט, און די ווערק פון זיינע
13 הענד זעהען זיי ניט. דארום איז מיין פאָלק פערטריבען געוואָרען, ווייל
זיי האָבען ניט קיין פערשטאַנד, און זיינע געעהרטע זיינען וועניג און
14 הונגעריג, און זיין פעבעל פערשמאַכטעט פון דאָרשט. דארום האָט די
גרוב ברייט געמאַכט איהר פרעס־באַגעהר, און האָט אויפגעעפענט איהר
מויל אָהן אַ מאָס, און אראָפּנידערן וועט איהר שעהנהייט, און איהר רייכ־
טהום און איהר גערויש, און דער פרעהליכער וואָס איז אין איהר.
15 און דער מענש וועט ווערען איינגעבויגען, און דער מאַן וועט ערנידריגט
16 ווערען, און די אויגען פון די שטאָלצע וועלען זינקען. און גאָט פון די
הערשארען וועט ערהויבען ווערען דורך גערעכטיגקייט, און דער הייליגער
17 גאָט וועט געהייליגט ווערען דורך גנאַד. דאַן וועלען זיך די שאָף ווײדען
נאָך זייער געוואָהנהייט, און די טרימערן פון די פעטע וועלען דיעזע איינ־
18 וואָהנער פערצעהרען. וועה צו די וואָס ציהען די שולד מיט שטריק פון
19 בעטרוג, און אזוי ווי מיט גראָבע שטריק פון וואגען—די זינד. וואָס זאָ־
גען : זאָל ער איילען, און געשווינד מאַכען זיין ווערק, דאָס מיר זאָלען עס
זעהען, און לאָז גענעהנען און אָנקומען דער ראטה־בעשלוס פון דעם היי־
20 ליגען פון ישראל, און מיר זאָלען עס ערפאהרען. וועה צו די וואָס זאָגען
אויף שלעכטעס, עס איז גוט און אויף גוטס, עס איז שלעכט, די וואָס מאַכען
פינסטערנים פאר ליכטיגקייט, און ליכטיגקייט פאר פינסטערנים ; זיי
21 מאַכען דאָס ביטערע זיס און דאָס זיסע ביטער. וועה צו די וואָס האַלטען
זיך קלוג אין זייערע אייגענע אויגען, און נאָך זייערע אנזיכטען זיינען זיי
22 פערשטענדיגע. וועה צו די, וואָס האַלטען זיך פאר העלדען ; אָבער —
נור וויין צו טרינקען, און מעכטיגע מענער — אָבער, נור אנצוגיסען די
23 שטאַרקע געטרענקע. די וועלכע מאַכען גערעכט דעם שולדיגען, פאר דעם
לאָהן פון בעשטעכונג, און פון דעם גערעכטען נעהמען זיי אַוועק די גע־
24 רעכטיגקייט. דארום, אזוי ווי די צונג פון פייער פערברענט די
שטרוי, און היי ווערט צו ניכטס פון דעם פלאַם, אזוי וועט זייער
וואָרצעל (די כהנים) ווערען ווי פוילניס, און זייער בליהונג (די נביאים)
וועט פעריאָגט ווערען ווי דער שטויב, ווייל זיי האָבען פעראַכטעט
די לעהרע פון דעם גאָט פון די הערשארען, און דעם בעפעהל פון דעם
הייליגען (גאָט) פון ישראל האָבען זיי פערוואָרפען.
25 דארום האָט געברענט דער צאָרן פון גאָט אויף זיין פאָלק, און ער האָט
אויסגעשטרעקט זיין האַנד איבער איהם און ער האָט איהם דערשלאָגען.
און די בערג (זייערע גרויסע לייט) האָבען געציטערט, און זייערע

בְּקֶרֶב חוּצוֹת בְּכָל־זֹאת לֹא־שָׁב אַפּוֹ וְעוֹד יָדוֹ נְטוּיָה׃
26 וְנָשָׂא־נֵס לַגּוֹיִם מֵרָחוֹק וְשָׁרַק לוֹ מִקְצֵה הָאָרֶץ וְהִנֵּה
27 מְהֵרָה קַל יָבוֹא׃ אֵין־עָיֵף וְאֵין־כּוֹשֵׁל בּוֹ לֹא יָנוּם וְלֹא
יִישָׁן וְלֹא נִפְתַּח אֵזוֹר חֲלָצָיו וְלֹא נִתַּק שְׂרוֹךְ נְעָלָיו׃
28 אֲשֶׁר חִצָּיו שְׁנוּנִים וְכָל־קַשְּׁתֹתָיו דְּרֻכוֹת פַּרְסוֹת סוּסָיו
29 כַּצַּר נֶחְשָׁבוּ וְגַלְגִּלָּיו כַּסּוּפָה׃ שְׁאָגָה לוֹ כַּלָּבִיא וְשָׁאַג
ל כַּכְּפִירִים וְיִנְהֹם וְיֹאחֵז טֶרֶף וְיַפְלִיט וְאֵין מַצִּיל׃ וְיִנְהֹם
עָלָיו בַּיּוֹם הַהוּא כְּנַהֲמַת־יָם וְנִבַּט לָאָרֶץ וְהִנֵּה־חֹשֶׁךְ צַר
וָאוֹר חָשַׁךְ בַּעֲרִיפֶיהָ׃

## ו CAP. VI ו

א בִּשְׁנַת־מוֹת הַמֶּלֶךְ עֻזִּיָּהוּ וָאֶרְאֶה אֶת־אֲדֹנָי יֹשֵׁב עַל־כִּסֵּא
2 רָם וְנִשָּׂא וְשׁוּלָיו מְלֵאִים אֶת־הַהֵיכָל׃ שְׂרָפִים עֹמְדִים ׀
מִמַּעַל לוֹ שֵׁשׁ כְּנָפַיִם שֵׁשׁ כְּנָפַיִם לְאֶחָד בִּשְׁתַּיִם ׀ יְכַסֶּה
3 פָנָיו וּבִשְׁתַּיִם יְכַסֶּה רַגְלָיו וּבִשְׁתַּיִם יְעוֹפֵף׃ וְקָרָא זֶה
אֶל־זֶה וְאָמַר קָדוֹשׁ ׀ קָדוֹשׁ קָדוֹשׁ יְהוָה צְבָאוֹת מְלֹא
4 כָל־הָאָרֶץ כְּבוֹדוֹ׃ וַיָּנֻעוּ אַמּוֹת הַסִּפִּים מִקּוֹל הַקּוֹרֵא
ה וְהַבַּיִת יִמָּלֵא עָשָׁן׃ וָאֹמַר אוֹי־לִי כִי־נִדְמֵיתִי כִּי אִישׁ טְמֵא־
שְׂפָתַיִם אָנֹכִי וּבְתוֹךְ עַם־טְמֵא שְׂפָתַיִם אָנֹכִי יוֹשֵׁב כִּי אֶת־
6 הַמֶּלֶךְ יְהוָה צְבָאוֹת רָאוּ עֵינָי׃ וַיָּעָף אֵלַי אֶחָד מִן־הַשְּׂרָפִים
7 וּבְיָדוֹ רִצְפָּה בְּמֶלְקַחַיִם לָקַח מֵעַל הַמִּזְבֵּחַ׃ וַיַּגַּע עַל־פִּי
וַיֹּאמֶר הִנֵּה נָגַע זֶה עַל־שְׂפָתֶיךָ וְסָר עֲוֺנֶךָ וְחַטָּאתְךָ תְּכֻפָּר׃
8 וָאֶשְׁמַע אֶת־קוֹל אֲדֹנָי אֹמֵר אֶת־מִי אֶשְׁלַח וּמִי יֵלֶךְ־לָנוּ
9 וָאֹמַר הִנְנִי שְׁלָחֵנִי׃ וַיֹּאמֶר לֵךְ וְאָמַרְתָּ לָעָם הַזֶּה שִׁמְעוּ
י שָׁמוֹעַ וְאַל־תָּבִינוּ וּרְאוּ רָאוֹ וְאַל־תֵּדָעוּ׃ הַשְׁמֵן לֵב־הָעָם
הַזֶּה וְאָזְנָיו הַכְבֵּד וְעֵינָיו הָשַׁע פֶּן־יִרְאֶה בְעֵינָיו וּבְאָזְנָיו
11 יִשְׁמָע וּלְבָבוֹ יָבִין וָשָׁב וְרָפָא לוֹ׃ וָאֹמַר עַד־מָתַי אֲדֹנָי
וַיֹּאמֶר עַד אֲשֶׁר אִם־שָׁאוּ עָרִים מֵאֵין יוֹשֵׁב וּבָתִּים מֵאֵין

אדם

ה׳ v. 28. כצל ibid. קמץ בז״ק v. 29. ישאג קרי ו׳ v. 1. הפטרת וישמע יתרו v. 10. קמץ ברביע

טויטע קערפער וועלגערען זיך ווי מיסט אין מיטען פון די גאַסען. און ביי אַלעם דעם לאָזט זיין צאָרן ניט אָפּ, און זיין האַנד איז נאָך מעהר אויסגעשטרעקט.

26 און ער וועט אויפהויבען אַ פאַהן צו די פעלקער פון ווייטען, און ער וועט צו איהם פייפען (און איהם ברענגען) פון אַ ווייטען עק פון דער ערד, און זעה, מיט האַסט און געשווינדיגקייט וועט ער אָנקו־מען.

27 קיין מיעדער און קיין אָבגעשוואַכטער איז ניטאָ ביי איהם, ער וועט ניט שלומערן און ער וועט ניט שלאָפען, (אויפ'ן וועג), דער גאַרטעל פון זיינע לענדען וועט זיך ניט אָפּבינדען, און דאָס שנירעל פון זיינע שיך וועט זיך ניט אָפּרייסען.

28 (אַזאַ פאָלק וואָס) זיינע פיילען זיינען גע־שאַרפט, און אַלע זיינע בויגענס געשפּאַנט, די קוילען פון זיינע פערד זיי־נען געגליכען צו פעלזען, און זיינע רעדער זיינען ווי דער שטורם־ווינד.

29 אַ געבריל האָט ער ווי די לעווין, ער וועט ברילען ווי די יונגע לייבען, און ער וועט ברומען, און ער וועט כאַפּען דעם רויב, און ער וועט (זיי) פער־

30 שליידערן, און קיינער וועט ניט רעטען. און ער וועט ברומען איבער איהם אין יענעם טאָג דאָס ברומען פון מעער, און ווען מען וועט אויף דאָס לאַנד (יהודה קוקען), ערשט עס איז אַ דריקענדע פינסטערניס, און די ליכט (פון דער זונן) איז פינסטער געוואָרען דורך איהרע נעבעל.

## קאַפּיטעל ו

1 אין דעם יאָהר פון קעניג עזיהו'ס טויט האָב איך געזעהן (אין נבואה) גאָט זיצט אויף אַ הויכען און ערהאָבענעם טהראָן, און זיינע מאַנטעל־

2 ברעגעס מאַכען פול דעם טעמפּעל. שרפים שטעהן איהם ביי דער זייט, זעקס פליגלען, זעקס פליגלען האָט יעדערער; מיט צוויי בעדעקט ער זיין געזיכט, און מיט צוויי בעדעקט ער זיינע פיס, און מיט צוויי פליהט ער.

3 און יעדער איינער רופט אויס צום צווייטען: און זאָגט: הייליג, הייליג, הייליג, (איז) גאָט פון די הערשאַרען; זיין עהרע ערפילט די גאַנצע ערד.

4 און די זיילען פון די שוועלען האָבען געציטערט פון די שטימען פון די רופענדע (שרפים), און דאָס הויז איז פול געוואָרען מיט רויך.

5 און איך האָב געזאָגט: וועה מיר, דען איך בין פערלאָרען, דען אַ מאַן פון אונריינע ליפּען בין איך, און אין דעם מיטען פון אַ פאָלק פון אונ־ריינע ליפען וואָהן איך, דען דעם קעניג, דעם גאָט פון די הערשאַרען האָבען מיינע אויגען געזעהן.

6 און איינער פון די שרפים איז צו מיר צוגעפליגען, און אין זיין האַנד אַ גליהענדע קאָהל, מיט אַ צוואַנג האָט ער (זי) פון אַלטאַר (מזבח) גענומען.

7 און ער האָט (דאמיט) אָנגעריהרט מיין מויל און ער האָט געזאָגט: זעה, דאָס האָט דיינע ליפּען אָנגעריהרט, און דיין פערברעכען וועט אָפּגעטהאָן ווערען און דיין זינד וועט פערגעבען ווערען.

8 און איך האָב געהערט די שטימע פון גאָט, ער זאָגט: וועמען זאָל איך שיקען, און ווער וועט געהן פאַר אונז (נביאות זאָגען)? און איך האָב געזאָגט: היער בין איך, שיק מיך.

9 און ער האָט געזאָגט: געה און זאָג צו דיעזעם פאָלק: שטענדיג הערט איהר (די רייד פון די נביאים) אָבער איהר ווילט עס ניט פערשטעהן, און זעהן זעהט איהר (גאָטס וואונדער) און איהר ווילט ניט וויסען.

10 פערשטאָפּ מיט פעטס דאָס האַרץ פון דיעזעם פאָלק, און מאַך שווער זיינע אויערן און פערבלענד זיינע אויגען, דאָס ער זאָל ניט זעהן מיט זיינע אויגען, און ניט הערען מיט זיינע אויערן, און זיין האַרץ זאָל ניט פערשטעהן זיך צוריק צוקעהרען (צו גאָט) דאָס ער זאָל געהיילט ווערען.

11 און איך האָב געזאָגט: ביז ווי לאַנג, אַך גאָט? און ער האָט געזאָגט: ביז די שטעדט וועלען פערוויסט ווערען אָהן איין איינוואָהנער, און די הייזער אָהן מענשען, און דאָס לאַנד וועט אין גאַנצען ווערען וויסט.

12 אָדָם וְהָאֲדָמָה תִּשָּׁאֶה שְׁמָמָה׃ וְרִחַק יְהוָה אֶת־הָאָדָם
13 וְרַבָּה הָעֲזוּבָה בְּקֶרֶב הָאָרֶץ׃ וְעוֹד בָּהּ עֲשִׂירִיָּה וְשָׁבָה
וְהָיְתָה לְבָעֵר כָּאֵלָה וְכָאַלּוֹן אֲשֶׁר בְּשַׁלֶּכֶת מַצֶּבֶת בָּם
זֶרַע קֹדֶשׁ מַצַּבְתָּהּ׃

## CAP. VII. ז

א וַיְהִי בִּימֵי אָחָז בֶּן־יוֹתָם בֶּן־עֻזִּיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה עָלָה רְצִין
מֶלֶךְ־אֲרָם וּפֶקַח בֶּן־רְמַלְיָהוּ מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל יְרוּשָׁלַםִ
2 לַמִּלְחָמָה עָלֶיהָ וְלֹא יָכֹל לְהִלָּחֵם עָלֶיהָ׃ וַיֻּגַּד לְבֵית דָּוִד
לֵאמֹר נָחָה אֲרָם עַל־אֶפְרָיִם וַיָּנַע לְבָבוֹ וּלְבַב עַמּוֹ כְּנוֹעַ
3 עֲצֵי־יַעַר מִפְּנֵי־רוּחַ׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־יְשַׁעְיָהוּ צֵא־
נָא לִקְרַאת אָחָז אַתָּה וּשְׁאָר יָשׁוּב בְּנֶךָ אֶל־קְצֵה תְּעָלַת
4 הַבְּרֵכָה הָעֶלְיוֹנָה אֶל־מְסִלַּת שְׂדֵה כוֹבֵס׃ וְאָמַרְתָּ אֵלָיו
הִשָּׁמֵר וְהַשְׁקֵט אַל־תִּירָא וּלְבָבְךָ אַל־יֵרַךְ מִשְּׁנֵי זַנְבוֹת
הָאוּדִים הָעֲשֵׁנִים הָאֵלֶּה בָּחֳרִי־אַף רְצִין וַאֲרָם וּבֶן־
ה רְמַלְיָהוּ׃ יַעַן כִּי־יָעַץ עָלֶיךָ אֲרָם רָעָה אֶפְרַיִם וּבֶן־רְמַלְיָהוּ
6 לֵאמֹר׃ נַעֲלֶה בִיהוּדָה וּנְקִיצֶנָּה וְנַבְקִעֶנָּה אֵלֵינוּ וְנַמְלִיךְ
7 מֶלֶךְ בְּתוֹכָהּ אֵת בֶּן־טָבְאַל׃ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה
8 לֹא תָקוּם וְלֹא תִהְיֶה׃ כִּי רֹאשׁ אֲרָם דַּמֶּשֶׂק וְרֹאשׁ
דַּמֶּשֶׂק רְצִין וּבְעוֹד שִׁשִּׁים וְחָמֵשׁ שָׁנָה יֵחַת אֶפְרַיִם מֵעָם׃
9 וְרֹאשׁ אֶפְרַיִם שֹׁמְרוֹן וְרֹאשׁ שֹׁמְרוֹן בֶּן־רְמַלְיָהוּ אִם לֹא
י תַאֲמִינוּ כִּי לֹא תֵאָמֵנוּ׃ וַיּוֹסֶף יְהוָה דַּבֵּר אֶל־אָחָז
11 לֵאמֹר׃ שְׁאַל־לְךָ אוֹת מֵעִם יְהוָה אֱלֹהֶיךָ הַעְמֵק שְׁאָלָה
12 אוֹ הַגְבֵּהַּ לְמָעְלָה׃ וַיֹּאמֶר אָחָז לֹא־אֶשְׁאַל וְלֹא־אֲנַסֶּה
13 אֶת־יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר שִׁמְעוּ־נָא בֵּית דָּוִד הַמְעַט מִכֶּם הַלְאוֹת
14 אֲנָשִׁים כִּי תַלְאוּ גַּם אֶת־אֱלֹהָי׃ לָכֵן יִתֵּן אֲדֹנָי הוּא לָכֶם
אוֹת הִנֵּה הָעַלְמָה הָרָה וְיֹלֶדֶת בֵּן וְקָרָאת שְׁמוֹ עִמָּנוּ אֵל׃
טו חֶמְאָה וּדְבַשׁ יֹאכֵל לְדַעְתּוֹ מָאוֹס בָּרָע וּבָחוֹר בַּטּוֹב׃

כי

ר v. 13. ע״כ ן v. 2 מלעיל v. 14. כ״א עמנואל

12 און גאָט וועט פערטרייבען ווייט די מענשען, און שטאַרק וועט זיין די פערלאָזונג אין דער מיטען פון דעם לאַנד.
13 און אז אַ צעהנטער טהייל פון איהר וועט נאָך איבערבלייבען, וועט עס אויך ווידער ווערען צו פערניכטונג, ווי אַ לינדען־בוים און ווי אן אייכען־בוים דאָס וועט זיי וואַרפען אַראָפּ זייערע בלעטער, דער שטאָם פון זיי בלייבט, אַזוי וועט איבערבלייבען פון די הייליגע זאָמען זייער שטאָם.

## קאַפּיטעל ז

1 און עס איז געשעהען אין די טעג פון אחז, יותם׳ס זוהן, זוהן פון עזיהו, קע־ניג פון יהודה, איז ארויפגעגאנגען רצין דער קעניג פון ארם און פקח, דער זוהן פון רמליהו, דער קעניג פון ישראל, נאָך ירושלים קעגען איהר צו שטרייטען, אָבער ער (רצין) האָט ניט געקענט שטרייטען קעגען איהר.
2 און עס איז אָנגעזאָגט געוואָרען צו דאָס הויז פון דוד: אַרם בעלאַגערט אפרים, האָט געציטערט זיין הארץ און דאָס הארץ פון זיין פּאָלק אַזוי ווי די ביימער פון וואלד שאָקלען זיך פון אַ שטורם־ווינד.
3 און גאָט האָט געזאָגט צו ישעיהו: געה דאָך ארויס ענטקעגען אחז, דו און דיין זוהן שאר ישוב (דאָס איבערגעבליבענע וועט זיך אומ־קעהרן), צו דעם ברעג פון דעם קאנאַל פון דעם אויבערשטען טייך, אויף דעם וועג פון דעם וואשער־פעלד.
4 און זאָלסט צו איהם זאָגען: זיי פּאָרזיכטיג און זיי רוהיג, זאָלסט ניט פירכטען, און דיין הארץ זאָל זיך ניט שרעקען, פאַר דיעזע צוויי עקען פון די רויכערדיגע פייערבראַנדען, פאַר דעם גרימצאָרן פון רצין און ארם, און פון דעם זוהן פון רמליהו.
5 ווייל ארם האָט קעגען דיר שלעכטס בעשלאָסען, דאָס זעלבע אפרים און דער זוהן פון רמליהו. זיי זאָגען:
6 מיר וועלען ציהען קעגען יהודה און מיר וועלען איהר ענג מאַכען, און מיר וועלען איהר דורכברעכען פאַר אונז, און מיר וועלען ארויפזעצען אַ קעניג אין איהר דעם זוהן פון טבאל.
7 דאַרויף האָט ראָס געזאָגט דער הערר, גאָט, דאָס וועט ניט בעשטעהן און דאָס וועט ניט געשעהן.
8 דען די רעזידענץ (דער קאָפּ) פון ארם וועט נור דמשק פערבלייבען, און נור דער קאָפּ פון דמשק וועט זיין רצין [און אין נאָך פינף און זעכציג יאָהר וועט אפרים צוברעכען ווערען, און וועט ניט זיין מעהר אַ פּאָלק].
9 און די רעזידענץ פון אפרים וועט נור שמרון זיין, און נור דער קאָפּ פון שמרון וועט זיין דער זוהן פון רמליהו. אויב איהר גלויבט ניט, דאָס איז ווייל איהר זייט אונגלויביג.
10 און גאָט האָט נאָך אַ מאָל גערעדט צו אחז׳ן (דורך ישעיה) און געזאָגט:
11 בעט פאַר דיר אַ צייכען פון גאָט דיין גאָט; בעט אַ צייכען פון דער טיעפּעניס אָדער פון אויבען אין דער הויך.
12 אָבער אחז האָט געזאָגט: איך וויל ניט בעטען און איך וויל ניט פּרו־בירען גאָט.
13 און ער (ישעיה) האָט געזאָגט: הערט דאָך, איהר הויזגעזינד פון דוד; איז דאָס אייך צו ווייניג מיעד צו מאַכען מענשען, דאָס איהר ווילט מיעד מאַכען אויך מיין גאָט?
14 דאַרום וועט אייך גאָט אַליין געבען אַ צייכען; זעה, די יונגע פרוי (אחז פרוי) וועלכע איז שוואַנגער געבערט יעצט אַ זוהן און זי גיעט איהם אַ נאָמען עמנואל (מיט אונז איז גאָט).
15 פּוטער און האָניג וועט ער עסען, ווי גיך ער וועט נור וויסען צו פער־אַכטען שלעכטס, און אויסצואוועהלען גוטס.

16 כִּי בְּטֶרֶם יֵדַע הַנַּעַר מָאֹס בָּרָע וּבָחֹר בַּטּוֹב תֵּעָזֵב
17 הָאֲדָמָה אֲשֶׁר־אַתָּה קָץ מִפְּנֵי שְׁנֵי מְלָכֶיהָ׃ יָבִיא יְהוָה
עָלֶיךָ וְעַל־עַמְּךָ וְעַל־בֵּית אָבִיךָ יָמִים אֲשֶׁר לֹא־בָאוּ
לְמִיּוֹם סוּר־אֶפְרַיִם מֵעַל יְהוּדָה אֵת מֶלֶךְ אַשּׁוּר׃
18 וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא יִשְׁרֹק יְהוָה לַזְּבוּב אֲשֶׁר בִּקְצֵה יְאֹרֵי
19 מִצְרָיִם וְלַדְּבוֹרָה אֲשֶׁר בְּאֶרֶץ אַשּׁוּר׃ וּבָאוּ וְנָחוּ כֻלָּם
בְּנַחֲלֵי הַבַּתּוֹת וּבִנְקִיקֵי הַסְּלָעִים וּבְכֹל הַנַּעֲצוּצִים וּבְכֹל
כ הַנַּהֲלֹלִים׃ בַּיּוֹם הַהוּא יְגַלַּח אֲדֹנָי בְּתַעַר הַשְּׂכִירָה
בְּעֶבְרֵי נָהָר בְּמֶלֶךְ אַשּׁוּר אֶת־הָרֹאשׁ וְשַׂעַר הָרַגְלָיִם וְגַם
21 אֶת־הַזָּקָן תִּסְפֶּה׃ וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא יְחַיֶּה־אִישׁ עֶגְלַת
22 בָּקָר וּשְׁתֵּי־צֹאן׃ וְהָיָה מֵרֹב עֲשׂוֹת חָלָב יֹאכַל חֶמְאָה
23 כִּי־חֶמְאָה וּדְבַשׁ יֹאכֵל כָּל־הַנּוֹתָר בְּקֶרֶב הָאָרֶץ׃ וְהָיָה
בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה כָל־מָקוֹם אֲשֶׁר יִהְיֶה־שָּׁם אֶלֶף גֶּפֶן
24 בְּאֶלֶף כָּסֶף לַשָּׁמִיר וְלַשַּׁיִת יִהְיֶה׃ בַּחִצִּים וּבַקֶּשֶׁת יָבֹא
כה שָׁמָּה כִּי־שָׁמִיר וָשַׁיִת תִּהְיֶה כָל־הָאָרֶץ׃ וְכֹל הֶהָרִים
אֲשֶׁר בַּמַּעְדֵּר יֵעָדֵרוּן לֹא־תָבוֹא שָׁמָּה יִרְאַת שָׁמִיר וָשָׁיִת
וְהָיָה לְמִשְׁלַח שׁוֹר וּלְמִרְמַס שֶׂה׃

## ח CAP. VIII. ח

א וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי קַח־לְךָ גִּלָּיוֹן גָּדוֹל וּכְתֹב עָלָיו בְּחֶרֶט
2 אֱנוֹשׁ לְמַהֵר שָׁלָל חָשׁ בַּז׃ וְאָעִידָה לִּי עֵדִים נֶאֱמָנִים
3 אֵת אוּרִיָּה הַכֹּהֵן וְאֶת־זְכַרְיָהוּ בֶּן־יְבֶרֶכְיָהוּ׃ וָאֶקְרַב אֶל־
הַנְּבִיאָה וַתַּהַר וַתֵּלֶד בֵּן וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי קְרָא שְׁמוֹ מַהֵר
4 שָׁלָל חָשׁ בַּז׃ כִּי בְּטֶרֶם יֵדַע הַנַּעַר קְרֹא אָבִי וְאִמִּי יִשָּׂא ׀
אֶת־חֵיל דַּמֶּשֶׂק וְאֵת שְׁלַל שֹׁמְרוֹן לִפְנֵי מֶלֶךְ אַשּׁוּר׃
ה 6 וַיֹּסֶף יְהוָה דַּבֵּר אֵלַי עוֹד לֵאמֹר׃ יַעַן כִּי מָאַס הָעָם הַזֶּה
אֵת מֵי הַשִּׁלֹחַ הַהֹלְכִים לְאַט וּמְשׂוֹשׂ אֶת־רְצִין וּבֶן־
ז רְמַלְיָהוּ׃ וְלָכֵן הִנֵּה אֲדֹנָי מַעֲלֶה עֲלֵיהֶם אֶת־מֵי הַנָּהָר

הָעֲצוּמִים

ח' v. 8. פתח באתנח

16 דען איידער דער יונג וועט נאָך פערשטעהן צו פעראַכטען שלעכטס און אויסצואוועהלען גוטס, וועט פערוויסטעט ווערען דאָס לאַנד (שמרון און דמשק), וואָס דיר איז איבערדריסיג פאַר איהרע צוויי קעניגע.
17 גאָט וועט ברענגען אויף דיר און אויף דיין פאָלק און אויף דיין פאָטערס הויזגעזינד טעג, וועלכע זיינען נאָך ניט געקומען פון דעם טאָג אָן וואָס אפרים האָט זיך אָפּגעטהיילט פון יהודה, פון קעניג פון אשור.
18 און עס וועט געשעהן אין יענעם טאָג וועט גאָט פייפען (צו די מדינות פון אַשור) וועלכע זיינען פיעל ווי די פליגען ביי די ברעגעס פון די טייכען פון מצרים, און ווי די ביהנען וועלכע זיינען אין דעם לאַנד פון אַשור.
19 און זיי וועלען קומען, און זיי אַלע וועלען לאַגערן אין די וויסטע טהאָלען און אין די שפּאַלטען פון פעלזען, און אין אַלע דערנער און דיסטלען.
20 אָבער אין יענעם טאָג (נאָכדעם) וועט גאָט אָבגאָלען מיט אַ אָנגעגרייטען גאָלמעסער די (מחנות) וועלכע זיינען געקומען פון יענער זייט טייך (פּרת) ; דעם קעניג פון אשור, דעם קאָפּ (די גענעראַלען) און די האָאָר פון די פיס (די זעלנער), און אויך דעם באָרד (דעם מלך) וועט ער (דער גאָלמעסער) פערניכטען.
21 און עס וועט געשעהן אין יענעם טאָג ; דאָס אַ מאַן וועט האָדעווען אַ יונגע קאַלב און צוויי שאָף.
22 און עס וועט געשעהן דאָס צוליעב דאָס פיעל מילך וואָס זיי וועלען געבען, וועט ער עסען פּוטער, דען פּוטער און האָניג וועט עסען יעדער וואָס וועט איבערבלייבען אין דעם מיטען פון דעם לאַנד.
23 און עס וועט געשעהן אין יענעם טאָג, וועט ווערען יעדער אָרט וואו עס פלעגען דאָרטען זיין טויזענד וויינשטאָקען ווערטה טויזענד זילבערשטיק, אַ אָרט פון דערנער און דיסטלען.
24 מיט פיילען און מיט בויגען וועט מען מוזען אַהין קומען, ווייל דאָס גאַנצע לאַנד וועט זיין דערנער און דיסטלען.
25 און אַלע בערג וועלכע פלעגען געגראָבען ווערען מיט אַ גראָב־אייזען, (אויך) דאָרטען וועסטו ניט קענען קומען פאַר דעם שרעק פון די דער־נער און דיסטלען, און זיי וועלען געהאַלטען ווערען פאַר אַן אָרט וואו ארויסצושיקען די אָקסען און פאַר אַ צוטרעטונג פון די שעפּסען.

## קאַפּיטעל ח

1 און גאָט האָט געזאָגט צו מיר : נעהם דיר אַ גרויסען טאָוועל, און שרייב אויף איהם אויף מיט אַ גריפעל, דאָס עס וועט קומען שנעל די רויב, עס וועט איילען די פּלינדערונג.
2 און איך האָב מיר בעשטעלט בעגלויבטע עדות : אוריה דעם כהן און זכריהו דעם זוהן פון יברכיהו.
3 און איך האָב גענעהנט צו דער פּראָפּעטין און זי איז שוואַנגער געוואָרען! און געבאָרען אַ זוהן, און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: רוף זיין נאָמען מהר שלל חש בז, (קומען וועט שנעל די רויב, איילען וועט די פּלינדערונג).
4 דען איידער דער יונג וועט וויסען צו רופען : מיין פאָטער, און מיין מוטער, וועט מען אוועקטראָגען דאָס פערמעגען פון דמשק און דעם רויב פון שמרון פאַר דעם קעניג פון אשור.
5 און גאָט האָט ווידער נאָך אַ מאָל צו מיר גערעדט, אַזוי צו זאָגען :
6 ווייל דאָס דאָזיגע פאָלק האָט פעראַכטעט די וואַסער פון שלח וואָס פליסט לאַנגזאַם, און זיי פרעהען זיך מיט רצין און מיט דעם זוהן פון רמליהו.
7 און דארום זעה, ברענגט גאָט אויף זיי די וואַסער פון דעם שטראָם, די שטאַרקע און די פיעלע, דעם קעניג פון אַשור און זיין גאַנצען עהרענ־צוג, און ער וועט פערפלייצען זיינע אַלע טייכלאַך, און ער וועט פער־שווימען זיינע אַלע ברעגעס.

הָעֲצוּמִים וְהָרַבִּים אֶת־מֶלֶךְ אַשּׁוּר וְאֶת־כָּל־כְּבוֹדוֹ וְעָלָה
8 עַל־כָּל־אֲפִיקָיו וְהָלַךְ עַל־כָּל־גְּדוֹתָיו׃ וְחָלַף בִּיהוּדָה
שָׁטַף וְעָבַר עַד־צַוָּאר יַגִּיעַ וְהָיָה מֻטּוֹת כְּנָפָיו מְלֹא־רֹחַב
9 אַרְצְךָ עִמָּנוּ אֵל׃ רֹעוּ עַמִּים וָחֹתּוּ וְהַאֲזִינוּ כֹּל
י מֶרְחַקֵּי־אָרֶץ הִתְאַזְּרוּ וָחֹתּוּ הִתְאַזְּרוּ וָחֹתּוּ׃ עֻצוּ עֵצָה
11 וְתֻפָר דַּבְּרוּ דָבָר וְלֹא יָקוּם כִּי עִמָּנוּ אֵל׃ כִּי
כֹה אָמַר יְהוָה אֵלַי כְּחֶזְקַת הַיָּד וְיִסְּרֵנִי מִלֶּכֶת בְּדֶרֶךְ
12 הָעָם־הַזֶּה לֵאמֹר׃ לֹא־תֹאמְרוּן קֶשֶׁר לְכֹל אֲשֶׁר־יֹאמַר
הָעָם הַזֶּה קָשֶׁר וְאֶת־מוֹרָאוֹ לֹא־תִירְאוּ וְלֹא תַעֲרִיצוּ׃
13 אֶת־יְהוָה צְבָאוֹת אֹתוֹ תַקְדִּישׁוּ וְהוּא מוֹרַאֲכֶם וְהוּא
14 מַעֲרִצְכֶם׃ וְהָיָה לְמִקְדָּשׁ וּלְאֶבֶן נֶגֶף וּלְצוּר מִכְשׁוֹל לִשְׁנֵי
טו בָתֵּי יִשְׂרָאֵל לְפַח וּלְמוֹקֵשׁ לְיוֹשֵׁב יְרוּשָׁלִָם׃ וְכָשְׁלוּ בָם
16 רַבִּים וְנָפְלוּ וְנִשְׁבָּרוּ וְנוֹקְשׁוּ וְנִלְכָּדוּ׃ צוֹר תְּעוּדָה
17 חֲתוֹם תּוֹרָה בְּלִמֻּדָי׃ וְחִכִּיתִי לַיהוָה הַמַּסְתִּיר פָּנָיו מִבֵּית
18 יַעֲקֹב וְקִוֵּיתִי־לוֹ׃ הִנֵּה אָנֹכִי וְהַיְלָדִים אֲשֶׁר נָתַן־לִי יְהוָה
לְאֹתוֹת וּלְמוֹפְתִים בְּיִשְׂרָאֵל מֵעִם יְהוָה צְבָאוֹת הַשֹּׁכֵן
19 בְּהַר צִיּוֹן׃ וְכִי־יֹאמְרוּ אֲלֵיכֶם דִּרְשׁוּ אֶל־הָאֹבוֹת וְאֶל־
הַיִּדְּעֹנִים הַמְצַפְצְפִים וְהַמַּהְגִּים הֲלוֹא־עַם אֶל־אֱלֹהָיו יִדְרֹשׁ
כ בְּעַד הַחַיִּים אֶל־הַמֵּתִים׃ לְתוֹרָה וְלִתְעוּדָה אִם־לֹא יֹאמְרוּ
21 כַּדָּבָר הַזֶּה אֲשֶׁר אֵין־לוֹ שָׁחַר׃ וְעָבַר בָּהּ נִקְשֶׁה וְרָעֵב
וְהָיָה כִי־יִרְעַב וְהִתְקַצַּף וְקִלֵּל בְּמַלְכּוֹ וּבֵאלֹהָיו וּפָנָה
22 לְמָעְלָה׃ וְאֶל־אֶרֶץ יַבִּיט וְהִנֵּה צָרָה וַחֲשֵׁכָה מְעוּף צוּקָה
23 וַאֲפֵלָה מְנֻדָּח׃ כִּי לֹא מוּעָף לַאֲשֶׁר מוּצָק לָהּ כָּעֵת
הָרִאשׁוֹן הֵקַל אַרְצָה זְבֻלוּן וְאַרְצָה נַפְתָּלִי וְהָאַחֲרוֹן
הִכְבִּיד דֶּרֶךְ הַיָּם עֵבֶר הַיַּרְדֵּן גְּלִיל הַגּוֹיִם׃

## CAP. IX. ט

ט

א הָעָם הַהֹלְכִים בַּחֹשֶׁךְ רָאוּ אוֹר גָּדוֹל יֹשְׁבֵי בְּאֶרֶץ צַלְמָוֶת

אור

8 אין ער וועט דורכגעהן (אויך) אין יהודה, ער וועט פלייצען אין שטראָ־מען, ביז׳ן האַלדז וועט ער גרייכען, און די אויסשפּרייטונג פון זיינע פליגלען (די מחנות) וועלען אָנפילען די גאַנצע ברייט פון דיין לאַנד.
9 אָבער דאַן — גאָט איז מיט אונז. געזעלט אייך, איהר פעלקער, איהר וועט אָבער צוברעכען ווערען! און פערנעהמט עס איהר אַלע פון די ווייטע לענדער! גירטעט אייך, איהר וועט צוברעכען ווערען, גירטעט אייך,
10 איהר וועט צוברעכען ווערען! האַלט ראַטה צוזאַמען, עס וועט אָבער צוברעכען ווערען, רעדט אויס אורטהיילען, עס וועט קיין בעשטאַנד האָ־
11 בען, דען גאָט איז מיט אונז. דען אַזוי האָט גאָט צו מיר געזאָגט אין (מיין) שטאַרקע בעגייסטערונג, און ער האָט מיר פערזאָגט ניט צו געהן אין דעם וועג פון דעם דאָזיגען פאָלק, אַזוי צו זאָגען:
12 איהר זאָלט ניט זאָגען אַ בונד צו אַלעם וואָס דיעזע פאָלק זאָגט אַ בונד, און איהר זאָלט ניט פירכטען, און זיך ניט שרעקען פאַרוואָס ער פירכטעט.
13 דעם גאָט פון די הערשאַרען, איהם זאָלט איהר פערהייליגען און ער זאָל זיין אייער פורכט, און ער זאָל זיין אייער שרעק.
14 און פאַר אייך וועט ער זיין אַ פעסטונג, און אַ שטיין צום שטרויכלען און אַ פעלזען פון אָנשטויסונג פאַר די ביידע הייזער פון ישראל אַלס אַ נעץ און אַ שלינגע פאַר די איינוואָהנער פון ירושלים.
15 און צוליעב זיי וועלען פיעלע געשטרויכעלט ווערען, און פאַלען און צו־בראָכען ווערען, און וועלען אריינפאַלען אין נעץ און געפאַנגען ווערען.
16 פערבינד דאָס צייגניס, פערזיעגעל די לעהרע צווישען מיינע שילער.
17 און איך האָף צו גאָט, יעדאָך ער פערבארגט יעצט זיין אנגעזיכט פון דעם הויזגעזינד פון יעקב, אָבער דאָך האָף איך צו איהם.
18 דען איך, און די קינדער וועלכע גאָט האָט מיר געגעבען, זיינען צייכענס און בילדער פאַר ישראל, פון גאָט פון די הערשאַרען וועלכער רעגיערט אויפ׳ן בארג ציון.
19 און ווען זיי וועלען זאָגען צו אייך: פאָרשט צו די טויטענ־בעשווערער און די צויבערערס, וועלכע פּיפּצען און מורמלען, דען יעדעם פאָלק פאָרשט דאָך צו זיינע געטער, (און יעדעם פאָלק) בעט פאַר די לעבעדיגע צו די טויטע.
20 (ענטפערט זיי) מיר מוזען פאָרשען די תורה און (אונזער) בעשטימונג. [וועלען זיי דען ניט זאָגען אַזעלכע ווערטער ווי די דאָזיגע, אין וועלכע עס איז ניטאָ קיין קלאָהרהייט.]
21 און דער וואָס געהט אין אַזאַ וועג, וועט ווערען געדריקט און הונגעריג. און עס וועט געשעהן, אַז ווען ער וועט שטאַרק הונגעריג ווערען דאַן וועט ער זיך דערצערנען און ער וועט פלוכען ביי זיין קעניג און ביי זיין אָפּגאָט. און ער וועט זיך אַרומקעהרען צו דער הויך.
22 און ער וועט זיך אַרומקוקען צו דער ערד, אָבער זעה, נאָר אונגליק און פינסטערנים, דיקע פינסטערנים, און אין דונקעלהייט פערשטויסען.
23 דען עס וועט קיין מידיגקייט ניט זיין צו איהם, וואָס קומט איהר צו אונטערדריקען; אין דער צייט וואָס דער ערשטער (קעניג פון אשור) האָט לייכט געמאַכט (האָט אָוועקגענומען) נאָר דאָס לאַנד זבלון און דאָס לאַנד נפתלי, האָט דער לעצטער אָבער זיין האַנד שווער ארויפגע־לייגט אויף דאָס גאַנצע לאַנד ביי דעם מעער, די אַנדערע זייט ירדן, די פּראָווינצען פון די אַלע שטאַמען.

## קאַפּיטעל ט

1 דאָס פאָלק וואָס האָט געוואַנדערט אין פינסטערנים האָט געזעהן אַ

אוֹר נָגַהּ עֲלֵיהֶם׃ הִרְבִּיתָ הַגּוֹי לֹא הִגְדַּלְתָּ הַשִּׂמְחָה 2
שָׂמְחוּ לְפָנֶיךָ כְּשִׂמְחַת בַּקָּצִיר כַּאֲשֶׁר יָגִילוּ בְּחַלְּקָם שָׁלָל׃
כִּי ׀ אֶת־עֹל סֻבֳּלוֹ וְאֵת מַטֵּה שִׁכְמוֹ שֵׁבֶט הַנֹּגֵשׂ בּוֹ הַחִתֹּתָ 3
כְּיוֹם מִדְיָן׃ כִּי כָל־סְאוֹן סֹאֵן בְּרַעַשׁ וְשִׂמְלָה מְגוֹלָלָה 4
בְדָמִים וְהָיְתָה לִשְׂרֵפָה מַאֲכֹלֶת אֵשׁ׃ כִּי־יֶלֶד יֻלַּד־לָנוּ ה
בֵּן נִתַּן־לָנוּ וַתְּהִי הַמִּשְׂרָה עַל־שִׁכְמוֹ וַיִּקְרָא שְׁמוֹ פֶּלֶא
יוֹעֵץ אֵל גִּבּוֹר אֲבִי־עַד שַׂר־שָׁלוֹם׃ לְםַרְבֵּה הַמִּשְׂרָה 6
וּלְשָׁלוֹם אֵין־קֵץ עַל־כִּסֵּא דָוִד וְעַל־מַמְלַכְתּוֹ לְהָכִין אֹתָהּ
וּלְסַעֲדָהּ בְּמִשְׁפָּט וּבִצְדָקָה מֵעַתָּה וְעַד־עוֹלָם קִנְאַת יְהוָה
צְבָאוֹת תַּעֲשֶׂה־זֹּאת׃ דָּבָר שָׁלַח אֲדֹנָי בְּיַעֲקֹב 7
וְנָפַל בְּיִשְׂרָאֵל׃ וְיָדְעוּ הָעָם כֻּלּוֹ אֶפְרַיִם וְיוֹשֵׁב שֹׁמְרוֹן 8
בְּגַאֲוָה וּבְגֹדֶל לֵבָב לֵאמֹר׃ לְבֵנִים נָפָלוּ וְגָזִית נִבְנֶה 9
שִׁקְמִים גֻּדָּעוּ וַאֲרָזִים נַחֲלִיף׃ וַיְשַׂגֵּב יְהוָה אֶת־צָרֵי רְצִין י
עָלָיו וְאֶת־אֹיְבָיו יְסַכְסֵךְ׃ אֲרָם מִקֶּדֶם וּפְלִשְׁתִּים מֵאָחוֹר 11
וַיֹּאכְלוּ אֶת־יִשְׂרָאֵל בְּכָל־פֶּה בְּכָל־זֹאת לֹא־שָׁב אַפּוֹ וְעוֹד
יָדוֹ נְטוּיָה׃ וְהָעָם לֹא־שָׁב עַד־הַמַּכֵּהוּ וְאֶת־יְהוָה צְבָאוֹת 12
לֹא דָרָשׁוּ׃ וַיַּכְרֵת יְהוָה מִיִּשְׂרָאֵל רֹאשׁ וְזָנָב כִּפָּה 13
וְאַגְמוֹן יוֹם אֶחָד׃ זָקֵן וּנְשׂוּא־פָנִים הוּא הָרֹאשׁ וְנָבִיא 14
מוֹרֶה־שֶּׁקֶר הוּא הַזָּנָב׃ וַיִּהְיוּ מְאַשְּׁרֵי הָעָם־הַזֶּה מַתְעִים טו
וּמְאֻשָּׁרָיו מְבֻלָּעִים׃ עַל־כֵּן עַל־בַּחוּרָיו לֹא־יִשְׂמַח ׀ אֲדֹנָי 16
וְאֶת־יְתֹמָיו וְאֶת־אַלְמְנֹתָיו לֹא יְרַחֵם כִּי כֻלּוֹ חָנֵף וּמֵרַע
וְכָל־פֶּה דֹּבֵר נְבָלָה בְּכָל־זֹאת לֹא־שָׁב אַפּוֹ וְעוֹד יָדוֹ
נְטוּיָה׃ כִּי־בָעֲרָה כָאֵשׁ רִשְׁעָה שָׁמִיר וָשַׁיִת תֹּאכֵל וַתִּצַּת 17
בְּסִבְכֵי הַיַּעַר וַיִּתְאַבְּכוּ גֵּאוּת עָשָׁן׃ בְּעֶבְרַת יְהוָה 18
צְבָאוֹת נֶעְתַּם אָרֶץ וַיְהִי הָעָם כְּמַאֲכֹלֶת אֵשׁ אִישׁ אֶל־
אָחִיו לֹא יַחְמֹלוּ׃ וַיִּגְזֹר עַל־יָמִין וְרָעֵב וַיֹּאכַל עַל־שְׂמֹאול 19
וְלֹא שָׂבֵעוּ אִישׁ בְּשַׂר־זְרֹעוֹ יֹאכֵלוּ׃ מְנַשֶּׁה אֶת־אֶפְרַיִם כ

ואפרים

v. 2. לו קרי v. 6. מ סתומה באמצע תיבה v. 9. קמץ בטרחא

גרויסע ליכטיגקייט. די איינוואָהנער פון דעם לאַנד פון טויט־שאָטען,
2 אויף זיי האָט אַ ליכט געשיינט. דו האָסט גרויס געמאַכט דאָס פאָלק, גרויס געמאַכט איהם די פרייד. זיי האָבען זיך געפרעהט ווי אין שניט־צייט, ווי מען איז ענטציקט ביי׳ם צוטהיילען זיך מיט׳ן רויב (פון פיינד).
3 דען דעם יאָך פון זיין לאַסט, אין דעם שטאַנג פון זיין שולטער, די רוטה פון זיין אונטערדריקער האָסטו צובראָכען, ווי אין דעם טאָג פון מדין.
4 דען יעדער קריעגס־ליאַרעם ליאַרעמט מיט שטורעם, און יעדעס קלייד איז פערבלוטיגט, אָבער דאָ איז געוואָרען אַ בראַנד, אַ פערצעהרונג פון פייער.
5 דען אַ קינד איז צו אונז געבאָרען געוואָרען, אַ זוהן איז צו אונז געגעבען געוואָרען, (חזקיהו) און די הערשאַפט איז געקומען אויף זיינע שול־טערען, און זיין נאָמען האָט מען גערופען: וואונדערבאַרער ראטה־געבער, שטאַרקע מאַכט, עוויגער פאָטער, פירשט פון פריעדען.
6 צו פערמעהרען די הערשאַפט און צו די פריעדען זאָל קיין ענד ניט זיין, אויפ׳ן טהראָן פון דוד, און אויף זיין קעניגרייך: איהר צו גרינדען, און צו בעפעסטיגען מיט גערעכטיגקייט און טוגענד פון יעצט אָן ביז אויף אייביג; די אויפרעגונג פון גאָט פון די הערשאַרען וועט דאָס מאַכען.
7 אַ ־וואָרט האָט גאָט געשיקט צו יעקב, און עס וועט אָנקומען צו ישראל.
8 און דאָס גאַנצע פאָלק וועט וויסען; אפרים און די איינוואָהנער פון שמרון, וועלכע זאָגען מיט שטאָלץ און מיט האָכמוטהיגקייט:
9 איינגעפאַלען זיינען ציעגעל, אָבער אויפבויען וועלען מיר פון געהאַקטע שטיינער, ווילדע פייגענבוימער זיינען אָבגעהאַקט געוואָרען, אָבער אויף צעדערבוימער וועלען מיר זיי (יעצט) פאַרבייטען.
10 אָבער גאָט האָט געשטאַרקט די פיינד פון רצין קעגען איהם, (קעגען אפרים) און זיינע (אַלע) וועט ער אויף איהם אָנרייצען.
11 ארם פון פאָרענט און די פלשתים פון הינטען, און זיי האָבען אויפגע־געסען ישראל מיט׳ן פולען מויל, ביי דעם אַלעם איז נאָך זיין צאָרן ניט אָבגעקעהרט, און נאָך, איז זיין האַנד אויסגעשטרעקט.
12 און ווייל דאָס פאָלק קעהרט זיך ניט צוריק צו דעם (גאָט) וואָס האָט איהם געשלאָגען, און דעם גאָט פון די הערשאַרען זוכען זיי ניט.
13 דאַרום האָט גאָט אָבגעשניטען פון ישראל דעם קאָפּ און דעם עק, דעם פאַלמענצווייג און ראָהר אין איין טאָג.
14 דער גרייז און דער אָנגעזעהענער, דאָס איז דער קאָפּ, און דער פראָפעט, דער פאַלשער לעהרער דאָס איז דער עק.
15 און ווייל די פיהרער פון דעם דאָזיגען פאָלק זיינען פערפיהרער, און זיינע געפיהרטע זיינען פערדאָרבען.
16 דאַרום וועט זיך גאָט ניט פרעהען מיט זיינע אויסערוועהלטע, און אויף זיינע יתומים און זיינע אלמנות וועט ער זיך ניט דערבאַרעמען; דען זיי זיינען אַלע אין גאַנצען פערדאָרבען און שלעכט, און יעדער מויל רעדט שענדליכקייט. ביי דעם אַלעם איז נאָך זיין צאָרן ניט אָבגעקעהרט, און נאָך, איז זיין האַנד אויסגעשטרעקט.
17 דען (זייער) שלעכטיגקייט ברענט ווי אַ פייער, (זיי אַליין) די דערנער און די דיסטלען וועט זיי פערצעהרען, און זי האָט אָנגעצונדען די צוויי־גען פון וואַלד, און עס האָבען זיך ערהויבען הויכע רויכזיילען.
18 דורך דעם צאָרן פון דעם גאָט פון די הערשאַרען איז דאָס לאַנד פער־ברענט געוואָרען, און דאָס פאָלק איז געוואָרען ווי פערדאָרבענעס פייער, דאָס זאָגאַר איינער דערבאַרעמט זיך ניט איבער דעם אַנדערען.
19 און ער שניידט אויף רעכטס און איז הונגעריג, און ער פערצעהרט אויף לינקס און איז ניט זאַט. ביז יעדער עסט דאָס פלייש פון זיין אָרעם.
20 מנשה (עסט אויף) אפרים, און אפרים מנשה, זיי צוזאַמען קעגען יהודה.

וְאֶפְרַיִם אֶת־מְנַשֶּׁה יַחְדָּו הֵמָּה עַל־יְהוּדָה בְּכָל־זֹאת לֹא־
שָׁב אַפּוֹ וְעוֹד יָדוֹ נְטוּיָה׃

## CAP. X. י

2 א הוֹי הַחֹקְקִים חִקְקֵי־אָוֶן וּמְכַתְּבִים עָמָל כִּתֵּבוּ׃ לְהַטּוֹת
מִדִּין דַּלִּים וְלִגְזֹל מִשְׁפַּט עֲנִיֵּי עַמִּי לִהְיוֹת אַלְמָנוֹת
3 שְׁלָלָם וְאֶת־יְתוֹמִים יָבֹזּוּ׃ וּמַה־תַּעֲשׂוּ לְיוֹם פְּקֻדָּה וּלְשׁוֹאָה
מִמֶּרְחָק תָּבוֹא עַל־מִי תָנוּסוּ לְעֶזְרָה וְאָנָה תַעַזְבוּ כְּבוֹדְכֶם׃
4 בִּלְתִּי כָרַע תַּחַת אַסִּיר וְתַחַת הֲרוּגִים יִפֹּלוּ בְּכָל־זֹאת
ה לֹא־שָׁב אַפּוֹ וְעוֹד יָדוֹ נְטוּיָה׃ הוֹי אַשּׁוּר שֵׁבֶט
6 אַפִּי וּמַטֶּה־הוּא בְיָדָם זַעְמִי׃ בְּגוֹי חָנֵף אֲשַׁלְּחֶנּוּ וְעַל־עַם
עֶבְרָתִי אֲצַוֶּנּוּ לִשְׁלֹל שָׁלָל וְלָבֹז בַּז וּלְשׂימוֹ מִרְמָס כְּחֹמֶר
7 חוּצוֹת׃ וְהוּא לֹא־כֵן יְדַמֶּה וּלְבָבוֹ לֹא־כֵן יַחְשֹׁב כִּי
8 לְהַשְׁמִיד בִּלְבָבוֹ וּלְהַכְרִית גּוֹיִם לֹא מְעָט׃ כִּי יֹאמַר
9 הֲלֹא שָׂרַי יַחְדָּו מְלָכִים׃ הֲלֹא כְּכַרְכְּמִישׁ כַּלְנוֹ אִם־לֹא
י כְאַרְפַּד חֲמָת אִם־לֹא כְדַמֶּשֶׂק שֹׁמְרוֹן׃ כַּאֲשֶׁר מָצְאָה
יָדִי לְמַמְלְכֹת הָאֱלִיל וּפְסִילֵיהֶם מִירוּשָׁלִַם וּמִשֹּׁמְרוֹן׃
11 הֲלֹא כַּאֲשֶׁר עָשִׂיתִי לְשֹׁמְרוֹן וְלֶאֱלִילֶיהָ כֵּן אֶעֱשֶׂה
12 לִירוּשָׁלִַם וְלַעֲצַבֶּיהָ׃ וְהָיָה כִּי־יְבַצַּע אֲדֹנָי אֶת־כָּל־
מַעֲשֵׂהוּ בְּהַר צִיּוֹן וּבִירוּשָׁלִָם אֶפְקֹד עַל־פְּרִי־גֹדֶל לְבַב
13 מֶלֶךְ־אַשּׁוּר וְעַל־תִּפְאֶרֶת רוּם עֵינָיו׃ כִּי אָמַר בְּכֹחַ יָדִי
עָשִׂיתִי וּבְחָכְמָתִי כִּי נְבֻנוֹתִי וְאָסִיר ׀ גְּבוּלֹת עַמִּים וַעֲתִידֹתֵיהֶם
14 שׁוֹשֵׂתִי וְאוֹרִיד כַּאבִּיר יוֹשְׁבִים׃ וַתִּמְצָא כַקֵּן ׀ יָדִי לְחֵיל
הָעַמִּים וְכֶאֱסֹף בֵּיצִים עֲזֻבוֹת כָּל־הָאָרֶץ אֲנִי אָסָפְתִּי וְלֹא
טו הָיָה נֹדֵד כָּנָף וּפֹצֶה פֶה וּמְצַפְצֵף׃ הֲיִתְפָּאֵר הַגַּרְזֶן עַל
הַחֹצֵב בּוֹ אִם־יִתְגַּדֵּל הַמַּשּׂוֹר עַל־מְנִיפוֹ כְּהָנִיף שֵׁבֶט
16 אֶת־מְרִימָיו כְּהָרִים מַטֶּה לֹא־עֵץ׃ לָכֵן יְשַׁלַּח הָאָדוֹן
יְהוָה צְבָאוֹת בְּמִשְׁמַנָּיו רָזוֹן וְתַחַת כְּבֹדוֹ יֵקַד יְקֹד כִּיקוֹד
אש

---

ר׳ v. 6. ולשומו ק׳ v. 13. ועתודותיהם קרי ibid. כביר קרי

ביי דעם אַלעם איז נאָך זיין צאָרן ניט אָבגעקעהרט, און נאָך איז זיין האַנד אויסגעשטרעקט.

## קאַפּיטעל י

1 וועה צו די געזעצגעבער וועלכע מאַכען אונרעכטע געזעצען, און די שרייבערס וועלכע שרייבען אונרעכט.

2 אום צו דערוויטערען פון גערעכטיגקייט די אָרעמע, און צו רויבען דאָס רעכט פון די אָרעמע פון מיין פאָלק, דאָס די אַלמנות זאָלען ווערען זייער רויב, און די יתומים זאָלען זיי קענען בערויבען.

3 אָבער וואָס וועט איהר טהאָן אין דעם טאָג פון שטראָף, און צו דעם געוויטער וועלכער קומט אָן פון ווייטען? צו וועמען וועט איהר לויפען נאָך הילף, און וואוהין וועט איהר איבערלאָזען אייער רייכטהום?

4 ווער עס וועט זיך ניט קניען אונטער די געפאַנגענע, וועט פאַלען אונטער די דערשלאָגענע, און ביי דעם אַלעם איז נאָך זיין צאָרן ניט אָבגעקעהרט, און נאָך איז זיין האַנד אויסגעשטרעקט.

5 אַך! אַשור, די רוטה פון מיין צאָרן! און ווי אַ שטעקען איז אין זייער (די אשורים) האַנד מיין גרים.

6 קעגען אַ פערדאָרבענעם פאָלק טהו איך איהם שיקען, און קעגען אַ פאָלק פון מיין גרים טהו איך איהם בעפעהלען, צו רויבען רויב און צו פּלינדערען פּלינדערונג, צו מאַכען עס צו אַ צוטרעטונג ווי קויט פון די גאַסען.

7 אָבער ער דענקט ניט אַזוי און זיין האַרץ טראַכט ניט אַזוי, דען אין גאַנצען צו פערטיליגען איז זיין געדאַנקען און אויסצוראָטען ניט וועניג פעלקער.

8 דען ער ריהמט זיך: זיינען ניט מיינע פירשטען אַלע צוזאַמען קעניגע?

9 איז ניט אַזוי אויסגעגאַנגען צו כרכמוש ווי צו כלנו? אָדער איז ניט געוואָרען ווי פון ארפד חמת, אָדער איז ניט ווי דמשק אויך פון שמרון געוואָרען?

10 אַזוי ווי מיין האַנד האָט געפונען די קעניגרייכען פון די געצען, וואָס זייערע געצענ־בילדער זיינען נאָך מעהר פון ירושלים און שמרון.

11 איז דאָך געוויס, דאָס אַזוי ווי איך האָב געטהאָן צו שמרון און איהרע געצען, אַזוי וועל איך אויך טהאָן צו ירושלים און צו איהרע געצענבילדער.

12 אָבער עס וועט געשעהען, דאָס ווען גאָט וועט האָבען געענדיגט זיין גאַנצע ווערק אויף דעם באַרג ציון און ירושלים, דאַן וועל איך בעשטראָפען דעם קעניג פון אשור, פאַר די פרוכט פון זיין האָכמוטה (די גרויסקייט פון זיין האַרץ), און פאַר זיינע ריהמעריי, און זיינע שטאָלצע אויגען.

13 דען ער האָט געזאָגט: מיט דער קראַפט פון מיין האַנד האָב איך עס געטהאָן, און מיט מיין קלוגהייט, דען איך בין פערשטענדיג, און איך האָב אָבגעשאַפט די גרענעצען פון פעלקער, און זייערע רייכטהימער האָב איך בערויבט, און ווי אַ מעכטיגער העלד האָב איך אַראָבגעשליידערט די וואָס זיינען געזעסען (אויף די טהראָנען).

14 און מיין האַנד האָט געפונען ווי אַ נעסט דאָס רייכטהום פון די פעלקער, און אַזוי ווי מען זאַמעלט איין פערלאָזענע אייער, אַזוי האָב איך איינגעזאַמעלט אַלע לענדער, און עס איז ניט געוועזען קיינער וואָס בעוועגט אַ פליגעל, אָדער עפענט אַ מויל און צוויטשערט.

15 קען זיך אָבער די האַק ריהמען קעגען איהם וועלכער האַקט מיט איהר? אָדער קען די זעג שטאָלציערען קעגען דעם וועלכער ציהט זי? אַזוי ווי די רוטה וואָלט אויפהויבען די יעניגע וואָס הויבען איהר אויף, אַזוי ווי דער שטעקען וואָלט זיך אַליין אויפהויבען.

16 דאַרום וועט דער הערר דער גאָט פון די הערשאַרען אַרויפשיקען אויף זיינע דיק־בעלייבטע אַן אויסצעהרונג און אונטער זיין שטאָלצע (מחנה) וועט ברענען אַ בראַנד — ווי דער בראַנד פון אַ פייער.

17 און דאָס ליכט ישראל וועט ווערען אַ פייער, און זיין הייליגער — אַ פלאַם,

אֵשׁ׃ וְהָיָה אוֹר־יִשְׂרָאֵל לְאֵשׁ וּקְדוֹשׁוֹ לְלֶהָבָה וּבָעֲרָה 17
וְאָכְלָה שִׁיתוֹ וּשְׁמִירוֹ בְּיוֹם אֶחָד׃ וּכְבוֹד יַעְרוֹ וְכַרְמִלּוֹ 18
מִנֶּפֶשׁ וְעַד־בָּשָׂר יְכַלֶּה וְהָיָה כִּמְסֹס נֹסֵס׃ וּשְׁאָר עֵץ 19
יַעְרוֹ מִסְפָּר יִהְיוּ וְנַעַר יִכְתְּבֵם׃ וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא כ
לֹא־יוֹסִיף עוֹד שְׁאָר יִשְׂרָאֵל וּפְלֵיטַת בֵּית־יַעֲקֹב לְהִשָּׁעֵן
עַל־מַכֵּהוּ וְנִשְׁעַן עַל־יְהוָה קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל בֶּאֱמֶת׃ שְׁאָר 21
יָשׁוּב שְׁאָר יַעֲקֹב אֶל־אֵל גִּבּוֹר׃ כִּי אִם־יִהְיֶה עַמְּךָ 22
יִשְׂרָאֵל כְּחוֹל הַיָּם שְׁאָר יָשׁוּב בּוֹ כִּלָּיוֹן חָרוּץ שׁוֹטֵף
צְדָקָה׃ כִּי כָלָה וְנֶחֱרָצָה אֲדֹנָי יֱהוִה צְבָאוֹת עֹשֶׂה 23
בְּקֶרֶב כָּל־הָאָרֶץ׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה 24
צְבָאוֹת אַל־תִּירָא עַמִּי יֹשֵׁב צִיּוֹן מֵאַשּׁוּר בַּשֵּׁבֶט יַכֶּכָּה
וּמַטֵּהוּ יִשָּׂא עָלֶיךָ בְּדֶרֶךְ מִצְרָיִם׃ כִּי־עוֹד מְעַט כה
מִזְעָר וְכָלָה זַעַם וְאַפִּי עַל־תַּבְלִיתָם׃ וְעוֹרֵר עָלָיו יְהוָה 26
צְבָאוֹת שׁוֹט כְּמַכַּת מִדְיָן בְּצוּר עוֹרֵב וּמַטֵּהוּ עַל־הַיָּם
וּנְשָׂאוֹ בְּדֶרֶךְ מִצְרָיִם׃ וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא יָסוּר סֻבֳּלוֹ 27
מֵעַל שִׁכְמֶךָ וְעֻלּוֹ מֵעַל צַוָּארֶךָ וְחֻבַּל עֹל מִפְּנֵי־שָׁמֶן׃
בָּא עַל־עַיַּת עָבַר בְּמִגְרוֹן לְמִכְמָשׂ יַפְקִיד כֵּלָיו׃ עָבְרוּ 28 29
מַעְבָּרָה גֶּבַע מָלוֹן לָנוּ חָרְדָה הָרָמָה גִּבְעַת שָׁאוּל נָסָה׃
צַהֲלִי קוֹלֵךְ בַּת־גַּלִּים הַקְשִׁיבִי לַיְשָׁה עֲנִיָּה עֲנָתוֹת׃ נָדְדָה ל 31
מַדְמֵנָה יֹשְׁבֵי הַגֵּבִים הֵעִיזוּ׃ * עוֹד הַיּוֹם בְּנֹב לַעֲמֹד 32
יְנֹפֵף יָדוֹ הַר בֵּית־צִיּוֹן גִּבְעַת יְרוּשָׁלִָם׃ הִנֵּה הָאָדוֹן 33
יְהוָה צְבָאוֹת מְסָעֵף פֻּארָה בְּמַעֲרָצָה וְרָמֵי הַקּוֹמָה גְּדֻעִים
וְהַגְּבֹהִים יִשְׁפָּלוּ׃ וְנִקַּף סִבְכֵי הַיַּעַר בַּבַּרְזֶל וְהַלְּבָנוֹן 34
בְּאַדִּיר יִפּוֹל׃

## יא CAP. XI. יא

וְיָצָא חֹטֶר מִגֵּזַע יִשָׁי וְנֵצֶר מִשָּׁרָשָׁיו יִפְרֶה׃ וְנָחָה עָלָיו א 2
רוּחַ יְהוָה רוּחַ חָכְמָה וּבִינָה רוּחַ עֵצָה וּגְבוּרָה רוּחַ דַּעַת
ויראת

* v. 32. הפטרת יום שמיני של פסח. ibid. בת קרי

און זי וועט ברענען און פערצעהרען זיינע דערנער און דיסטלען אין אַ טאָג.
18 און די אויסערוועהלטע פון זיין וואַלד און זיין פרוכט לאַנד פון דער זעעל
ביז אויף דעם פלייש וועט ער פערניכטען, און ווי צופרעסען פון ווערעם
וועט ווערען יעדער וואָס האָט מיט שטאָלץ די פאָהן געטראָגען.
19 און דער רעסט פון די בוימען פון זיין וואַלד וועט זיין אַ (קליינער) צאָהל,
און אַ קליינער יונג וועט זיי קענען אויפשרייבען.
20 און עס וועט געשעהען אין יענעם טאָג, דאָס דער רעסט פון ישראל און
די גערעטעטע פון דעם הויזגעזינד פון יעקב וועלען זיך ניט שטיצען
מעהר אויף איהם וואָס שלאָגט איהם, נאָר זיי וועלען זיך שטיצען אויף
גאָט, דעם הייליגען פון ישראל, מיט וואַהרהייט.
21 דער איבעררעסט וועט צוריקקעהרען (צו זיין לאַנד) — דער איבעררעסט
פון יעקב, (צוריקקעהרען וועט ער) צו דעם מעכטיגען גאָט.
22 וואַהרליך, פאַר געווים וועט נאָך אַ מאָל ווערען דיין פאָלק ישראל,
ווי דאָס זאַמד פון מעער, און פון דעם איבעררעסט וואָס וועט זיך פון
איהם צוריקקעהרען, דען ווען אויך פערניכטונג איז בעשלאָסען, גע־
רעכטיגקייט פלייצט עס אַוועק.
23 און ווען אויך אַ פערניכטונג און אַ פעסט בעשלאָסענע מאַכט דער גאָט
פון די הערשאַרען אין מיטען פון דער גאַנצען ערד.
24 דאַרום האָט אַזוי געזאָגט דער הערר, דער גאָט פון די הערשאַרען:
פירכטע דיך ניט, מיין פאָלק, איינוואָהנער פון ציון, פאַר אשור, וועל־
כער שלאָגט דיר מיט דעם רוטה, און וועלכער הויבט אויף אויף דיך
זיין שטעקען נאָך דעם שטייגער פון מצרים.
25 דען אין אַ גאַנץ קורצע צייט וועט דער גרים (אַשור) פערשוואונדען ווערען,
און מיין צאָרן (וועט זיך דערוועקען) אויף זייערע שענדליכקייטען.
26 און דער גאָט פון די הערשאַרען וועט דערוועקען איבער איהם (אַשור)
אַ רוטה, אַזוי ווי ביי דער שלאַכט פון מדין ביי דעם פעלזען פון עורב,
(און ער וועט דערוועקען) זיין שטעקען, וועלכען ער האָט געהאַלטען ביי
דעם ים. און ער וועט אויפהויבען אויף דעם שטייגער ווי אויף מצרים.
27 און עס וועט געשעהען, אין יענעם טאָג, דאָס זיין לאַסט וועט אָבגעטהאָן
ווערען פון דיין שולטער, און זיין יאָך פון דיין האַלז, דען דער יאָך וועט
28 צובראָכען ווערען צוליעב די פעטיגקייט (פון יהודה). ער האָט געמאַר־
שירט אויף עית, ער איז דורכגעגאַנגען מגרון, אין מכמש האָט ער אָבגע־
29 לעגט זיינע געפעק. זיי זיינען אַריבער דעם דורכגאַנג, אין גבע האָבען זיי
געהאַלטען נאַכט־קוואַרטיר, רמה האָט געציטערט, גבעת שאול איז אַנט־
30 לאָפען. מאַך קלינגען דיין שטים, טאָכטער פון גלים, האָרך צו ליש, (פון
31 דאָרטען קומט אַשור) און שריי שרעקליך ענתות. פערוואָגעלט געוואָרען
איז מדמנה, די איינוואָהנער פון גבעון האָבען איינגעזאַמעלט (זייער פער־
32 מעגען). דעם טאָג וועט ער נאָך זיך אויסרוהען אין נב, (פון דאַנען) הויבט
ער זיין האַנד קעגען דעם באַרג פון דער טאָכטער פון ציון, קעגען דעם היגעל
33 פון ירושלים. אָבער זעה! דער הערר, דער גאָט פון די הערשאַרען האַקט
אָב דעם שטאָלצען בוים מיט אַ שרעקליכען געוואַלט, און די הויכגעוואַק־
סענע ווערען אָבגעשניטען, און די שטאָלצע וועלען ערניעדעריגט ווערען.
34 און די געפלאָכטענע צווייגען פון וואַלד וועלען אָבגעהאַקט ווערען מיט
דעם אַייזען, און דער לבנון וועט פאַלען דורך אַ מעכטיגען.

## קאַפיטעל יא

1 און עס וועט אַרויסקומען אַ צווייג פון ישי'ס שטאַם, און אַ רוטה וועט
שפּראָצען פון זיינע וואָרצלען.
2 און עס וועט רוהען אויף איהם דער גייסט פון גאָט, אַ גייסט פון קלוג־
הייט און פערשטאַנד, אַ גייסט פון ראַטה און שטאַרקייט, אַ גייסט פון

3 וְיִרְאַת יְהוָה׃ וַהֲרִיחוֹ בְּיִרְאַת יְהוָה וְלֹא־לְמַרְאֵה עֵינָיו
4 יִשְׁפּוֹט וְלֹא־לְמִשְׁמַע אָזְנָיו יוֹכִיחַ׃ וְשָׁפַט בְּצֶדֶק דַּלִּים
וְהוֹכִיחַ בְּמִישׁוֹר לְעַנְוֵי־אָרֶץ וְהִכָּה־אֶרֶץ בְּשֵׁבֶט פִּיו וּבְרוּחַ
ה שְׂפָתָיו יָמִית רָשָׁע׃ וְהָיָה צֶדֶק אֵזוֹר מָתְנָיו וְהָאֱמוּנָה
6 אֵזוֹר חֲלָצָיו׃ וְגָר זְאֵב עִם־כֶּבֶשׂ וְנָמֵר עִם־גְּדִי יִרְבָּץ וְעֵגֶל
7 וּכְפִיר וּמְרִיא יַחְדָּו וְנַעַר קָטֹן נֹהֵג בָּם׃ וּפָרָה וָדֹב תִּרְעֶינָה
8 יַחְדָּו יִרְבְּצוּ יַלְדֵיהֶן וְאַרְיֵה כַּבָּקָר יֹאכַל־תֶּבֶן׃ וְשִׁעֲשַׁע
יוֹנֵק עַל־חֻר פָּתֶן וְעַל מְאוּרַת צִפְעוֹנִי גָּמוּל יָדוֹ הָדָה׃ לֹא־
9 יָרֵעוּ וְלֹא־יַשְׁחִיתוּ בְּכָל־הַר קָדְשִׁי כִּי־מָלְאָה הָאָרֶץ דֵּעָה
י אֶת־יְהוָה כַּמַּיִם לַיָּם מְכַסִּים׃ וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא
שֹׁרֶשׁ יִשַׁי אֲשֶׁר עֹמֵד לְנֵס עַמִּים אֵלָיו גּוֹיִם יִדְרֹשׁוּ וְהָיְתָה
11 מְנֻחָתוֹ כָּבוֹד׃ וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא יוֹסִיף אֲדֹנָי ׀
שֵׁנִית יָדוֹ לִקְנוֹת אֶת־שְׁאָר עַמּוֹ אֲשֶׁר־יִשָּׁאֵר מֵאַשּׁוּר
וּמִמִּצְרַיִם וּמִפַּתְרוֹס וּמִכּוּשׁ וּמֵעֵילָם וּמִשִּׁנְעָר וּמֵחֲמָת
12 וּמֵאִיֵּי הַיָּם׃ וְנָשָׂא נֵס לַגּוֹיִם וְאָסַף נִדְחֵי יִשְׂרָאֵל וּנְפֻצוֹת
13 יְהוּדָה יְקַבֵּץ מֵאַרְבַּע כַּנְפוֹת הָאָרֶץ׃ וְסָרָה קִנְאַת אֶפְרַיִם
וְצֹרְרֵי יְהוּדָה יִכָּרֵתוּ אֶפְרַיִם לֹא־יְקַנֵּא אֶת־יְהוּדָה וִיהוּדָה
14 לֹא־יָצֹר אֶת־אֶפְרָיִם׃ וְעָפוּ בְכָתֵף פְּלִשְׁתִּים יָמָּה יַחְדָּו
יָבֹזּוּ אֶת־בְּנֵי־קֶדֶם אֱדוֹם וּמוֹאָב מִשְׁלוֹחַ יָדָם וּבְנֵי עַמּוֹן
טו מִשְׁמַעְתָּם׃ וְהֶחֱרִים יְהוָה אֵת לְשׁוֹן יַם־מִצְרַיִם וְהֵנִיף
יָדוֹ עַל־הַנָּהָר בַּעְיָם רוּחוֹ וְהִכָּהוּ לְשִׁבְעָה נְחָלִים וְהִדְרִיךְ
16 בַּנְּעָלִים׃ וְהָיְתָה מְסִלָּה לִשְׁאָר עַמּוֹ אֲשֶׁר יִשָּׁאֵר מֵאַשּׁוּר
כַּאֲשֶׁר הָיְתָה לְיִשְׂרָאֵל בְּיוֹם עֲלֹתוֹ מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם׃

## יב CAP. XII. יב

א וְאָמַרְתָּ בַּיּוֹם הַהוּא אוֹדְךָ יְהוָה כִּי אָנַפְתָּ בִּי יָשֹׁב אַפְּךָ
2 וּתְנַחֲמֵנִי׃ הִנֵּה אֵל יְשׁוּעָתִי אֶבְטַח וְלֹא אֶפְחָד כִּי עָזִּי
3 וְזִמְרָת יָהּ יְהוָה וַיְהִי־לִי לִישׁוּעָה׃ וּשְׁאַבְתֶּם־מַיִם
4 בְּשָׂשׂוֹן מִמַּעַיְנֵי הַיְשׁוּעָה׃ וַאֲמַרְתֶּם בַּיּוֹם הַהוּא הוֹדוּ

לַיהוָה

3 וויסענשאַפט און די פורכט פון גאָט. און ער (גאָט)וועט איהם בעגייס־
טערען מיט גאָטעספאַרכטיגקייט, און ער וועט ניט ריכטען נאָך דעם זעהען
פון די אויגען, (זיינע אויגען), און ער וועט ניט ריכטען נאָך דעם הערען
4 פון די אויערען (זיינע אויערען). נאָר ער וועט ריכטען מיט גערעכטיגקייט
די אָרעמע, און ער וועט ענטשיידען מיט עהרליכקייט פאַר די עלענדע פון
לאַנד. און ער וועט שלאָגען (די טיראַנען פון) די ערד מיט דעם רוטה פון
זיין מויל, און מיט דעם הויך פון זיינע ליפּען וועט ער טוידטען דעם רשע.
5 און גערעכטיגקייט וועט זיין דער גאַרטעל פון זיינע לענדען און פריי־
6 הייט דער גאַרטעל פון זיינע זייטען (היפּען). און עס וועט וואָהנען דער
וואָלף מיט א שעפּס, און א טיגער וועט לאַגערען, מיט א ציגעלע, און אַ
קאַלב מיט און א יונגער לייב און א געשטאָפּטעס פיה וועלען זיין צוזאַמען,
7 און א קליינער יונג טרייבט זיי אָן. און א קוה און א בער וועלען זיך פּי־
טערען, צוזאַמען וועלען לאַגערען זייערע יונגע. און דער לייב וועט אַזוי ווי
8 דער רינד פרעסען שטרוי. און אַ זייגענדיג קינד וועט זיך שפּיעלען ביי
דעם לאָך פון דעם בייזען שלאַנג, און אין די הייהל פון דעם באַזעליסק
9 וועט דאָס ענטוואָהנטע קינד זיין האַנד אויסשטרעקען. זיי וועלען קיין
שלעכטס טהאָן און וועלען ניט פערדארבען אויף מיין גאַנצען הייליגען
באַרג, דען פול איז געוואָרען די ערד מיט די וויסענשאַפט פון גאָט, ווי די
10 פיעל וואַסערען וואָס בעדעקען דעם ים. און עס וועט געשעהען אין יענעם
טאָג, דאָס דער וואָרצעל פון ישי וועלכער וועט שטעהען אַלס אַ פאָהן פאַר
פעלקער, צו איהם וועלען זיך נאַציאָנען ווענדען, און זיין רעזידענץ וועט
11 זיין — דער כבוד זעלבסט. און עס וועט געשעהען, אין יענעם טאָג וועט
גאָט וויעדער אויסשטרעקען זיין האַנד צום צווייטען מאָל, צו אויסקויפען
דעם איבעררעסט פון זיין פאָלק, וועלכער וועט איבערבלייבען פון אשור
און פון מצרים, פון פתרוס און פון כוש, פון עילם און פון שנער, פון חמת
12 און פון די אינזלען פון ים. און ער וועט אויפהויבען א פאָהן צו די נאַ־
ציאָנען, און ער וועט איינזאַמלען די פערשטויסענע פון ישראל, און די צו־
שפּרייטע פון יהודה וועט ער צוזאַמען נעהמען פון די פיער עקען פון דער
13 ערד. און די אייפערזוכט פון אפרים וועט ווייכען, און די פיינד־
שאַפט פון יהודה וועט פאַרטיליגט ווערען ; אפרים וועט ניט זיין
אייפערזיכטיג אויף יהודה, און יהודה וועט ניט אונטערדריקען אפרים
14 און זיי וועלען פליהען צוזאַמען, שולטער ביי שולטער, אויף די פלשתים
קעגען מערב זייט, צוזאַמען (וועלען זיי פליהען און) רויבען די קינדער
פון מאָרגענלאַנד ; אדום און מואב וועלען וואַרטען פאַר דעם אויסשטרע־
קונג פון זייער האַנד, און די קינדער פון עמון וועלען זיי געהאָרכזאַם זיין.
15 און גאָט וועט אויסטריקענען די צונג פון דעם ים ביי מצרים, און ער וועט
אויפהויבען זיין האַנד איבער דעם שטראָם מיט זיין מעכטיגען שטורעם,
און ער וועט איהם צושלאָגען אויף זיעבען טייכלאַך, און ער וועט מאַכען
16 טרעטען (איבער זיי) מיט שיך. און עס וועט זיין אַן אויסגעטרעטענע
וועג פאַר דעם איבעררעסט פון זיין פאָלק, וועלכע וועט איבערבלייבען
פון אַשור, אַזוי ווי עס איז געווען פאַר ישראל אין דעם טאָג ווען ער איז
ארויסגעצויגען פון לאַנד מצרים.

## קאַפּיטעל יב

1 און דו וועסט זאָגען אין יענעם טאָג: איך דאַנק דיר גאָט. דו האָסט געצאָ־
רענט אויף מיר. אָבער, דיין צאָרן איז אַוועק און דו האָסט מיך געטרייסט.
2 זעה, גאָט איז מיין הילף, איך בין זיכער און פירכטע זיך ניט, דען מיין
שטאַרקייט און מיין געזאַנג איז גאָט, און נאָר ער איז געווען מיר צו הילף.
3 און איהר וועט שעפּען וואַסער מיט פרייד, פון די קוואַלען פון דער הילף.
4 און איהר וועט זאָגען אין יענעם טאָג : לויבט גאָט, רופט זיין נאָמען,

לַיהוָה קִרְאוּ בִשְׁמוֹ הוֹדִיעוּ בָעַמִּים עֲלִילֹתָיו הַזְכִּירוּ כִּי
נִשְׂגָּב שְׁמוֹ׃ זַמְּרוּ יְהוָה כִּי גֵאוּת עָשָׂה מֽוּדַעַת זֹאת ה
בְּכָל־הָאָרֶץ׃ צַהֲלִי וָרֹנִּי יוֹשֶׁבֶת צִיּוֹן כִּי־גָדוֹל בְּקִרְבֵּךְ 6
קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל׃

## יג CAP. XIII. יג

מַשָּׂא בָּבֶל אֲשֶׁר חָזָה יְשַׁעְיָהוּ בֶּן־אָמוֹץ׃ עַל הַר־נִשְׁפֶּה א 2
שְׂאוּ־נֵס הָרִימוּ קוֹל לָהֶם הָנִיפוּ יָד וְיָבֹאוּ פִּתְחֵי נְדִיבִים׃
אֲנִי צִוֵּיתִי לִמְקֻדָּשָׁי גַּם קָרָאתִי גִבּוֹרַי לְאַפִּי עַלִּיזֵי גַּאֲוָתִי׃ 3
קוֹל הָמוֹן בֶּהָרִים דְּמוּת עַם־רָב קוֹל שְׁאוֹן מַמְלְכוֹת 4
גּוֹיִם נֶאֱסָפִים יְהוָה צְבָאוֹת מְפַקֵּד צְבָא מִלְחָמָה׃
בָּאִים מֵאֶרֶץ מֶרְחָק מִקְצֵה הַשָּׁמָיִם יְהוָה וּכְלֵי זַעְמוֹ ה
לְחַבֵּל כָּל־הָאָרֶץ׃ הֵילִילוּ כִּי קָרוֹב יוֹם יְהוָה כְּשֹׁד 6
מִשַּׁדַּי יָבוֹא׃ עַל־כֵּן כָּל־יָדַיִם תִּרְפֶּינָה וְכָל־לְבַב אֱנוֹשׁ 7
יִמָּס׃ וְנִבְהָלוּ ׀ צִירִים וַחֲבָלִים יֹאחֵזוּן כַּיּוֹלֵדָה יְחִילוּן אִישׁ 8
אֶל־רֵעֵהוּ יִתְמָהוּ פְּנֵי לְהָבִים פְּנֵיהֶם׃ הִנֵּה יוֹם־יְהוָה בָּא 9
אַכְזָרִי וְעֶבְרָה וַחֲרוֹן אָף לָשׂוּם הָאָרֶץ לְשַׁמָּה וְחַטָּאֶיהָ
יַשְׁמִיד מִמֶּנָּה׃ כִּי־כוֹכְבֵי הַשָּׁמַיִם וּכְסִילֵיהֶם לֹא יָהֵלּוּ י
אוֹרָם חָשַׁךְ הַשֶּׁמֶשׁ בְּצֵאתוֹ וְיָרֵחַ לֹא־יַגִּיהַ אוֹרוֹ׃ וּפָקַדְתִּי 11
עַל־תֵּבֵל רָעָה וְעַל־רְשָׁעִים עֲוֹנָם וְהִשְׁבַּתִּי גְּאוֹן זֵדִים
וְגַאֲוַת עָרִיצִים אַשְׁפִּיל׃ אוֹקִיר אֱנוֹשׁ מִפָּז וְאָדָם מִכֶּתֶם 12
אוֹפִיר׃ עַל־כֵּן שָׁמַיִם אַרְגִּיז וְתִרְעַשׁ הָאָרֶץ מִמְּקוֹמָהּ 13
בְּעֶבְרַת יְהוָה צְבָאוֹת וּבְיוֹם חֲרוֹן אַפּוֹ׃ וְהָיָה כִּצְבִי 14
מֻדָּח וּכְצֹאן וְאֵין מְקַבֵּץ אִישׁ אֶל־עַמּוֹ יִפְנוּ וְאִישׁ
אֶל־אַרְצוֹ יָנוּסוּ׃ כָּל־הַנִּמְצָא יִדָּקֵר וְכָל־הַנִּסְפֶּה יִפּוֹל טו
בֶּחָרֶב׃ וְעֹלְלֵיהֶם יְרֻטְּשׁוּ לְעֵינֵיהֶם יִשַּׁסּוּ בָּתֵּיהֶם וּנְשֵׁיהֶם 16
תִּשָּׁגַלְנָה׃ הִנְנִי מֵעִיר עֲלֵיהֶם אֶת־מָדָי אֲשֶׁר־כֶּסֶף לֹא 17
יַחְשֹׁבוּ וְזָהָב לֹא יַחְפְּצוּ־בוֹ׃ וּקְשָׁתוֹת נְעָרִים תְּרַטַּשְׁנָה 18
וּפְרִי־

י״ב v. 5. מודעת קרי   v. 6. ע״כ   י״ג v. 8. קמץ בז״ק   v. 16. תשכבנה קרי

מאַכט וויסען צווישען די פעלקער זיינע טהאַטען, ריהמט (גאָט), דען
5 ערהאַבען איז זיין נאָמען. זינגט צו גאָט, דען ערהאַבענע ווערק האָט
ער געטהאָן, בעוואוסט זאָל דאָס ווערען אויף דער גאַנצער ערד.
6 שריי אויס מיט פרייד און זינג, דו איינוואָהנערין פון ציון, דען גרויס
איז אין דיין מיטען דער הייליגער פון ישראל.

## קאַפּיטעל יג

1 די פּראָפעצייהונג פון בבל איבער וועלכע עס האָט פּראָפעצייהעט ישעיהו
2 דער זוהן פון אמוץ. אויף אַ הויכען בארג הויבט אויף אַ פאָהן, רופט זיי
(פּרס) מיט אַ לויטער שטים, ווינקט זיי צו מיט דער האַנד, דאָס זיי זאָלען
3 אריינקומען אין די פירשטליכע טהויערען. איך זעלבסט האָב בעפאָהלען
מיינע אויסערוועהלטע, איך זעלבסט האָב גערופען מיינע העלדען — צו
4 ראַכע! פרעהלאַך זיינען זיי מיט מיין שטאָלץ. אַ גערויש איז אויף די
בערג, עס ערשיינט אַ פאָלק אָהן אַ צאָהל, אַ קלאַנג פון אַ געטומעל פון
קעניגרייכען פון פעלקער וועלכע פערזאמלען זיך, גאָט פון די הערשאַרען
5 אליין מושטירט די ארמעע צום שטרייט. זיי קומען פון אַ ווייטען לאַנד,
פון די ווייטעסטע גרענעצען פון הימעל. גאָט אליין, מיט די ווערקצייג
6 פון זיין צאָרן (ערשיינט) דאָס גאַנצע לאַנד צו צושטערען. יאָמערט!
דען דער טאָג פון גאָט איז נאָהענט, ער קומט אָן (פּלוצלונג) ווי אַ פער־
7 וויסטונג פון גאָט. דארום וועלען אַלע הענד אָבגעשלאַפט ווערען, און
8 יעדער מענשענס הארץ וועט צוגאַנגען ווערען. און זיי וועלען ווערען
בעשטירצט, שמערצען און וועהען וועלען אָננעהמען זיי, ווי אַ געווינערין
וועלען זיי ציטערען; יעדער וועט קוקען ערשטוינט אויף דעם אַנדערען,
9 פייער פלאַמען בעדעקט זייער אַנגעזיכט. זעה! דער טאָג פון גאָט קומט,
גרויזאַם און צאָרנדיג, און מיט ברענענדיגען גרימצאָרן, צו מאַכען דאָס
לאַנד פאַר אַ וויסטעניס, און איהרע זינדער וועט ער פאַרטיליגען פון איהר.
10 דען די שטערען פון הימעל און זייערע פּלאַנעטען וועלען ניט לייכטען
זייער ליכט, די זונן איז פערפינסטערט אין איהר אויפגעהען, און די לבנה
11 וועט ניט לאָזען איהר ליכט שיינען. און איך וועל די וועלט (בבל)
בעשטראַפען פאַר איהרע שלעכטיגקייט און די זינדער פאַר זייערע זינד,
און איך וועל צושטערען דעם שטאָלץ פון די מוטהוויליגע, און דעם האָכ־
12 מוטה פון די טיראַנען וועל איך דערניעדעריגען. זעלטענער פון גאָלד
וועל איך מאַכען אַ מענשען (אין בבל), און אַ מאַן (זעלטענער) פון די
13 פיין גאָלד פון אופיר. דארום וועל איך מאַכען די הימלען ציטערען,
דאָס די ערד זאָל ציטערען פון איהר גרונד, דען גאָט פון די הערשאַרען
איז אין צאָרן, דער טאָג פון זיין ברענענדיגען צאָרן איז אָנגעקומען!
14 און עס וועט זיין, ווי אַ פעריאָגטער הירש, ווי אַ שאָף אָהן אַ הירט
(וועלכע קיינער זאַמעלט איין) וועט יעדער זיך ווענדען צו זיין פאָלק,
און אַנטלויפען וועט יעדער נאָך זיין לאַנד.
15 דער וועלכער וועט געפונען ווערען (אין בבל) וועט דערשטאָכען ווערען,
און דער וועלכער וואָס וועט ערגריפען ווערען וועט פאַלען דורכ'ן שווערד.
16 און זייערע זויגעדיגע קינדער וועלען צושמעטערט ווערען פאַר זייערע אויי־
גען, זייערע הייזער וועלען בערויבט ווערען, און זייערע פרויען גע־
שענדעט ווערען.
17 דען זעה! איך דערוועק קעגען זיי מדי, וועלכע אַכטען ניט קיין זילבער,
און גאָלד שעטצען זיי ניט.
18 און זייערע בויגענס וועלען צושמעטערען די יונגע לייט, אויף די ערדלע
פרוכט פון מוטערלייב האָבען זיי ניט קיין מיטלייד, אויף שוואַכע קינ־
דער האָט זייער אויג ניט קיין שאָנענדען בליק.

19 וּפְרִי־בֶטֶן לֹא יְרַחֵמוּ עַל־בָּנִים לֹא־תָחוּס עֵינָם׃ וְהָיְתָה
בָבֶל צְבִי מַמְלָכוֹת תִּפְאֶרֶת גְּאוֹן כַּשְׂדִּים כְּמַהְפֵּכַת
כ אֱלֹהִים אֶת־סְדֹם וְאֶת־עֲמֹרָה׃ לֹא־תֵשֵׁב לָנֶצַח וְלֹא תִשְׁכֹּן
עַד־דּוֹר וָדוֹר וְלֹא־יַהֵל שָׁם עֲרָבִי וְרֹעִים לֹא־יַרְבִּצוּ שָׁם׃
21 וְרָבְצוּ־שָׁם צִיִּים וּמָלְאוּ בָתֵּיהֶם אֹחִים וְשָׁכְנוּ שָׁם בְּנוֹת
22 יַעֲנָה וּשְׂעִירִים יְרַקְּדוּ־שָׁם׃ וְעָנָה אִיִּים בְּאַלְמְנוֹתָיו וְתַנִּים
בְּהֵיכְלֵי עֹנֶג וְקָרוֹב לָבוֹא עִתָּהּ וְיָמֶיהָ לֹא יִמָּשֵׁכוּ׃

## CAP. XIV. יד

יד

א כִּי יְרַחֵם יְהוָה אֶת־יַעֲקֹב וּבָחַר עוֹד בְּיִשְׂרָאֵל וְהִנִּיחָם
עַל־אַדְמָתָם וְנִלְוָה הַגֵּר עֲלֵיהֶם וְנִסְפְּחוּ עַל־בֵּית יַעֲקֹב׃
2 וּלְקָחוּם עַמִּים וֶהֱבִיאוּם אֶל־מְקוֹמָם וְהִתְנַחֲלוּם בֵּית־
יִשְׂרָאֵל עַל אַדְמַת יְהוָה לַעֲבָדִים וְלִשְׁפָחוֹת וְהָיוּ שֹׁבִים
3 לְשֹׁבֵיהֶם וְרָדוּ בְּנֹגְשֵׂיהֶם׃ וְהָיָה בְּיוֹם הָנִיחַ יְהוָה
לְךָ מֵעָצְבְּךָ וּמֵרָגְזֶךָ וּמִן־הָעֲבֹדָה הַקָּשָׁה אֲשֶׁר עֻבַּד־בָּךְ׃
4 וְנָשָׂאתָ הַמָּשָׁל הַזֶּה עַל־מֶלֶךְ בָּבֶל וְאָמָרְתָּ אֵיךְ שָׁבַת
ה נֹגֵשׂ שָׁבְתָה מַדְהֵבָה׃ שָׁבַר יְהוָה מַטֵּה רְשָׁעִים שֵׁבֶט
6 מֹשְׁלִים׃ מַכֶּה עַמִּים בְּעֶבְרָה מַכַּת בִּלְתִּי סָרָה רֹדֶה
7 בָאַף גּוֹיִם מֻרְדָּף בְּלִי חָשָׂךְ׃ נָחָה שָׁקְטָה כָּל־הָאָרֶץ
8 פָּצְחוּ רִנָּה׃ גַּם־בְּרוֹשִׁים שָׂמְחוּ לְךָ אַרְזֵי לְבָנוֹן מֵאָז
9 שָׁכַבְתָּ לֹא־יַעֲלֶה הַכֹּרֵת עָלֵינוּ׃ שְׁאוֹל מִתַּחַת רָגְזָה לְךָ
לִקְרַאת בּוֹאֶךָ עוֹרֵר לְךָ רְפָאִים כָּל־עַתּוּדֵי אָרֶץ הֵקִים
י מִכִּסְאוֹתָם כֹּל מַלְכֵי גוֹיִם׃ כֻּלָּם יַעֲנוּ וְיֹאמְרוּ אֵלֶיךָ גַּם־
11 אַתָּה חֻלֵּיתָ כָמוֹנוּ אֵלֵינוּ נִמְשָׁלְתָּ׃ הוּרַד שְׁאוֹל גְּאוֹנֶךָ
12 הֶמְיַת נְבָלֶיךָ תַּחְתֶּיךָ יֻצַּע רִמָּה וּמְכַסֶּיךָ תּוֹלֵעָה׃ אֵיךְ
נָפַלְתָּ מִשָּׁמַיִם הֵילֵל בֶּן־שָׁחַר נִגְדַּעְתָּ לָאָרֶץ חוֹלֵשׁ עַל־
13 גּוֹיִם׃ וְאַתָּה אָמַרְתָּ בִלְבָבְךָ הַשָּׁמַיִם אֶעֱלֶה מִמַּעַל
לְכוֹכְבֵי־אֵל אָרִים כִּסְאִי וְאֵשֵׁב בְּהַר־מוֹעֵד בְּיַרְכְּתֵי

צפון

י"ד v. 3. המ' בחירק    v. 9. כמש בזק

19 און דאָס וועט ווערען פון בבל, זי וואָס איז געווען די שעהנסטע פון
קעניגרייכען, דער שטאָלץ פון די איבערמוטהיגע כשדים, (זי וועט ווערען)
ווי די איבערקעהרענים פון גאָט, ווי ער האָט איבערגעקעהרט סדום און
20 עמורה. אייביג וועט זי בלייבען אונבעוואָהנט, וויסט, און ניט בעזעצט
פון דור צו דור; קיין אראַבער וועט דאָרטען ניט אויפשטעלען זיין געצעלט,
און קיינע הירטען וועלען דאָרטען ניט מאַכען לאַגערען זייער שאָף.
21 נאָר ווילדע טהיערען וועלען זיך לאַגערען דאָרטען, און זייערע הייזער ווע־
לען זיין פול מיט נאַכט־איילען, און שטרויס־פויגלען וועלען דאָרטען וואָה־
נען, און וואַלדטייפלען וועלען דאָרטען האַלטען זייערע טענץ.
22 ווילדע טהיערען וועלען קרעכצען אין זייערע פּאַלאַצען, און מאנסטערס
אין די שלעסער פון פערגניגען ; יא ! איהר צייט איז נאָהענט
עס קומט אָן, און איהרע טעג וועלען זיך ניט לאַנג צעהלען.

## קאַפּיטעל יד

1 דען גאָט וועט זיך דערבאַרעמען איבער יעקב, און ער וועט ווידער אויס־
ערוועהלען ישראל, און ער וועט זיי לאָזען רוהען אין זיין לאַנד. און די
פּרעמדע וועלען זיך צו זיי בעהעפטען און זיי וועלען זיך אָנשליעסען צו
2 דעם הויז פון יעקב. און פעלקער וועלען זיי נעהמען און וועלען זיי ברענ־
גען צו זייער אָרט, און דאָס הויז פון ישראל וועלען זיי מאַכען פאַר זיך
פאַר אַן אייגענטהום אלס קנעכט און דיענסטען, אויף דעם לאַנד פון גאָט.
און דאָרטען וועלען זיי זיין פאַנגערס (הערען) איבער די וואָס האָבען זיי
געפאַנגען, און זיי וועלען הערשען איבער די וואָס זיינען געווען זייערע
3 אונטערדריקערס. און עס וועט געשעהען אין דעם טאָג ווען גאָט וועט דיר
שענקען רוהע, פון זיין קומער און פון זיין פערדרוס און פון די שווערע אר־
בייט וועלכע עס איז געווען אויפגעלאַדען (געאַרבייטעט געוואָרן) אויף דיר.
4 דאַן זאָלסטו אויפהויבען דיעזען קלאָג־ליעד אויף דעם קעניג פון בבל
און זאָלסט זאָגען : ווערה, ווי רוהט יעצט דער אונטערדריקער ; ווערה,
5 ווי רוהט פאַרט די אונטערדריקונג. יא, גאָט האָט צובראָכען דעם שטע־
6 קען פון די גאָטלאָזע, דעם צעפּטער פון די טיראַנען. ער, דער וואָס האָט
אין זיין גרים פעלקער געשלאָגען, געשלאָגען אָהן אַן אויפהער, ער, דער
וואָס האָט געהערשט מיט צאָרן איבער נאַציאָנען, מיט פערפאָלגונג אונ־
7 אויפהערליך. יעצט רוהעט זי, יעצט איז שטיל די גאַנצע ערד, יעצט
8 האָבען (אַלע) אויסגעבראָכען אין געזאַנג. אויך די טענענבוימער פרעהען
זיך אויף דיין פאַל, (אויך) די צעדערען פון לבנון : זייט דעם דו ליעגסט,
9 וועט דער אויסהאַקער ניט קומען איבער אונז. די אונטערוועלט איילט
מיט שרעקען פון אונטען ענטקעגען דיר, ערוואַרטענדיג דיין אריינצוג
(אָנקומען), די טוידטע זיינען וועגען דיר אויפגערעגט, די אַלע געוועזענע
שטאַרקע פון דער ערד, מען האָט אויפגעשטעלט פון זייערע טהראָנען די
10 אַלע (פּאַרצייטיגע) קעניגע פון די נאַציאָנען. זיי אַלע וועלען אויסרופען
און זאָגען צו דיר : אויך דו ביזט שוואַך געוואָרען אזוי ווי מיר, צו אונז
11 ביזטו געגליכען געוואָרען. עס איז געשטירצט געוואָרען אין דער אונטער־
וועלט דיין שטאָלץ, פערשטומט זיינען די טענער פון דיינע האַרפען, אונ־
טער דיר זיינען אונטערגעבעט ווערים, און דיין צודעק איז אויך פון ווערים.
12 ווי ביזטו אראָבגעפאַלען פון הימעל, דו בעריהמטער מאָרגענשטערען, ווי
ביזטו אָבגעבראָכען געוואָרען און געשטירצט צו דער ערד, דו אונטער־
13 דריקער פון נאַציאָנען. און דו האָסט דיך געדאַכט אין דיין הארצען :
צום הימעל וועל איך אַרויפגעהען, איבער די שטערען פון גאָט וועל איך
דערהויבען מיין זיטץ, און איך וועל זיצען אויף דעם פערזאַמלונגס־באַרג,
אין דער וויטעסטע זייט פון צפון.

צָפוֹן׃ אֶעֱלֶה עַל־בָּמֳתֵי עָב אֶדַּמֶּה לְעֶלְיוֹן׃ אַךְ אֶל־ (14 טו)
שְׁאוֹל תּוּרָד אֶל־יַרְכְּתֵי־בוֹר׃ רֹאֶיךָ אֵלֶיךָ יַשְׁגִּיחוּ אֵלֶיךָ (16)
יִתְבּוֹנָנוּ הֲזֶה הָאִישׁ מַרְגִּיז הָאָרֶץ מַרְעִישׁ מַמְלָכוֹת׃
שָׂם תֵּבֵל כַּמִּדְבָּר וְעָרָיו הָרָס אֲסִירָיו לֹא־פָתַח בָּיְתָה׃ (17)
כָּל־מַלְכֵי גוֹיִם כֻּלָּם שָׁכְבוּ בְכָבוֹד אִישׁ בְּבֵיתוֹ׃ וְאַתָּה (18 19)
הָשְׁלַכְתָּ מִקִּבְרְךָ כְּנֵצֶר נִתְעָב לְבֻשׁ הֲרֻגִים מְטֹעֲנֵי חָרֶב
יוֹרְדֵי אֶל־אַבְנֵי־בוֹר כְּפֶגֶר מוּבָס׃ לֹא־תֵחַד אִתָּם בִּקְבוּרָה (כ)
כִּי־אַרְצְךָ שִׁחַתָּ עַמְּךָ הָרָגְתָּ לֹא־יִקָּרֵא לְעוֹלָם זֶרַע
מְרֵעִים׃ הָכִינוּ לְבָנָיו מַטְבֵּחַ בַּעֲוֹן אֲבוֹתָם בַּל־יָקֻמוּ (21)
וְיָרְשׁוּ אָרֶץ וּמָלְאוּ פְנֵי־תֵבֵל עָרִים׃ וְקַמְתִּי עֲלֵיהֶם נְאֻם (22)
יְהוָה צְבָאוֹת וְהִכְרַתִּי לְבָבֶל שֵׁם וּשְׁאָר וְנִין וָנֶכֶד נְאֻם־
יְהוָה׃ וְשַׂמְתִּיהָ לְמוֹרַשׁ קִפֹּד וְאַגְמֵי־מָיִם וְטֵאטֵאתִיהָ (23)
בְּמַטְאֲטֵא הַשְׁמֵד נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת׃ נִשְׁבַּע יְהוָה (24)
צְבָאוֹת לֵאמֹר אִם־לֹא כַּאֲשֶׁר דִּמִּיתִי כֵּן הָיָתָה וְכַאֲשֶׁר
יָעַצְתִּי הִיא תָקוּם׃ לִשְׁבֹּר אַשּׁוּר בְּאַרְצִי וְעַל־הָרַי (כה)
אֲבוּסֶנּוּ וְסָר מֵעֲלֵיהֶם עֻלּוֹ וְסֻבֳּלוֹ מֵעַל שִׁכְמוֹ יָסוּר׃
זֹאת הָעֵצָה הַיְּעוּצָה עַל־כָּל־הָאָרֶץ וְזֹאת הַיָּד הַנְּטוּיָה (26)
עַל־כָּל־הַגּוֹיִם׃ כִּי־יְהוָה צְבָאוֹת יָעָץ וּמִי יָפֵר וְיָדוֹ (27)
הַנְּטוּיָה וּמִי יְשִׁיבֶנָּה׃ בִּשְׁנַת־מוֹת הַמֶּלֶךְ אָחָז (28)
הָיָה הַמַּשָּׂא הַזֶּה׃ אַל־תִּשְׂמְחִי פְלֶשֶׁת כֻּלֵּךְ כִּי נִשְׁבַּר (29)
שֵׁבֶט מַכֵּךְ כִּי־מִשֹּׁרֶשׁ נָחָשׁ יֵצֵא צֶפַע וּפִרְיוֹ שָׂרָף
מְעוֹפֵף׃ וְרָעוּ בְּכוֹרֵי דַלִּים וְאֶבְיוֹנִים לָבֶטַח יִרְבָּצוּ (ל)
וְהֵמַתִּי בָרָעָב שָׁרְשֵׁךְ וּשְׁאֵרִיתֵךְ יַהֲרֹג׃ הֵילִילִי שַׁעַר (31)
זַעֲקִי־עִיר נָמוֹג פְּלֶשֶׁת כֻּלֵּךְ כִּי מִצָּפוֹן עָשָׁן בָּא וְאֵין בּוֹדֵד
בְּמוֹעָדָיו׃ וּמַה־יַּעֲנֶה מַלְאֲכֵי־גוֹי כִּי יְהוָה יִסַּד צִיּוֹן וּבָהּ (32)
יֶחֱסוּ עֲנִיֵּי עַמּוֹ׃

משא

v. 21. קמץ בז״ק — v. 24. קמץ בז״ק — v. 27. קמץ במרחא

14 איך וועל אַרויפשטייגען אויף די העכסטע פּלעצער פון די וואָלקענס, איך
15 וועל גלייך זיין צו דעם העכסטען (גאָט). אָבער נאָר צו דער אונטערוועלט
וועסטו אַראָבגעבראַכט ווערען, אין די ווייטעסטע טיפעניסען פון דער גרוב.
16 די וועלכע וועלען דיך זעהען, (וועלען מיט ערשטוינען) קוקען אויף דיר,
זיי וועלען דיך גוט בעטראַכטען (און זאָגען) : איז דאָס דער וואָס האָט גע־
מאַכט ציטערען די ערד, וואָס האָט געמאַכט שטורעמען קעניגרייכען ?
17 ער, וואָס האָט געמאַכט די וועלט ווי אַ וויסטעניס, און איהרע שטעדט
האָט ער צושטערט, פאַר זיינע געבונדענע האָט ער קיינמאָל ניט אויפגע־
18 עפענט דאָס געפענגניס הויז. אַלע קעניגע פון די פעלקער, אַלע רוהען
19 עהרענפול יעדער אין זיין אייביגען הויז. אָבער דו ביזט אַרויסגעוואָרפען
געוואָרען פון דיין גרוב, ווי אַ פערפוילטער צווייג וואַלגערסטו זיך אין אַ
קלייד פון דערשלאָגענע, פון דערשטאָכענע דורך שווערד, ווי די וועל־
כע געהען אַרונטער צו די שטיינער פון גרוב ווי אַ צוטרעטענער פּגר.
20 (ניין) אויך מיט זיי וועסטו ניט פעראייניגט ווערען אין בעערדיגונג,
דען דיין אייגענע לאַנד האָסטו פערוויסט, דיין אייגענע פאָלק האָסטו
גע‏מאָרדעט. אויך די קינדער פון די פערברעכער זאָלען אויף אייביג ניט
21 דערמאָהנט ווערען. גרייט צו אַ שלאַכט פאַר זיינע קינדער, פאַר די זינד
פון זייערע עלטערען, ניט אויפקומען זאָלען זיי, און ניט זאָלען זיי בעהער־
שען די ערד, און דאַן וועט דאָס געזיכט פון דער וועלט פול ווערען מיט
22 שטעדט. און איך וועל אויפשטעהען קעגען זיי, זאָגט דער גאָט פון די
הערשאַרען, און איך וועל אויסראָטהען פון בבל אַ נאָמען און אַ שפּור
23 א זוהן און אַן אייניקעל, זאָגט גאָט. און איך וועל איהר מאַכען
צום ערבטהייל פון איגעל, און וואַסער־זומפּען, און איך וועל איהר אויס־
קעהרען מיט אַ בעזים פון פערניכטונג, זאָגט דער גאָט פון די הערשאַרען.
24 אַזוי האָט גאָט פון די הערשארען געשוואָרען : פיר וואהר ! ווי איך
האָב עס בעשלאָסען, אַזוי זאָל עס זיין, און אַזוי האָב איך מיך בעראַטהען
25 אַזוי וועט עס בעשטעהען. צו צובּרעכען אַשור אין מיין לאַנד, און אויף
מיינע בערג וועל איך איהם צוטרעטען, און זיין יאָך זאָל פון זיי(די ישראל)
אָבגעטהאָן ווערען, און זיין לאַסט זאָל אָבגעטהאָן ווערען פון זיין שולטער.
26 דאָס איז דער בעשלוס וועלכער איז בעשלאָסען איבער די גאַנצע ערד,
און דאָס איז די האַנד וואָס איז אויסגעשטרעקט איבער די אַלע פעלקער.
27 דען דער גאָט פון די הערשארען האָט עס בעשלאָסען און ווער קען עס
צושטערען ? עס איז זיין האַנד, די וואָס איז אויסגעשטרעקט, און ווער
28 וועט איהר אָבווענדען ? אין דעם יאָהר פון קעניג אחז׳ס טוידט איז דיע־
29 זער פאָרטראָג געווען : דו זאָלסט דיך ניט פרעהען, גאַנץ פּלשת, ווען
אויך עס איז צובראָכען געוואָרען דער שטעקען וואָס האָט דיר געשלאָגען
(אחז), אָבער פון דעם וואָרצעל פון אַ שלאַנג קומט אַרויס אַ נאָטער, און
30 זיין פרוכט איז אַ פליהענדער דראַכע. און די אַרעמע פון די ערשט־
געבאָרענע (ישראל) וועלען זיך ווייִדען (און לאַגערען) אין זיכערהייט, און
די נויטה בעדערפטיגע וועלען (זיך ווייִדען און) לאַגערען אין זיכערהייט,
אָבער דיין וואָרצעל וועל איך טוידטען דורך הונגער, און דיין איבער־
רעסט וועט ער (חזקיהו זוהן פון אחז) דערשלאַגען.
31 יאָמער, דו טהויער, שריי, דו שטאָדט, פון שרעק צוגאַנגען ביזטו גאַנץ
פּלשת, דען פון צפון קומט אָן אַ רויך (די מחנה פון אַשור) און קיינער
פון זיי וועט ניט בלייבען אַיינזאַם ווען ער ציהט נאָך זיין בעשטימטען
אָרט.
32 אָבער וואָס וועט ער ענטפערען (חזקיהו) צו די געזאַנדטע פון די פעל־
קער : פירוואהר ! גאָט האָט געגרינדעט ציון, און אין איהר וועלען
זיך בעשיצען די אַרמע פון זיין פאָלק.

## טו CAP. XV. טו

א מַשָּׂא מוֹאָב כִּי בְּלֵיל שֻׁדַּד עָר מוֹאָב נִדְמָה כִּי בְּלֵיל
2 שֻׁדַּד קִיר־מוֹאָב נִדְמָה׃ עָלָה הַבַּיִת וְדִיבֹן הַבָּמוֹת לְבֶכִי
עַל־נְבוֹ וְעַל מֵידְבָא מוֹאָב יְיֵלִיל בְּכָל־רֹאשָׁיו קָרְחָה כָּל־
3 זָקָן גְּרוּעָה׃ בְּחוּצֹתָיו חָגְרוּ שָׂק עַל־גַּגּוֹתֶיהָ וּבִרְחֹבֹתֶיהָ
4 כֻּלֹּה יְיֵלִיל יֹרֵד בַּבֶּכִי׃ וַתִּזְעַק חֶשְׁבּוֹן וְאֶלְעָלֵה עַד־יַהַץ
נִשְׁמַע קוֹלָם עַל־כֵּן חֲלֻצֵי מוֹאָב יָרִיעוּ נַפְשׁוֹ יָרְעָה לוֹ׃
ה לִבִּי לְמוֹאָב יִזְעָק בְּרִיחֶהָ עַד־צֹעַר עֶגְלַת שְׁלִשִׁיָּה כִּי ׀
מַעֲלֵה הַלּוּחִית בִּבְכִי יַעֲלֶה־בּוֹ כִּי דֶּרֶךְ חוֹרֹנַיִם זַעֲקַת־
6 שֶׁבֶר יְעֹעֵרוּ׃ כִּי־מֵי נִמְרִים מְשַׁמּוֹת יִהְיוּ כִּי־יָבֵשׁ חָצִיר
7 כָּלָה דֶשֶׁא יֶרֶק לֹא הָיָה׃ עַל־כֵּן יִתְרָה עָשָׂה וּפְקֻדָּתָם
8 עַל נַחַל הָעֲרָבִים יִשָּׂאוּם׃ כִּי־הִקִּיפָה הַזְּעָקָה אֶת־גְּבוּל
9 מוֹאָב עַד־אֶגְלַיִם יִלְלָתָהּ וּבְאֵר אֵילִים יִלְלָתָהּ׃ כִּי מֵי
דִימוֹן מָלְאוּ דָם כִּי־אָשִׁית עַל־דִּימוֹן נוֹסָפוֹת לִפְלֵיטַת
מוֹאָב אַרְיֵה וְלִשְׁאֵרִית אֲדָמָה׃

## טז CAP. XVI. טז

א שִׁלְחוּ־כַר מֹשֵׁל־אֶרֶץ מִסֶּלַע מִדְבָּרָה אֶל־הַר בַּת־צִיּוֹן׃
2 וְהָיָה כְעוֹף־נוֹדֵד קֵן מְשֻׁלָּח תִּהְיֶינָה בְּנוֹת מוֹאָב מַעְבָּרוֹת
3 לְאַרְנוֹן׃ הָבִיאוּ עֵצָה עֲשׂוּ פְלִילָה שִׁיתִי כַלַּיִל צִלֵּךְ
4 בְּתוֹךְ צָהֳרָיִם סַתְּרִי נִדָּחִים נֹדֵד אַל־תְּגַלִּי׃ יָגוּרוּ בָךְ
נִדָּחַי מוֹאָב הֱוִי־סֵתֶר לָמוֹ מִפְּנֵי שׁוֹדֵד כִּי־אָפֵס הַמֵּץ
ה כָּלָה שֹׁד תַּמּוּ רֹמֵס מִן־הָאָרֶץ׃ וְהוּכַן בַּחֶסֶד כִּסֵּא
וְיָשַׁב עָלָיו בֶּאֱמֶת בְּאֹהֶל דָּוִד שֹׁפֵט וְדֹרֵשׁ מִשְׁפָּט וּמְהִר
6 צֶדֶק׃ שָׁמַעְנוּ גְאוֹן־מוֹאָב גֵּא מְאֹד גַּאֲוָתוֹ וּגְאוֹנוֹ וְעֶבְרָתוֹ
7 לֹא־כֵן בַּדָּיו׃ לָכֵן יְיֵלִיל מוֹאָב לְמוֹאָב כֻּלֹּה יְיֵלִיל לַאֲשִׁישֵׁי
8 קִיר־חֲרֶשֶׂת תֶּהְגּוּ אַךְ־נְכָאִים׃ כִּי שַׁדְמוֹת חֶשְׁבּוֹן אֻמְלָל
גֶּפֶן שִׂבְמָה בַּעֲלֵי גוֹיִם הָלְמוּ שְׂרוּקֶּיהָ עַד־יַעְזֵר נָגָעוּ תָּעוּ

מדבר

ט״ו v 2 ב״א נחעה v 6. קמץ בז״ק ט״ז v 3 הביאי ק
ibid. עשו קרי v 8 דגש אחר ח״ע ibid. ... ibid. ...

## קאפיטעל טו

1 די פראפעצייהונג איבער מואב : אין איין נאכט איז צורויבט געווארען
ער, מואב איז אונטערגעגאנגען, אין איין נאכט איז צורזיבט געווארען
2 קיר, מואב איז אונטערגעגאנגען. יעדער איז ארויפגעגאנגען צו זיין גע־
צענטעמפעל, און נאך די הויכע געבעט הייזער פון דיבון לויפט מען צו וויי־
נען, אויף נבו און אויף מידבא יאמערט מואב, אין אלע זיינע קעפ איז די
האאר אויסגעפליקט, יעדער בארד איז אבגעשניטען (א סימן פון טרויער).
3 אין זיינע גאסען געהען אלע אנגעגורט מיט זעק, אויף איהרע דעכער און
אין איהרע שטראסען יאמערט אלעס, יעדער צערפליסט אין געוויין.
4 און חשבון און אלעלה יאמערען, ביז יהץ ווערט זייער שטים געהערט ;
דארום קלאגען די קריעגערס העלדען פון מואב, (אבער) יעדערען איז
5 וועה נאר פאר זיין אייגען לעבען. מיין הערץ שרייט פאר מואב, איהרע
אנטלאפענע, אט פון דער געשטאפטער קאלב (האבען זיי געלאזט הערען א
געשריי) ביז צער, דען אויף דעם ארויפגאנג פון לוחית געהט יעדער ארויף
מיט געוויין דען אויף דעם וועג פון חרנים דערהויבען זיי א יאמער געשריי.
6 דען די וואסערען פון נמרים וועלען וויסט ווערען, דען פערטריקענט איז
דאס גראז, אויסגעגאנגען איז דאס גרינס, קיין קרייטער איז מעהר ניטא.
7 דארום זייער פערמעגען וואס זיי האבען ערווארבען און זייער פער־
בארגענעס גוט, וועלען זיי אוועקטראגען אויף דעם טייך פון די ווידען
8 (ביים גרענעץ פון אדום). דען דער יאמער געשריי האט ארומגערינגעלט
די גרענעצען פון מואב, ביז אגלים (הערט זיך) איהר יאמער, און ביז באר
9 אלים איהר יאמער. דען די וואסערען פון דימון זיינען פול מיט בלוט,
דען איך וועל נאך צולעגען אויף (די וואסער) פון דימון א פערמעהרונג
(בלוט). אויף די אנטרונענע פון מואב — א לייב (דער שונא), און אויף
דעם איבעררעסט פון דעם לאנד (א לייב).

## קאפיטעל טז

1 שיקט פעטע שעפסען צו דעם הערשער פון לאנד (יהודה), פון סלע נאך דער
2 וויסטע, צו דעם בארג פון דער טאכטער פון ציון. און עס וועט געשעהען,
דאס ווי א פערוואגעלטע פויגעל, ווי א פערטריבענער (פויגעל) פון נעסט,
וועלען זיין די טעכטער פון מואב ביי די פאראמען(איבערגענגע)פון ארנון.
3 (זאגט צו יהודה) : „ברענג א ראטה, טהו א זאנדערבארע גנארע, מאך
דיין שאטען אין מיטען טאג אזוי ווי די נאכט ; פערבארג די פערשטוי־
סענע, דעם פערוואגעלטען זאלסטו ניט אפענבארען (ארויסגעבען).
4 לאזען מיינע פערשטויסענע, מואב, ביי דיר וואהנען, זיי פאר זיי א
פערבערגונג פון דעם רויבער, ביז די דריקונג וועט אויפהערען, (ביז)
עס וועט נעהמען אן ענדע צו די רויב (ביז) די צוטרעטער וועלען פער־
5 שווינדען פון דעם לאנד. און פעסט געשטעלט אויף גנאד איז דאך דער
(אייער) טהראן, אין דעם געצעלט פון דוד, און אויף איהם זיצט א הער־
שער פון וואהרהייט, א ריכטער, וועלכער זוכט רעכט, און איז געשיקט אין
6 גערעכטיגקייט". מיר האבען אבער געהערט דעם שטאלץ פון מואב, ער
איז זעהר שטאלץ, זיין איבערמוטה, און זיין שטאלצהייט און זיין צא־ן.
7 מיר האבען געהערט זיינע פאלשקייט און זיינע ליגענס. דארום וועט
מואב יאמערען, אויף מואב וועט יעדער יאמערען, וועגען (דעם חורבן פון)
די געטריקענטע וויינטרויבען פון קיר חרשת וועט איהר זיפצען, נאר גע־
8 דערגעשלאגען פון טרויער (וועט איהר זיין). דען די פעלדער פון חשבון
זיינען פערוועלקט, דער וויינשטאק פון שבמה, [די הערשער פון די פעל־
קער, האבען צושלאגען איהרע צווייגען], זיי האבען ביז יעזר געגרייכט,
זיין וויין איז געגאנגען ווייט ביז'ן מדבר, איהרע אויסגעשטרעקטע צווייגען
האבען זיך פערשפרייט, און זיינען אריבער די ימים (איהר ווינהאנדעל).

מִדְבָּר שְׁלֻחוֹתֶיהָ נִטְּשׁוּ עָבְרוּ יָם׃ עַל־כֵּן אֶבְכֶּה בִּבְכִי 9
יַעְזֵר גֶּפֶן שִׂבְמָה אֲרַיָּוֶךְ דִּמְעָתִי חֶשְׁבּוֹן וְאֶלְעָלֵה כִּי עַל־
קֵיצֵךְ וְעַל־קְצִירֵךְ הֵידָד נָפָל׃ וְנֶאֱסַף שִׂמְחָה וָגִיל מִן־ י
הַכַּרְמֶל וּבַכְּרָמִים לֹא־יְרֻנָּן לֹא יְרֹעָע יַיִן בַּיְקָבִים לֹא־יִדְרֹךְ
הַדֹּרֵךְ הֵידָד הִשְׁבַּתִּי׃ עַל־כֵּן מֵעַי לְמוֹאָב כַּכִּנּוֹר יֶהֱמוּ 11
וְקִרְבִּי לְקִיר חָרֶשׂ׃ וְהָיָה כִי־נִרְאָה כִּי־נִלְאָה מוֹאָב עַל־ 12
הַבָּמָה וּבָא אֶל־מִקְדָּשׁוֹ לְהִתְפַּלֵּל וְלֹא יוּכָל׃ זֶה הַדָּבָר 13
אֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה אֶל־מוֹאָב מֵאָז׃ וְעַתָּה דִּבֶּר יְהוָה לֵאמֹר 14
בְּשָׁלֹשׁ שָׁנִים כִּשְׁנֵי שָׂכִיר וְנִקְלָה כְּבוֹד מוֹאָב בְּכֹל הֶהָמוֹן
הָרָב וּשְׁאָר מְעַט מִזְעָר לוֹא כַבִּיר׃

## CAP. XVII. יז

מַשָּׂא דַּמָּשֶׂק הִנֵּה דַמֶּשֶׂק מוּסָר מֵעִיר וְהָיְתָה מְעִי א
מַפָּלָה׃ עֲזֻבוֹת עָרֵי עֲרֹעֵר לַעֲדָרִים תִּהְיֶינָה וְרָבְצוּ וְאֵין 2
מַחֲרִיד׃ וְנִשְׁבַּת מִבְצָר מֵאֶפְרַיִם וּמַמְלָכָה מִדַּמֶּשֶׂק 3
וּשְׁאָר אֲרָם כִּכְבוֹד בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל יִהְיוּ נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת׃
וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא יִדַּל כְּבוֹד יַעֲקֹב וּמִשְׁמַן 4
בְּשָׂרוֹ יֵרָזֶה׃ וְהָיָה כֶּאֱסֹף קָצִיר קָמָה וּזְרֹעוֹ שִׁבֳּלִים ה
יִקְצוֹר וְהָיָה כִּמְלַקֵּט שִׁבֳּלִים בְּעֵמֶק רְפָאִים׃ וְנִשְׁאַר־בּוֹ 6
עֹלֵלוֹת כְּנֹקֶף זַיִת שְׁנַיִם שְׁלֹשָׁה גַּרְגְּרִים בְּרֹאשׁ אָמִיר
אַרְבָּעָה חֲמִשָּׁה בִּסְעִפֶיהָ פֹּרִיָּה נְאֻם־יְהוָה אֱלֹהֵי
יִשְׂרָאֵל׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִשְׁעֶה הָאָדָם עַל־עֹשֵׂהוּ וְעֵינָיו אֶל־ 7
קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל תִּרְאֶינָה׃ וְלֹא יִשְׁעֶה אֶל־הַמִּזְבְּחוֹת 8
מַעֲשֵׂה יָדָיו וַאֲשֶׁר עָשׂוּ אֶצְבְּעֹתָיו לֹא יִרְאֶה וְהָאֲשֵׁרִים
וְהָחַמָּנִים׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיוּ ׀ עָרֵי מָעֻזּוֹ כַּעֲזוּבַת 9
הַחֹרֶשׁ וְהָאָמִיר אֲשֶׁר עָזְבוּ מִפְּנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְהָיְתָה
שְׁמָמָה׃ כִּי שָׁכַחַתְּ אֱלֹהֵי יִשְׁעֵךְ וְצוּר מָעֻזֵּךְ לֹא זָכָרְתְּ י
עַל־כֵּן תִּטְּעִי נִטְעֵי נַעֲמָנִים וּזְמֹרַת זָר תִּזְרָעֶנּוּ׃ בְּיוֹם 11

נטעך

מ״ז v. 9. מלעל v. 10. פתח בס״פ

9 דאָרום וועל איך בעוויינען מיט א געוויין, אך יעזר ! אך וויינשטאָק פון
שבמה ! איך וועל דיך זעטיגען מיט מיינע טרעהרען חשבון און אלעלה, דען
איבער דיינע זומער פרוכט און דיין וויינ־איינזאמלונג איז דער שלאכט־
10 געשריי געפאלען. און פערניכטעט וועט ווערען פרייד און לוסט פון די
פרוכטפעלדער, און אין די וויינגערטנער וועט ניט געזונגען ווערען, און
עס וועט ניט געליארעמט ווערען. וויין אין די קעלערען וועט ניט אויס־
11 טרעטען דער טרעטער, דעם פיינד־געשריי האָב איך צושטערט. דארום
זיינען מיינע אינגעווייד אויפגערעגט פאר מואָב, ווי א פידעל ברומען זיי,
12 און מיין אינערליכעס מיטלייד פאר קיר חרש. און עס וועט זיין, ווען עס
וועט זיך ארויסצייגען דאָס מואָב איז מיעד געוואָרען אויף די הויכע געבעט
הייזער (עס האָט איהם ניט געהאָלפען), דאן וועט ער געהען צו זיין גרעס־
טען טעמפעל צו בעטען, אָבער ער וועט ניט קענען בייקומען (דעם פיינד).
13 דאָס איז דאָס וואָרט וואָס גאָט האָט גערעדט וועגען מואָב פון א לאנגע
14 צייט אָן. און יעצט האָט גאָט גערעדט, אזוי צו זאגען : אין דריי יאהר,
אזוי ווי די יאָהרען פון א טאָג־לאָהנער (ריכטיג אויפ׳ן מינוט), וועט
גרינג געשעצט ווערען די עהרע פון מואָב, טראָטץ זיין צאָהלרייכע מאססע,
און דער איבערגעבליבען וועט זיין זעהר ווענינ, ניט פיעל.

## קאפיטעל יז

1 די פראָפעצייהונג איבער דמשק, זעה, דמשק ווערט אָבגעשאפט פון צו
2 זיין א שטאָדט, און זי וועט ווערען א הויפען טרימער. פערלאָזען ווע־
לען ווערען די שטעדט פון ערער, פאר הערדען (סטאדעס) וועלען
זיי זיין, און זיי וועלען דאָרטען לאגערן און קיינער וועט זיי ניט דערשרע־
3 קען. און עס וועט פערשטערט ווערען א פעסטונג פון אפרים, און א קע־
ניגרייך פון דמשק ; דער איבערגעבליבען פון דמשק וועט ווערען (ניעדעריג)
ווי די עהרע פון די קינדער פון ישראל, זאָגט גאָט פון די הערשארען.
4 און עס וועט געשעהען אין יענעם טאָג וועט אָרעם ווערען די עהרע פון
יעקב, און די פעטיגקייט פון זיין פלייש וועט אָבגעמאָגערט ווערען.
5 און עס וועט זיין, אזוי ווי דער שניטער זאמעלט איין דאָס שטעהענ־
דיגע קאָרן, און מיט זיין אָרעם שניידט ער די זאנגען, (אזוי וועט גאָט
זיי אָבשניידען). און עס וועט זיין, אזוי ווי מען קלייבט אויף די זאנגען
6 אין דעם טהאָל פון רפאים (איינעם ביי איינעם). דאָך וועלען איבער־
בלייבען פון איהם (אין יהודה) יונגע פרוכט, ווי ביי דעם אָבשאָקלען פון
אן אוילבערטבוים, צוויי דריי קערנער אויף דעם שפיץ פון דעם אויבערש־
טען צווייג, פיער פינף אויף די צווייגען פון דעם פרוכטבארען וויינשטאָק,
7 זאָגט גאָט דער הערר פון ישראל. אין יענעם טאָג וועט זיך דער מענש
קעהרען צו זיין בעשעפער, און זיינע אויגען וועלען קוקען צו דעם הייליגען
8 פון ישראל. און ער וועט זיך ניט מעהר קעהרען צו די אלטארען (מזבחות),
וואָס ער האָט געמאכט (פאר די געצען) די ווערק פון זיינע אייגענע הענד.
און דאָס וואָס זיינע פינגער האָבען געמאכט וועט ער ניט מעהר אָנזעהען,
9 און ניט די הייליגע בוימער, און ניט די זונן־בילדער. אין יענעם טאָג
וועלען זיינע בעפעסטיגטע שטעדט ווערען ווי די פערוויסטונג פון די
וועלדער און די בארגשפיטצען וועלכע זיי האָבען אמאָל פערלאָזען צו־
ליעב די קינדער פון ישראל. און אזוי וויסט וועט זי (דאס לאנד) ווערען,
10 ווייל דו האָסט פערגעסען דעם גאָט פון דיין הילף, און אָן דעם פעלז פון
דיין שטארקייט האָסטו ניט געדענקט, דארום דאָס וואָס דו האָסט א
מאָל געפלאנצט ליעבליכע פלאנצונגען, זיינען געוואָרען ווי זיי וואָלטען
געווען איינגעזעצט פון עקעלהאפטע צווייגען.
11 אין דיין פלאנצונגסטאָג האָסטו געוואקסען וואונדערבאר גרויס, און אין
יענעם פריה־מאָרגען איז געווען דיינע זאָמען אין פול בליהונג, אָבער פאר־

נִטְעֵךְ תְּשַׂגְשֵׂגִי וּבַבֹּקֶר זַרְעֵךְ תַּפְרִיחִי נֵד קָצִיר בְּיוֹם
12 נַחֲלָה וּכְאֵב אָנוּשׁ׃ הוֹי הֲמוֹן עַמִּים רַבִּים כַּהֲמוֹת
יַמִּים יֶהֱמָיוּן וּשְׁאוֹן לְאֻמִּים כִּשְׁאוֹן מַיִם כַּבִּירִים יִשָּׁאוּן׃
13 לְאֻמִּים כִּשְׁאוֹן מַיִם רַבִּים יִשָּׁאוּן וְגָעַר בּוֹ וְנָס מִמֶּרְחָק
14 וְרֻדַּף כְּמֹץ הָרִים לִפְנֵי־רוּחַ וּכְגַלְגַּל לִפְנֵי סוּפָה׃ לְעֵת
עֶרֶב וְהִנֵּה בַלָּהָה בְּטֶרֶם בֹּקֶר אֵינֶנּוּ זֶה חֵלֶק שׁוֹסֵינוּ
וְגוֹרָל לְבֹזְזֵינוּ׃

## CAP. XVIII. יח

יח

א 2 הוֹי אֶרֶץ צִלְצַל כְּנָפָיִם אֲשֶׁר מֵעֵבֶר לְנַהֲרֵי־כוּשׁ׃ הַשֹּׁלֵחַ
בַּיָּם צִירִים וּבִכְלֵי־גֹמֶא עַל־פְּנֵי־מַיִם לְכוּ ׀ מַלְאָכִים קַלִּים
אֶל־גּוֹי מְמֻשָּׁךְ וּמוֹרָט אֶל־עַם נוֹרָא מִן־הוּא וָהָלְאָה גּוֹי
3 קַו־קָו וּמְבוּסָה אֲשֶׁר־בָּזְאוּ נְהָרִים אַרְצוֹ׃ כָּל־יֹשְׁבֵי תֵבֵל
וְשֹׁכְנֵי אָרֶץ כִּנְשֹׂא־נֵס הָרִים תִּרְאוּ וְכִתְקֹעַ שׁוֹפָר תִּשְׁמָעוּ׃
4 כִּי כֹה אָמַר יְהוָה אֵלַי אֶשְׁקוֹטָה וְאַבִּיטָה בִמְכוֹנִי
ה כְּחֹם צַח עֲלֵי־אוֹר כְּעָב טַל בְּחֹם קָצִיר׃ כִּי־לִפְנֵי קָצִיר
כְּתָם־פֶּרַח וּבֹסֶר גֹּמֵל יִהְיֶה נִצָּה וְכָרַת הַזַּלְזַלִּים
6 בַּמַּזְמֵרוֹת וְאֶת־הַנְּטִישׁוֹת הֵסִיר הֵתַז׃ יֵעָזְבוּ יַחְדָּו לְעֵיט
הָרִים וּלְבֶהֱמַת הָאָרֶץ וְקָץ עָלָיו הָעַיִט וְכָל־בֶּהֱמַת הָאָרֶץ
7 עָלָיו תֶּחֱרָף׃ בָּעֵת הַהִיא יוּבַל־שַׁי לַיהוָה צְבָאוֹת
עַם מְמֻשָּׁךְ וּמוֹרָט וּמֵעַם נוֹרָא מִן־הוּא וָהָלְאָה גּוֹי ׀ קַו־
קָו וּמְבוּסָה אֲשֶׁר בָּזְאוּ נְהָרִים אַרְצוֹ אֶל־מְקוֹם שֵׁם־יְהוָה
צְבָאוֹת הַר־צִיּוֹן׃

## CAP. XIX. יט

יט

א מַשָּׂא מִצְרָיִם הִנֵּה יְהוָה רֹכֵב עַל־עָב קַל וּבָא מִצְרַיִם
וְנָעוּ אֱלִילֵי מִצְרַיִם מִפָּנָיו וּלְבַב מִצְרַיִם יִמַּס בְּקִרְבּוֹ׃
2 וְסִכְסַכְתִּי מִצְרַיִם בְּמִצְרַיִם וְנִלְחֲמוּ אִישׁ בְּאָחִיו וְאִישׁ
3 בְּרֵעֵהוּ עִיר בְּעִיר מַמְלָכָה בְּמַמְלָכָה׃ וְנָבְקָה רוּחַ־
מצרים

יח v. 4. יתיר י — v. 5. ה׳ רפה ibid. פתח בס״פ

14 ער זיך. און ציון האָט געזאָגט: דען דער אייביגער האָט מיך פערלאָזען,
15 און גאָט האָט מיך פערגעסען. קען דען א פרוי פערגעסען איהר זויגעדיגען קינד, זיך ניט צו ערבארעמען אויף דאָס קינד פון איהר ליַיב ? ווען אויך
16 די דאָזיגע זאָלען יא פערגעסען, אָבער איך וועל דיך ניט פערגעסען. זעה, אויף די הענד האָב איך דיך אויסגעקריצט, דיינע מויערען שטעהען שטענ־
17 דיג פאר מיינע אויגען. דיינע קינדער, דיינע אויפבויער, איילען צו קו־ מען ; דיינע צערשטערער און דיינע פערוויסטער וועלען פון דיר ארויס־
18 געהען. הויב אויף דיינע אויגען רינגס ארום און זעה ; זיי וועלען האָ־ בען זיך פערזאמעלט און זיינען געקומען צו דיר ; ווי איך לעב — זאָגט גאָט — דאָס דו וועסט זיך מיט זיי אַלעמען בעציערען ווי מיט א ציערונג,
19 און דו וועסט זיי אויף זיך אָנבינדען ווי א כלה, אויף דיינע רואינען און דיינע וויסטע ערטער און דיין צושטערטעס לאַנד, דען יעצט וועסטו ענג זיין צוליעב די פיעל איינוואָהנער, און דיינע פערדערבער וועלען זיך דער־
20 וויטערען. עס וועט נאָך קומען א צייט דאָס דיינע פערלאָרענע קינ־ דער וועלען זאָגען אין דיינע אויערען : דער אָרט איז פאר מיר צו ענג,
21 רוק זיך אָב פון מיינעטוועגען, דאָס איך זאָל קענען זיצען. און דו וועסט זאָגען אין דיין הארצען : ווער האָט מיר די געבאָרען ? און איך בין דאָך געווען קינדערלאָז און איינזאם, פערטריעבען און פערשטויסען, און די ווער האָט אויפגעהאָדעוועט ? זעה, איך בין דאָך איבערגעבליעבען
22 אַליין, אָט די פון וואַנען זיינען זיי ? אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער הערר: זעה, איך וועל אויפהויבען צו די נאַציאָנען מיין האַנד, צו די פעלקער וועל איך אויפהויבען מיין פאָהן און זיי וועלען ברענגען דיינע זיהן אין (זייער) בוזעם, און דיינע טעכטער וועלען אויף דעם שולטער געטראָגען ווערען.
23 און קעניגע וועלען זיין דיינע ערציהערס, און זייערע פירשטינעס—דיינע אמען; מיט דעם אנגעזיכט צו דער ערד וועלען זיי זיך בוקען צו דיר, און דעם שטויב פון דיינע פיס וועלען זיי לעקען, און דו וועסט וויסען דאָס איך בין גאָט, און די וואָס האָפען אויף מיר וועלען ניט פערשעהמט ווערען.
24 קען דען פון דעם שטאַרקען דער רויב אַוועקגענומען ווערען ? אָדער קען דער פאַנג פון איהם וואָס האַלט זיך גערעכט ענטרונען ווערען ?
25 דען אַזוי האָט גאָט געזאָגט : אויך דער פאַנג פון דעם שטאַרקען וועט אַוועקגענומען ווערען, און דער רויב פון דעם טיראַן וועט ענטרונען ווערען, און מיט די וואָס קריגען זיך מיט דיר וועל איך זיך קריגען, און דיינע קינדער וועל איך זעלבסט העלפען.
26 און איך וועל מאַכען עסען דיינע בעדריקערס זייער אייגען פלייש, און ווי פון פרישען וויין וועלען זיי בעטרונקען ווערען פון זייער אייגענעם בלוט, און יעדעס בעשעפעניס זאָל וויסען דאָס איך גאָט בין דיין העל־ פער, און דיין אויסלעזער איז דער שטאַרקער גאָט פון יעקב.

## קאַפּיטעל נ

1 אַזוי האָט גאָט געזאָגט : וואוּ איז דער שייד־בריעף פון אייער מוטער מיט וועלכען איך האָב זי אַוועקגעשיקט ? אָדער ווער פון מיינע מאָה־ נערס (קען האָבען א טענה) דאָס איך האָב אייך פערקויפט צו איהם ? זעהט, נור פאר אייערע זינד זייט איהר פערקויפט געוואָרען, און פאר אייערע פערברעכען איז אייער מוטער אַוועקגעשיקט געוואָרען.
2 ווארום בין איך געקומען (צו אייך אין בבל) און עס איז קיינער ניט געווען, איך האָב גערופען, און קיינער האָט ניט געענטפערט ? איז דען מיין האַנד ווירקליך צו קורץ אויסצולעזען, אָדער איז דען אין מיר קיין קראַפט ניטאָ צו רעטען ? זעהט, מיט מיין געשריי טריקען איך דאָך אויס דעם ים, איך מאַך די טייכען א וויסטעניס ; זייער פיש פוילט, ווייל ס'איז ניטאָ קיין וואַסער, און זיי שטאַרבען פון דורשט.

מִדְבָּר תִּבְאַשׁ דְּגָתָם מֵאֵין מַיִם וְתָמֹת בַּצָּמָא׃ 3 אַלְבִּישׁ
שָׁמַיִם קַדְרוּת וְשַׂק אָשִׂים כְּסוּתָם׃ 4 אֲדֹנָי יֱהֹוִה נָתַן
לִי לְשׁוֹן לִמּוּדִים לָדַעַת לָעוּת אֶת־יָעֵף דָּבָר יָעִיר ׀ בַּבֹּקֶר
בַּבֹּקֶר יָעִיר לִי אֹזֶן לִשְׁמֹעַ כַּלִּמּוּדִים׃ ה אֲדֹנָי יֱהֹוִה פָּתַח
לִי אֹזֶן וְאָנֹכִי לֹא מָרִיתִי אָחוֹר לֹא נְסוּגֹתִי׃ 6 גֵּוִי נָתַתִּי
לְמַכִּים וּלְחָיַי לְמֹרְטִים פָּנַי לֹא הִסְתַּרְתִּי מִכְּלִמּוֹת וָרֹק׃
7 וַאדֹנָי יֱהֹוִה יַעֲזָר־לִי עַל־כֵּן לֹא נִכְלָמְתִּי עַל־כֵּן שַׂמְתִּי
פָנַי כַּחַלָּמִישׁ וָאֵדַע כִּי־לֹא אֵבוֹשׁ׃ 8 קָרוֹב מַצְדִּיקִי מִי־
יָרִיב אִתִּי נַעַמְדָה יָּחַד מִי־בַעַל מִשְׁפָּטִי יִגַּשׁ אֵלָי׃ 9 הֵן
אֲדֹנָי יֱהֹוִה יַעֲזָר־לִי מִי־הוּא יַרְשִׁיעֵנִי הֵן כֻּלָּם כַּבֶּגֶד יִבְלוּ
עָשׁ יֹאכְלֵם׃ י מִי בָכֶם יְרֵא יְהוָֹה שֹׁמֵעַ בְּקוֹל עַבְדּוֹ
אֲשֶׁר ׀ הָלַךְ חֲשֵׁכִים וְאֵין נֹגַהּ לוֹ יִבְטַח בְּשֵׁם יְהוָֹה וְיִשָּׁעֵן
בֵּאלֹהָיו׃ 11 הֵן כֻּלְּכֶם קֹדְחֵי אֵשׁ מְאַזְּרֵי זִיקוֹת לְכוּ ׀
בְּאוּר אֶשְׁכֶם וּבְזִיקוֹת בְּעַרְתֶּם מִיָּדִי הָיְתָה־זֹּאת לָכֶם
לְמַעֲצֵבָה תִּשְׁכָּבוּן׃

נא

## Cap. LI. נא

שִׁמְעוּ אֵלַי רֹדְפֵי צֶדֶק מְבַקְשֵׁי יְהוָֹה הַבִּיטוּ אֶל־צוּר א
חֻצַּבְתֶּם וְאֶל־מַקֶּבֶת בּוֹר נֻקַּרְתֶּם׃ 2 הַבִּיטוּ אֶל־אַבְרָהָם
אֲבִיכֶם וְאֶל־שָׂרָה תְּחוֹלֶלְכֶם כִּי־אֶחָד קְרָאתִיו וַאֲבָרְכֵהוּ
וְאַרְבֵּהוּ׃ 3 כִּי־נִחַם יְהוָֹה צִיּוֹן נִחַם כָּל־חָרְבֹתֶיהָ וַיָּשֶׂם
מִדְבָּרָהּ כְּעֵדֶן וְעַרְבָתָהּ כְּגַן־יְהוָֹה שָׂשׂוֹן וְשִׂמְחָה יִמָּצֵא
בָהּ תּוֹדָה וְקוֹל זִמְרָה׃ 4 הַקְשִׁיבוּ אֵלַי עַמִּי וּלְאוּמִּי
אֵלַי הַאֲזִינוּ כִּי תוֹרָה מֵאִתִּי תֵצֵא וּמִשְׁפָּטִי לְאוֹר עַמִּים
אַרְגִּיעַ׃ ה קָרוֹב צִדְקִי יָצָא יִשְׁעִי וּזְרֹעַי עַמִּים יִשְׁפֹּטוּ אֵלַי
אִיִּים יְקַוּוּ וְאֶל־זְרֹעִי יְיַחֵלוּן׃ 6 שְׂאוּ לַשָּׁמַיִם עֵינֵיכֶם
וְהַבִּיטוּ אֶל־הָאָרֶץ מִתַּחַת כִּי־שָׁמַיִם כֶּעָשָׁן נִמְלָחוּ וְהָאָרֶץ
כַּבֶּגֶד תִּבְלֶה וְיֹשְׁבֶיהָ כְּמוֹ־כֵן יְמוּתוּן וִישׁוּעָתִי לְעוֹלָם
תהיה


כא v. 3: עד כאן v. 4. דגש אחר שורק v. 6. קמץ בפשטא

3 איך בעקלייד די הימלען מיט פינסטערניס, און מאך א זאק־קלייד זייער בעדעקונג.
4 דער הערר גאָט האָט מיר געגעבען א צונג פון די געלערענטע, צו וויסען אנצואווענדען פאסענדע ווערטער צו דעם מיעדען. ער ערוועקט (מיר) אין פריה־מאָרגען, ער ערוועקט מיר דאָס אויער, צו הערען ווי די געלערנטע.
5 דער הערר גאָט האָט אויפגעמאכט מיין אויער, און איך האָב ניט איבער־טרעטען, צוריק האָב איך ניט אָפּגעטרעטען.
6 מיין רוקען האָב איך געגעבען צו די שלאָגערס און מיינע באקען צו די פליקערס, מיין אנגעזיכט האָב איך ניט פערבאָרגען פון שאַנד און שפייען.
7 אָבער דער הערר גאָט העלפט מיר, דארום בין איך ניט פערשעהמט געוואָ־רען, דארום האָב איך געמאַכט מיין אנגעזיכט ווי א קיזעלשטיין, דען איך האָב געוואוסט אַז איך וועל ניט פערשעהמט ווערען.
8 נאָהענט איז מיין פערטהיידיגער ; ווער וויל מיט מיר שטרייטען ? לאָמיר זיך שטעלען צוזאַמען, ווער איז מיין געגנער ? זאָל ער נור גע־נעהנען צו מיר.
9 זעה, דער הערר גאָט וועט מיר העלפען ; ווער איז דאָס, וואָס קען מיר בעשולדיגען ? זעה, זיי וועלען אַלע ווי א קלייד צערפאַלען, די מאָיל וועט זיי אויפעסען.
10 ווער איז צווישען אייך וואָס פירכטעט פאר גאָט און הערט צו דער שטים פון זיין קנעכט (דעם נביא) ? (ווער איז צווישען אייך) וואָס איז גע־גאנגען אין דער פינסטערניס און האָט ניט קיין ליכט־שיין ? לאָז ער זיך פערזיכערן אין דעם נאָמען פון גאָט, און זיך שטיצען אויף זיין גאָט.
11 זעהט, איהר אַלע (וואָס הערט ניט צום נביא) צינדט אָן א פייער, איהר פערשפרייט פונקען, (דארום) געהט אין די גלוט פון אייער פייער, און אין די פונקען וועלכע איהר האָט אָנגעצונדען ; פון מיין האַנד איז דאָס געשעהען צו אייך. אין א פּלאַץ פון טרויער וועט איהר ליעגען.

## קאַפּיטעל נא

1 הערט מיר צו, איהר וואָס יאָגט נאָך גערעכטיגקייט, וואָס זוכט גאָט ; קוקט צו דעם פעלזען פון וועלכען איהר זייט אויסגעהאַקט געוואָרען, און אויף די עפענונג פון דעם ברונען פון וועלכען איהר זייט אויסגעגראָבען געוואָרען.
2 קוקט אויף אברהם אייער פאטער, און אויף שרה׳ן וועלכע האָט אייך געבאָרען, דען איינער נור איז ער געווען ווען איך האָב איהם גערופען, און איך האָב איהם געבענשט און האָב איהם פערמעהרט.
3 דען גאָט האָט געטרייסט ציון ; ער האָט געטרייסט אַלע איהרע רואינען, און ער האָט געמאַכט איהר ווילדערניס אַזוי ווי דעם (גאָרטען פון) עדן, און איהר וויסטע אַזוי ווי דעם גאָרטען פון גאָט. פרייד און לוסט וועלען אין איהר געפונען ווערען, דאנק־ליעד און שטים פון געזאַנג.
4 האָרכט צו מיר, מיין פאָלק, און דו מיין נאַציאָן, הערט מיר צו, דען א לעהרע וועט פון מיר ארויסגעהן, און מיין רעכט וועל איך אַלס א ליכט פאר די פעלקער אויסשפרייטען.
5 נאָהענט איז מיין גערעכטיגקייט, עס איז ארויסגעקומען מיין הילף, און מיינע ארעמס וועלען ריכטען די פעלקער, צו מיר וועלען די אינזלען האָפען, און אויף מיין ארעם (שטארקהייט) וועלען זיי וואַרטען.
6 הויבט אויף צו די הימלען אייערע אויגען, און קוקט אויף די ערד פון אונטען, דען אויב (אפילו) די הימלען זאָלען ווי רויך פערגעהען, און די ערד זאָל ווי א קלייד צערפאַלען, און איהרע איינוואָהנער זאָלען ווי די מוקען אויסשטאַרבען, אָבער מיין הילף וועט אייביג בלייבען, און מיין גערעכטיגקייט וועט ניט ארונטערגעהן.

7 תִהְיֶה וְצִדְקָתִי לֹא תֵחָת׃ שִׁמְעוּ אֵלַי יֹדְעֵי צֶדֶק
עַם תּוֹרָתִי בְלִבָּם אַל־תִּירְאוּ חֶרְפַּת אֱנוֹשׁ וּמִגִּדֻּפֹתָם אַל־
8 תֵּחָתּוּ׃ כִּי כַבֶּגֶד יֹאכְלֵם עָשׁ וְכַצֶּמֶר יֹאכְלֵם סָס וְצִדְקָתִי
9 לְעוֹלָם תִּהְיֶה וִישׁוּעָתִי לְדוֹר דּוֹרִים׃ עוּרִי עוּרִי לִבְשִׁי־
עֹז זְרוֹעַ יְהוָה עוּרִי כִּימֵי קֶדֶם דֹּרוֹת עוֹלָמִים הֲלוֹא אַתְּ־
י הִיא הַמַּחְצֶבֶת רַהַב מְחוֹלֶלֶת תַּנִּין׃ הֲלוֹא אַתְּ־הִיא
הַמַּחֲרֶבֶת יָם מֵי תְּהוֹם רַבָּה הַשָּׂמָה מַעֲמַקֵּי־יָם דֶּרֶךְ
11 לַעֲבֹר גְּאוּלִים׃ וּפְדוּיֵי יְהוָה יְשׁוּבוּן וּבָאוּ צִיּוֹן בְּרִנָּה
וְשִׂמְחַת עוֹלָם עַל־רֹאשָׁם שָׂשׂוֹן וְשִׂמְחָה יַשִּׂיגוּן נָסוּ יָגוֹן
12 וַאֲנָחָה׃ * אָנֹכִי אָנֹכִי הוּא מְנַחֶמְכֶם מִי־אַתְּ וַתִּירְאִי
13 מֵאֱנוֹשׁ יָמוּת וּמִבֶּן־אָדָם חָצִיר יִנָּתֵן׃ וַתִּשְׁכַּח יְהוָה עֹשֶׂךָ
נוֹטֶה שָׁמַיִם וְיֹסֵד אָרֶץ וַתְּפַחֵד תָּמִיד כָּל־הַיּוֹם מִפְּנֵי חֲמַת
14 הַמֵּצִיק כַּאֲשֶׁר כּוֹנֵן לְהַשְׁחִית וְאַיֵּה חֲמַת הַמֵּצִיק׃ מִהַר
טו צֹעֶה לְהִפָּתֵחַ וְלֹא־יָמוּת לַשַּׁחַת וְלֹא יֶחְסַר לַחְמוֹ׃ וְאָנֹכִי
יְהוָה אֱלֹהֶיךָ רֹגַע הַיָּם וַיֶּהֱמוּ גַּלָּיו יְהוָה צְבָאוֹת שְׁמוֹ׃
16 וָאָשִׂם דְּבָרַי בְּפִיךָ וּבְצֵל יָדִי כִּסִּיתִיךָ לִנְטֹעַ שָׁמַיִם וְלִיסֹד
17 אָרֶץ וְלֵאמֹר לְצִיּוֹן עַמִּי אָתָּה׃ הִתְעוֹרְרִי הִתְעוֹרְרִי
קוּמִי יְרוּשָׁלַםִ אֲשֶׁר שָׁתִית מִיַּד יְהוָה אֶת־כּוֹס חֲמָתוֹ
18 אֶת־קֻבַּעַת כּוֹס הַתַּרְעֵלָה שָׁתִית מָצִית׃ אֵין מְנַהֵל לָהּ
מִכָּל־בָּנִים יָלָדָה וְאֵין מַחֲזִיק בְּיָדָהּ מִכָּל־בָּנִים גִּדֵּלָה׃
19 שְׁתַּיִם הֵנָּה קֹרְאֹתַיִךְ מִי יָנוּד לָךְ הַשֹּׁד וְהַשֶּׁבֶר וְהָרָעָב
כ וְהַחֶרֶב מִי אֲנַחֲמֵךְ׃ בָּנַיִךְ עֻלְּפוּ שָׁכְבוּ בְּרֹאשׁ כָּל־חוּצוֹת
21 כְּתוֹא מִכְמָר הַמְלֵאִים חֲמַת־יְהוָה גַּעֲרַת אֱלֹהָיִךְ׃ לָכֵן
22 שִׁמְעִי־נָא זֹאת עֲנִיָּה וּשְׁכֻרַת וְלֹא מִיָּיִן׃ כֹּה־אָמַר אֲדֹנַיִךְ
יְהוָה וֵאלֹהַיִךְ יָרִיב עַמּוֹ הִנֵּה לָקַחְתִּי מִיָּדֵךְ אֶת־כּוֹס
הַתַּרְעֵלָה אֶת־קֻבַּעַת כּוֹס חֲמָתִי לֹא־תוֹסִיפִי לִשְׁתּוֹתָהּ
עוד

v. 9. מלרע v. 12. הפטורת שופטים v. 13. קמץ בסגולתא v. 16. קמץ בז״ק

7 הערט מיר צו, איהר וואס איהר ליעבט גערעכטיגקייט, דאס פאלק וואס מיין לעהרע איז אין זייער הארץ: איהר זאלט זיך ניט פירכטען פאר די שאנד פון מענשען, און פון זייערע לעסטערונגען זאלט איהר ניט פאלען
8 ביי זיך. דען אזוי ווי א קלייד וועט זיי די מאיל אויפעסען, און אזוי ווי וואלל וועט זיי דער ווארעם צופרעסען, אבער מיין גערעכטיגקייט וועט אייביג בלייבען, און מיין הילף אין אלע געשלעכטען (דור־דורות).
9 ערוואך, ערוואך, קלייד זיך אן מיט מאכט, דו ארעם פון גאט, ערוואך אזוי ווי אין די פריהעריגע טעג, ווי אין די אוראלטע צייטען, ביזטו עס ניט דען די (האנד), וואס האט פערוואונדעט דעם שטאלצען (מצרים)?
10 וואס האט ערשלאגען דעם קראקאדיל? ביזטו עס ניט דען די, וואס האט אויסגעטריקענט דעם ים, די וואסערן פון דעם גרויסען אבגרונד? די, וואס האט געמאכט אין די טיעפענים פון ים א וועג פאר די אויסגעלעזטע אי־
11 בערצופאהרען? און די אויסגעלעזטע פון גאט וועלען זיך צוריקקעהרען, און וועלען קומען אין ציון מיט געזאנג, און זייער קאפ וועט זיין בעציערט מיט אן אייביגע פרייד. פרייד און לוסט וועלען זיי אנטרעפען, און טרויער
12 און זיפץ וועלען ענטלויפען. איך, איך בין עס דער וואס טרייסטעט אייך; ווער ביזטו, וואס דו פירכטעסט פאר א מענשען וואס טהוט שטארבען, און פאר א מענשען־זוהן וואס איז גערעכענט ווי א גראז?
13 און דו האסט פערגעסען דעם גאט דיין בעשעפער, דער וואס שפרייט אויס די הימלען און גרינדעט די ערד, און דו שרעקסט זיך שטענדיג, דעם גאנצען טאג, פאר צארן פון דעם בעדריקער, וועלכער בערייט זיך אן צו פערדארבען. אבער וואו איז דער צארן פון דעם בעדריקער?
14 געשווינד וועט דער אונטערדריקטער (ישראל) בעפרייט ווערען, און ער וועט ניט שטארבען אין גרוב פון (געפענגנים), און זיין שפייז וועט איהם
15 ניט פעהלען. און איך גאט דיין הערר, טהו עס, איך וואס שריי אן אויף דעם ים, און זיינע וועללען יאמערן, דער גאט פון די הערשארען איז
16 זיין (מיין) נאמען. און איך האב געלעגט מיינע ווערטער אין דיין מויל, און מיט דעם שאטען פון מיינע הענד האב איך דיך בעדעקט, אויסצושפרייטען פאר איך נייע (גליקס־) הימלען און צו גרינדען א נייע ערד, און צו זאגען צו ציון: מיין פאלק ביזטו.
17 ערמונטער זיך, ערמונטער זיך, שטעה אויף, ירושלים, דו, וועלכע האסט געטרונקען פון גאטס האנד דעם בעכער פון זיין צארן, דעם טיע־פען גיפט־בעכער האסטו אויסגעטרונקען און אויסגעזויגען.
18 זי האט קיין פיהרער ניט פון די אלע קינדער וואס זי האט געבארען, און עס איז ניטא ווער עס זאל זי ביי דער האנד אנהאלטען, פון די אלע קינ־דער וואס זי האט דערצויגען.
19 צוויי אומגליקען האבען דיך געטראפען — ווער קען דיר בעדויערן? — פערדארבונג און אונטערגאנג, און הונגער און שווערד, — מיט וועמען קען איך דיך טרייסטען?
20 דיינע קינדער זיינען פערשמאכט, זיי ליעגען אן דער שפיץ פון אלע גאסען, אזוי ווי אן אקס אין נעץ; זיי זיינען אנגעפילט מיט דעם צארן פון גאט, מיט דעם געשריי פון דיין גאט.
21 דארום הער נאר דאס, דו עלענדע, און דו בעטרונקענע, אבער ניט פון וויין.
22 אזוי האט געזאגט דיין העדר דער אייביגער, און דיין גאט וועלכער וועט שטרייטען דעם שטרייט פון זיין פאלק, זעה, איך האב אוועקגע־נומען פון דיין האנד דעם גיפט־בעכער, דעם טיעפען בעכער פון מיין צארן, דו זאלסט איהם ניט מעהר טרינקען.

עוֹד׃ וְשַׂמְתִּיהָ בְּיַד מוֹגַיִךְ אֲשֶׁר־אָמְרוּ לְנַפְשֵׁךְ שְׁחִי וְנַעֲבֹרָה 23
וַתָּשִׂימִי כָאָרֶץ גֵּוֵךְ וְכַחוּץ לַעֹבְרִים׃

## נב CAP. LII. נב

עוּרִי עוּרִי לִבְשִׁי עֻזֵּךְ צִיּוֹן לִבְשִׁי ׀ בִּגְדֵי תִפְאַרְתֵּךְ יְרוּשָׁלַםִ א
עִיר הַקֹּדֶשׁ כִּי לֹא יוֹסִיף יָבֹא־בָךְ עוֹד עָרֵל וְטָמֵא׃ הִתְנַעֲרִי 2
מֵעָפָר קוּמִי שְּׁבִי יְרוּשָׁלָםִ הִתְפַּתְּחוּ מוֹסְרֵי צַוָּארֵךְ שְׁבִיָּה
בַּת־צִיּוֹן׃ כִּי־כֹה אָמַר יְהוָה חִנָּם נִמְכַּרְתֶּם וְלֹא 3
בְכֶסֶף תִּגָּאֵלוּ׃ כִּי כֹה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה מִצְרַיִם יָרַד־ 4
עַמִּי בָרִאשֹׁנָה לָגוּר שָׁם וְאַשּׁוּר בְּאֶפֶס עֲשָׁקוֹ׃ וְעַתָּה מַה־ ה
לִּי־פֹה נְאֻם־יְהוָה כִּי־לֻקַּח עַמִּי חִנָּם מֹשְׁלָו יְהֵילִילוּ נְאֻם־
יְהוָה וְתָמִיד כָּל־הַיּוֹם שְׁמִי מִנֹּאָץ׃ לָכֵן יֵדַע עַמִּי שְׁמִי לָכֵן 6
בַּיּוֹם הַהוּא כִּי־אֲנִי־הוּא הַמְדַבֵּר הִנֵּנִי׃ מַה־נָּאווּ עַל־ 7
הֶהָרִים רַגְלֵי מְבַשֵּׂר מַשְׁמִיעַ שָׁלוֹם מְבַשֵּׂר טוֹב מַשְׁמִיעַ
יְשׁוּעָה אֹמֵר לְצִיּוֹן מָלַךְ אֱלֹהָיִךְ׃ קוֹל צֹפַיִךְ נָשְׂאוּ קוֹל 8
יַחְדָּו יְרַנֵּנוּ כִּי עַיִן בְּעַיִן יִרְאוּ בְּשׁוּב יְהוָה צִיּוֹן׃ פִּצְחוּ רַנְּנוּ 9
יַחְדָּו חָרְבוֹת יְרוּשָׁלָםִ כִּי־נִחַם יְהוָה עַמּוֹ גָּאַל יְרוּשָׁלָםִ׃
חָשַׂף יְהוָה אֶת־זְרוֹעַ קָדְשׁוֹ לְעֵינֵי כָּל־הַגּוֹיִם וְרָאוּ כָּל־ י
אַפְסֵי־אָרֶץ אֵת יְשׁוּעַת אֱלֹהֵינוּ׃ סוּרוּ סוּרוּ צְאוּ מִשָּׁם 11
טָמֵא אַל־תִּגָּעוּ צְאוּ מִתּוֹכָהּ הִבָּרוּ נֹשְׂאֵי כְּלֵי יְהוָה׃ כִּי לֹא 12
בְחִפָּזוֹן תֵּצֵאוּ וּבִמְנוּסָה לֹא תֵלֵכוּן כִּי־הֹלֵךְ לִפְנֵיכֶם יְהוָה
וּמְאַסִּפְכֶם אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃ הִנֵּה יַשְׂכִּיל עַבְדִּי יָרוּם 13
וְנִשָּׂא וְגָבַהּ מְאֹד׃ כַּאֲשֶׁר שָׁמְמוּ עָלֶיךָ רַבִּים כֵּן־מִשְׁחַת 14
מֵאִישׁ מַרְאֵהוּ וְתֹאֲרוֹ מִבְּנֵי אָדָם׃ כֵּן יַזֶּה גּוֹיִם רַבִּים עָלָיו טו
יִקְפְּצוּ מְלָכִים פִּיהֶם כִּי אֲשֶׁר לֹא־סֻפַּר לָהֶם רָאוּ וַאֲשֶׁר
לֹא־שָׁמְעוּ הִתְבּוֹנָנוּ׃

## נג CAP. LIII. נג

מִי הֶאֱמִין לִשְׁמֻעָתֵנוּ וּזְרוֹעַ יְהוָה עַל־מִי נִגְלָתָה׃ וַיַּעַל א 2

כיונק

כ״ב v. 1. מלרע v. 2. התפתחו קרי v. 5. משלו ק׳ v. 10. קמץ בז״ק

23 און איך וועל איהם געבען אין די האַנד פון דיינע בעדריקער, וועלכע
האָבען געזאָגט צו דיין זעעלע : בייג זיך איין און מיר וועלען אריבער־
געהען, און דו האָסט געמאַכט ווי די ערד דיין רוקען, און ווי א גאס
פאר די אריבערגעהער.

## קאַפּיטעל נב

1 ערוואַך, ערוואַך, בעקלייד זיך מיט דיין מאַכט, ציון ; קלייד אָן דיינע
פּרעכטיגע קליידער, ירושלים, דו הייליגע שטאָדט ; דען מעהר וועט
שוין צו דיר ניט קומען קיין אונבעשניטענער און קיין אונריינער.
2 שאָקעל זיך אָפּ פון דעם שטויב, שטעה אויף, דו געפאנגענשאַפט פון
ירושלים, בינד אָפּ די באנד־שטריק פון דיין האַלז, דו געפאנגענע טאָכ־
3 טער פון ציון. דען אזוי האָט גאָט געזאָגט : אומזיסט זייט איהר פער־
4 קויפט געוואָרען, און אָהן געלד וועט איהר אויסגעלעזט ווערען. דען אַזוי
האָט געזאָגט גאָט, דער הערר, אין מצרים האָט מיין פאָלק אַראָפּגענידערט
אין אָנפאנג, אום צו וואָהנען דאָרט, אָבער אשור האָט איהם גאָר אומזיסט
5 אונטערדריקט. און יעצט, וואָס האָב איך דאָ (אין בבל) צו מאַכען
זאָגט גאָט, זיינע הערשער ריהמען זיך, און שטענדיג, אַ גאַנצען טאָג, איז
6 מיין נאָמען געלעסטערט. דארום וועט מיין פאָלק (באַלד אין גיכען)
וויסען מיין נאָמען ; דארום אין יענעם טאָג (וועלען זיי וויסען), אַז איך
7 בין עס דער וואָס רעדט (דאָס), אָט דאָ בין איך. ווי שעהן זיינען אויף
די בערג די פיס פון דעם אָנזאָגער; דער וואָס מאַכט הערען פריעדען, ער
זאָגט אָן גוטעס, ער מאַכט הערען הילף, ער זאָגט אָן צו ציון : עס קעניגט
8 דיין גאָט. (ווי שעהן איז) דער שטים פון דיינע וועכטער ; זיי הייבען
אויף זייער שטים, צוזאַמען זינגען זיי, דען די אויג פון די (פון די צוריק־
קומענדע) ווי די אויג פון די (די וועכטער) זעהען, ווי גאָט קעהרט צוריק
9 די געפאנגענע פון ציון. ברעכט אויס אין געזאנג, זינגט צוזאַמען, איהר
רואינען פון ירושלים, דען גאָט האָט געטרייסט זיין פאָלק, ער האָט אויס־
10 געלייזט ירושלים. גאָט האָט ענטדעקט זיין הייליגען ארעם פאר די
אויגען פון די אלע פעלקער, און די אלע ענדען פון דער ערד וועלען זעהן
11 די הילף פון אונזער גאָט. קעהרט זיך אָפּ, קעהרט זיך אָפּ, געהט ארויס
פון דאָרט (בבל), זיי זיינען אונריין, ריהרט זיך ניט אָן אן זיי, רייניגט
12 אייך, איהר וואָס טראָגט די געפעס פון גאָט. דען ניט מיט האַסט וועט
איהר ארויסגעהען, ניט מיט געלאָף וועט איהר געהן, דען אייך פאָראויס
געהט דער אייביגער, און אייער איינזאמלער איז דער גאָט פון ישראל.
13 זעה, מיין קנעכט (ישראל) וועט בעגליקען, ער וועט ווערען הויך און ער־
14 הויבען, און ער וועט זעהר דערהויבט ווערען. אַזוי ווי עס האָבען זיך
געוואונדערט אויף דיך פיעלע, זיי האָבען געזאָגט : פירוואהר, זיין אויס־
זעהען איז פערדאָרבען, גאָר ניט קיין מענש, און זיין געשטאַלט איז פער־
15 דאָרבען מעהר פון אַלע מענשען־קינדער. אַזוי וועט ער פערוואונדערן
פיעל פעלקער, קעניגע וועלען פערשליסען פאר איהם זייער מויל, דען וואָס
עס איז צו זיי ניט דערצעהלט געוואָרען (פאָרהער), האָבען זיי געזעהען,
און וואָס זיי האָבען (קיינמאָל) ניט געהערט, האָבען זיי יעצט בעמערקט.

## קאַפּיטעל נג

1 (זיי וועלען זאָגען :) ווער האָט עס געגלויבט צו אונזער נאַכריכט וואָס
מיר הערען ? און דער ארעם פון גאָט, אויף וועמען האָט ער זיך ענט־
פּלעקט ?
2 און ער איז אויפגעוואקסען ווי אַ יונגער צווייגעלע פאר איהם (פאר גאָט),
און ווי אַ וואָרצעל פון אַ וויסטע לאַנד ; ער האָט ניט קיין געשטאַלט
און קיין שעהנקייט געהאַט, דאָס מיר זאָלען איהם וועלען זעהען, און ניט
קיין אנזעהען, אום מיר זאָלען איהם בעגעהרען.

כיונק לפניו וכשרש מארץ ציה לא־תאר לו ולא הדר
3 ונראהו ולא־מראה ונחמדהו׃ נבזה וחדל אישים איש
מכאבות וידוע חלי וכמסתר פנים ממנו נבזה ולא
4 חשבנהו׃ אכן חלינו הוא נשא ומכאבינו סבלם ואנחנו
ה חשבנהו נגוע מכה אלהים ומענה׃ והוא מחלל מפשענו
מדכא מעונתינו מוסר שלומנו עליו ובחברתו נרפא־
6 לנו׃ כלנו כצאן תעינו איש לדרכו פנינו ויהוה הפגיע
7 בו את עון כלנו׃ נגש והוא נענה ולא יפתח־פיו כשה
לטבח יובל וכרחל לפני גזזיה נאלמה ולא יפתח פיו׃
8 מעצר וממשפט לקח ואת־דורו מי ישוחח כי נגזר מארץ
9 חיים מפשע עמי נגע למו׃ ויתן את־רשעים קברו ואת־
י עשיר במתיו על לא־חמס עשה ולא מרמה בפיו׃ ויהוה
חפץ דכאו החלי אם־תשים אשם נפשו יראה זרע יאריך
11 ימים וחפץ יהוה בידו יצלח׃ מעמל נפשו יראה ישבע
בדעתו יצדיק צדיק עבדי לרבים ועונתם הוא יסבל׃
12 לכן אחלק־לו ברבים ואת־עצומים יחלק שלל תחת
אשר הערה למות נפשו ואת־פשעים נמנה והוא חטא־
רבים נשא ולפשעים יפגיע׃

## CAP. LIV. נד

נד

א רני עקרה לא ילדה פצחי רנה וצהלי לא־חלה כי־
2 רבים בני־שוממה מבני בעולה אמר יהוה׃ הרחיבי
מקום אהלך ויריעות משכנותיך יטו אל־תחשכי האריכי
3 מיתריך ויתדתיך חזקי׃ כי־ימין ושמאול תפרצי וזרעך
4 גוים יירש וערים נשמות יושיבו׃ אל־תיראי כי־לא
תבושי ואל־תכלמי כי־לא תחפירי כי בשת עלומיך
ה תשכחי וחרפת אלמנותיך לא תזכרי־עוד׃ כי בעליך
עשיך יהוה צבאות שמו וגאלך קדוש ישראל אלהי כל־
הארץ

נ״ג v. 7. 8. 11. קמץ בז״ק   נ״ד v. 1. הפטרות נח וגם הפטרות
כי תצא   v. 3. מלא ו׳   ibid. קמץ בז״ק   v. 4. קמץ בז״ק

3 ער איז געווען פעראכטעט, און אויסגעשלאָסען פון מענשען, אַ מאַן פון
שמערצען, און געפּלאגט פון קראנקהייט, און מיט פערבארגען דעם אנ־
געזיכט פון איהם האָבען מיר איהם פעראַכטעט, און מיר האָבען איהם גאָר־
4 ניט געאַכט. אָבער נור אונזער קראנקהייט האָט ער געטראגען, און
אונזערע וועהטאָגען זיי האָט ער געליטען, און מיר האָבען איהם פעררע־
כענט ווי ער וואָלט געווען בעשטימט פון גאָט צו זיין געמאַרטערט און
5 געקוועלט. אָבער וואָס ער איז געווען פערוואונדעט (דאָס איז געווען)
דורך אונזערע פערברעכען, וואָס ער איז געווען צושטויסען, דאָס איז גע־
ווען דורך אונזערע אונגערעכטיגקייטען; אַזוי ווי דורך זיינע שטראָף
הענגט אָפּ אונזער גאַנצער פריעדען, און דורך זיינע וואונדען וואָלטען
6 מיר געהיילט געוואָרען. מיר אַלע (פעלקער) זיינען געווען פאַריאָגט ווי
שאָף, איטליכער צו זיין אייגען וועג האָבען מיר זיך געקעהרט (געדיענט
אַנדערע געצען), אָבער גאָט האָט געצילט אויף איהם די זינד פון אונז
7 אַלעמען. ער איז געווען געדריקט, ער האָט אָבער מיט געדולד געליטען,
און ער האָט זיין מויל ניט געעפענט, אַזוי ווי אַ לאַם וואָס ווערט געפיהרט
צו דער שלאַכטונג, און ווי אַ שעפּס וועלכע איז שטום פאַר איהרע שע־
8 רערס, אַזוי האָט ער ניט געעפענט זיין מויל. פון הערשאַפט און פון
געזעץ איז ער געווען אויסגעשלאָסען, און וואָס ער האָט אויסגעליטען
אין זיין לעבענסלויף, ווער קען עס אויסדערצעהלען? דען ער איז פער־
שניטען געוואָרען פון דעם לאַנד פון לעבען. אָבער צוליעב דעם פערברע־
9 כען פון מיין פאָלק איז געקומען אָט דער פּלאג אויף זיי. און צווישען
פערברעכער האָט מען איהם געגעבען אַ קבר, און צווישען די טיראנען
זיינע בערגלאָך ערד, אָבוואָהל ער האָט קיין אונרעכט ניט געטהאָן, און
10 עס איז ניט געווען קיין בעטרוג אין זיין מויל. אָבער אַז גאָט האָט איהם
געוואָלט צושטויסען, איהם קראַנק מאַכען, קענסטו דען לייגען דעם שולד
אויף זיין זעעלע? ער זעעט דאָך זאָמען (קינדער), ער לעבט דאָך אַזוי
לאַנג, און ווייל גאָטס בעגעהר ווערט דורך איהם אויסגעפיהרט דארום
11 וועט ער בעגליקען. (זאָגט גאָט) אנשטאַט דעם קומער פון זיין זעעלע וועט
ער זעהען (גוטעס) ער וועט זאַט ווערען, מיט זיין וויסענשאַפט וועט ער,
מיין גערעכטער קנעכט, לערנען גערעכטיגקייט צו פיעל, און זייערע זינד
12 קענען איהם וועט ער פערגעבען. דארום וועל איך איהם געבען אַ טהייל
צווישען די גרויסע, און מיט די שטאַרקע זאָל ער טהיילען דעם רויב, ווייל
ער האָט אויסגעגאָסען זיין לעבען צום טויט, און איז געצעהלט געוואָרען
מיט די פערברעכער, און ער — די זינד פון די פיעל (בעדריקערס) האָט
ער פערגעבען, און פאַר די פערברעכערס (קעגען איהם) פלעגט ער בעטען.

## קאַפּיטעל נד

1 זינג דו קינדערלאָזע (ציון) וועלכע האָט ניט געבאָרען; ברעך אויס
אַ געזאַנג און פרעה זיך, דו, וואָס דו ביזט געווען ווי איינע וואָס האָט
ניט געהאַט קיין וועהען, דען עס וועלען זיין מעהר די קינדער פון דער
2 פערוויסטע ווי די קינדער פון דער בעמאַנטע (בבל), זאָגט גאָט. מאַך
ברייט דעם אָרט פון דיין געצעלט, און די פאָרהאַנגען פון דיינע וואָהנונגען
זאָל מען פערשפּרייטען, האַלט ניט אָפּ, מאַך לאַנג דיינע שטריק, און דיינע
3 פלעקעלאָך מאַך שטאַרק. דען רעכטס און לינקס וועסטו זיך אויסברייט־
טען, און דיינע זאָמען וועלען ערבען די פעלקער, און וויסטע שטעדט
4 וועלען זיי בעזעצען. זאָלסט ניט פירכטען, דען דו וועסט ניט מעהר
ווערען צו שאַנד, און זיי ניט פערשעהמט, דען דו וועסט ניט דאַרפען
מעהר רויט ווערען; דען די שאַנד פון דיין יוגענד וועסטו פערגעסען,
און דעם שמאַך פון דיין וויטווענשאַפט וועסטו ניט מעהר געדענקען.
5 דען דיין הערשער איז דיין בעשעפער, דער גאָט פון די הערשאַרען איז

הָאָרֶץ יִקָּרֵא׃ כִּי־כְאִשָּׁה עֲזוּבָה וַעֲצוּבַת רוּחַ קְרָאָךְ 6
יְהוָה וְאֵשֶׁת נְעוּרִים כִּי תִמָּאֵס אָמַר אֱלֹהָיִךְ׃ בְּרֶגַע קָטֹן 7
עֲזַבְתִּיךְ וּבְרַחֲמִים גְּדוֹלִים אֲקַבְּצֵךְ׃ בְּשֶׁצֶף קֶצֶף הִסְתַּרְתִּי 8
פָנַי רֶגַע מִמֵּךְ וּבְחֶסֶד עוֹלָם רִחַמְתִּיךְ אָמַר גֹּאֲלֵךְ יְהוָה׃
כִּי־מֵי נֹחַ זֹאת לִי אֲשֶׁר נִשְׁבַּעְתִּי מֵעֲבֹר מֵי־נֹחַ עוֹד 9
עַל־הָאָרֶץ כֵּן נִשְׁבַּעְתִּי מִקְּצֹף עָלַיִךְ וּמִגְּעָר־בָּךְ׃ כִּי הֶהָרִים י
יָמוּשׁוּ וְהַגְּבָעוֹת תְּמוּטֶינָה וְחַסְדִּי מֵאִתֵּךְ לֹא־יָמוּשׁ וּבְרִית
שְׁלוֹמִי לֹא תָמוּט אָמַר מְרַחֲמֵךְ יְהוָה׃ ׳ עֲנִיָּה סֹעֲרָה 11
לֹא נֻחָמָה הִנֵּה אָנֹכִי מַרְבִּיץ בַּפּוּךְ אֲבָנַיִךְ וִיסַדְתִּיךְ
בַּסַּפִּירִים׃ וְשַׂמְתִּי כַּדְכֹד שִׁמְשֹׁתַיִךְ וּשְׁעָרַיִךְ לְאַבְנֵי אֶקְדָּח 12
וְכָל־גְּבוּלֵךְ לְאַבְנֵי־חֵפֶץ׃ וְכָל־בָּנַיִךְ לִמּוּדֵי יְהוָה וְרַב 13
שְׁלוֹם בָּנָיִךְ׃ בִּצְדָקָה תִּכּוֹנָנִי רַחֲקִי מֵעֹשֶׁק כִּי־לֹא תִירָאִי 14
וּמִמְּחִתָּה כִּי לֹא־תִקְרַב אֵלָיִךְ׃ הֵן גּוֹר יָגוּר אֶפֶס מֵאוֹתִי טו
מִי־גָר אִתָּךְ עָלַיִךְ יִפּוֹל׃ הֵן אָנֹכִי בָּרָאתִי חָרָשׁ נֹפֵחַ 16
בְּאֵשׁ פֶּחָם וּמוֹצִיא כְלִי לְמַעֲשֵׂהוּ וְאָנֹכִי בָּרָאתִי מַשְׁחִית
לְחַבֵּל׃ כָּל־כְּלִי יוּצַר עָלַיִךְ לֹא יִצְלָח וְכָל־לָשׁוֹן תָּקוּם־ 17
אִתָּךְ לַמִּשְׁפָּט תַּרְשִׁיעִי זֹאת נַחֲלַת עַבְדֵי יְהוָה וְצִדְקָתָם
מֵאִתִּי נְאֻם־יְהוָה׃

## נה CAP. LV. נה

הוֹי כָּל־צָמֵא לְכוּ לַמַּיִם וַאֲשֶׁר אֵין־לוֹ כָּסֶף לְכוּ שִׁבְרוּ א
וֶאֱכֹלוּ וּלְכוּ שִׁבְרוּ בְּלוֹא־כֶסֶף וּבְלוֹא מְחִיר יַיִן וְחָלָב׃
לָמָּה תִשְׁקְלוּ־כֶסֶף בְּלוֹא־לֶחֶם וִיגִיעֲכֶם בְּלוֹא לְשָׂבְעָה 2
שִׁמְעוּ שָׁמוֹעַ אֵלַי וְאִכְלוּ־טוֹב וְתִתְעַנַּג בַּדֶּשֶׁן נַפְשְׁכֶם׃
הַטּוּ אָזְנְכֶם וּלְכוּ אֵלַי שִׁמְעוּ וּתְחִי נַפְשְׁכֶם וְאֶכְרְתָה 3
לָכֶם בְּרִית עוֹלָם חַסְדֵי דָוִד הַנֶּאֱמָנִים׃ הֵן עֵד לְאוּמִּים 4
נְתַתִּיו נָגִיד וּמְצַוֵּה לְאֻמִּים׃ הֵן גּוֹי לֹא־תֵדַע תִּקְרָא וְגוֹי ה
לֹא־יְדָעוּךָ אֵלֶיךָ יָרוּצוּ לְמַעַן יְהוָה אֱלֹהֶיךָ וְלִקְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל
כִּי

v. 8. כ״ד כ״א כימי  v. 10. עד כאן  v. 11. הפטרת ראה
v. 16. הנה ק  v. 17. קמץ בז״ק  v. 4. דגש אחר שו״ה כ״ה

זיין נאָמען; און דיין אויסלעזער איז דער הייליגער פון ישראל, דער
6 גאָט פון דער גאַנצער ערד וועט ער גערופען ווערען. דען ווי אַ פרוי,
פערלאָזען און בעטריבט אין געמיטה האָט דיך גאָט אָנגעטראָפען (אין
בבל), און ווי אַ יוגענד־פרוי וועלכע איז פעראכטעט געוואָרען, זאָגט דיין
7 גאָט. אויף אַ קליינע ווײַלע האָב איך דיך פערלאָזען, אָבער מיט גרויס
8 בארמהערציגקייט וועל איך דיך ווידער אריינגעהמען. מיט אַ פערפלײי־
צונג פון צאָרן האָב איך פאר אַ ווײַלע פערבאָרגען מיין געזיכט פון דיר,
אָבער מיט אייביגע ליעבע האָב איך זיך דערבארעמט איבער דיר, זאָגט
9 דיין אויסלעזער, גאָט. דען אַזוי ווי די וואסערן פון נח איז דאָס צו מיר;
אַזוי ווי איך האָב געשוואָרען אַז די וואסערן פון נח זאָלען ניט מעהר
פערשווימען די ערד, אַזוי האָב איך געשוואָרען, ניט צו צאָרנען מעהר
10 אויף דיר און ניט שרייען אויף דיר. דען די בערג קענען ווייכען, און די
היגלען קענען וואנקען, אָבער מיין גנאד וועט פון דיר ניט ווייכען, און
דער בונד פון מיין פריעדען וועט ניט וואַנקען, זאָגט ער, וואָס דערבארמט
11 זיך איבער דיר, גאָט. אָ, עלענדע, געוואָרפענע פון שטורם, אונגע־
טרייסטע, זעה, איך לעג אויס דיינע שטיינער פון קארפונקעל און דיין
12 פונדאמענט וועל איך גרינדען פון ספיר־שטיינער. און דיינע שויבען
וועל איך מאַכען פון רובינען, און דיינע טהויערען פון פייער־גלאנצענדע
13 שטיינער, און דיין גאַנצען גרענעץ — עדעלשטיינער. און אַלע דיינע
קינדער וועלען זיין געלערנט פון גאָט, און גרויס וועט זיין דער פריעדען
14 פון דיינע אויפבויערס. דורך גערעכטיגקייט וועסטו בעפעסטיגט זיין;
פון בעדריקונג וועסטו זיין ווייט, דען דו דאַרפסט ניט פירכטען, און פון
שרעק (וועסטו זיין ווייט), דען עס וועט צו דיר ניט קומען נאָהענט.
15 זעה, וועט זיך דען ווער פערזאמלען (קעגען דיר) אָהן מיר? ווער עס האָט
16 אַ מאָל געפיהרט קריעג מיט דיר, וועט זיך צו דיר אונטערגעבען. זעה,
איך האָב בעשאַפען דעם שמיד וואָס בלאָזט דעם קויהלען־פייער און
ברענגט ארויס אַ ווערקצייג פאר זיין ארבייט, אָבער אויך איך האָב בע־
17 שאַפען אַ פערדארבער צו פערדארבען, יעדעס ווערקצייג, וואָס וועט
געפורעמט ווערען קעגען דיר, וועט ניט געלינגען, און יעדע צונג וואָס
וועט אויפשטעהן קעגען דיר אין געריכט וועסטו בייקומען. דאָס איז דער
ערבטהייל פון די קנעכט פון גאָט, און דער לוין פאר זייערע גערעכטיג־
קייט פון מיר, זאָגט גאָט.

## קאפיטעל נה

1 אך! יעדער וואָס איז דורשטיג, געהט נאָך וואסער, און אויך דער וואָס
האָט קיין געלט ניט; געהט שאַפט זיך שפייז און עסט, און געהט
שאַפט זיך שפייז אָהן געלט, און אָהן אַ פרייז, וויין און מילך.
2 ווארום זאָלט איהר צאהלען געלט פאר דאָס וואָס איז ניט קיין ברויט,
און אייער פערמעגען פאר דאָס, וואָס עס זעטיגט ניט; הערט מיר צו,
און איהר וועט געניסען גוטעס, און אייער זעעלע וועט זיך לאַבען מיט
פעטס.
3 נייגט צו אייער אויער, און געהט ארויס (פון בבל) און קומט צו מיר;
הערט, און אייער זעעלע וועט אויפלעבען; און איך וועל פאר אייערט־
וועגען מאַכען אַן אייביגען בונד; די אייביגע גנאדען וואָס איך האָב
פערשפּראָכען צו דוד׳ן (וועל איך אייך געבען).
4 זעה, צו זיין אַ שטראפער פון פעלקער האָב איך דיך (איהם) בעשטימט,
אַ פירשט און אַ בעפעהלער פון נאַציאָנען.
5 זעה, אַ נאַציאָן וואָס דו האָכט גאָר ניט געקענט וועסטו צורופען צו דיר,
און אַ נאַציאָן וואָס האָט דיך ניט געקענט וועט לויפען צו דיר, צוליעב גאָט
דיין הער; צוליעב דעם הייליגען פון ישראל וועלכער האָט דיך בעצירט.

6 כִּי פֵאֲרָךְ׃ דִּרְשׁוּ יְהוָה בְּהִמָּצְאוֹ קְרָאֻהוּ בִּהְיוֹתוֹ
7 קָרוֹב׃ יַעֲזֹב רָשָׁע דַּרְכּוֹ וְאִישׁ אָוֶן מַחְשְׁבֹתָיו וְיָשֹׁב אֶל־
8 יְהוָה וִירַחֲמֵהוּ וְאֶל־אֱלֹהֵינוּ כִּי־יַרְבֶּה לִסְלוֹחַ׃ כִּי לֹא
מַחְשְׁבוֹתַי מַחְשְׁבוֹתֵיכֶם וְלֹא דַרְכֵיכֶם דְּרָכָי נְאֻם יְהוָה׃
9 כִּי־גָבְהוּ שָׁמַיִם מֵאָרֶץ כֵּן גָּבְהוּ דְרָכַי מִדַּרְכֵיכֶם
י וּמַחְשְׁבֹתַי מִמַּחְשְׁבֹתֵיכֶם׃ כִּי כַּאֲשֶׁר יֵרֵד הַגֶּשֶׁם וְהַשֶּׁלֶג
מִן־הַשָּׁמַיִם וְשָׁמָּה לֹא יָשׁוּב כִּי אִם־הִרְוָה אֶת־הָאָרֶץ
11 וְהוֹלִידָהּ וְהִצְמִיחָהּ וְנָתַן זֶרַע לַזֹּרֵעַ וְלֶחֶם לָאֹכֵל׃ כֵּן יִהְיֶה
דְבָרִי אֲשֶׁר יֵצֵא מִפִּי לֹא־יָשׁוּב אֵלַי רֵיקָם כִּי אִם־עָשָׂה
12 אֶת־אֲשֶׁר חָפַצְתִּי וְהִצְלִיחַ אֲשֶׁר שְׁלַחְתִּיו׃ כִּי־בְשִׂמְחָה
תֵצֵאוּ וּבְשָׁלוֹם תּוּבָלוּן הֶהָרִים וְהַגְּבָעוֹת יִפְצְחוּ לִפְנֵיכֶם
13 רִנָּה וְכָל־עֲצֵי הַשָּׂדֶה יִמְחֲאוּ־כָף׃ תַּחַת הַנַּעֲצוּץ יַעֲלֶה
בְרוֹשׁ *תַּחַת הַסִּרְפַּד יַעֲלֶה הֲדַס וְהָיָה לַיהוָה לְשֵׁם לְאוֹת
עוֹלָם לֹא יִכָּרֵת׃

## CAP. LVI. נו

נו

א כֹּה אָמַר יְהוָה שִׁמְרוּ מִשְׁפָּט וַעֲשׂוּ צְדָקָה כִּי־קְרוֹבָה
2 יְשׁוּעָתִי לָבוֹא וְצִדְקָתִי לְהִגָּלוֹת׃ אַשְׁרֵי אֱנוֹשׁ יַעֲשֶׂה־
זֹּאת וּבֶן־אָדָם יַחֲזִיק בָּהּ שֹׁמֵר שַׁבָּת מֵחַלְּלוֹ וְשֹׁמֵר יָדוֹ
3 מֵעֲשׂוֹת כָּל־רָע׃ וְאַל־יֹאמַר בֶּן־הַנֵּכָר הַנִּלְוָה אֶל־יְהוָה
לֵאמֹר הַבְדֵּל יַבְדִּילַנִי יְהוָה מֵעַל עַמּוֹ וְאַל־יֹאמַר הַסָּרִיס
4 הֵן אֲנִי עֵץ יָבֵשׁ׃ כִּי־כֹה ׀ אָמַר יְהוָה לַסָּרִיסִים אֲשֶׁר
יִשְׁמְרוּ אֶת־שַׁבְּתוֹתַי וּבָחֲרוּ בַּאֲשֶׁר חָפָצְתִּי וּמַחֲזִיקִים
ה בִּבְרִיתִי׃ וְנָתַתִּי לָהֶם בְּבֵיתִי וּבְחוֹמֹתַי יָד וָשֵׁם טוֹב
מִבָּנִים וּמִבָּנוֹת שֵׁם עוֹלָם אֶתֶּן־לוֹ אֲשֶׁר לֹא יִכָּרֵת׃
6 וּבְנֵי הַנֵּכָר הַנִּלְוִים עַל־יְהוָה לְשָׁרְתוֹ וּלְאַהֲבָה אֶת־שֵׁם
יְהוָה לִהְיוֹת לוֹ לַעֲבָדִים כָּל־שֹׁמֵר שַׁבָּת מֵחַלְּלוֹ וּמַחֲזִיקִים
7 בִּבְרִיתִי׃ וַהֲבִיאוֹתִים אֶל־הַר קָדְשִׁי וְשִׂמַּחְתִּים בְּבֵית
תפלתי

כ״ה v. 5. עד כאן v. 6. הפטרת ויחל כמנהג האשכנזים v. 13. ותחת ק׳ ibid. פתח באתנח

6 זוכט גאָט ווען ער לאָזט זיך געפינען, רופט איהם ווען ער איז נאָהענט.
7 זאָל דער שלעכטער פערלאָזען זיין שלעכטע וועג, און דער מאַן פון אונ־רעכט זיינע בייזע געדאַנקען; און זאָל ער זיך אומקעהרען צו גאָט, און ער וועט זיך איבער איהם דערבאַרעמען, און צו אונזער גאָט, דען זעהר פיעל פערצייהעט ער.
8 דען מיינע געדאַנקען זיינען ניט ווי אייערע געדאַנקען, און ניט ווי אייע־רע וועגען זיינען מיינע וועגען, זאָגט גאָט.
9 דען אזוי ווי די הימלען זיינען העכער איבער דער ערד, אזוי זיינען הע־כער מיינע וועגען איבער אייערע וועגען, און מיינע געדאַנקען איבער אייערע געדאַנקען.
10 דען אזוי ווי עס נידערט דער רעגען און דער שנעע אַראָפּ פון די הימלען, און דאָרט קעהרט ניט מעהר צוריק, סיידען ער האָט געזעטיגט די ערד, און מאַכט זי פרוכטבאַר און מאַכט זי שפּראָצען, און ער גיט זאמען פאַר דעם זעעהער און ברויט פאַר דעם עסער.
11 אזוי וועט זיין מיין וואָרט וואָס געהט ארויס פון מיין מויל, עס וועט זיך ניט אומקעהרען צו מיר ליידיג, סיידען עס האָט אויסגעפיהרט דאָס וואָס איך האָב פערלאַנגט, און עס האָט בעגליקט ביי דאָס וואָס איך האָב עס געשיקט.
12 דען מיט פרייד וועט איהר ארויסגעהען (פון בבל), און אין פריעדען וועט איהר געפיהרט ווערען. די בערג און די היגלען וועלען אויסברעכען פאַר אייך א געזאַנג, און אלע בוימער פון פעלד וועלען קלאַפּען די הענד.
13 אנשטאַט דעם דאָרן וועט ארויסוואַקסען א ציפּרעס, און אנשטאַט דעם שטעכעדיגען נעסעל וועט זיך אויפהויבען א מירטענבוים; און עס וועט זיין א רוהם פאַר גאָט, אן אייביגער צייכען, עס וועט ניט פערטיליגט ווערען.

## קאַפּיטעל נו

1 אזוי האָט געזאָגט גאָט: היט אָפּ דאָס רעכט, און טהוט גערעכטיגקייט, דען מיין הילף איז נאָהענט צו קומען, און מיין גערעכטיגקייט ענטדעקט צו ווערען.
2 וואויל איז דעם מענש וואָס טהוט דאָס, און דעם מענשען־זוהן וואָס נעהמט דאָס אָן, דער וואָס היט דעם שבת, איהם ניט צו ענטהייליגען, און איהם האַלט צוריק זיין האַנד ניט צו טהאָן קיין שלעכטס.
3 און עס זאָל ניט זאגען דער פרעמדער וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָסען צו גאָט, אזוי: גאָט וועט מיך פיעלייכט אָפּזונדערן פון זיין פאָלק, און עס זאָל ניט זאָגען דער קינדערלאָזער: זעה, איך בין א טרוקענער בוים.
4 דען אזוי האָט געזאָגט גאָט וועגען די קינדערלאָזע וואָס וועלען היטען מיינע שבתים, און זיי וועלען אויסוועהלען דאָס וואָס איך פערלאַנג, און וועלכע האַלטען אָן פעסט מיין בונד.
5 איך וועל זיי געבען אין מיין הויז און אין מיינע מויערן א דענקמאָל און א נאָמען, בעסער פון זיהן און טעכטער; אן אייביגען נאָמען וועל איך איהם געבען וועלכער וועט ניט פערטיליגט ווערען.
6 און די זיהן פון די פרעמדע פעלקער וועלכע שליסען זיך אָן צו גאָט, איהם צו דיענען און צו ליעבען דעם נאָמען פון גאָט, צו זיין זיינע קנעכט, יעדער וואָס היט דעם שבת איהם ניט צו ענטהייליגען, און זיי האַלטען פעסט מיין בונד.
7 זיי, וועל איך ברענגען צו מיין הייליגען באַרג, און זיי וועל איך דער־פרעהען אין מיין געבעט־הויז; זייערע גאַנץ־אָפּפער און זייערע שלאַכט־אָפּפער וועלען מיט צופריעדענהייט אָנגענומען ווערען אויף מיין מזבח, דען מיין הויז וועט אָנגערופען ווערען א געבעט־הויז פאַר אלע פעלקער.

תְּפִלָּתִי עוֹלֹתֵיהֶם וְזִבְחֵיהֶם לְרָצוֹן עַל־מִזְבְּחִי כִּי בֵיתִי
8 בֵּית־תְּפִלָּה יִקָּרֵא לְכָל־הָעַמִּים׃ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה מְקַבֵּץ
9 נִדְחֵי יִשְׂרָאֵל עוֹד אֲקַבֵּץ עָלָיו לְנִקְבָּצָיו׃ כֹּל חַיְתוֹ שָׂדָי
י אֵתָיוּ לֶאֱכֹל כָּל־חַיְתוֹ בַּיָּעַר׃ צֹפָו עִוְרִים כֻּלָּם לֹא
יָדָעוּ כֻּלָּם כְּלָבִים אִלְּמִים לֹא יוּכְלוּ לִנְבֹּחַ הֹזִים שֹׁכְבִים
11 אֹהֲבֵי לָנוּם׃ וְהַכְּלָבִים עַזֵּי־נֶפֶשׁ לֹא יָדְעוּ שָׂבְעָה וְהֵמָּה
רֹעִים לֹא יָדְעוּ הָבִין כֻּלָּם לְדַרְכָּם פָּנוּ אִישׁ לְבִצְעוֹ
12 מִקָּצֵהוּ׃ אֵתָיוּ אֶקְחָה־יַיִן וְנִסְבְּאָה שֵׁכָר וְהָיָה כָזֶה יוֹם
מָחָר גָּדוֹל יֶתֶר מְאֹד׃

## נז Cap. LVII. נז

א הַצַּדִּיק אָבָד וְאֵין אִישׁ שָׂם עַל־לֵב וְאַנְשֵׁי־חֶסֶד נֶאֱסָפִים
2 בְּאֵין מֵבִין כִּי־מִפְּנֵי הָרָעָה נֶאֱסַף הַצַּדִּיק׃ יָבוֹא שָׁלוֹם
3 יָנוּחוּ עַל־מִשְׁכְּבוֹתָם הֹלֵךְ נְכֹחוֹ׃ וְאַתֶּם קִרְבוּ־הֵנָּה
4 בְּנֵי עֹנְנָה זֶרַע מְנָאֵף וַתִּזְנֶה׃ עַל־מִי תִּתְעַנָּגוּ עַל־מִי
תַּרְחִיבוּ פֶה תַּאֲרִיכוּ לָשׁוֹן הֲלוֹא־אַתֶּם יִלְדֵי־פֶשַׁע זֶרַע
ה שָׁקֶר׃ הַנֵּחָמִים בָּאֵלִים תַּחַת כָּל־עֵץ רַעֲנָן שֹׁחֲטֵי הַיְלָדִים
6 בַּנְּחָלִים תַּחַת סְעִפֵי הַסְּלָעִים׃ בְּחַלְּקֵי־נַחַל חֶלְקֵךְ הֵם
הֵם גּוֹרָלֵךְ גַּם־לָהֶם שָׁפַכְתְּ נֶסֶךְ הֶעֱלִית מִנְחָה הַעַל
7 אֵלֶּה אֶנָּחֵם׃ עַל הַר־גָּבֹהַּ וְנִשָּׂא שַׂמְתְּ מִשְׁכָּבֵךְ גַּם־
8 שָׁם עָלִית לִזְבֹּחַ זָבַח׃ וְאַחַר הַדֶּלֶת וְהַמְּזוּזָה שַׂמְתְּ
זִכְרוֹנֵךְ כִּי מֵאִתִּי גִּלִּית וַתַּעֲלִי הִרְחַבְתְּ מִשְׁכָּבֵךְ וַתִּכְרָת־
9 לָךְ מֵהֶם אָהַבְתְּ מִשְׁכָּבָם יָד חָזִית׃ וַתָּשֻׁרִי לַמֶּלֶךְ
בַּשֶּׁמֶן וַתַּרְבִּי רִקֻּחָיִךְ וַתְּשַׁלְּחִי צִרַיִךְ עַד־מֵרָחֹק וַתַּשְׁפִּילִי
י עַד־שְׁאוֹל׃ בְּרֹב דַּרְכֵּךְ יָגַעַתְּ לֹא אָמַרְתְּ נוֹאָשׁ חַיַּת
11 יָדֵךְ מָצָאת עַל־כֵּן לֹא חָלִית׃ וְאֶת־מִי דָּאַגְתְּ וַתִּירְאִי כִּי
תְכַזֵּבִי וְאוֹתִי לֹא זָכַרְתְּ לֹא־שַׂמְתְּ עַל־לִבֵּךְ הֲלֹא אֲנִי
12 מַחְשֶׁה וּמֵעֹלָם וְאוֹתִי לֹא תִירָאִי׃ אֲנִי אַגִּיד צִדְקָתֵךְ

ואת־

v. 8 כ״ו עד כאן v. 10 צ׳ רבתי צופיו קרי ibid. קמץ בז״ק v. 1 כ״ו קמץ בז״ק v. 9 חסר א

8 דאָס זאָגט דער הערר גאָט, דער וואָס זאמעלט איין די פערשטויסעננע
פון ישראל: נאָך מעהר וועל איך איינזאמלען צו איהם, צו זיינע אייגענע
9 איינגעזאמעלטע. איהר אַלע טהיערען פון פעלד, קומט אַהער צו עסען;
10 איהר אַלע טהיערען פון וואלד (קומט אַהער). דען זיינע וועכטער זיי־
נען אַלע בלינד, זיי האָבען קיין וויסענשאַפט ניט, די הינד זיינען אַלע
שטומע, זיי קענען ניט בילען, זיי ליגען און דרעמלען, זיי האָבען ליעב
11 צו שלאָפען. און די דאָזיגע הינד זיינען שטאַרקע פרעסערס, זיי ווייסען
ניט פון קיין זאטקייט, און זיי, די הירטען זיי ווייסען ניט און גיעבען
ניט אַכטונג; אַלע קעהרען זיי זיך צו זייער אייגענעם וועג, יעדער נאָך
12 זיין אייגעננוץ, פון ברעג צו ברעג. (זיי זאָגען:) קומט, מיר וועלען ברענ־
גען וויין, און לאָמיר זויפען שטאַרקע געטרענקע, און אַזוי ווי דער טאָג,
וועט אויך זיין דער מאָרגענדיגער, און נאָך גרעסער און נאָך פיעל מעהר.

## קאַפּיטעל נז

1 דער גערעכטער געהט אונטער, און קיין מענש נעהמט עס ניט צום הער־
צען; און די פרומע לייט קומען אום, און קיינער פערשטעהט ניט,
2 דאָס צוליעב די שלעכטס קומט דער גערעכטער אום. ער קומט צו דעם
אָרט פון פריעדען; זיי רוהען אויף זייער אייביגען געלעגער, יעדער וואָס
3 געהט אין זיין גלייכען וועג. אָבער איהר, גענעהנט דאָ אַהער, איהר
קינדער פון דער צויבערין, זאָמען פון א עהע־ברעכער און וואָס זי (די
4 מוטער) האָט אָפּגעקעהרט. איבער וועמען מאַכט איהר זיך לוסטיג?
קעגען וועמען מאַכט איהר ברייט דאָס מויל, און מאַכט לאַנג די צונג?
5 זייט איהר דען ניט, קינדער פון פערברעכען, פאַלשע זאָמען? וועלכע
ערהיצט זיך אונטער די אייכענבוימער, אונטער יעדען גרינעם בוים, וועלכע
שלאַכטען די קינדער אין די טהאַלען, אונטער די שפּאַלטען פון די פעלזען.
6 ביי די גלאַטע שטיינער פון טהאָל איז דיין טהייל, זיי, זיי זיינען דיין
לאָאָס; צו זיי האָסטו אויסגעגאָסען אויך טראַנק־אָפּפער, און (אויך)
געאָפּפערט שפּייז־אָפּפער. קען איך איבער אַזעלכע זאַכען זיך בערו־
7 היגען? אויף אַ הויכען און דערהויבענעם באַרג האָסטו געמאַכט דיין
געלעגער, אויך דאָרט ביזטו ארויפגעגאַנגען צו שלאַכט־אָפּפער.
8 און הינטער דער טהיר און דעם ביישטעדטעל האָסטו געמאַכט עראינע־
רונגס־צייכען, דען פון מיר האָסטו אָפּגעקעהרט און דו האָסט אויפגע־
דעקט (דיין שאַנדע) און ביזט ארויפגעגאַנגען; דו האָסט ברייט געמאַכט
דיין געלעגער, און האָסט זיך אַ בונד געשלאָסען מיט פיעלע פון זיי;
דו האָסט געליעבט זייער אויסגעלאַסענהייט אין יעדען בעקוועמען אָרט
וואו דו האָסט נור דערזעהען.
9 און דו האָסט זיך געזאַלבט מיט אויל צו די עהרע פון דעם (געץ) מלך,
און דו האָסט פערמעהרט דיינע זאַלבונגען, און דו האָסט געשיקט דיינע
געזאַנדטע ביז אין דער ווייט (צו זוכען נייע געצען), און אַזוי האָסטו
זיך ערנידעריגט ביז אין די אונטער־וועלט.
10 פון דיינע פיעל וועגען ביזטו ערמיעדעט געוואָרען, אָבער דאָך האָסטו
ניט געזאָגט: עס איז נוצלאָז, דיין האַנד האָט געפונען דעם לעבען,
דארום האָסטו גאָר ניט געזאָרגט.
11 און פאַר וועמען האָסטו דען געדאַרפט זאָרגען און פירכטען, דאָס דו
זאָלסט אויפהערען? אַז אַן מיר האָסטו ניט געדענקט, און ניט גענומען
האָסטו זיך צום הערצען (דעם ענד פון דיינע מעשים), און — דו האָסט
געדאַכט — איך שווייג דאָך, און פון אייביג אָן (שווייג איך), דארום
האָסטו ניט וואָס צו פירכטען פאַר מיר.
12 קען איך זאָגען דיינע גערעכטיגקייט? ווען דאָ זיינען דאָ דיינע ווערק,
וועלכע קענען דיר ניט העלפען.

13 וְאֶת־מַעֲשַׂיִךְ וְלֹא יוֹעִילוּךְ׃ בְּזַעֲקֵךְ יַצִּילֻךְ קִבּוּצַיִךְ וְאֶת־
כֻּלָּם יִשָּׂא־רוּחַ יִקַּח־הָבֶל וְהַחוֹסֶה בִי יִנְחַל־אֶרֶץ וְיִירַשׁ
14 הַר־קָדְשִׁי׃ וְאָמַר סֹלּוּ־סֹלּוּ פַּנּוּ־דָרֶךְ הָרִימוּ מִכְשׁוֹל
טו מִדֶּרֶךְ עַמִּי׃ כִּי כֹה אָמַר רָם וְנִשָּׂא שֹׁכֵן עַד וְקָדוֹשׁ
שְׁמוֹ מָרוֹם וְקָדוֹשׁ אֶשְׁכּוֹן וְאֶת־דַּכָּא וּשְׁפַל־רוּחַ לְהַחֲיוֹת
16 רוּחַ שְׁפָלִים וּלְהַחֲיוֹת לֵב נִדְכָּאִים׃ כִּי לֹא לְעוֹלָם אָרִיב
וְלֹא לָנֶצַח אֶקְּצוֹף כִּי־רוּחַ מִלְּפָנַי יַעֲטוֹף וּנְשָׁמוֹת אֲנִי
17 עָשִׂיתִי׃ בַּעֲוֺן בִּצְעוֹ קָצַפְתִּי וְאַכֵּהוּ הַסְתֵּר וְאֶקְצֹף וַיֵּלֶךְ
18 שׁוֹבָב בְּדֶרֶךְ לִבּוֹ׃ דְּרָכָיו רָאִיתִי וְאֶרְפָּאֵהוּ וְאַנְחֵהוּ וַאֲשַׁלֵּם
19 נִחֻמִים לוֹ וְלַאֲבֵלָיו׃ בּוֹרֵא נִיב שְׂפָתָיִם שָׁלוֹם ׀ שָׁלוֹם
כ לָרָחוֹק וְלַקָּרוֹב אָמַר יְהֹוָה וּרְפָאתִיו׃ וְהָרְשָׁעִים כַּיָּם
21 נִגְרָשׁ כִּי הַשְׁקֵט לֹא יוּכָל וַיִּגְרְשׁוּ מֵימָיו רֶפֶשׁ וָטִיט׃ אֵין
שָׁלוֹם אָמַר אֱלֹהַי לָרְשָׁעִים׃

## נח CAP. LVIII. נח

א קְרָא בְגָרוֹן אַל־תַּחְשֹׂךְ כַּשּׁוֹפָר הָרֵם קוֹלֶךָ וְהַגֵּד לְעַמִּי
2 פִּשְׁעָם וּלְבֵית יַעֲקֹב חַטֹּאתָם׃ וְאוֹתִי יוֹם ׀ יוֹם יִדְרֹשׁוּן
וְדַעַת דְּרָכַי יֶחְפָּצוּן כְּגוֹי אֲשֶׁר־צְדָקָה עָשָׂה וּמִשְׁפַּט
אֱלֹהָיו לֹא עָזָב יִשְׁאָלוּנִי מִשְׁפְּטֵי־צֶדֶק קִרְבַת אֱלֹהִים
3 יֶחְפָּצוּן׃ לָמָּה צַּמְנוּ וְלֹא רָאִיתָ עִנִּינוּ נַפְשֵׁנוּ וְלֹא תֵדָע
4 הֵן בְּיוֹם צֹמְכֶם תִּמְצְאוּ־חֵפֶץ וְכָל־עַצְּבֵיכֶם תִּנְגֹּשׂוּ׃ הֵן
לְרִיב וּמַצָּה תָּצוּמוּ וּלְהַכּוֹת בְּאֶגְרֹף רֶשַׁע לֹא־תָצוּמוּ
ה כַיּוֹם לְהַשְׁמִיעַ בַּמָּרוֹם קוֹלְכֶם׃ הֲכָזֶה יִהְיֶה צוֹם אֶבְחָרֵהוּ
יוֹם עַנּוֹת אָדָם נַפְשׁוֹ הֲלָכֹף כְּאַגְמֹן רֹאשׁוֹ וְשַׂק וָאֵפֶר
6 יַצִּיעַ הֲלָזֶה תִּקְרָא־צוֹם וְיוֹם רָצוֹן לַיהֹוָה׃ הֲלוֹא זֶה
צוֹם אֶבְחָרֵהוּ פַּתֵּחַ חַרְצֻבּוֹת רֶשַׁע הַתֵּר אֲגֻדּוֹת מוֹטָה
7 וְשַׁלַּח רְצוּצִים חָפְשִׁים וְכָל־מוֹטָה תְּנַתֵּקוּ׃ הֲלוֹא פָרֹס
לָרָעֵב לַחְמֶךָ וַעֲנִיִּים מְרוּדִים תָּבִיא בָיִת כִּי־תִרְאֶה עָרֹם

וכסיתו

כ"ו .v 14 הפטרת יום כפור .v 19 ניב קרי .v 20 קמץ בז"ק נ"ח .v 2 קמץ בזק' .v 3 דצ' בג"ש

13 ווען דו שרייסט זאָלען דיך דיינע געזאַמעלטע אָפּגעטער רעטען ; אָבער
זיי אַלעמען וועט דער ווינד אַוועקטראָגען, אַ הויך וועט זיי אַוועקנעהמען,
אָבער דער וואָס פערזיכערט זיך אויף מיר וועט בעזיצען דאָס לאַנד און
14 וועט ערבען מיין הייליגען באַרג. און גאָט האָט געזאָגט: באַהנט אַ וועג,
באַהנט אַ וועג, ראַמט אָפּ דעם וועג, הויבט אויף די שטרויכלונג פון דעם
15 וועג פון מיין פאָלק. דען אזוי האָט געזאָגט דער הויכער און דערהויבע־
נער, דער וואָס לעבט אייביג, און הייליגער איז זיין נאָמען: אין דער הויך
וואָהן איך ווייל איך בין הייליג, אָבער דאָך וואָהן איך אויך מיט דעם
ניעדערגעשלאָגענעם און מיט דעם געבראָכענעם געמיטה, אום אויפצו־
לעבען דעם געמיטה פון די נידעריגע, און אויפצולעבען דאָס האַרץ פון די
16 ניעדערגעשלאָגענע. דען ניט אייביג שטרייט איך, און ניט שטענדיג
צאָרן איך ; דען עס איז דאָך מיין גייסט וועלכער איז איינגעוויקעלט, און
17 די זעעלען האָב איך אַליין דאָך בעשאַפען. פאַר די זינד פון זיינע רוי־
בעריי האָב איך געצאָרנט און האָב איהם געשלאָגען, פערבאָרגענדיג מיין
געזיכט ווען איך האָב געצאָרנט, ווייל ער איז געגאַנגען ווילד אין דעם
18 וועג פון זיין האַרץ. זיינע וועגען האָב איך געזעהען, איך וועל איהם
הייהלען, און איך וועל איהם פיהרען, און איך וועל פערגעלטען טרייסטונ־
19 גען צו איהם און צו די וואָס טרויערען אויף איהם. איך בעשאַף איהם
אַ שפּראַך אין די ליפּען, איך בעשאַף פריעדען פאַר ישראל. פריעדען צו
דעם ווייטען (אין בבל) און צו דעם נאָהענטען, (וואָס איז שוין אין
20 ירושלים), זאָגט גאָט, און איך וועל אים היילען. אָבער די פערברעכער
זיינען ווי דער שטורמדיגער ים, וועלכער קען ניט רוהען, און זיינע וואַ־
21 סערען שליידערען קויט און לעהם. עס איז ניטאָ קיין פריעדען, זאָגט
מיין גאָט, פאַר די פערברעכער.

## קאַפּיטעל נח

1 רוף אויס פון פולער קעהל, האַלט ניט אָב, ווי אַ שופר הויב אויף דיין
שטים, און זאָג צו מיין פאָלק זיין פערברעכען, און דעם הויז פון יעקב
2 זיין זינד. דאָך זוכען זיי מיך טאָג פאַר טאָג, און צו וויסען מיינע וועג־
גען פערלאַנגען זיי, ווי אַ פאָלק וואָס טהוט גערעכטיגקייט, און וואָס האָט
ניט פאַרלאָזען דאָס געבאָט פון זיין גאָט, זיי פרעגען מיך וועגען די גע־
רעכטע אויפפיהרונג. אַזוי ווי זיי וואָלטען האָבען לוסט צו זיין נאָהענט
3 צו גאָט. (זיי זאָגען) : ווארום פאסטען מיר און דו זעהסט ניט, מיר
פּייניגען אונזער זעעל און דו ווייסט ניט ? (ענטפערט גאָט) : זעה, אין
דעם טאָג פון אייער פאסטען זוכט איהר דאָך אייערע אייגענע נוצען,
4 און אַלע אייערע געשעפטען טרייבט איהר. זעה, נאָך שטרייטען און
קריגערייען פאסט איהר און איהר קלאַפּט זיך מיט'ן פויסט אין הערצען,
און אין האַנד איז די שלעכטס, איהר פאַסט ניט, עס איז קלאָהר ווי דער
טאָג, אום צו מאַכען הערען אין הימעל אייער שטים.
5 זאָל דען אַזאַ (פאַסט־טאָג) זיין אַ פאַסט־טאָג וואָס איך ערוועהל איהם ?
אַ טאָג וואָס דער מענש פּייניגט זיין זעעל ? צו נאָר איינצובויגען ווי
אַ שילפראָהר זיין קאָפּ, און זיך אונטערצובעטען מיט אַ זאַק און אַש ?
ווילסטו דאָס אָנרופען אַ פאַסט־טאָג, און אַ טאָג פון געפעליגקייט ביי גאָט?
6 פירוואהר, דאָס איז דער פאסט־טאָג, וואָס איך ערוועהל איהם, צו אָבבינ־
דען די קייטען פון שלעכטס, לויז צו מאַכען די בינדען פון יאָך, און
אַרויסלאָזען די געדריקטע פריי, און יעדען יאָך זאָלט איהר אַראָברייסען.
7 פירוואהר, צו אָבברעכען דיין ברויט פאַר דעם הונגעריגען, און די אַרעמע
פאַרוואָגעלטע זאָלסטו אַריינברענגען אין דיין הויז, אַז דו וועסט זעהען
אַ נאַקעטען זאָלסטו איהם בעדעקען, און פון דיין פלייש (פון יעדען מענ־
שען) זאָלסטו זיך ניט פאַרהוילען.

וְכִסִּיתוֹ וּמִבְּשָׂרְךָ לֹא תִתְעַלָּם׃ אָז יִבָּקַע כַּשַּׁחַר אוֹרֶךָ 8
וַאֲרֻכָתְךָ מְהֵרָה תִצְמָח וְהָלַךְ לְפָנֶיךָ צִדְקֶךָ כְּבוֹד יְהוָה
יַאַסְפֶךָ׃ אָז תִּקְרָא וַיהוָה יַעֲנֶה תְּשַׁוַּע וְיֹאמַר הִנֵּנִי אִם־ 9
תָּסִיר מִתּוֹכְךָ מוֹטָה שְׁלַח אֶצְבַּע וְדַבֶּר־אָוֶן׃ וְתָפֵק י
לָרָעֵב נַפְשֶׁךָ וְנֶפֶשׁ נַעֲנָה תַּשְׂבִּיעַ וְזָרַח בַּחֹשֶׁךְ אוֹרֶךָ
וַאֲפֵלָתְךָ כַּצָּהֳרָיִם׃ וְנָחֲךָ יְהוָה תָּמִיד וְהִשְׂבִּיעַ בְּצַחְצָחוֹת 11
נַפְשֶׁךָ וְעַצְמֹתֶיךָ יַחֲלִיץ וְהָיִיתָ כְּגַן רָוֶה וּכְמוֹצָא מַיִם אֲשֶׁר
לֹא־יְכַזְּבוּ מֵימָיו׃ וּבָנוּ מִמְּךָ חָרְבוֹת עוֹלָם מוֹסְדֵי דוֹר־ 12
וָדוֹר תְּקוֹמֵם וְקֹרָא לְךָ גֹּדֵר פֶּרֶץ מְשֹׁבֵב נְתִיבוֹת לָשָׁבֶת׃
אִם־תָּשִׁיב מִשַּׁבָּת רַגְלֶךָ עֲשׂוֹת חֲפָצֶךָ בְּיוֹם קָדְשִׁי וְקָרָאתָ 13
לַשַּׁבָּת עֹנֶג לִקְדוֹשׁ יְהוָה מְכֻבָּד וְכִבַּדְתּוֹ מֵעֲשׂוֹת דְּרָכֶיךָ
מִמְּצוֹא חֶפְצְךָ וְדַבֵּר דָּבָר׃ אָז תִּתְעַנַּג עַל־יְהוָה וְהִרְכַּבְתִּיךָ 14
עַל־בָּמֳותֵי אָרֶץ וְהַאֲכַלְתִּיךָ נַחֲלַת יַעֲקֹב אָבִיךָ כִּי פִּי
יְהוָה דִּבֵּר׃*

## נט CAP. LIX. נט

הֵן לֹא־קָצְרָה יַד־יְהוָה מֵהוֹשִׁיעַ וְלֹא־כָבְדָה אָזְנוֹ מִשְּׁמוֹעַ׃ א
כִּי אִם־עֲוֺנֹתֵיכֶם הָיוּ מַבְדִּלִים בֵּינֵכֶם לְבֵין אֱלֹהֵיכֶם 2
וְחַטֹּאותֵיכֶם הִסְתִּירוּ פָנִים מִכֶּם מִשְּׁמוֹעַ׃ כִּי כַפֵּיכֶם 3
נְגֹאֲלוּ בַדָּם וְאֶצְבְּעוֹתֵיכֶם בֶּעָוֺן שִׂפְתוֹתֵיכֶם דִּבְּרוּ־שֶׁקֶר
לְשׁוֹנְכֶם עַוְלָה תֶהְגֶּה׃ אֵין־קֹרֵא בְצֶדֶק וְאֵין נִשְׁפָּט 4
בֶּאֱמוּנָה בָּטוֹחַ עַל־תֹּהוּ וְדַבֶּר־שָׁוְא הָרוֹ עָמָל וְהוֹלֵיד אָוֶן׃
בֵּיצֵי צִפְעוֹנִי בִּקֵּעוּ וְקוּרֵי עַכָּבִישׁ יֶאֱרֹגוּ הָאֹכֵל מִבֵּיצֵיהֶם ה
יָמוּת וְהַזּוּרֶה תִּבָּקַע אֶפְעֶה׃ קוּרֵיהֶם לֹא־יִהְיוּ לְבֶגֶד וְלֹא 6
יִתְכַּסּוּ בְּמַעֲשֵׂיהֶם מַעֲשֵׂיהֶם מַעֲשֵׂי־אָוֶן וּפֹעַל חָמָס
בְּכַפֵּיהֶם׃ רַגְלֵיהֶם לָרַע יָרֻצוּ וִימַהֲרוּ לִשְׁפֹּךְ דָּם נָקִי 7
מַחְשְׁבֹתֵיהֶם מַחְשְׁבוֹת אָוֶן שֹׁד וָשֶׁבֶר בִּמְסִלּוֹתָם׃ דֶּרֶךְ 8
שָׁלוֹם לֹא יָדָעוּ וְאֵין מִשְׁפָּט בְּמַעְגְּלוֹתָם נְתִיבוֹתֵיהֶם עִקְּשׁוּ
להם

נ״ח v. 14. יתיר ו׳ ibid. עד כאן נ״ט v. 2. מלא ו׳ v. 8. קמץ בז״ק

8 דאַן וועט ווי דער מאָרגען־שטערען אויפברעכען דיין ליכט, דיין היילונג
וועט געשווינד אַרויסשפּראָצען, און דיין גערעכטיגקייט וועט געהען פאַר
9 דיר, און די עהרע פון גאָט וועט דיך פון הינטען לייכטען. דאַן וועסטו
רופען און גאָט וועט ענטפערען, דו וועסט שרייען און ער וועט זאָגען:
היער בין איך. אויב דו וועסט אָבשאַפען פון דיין מיטען פעריאָכונג, ניט
אויסשטרעקען אַ פינגער (יענעם צו שרעקען) און ניט רעדען אונרעכט.
10 און דו וועסט הינרייכען צו דעם הונגעריגען דיין ברויט מיט צופריעדענ־
הייט, און די אונטערדריקטע זעעל וועסטו זאַט מאַכען; דאַן וועט אויפ־
שיינען דיין ליכט אין דער פינסטערניס, און דיין דונקעלהייט וועט זיין
11 ווי די מיטאָגס־ליכטיגקייט. און גאָט וועט דיך שטענדיג פיהרען, און
ער וועט זעטיגען מיט העלע ליכטיגקייט דיין זעעל, און דיינע ביינער וועט
ער שטאַרקען, און דו וועסט זיין ווי אַ געוואַסערטער גאָרטען, און ווי
אַ וואַסער־קוואַל וואָס זיינע וואַסערען הערען ניט אויף (צו קוועלען).
12 און די וואָס קומען אַרויס פון דיר וועלען אויפבויען די אַלטע רואינען
(פון ירושלים), די פונדאַמענטען פון די פערגאַנגענע דורות וועסטו אויפ־
שטעלען; און דו וועסט גערופען ווערען: דער פערצאַמער פון די
צובראָכענע מויערען, דער וואָס בעזעצט די וועגען צו וואָהנען.
13 אויב דו וועסט דיין פוס צוריקהאַלטען פון וועגען שבת, ניט צו טהאָן
דיינע געשעפטען אין מיין הייליגען טאָג, און דו וועסט רופען דעם
שבת: „פערגעניגען", און צו דעם הייליגען טאָג פון גאָט: „גע־
אַכטעטער"; און דו וועסט איהם אַכטען ניט צו טרייבען אין איהם
דיינע בעשעפטיגונגען, ניט צו געפינען געשעפטען, און ניט צו ריידען
14 איבעריגע רייד. דאַן וועט דיין העכסטע צופריעדענהייט זיין אין גאָט;
און איך וועל דיך זעצען אויף די העכסטע ערטער פון דער ערד, און איך
וועל דיך מאַכען געניסען דאָס ערבטהייל פון יעקב'ן דיין פאָטער. דען
דאָס מויל פון גאָט האָט גערעדט.

## קאַפּיטעל נט

1 זעה, די האַנד פון גאָט איז ניט קורץ צו העלפען, און זיין אויער איז
2 ניט שווער צו הערען. נאָר אייערע זינד פלעגען אָבשניידען צווי־
שען אייך און אייער גאָט, און אייערע פערברעכען האָבען געמאַכט
פערבאָרגען (מיין) אַנגעזיכט פון אייך, אום ניט צו הערען.
3 דען אייערע הענד זיינען בעשמוצט מיט בלוט, און אייערע פינגער מיט
זינד; אייערע ליפען רעדען פאַלשקייט, אייער צונג רעדט בעטרוג.
4 קיינער רופט ניט (דעם צווייטען צום געריכט) מיט גערעכטיגקייט, און
קיינער ווערט ניט פעראורטהיילט מיט רעכט, ווען מען פערזיכערט זיך
אויף איינעם — איז דאָס אויף גאָר נישט, און וואָס זיי ריידען — איז
ליגען; מען טהוט טראַכטען שלעכטעס, און מען געווינט אונרעכט.
5 די אייער פון בעזעליסקען (בייזע שלאַנגען) בריהען זיי אויס, און שפּינ־
וועבס וועבען זיי; דער וואָס עסט פון זייערע אייער מוז שטאַרבען,
און פון די צודריקטע ווערט אויסגעבריהט אַן אָטער־שלאַנג.
6 זייערע שפּינוועבס קענען ניט גענוצט ווערען פאַר אַ קלייד; און מען
קען זיך ניט צודעקען מיט זייערע ווערק! זייערע ווערק זיינען ווערק
פון אונרעכט, און אַרבייט פון בלוט־רויב איז אין זייערע הענד.
7 זייערע פיס לויפען צו שלעכטס, און זיי איילען צו פערגיסען אונשולדיג
בלוט. זייערע געדאַנקען זיינען געדאַנקען פון אונרעכט, צושטערונג און
ברעכענים איז אין זייערע שטעגען.
8 דעם וועג פון פרידען ווייסען זיי ניט, און עס איז ניטאָ גערעכטיגקייט אין
זייערע וועגען; זייערע שטעגען האָבען זיי פאַר זיך אַליין פאַרקרימט;
דער וואָס טרעט אין (איהר) איינע פון זיי ווייסט ניט פון קיין פריעדען.

9 לָהֶם כָּל דֹּרֵךְ בָּהּ לֹא יָדַע שָׁלוֹם׃ עַל־כֵּן רָחַק מִשְׁפָּט
מִמֶּנּוּ וְלֹא תַשִּׂיגֵנוּ צְדָקָה נְקַוֶּה לָאוֹר וְהִנֵּה־חֹשֶׁךְ לִנְגֹהוֹת
י בָּאֲפֵלוֹת נְהַלֵּךְ׃ נְגַשְׁשָׁה כַעִוְרִים קִיר וּכְאֵין עֵינַיִם
נְגַשֵּׁשָׁה כָּשַׁלְנוּ בַצָּהֳרַיִם כַּנֶּשֶׁף בָּאַשְׁמַנִּים כַּמֵּתִים׃
11 נֶהֱמֶה כַדֻּבִּים כֻּלָּנוּ וְכַיּוֹנִים הָגֹה נֶהְגֶּה נְקַוֶּה לַמִּשְׁפָּט
12 וָאַיִן לִישׁוּעָה רָחֲקָה מִמֶּנּוּ׃ כִּי־רַבּוּ פְשָׁעֵינוּ נֶגְדֶּךָ וְחַטֹּאותֵינוּ
13 עָנְתָה בָּנוּ כִּי־פְשָׁעֵינוּ אִתָּנוּ וַעֲוֹנֹתֵינוּ יְדַעֲנוּם׃ פָּשֹׁעַ וְכַחֵשׁ
בַּיהוָה וְנָסוֹג מֵאַחַר אֱלֹהֵינוּ דַּבֶּר־עֹשֶׁק וְסָרָה הֹרוֹ וְהֹגוֹ
14 מִלֵּב דִּבְרֵי־שָׁקֶר׃ וְהֻסַּג אָחוֹר מִשְׁפָּט וּצְדָקָה מֵרָחוֹק
תַּעֲמֹד כִּי־כָשְׁלָה בָרְחוֹב אֱמֶת וּנְכֹחָה לֹא־תוּכַל לָבוֹא׃
טו וַתְּהִי הָאֱמֶת נֶעְדֶּרֶת וְסָר מֵרָע מִשְׁתּוֹלֵל וַיַּרְא יְהוָה וַיֵּרַע
16 בְּעֵינָיו כִּי־אֵין מִשְׁפָּט׃ וַיַּרְא כִּי־אֵין אִישׁ וַיִּשְׁתּוֹמֵם כִּי־
17 אֵין מַפְגִּיעַ וַתּוֹשַׁע לוֹ זְרֹעוֹ וְצִדְקָתוֹ הִיא סְמָכָתְהוּ׃ וַיִּלְבַּשׁ
צְדָקָה כַּשִּׁרְיָן וְכוֹבַע יְשׁוּעָה בְּרֹאשׁוֹ וַיִּלְבַּשׁ בִּגְדֵי נָקָם
18 תִּלְבֹּשֶׁת וַיַּעַט כַּמְעִיל קִנְאָה׃ כְּעַל גְּמֻלוֹת כְּעַל יְשַׁלֵּם
19 חֵמָה לְצָרָיו גְּמוּל לְאֹיְבָיו לָאִיִּים גְּמוּל יְשַׁלֵּם׃ וְיִירְאוּ
מִמַּעֲרָב אֶת־שֵׁם יְהוָה וּמִמִּזְרַח־שֶׁמֶשׁ אֶת־כְּבוֹדוֹ כִּי־יָבוֹא
כ כַנָּהָר צָר רוּחַ יְהוָה נֹסְסָה בוֹ׃ וּבָא לְצִיּוֹן גּוֹאֵל וּלְשָׁבֵי
21 פֶשַׁע בְּיַעֲקֹב נְאֻם יְהוָה׃ וַאֲנִי זֹאת בְּרִיתִי אוֹתָם אָמַר
יְהוָה רוּחִי אֲשֶׁר עָלֶיךָ וּדְבָרַי אֲשֶׁר־שַׂמְתִּי בְּפִיךָ לֹא־
יָמוּשׁוּ מִפִּיךָ וּמִפִּי זַרְעֲךָ וּמִפִּי זֶרַע זַרְעֲךָ אָמַר יְהוָה
מֵעַתָּה וְעַד־עוֹלָם׃

ס

## CAP. LX. ס

א 2 קוּמִי אוֹרִי כִּי־בָא אוֹרֵךְ וּכְבוֹד יְהוָה עָלַיִךְ זָרָח׃ כִּי־
הִנֵּה הַחֹשֶׁךְ יְכַסֶּה־אֶרֶץ וַעֲרָפֶל לְאֻמִּים וְעָלַיִךְ יִזְרַח יְהוָה
3 וּכְבוֹדוֹ עָלַיִךְ יֵרָאֶה׃ וְהָלְכוּ גוֹיִם לְאוֹרֵךְ וּמְלָכִים לְנֹגַהּ
4 זַרְחֵךְ׃ שְׂאִי סָבִיב עֵינַיִךְ וּרְאִי כֻּלָּם נִקְבְּצוּ בָאוּ־לָךְ

בניך

כ״ט v. 12 מלא ו    v. 16 כצ״ל    v. 17 הג״מ רפה    ס׳ v. 1 הפטרת כי תבא

9 דאַרום איז גערעכטיגקייט דערווייטערט פון אונז, און גנאָד דערגרייכט אונז ניט, מיר האָפען אויף ליכט און זעה, עס איז פינסטערניס, מיר האָפען אויף אַ העלען שיין, אָבער מיר מוזען וואַנדערען אין שטאָק־פינס־
10 טערניס. מיר טאַפּען אַזוי ווי בלינדע אויף אַ וואַנד, און אַזוי ווי ער, דער וואָס האָט ניט קיין אויגען טאַפּען מיר ; מיר ווערען געשטרויכעלט אין מיטען טאָג ווי אין אבענד, אין פינסטערניס (ליגען מיר) ווי די טויטע.
11 מיר ברומען ווי די בערען, מיר אַלע, און ווי די טויבען קרעכצען מיר ; מיר האָפען אויף גערעכטיגקייט און עס איז ניטאָ, אויף הילף, אָבער
12 עס איז ווייט פון אונז. דען אונזערע פערברעכען קעגען דיר זיי־נען פיעל, און אונזערע זינד זאָגען עדות קעגען אונז ; דען אונזערע פערברעכען זיינען נאָך ביי אונז, און אונזערע זינד — מיר ווייסען זיי.
13 מען טהוט פערברעכען און לייקענען אָן גאָט, און אָבקעהרען פון אונזער גאָט, מען רעדט וועגען בעדריקונג און אָבפאַל, עס ווערט געפּלאַנט אין הערצען און ארויסגעבראַכט (פון הערצען), זאַכען פון פאַלשקייט.
14 און אָבגעשטויסען אַהינטער איז דאָס רעכט, און די גערעכטיגקייט שטעהט פון דער ווייט ; דען די וואַרהייט איז געשטרויכעלט געוואָרען אין גאַס, און די גערעכטיגקייט איז ניט ערלויבט אַריינצוקומען (אין
15 שטאָדט). און די וואהרהייט איז געמינערט געוואָרען, און דער וואָס
16 קעהרט אָב פון שלעכטס(ווערט גערעכענט)ווי וואַהנזיניג; און גאָט האָט עס געזעהען אַז עס איז ניטאָ קיין (רעכטער) מענש, און ער האָט זיך גע־וואונדערט אַז עס איז ניטאָ קיין פארטהיידיגער; און זיין אייגענער ארעם האָט איהם געהאָלפען, און זיין גערעכטיגקייט—זי האָט איהם געשטיצט.
17 און ער האָט אָנגעטהאָן גערעכטיגקייט ווי אַ פּאַנצער, און אַ העלם פון הילף אויף זיין קאָפּ, און ער האָט אָנגעקליידט די קליידער פון ראַכע פאַר אַ קליידונג, און ער האָט זיך אומגעהילט מיט אייפער ווי מיט אַ מאַנטעל.
18 ווען דער העכסטער וועט קומען צו פערגעלטען, ווען דער העכסטער וועט באַצאָהלען, דאן וועט זיין גרימצאָרן קומען אויף זיינע פיינד, אַ פערגעל־טונג צו זיינע געגנערס, צו די אינזעל־בעוואָהנער וועט ער אַ פערגעלטונג
19 באַצאָהלען. און די איינוואָהנער פון מערב וועלען פירכטען פאַר דעם נאָמען פון גאָט, און די, פון מזרח זייט פון דער זונן — פאַר זיין עהרע ; דען אַפילו ווי אַ שטראָם זאָל קומען דער פיינד, דער גייסט פון גאָט וועט
20 איהם צופלאַקערען. אָבער פאַר ציון וועט קומען אַ דערלייזער, און פאַר די, וואָס קעהרען צוריק פון זינד אין יעקב, זאָגט גאָט.
21 און איך, דאָס איז מיין בונד מיט זיי, זאָגט גאָט. מיין גייסט וואָס איז אויף דיר, און מיינע ווערטער וואָס איך האָב אַריינגעטהאָן אין דיין מויל, וועלען ניט וייכען פון דיין מויל, און פון דעם מויל פון דיינע קינדער, און פון דעם מויל פון דיינע קינדס־קינדער, זאָגט גאָט, פון יעצט אָן ביז אויף אייביג.

## קאַפּיטעל ס

1 שטעה אויף, לייכט, דען דיין ליכט קומט אָן, און די עהרע פון גאָט טהוט דיך בעשטראַהלען.
2 דען זעה, פינסטערניס בעדעקט די ערד, און אַ דיקער נעבעל די פעלקער, אָבער איבער דיר וועט גאָט שיינען, און זיין עהרע וועט אויף דיר געזעהען ווערען.
3 און פעלקער וועלען געהן פאַר דיין ליכטיגקייט, און קעניגע — פאַר דעם גלאַנץ פון דיין שיין.
4 הויב אויף דיינע אויגען רינגס־אַרום און זעה : זיי אַלע האָבען זיך פערזאַמעלט, זיי קומען צו דיר ; דיינע זיהן וועלען קומען פון דער ווייטען, און דיינע טעכטער וועלען אויף'ן אָרעם געטראָגען ווערען.

בָּנַיִךְ מֵרָחוֹק יָבֹאוּ וּבְנֹתַיִךְ עַל־צַד תֵּאָמַנָה׃ אָז תִּרְאִי ה
וְנָהַרְתְּ וּפָחַד וְרָחַב לְבָבֵךְ כִּי־יֵהָפֵךְ עָלַיִךְ הֲמוֹן יָם חֵיל
גּוֹיִם יָבֹאוּ לָךְ׃ שִׁפְעַת גְּמַלִּים תְּכַסֵּךְ בִּכְרֵי מִדְיָן וְעֵיפָה 6
כֻּלָּם מִשְּׁבָא יָבֹאוּ זָהָב וּלְבוֹנָה יִשָּׂאוּ וּתְהִלֹּת יְהוָה
יְבַשֵּׂרוּ׃ כָּל־צֹאן קֵדָר יִקָּבְצוּ לָךְ אֵילֵי נְבָיוֹת יְשָׁרְתוּנֶךְ 7
יַעֲלוּ עַל־רָצוֹן מִזְבְּחִי וּבֵית תִּפְאַרְתִּי אֲפָאֵר׃ מִי־אֵלֶּה 8
כָּעָב תְּעוּפֶינָה וְכַיּוֹנִים אֶל־אֲרֻבֹּתֵיהֶם׃ כִּי־לִי ׀ אִיִּים יְקַוּוּ 9
וָאֳנִיּוֹת תַּרְשִׁישׁ בָּרִאשֹׁנָה לְהָבִיא בָנַיִךְ מֵרָחוֹק כַּסְפָּם
וּזְהָבָם אִתָּם לְשֵׁם יְהוָה אֱלֹהַיִךְ וְלִקְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל כִּי
פֵאֲרָךְ׃ וּבָנוּ בְנֵי־נֵכָר חֹמֹתַיִךְ וּמַלְכֵיהֶם יְשָׁרְתוּנֶךְ כִּי י
בְקִצְפִּי הִכִּיתִיךְ וּבִרְצוֹנִי רִחַמְתִּיךְ׃ וּפִתְּחוּ שְׁעָרַיִךְ תָּמִיד 11
יוֹמָם וָלַיְלָה לֹא יִסָּגֵרוּ לְהָבִיא אֵלַיִךְ חֵיל גּוֹיִם וּמַלְכֵיהֶם
נְהוּגִים׃ כִּי־הַגּוֹי וְהַמַּמְלָכָה אֲשֶׁר לֹא־יַעַבְדוּךְ יֹאבֵדוּ 12
וְהַגּוֹיִם חָרֹב יֶחֱרָבוּ׃ כְּבוֹד הַלְּבָנוֹן אֵלַיִךְ יָבוֹא בְּרוֹשׁ 13
תִּדְהָר וּתְאַשּׁוּר יַחְדָּו לְפָאֵר מְקוֹם מִקְדָּשִׁי וּמְקוֹם רַגְלַי
אֲכַבֵּד׃ וְהָלְכוּ אֵלַיִךְ שְׁחוֹחַ בְּנֵי מְעַנַּיִךְ וְהִשְׁתַּחֲווּ עַל־ 14
כַּפּוֹת רַגְלַיִךְ כָּל־מְנַאֲצָיִךְ וְקָרְאוּ לָךְ עִיר יְהוָה צִיּוֹן קְדוֹשׁ
יִשְׂרָאֵל׃ תַּחַת הֱיוֹתֵךְ עֲזוּבָה וּשְׂנוּאָה וְאֵין עוֹבֵר וְשַׂמְתִּיךְ טו
לִגְאוֹן עוֹלָם מְשׂוֹשׂ דּוֹר וָדוֹר׃ וְיָנַקְתְּ חֲלֵב גּוֹיִם וְשֹׁד 16
מְלָכִים תִּינָקִי וְיָדַעַתְּ כִּי־אֲנִי יְהוָה מוֹשִׁיעֵךְ וְגֹאֲלֵךְ אֲבִיר
יַעֲקֹב׃ תַּחַת הַנְּחֹשֶׁת אָבִיא זָהָב וְתַחַת הַבַּרְזֶל אָבִיא 17
כֶסֶף וְתַחַת הָעֵצִים נְחֹשֶׁת וְתַחַת הָאֲבָנִים בַּרְזֶל וְשַׂמְתִּי
פְקֻדָּתֵךְ שָׁלוֹם וְנֹגְשַׂיִךְ צְדָקָה׃ לֹא־יִשָּׁמַע עוֹד חָמָס 18
בְּאַרְצֵךְ שֹׁד וָשֶׁבֶר בִּגְבוּלָיִךְ וְקָרָאת יְשׁוּעָה חוֹמֹתַיִךְ
וּשְׁעָרַיִךְ תְּהִלָּה׃ לֹא־יִהְיֶה־לָּךְ עוֹד הַשֶּׁמֶשׁ לְאוֹר יוֹמָם 19
וּלְנֹגַהּ הַיָּרֵחַ לֹא־יָאִיר לָךְ וְהָיָה־לָךְ יְהוָה לְאוֹר עוֹלָם
וֵאלֹהַיִךְ לְתִפְאַרְתֵּךְ׃ לֹא־יָבוֹא עוֹד שִׁמְשֵׁךְ וִירֵחֵךְ לֹא כ

יאסף

v. 9. דמי בפתח

5 דאַן וועסטו זעהען און דו וועסט שיינען ; און דיין הערץ וועט זיך שרעקען און ברייט ווערען, דער רייכטהום פון דעם ים וועט איבערגעהען צו דיר, דער פערמעגען פון די פעלקער וועט קומען צו דיר.

6 אַ מענגע פון קעמלען וועלען דיך בעדעקען : די יונגע קעמלען פון מדין און עיפה ; זיי אַלע וועלען פון שבא קומען, גאָלד און ווייהרויך וועלען זיי טראָגען,

7 און דעם לויב פון גאָט וועלען זיי דערצעהלען. אַלע שאָף פון קדר וועלען איינגעזאַמעלט ווערען צו דיר, די ווידרע פון נביות וועלען דיך בעדיענען ; זיי וועלען אויפגעבראַכט ווערען אויף מיין אַלטאַר פאַר אַ בעוויליגונג, און דאָס הויז פון מיין ציערונג וועל איך בעשעהנען.

8 ווער זיינען די דאָזיגע וואָס פליהען ווי אַ וואָלקען און ווי די טויבען צו זייערע טויבען־שלאַגען ?

9 דען צו מיר וועלען שטראָמען די אינזלען (די בעוואָהנער), און די שיפען פון תרשיש צו ערשט, צו ברענגען דיינע קינדער פון ווייטען ; זייער זילבער און זייער גאָלד (ברענגען זיי) מיט זיי, צו דעם נאָמען פון גאָט דיין הערר, און צו דעם הייליגען פון ישראל וועלכער האָט דיך בעשעהנט.

10 און די זיהן פון פרעמדע וועלען בויען דיינע מויערען, און זייערע קעניגע וועלען דיך בעדיענען ; דען אין מיין צאָרן האָב איך דיך געשלאָגען, און אין מיין גנאָד האָב איך זיך דערבאַרעמט אויף דיך.

11 און דיינע טהויערען וועלען זיין אָפען שטענדיג, טאָג און נאַכט וועלען זיי ניט פאַרשלאָסען ווערען, צו ברענגען צו דיר דאָס פערמעגען פון די פעלקער, און זייערע קעניגע וועלען געפיהרט ווערען (נאָך ירושלים).

12 דען דאָס פאָלק און דאָס קעניגרייך וואָס וועלען דיר ניט דיענען, וועלען פערלאָרען ווערען, און די נאַציאָנען וועלען אין גאַנצען פערוויסט ווערען.

13 די עהרע פון לבנון וועט קומען צו דיר; דער ציפּרעסבוים, דער טענענבוים און דער בוקסענבוים צוזאַמען, צו בעשעהנערען דעם אָרט פון מיין הייליגטום, און דעם אָרט פון מיינע פיס(בית המדרש)וועל איך פערהערליכען.

14 און איינגעבויגען וועלען געהן צו דיר די זיהן פון דיינע פייניגער, און זיי וועלען זיך בוקען צו דיינע פיס־זויהלען אַלע דיינע לעסטערער ; און זיי וועלען דיך רופען : די שטאָדט פון גאָט, ציון, (וואָהנונג) פון דעם הייליגען פון ישראל.

15 אָנשטאָט וואָס דו ביזט געוועזען פערלאָזען און פערהאַסט, אָהן אַ דורכ־פאָהרער — וועל איך דיך מאַכען פאַר אַן אייביגען פראַכט, אַ פרייד פון אַלע דורות.

16 און דו וועסט זויגען די מילך פון די פעלקער, און די זאַפּט פון קעניגע וועסטו זויגען, און דו וועסט וויסען אַז איך גאָט, בין דיין העלפער, און דיין אויסלייזער איז דער שטאַרקער פון יעקב.

17 שטאָט קופּער וועל איך ברענגען גאָלד, און שטאָט אַייזען וועל איך ברענ־גען זילבער, און שטאָט האָלץ, קופּער, און שטאָט שטיינער, אַייזען, און איך וועל מאַכען דיינע בעאַמטע — (דעם שלום) פריעדען, און דיינע הערשער — די גערעכטיגקייט.

18 ניט מעהר זאָל בלוט־רויב געהערט ווערען אין דיין לאַנד, פערוויסטונג און בראָך אין דיינע גרענעצען. און דו וועסט רופען דיינע מויערען : הילף, און דיינע טהויערען : לויב.

19 די זונן וועט ניט מעהר זיין פאַר אַ ליכט ביי טאָג, און פאַר אַ העללען שיין וועט דיר די לבנה מעהר ניט שיינען ; נאָר גאָט וועט צו דיר זיין אַן אייביגעס ליכט, און דיין גאָט — פאַר דיין פּראַכט.

20 דיין זונן וועט מעהר ניט אונטערגעהן, און דיין לבנה וועט ניט פערגעהן, דען גאָט וועט זיין צו דיר פאַר אַן אייביגעס ליכט, און געענדיגט וועלען ווערען די טעג פון דיין טרויער.

יֵאָסֵף כִּי יְהוָה יִהְיֶה־לָּךְ לְאוֹר עוֹלָם וְשָׁלְמוּ יְמֵי אֶבְלֵךְ׃
21 וְעַמֵּךְ כֻּלָּם צַדִּיקִים לְעוֹלָם יִירְשׁוּ אָרֶץ נֵצֶר מַטָּעוֹ מַעֲשֵׂה
22 יָדַי לְהִתְפָּאֵר׃ הַקָּטֹן יִהְיֶה לָאֶלֶף וְהַצָּעִיר לְגוֹי עָצוּם אֲנִי
יְהוָה בְּעִתָּהּ אֲחִישֶׁנָּה׃

## סא CAP. LXI. סא

א רוּחַ אֲדֹנָי יֱהוִה עָלָי יַעַן מָשַׁח יְהוָה אֹתִי לְבַשֵּׂר עֲנָוִים
שְׁלָחַנִי לַחֲבֹשׁ לְנִשְׁבְּרֵי־לֵב לִקְרֹא לִשְׁבוּיִם דְּרוֹר
2 וְלַאֲסוּרִים פְּקַח־קוֹחַ׃ לִקְרֹא שְׁנַת־רָצוֹן לַיהוָה וְיוֹם נָקָם
3 לֵאלֹהֵינוּ לְנַחֵם כָּל־אֲבֵלִים׃ לָשׂוּם ׀ לַאֲבֵלֵי צִיּוֹן לָתֵת
לָהֶם פְּאֵר תַּחַת אֵפֶר שֶׁמֶן שָׂשׂוֹן תַּחַת אֵבֶל מַעֲטֵה
תְהִלָּה תַּחַת רוּחַ כֵּהָה וְקֹרָא לָהֶם אֵילֵי הַצֶּדֶק מַטַּע
4 יְהוָה לְהִתְפָּאֵר׃ וּבָנוּ חָרְבוֹת עוֹלָם שֹׁמְמוֹת רִאשֹׁנִים
ה יְקוֹמֵמוּ וְחִדְּשׁוּ עָרֵי חֹרֶב שֹׁמְמוֹת דּוֹר וָדוֹר׃ וְעָמְדוּ
6 זָרִים וְרָעוּ צֹאנְכֶם וּבְנֵי נֵכָר אִכָּרֵיכֶם וְכֹרְמֵיכֶם׃ וְאַתֶּם
כֹּהֲנֵי יְהוָה תִּקָּרֵאוּ מְשָׁרְתֵי אֱלֹהֵינוּ יֵאָמֵר לָכֶם חֵיל גּוֹיִם
7 תֹּאכֵלוּ וּבִכְבוֹדָם תִּתְיַמָּרוּ׃ תַּחַת בָּשְׁתְּכֶם מִשְׁנֶה וּכְלִמָּה
יָרֹנּוּ חֶלְקָם לָכֵן בְּאַרְצָם מִשְׁנֶה יִירָשׁוּ שִׂמְחַת עוֹלָם תִּהְיֶה
8 לָהֶם׃ כִּי אֲנִי יְהוָה אֹהֵב מִשְׁפָּט שֹׂנֵא גָזֵל בְּעוֹלָה וְנָתַתִּי
9 פְעֻלָּתָם בֶּאֱמֶת וּבְרִית עוֹלָם אֶכְרוֹת לָהֶם׃ וְנוֹדַע בַּגּוֹיִם
זַרְעָם וְצֶאֱצָאֵיהֶם בְּתוֹךְ הָעַמִּים כָּל־רֹאֵיהֶם יַכִּירוּם כִּי
י הֵם זֶרַע בֵּרַךְ יְהוָה׃ שׂוֹשׂ אָשִׂישׂ בַּיהוָה תָּגֵל נַפְשִׁי
בֵּאלֹהַי כִּי הִלְבִּישַׁנִי בִּגְדֵי־יֶשַׁע מְעִיל צְדָקָה יְעָטָנִי כֶּחָתָן
11 יְכַהֵן פְּאֵר וְכַכַּלָּה תַּעְדֶּה כֵלֶיהָ׃ כִּי כָאָרֶץ תּוֹצִיא צִמְחָהּ
וּכְגַנָּה זֵרוּעֶיהָ תַצְמִיחַ כֵּן ׀ אֲדֹנָי יֱהוִה יַצְמִיחַ צְדָקָה וּתְהִלָּה
נֶגֶד כָּל־הַגּוֹיִם׃

## סב CAP. LXII. סב

א לְמַעַן צִיּוֹן לֹא אֶחֱשֶׁה וּלְמַעַן יְרוּשָׁלַםִ לֹא אֶשְׁקוֹט עַד־

21 און דיין פאָלק, זיי אַלע וועלען זיין גערעכטע, אייביג וועלען זיי בעזיצען דאָס לאַנד, אַ צווייג פון מיינע פלאַנצונגען, דאָס ווערק פון מיינע הענד, צו ריהמען זיך.
22 דער קלענסטער וועט ווערען אַ טויזענד, און דער אינגסטער אַ מעכטיגעס פאָלק. איך גאָט וועל עס אײלען, אין איהר צייט.

## קאַפּיטעל סא

1 דער גייסט פון דעם הערר גאָט איז אויף מיר, ווייל גאָט האָט מיך געזאַלבט, (פאַר אַ נביא), (ער האָט מיך געשיקט) אָנצוזאָגען די געדריקטע, ער האָט מ ך געשיקט צו היילען די צובראָכענע הערצער, אויסצורופען צו די געפאַנגענע פרייהייט, און צו די געבונדענע — בעפרייאונג
2 אויסצורופען אַ יאָהר פון גנאָד פון גאָט, און אַ טאָג פון ראַכע פון אונזער גאָט, צו טרייסטען אַלע טרויעריגע.
3 צו בעצאָהלען צו די טרויערערס פון ציון, צו געבען צו זיי שעהנהייט אָנשטאָט אַש, אויל פון פרייד שטאָט טרויער, אַ הילע (מאַנטעל) פון לויב שטאָט אַ בעטריבט געמיטה, און גערופען וועלען זיי ווערען: די בוימער פון גערעכטיגקייט, די פלאַנצונג פון גאָט, צו ריהמען זיך.
4 און זיי וועלען אויפבויען די אַלטע רואינען, די פערוויסטע ערטער פון די פאָהריגע טעג וועלען זיי אויפשטעלען, און זיי וועלען בענייען די וויסטע שטעדט, די פערוויסטונגען פון אַלע צייטען (דורות).
5 און פרעמדע וועלען זיך שטעלען און פיטערען אייער שאָף, און די זיהן פון די פרעמדע (וועלען זיין) אייערע ערד־אַרבייטער און אייערע אַרבייטער אין וויינגערטנער.
6 און איהר, די פּריעסטער פון גאָט, וועט איהר גערופען ווערען, די דיענער פון גאָט וועט מען אייך אָנרופען; דאָס רייכטהום פון נאַציאָנען וועט איהר עסען, און מיט זייער פּראַכט וועט איהר זיך בעציערען.
7 שטאָט אייער שאַנד, אַ דאָפּעלטע בעלאָהנונג (וועט איהר קריגען), און שטאָט שמאַך, וועלען זיי (ישראל) זינגען אויף זייער טהייל, פּירוואהר! אין זייער לאַנד וועלען זיי דאָפּעלט גוטס ערבען; אייביגע פרייד וועט זיין צו זיי.
8 דען איך, גאָט, ליעב גערעכטיגקייט, און האַס רויבעריי און אונרעכט; און איך וועל געבען דעם לוין פאַר זייערע ווערק מיט וואָהרהייט, און אַן אייביגען בונד וועל איך שליעסען מיט זיי.
9 און זייערע זאָמען וועלען בעוואוסט ווערען צווישען די נאַציאָנען, און זייערע נאָכקאָמען צווישען די פעלקער; אַלע וואָס וועלען זיי זעהען וועלען זיי דערקענען, אַז זיי זיינען דער זאָמען וואָס גאָט האָט געבענשט.
10 איך וועל מיך זעהר פרעהען אין גאָט, מיין זעעל וועט פרעהליך זיין אין מיין גאָט, דען ער האָט מיך אָנגעקליידעט מיט קליידער פון הילף, מיט אַ מאַנטעל פון גערעכטיגקייט האָט ער מיך אָנגעהילט; אַזוי ווי אַ חתן ערשיינט אין זיינע פּראַכטפאָלע קליידער, און ווי אַ כלה ציערט זיך אָן מיט איהרע ציערונגען.
11 דען אַזוי ווי די ערד ברענגט אַרויס איהר שפּראָצונג, און אַזוי ווי אַ גאָרטען מאַכט שפּראָצען זיינע זאָמען, אַזוי וועט גאָט, דער הערר, מאַכען שפּראָצען (פאַר ישראל) גערעכטיגקייט און לויב, אין געגענוואַרט פון אַלע פעלקער.

## קאַפּיטעל סב

1 פון ציון'ס וועגען וועל איך ניט שווייגען און פון ירושלים'ס וועגען וועל איך ניט רוהיג בלייבען, ביז איהר גערעכטיגקייט וועט אַרויסגעהען ווי אַ העללעס ליכט, און איהר הילף וועט ווי אַ פלאַם ברענען.

יֵצֵא כַנֹּגַהּ צִדְקָהּ וִישׁוּעָתָהּ כְּלַפִּיד יִבְעָר׃ וְרָאוּ גוֹיִם 2
צִדְקֵךְ וְכָל־מְלָכִים כְּבוֹדֵךְ וְקֹרָא לָךְ שֵׁם חָדָשׁ אֲשֶׁר פִּי
יְהוָה יִקֳּבֶנּוּ׃ וְהָיִית עֲטֶרֶת תִּפְאֶרֶת בְּיַד־יְהוָה וּצְנוֹף 3
מְלוּכָה בְּכַף־אֱלֹהָיִךְ׃ לֹא־יֵאָמֵר לָךְ עוֹד עֲזוּבָה וּלְאַרְצֵךְ 4
לֹא־יֵאָמֵר עוֹד שְׁמָמָה כִּי לָךְ יִקָּרֵא חֶפְצִי־בָהּ וּלְאַרְצֵךְ
בְּעוּלָה כִּי־חָפֵץ יְהוָה בָּךְ וְאַרְצֵךְ תִּבָּעֵל׃ כִּי־יִבְעַל בָּחוּר ה
בְּתוּלָה יִבְעָלוּךְ בָּנָיִךְ וּמְשׂוֹשׂ חָתָן עַל־כַּלָּה יָשִׂישׂ עָלַיִךְ
אֱלֹהָיִךְ׃ עַל־חוֹמֹתַיִךְ יְרוּשָׁלַםִ הִפְקַדְתִּי שֹׁמְרִים כָּל־הַיּוֹם 6
וְכָל־הַלַּיְלָה תָּמִיד לֹא יֶחֱשׁוּ הַמַּזְכִּרִים אֶת־יְהוָה אַל־דֳּמִי
לָכֶם׃ וְאַל־תִּתְּנוּ דֳמִי לוֹ עַד־יְכוֹנֵן וְעַד־יָשִׂים אֶת־יְרוּשָׁלַםִ 7
תְּהִלָּה בָּאָרֶץ׃ נִשְׁבַּע יְהוָה בִּימִינוֹ וּבִזְרוֹעַ עֻזּוֹ אִם־אֶתֵּן 8
אֶת־דְּגָנֵךְ עוֹד מַאֲכָל לְאֹיְבַיִךְ וְאִם־יִשְׁתּוּ בְנֵי־נֵכָר תִּירוֹשֵׁךְ
אֲשֶׁר יָגַעַתְּ בּוֹ׃ כִּי מְאַסְפָיו יֹאכְלֻהוּ וְהִלְלוּ אֶת־יְהוָה 9
וּמְקַבְּצָיו יִשְׁתֻּהוּ בְּחַצְרוֹת קָדְשִׁי׃ עִבְרוּ עִבְרוּ בַּשְּׁעָרִים י
פַּנּוּ דֶּרֶךְ הָעָם סֹלּוּ סֹלּוּ הַמְסִלָּה סַקְּלוּ מֵאֶבֶן הָרִימוּ נֵס
עַל־הָעַמִּים׃ הִנֵּה יְהוָה הִשְׁמִיעַ אֶל־קְצֵה הָאָרֶץ אִמְרוּ 11
לְבַת־צִיּוֹן הִנֵּה יִשְׁעֵךְ בָּא הִנֵּה שְׂכָרוֹ אִתּוֹ וּפְעֻלָּתוֹ לְפָנָיו׃
וְקָרְאוּ לָהֶם עַם־הַקֹּדֶשׁ גְּאוּלֵי יְהוָה וְלָךְ יִקָּרֵא דְרוּשָׁה 12
עִיר לֹא נֶעֱזָבָה׃

## Cap. LXIII. סג

סג

מִי־זֶה ׀ בָּא מֵאֱדוֹם חֲמוּץ בְּגָדִים מִבָּצְרָה זֶה הָדוּר א
בִּלְבוּשׁוֹ צֹעֶה בְּרֹב כֹּחוֹ אֲנִי מְדַבֵּר בִּצְדָקָה רַב לְהוֹשִׁיעַ׃
מַדּוּעַ אָדֹם לִלְבוּשֶׁךָ וּבְגָדֶיךָ כְּדֹרֵךְ בְּגַת׃ פּוּרָה ׀ דָּרַכְתִּי 2 3
לְבַדִּי וּמֵעַמִּים אֵין־אִישׁ אִתִּי וְאֶדְרְכֵם בְּאַפִּי וְאֶרְמְסֵם
בַּחֲמָתִי וְיֵז נִצְחָם עַל־בְּגָדַי וְכָל־מַלְבּוּשַׁי אֶגְאָלְתִּי׃ כִּי 4
יוֹם נָקָם בְּלִבִּי וּשְׁנַת גְּאוּלַי בָּאָה׃ וְאַבִּיט וְאֵין עֹזֵר ה
וְאֶשְׁתּוֹמֵם וְאֵין סוֹמֵךְ וַתּוֹשַׁע לִי זְרֹעִי וַחֲמָתִי הִיא

סמכתני

סב v. 3. וצנוף קרי. סי"ג v. 2. פתח בס"פ

2 און די פעלקער וועלען זעהען דיין גערעכטיגקייט, און אַלע קעניגע — דיין עהרע, און דו וועסט אָנגערופען ווערען מיט אַ נייעם נאָמען, וואָס דאָס מויל פון גאָט וועט בעשטימען.
3 און דו וועסט זיין אַ פּראַכטפאָלע קרוין אין דער האַנד פון גאָט, און אַ קעניגליכער קאָפּ־באַנד (וועסטו ווערען) דורך די האַנד פון דיין גאָט.
4 עס וועט ניט מעהר צו דיר געזאָגט ווערען : פערלאָזענע ; און צו דיין לאַנד וועט ניט מעהר געזאָגט ווערען : פערוויסטע. דען דו וועסט גערו־פען ווערען : חפצי־בה (מיין פערלאַנג איז אין איהר), און דיין לאַנד : פערהייראַטהעטע ; דען זיין לוסט האָט גאָט אין דיר, און דיין לאַנד וועט ווידער בעמאַנט ווערען.
5 דען אַזוי ווי אַ יונגער מאַן פערהייראַטהעט מיט אַ יונגפרוי, אַזוי וועלען דיינע קינדער זיך פערהייראַטהען מיט דיר ; און ווי די פרייד פון דעם חתן מיט דער כלה, אַזוי וועט זיך פרעהען מיט דיר דיין גאָט.
6 אויף דיינע מויערען, ירושלים, האָב איך אויפגעשטעלט וועכטער, דעם גאַנצען טאָג און די גאַנצע נאַכט, שטענדיג, זיי וועלען ניט שוויי־גען ; איהר, די וואָס דערמאָהנט גאָט, נעהמט זיך ניט קיין רוה.
7 און איהר זאָלט איהם קיין רוה ניט געבען, ביז ער וועט גרינדען און ביז ער וועט מאַכען ירושלים צו אַ רוהם אויף דער ערד.
8 גאָט האָט געשוואָרען ביי זיין רעכטער האַנד, און ביי דעם אָרעם פון זיין שטאַרקייט : איך וועל שוין מעהר ניט געבען דיין געטרייד אַ שפּייז צו דיינע פיינד, און עס וועלען מעהר ניט טרינקען די זיהן פון די פרעמדע דיין פרישען וויין, אויף וועלכע דו האָסט זיך געמיהט.
9 נאָר זיינע זאַמלערס וועלען עס עסען, און זיי וועלען לויבען גאָט ; און זיינע איינזאַמלערס וועלען איהם טרינקען אין די הויפען פון מיין היי־ליגטהום.
10 פאָהרט, פאָהרט דורך אין די טהויערען (פון אַלע שטעדט), רוימט אָב דעם וועג פאַר דעם פאָלק, באַהנט, באַהנט אַ שטעג, רייניגט עס פון שטיינער, הויבט אויף אַ פאָהן פאַר די פעלקער.
11 זעה, גאָט האָט געלאָזט הערען ביז צו דעם עק פון דער ערד : זאָגט צו דער טאָכטער פון ציון : זעה, דיין הילף קומט, זעה, זיין לוין איז מיט איהם, און זיין פערגעלטונג געהט איהם פאָראויס.
12 און מען וועט זיי רופען : דאָס הייליגע פאָלק, די אויסגעלייזטע פון גאָט, און דו וועסט גערופען ווערען: די געזוכטע, די ניט פערלאָזענע שטאָדט.

## קאַפּיטעל סג

1 ווער איז דאָס, דער וואָס קומט פון אדום, מיט רויט געפאַרבטע קליי־דער — פון בצרה ? ער, דער וואָס איז (שטענדיג) פּראַכטיג אין זיין קליידונג, ער וואַנדערט מיט זיין פולען קראַפט ? — איך, וועלכער רייד, און עס ווערט פערווירקליכט, (איך) וואָס האָב מאַכט צו העלפען.
2 וואָרום דען איז די רויטקייט אויף דיינע קליידונג, און דיינע קליידער זיינען ווי פון דעם וואָס טרעט אין אַ וויין־קעלטער ?
3 אַ קעלטער האָב איך געטרעטען, איך אַליין, און פון די פעלקער איז קיינער מיט מיר ניט געוועזן ; און איך האָב זיי געטרעטען אין מיין צאָרן, און איך האָב זיי צוטרעטען אין מיין גרים, און זייער לעבענס־זאַפט האָט געשפּריצט אויף מיינע קליידער, און מיין גאַנצע קליידונג האָב איך בעשמוצט.
4 דען אַ טאָג פון ראַכע איז אין מיין הערצען, און דאָס יאָהר פון מיינע אויסגעלייזטע איז געקומען ;
5 און איך האָב געקוקט, און עס איז ניטאָ קיין העלפער ; און איך האָב זיך פערוואונדערט, און עס איז ניטאָ קיין שטיצער ; דאַן האָט מיר מיין אייגענער אָרעם געהאָלפען, און מיין גרימצאָרן האָט מיך געשטיצט.

6 סְמָכָתְנִי׃ וְאָבוּס עַמִּים בְּאַפִּי וַאֲשַׁכְּרֵם בַּחֲמָתִי וְאוֹרִיד
7 לָאָרֶץ נִצְחָם׃ חַסְדֵי יְהוָה ׀ אַזְכִּיר תְּהִלֹּת יְהוָה
כְּעַל כֹּל אֲשֶׁר־גְּמָלָנוּ יְהוָה וְרַב־טוּב לְבֵית יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר־
8 גְּמָלָם כְּרַחֲמָיו וּכְרֹב חֲסָדָיו׃ וַיֹּאמֶר אַךְ־עַמִּי הֵמָּה
9 בָּנִים לֹא יְשַׁקֵּרוּ וַיְהִי לָהֶם לְמוֹשִׁיעַ׃ בְּכָל־צָרָתָם ׀ לֹא
צָר וּמַלְאַךְ פָּנָיו הוֹשִׁיעָם בְּאַהֲבָתוֹ וּבְחֶמְלָתוֹ הוּא גְאָלָם
י וַיְנַטְּלֵם וַיְנַשְּׂאֵם כָּל־יְמֵי עוֹלָם׃ וְהֵמָּה מָרוּ וְעִצְּבוּ אֶת־
11 רוּחַ קָדְשׁוֹ וַיֵּהָפֵךְ לָהֶם לְאוֹיֵב הוּא נִלְחַם־בָּם׃ וַיִּזְכֹּר
יְמֵי־עוֹלָם מֹשֶׁה עַמּוֹ אַיֵּה ׀ הַמַּעֲלֵם מִיָּם אֵת רֹעֵה צֹאנוֹ
12 אַיֵּה הַשָּׂם בְּקִרְבּוֹ אֶת־רוּחַ קָדְשׁוֹ׃ מוֹלִיךְ לִימִין מֹשֶׁה
זְרוֹעַ תִּפְאַרְתּוֹ בּוֹקֵעַ מַיִם מִפְּנֵיהֶם לַעֲשׂוֹת לוֹ שֵׁם עוֹלָם׃
13 14 מוֹלִיכָם בַּתְּהֹמוֹת כַּסּוּס בַּמִּדְבָּר לֹא יִכָּשֵׁלוּ׃ כַּבְּהֵמָה
בַּבִּקְעָה תֵרֵד רוּחַ יְהוָה תְּנִיחֶנּוּ כֵּן נִהַגְתָּ עַמְּךָ לַעֲשׂוֹת
טו לְךָ שֵׁם תִּפְאָרֶת׃ הַבֵּט מִשָּׁמַיִם וּרְאֵה מִזְּבֻל קָדְשְׁךָ
וְתִפְאַרְתֶּךָ אַיֵּה קִנְאָתְךָ וּגְבוּרֹתֶיךָ הֲמוֹן מֵעֶיךָ וְרַחֲמֶיךָ
16 אֵלַי הִתְאַפָּקוּ׃ כִּי־אַתָּה אָבִינוּ כִּי אַבְרָהָם לֹא יְדָעָנוּ
וְיִשְׂרָאֵל לֹא יַכִּירָנוּ אַתָּה יְהוָה אָבִינוּ גֹּאֲלֵנוּ מֵעוֹלָם
17 שְׁמֶךָ׃ לָמָּה תַתְעֵנוּ יְהוָה מִדְּרָכֶיךָ תַּקְשִׁיחַ לִבֵּנוּ מִיִּרְאָתֶךָ
18 שׁוּב לְמַעַן עֲבָדֶיךָ שִׁבְטֵי נַחֲלָתֶךָ׃ לַמִּצְעָר יָרְשׁוּ עַם־
19 קָדְשֶׁךָ צָרֵינוּ בּוֹסְסוּ מִקְדָּשֶׁךָ׃ הָיִינוּ מֵעוֹלָם לֹא־מָשַׁלְתָּ
בָּם לֹא־נִקְרָא שִׁמְךָ עֲלֵיהֶם לוּא־קָרַעְתָּ שָׁמַיִם יָרַדְתָּ
מִפָּנֶיךָ הָרִים נָזֹלּוּ׃

## CAP. LXIV. סד

סד

א כִּקְדֹחַ אֵשׁ הֲמָסִים מַיִם תִּבְעֶה־אֵשׁ לְהוֹדִיעַ שִׁמְךָ לְצָרֶיךָ
2 מִפָּנֶיךָ גּוֹיִם יִרְגָּזוּ׃ בַּעֲשׂוֹתְךָ נוֹרָאוֹת לֹא נְקַוֶּה יָרַדְתָּ
3 מִפָּנֶיךָ הָרִים נָזֹלּוּ׃ וּמֵעוֹלָם לֹא־שָׁמְעוּ לֹא הֶאֱזִינוּ עַיִן
4 לֹא־רָאָתָה אֱלֹהִים זוּלָתְךָ יַעֲשֶׂה לִמְחַכֵּה־לוֹ׃ פָּגַעְתָּ אֶת־

ששׂ

ס״ג v. 9. לו קרי ibid. עד כאן v. 11. כ״א רעי ס״ד v. 3. קמץ בז״ק

6 און איך האָב צוטרעטען די פעלקער אין מיין צאָרן, און איך האָב זיי
בערוישט מיט מיין גרים, און איך האָב אַרונטערגעבראַכט צו דער ערד
7 זייער שטאַרקייט. די גנאַדען פון גאָט וועל איך דערמאָהנען, די
לויבען פון גאָט, פאַר אַלץ וואָס גאָט האָט אונז פערגאָלטען,
און פאַר די פיעל גוטס פאַר דאָס הויז ישראל, וואָס ער האָט זיי פער־
גאָלטען נאָך זיינע בארעמהערציגקייט נאָך, און נאָך זיינען פיעל גנאָדען.
8 דען ער האָט געזאָגט : זיי זיינען דאָך מיין פאָלק, קינדער וועלכע ווע־
לען ניט זיין טריילאָז, און ער איז געוואָרען פאַר זיי אַ העלפער.
9 אין אַלע זייערע נויטהען — האָט ער געפיהלט נויטה, און אַן ענגעל
געשיקט פון איהם האָט זיי געהאָלפען, מיט זיין ליעבשאַפט און מיט זיין
דערבאַרעמונג האָט ער זיי אויסגעלייזט ; און ער האָט זיי ערהויבען,
10 און ער האָט זיי געטראָגען אין אַלע אוראַלטע צייטען. אָבער זיי האָבען
ווידערשפעניגט און האָבען געמאַכט פערדרוס צו זיין הייליגען גייסט, דאַ־
רום איז ער אומגעביטען געוואָרען צו זיין זייערער אַ פיינד ; ער האָט גע־
11 שטריטען קעגען זיי. און אַז זיין פאָלק דערמאָהנט זיך אָן די פאַרצייי־
טיגע טעג, אָן די טעג פון משה'ן, (זאָגען זיי :) וואו איז ער, דער וואָס
האָט זיי אַרויפגעבראַכט פון ים ? וואו איז דער הירט פון זיינע שאָף ?
וואו איז דער וואָס האָט אַריינגעגעבען אין איהם זיין הייליגען גייסט ?
12 ער, וואָס האָט געפיהרט מיט דעם אָרעם פון זיין פראַכט. משה'ן ביי זיין
רעכטע האַנד, וואָס האָט צושפאָלטען פאַר זיי די וואַסערען, אום צו מאַ־
13 כען אַן אייביגען נאָמען צו איהם (ישראל). ער, וואָס האָט זיי געפיהרט
אין די אבגרונדען, אַזוי ווי (מען פיהרט) אַ פערד אין דער וויסטע, און זיי
14 זיינען ניט געשטרויכעלט געוואָרען ? ווי דאָס פיה ניעדערט אַרונטער צום
טהאל, אַזוי האָט איהם דער גייסט פון גאָט געבראַכט צו זיין רוה. אַזוי
האָסטו אַ מאָל געפיהרט דיין פאָלק, צו מאַכען זיך אַ פרעכטיגען נאָמען.
15 קוק אַרונטער פון די הימלען און זעה, (קוק) פון דער וואָהנונג פון דיין
הייליגקייט און דיין פראַכט. וואו איז דיין ראַכע און דיינע שטאַרקיי־
טען ? האָט זיך דען די בעוועגונג פון דיינע אינגעווייד. און דיינע באַ־
16 רעמהערציגקייט קעגען מיר צוריקגעהאַלטען ? דען דו ביזט דאָך אונזער
פאָטער; דען אברהם וויל אונז ניט וויסען, און ישראל וויל אונז ניט קענען,
אָבער דו, גאָט, ביזט אונזער פאָטער; אונזער אויסלייזער פון אייביג אָן,
17 דאָס איז דיין נאָמען. ווארום לאָזטו אונז אירען, אָ גאָט, פון דיינע
וועגען ? דו מאַכסט האַרט אונזער הערץ, מיר זיינען אַוועק פון דיין
פורכט, קעהר זיך אום אום דיינע קנעכט'ס ווילען, די שטאַמען פון דיין
18 ערבטהייל. נאָר אַ קורצע צייט האָט דיין הייליגע פאָלק בעזעסען
(דאָס לאַנד), אונזערע פיינד האָבען צוטרעטען דיין הייליגטהום.
19 מיר זיינען געוואָרען, (ווי אַ פאָלק) וואָס דו האָסט קיינמאָל ניט געהערשט
איבער זיי, וואָס דיין נאָמען איז ניט גערופען געוואָרען אויף זיי. אָ,
ווען דו וואָלסט צורייסען די הימלען און אַראָבניעדערען ; פון דיין
צאָרן וואָלטען די בערג צערפליעסען.

## קאַפּיטעל סד

1 אַזוי ווי פייער צוברענט שמעלצעדיגע זאַכען, און ווי פייער מאַכט זידען
וואַסער (אַזוי וועט זיין), ווען דו וועסט קומען לאָזען וויסען דיין נאָמען
2 צו דיינע פיינד, פאַר דיין געזיכט וועלען די פעלקער ציטערען. אַזוי ווי
דו האָסט אַ מאָל געטהאָן וואונדערבאַרע זאַכען, וועלכע מיר האָבען ניט
ערווארט, דו האָסט אַרונטערגעניעדערט, און פון דיין געזיכט זיינען די
3 בערג צופלאָסען. און פון אייביג אָן האָט מען ניט געהערט, ניט פערנו־
מען; קיין אויג האָט ניט געזעהען, אַז אַ גאָט אויסער דיר, זאָל אַזוי וואָס
4 טהאָן צו דעם וועלכער האָפט צו איהם. אָבער יעצט האָסטו דערשלאָגען

שָׂשׂ וְעֹשֵׂה צֶדֶק בִּדְרָכֶיךָ יִזְכְּרוּךָ הֵן־אַתָּה קָצַפְתָּ וַנֶּחֱטָא
בָּהֶם עוֹלָם וְנִוָּשֵׁעַ׃ וַנְּהִי כַטָּמֵא כֻּלָּנוּ וּכְבֶגֶד עִדִּים כָּל־
צִדְקֹתֵינוּ וַנָּבֶל כֶּעָלֶה כֻּלָּנוּ וַעֲוֹנֵנוּ כָּרוּחַ יִשָּׂאֻנוּ׃ וְאֵין 6
קוֹרֵא בְשִׁמְךָ מִתְעוֹרֵר לְהַחֲזִיק בָּךְ כִּי־הִסְתַּרְתָּ פָנֶיךָ מִמֶּנּוּ
וַתְּמוּגֵנוּ בְּיַד־עֲוֹנֵנוּ׃ וְעַתָּה יְהוָה אָבִינוּ אָתָּה אֲנַחְנוּ הַחֹמֶר 7
וְאַתָּה יֹצְרֵנוּ וּמַעֲשֵׂה יָדְךָ כֻּלָּנוּ׃ אַל־תִּקְצֹף יְהוָה עַד־מְאֹד 8
וְאַל־לָעַד תִּזְכֹּר עָוֺן הֵן הַבֶּט־נָא עַמְּךָ כֻלָּנוּ׃ עָרֵי קָדְשְׁךָ 9
הָיוּ מִדְבָּר צִיּוֹן מִדְבָּר הָיָתָה יְרוּשָׁלַםִ שְׁמָמָה׃ בֵּית י
קָדְשֵׁנוּ וְתִפְאַרְתֵּנוּ אֲשֶׁר הִלְלוּךָ אֲבֹתֵינוּ הָיָה לִשְׂרֵפַת
אֵשׁ וְכָל־מַחֲמַדֵּינוּ הָיָה לְחָרְבָּה׃ הַעַל־אֵלֶּה תִתְאַפַּק 11
יְהוָה תֶּחֱשֶׁה וּתְעַנֵּנוּ עַד־מְאֹד׃

## סה CAP. LXV. סה

נִדְרַשְׁתִּי לְלוֹא שָׁאָלוּ נִמְצֵאתִי לְלֹא בִקְשֻׁנִי אָמַרְתִּי הִנֵּנִי א
הִנֵּנִי אֶל־גּוֹי לֹא־קֹרָא בִשְׁמִי׃ פֵּרַשְׂתִּי יָדַי כָּל־הַיּוֹם אֶל־ 2
עַם סוֹרֵר הַהֹלְכִים הַדֶּרֶךְ לֹא־טוֹב אַחַר מַחְשְׁבֹתֵיהֶם׃
הָעָם הַמַּכְעִיסִים אוֹתִי עַל־פָּנַי תָּמִיד זֹבְחִים בַּגַּנּוֹת וּמְקַטְּרִים 3
עַל־הַלְּבֵנִים׃ הַיֹּשְׁבִים בַּקְּבָרִים וּבַנְּצוּרִים יָלִינוּ הָאֹכְלִים 4
בְּשַׂר הַחֲזִיר וּפְרַק פִּגֻּלִים כְּלֵיהֶם׃ הָאֹמְרִים קְרַב אֵלֶיךָ ה
אַל־תִּגַּשׁ־בִּי כִּי קְדַשְׁתִּיךָ אֵלֶּה עָשָׁן בְּאַפִּי אֵשׁ יֹקֶדֶת
כָּל־הַיּוֹם׃ הִנֵּה כְתוּבָה לְפָנָי לֹא אֶחֱשֶׁה כִּי אִם־שִׁלַּמְתִּי 6
וְשִׁלַּמְתִּי אֶל־חֵיקָם׃ עֲוֺנֹתֵיכֶם וַעֲוֺנֹת אֲבוֹתֵיכֶם יַחְדָּו אָמַר 7
יְהוָה אֲשֶׁר קִטְּרוּ עַל־הֶהָרִים וְעַל־הַגְּבָעוֹת חֵרְפוּנִי וּמַדֹּתִי
פְעֻלָּתָם רִאשֹׁנָה אֶל־חֵיקָם׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה כַּאֲשֶׁר 8
יִמָּצֵא הַתִּירוֹשׁ בָּאֶשְׁכּוֹל וְאָמַר אַל־תַּשְׁחִיתֵהוּ כִּי בְרָכָה
בּוֹ כֵּן אֶעֱשֶׂה לְמַעַן עֲבָדַי לְבִלְתִּי הַשְׁחִית הַכֹּל׃ וְהוֹצֵאתִי 9
מִיַּעֲקֹב זֶרַע וּמִיהוּדָה יוֹרֵשׁ הָרָי וִירֵשׁוּהָ בְחִירַי וַעֲבָדַי
יִשְׁכְּנוּ־שָׁמָּה׃ וְהָיָה הַשָּׁרוֹן לִנְוֵה־צֹאן וְעֵמֶק עָכוֹר לְרֵבֶץ י

בקר

ס״ד v. 9. קמץ בז״ק ס״ה v. 1. קמץ בז״ק v. 4. ומדס קרי v. 7. v. אל קרי

דעם וואָס פרעהט זיך, און דעם וואָס טהוט גערעכטיגקייט, די וועלכע
דערמאָהנען דיך אין דיינע וועגען. זעה, דו האָסט געצאָרנט ווייל מיר האָ־
בען געזינדיגט, אָבער מיט זיי (דיינע וועגען) פלעגען מיר דאָך פון אייביג
5 אָן געהאָלפען ווערען. ווארום זיינען מיר יעצט געוואָרען ווי אַן אונריי־
נער, מיר אַלע, און ווי אַ שמוציגעס קלייד—אונזערע אַלע גערעכטיגקיי־
טען ; און מיר וועלקען ווי אַ בלאַט, מיר אַלע, און אונזערע זינד טראָגען
6 אונז אַוועק ווי אַ ווינד. און קיינער רופט ניט דיין נאָמען, קיינער ער־
וועקט זיך ניט, זיך אָנצוהאַלטען אָן דיר, דען דו האָסט פערבאָרגען דיין
געזיכט פון אונז, און דו האָסט אונז געמאַכט צוגעהן דורך אונזער זינד.
7 און יעצט גאָט, אונזער פאָטער ביזטו ; מיר זיינען דער לעהם און דו
ביזט אונזער שעפער, און די ווערק פון דיינע הענד זיינען מיר אַלע.
8 דו זאָלסט ניט צאָרנען, אָ גאָט, צו שטאַרק, און דו זאָלסט ניט אויף אייביג
געדענקען די זינד, זעה, קוק דאָך, מיר אַלע זיינען דאָך דיין פאָלק.
9 דיינע הייליגע שטעדט זיינען געוואָרען אַ וויסטע, ציון איז אַ וויסטע גע־
10 וואָרען, ירושלים אַ וויסטעניש. דאָס הויז פון אונזער הייליגטהום און
פון אונזער פראַכט, וואו אונזערע עלטערען האָבען דיך געלויבט איז גע־
וואָרען אַ בראַנד־פייער, און אַלע אונזערע קאָסטבאַרע זאַכען זיינען פער־
11 וויסט געוואָרען. ווּעסטו נאָך אַלע דיעזע זאַכען צוריקהאַלטען, אָ גאָט ?
ווּעסטו שווייגען און אונז פייניגען גאָר אָן אַן אויפהערונג ?

## קאַפּיטעל סה

1 איך האָב זיך געלאָזט אויפזוכען צו די וועלכע האָבען ניט געפרעגט, איך
בין געפונען געוואָרען צו די וואָס האָבען מיך ניט געזוכט ; איך האָב
געזאָגט : דאָ בין איך, דאָ בין איך, צו אַ פאָלק וואָס איז ניט אָנגערו־
2 פען ביי מיין נאָמען. איך האָב אויסגעשפּרייט מיינע הענד דעם גאַנ־
צען טאָג, צו אַ פאָלק וואָס קעהרט אָב, וועלכע געהען אויף אַ וועג וואָס
איז ניט גוט, נאָך זייערע אייגענע געדאַנקען.
3 דאָס פאָלק וואָס דערצאָרענט מיך שטענדיג, אין מיין געזיכט, וואָס אָפּ־
פערען אין די גערטנער און רויכערען אויף די ציעגעל.
4 די וואָס זיצען צווישען די גרעבער און נעכטיגען אין די רואינען, וואָס
עסען דאָס פלייש פון דעם שוויין, און אונריינע זופּ איז אין זייערע געפעס.
5 די וואָס זאָגען : געה דיר דיין וועג, קום ניט נאָהענט צו מיר, דען איך
בין הייליגער פון דיר. די דאָזיגע רייד זיינען ווי רויך אין מיין נאָז, אַ
פייער וואָס ברענט דעם גאַנצען טאָג.
6 זעה, דאָס איז אויפגעשריעבען פאַר מיין געזיכט, איך וועל ניט שטיל
שווייגען, ביז איך וועל האָבען באַצאָהלט, און איך וועל עס באַצאָהלען אין
זייער בוזים.
7 אייערע זינד און די זינד פון אייערע עלטערען צוזאַמען, זאָגט גאָט, וואָס
זיי האָבען גערויכערט אויף די בערג (פאַר די געצען) און אויף די היג־
לען האָבען זיי מיך געלעסטערט, און איך וועל אָבמעסטען זייער לוין
צום ערשטען אין זייער בוזעם.
8 אַזוי האָט געזאָגט גאָט : אַזוי ווי ווען עס ווערט געפונען דער טרוי־
בענזאַפט אין בינטעל טרויבען, און מען זאָגט : דו זאָלסט עס (דעם
בינטעל) ניט פערדאַרבען, דען אַ זעגען איז אין איהם (די וויין), אַזוי
וועל איך טהאָן פון וועגען מיינע קנעכט, ניט צו פערדאַרבען אַלעמען.
9 און איך וועל אַרויסנעהמען פון יעקב די גוטע זאָמען, און פון יהודה
די גוטע זאָמען וועלכע ערבען מיינע בערג, און מיינע אויסערוועהלטע
וועלען עס ערבען, און מיינע קנעכט וועלען דאָרטען וואָהנען.
10 און דער שרון וועט זיין אַ וואָהנונג פאַר שאָף, און דאָס טהאָל פון עכור
אַ לאַגעראָרט פון רינדער, פאַר מיין פאָלק וואָס האָט מיך געזוכט.

11 בָּקָר לְעַמִּי אֲשֶׁר דְּרָשׁוּנִי׃ וְאַתֶּם עֹזְבֵי יְהוָה הַשְּׁכֵחִים
אֶת־הַר קָדְשִׁי הַעֹרְכִים לַגַּד שֻׁלְחָן וְהַמְמַלְאִים לַמְנִי
12 מִמְסָךְ׃ וּמָנִיתִי אֶתְכֶם לַחֶרֶב וְכֻלְּכֶם לַטֶּבַח תִּכְרָעוּ
יַעַן קָרָאתִי וְלֹא עֲנִיתֶם דִּבַּרְתִּי וְלֹא שְׁמַעְתֶּם וַתַּעֲשׂוּ הָרַע
13 בְּעֵינַי וּבַאֲשֶׁר לֹא־חָפַצְתִּי בְּחַרְתֶּם׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר ׀
אֲדֹנָי יֱהוִה הִנֵּה עֲבָדַי ׀ יֹאכֵלוּ וְאַתֶּם תִּרְעָבוּ הִנֵּה עֲבָדַי
יִשְׁתּוּ וְאַתֶּם תִּצְמָאוּ הִנֵּה עֲבָדַי יִשְׂמָחוּ וְאַתֶּם תֵּבֹשׁוּ׃
14 הִנֵּה עֲבָדַי יָרֹנּוּ מִטּוּב לֵב וְאַתֶּם תִּצְעֲקוּ מִכְּאֵב לֵב
טו וּמִשֵּׁבֶר רוּחַ תְּיֵלִילוּ׃ וְהִנַּחְתֶּם שִׁמְכֶם לִשְׁבוּעָה לִבְחִירַי
16 וֶהֱמִיתְךָ אֲדֹנָי יֱהוִה וְלַעֲבָדָיו יִקְרָא שֵׁם אַחֵר׃ אֲשֶׁר
הַמִּתְבָּרֵךְ בָּאָרֶץ יִתְבָּרֵךְ בֵּאלֹהֵי אָמֵן וְהַנִּשְׁבָּע בָּאָרֶץ
יִשָּׁבַע בֵּאלֹהֵי אָמֵן כִּי נִשְׁכְּחוּ הַצָּרוֹת הָרִאשֹׁנוֹת וְכִי
17 נִסְתְּרוּ מֵעֵינָי׃ כִּי־הִנְנִי בוֹרֵא שָׁמַיִם חֲדָשִׁים וָאָרֶץ חֲדָשָׁה
18 וְלֹא תִזָּכַרְנָה הָרִאשֹׁנוֹת וְלֹא תַעֲלֶינָה עַל־לֵב׃ כִּי־אִם־
שִׂישׂוּ וְגִילוּ עֲדֵי־עַד אֲשֶׁר אֲנִי בוֹרֵא כִּי הִנְנִי בוֹרֵא אֶת־
19 יְרוּשָׁלִַם גִּילָה וְעַמָּהּ מָשׂוֹשׂ׃ וְגַלְתִּי בִירוּשָׁלִַם וְשַׂשְׂתִּי
כ בְעַמִּי וְלֹא־יִשָּׁמַע בָּהּ עוֹד קוֹל בְּכִי וְקוֹל זְעָקָה׃ לֹא־
יִהְיֶה מִשָּׁם עוֹד עוּל יָמִים וְזָקֵן אֲשֶׁר לֹא־יְמַלֵּא אֶת־יָמָיו
כִּי הַנַּעַר בֶּן־מֵאָה שָׁנָה יָמוּת וְהַחוֹטֶא בֶּן־מֵאָה שָׁנָה
21 יְקֻלָּל׃ וּבָנוּ בָתִּים וְיָשָׁבוּ וְנָטְעוּ כְרָמִים וְאָכְלוּ פִּרְיָם׃
22 לֹא יִבְנוּ וְאַחֵר יֵשֵׁב לֹא יִטְּעוּ וְאַחֵר יֹאכֵל כִּי כִימֵי הָעֵץ
23 יְמֵי עַמִּי וּמַעֲשֵׂה יְדֵיהֶם יְבַלּוּ בְחִירָי׃ לֹא יִיגְעוּ לָרִיק
וְלֹא יֵלְדוּ לַבֶּהָלָה כִּי זֶרַע בְּרוּכֵי יְהוָה הֵמָּה וְצֶאֱצָאֵיהֶם
24 אִתָּם׃ וְהָיָה טֶרֶם יִקְרָאוּ וַאֲנִי אֶעֱנֶה עוֹד הֵם מְדַבְּרִים
כה וַאֲנִי אֶשְׁמָע׃ זְאֵב וְטָלֶה יִרְעוּ כְאֶחָד וְאַרְיֵה כַּבָּקָר יֹאכַל־
תֶּבֶן וְנָחָשׁ עָפָר לַחְמוֹ לֹא־יָרֵעוּ וְלֹא־יַשְׁחִיתוּ בְּכָל־הַר
קָדְשִׁי אָמַר יְהוָה׃

כה

קמץ באתנחא v. 24. קמץ בטרחא ibid. קמץ בס״פ v. 13. קמץ בז״ק v. 12.

11 אָבער איהר וועלכע פערלאָזט גאָט, וואָס איהר פערגעסט מיין היילינגען באַרג, וועלכע גרייטען אַ טיש צו גד (אַ געץ), און פילען אָן פאַר מני (אַ געץ) אָפּפער־געטראַנק.
12 אייך וועל איך בעשטימען צו דעם שווערד. און איהר וועט אייך אַלע קניען צו דער שלאַכטונג, ווייל איך האָב גערופען און איהר האָט ניט געענטפערט, איך האָב גערעדט און איהר האָט ניט געהערט. און איהר האָט געטהאָן דאָס וואָס איז שלעכט אין מיינע אויגען, און דאָס וואָס איך האָב ניט פאַרזאָגט האָט איהר אויסערוועהלט.
13 דאַרום, האָט אַזוי געזאָגט גאָט דער הערר, זעה, מיינע קנעכט וועלען עסען. און איהר וועט הונגערען; זעה, מיינע קנעכט וועלען טרינקען און איהר וועט דאָרשטיג זיין. זעה, מיינע קנעכט וועלען זיך פרעהען און איהר וועט פערשעהמט ווערען.
14 זעה, מיינע קנעכט וועלען זינגען לוסטיג פון הערצען, און איהר וועט שרייען פון הערצענסלייד, און פון אַ צובראָ־כענעם געמיטה וועט איהר יאָמערען.
15 און איהר וועט איבערלאָזען אייער נאָמען אַלס פלוך־וואָרט פאַר מיינע אויסערוועהלטע: (מען וועט זאָגען) „דער הערר גאָט זאָל דיך טוידטען" (ווי ער האָט זיי געטוידט), אָבער זיינע קנעכט וועט ער רופען מיט אַ נייעם נאָמען.
16 דער וואָס וועט זיך בענשען אויף דער ערד, וועט זיך בענשען מיט דעם וואהרען גאָט; און דער וואָס וועט שווערען אויף דער ערד, וועט שווערען ביי דעם וואהרען גאָט; פירוואהר, פערגעסען זיינען געוואָרען די ער־שטע ליידען, און געווים, זיי זיינען פערבאָרגען פון מיינע אויגען.
17 דען זעה, איך בעשאַף נייע הימלען און אַ נייע ערד; און די פריהער־דיגע (ליידען) וועלען ניט דערמאָהנט ווערען, און זיי וועלען ניט מעהר קומען אין זינען.
18 נאָר, פרעהט זיך און זייט לוסטיג אויף אימער און אייביג און די (נייע הימעל און ערד) וואָס איך בעשאַף. דען איך בעשאַף ירושלים פאַר אַ לוסטיגקייט, און איהר פאָלק פאַר אַ פרייד.
19 און איך וועל זיך פרעהען מיט ירושלים, און איך וועל פרעהליך זיין מיט מיין פאָלק, און עס וועט ניט מעהר געהערט ווערען אין איהר אַ שטים פון געוויין, און אַ שטים פון יאָמער־געשריי.
20 עס וועט ניט מעהר זיין ביי זיי דאָרט אַ יונג קינד פון (עטליכע) טעג, אָדער אַ גרייז וואָס וועט ניט אויספילען זיינע לעבענסטעג; דען אַ יונגער מאַן וועט הייסען, דער וואָס וועט שטאַרבען הונדערט יאָהר אַלט. און אַלס אַ זינדיגער וועט געשאָלטען ווערען, דער וואָס וועט שטאַרבען אַ הונדערט יאָהר אַלט.
21 און זיי וועלען בויען הייזער און וועלען וואָהנען, און זיי וועלען פלאַנצען וויינגערטנער און זיי וועלען עסען זייער פרוכט.
22 זיי וועלען ניט בויען און אַן אַנדערער זאָל וואָהנען, זיי וועלען ניט פלאַנ־צען און אַנדערער זאָל עסען; דען אַזוי ווי די טעג פון דעם בוים (עץ החיים) וועלען זיין די טעג פון מיין פאָלק, און מיינע אויערוועהלטע וועלען איבערלעבען דאָס ווערק פון זייערע הענד.
23 זיי וועלען זיך ניט מיהען אומזיסט, און זיי וועלען ניט געבערען צום אונטערגאַנג, דען דער זאָמען פון די געבענשטע פון גאָט זיינען זיי, און זייערע נאָכקאָמען צוזאַמען מיט זיי.
24 און עס וועט געשעהען, אַז איידער זיי וועלען רופען, וועל איך ענטפערען, ווען זיי האַלטען נאָך אין ריידען, וועל איך עס הערען.
25 אַ וואָלף און אַ שעפּס וועלען זיך ווײדען צוזאַמען, און דער לייב וועט ווי דער רינד, עסען שטרוי, און דער שלאַנג — שטויב וועט זיין זיין ברויט; זיי וועלען ניט טהאָן שלעכטס און זיי וועלען ניט פערדאַרבען אין מיין גאַנצען היילינגען באַרג, זאָגט גאָט.

סו

## Cap. LXVI. סו

א כֹּה אָמַר יְהוָה הַשָּׁמַיִם כִּסְאִי וְהָאָרֶץ הֲדֹם רַגְלָי אֵי־זֶה
2 בַיִת אֲשֶׁר תִּבְנוּ־לִי וְאֵי־זֶה מָקוֹם מְנוּחָתִי׃ וְאֶת־כָּל־אֵלֶּה
יָדִי עָשָׂתָה וַיִּהְיוּ כָל־אֵלֶּה נְאֻם־יְהוָה וְאֶל־זֶה אַבִּיט אֶל־
3 עָנִי וּנְכֵה־רוּחַ וְחָרֵד עַל־דְּבָרִי׃ שׁוֹחֵט הַשּׁוֹר מַכֵּה־אִישׁ
זוֹבֵחַ הַשֶּׂה עֹרֵף כֶּלֶב מַעֲלֵה מִנְחָה דַּם־חֲזִיר מַזְכִּיר
לְבֹנָה מְבָרֵךְ אָוֶן גַּם־הֵמָּה בָּחֲרוּ בְּדַרְכֵיהֶם וּבְשִׁקּוּצֵיהֶם
4 נַפְשָׁם חָפֵצָה׃ גַּם־אֲנִי אֶבְחַר בְּתַעֲלֻלֵיהֶם וּמְגוּרֹתָם אָבִיא
לָהֶם יַעַן קָרָאתִי וְאֵין עוֹנֶה דִּבַּרְתִּי וְלֹא שָׁמֵעוּ וַיַּעֲשׂוּ הָרַע
ה בְּעֵינַי וּבַאֲשֶׁר לֹא־חָפַצְתִּי בָּחָרוּ׃ שִׁמְעוּ דְּבַר־יְהוָה
הַחֲרֵדִים אֶל־דְּבָרוֹ אָמְרוּ אֲחֵיכֶם שֹׂנְאֵיכֶם מְנַדֵּיכֶם לְמַעַן
6 שְׁמִי יִכְבַּד יְהוָה וְנִרְאֶה בְשִׂמְחַתְכֶם וְהֵם יֵבֹשׁוּ׃ קוֹל
שָׁאוֹן מֵעִיר קוֹל מֵהֵיכָל קוֹל יְהוָה מְשַׁלֵּם גְּמוּל לְאֹיְבָיו׃
7 בְּטֶרֶם תָּחִיל יָלָדָה בְּטֶרֶם יָבוֹא חֵבֶל לָהּ וְהִמְלִיטָה
8 זָכָר׃ מִי־שָׁמַע כָּזֹאת מִי רָאָה כָּאֵלֶּה הֲיוּחַל אֶרֶץ בְּיוֹם
אֶחָד אִם־יִוָּלֵד גּוֹי פַּעַם אֶחָת כִּי־חָלָה גַּם־יָלְדָה צִיּוֹן אֶת־
9 בָּנֶיהָ׃ הַאֲנִי אַשְׁבִּיר וְלֹא אוֹלִיד יֹאמַר יְהוָה אִם־אֲנִי
י הַמּוֹלִיד וְעָצַרְתִּי אָמַר אֱלֹהָיִךְ׃ שִׂמְחוּ אֶת־יְרוּשָׁלַם
וְגִילוּ בָהּ כָּל־אֹהֲבֶיהָ שִׂישׂוּ אִתָּהּ מָשׂוֹשׂ כָּל־הַמִּתְאַבְּלִים
11 עָלֶיהָ׃ לְמַעַן תִּינְקוּ וּשְׂבַעְתֶּם מִשֹּׁד תַּנְחֻמֶיהָ לְמַעַן תָּמֹצּוּ
12 וְהִתְעַנַּגְתֶּם מִזִּיז כְּבוֹדָהּ׃ כִּי־כֹה ׀ אָמַר יְהוָה הִנְנִי
נֹטֶה־אֵלֶיהָ כְּנָהָר שָׁלוֹם וּכְנַחַל שׁוֹטֵף כְּבוֹד גּוֹיִם וִינַקְתֶּם
13 עַל־צַד תִּנָּשֵׂאוּ וְעַל־בִּרְכַּיִם תְּשָׁעֳשָׁעוּ׃ כְּאִישׁ אֲשֶׁר אִמּוֹ
14 תְּנַחֲמֶנּוּ כֵּן אָנֹכִי אֲנַחֶמְכֶם וּבִירוּשָׁלַם תְּנֻחָמוּ׃ וּרְאִיתֶם
וְשָׂשׂ לִבְּכֶם וְעַצְמוֹתֵיכֶם כַּדֶּשֶׁא תִפְרַחְנָה וְנוֹדְעָה יַד־יְהוָה
טו אֶת־עֲבָדָיו וְזָעַם אֶת־אֹיְבָיו׃ כִּי־הִנֵּה יְהוָה בָּאֵשׁ יָבוֹא
וְכַסּוּפָה מַרְכְּבֹתָיו לְהָשִׁיב בְּחֵמָה אַפּוֹ וְגַעֲרָתוֹ בְּלַהֲבֵי־

אש

v. 1. הפטרת שבת וראש חדש   v. 2. קמץ בז״ק   ibid. למדנחאי אֶל   v. 3. 9. כצ״ל

## קאַפּיטעל סו

1 אַזוי האָט גאָט געזאָגט: דער הימעל איז מיין טהראָן, און די ערד איז מיין פוס־בענקעל, וואָס פאַר אַ הויז קענט איהר דען בויען פאַר מיר?
2 און וואו איז דער אָרט פאַר מיין רוה־פּלאַטץ? און די אַלע האָט מיין אייגענע האַנד בעשאַפען, און די אַלע זיינען פערבליעבען, זאָגט גאָט, (פונדעסטוועגען) אויף אַזעלכען קוק איך; אויף אַן אָרעמען און אויף אַ ניעדערגעשלאָגענעם געמיטה, און אויף דעם וואָס איילט צו טהאָן מיין וואָרט.
3 דער וואָס שלאַכט אַן אָקס, (פאַר אַ קרבן, און טהוט אומרעכט) איז אַזוי ווי ער וואָלט דערשלאָגען אַ מאַן, דער וואָס אָפּפערט אַ שעפּס, איז אַזוי ווי ער וואָלט אָבגעהאַקט דעם גניק פון אַ הונד; דער וואָס ברענגט אַ שפּייז־אָפּפער, איז אַזוי ווי ער וואָלט אויפברענגען דאָס בלוט פון אַ שווין, דער וואָס רויכערט ווייהרויך, איז אַזוי ווי ער וואָלט זיך בענשען מיט דאָס אומרעכט. און ווייל אויך זיי האָבען אויסערוועהלט אין אַזעלכע וועגען, און אין זייערע שענדליכע טהאַטען האָט זייער זעעל געלוסט,
4 דאַרום וועל איך אויך אויסערוועהלען (שפּאָט) זיי צו פערשפּאָטען און זייער פורכט וועל איך ברענגען אויף זיי, ווייל איך האָב גערופען און קיינער האָט ניט געענטפערט, איך האָב גערעדט און זיי האָבען ניט געהערט, און זיי האָבען געטהאָן דאָס וואָס איז שלעכט אין מיינע אייגען, און דאָס וואָס איך האָב ניט פערלאַנגט האָבען זיי אויסערוועהלט.
5 הערט צו דאָס וואָרט פון גאָט, איהר וואָס ציטערט פאַר זיין וואָרט: אייערע ברידער, די וואָס האַסען אייך, די וואָס האַלטען אייך פאַר אונריין, זאָגען: „וועגען זיין (מיין) נאָמענס וועגען לאָז דאָך גאָט אייך וויזען זיין עהרע און לאָמיר דאָך זעהען אייער פרייד". אָך, זאָלען זיי דאָך פערשעהמט ווערען.
6 אַ שטים פון גערויש (הערט זיך) פון שטאָדט; אַ שטים פון טעמפּעל, די שטים פון גאָט, ער באַצאָהלט אַ פערגעלטונג צו זיינע פיינד.
7 איידער זי (ירושלים) וועט קינד־וועהען האָבען, האָט זי געבאָרען. איידער אַ שמערץ איז געקומען צו איהר, האָט זי געבאָרען אַ זוהן.
8 ווער האָט אַזוי וואָס געהערט? ווער האָט אַזעלכע זאַכען געזעהען? קען דען געבאָרען ווערען אַ לאַנד אין איין טאָג? אָדער קען געבאָרען ווערען אַ פאָלק מיט איין מאָל? דען מיט איין מאָל האָט ציון וועהען געקריעגען און האָט אויך גלייך געבאָרען איהרע קינדער.
9 וועל איך דען ברענגען צו דעם געבער־שטוהל, און ניט מאַכען געבאָרען? זאָגט גאָט; אָדער זאָל איך דער וואָס געבערט, יעצט פערשליעסען (דאָס מוטערלייב)? זאָגט דיין גאָט.
10 פרעהט זיך מיט ירושלים, און זייט פרעהליך מיט איהר, אַלע איהרע ליעבהאָבערס, פרעהט זיך מיט איהר מיט גרויס פרייד, איהר אַלע, וואָס איהר טרויערט אויף איהר.
11 אום איהר זאָלט זויגען און אייך אָנזעטיגען פון די ברוסט פון איהרע טרייסטונגען; אום איהר זאָלט אויסזויגען און זיך לאָבען מיט דעם איבערפלוס פון איהר עהרע.
12 דען אַזוי האָט געזאָגט גאָט: זעה, איך וועל נייגען צו איהר פריעדען אַזוי ווי אַ טייך, און ווי אַ פלייצענדען שטראָם דעם רייכטהום פון די פעלקער, און איהר וועט זויגען, אויפ׳ן אָרעם וועט איהר געטראָגען ווערען, און אויף די קניע וועט מען אייך לוסטיג מאַכען.
13 ווי אַ מאַן וואָס זיין מוטער טרייכט איהם, אַזוי וועל איך אייך טרייסטען; און מיט ירושלים וועט איהר געטרייסט ווערען.
14 און איהר וועט זעהען, און אייער הערץ וועט זיך פרעהען, און אייערע ביינער וועלען אויפבליהען ווי דאָס גרינס, און גאָט׳ס האַנד וועט מיט ליעבשאַפט בעוואוסט ווערען אויף זיינע קנעכט, אָבער ער וועט צאָרנען אויף זיינע פיינד.
15 דען זעה, מיט דעם פייער וועט גאָט קומען, און ווי דער שטורעם־ווינד

16 אֵשׁ׃ כִּי בָאֵשׁ יְהוָה נִשְׁפָּט וּבְחַרְבּוֹ אֶת־כָּל־בָּשָׂר וְרַבּוּ
17 חַלְלֵי יְהוָה׃ הַמִּתְקַדְּשִׁים וְהַמִּטַּהֲרִים אֶל־הַגַּנּוֹת אַחַר
אַחַד בַּתָּוֶךְ אֹכְלֵי בְּשַׂר הַחֲזִיר וְהַשֶּׁקֶץ וְהָעַכְבָּר יַחְדָּו
18 יָסֻפוּ נְאֻם־יְהוָה׃ וְאָנֹכִי מַעֲשֵׂיהֶם וּמַחְשְׁבֹתֵיהֶם בָּאָה
לְקַבֵּץ אֶת־כָּל־הַגּוֹיִם וְהַלְּשֹׁנוֹת וּבָאוּ וְרָאוּ אֶת־כְּבוֹדִי׃
19 וְשַׂמְתִּי בָהֶם אוֹת וְשִׁלַּחְתִּי מֵהֶם ׀ פְּלֵיטִים אֶל־הַגּוֹיִם
תַּרְשִׁישׁ פּוּל וְלוּד מֹשְׁכֵי קֶשֶׁת תֻּבַל וְיָוָן הָאִיִּים הָרְחֹקִים
אֲשֶׁר לֹא־שָׁמְעוּ אֶת־שִׁמְעִי וְלֹא־רָאוּ אֶת־כְּבוֹדִי וְהִגִּידוּ
כ אֶת־כְּבוֹדִי בַּגּוֹיִם׃ וְהֵבִיאוּ אֶת־כָּל־אֲחֵיכֶם ׀ מִכָּל־הַגּוֹיִם ׀
מִנְחָה ׀ לַיהוָה בַּסּוּסִים וּבָרֶכֶב וּבַצַּבִּים וּבַפְּרָדִים
וּבַכִּרְכָּרוֹת עַל הַר קָדְשִׁי יְרוּשָׁלִַם אָמַר יְהוָה כַּאֲשֶׁר יָבִיאוּ
21 בְנֵי יִשְׂרָאֵל אֶת־הַמִּנְחָה בִּכְלִי טָהוֹר בֵּית יְהוָה׃ וְגַם־
22 מֵהֶם אֶקַּח לַכֹּהֲנִים לַלְוִיִּם אָמַר יְהוָה׃ כִּי כַאֲשֶׁר הַשָּׁמַיִם
הַחֲדָשִׁים וְהָאָרֶץ הַחֲדָשָׁה אֲשֶׁר אֲנִי עֹשֶׂה עֹמְדִים לְפָנַי
23 נְאֻם־יְהוָה כֵּן יַעֲמֹד זַרְעֲכֶם וְשִׁמְכֶם׃ וְהָיָה מִדֵּי־חֹדֶשׁ בְּחָדְשׁוֹ
וּמִדֵּי שַׁבָּת בְּשַׁבַּתּוֹ יָבוֹא כָל־בָּשָׂר לְהִשְׁתַּחֲוֺת לְפָנַי אָמַר
24 יְהוָה׃ וְיָצְאוּ וְרָאוּ בְּפִגְרֵי הָאֲנָשִׁים הַפֹּשְׁעִים בִּי כִּי תוֹלַעְתָּם
לֹא תָמוּת וְאִשָּׁם לֹא תִכְבֶּה וְהָיוּ דֵרָאוֹן לְכָל־בָּשָׂר׃

v. 17. אחת קרי v. 23. סבירין יבואו

והיה מדי חדש

י׳ת׳ק׳ק סימן

# חזק ונתחזק

סכום הפסוקים של ישעיה אלף ומאתים ותשעים וחמשה. בריח גיחת ארצה אתכם סימן. וחציו. כי אם שם אדיר יי לנו. וסדריו. כ״ו. והיה יי למלך על כל הארץ סימן:

וועלען זיין זיינע רייטוועגען, אום צו באַצאָהלען מיט גרים זיין ראַבע, און זיין געשריי — מיט פלאַמען פייער.

16 דען מיט פייער וועט גאָט ריכטען, און מיט זיין שווערד — קעגען יעדען פלייש, און פיעל וועלען זיין די דערשלאָגענע פון גאָט.

17 (אָט פון די) וועלכע גרייטען זיך אָן און רייניגען זיך און די גערטנער (פאַר די געצען), הינטער איין בעטריגערישען געץ אין מיטען, און דארט עסען זיי די פלייש פון דעם שוויין ; פון די אונווירדיגע (בעשעפעני־סען), און פון די מייז, צוזאַמען וועלען זיי פערניכטעט ווערען. דאָס איז דער שפרוך פון גאָט.

18 און איך (ווייס אַלעס), זייערע ווערק און זייערע געדאַנקען זייַנען פאַר מיר אָנגעקומען. (דארום) וועל איך איינזאַמלען אַלע נאַציאָנען און שפּראַ־כען, און זיי וועלען קומען און זיי וועלען זעהען מיין עהרע, (און זיי וועלען בעשטראָפט ווערען).

19 אָבער אויף איך (זיי) וועל איך מאַכען אַ צייכען, און פון איך (זיי) וועל איך אַוועקלאָזען גערעטעטע, (און זיי וועלען געהען) צו די פעלקער תרשיש, פול און לוד, די וואָס ציהען דעם בויגען, צו תובל און יון, די ווייטע אינזלען וועלכע האָבען נאָך ניט געהערט פון מיין רוהם, און האָבען ניט געזעהען מיין עהרע, און זיי וועלען אָנזאָגען מיין עהרע צו די אַלע פעלקער.

20 און זיי (די פעלקער) וועלען ברענגען אַלע אייערע ברידער פון צווישען די פעלקער איין געשאַנק פאַר גאָט, אויף פערד און אויף רייטוועגען, און אין קאַרעטעס, און אויף מוילעזלען און אויף קעמלען, צו מיין הייליגען באַרג נאָך ירושלים, זאָגט גאָט, אַזוי ווי די קינדער פון ישראל ברענגען דעם שפּייז־אָפּפער אין אַ ריינעם געפעס, צו דעם הויז פון גאָט.

21 און אויך פון זיי (די געבראַכטע) וועל איך אויסערוועהלען פריעסטער און לוים, זאָגט גאָט.

22 דען אַזוי ווי די נייע הימלען און די נייע ערד וואָס איך טהו בעשאַפען, וועלכע בעשטעהען פאַר מיר (שטענדיג), זאָגט גאָט, אַזוי וועלען (אייביג) האָבען אַ בעשטאַנד אייער זאָמען און אייער נאָמען.

23 און עס וועט געשעהען, דאָס אין יעדער ניי־מאָנאַט (ראש חדש) און אין יעדער שבת, וועט קומען יעדעס פלייש (בעשעפענים), זיך צו בוקען פאַר מיר, זאָגט גאָט.

24 און זיי וועלען אַרויסגעהען און קוקען מיט פעראַכטונג אויף די טוידטע קערפּערס פון די מענשען וועלכע האָבען פערבראָכען קעגען מיר ; דען זייערע ווערים וועלען ניט אויסשטאַרבען, און זייער פייער וועט ניט פער־לאָשען ווערען, און זיי וועלען זיין אַן עקעל פאַר יעדעס פלייש, (בעשע־פענים).

און עס וועט געשעהען, דאָס אין יעדער ניי־מאָנאַט (ראש חדש) און יע־דער שבת וועט קומען יעדעס פלייש, זיך צו בוקען פאַר מיר, זאָגט גאָט.

### ח ז ק

יתק"ק איז דער סימן, דאָס הייסט : אין ישעיה, תרי עשר, קהלת, און קינות, זאָגט מען איבער דעם פסוק וועלכער איז פאַר דעם לעצטען נאָך אַ מאָל, ווייל דער לעצטער פסוק ענדיגט זיך מיט אַ שלעכטען וואָרט. דארום דאָ אין ישעיה זאָגט מען איבער דעם פסוק 23 נאָך אַ מאָל.

דער צאָהל פון די פסוקים פון ספר ישעיה איז : איין טויזענד צוויי הונדערט פינף און ניינציג.

# ירמיה

# LIBER JEREMIÆ.

## CAPUT I. א

׳ דִּבְרֵי יִרְמְיָהוּ בֶּן־חִלְקִיָּהוּ מִן־הַכֹּהֲנִים אֲשֶׁר בַּעֲנָתוֹת א
בְּאֶרֶץ בִּנְיָמִן׃ אֲשֶׁר הָיָה דְבַר־יְהוָה אֵלָיו בִּימֵי יֹאשִׁיָּהוּ 2
בֶן־אָמוֹן מֶלֶךְ יְהוּדָה בִּשְׁלֹשׁ־עֶשְׂרֵה שָׁנָה לְמָלְכוֹ׃ וַיְהִי 3
בִּימֵי יְהוֹיָקִים בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה עַד־תֹּם עַשְׁתֵּי־
עֶשְׂרֵה שָׁנָה לְצִדְקִיָּהוּ בֶן־יֹאשִׁיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה עַד־גְּלוֹת
יְרוּשָׁלַםִ בַּחֹדֶשׁ הַחֲמִישִׁי׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי 4
לֵאמֹר׃ בְּטֶרֶם אֶצָּורְךָ בַבֶּטֶן יְדַעְתִּיךָ וּבְטֶרֶם תֵּצֵא ה
מֵרֶחֶם הִקְדַּשְׁתִּיךָ נָבִיא לַגּוֹיִם נְתַתִּיךָ׃ וָאֹמַר אֲהָהּ 6
אֲדֹנָי יֱהוִה הִנֵּה לֹא־יָדַעְתִּי דַּבֵּר כִּי־נַעַר אָנֹכִי׃ וַיֹּאמֶר 7
יְהוָה אֵלַי אַל־תֹּאמַר נַעַר אָנֹכִי כִּי עַל־כָּל־אֲשֶׁר אֶשְׁלָחֲךָ
תֵּלֵךְ וְאֵת כָּל־אֲשֶׁר אֲצַוְּךָ תְּדַבֵּר׃ אַל־תִּירָא מִפְּנֵיהֶם 8
כִּי־אִתְּךָ אֲנִי לְהַצִּלֶךָ נְאֻם־יְהוָה׃ וַיִּשְׁלַח יְהוָה אֶת־יָדוֹ 9
וַיַּגַּע עַל־פִּי וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי הִנֵּה נָתַתִּי דְבָרַי בְּפִיךָ׃
רְאֵה הִפְקַדְתִּיךָ ׀ הַיּוֹם הַזֶּה עַל־הַגּוֹיִם וְעַל־הַמַּמְלָכוֹת ׳
לִנְתוֹשׁ וְלִנְתוֹץ וּלְהַאֲבִיד וְלַהֲרוֹס לִבְנוֹת וְלִנְטוֹעַ׃
וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר מָה־אַתָּה רֹאֶה יִרְמְיָהוּ וָאֹמַר 11
מַקֵּל שָׁקֵד אֲנִי רֹאֶה׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי הֵיטַבְתָּ לִרְאוֹת 12
כִּי־שֹׁקֵד אֲנִי עַל־דְּבָרִי לַעֲשֹׂתוֹ׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה ׀ 13
אֵלַי שֵׁנִית לֵאמֹר מָה אַתָּה רֹאֶה וָאֹמַר סִיר נָפוּחַ אֲנִי
רֹאֶה וּפָנָיו מִפְּנֵי צָפוֹנָה׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי מִצָּפוֹן תִּפָּתַח 14

הרעה

v. 1. הפטרת ואלה שמות וגם הפטרת ראשי המטות. v. 5. ו׳ יתירה

# ירמיה

## קאַפּיטעל א

1 די ווערטער פון ירמיהו, דער זוהן פון חלקיהו, פון די פּריסטער וואָס אין ענתות, אין דעם לאַנד בנימין.

2 צו וועמען דאָס וואָרט פון גאָט איז געוועזן אין די טעג פון יאשיהו, דער זוהן פון אמון קעניג פון יהודה, אין דעם דרייצעהנטען יאָהר פון זיין רעגיערונג.

3 און עס איז געשעהען אין דער צייט פון יהויקים דער זוהן פון יאשיהו קעניג פון יהודה ביז צום ענדע פון דעם עלפטען יאָהר פון צדקיהו, דער זוהן פון יאשיהו קעניג פון יהודה, ביז צו דער פערטרייבונג פון ירושלים אין דעם פינפטען מאָנאַט.

4 און גאָט'ס וואָרט איז געוועזן צו מיר אזוי צו זאָגען:

5 איידער איך האָב דיך בעשאַפען אין בויך האָב איך דיך געקענט און איידער דו ביזט אַרויס פון דיין מוטער'ס לייב האָב איך דיך געהייליגט, אַלס פּראָפעט צו די פעלקער האָב איך דיך בעשטימט.

6 און איך האָב געזאָגט: אָה, הערר גאָט, איך וויים דאָך ניט ווי צו רעדען ווייל איך בין יונג.

7 און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: דו זאָלסט ניט זאָגען איך בין יונג, נאָר אומעטום וואו איך וועל דיך שיקען זאָלסטו געהן און אַלעס וואָס איך וועל דיר הייסען זאָלסטו רעדען.

8 האָב קיין מורא ניט פאַר זיי, ווייל איך בין מיט דיר דיך צו רעטען, זאָגט גאָט.

9 און גאָט האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד און בעריהרט מיין מויל, און גאָט האָט צו מיר געזאָגט, נון איך לייג מיין וואָרט אין דיין מויל.

10 זעה, איך בעשטים דיך הייטע איבער פעלקער און איבער קעניגרייכע, אום אויסצורייסען און צוברעכען, צושטערען און פערדאַרבען, צו בויען און צו פּלאַנצען.

11 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געוועזן צו מיר אזוי צו זאָגען: וואָס זעהסטו ירמיהו? און איך האָב געזאָגט: אַ שטעקען פון אַ מאַנדעל־בוים זעה איך.

12 און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: דו האָסט ריכטיג געזעהען, דען איך וואך איבער מיין וואָרט עס צו טהאָן.

13 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געוועזן צו מיר אַ צווייטען מאָל אזוי צו זאָגען: וואָס זעהסטו? און איך האָב געזאָגט אַ זידענדען טאָפּ זעה איך און זיין פאָדערזייט איז פון נאָרד זייט.

טו הָרָעָה עַל כָּל־יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ׃ כִּי ׀ הִנְנִי קֹרֵא לְכָל־
מִשְׁפְּחוֹת מַמְלְכוֹת צָפוֹנָה נְאֻם־יְהוָה וּבָאוּ וְנָתְנוּ אִישׁ
כִּסְאוֹ פֶּתַח ׀ שַׁעֲרֵי יְרוּשָׁלַ͏ִם וְעַל כָּל־חוֹמֹתֶיהָ סָבִיב וְעַל
16 כָּל־עָרֵי יְהוּדָה׃ וְדִבַּרְתִּי מִשְׁפָּטַי אוֹתָם עַל כָּל־רָעָתָם
אֲשֶׁר עֲזָבוּנִי וַיְקַטְּרוּ לֵאלֹהִים אֲחֵרִים וַיִּשְׁתַּחֲווּ לְמַעֲשֵׂי
17 יְדֵיהֶם׃ וְאַתָּה תֶּאְזֹר מָתְנֶיךָ וְקַמְתָּ וְדִבַּרְתָּ אֲלֵיהֶם אֵת
כָּל־אֲשֶׁר אָנֹכִי אֲצַוֶּךָּ אַל־תֵּחַת מִפְּנֵיהֶם פֶּן־אֲחִתְּךָ
18 לִפְנֵיהֶם׃ וַאֲנִי הִנֵּה נְתַתִּיךָ הַיּוֹם לְעִיר מִבְצָר וּלְעַמּוּד
בַּרְזֶל וּלְחֹמוֹת נְחֹשֶׁת עַל־כָּל־הָאָרֶץ לְמַלְכֵי יְהוּדָה לְשָׂרֶיהָ
19 לְכֹהֲנֶיהָ וּלְעַם הָאָרֶץ׃ וְנִלְחֲמוּ אֵלֶיךָ וְלֹא־יוּכְלוּ לָךְ כִּי־
אִתְּךָ אֲנִי נְאֻם־יְהוָה לְהַצִּילֶךָ׃

## CAP. II. ב

ב

2 א וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ הָלֹךְ וְקָרָאתָ בְאָזְנֵי יְרוּשָׁלַ͏ִם
לֵאמֹר כֹּה אָמַר יְהוָה זָכַרְתִּי לָךְ חֶסֶד נְעוּרַיִךְ אַהֲבַת
3 כְּלוּלֹתָיִךְ לֶכְתֵּךְ אַחֲרַי בַּמִּדְבָּר בְּאֶרֶץ לֹא זְרוּעָה׃ קֹדֶשׁ
יִשְׂרָאֵל לַיהוָה רֵאשִׁית תְּבוּאָתֹה כָּל־אֹכְלָיו יֶאְשָׁמוּ רָעָה
4 תָּבֹא אֲלֵיהֶם נְאֻם־יְהוָה׃ ׳ שִׁמְעוּ דְבַר־יְהוָה בֵּית
ה יַעֲקֹב וְכָל־מִשְׁפְּחוֹת בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה מַה־
מָּצְאוּ אֲבוֹתֵיכֶם בִּי עָוֶל כִּי רָחֲקוּ מֵעָלָי וַיֵּלְכוּ אַחֲרֵי
6 הַהֶבֶל וַיֶּהְבָּלוּ׃ וְלֹא אָמְרוּ אַיֵּה יְהוָה הַמַּעֲלֶה אֹתָנוּ מֵאֶרֶץ
מִצְרָיִם הַמּוֹלִיךְ אֹתָנוּ בַּמִּדְבָּר בְּאֶרֶץ עֲרָבָה וְשׁוּחָה
בְּאֶרֶץ צִיָּה וְצַלְמָוֶת בְּאֶרֶץ לֹא־עָבַר בָּהּ אִישׁ וְלֹא־יָשַׁב
7 אָדָם שָׁם׃ וָאָבִיא אֶתְכֶם אֶל־אֶרֶץ הַכַּרְמֶל לֶאֱכֹל פִּרְיָהּ
וְטוּבָהּ וַתָּבֹאוּ וַתְּטַמְּאוּ אֶת־אַרְצִי וְנַחֲלָתִי שַׂמְתֶּם לְתוֹעֵבָה׃
8 הַכֹּהֲנִים לֹא אָמְרוּ אַיֵּה יְהוָה וְתֹפְשֵׂי הַתּוֹרָה לֹא יְדָעוּנִי
וְהָרֹעִים פָּשְׁעוּ בִי וְהַנְּבִאִים נִבְּאוּ בַבַּעַל וְאַחֲרֵי לֹא־
9 יוֹעִלוּ הָלָכוּ׃ לָכֵן עֹד אָרִיב אִתְּכֶם נְאֻם־יְהוָה וְאֶת־בְּנֵי

בניכם

ב׳ v. 3. קמץ כו״ק ibid. ע״ב v. 4 הפטרת מסעי

14 און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: פון נאָרד זייט וועט זיך אָנפאַנגען דאָס אונגליק אויף אַלע איינוואָהנער פון לאַנד.
15 דען איך רוף גלייך צו אַלע פאַמיליען פון די קעניגרייכען פון נאָרד זייט, זאָגט גאָט, און זיי וועלען קומען, און יעדערער וועט שטעלען זיין שטוהל אין דעם אַריינגאַנג פון די טהויערען פון ירושלים, און איבער אַלע איהרע מויערן ארום און איבער אַלע שטעדט פון יהודה.
16 און איך וועל אויסשפּרעכען מיינע אורטהיילע געגען זיי פאַר זייער גאַנצע שלעכטס, ווייל זיי האָבען מיך פערלאָזען און גערויכערט צו אַנדערע געטער, און געבוקט זיך צו די ווערקע פון זייערע הענד.
17 און דו, גורט אָן דיינע לענדען, שטעה אויף און רייד צו זיי וואָס איך וועל דיר הייסען, שרעק זיך ניט פאַר זיי, דען לאָזען וועל איך דיך דערשרעקען פאַר זיי?
18 און נון איך מאַך דיך הייטע צו אַ פעסטע שטאדט און צו איין אייזערנע זייל און צו אַ מויער פון קופּער איבער'ן גאַנצען לאַנד, פאַר די קעניגע פון יהודה, פאַר איהרע פירשטען, פאַר איהרע פּריעסטער און פאַר דאָס פאָלק פון לאַנד.
19 און זיי וועלען שטרייטען געגען דיר און דיך ניט בייקומען, ווייל איך בין מיט דיר, זאָגט גאָט, דיך צו רעטען.

## קאַפּיטעל ב

1 און גאָט'ס וואָרט איז געוועזען צו מיר אַזוי צו זאָגען:
2 געה און רוף אין די אויערען פון ירושלים און זאָג: אַזוי זאָגט גאָט: איך געדענק דיר די פריינדליכקייט פון דיין יוגענד, די ליעבע פון דיין פערלאָבונגס צייט, ווען דו ביזט מיר נאָכגעגאַנגען אין דער וויסטע, אין אַ לאַנד וואָס איז ניט געזעעט געוועזן.
3 ישראל איז הייליג צו גאָט, דאָס ערשטע פון זיין פּרוכט, אַלע וואָס עסען איהם וועלען זיין שולדיג, אונגליק וועט קומען צו זיי, זאָגט גאָט.
4 הערט דאָס וואָרט פון גאָט, הויזגעזינד פון יעקב, און אַלע פאַמיליען פון הויזגעזינד פון ישראל.
5 אַזוי האָט גאָט געזאָגט: וואָס פאַר אונרעכט האָבען אייערע עלטערען אין מיר געפונען וואָס זיי האָבען זיך פון מיר דערוויטערט? און זיי זיינען געגאַנגען נאָך נאַרישקייט און זיינען פערנאַרישט געוואָרען."
6 און האָבען ניט געזאָגט: וואו איז גאָט וואָס האָט אונז אַרויסגעבראַכט פון לאַנד מצרים, וואָס האָט אונז געפיהרט אין דער וויסטע אין איין אונפּרוכטבאַר לאַנד און גריבער, אין אַ טרוקען לאַנד, אין שאָטען פון טוידט, אין אַ לאַנד וואָס קיינער איז ניט דורכגעגאַנגען און קיין מענש האָט דאָרט געוואָהנט.
7 און איך האָב אייך געבראַכט אין אַ גאָרטען־לאַנד, אום צו עסען איהרע פּרוכט און איהר גוטס און איהר זייט געקומען און פערונריינינגט מיין לאַנד, און מיין ערבטהייל האָט איהר געמאַכט צו אבשייליכקייט.
8 די פּריסטער האָבען ניט געזאָגט וואו איז גאָט? און די וואָס האַלטען די לעהרע קענען מיך ניט, און די הירטען האָבען ווידערשפּעניגט געגען מיר און די פּראָפעטען האָבען פּראָפעצייהעט דורך בעל, און נאָך די וואָס קענען זיי ניט ניטצען זיינען זיי נאָכגעגאַנגען.
9 דארום וועל איך זיך נאָך קריעגען מיט אייך, זאָגט גאָט, און מיט אייערע קינדס קינדער וועל איך זיך קריעגען.

בְנֵיכֶם אָרִיב׃ כִּי עִבְרוּ אִיֵּי כִתִּיִּים וּרְאוּ וְקֵדָר שִׁלְחוּ י
וְהִתְבּוֹנְנוּ מְאֹד וּרְאוּ הֵן הָיְתָה כָּזֹאת׃ הַהֵימִיר גּוֹי אֱלֹהִים 11
וְהֵמָּה לֹא אֱלֹהִים וְעַמִּי הֵמִיר כְּבוֹדוֹ בְּלוֹא יוֹעִיל׃ שֹׁמּוּ 12
שָׁמַיִם עַל־זֹאת וְשַׂעֲרוּ חָרְבוּ מְאֹד נְאֻם־יְהוָה׃ כִּי־שְׁתַּיִם 13
רָעוֹת עָשָׂה עַמִּי אֹתִי עָזְבוּ מְקוֹר ׀ מַיִם חַיִּים לַחְצֹב
לָהֶם בֹּארוֹת בֹּארֹת נִשְׁבָּרִים אֲשֶׁר לֹא־יָכִלוּ הַמָּיִם׃
הַעֶבֶד יִשְׂרָאֵל אִם־יְלִיד בַּיִת הוּא מַדּוּעַ הָיָה לָבַז׃ 14
עָלָיו יִשְׁאֲגוּ כְפִרִים נָתְנוּ קוֹלָם וַיָּשִׁיתוּ אַרְצוֹ לְשַׁמָּה עָרָיו טו
נִצְּתָה מִבְּלִי יֹשֵׁב׃ גַּם־בְּנֵי־נֹף וְתַחְפַּנֵס יִרְעוּךְ קָדְקֹד׃ 16
הֲלוֹא־זֹאת תַּעֲשֶׂה־לָּךְ עָזְבֵךְ אֶת־יְהוָה אֱלֹהַיִךְ בְּעֵת 17
מוֹלִכֵךְ בַּדָּרֶךְ׃ וְעַתָּה מַה־לָּךְ לְדֶרֶךְ מִצְרַיִם לִשְׁתּוֹת 18
מֵי שִׁחוֹר וּמַה־לָּךְ לְדֶרֶךְ אַשּׁוּר לִשְׁתּוֹת מֵי נָהָר׃ תְּיַסְּרֵךְ 19
רָעָתֵךְ וּמְשֻׁבוֹתַיִךְ תּוֹכִחֻךְ וּדְעִי וּרְאִי כִּי־רַע וָמָר עָזְבֵךְ
אֶת־יְהוָה אֱלֹהָיִךְ וְלֹא פַחְדָּתִי אֵלַיִךְ נְאֻם־אֲדֹנָי יֱהוִה
צְבָאוֹת׃ כִּי מֵעוֹלָם שָׁבַרְתִּי עֻלֵּךְ נִתַּקְתִּי מוֹסְרוֹתַיִךְ כ
וַתֹּאמְרִי לֹא אֶעֱבוֹד כִּי עַל־כָּל־גִּבְעָה גְּבֹהָה וְתַחַת כָּל־
עֵץ רַעֲנָן אַתְּ צֹעָה זֹנָה׃ וְאָנֹכִי נְטַעְתִּיךְ שׂוֹרֵק כֻּלֹּה זֶרַע 21
אֱמֶת וְאֵיךְ נֶהְפַּכְתְּ לִי סוּרֵי הַגֶּפֶן נָכְרִיָּה׃ כִּי אִם־תְּכַבְּסִי 22
בַּנֶּתֶר וְתַרְבִּי־לָךְ בֹּרִית נִכְתָּם עֲוֹנֵךְ לְפָנַי נְאֻם אֲדֹנָי
יֱהוִה׃ אֵיךְ תֹּאמְרִי לֹא נִטְמֵאתִי אַחֲרֵי הַבְּעָלִים לֹא 23
הָלַכְתִּי רְאִי דַרְכֵּךְ בַּגַּיְא דְּעִי מֶה עָשִׂית בִּכְרָה קַלָּה
מְשָׂרֶכֶת דְּרָכֶיהָ׃ פֶּרֶא ׀ לִמֻּד מִדְבָּר בְּאַוַּת נַפְשָׁו שָׁאֲפָה 24
רוּחַ תַּאֲנָתָהּ מִי יְשִׁיבֶנָּה כָּל־מְבַקְשֶׁיהָ לֹא יִיעָפוּ בְּחָדְשָׁהּ
יִמְצָאוּנְהָ׃ מִנְעִי רַגְלֵךְ מִיָּחֵף וּגוֹרֹנֵךְ מִצִּמְאָה וַתֹּאמְרִי כה
נוֹאָשׁ לוֹא כִּי־אָהַבְתִּי זָרִים וְאַחֲרֵיהֶם אֵלֵךְ׃ כְּבֹשֶׁת גַּנָּב 26
כִּי יִמָּצֵא כֵּן הֹבִישׁוּ בֵּית יִשְׂרָאֵל הֵמָּה מַלְכֵיהֶם שָׂרֵיהֶם
וְכֹהֲנֵיהֶם וּנְבִיאֵיהֶם׃ אֹמְרִים לָעֵץ אָבִי אַתָּה וְלָאֶבֶן אַתְּ 27

ילדתני

v. 14. פתח בס״פ   v. 15. נצתו קרי   v. 16. ותחפנחס קרי   v. 19. קמץ בז״ק
v. 20. אעבד קרי   v. 24. נפשה קרי   v. 25. וגרונך קרי

10 דען פאָהרט דורך אינזלען פון די כתים און זעהט, און שיקט נאָך קדר און בעטראַכט גוט און זעהט, אויב אַזעלכעס איז געשעהען.

11 האָט אַ פֿאָלק פערביטען זיינע געטער [אויף אַזעלכע] וואָס זיינען קיינע געטער? און מיין פֿאָלק האָט פערביטען זיין עהרע פאר אונניצליכעס.

12 שטוינט, הימלען, דעריבער און שטורעמט, ווערט זעהר וויסט, זאָגט גאָט.

13 דען צוויפאַכע שלעכטס האָט מיין פֿאָלק געטהאָן. מיך האָבען זיי פערלאָזען, די קוועלע פון לעבעדיגעס וואַסער אום זיך אויסצוגראָבען ברינימער, צובראָכענע ברינימער, וואָס קענען ניט האַלטען דאָס וואַסער.

14 איז דען ישראל אַ קנעכט אָדער אַ הויזגעבאָרענער? וואָרום איז ער געוואָרען צו רויב?

15 אויף איהם שרייען לייבען, הויבען זייערע שטימען און זיי האָבען געמאַכט זיין לאַנד צו וויסט, זיינע שטעדט זיינען צושטערט געוואָרען אָהן איינוואָהנער.

16 אויך די קינדער פון נף און תחפנס וועלען דיך צוברעכען דעם שארבען.

17 עס ווערט דאָך דיעזעס געטהאָן ווייל דו האָסט פערלאָזען דעם עוויגען דיין גאָט, אין דער צייט ווען ער האָט דיך געפיהרט אויף דעם וועג?

18 און יעצט, וואָס האָסטו צו טהאָן מיט דעם וועג נאָך מצרים, צו טרינקען דאָס וואַסער פון שחור? און וואָס האָסטו צו טהאָן מיט דעם וועג נאָך אשור, צו טרינקען דאָס וואַסער פון'ם טייך?

19 דיינע שלעכטיגקייט וועט דיך שטראָפען און דיין ווילדקייט וועט דיך איבערצייגען, וועסט וויסען און זעהען ווי עס איז שלעכט און ביטער וואָס דו האָסט פערלאָזען דעם עוויגען דיין גאָט, אָבער מיין פורכט איז ניט ביי דיר, זאָגט דער עוויגער גאָט דער הערשאַפט.

20 פון אימער, ווען איך האָב צובראָכען דיין יאָך, צוריסען דיינע בענדער, האָסטו געזאָגט: איך וועל׳ניט איבערטרעטען, און דאָך אויף יעדען הויכען בארג און אונטער יעדען גרינעם בוים וואַנדערסטו אום אַלס אויסגעלאַסענע.

21 און איך האָב דיך געפלאַנצט אַלס צווייג פון גאַנץ ריכטיגע זוימען, און ווי אַזוי ביזטו מיר פערקעהרט געוואָרען צו ווילדע צווייגען פון אַ פרעמדען ווינשטאָק?

22 דען ווען דו וועסט זיך וואַשען מיט לויג און געברויכען פיעל זייף, דאָך איז דיין זינד בעפלעקט פאר מיר, זאָגט דער עוויגער גאָט.

23 ווי אַזוי קענסטו זאָגען: איך בין ניט אונריין געוואָרען, איך בין ניט נאָכגעגאַנגען נאָך די בעלים? זעה דיין אויפפיהרונג אין טהאָל, דערקען וואָס דו האָסט געטהאָן, ווי אַ גרינגפיסיגער קעמעל, וואָס לויפט אַרום אויף איהרע וועגען.

24 ווי אַ ווילדער אייזעל וואָס איז ערצויגען אין דער וויסטע, מיט דעם באַגעהר פון איהר זעעלע אַטהעמט זי די לופט; ווער קען זי צוריקהאַלטען פון איהרע פערלאַנגען? אַלע וואָס זוכען זי, וועלען ניט מיעד ווערען, אין איהר מאָנאַט וועלען זיי איהר געפינען.

25 האַלט אָב דיין פוס פון זיין באָרפוס און דיין האַלדז פון דורשט, אָבער דו זאָגסט: עס איז פאַרפאַלען, ניין! דען איך ליעב די פרעמדע און וועל זיי נאָכגעהן.

26 ווי די שאַנד פון אַ גנב ווען ער ווערט געכאַפט, אַזוי וועט זיך שעהמען דאָס הויזגעזינד פון ישראל, זיי, זייערע קינדער, זייערע פירשטען, און זייערע פריסטער און זייערע פראָפעטען.

27 זיי זאָגען צו האָלץ: „דו ביזט מיין פאָטער", און צו שטיין: „דו האָסט

יְלִדְתָּ֔נוּ כִּֽי־פָנ֥וּ אֵלַ֛י עֹ֖רֶף וְלֹ֣א פָנִ֑ים וּבְעֵ֤ת רָֽעָתָם֙ יֹאמְר֔וּ
28 ק֖וּמָה וְהוֹשִׁיעֵֽנוּ׃ וְאַיֵּ֤ה אֱלֹהֶ֙יךָ֙ אֲשֶׁ֣ר עָשִׂ֣יתָ לָּ֔ךְ יָק֕וּמוּ
אִם־יוֹשִׁיע֖וּךָ בְּעֵ֣ת רָעָתֶ֑ךָ כִּ֚י מִסְפַּ֣ר עָרֶ֔יךָ הָי֥וּ אֱלֹהֶ֖יךָ יְהוּדָֽה׃
29 לָ֥מָּה תָרִ֖יבוּ אֵלָ֑י כֻּלְּכֶ֛ם פְּשַׁעְתֶּ֥ם בִּ֖י נְאֻם־יְהוָֽה׃ ל לַשָּׁוְא֙
הִכֵּ֣יתִי אֶת־בְּנֵיכֶ֔ם מוּסָ֖ר לֹ֣א לָקָ֑חוּ אָכְלָ֧ה חַרְבְּכֶ֛ם
31 נְבִיאֵיכֶ֖ם כְּאַרְיֵ֥ה מַשְׁחִֽית׃ הַדּ֗וֹר אַתֶּם֙ רְא֣וּ דְבַר־יְהוָ֔ה
הֲמִדְבָּ֛ר הָיִ֥יתִי לְיִשְׂרָאֵ֖ל אִ֛ם אֶ֥רֶץ מַאְפֵּ֖לְיָ֑ה מַדּ֜וּעַ אָמְר֤וּ
32 עַמִּי֙ רַ֔דְנוּ לֽוֹא־נָב֥וֹא ע֖וֹד אֵלֶֽיךָ׃ הֲתִשְׁכַּ֤ח בְּתוּלָה֙ עֶדְיָ֔הּ
33 כַּלָּ֖ה קִשֻּׁרֶ֑יהָ וְעַמִּ֣י שְׁכֵח֔וּנִי יָמִ֖ים אֵ֥ין מִסְפָּֽר׃ מַה־תֵּיטִ֥בִי
דַּרְכֵּ֖ךְ לְבַקֵּ֣שׁ אַהֲבָ֑ה לָכֵן֙ גַּ֣ם אֶת־הָרָע֔וֹת לִמַּ֖דְתְּי אֶת־
34 דְּרָכָֽיִךְ׃ גַּ֣ם בִּכְנָפַ֗יִךְ נִמְצְא֕וּ דַּ֛ם נַפְשׁ֥וֹת אֶבְיוֹנִ֖ים נְקִיִּ֑ים
לה לֹֽא־בַמַּחְתֶּ֥רֶת מְצָאתִ֖ים כִּ֥י עַל־כָּל־אֵֽלֶּה׃ וַתֹּֽאמְרִי֙ כִּ֣י
נִקֵּ֔יתִי אַ֛ךְ שָׁ֥ב אַפּ֖וֹ מִמֶּ֑נִּי הִנְנִי֙ נִשְׁפָּ֣ט אוֹתָ֔ךְ עַל־אָמְרֵ֖ךְ
36 לֹ֥א חָטָֽאתִי׃ מַה־תֵּזְלִ֥י מְאֹ֖ד לְשַׁנּ֣וֹת אֶת־דַּרְכֵּ֑ךְ גַּ֤ם מִמִּצְרַ֙יִם֙
37 תֵּבֹ֔שִׁי כַּֽאֲשֶׁ֥ר בֹּ֖שְׁתְּ מֵאַשּֽׁוּר׃ גַּ֣ם מֵאֵ֤ת זֶה֙ תֵּֽצְאִ֔י וְיָדַ֖יִךְ
עַל־רֹאשֵׁ֑ךְ כִּֽי־מָאַ֤ס יְהוָה֙ בְּמִבְטַחַ֔יִךְ וְלֹ֥א תַצְלִ֖יחִי לָהֶֽם׃

## Cap. III. ג

א לֵאמֹ֡ר הֵ֣ן יְשַׁלַּ֣ח אִ֣ישׁ אֶת־אִשְׁתּ֡וֹ וְהָלְכָ֣ה מֵאִתּוֹ֩ וְהָיְתָ֨ה
לְאִישׁ־אַחֵ֜ר הֲיָשׁ֤וּב אֵלֶ֙יהָ֙ ע֔וֹד הֲל֛וֹא חָנ֥וֹף תֶּחֱנַ֖ף הָאָ֣רֶץ
2 הַהִ֑יא וְאַ֗תְּ זָנִית֙ רֵעִ֣ים רַבִּ֔ים וְשׁ֥וֹב אֵלַ֖י נְאֻם־יְהוָֽה׃ שְׂאִֽי
עֵינַ֣יִךְ עַל־שְׁפָיִם֮ וּרְאִי֒ אֵיפֹה֙ לֹ֣א שֻׁגַּ֔לְתְּ עַל־דְּרָכִים֙ יָשַׁ֣בְתְּ
לָהֶ֔ם כַּעֲרָבִ֖י בַּמִּדְבָּ֑ר וַתַּחֲנִ֣יפִי אֶ֔רֶץ בִּזְנוּתַ֖יִךְ וּבְרָעָתֵֽךְ׃
3 וַיִּמָּנְע֣וּ רְבִבִ֔ים וּמַלְק֖וֹשׁ ל֣וֹא הָיָ֑ה וּמֵ֨צַח אִשָּׁ֤ה זוֹנָה֙ הָ֣יָה
4 לָ֔ךְ מֵאַ֖נְתְּ הִכָּלֵֽם׃ הֲל֣וֹא מֵעַ֔תָּה קָרָ֥אתִי לִ֖י אָבִ֑י אַלּ֥וּף
ה נְעֻרַ֖י אָֽתָּה׃ הֲיִנְטֹ֣ר לְעוֹלָ֔ם אִם־יִשְׁמֹ֖ר לָנֶ֑צַח הִנֵּ֥ה דִבַּ֛רְתְּ
6 וַתַּעֲשִׂ֥י הָרָע֖וֹת וַתּוּכָֽל׃ וַיֹּ֨אמֶר יְהוָ֜ה אֵלַ֗י בִּימֵי֙
יֹאשִׁיָּ֣הוּ הַמֶּ֔לֶךְ הֲרָאִ֔יתָ אֲשֶׁ֥ר עָשְׂתָ֖ה מְשֻׁבָ֣ה יִשְׂרָאֵ֑ל
הלכה

ב׳ v. 27. ילדתנו ק׳ v. 31. ב׳ טעמים v. 33. למדת ק׳ ג׳ v. 2. שכבת ק׳ v. 4. יתיר י

מיך געבאָרען", דען זיי קעהרען צו מיר דעם נאַקען און ניט דאָס געזיכט, און אין דער צייט פון זייער אונגליק זאָגען זיי: שטעה אויף און העלף אונז.

28 און וואו זיינען דיינע געטער וואָס דו האָסט זיך געמאַכט? זאָלען זיי אויפשטעהן, אויב זיי קענען דיר העלפען אין דער צייט פון דיין אונ־גליק, דען וויפיעל שטעדט אַזוי פיעל געטער האָסטו יהודה.

29 וואָרום קלאָגט איהר זיך אויף מיר? איהר אַלע האָט פערבראָכען געגען מיר, זאָגט דער עוויגער גאָט.

30 אומזיסט האָב איך געשלאָגען אייערע קינדער, די שטראָף־לעהרע האָבען זיי ניט אָנגענומען, אייער שווערד האָט פערצעהרט אייערע פּראָפעטען אַזוי ווי אַ פערדאָרבענדער לייב.

31 אָ, די געבעהרונג! זעהט דאָס וואָרט פון דעם עוויגען, בין איך דען געוועזען אַ וויסטע צו ישראל אָדער אַ פינסטער לאַנד? וואָרום זאָגט מיין פאָלק מיר זיינען געשיידעט, מיר קומען ניט מעהר צו דיר?

32 וועט אַ יונג־פרוי פערגעסען איהר ציערונג, אָדער אַ כלה איהרע בענדער? אָבער מיין פאָלק האָט מיך פערגעסען טעג אָהן צאָהל.

33 וואָס בעגיטיגסטו דיין וועג, אום ליעבע צו זוכען? אין דער ווירקליכ־קייט לעהרענסטו אויך די שלעכטע דיינע וועגען.

34 אויך אין די ברעגען פון דיינע קליידער ווערט געפונען בלוט פון אָרימע ריינע זעעלען, ניט אין אַן אונטערגראבונג האָב איך זיי געפונען, נאָר אויף דיעזע אַלע.

35 און דו זאָגסט נאָך: איך בין ריין, זיין צאָרן זאָל אָבגעקעהרט ווערען פון מיר. איך אורטהייל דיך דערפאַר וואָס דו זאָגסט איך האָב ניט געזינדיגט.

36 ווי זעהר ביליג דו מאַכסט זיך צו ענדערען דיין וועג, אויך פון מצרים וועסטו פערשעהמט ווערען, ווי דו ביסט צו שאַנדע געוואָרען פון אשור.

37 אויך פון דיעזען וועסטו ארויסגעהן מיט דיינע הענד אויף דיין קאָפּ, דען דער עוויגער פערהאַסט די אויף וועלכע דו פערטרויעסט זיך, דו וועסט דורך זיי ניט בעגליקען.

## קאַפּיטעל ג

1 (צום ביישפּיעל) צו זאָגען: ווען אַ מאַן שיקט אַוועק זיין ווייב און זי געהט אַוועק פון איהם און ווערט פערהייראַטעט צו איין אַנדער מאַן, וועט ער דען צוריקקעהרען זיך צו איהר? וועט דען ניט דאָס לאַנד געשענדעט ווערען? אָבער דו האָסט געטריעבען אונצוכט מיט פיעלע פריינד, דאָך קעהר דיך צוריק צו מיר, זאָגט דער עוויגער.

2 הויב אויף דיינע אויגען צו די בערג און זעה, וואו ביזטו ניט בעשלאָפען געוואָרען. אויף די וועגען ביזטו געזעסען פאַר זיי, ווי דער אַראַבער אין דער וויסטע, און דו האָסט געשענדעט דאָס לאַנד מיט דיין אויסגעלאַ־סענהייט און מיט דיינע שלעכטיגקייט.

3 און פריה־רעגען איז פערהאַלטען געוואָרען און שפּעט־רעגען איז ניט גע־ווען, און דאָך האָסטו געהאַט אַ שטערען פון איין אויסגעלאַסענער, דו האָסט זיך ניט געוואָלט שעהמען.

4 וועסטו דען ניט פון יעצט אָן צו מיר רופען: מיין פאָטער, דו ביסט דער האַר פון מיין יוגענד?

5 וועט ער דען אימער האַס טראָגען, היטען דעם צאָרן אויף עוויג? זעה, דו האָסט גערעדט, און דאָך האָסטו געטהאָן שלעכטס וויפיעל דו האָסט געקענט.

6 און גאָט האָט צו מיר געזאָגט אין די טעג פון יאשיהו דעם קעניג, האָסטו

הָֽלְכָה הִיא עַל־כָּל־הַר גָּבֹהַּ וְאֶל־תַּחַת כָּל־עֵץ רַעֲנָן וַתִּזְנִי־
שָֽׁם׃ וָאֹמַר אַֽחֲרֵי עֲשׂוֹתָהּ אֶת־כָּל־אֵלֶּה אֵלַי תָּשׁוּב וְלֹא־ 7
שָׁבָה וַתִּרְאֶה בָּגוֹדָה אֲחוֹתָהּ יְהוּדָה׃ וָאֵרֶא כִּי עַל־כָּל־ 8
אֹדוֹת אֲשֶׁר נִֽאֲפָה מְשֻׁבָה יִשְׂרָאֵל שִׁלַּחְתִּיהָ וָאֶתֵּן אֶת־
סֵפֶר כְּרִיתֻתֶיהָ אֵלֶיהָ וְלֹא יָֽרְאָה בֹּֽגֵדָה יְהוּדָה אֲחוֹתָהּ
וַתֵּלֶךְ וַתִּזֶן גַּם־הִיא׃ וְהָיָה מִקֹּל זְנוּתָהּ וַתֶּֽחֱנַף אֶת־הָאָרֶץ 9
וַתִּנְאַף אֶת־הָאֶבֶן וְאֶת־הָעֵץ׃ וְגַם־בְּכָל־זֹאת לֹא־שָׁבָה אֵלַי י
בָּגוֹדָה אֲחוֹתָהּ יְהוּדָה בְּכָל־לִבָּהּ כִּי אִם־בְּשֶׁקֶר נְאֻם־
יְהוָֽה׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי צִדְּקָה נַפְשָׁהּ מְשֻׁבָה 11
יִשְׂרָאֵל מִבֹּֽגֵדָה יְהוּדָֽה׃ הָלֹךְ וְקָרָאתָ אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה 12
צָפוֹנָה וְאָמַרְתָּ שׁוּבָה מְשֻׁבָה יִשְׂרָאֵל נְאֻם־יְהוָה לוֹא־אַפִּיל
פָּנַי בָּכֶם כִּי־חָסִיד אֲנִי נְאֻם־יְהוָה לֹא אֶטּוֹר לְעוֹלָֽם׃ אַךְ 13
דְּעִי עֲוֺנֵךְ כִּי בַּיהוָה אֱלֹהַיִךְ פָּשָׁעַתְּ וַתְּפַזְּרִי אֶת־דְּרָכַיִךְ
לַזָּרִים תַּחַת כָּל־עֵץ רַעֲנָן וּבְקוֹלִי לֹא־שְׁמַעְתֶּם נְאֻם־יְהוָֽה׃
שׁוּבוּ בָנִים שׁוֹבָבִים נְאֻם־יְהוָה כִּי אָנֹכִי בָּעַלְתִּי בָכֶם 14
וְלָקַחְתִּי אֶתְכֶם אֶחָד מֵעִיר וּשְׁנַיִם מִמִּשְׁפָּחָה וְהֵבֵאתִי
אֶתְכֶם צִיּֽוֹן׃ וְנָתַתִּי לָכֶם רֹעִים כְּלִבִּי וְרָעוּ אֶתְכֶם דֵּעָה טו
וְהַשְׂכֵּֽיל׃ וְהָיָה כִּי תִרְבּוּ וּפְרִיתֶם בָּאָרֶץ בַּיָּמִים הָהֵמָּה 16
נְאֻם־יְהוָה לֹא־יֹאמְרוּ עוֹד אֲרוֹן בְּרִית יְהוָה וְלֹא יַעֲלֶה עַל־
לֵב וְלֹא יִֽזְכְּרוּ־בוֹ וְלֹא יִפְקֹדוּ וְלֹא יֵעָשֶׂה עוֹד׃ בָּעֵת הַהִיא 17
יִקְרְאוּ לִירוּשָׁלַםִ כִּסֵּא יְהוָה וְנִקְווּ אֵלֶיהָ כָל־הַגּוֹיִם לְשֵׁם
יְהוָה לִירוּשָׁלָםִ וְלֹא־יֵלְכוּ עוֹד אַחֲרֵי שְׁרִרוּת לִבָּם הָרָֽע׃
בַּיָּמִים הָהֵמָּה יֵלְכוּ בֵית־יְהוּדָה עַל־בֵּית יִשְׂרָאֵל וְיָבֹאוּ 18
יַחְדָּו מֵאֶרֶץ צָפוֹן עַל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר הִנְחַלְתִּי אֶת־
אֲבֽוֹתֵיכֶֽם׃ וְאָֽנֹכִי אָמַרְתִּי אֵיךְ אֲשִׁיתֵךְ בַּבָּנִים וְאֶתֶּן־לָךְ 19
אֶרֶץ חֶמְדָּה נַחֲלַת צְבִי צִבְאוֹת גּוֹיִם וָאֹמַר אָבִי תִּקְרְאוּ־
לִי וּמֵאַחֲרַי לֹא תָשׁוּבוּ׃ אָכֵן בָּגְדָה אִשָּׁה מֵרֵעָהּ כֵּן בְּגַדְתֶּם כ

בי

v. 7. ותרא ק׳ v. 19. תקראי ק׳ ibid. תשובי ק׳

געזעהען וואָס די אבטריניגע ישראל האָט געטהאָן ? זי איז געגאנגען אויף אַלע הויכע בערג און אונטער אַלע גרינע בוימער און האָט דאָרט בע־גאַנגען שאַנדטהאַטען.

7 האָב איך געזאָגט נאָכדעם ווי זי האָט אַלעס געטהאָן, זאָל זי זיך צוריק־קעהרען צו מיר, אָבער זי האָט זיך ניט צוריקגעקעהרט. און דאָס האָט געזעהען איהר טריילאָזע שוועסטער יהודה.

8 און איך האָב געזעהען דאָס ווענען דעם אַלעם ווייל די אבטריניגע ישראל האָט שאַנדטהאַטען בעגאַנגען, האָב איך זי פערשטויסען און האָב איהר געגעבען אַ שיידע שריפט, און דאָך האָט זיך איהר טריילאָזע שוועסטער יהודה ניט דערשראָקען און איז אויך בעגאַנגען שאַנדטהאַטען.

9 און עס איז געווען ווען דורך די געשרייען פון איהר אויסגעלאסענהייט איז דאָס לאַנד געשענדעט געוואָרען, און זי האָט געטריעבען אונצוכט מיט דעם שטיין און מיט דעם האָלץ.

10 און אויך ביי דעם אַלעם האָט זיך צו מיר ניט צוריק געקעהרט איהר טריי־לאָזע שוועסטער יהודה מיט איהר גאַנצען הארצען, נאָר מיט פאַלש־קייט, זאָגט גאָט.

11 און גאָט האָט צו מיר געזאָגט : די אבטריניגע ישראל איז גערעכטער, אַלס די טריילאָזע יהודה.

12 געה און רוף אויס דיזע ווערטער געגען נאָרד זייט און זאָלסט זאָגען : קעהר זיך צוריק, אבטריניגע ישראל, זאָגט גאָט. איך וועל ניט צערע־נען מעהר אויף אייך, ווייל איך בין גוט, זאָגט גאָט, ניט אימער וועל איך טראָגען דעם האס.

13 נאָר דו זאָלסט אנערקענען דיין שולד, דען געגען דעם עוויגען דיין גאָט האָסטו אַ פערברעכען בעגאַנגען, און האָסט אויסגעשפרייט דיינע וועגען צו די פרעמדע אונטער יעדען גרינעם בוים, און אין מיין שטימע האָט איהר ניט געהערט, זאָגט גאָט.

14 קעהרט אייך צוריק איהר אבטרינענע קינדער, זאָגט גאָט, דען איך האָב מיט אייך געהייראַטעט און איך וועל אייך נעהמען איינעם פון אַ שטאָדט און צוויי פון אַ פאַמיליע און וועל אייך ברענגען נאָך ציון.

15 און איך וועל אייך געבען הירטען נאָך מיין הארץ, און זיי וועלען אייך פיהרען מיט וויסענשאַפט און קלוגהייט.

16 און עס וועט זיין, ווען איהר וועט זיך מעהרען און זיין פרוכטבאַר אין דעם לאַנד אין יענער צייט, זאָגט גאָט, וועט מען מעהר ניט רעדען גאָטעס בונדעס קאַסטען, קיינעם וועט עס אין זינן ניט קומען און מען וועט ניט דענקען ווענען דעם און ניט פרעגען, און קיין אנדערער וועט ניט געמאַכט ווערען.

17 אין יענער צייט וועט מען רופען ירושלים גאָטעס טהראָן און צו איהר וועלען זיך זאַמלען אַלע פעלקער אין גאָט'ס נאָמען נאָך ירושלים, און זיי וועלען מעהר ניט געהען נאָך די שטרעבונגען פון זייער שלעכטעס הארץ.

18 אין יענער צייט וועלען געהען דאָס הויז יהודה מיט דאָס הויז ישראל און קומען צוזאַמען פון נאָרד־לאַנד אין דעם לאַנד וואָס איך האָב אייערע עלטערען געמאַכט ערבען.

19 און איך האָב געטראַכט : ווי זאָל איך דיך שטעלען צווישען די זיהן ? האָב איך דיר געגעבען איין ווינשענסווערטהעס־לאַנד, די הערליכסטע ערב־טהייל פון די הערשאַפטען פון די פעלקער און איך האָב געדענקט דו וועסט מיך רופען, מיין פאָטער, און מיר ניט אָבווייכען.

20 אָבער ווי אַ פרוי איז אונטריי איהר געליעבטען, אזוי זייט איהר געווען מיר אונטריי, ישראל'ס הויז, זאָגט גאָט.

21 בִּי בֵּית יִשְׂרָאֵל נְאֻם־יְהוָה׃ קוֹל עַל־שְׁפָיִים נִשְׁמָע בְּכִי
תַחֲנוּנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל כִּי הֶעֱווּ אֶת־דַּרְכָּם שָׁכְחוּ אֶת־יְהוָה
22 אֱלֹהֵיהֶם׃ שׁוּבוּ בָּנִים שׁוֹבָבִים אֶרְפָּה מְשׁוּבֹתֵיכֶם הִנְנוּ
23 אָתָנוּ לָךְ כִּי אַתָּה יְהוָה אֱלֹהֵינוּ׃ אָכֵן לַשֶּׁקֶר מִגְּבָעוֹת
הָמוֹן הָרִים אָכֵן בַּיהוָה אֱלֹהֵינוּ תְּשׁוּעַת יִשְׂרָאֵל׃
24 וְהַבֹּשֶׁת אָכְלָה אֶת־יְגִיעַ אֲבוֹתֵינוּ מִנְּעוּרֵינוּ אֶת־צֹאנָם
כה וְאֶת־בְּקָרָם אֶת־בְּנֵיהֶם וְאֶת־בְּנוֹתֵיהֶם׃ נִשְׁכְּבָה בְּבָשְׁתֵּנוּ
וּתְכַסֵּנוּ כְּלִמָּתֵנוּ כִּי לַיהוָה אֱלֹהֵינוּ חָטָאנוּ אֲנַחְנוּ
וַאֲבוֹתֵינוּ מִנְּעוּרֵינוּ וְעַד־הַיּוֹם הַזֶּה וְלֹא שָׁמַעְנוּ בְּקוֹל
יְהוָה אֱלֹהֵינוּ׃

## CAP. IV. ד

ד

א אִם־תָּשׁוּב יִשְׂרָאֵל ׀ נְאֻם־יְהוָה אֵלַי תָּשׁוּב וְאִם־תָּסִיר
2 שִׁקּוּצֶיךָ מִפָּנַי וְלֹא תָנוּד׃ וְנִשְׁבַּעְתָּ חַי־יְהוָה בֶּאֱמֶת
בְּמִשְׁפָּט וּבִצְדָקָה וְהִתְבָּרְכוּ בוֹ גּוֹיִם וּבוֹ יִתְהַלָּלוּ׃
3 כִּי־כֹה ׀ אָמַר יְהוָה לְאִישׁ יְהוּדָה וְלִירוּשָׁלִַם נִירוּ לָכֶם
4 נִיר וְאַל־תִּזְרְעוּ אֶל־קֹצִים׃ הִמֹּלוּ לַיהוָה וְהָסִרוּ עָרְלוֹת
לְבַבְכֶם אִישׁ יְהוּדָה וְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִָם פֶּן־תֵּצֵא כָאֵשׁ
ה חֲמָתִי וּבָעֲרָה וְאֵין מְכַבֶּה מִפְּנֵי רֹעַ מַעַלְלֵיכֶם׃ הַגִּידוּ
בִיהוּדָה וּבִירוּשָׁלִַם הַשְׁמִיעוּ וְאִמְרוּ וְתִקְעוּ שׁוֹפָר בָּאָרֶץ
קִרְאוּ מַלְאוּ וְאִמְרוּ הֵאָסְפוּ וְנָבוֹאָה אֶל־עָרֵי הַמִּבְצָר׃
6 שְׂאוּ־נֵס צִיּוֹנָה הָעִיזוּ אַל־תַּעֲמֹדוּ כִּי רָעָה אָנֹכִי מֵבִיא
7 מִצָּפוֹן וְשֶׁבֶר גָּדוֹל׃ עָלָה אַרְיֵה מִסֻּבְּכוֹ וּמַשְׁחִית גּוֹיִם
נָסַע יָצָא מִמְּקֹמוֹ לָשׂוּם אַרְצֵךְ לְשַׁמָּה עָרַיִךְ תִּצֶּינָה
8 מֵאֵין יוֹשֵׁב׃ עַל־זֹאת חִגְרוּ שַׂקִּים סִפְדוּ וְהֵילִילוּ כִּי לֹא־
9 שָׁב חֲרוֹן אַף־יְהוָה מִמֶּנּוּ׃ וְהָיָה בַיּוֹם־הַהוּא נְאֻם־יְהוָה
יֹאבַד לֵב־הַמֶּלֶךְ וְלֵב הַשָּׂרִים וְנָשַׁמּוּ הַכֹּהֲנִים וְהַנְּבִאִים
י יִתְמָהוּ׃ וָאֹמַר אֲהָהּ ׀ אֲדֹנָי יֱהוִה אָכֵן הַשֵּׁא הִשֵּׁאתָ לָעָם

הזה

ג׳ v. 21 קמץ בז״ק  v. 22 כצ״ל  ד׳ v. 5. חקש ק  ibid. הפ׳ בפתח

21 אַ שטימע הערט זיך אויף די בערג, דאָס וויינען פון געבעט פון די קינ־דער ישראל, ווייל זיי האָבען פערקרימט זייער וועג, האָבען פערגעסען דעם עוויגען, זייער גאָט.
22 קעהרט זיך צוריק, אבטריניגע קינדער, איך וועל היילען אייער ווילד־קייט ; מיר זיינען געקומען צו דיר, ווייל דו ביסט דער עוויגער, אונזער גאָט.
23 עס איז וואהר, פאלשקייט ערוואַרטעט מען פון די בערגלאַך, דאָס גע־טומעל פון די בערג, עס איז וואהר אין דעם עוויגען אונזער גאָט איז די הילף פון ישראל.
24 אָבער די שאַנדע האָט אויפגעגעסען וואָס אונזערע עלטערען האָבען ערוואָרבען זייט אונזער יוגענד, זייער שאָף און זייערע רינדער, זייערע זיהן און זייערע טעכטער.
25 מיר ליעגען און אונזער שאַנדע און אונזער שמאַך דעקט אונז צו, ווייל צום עוויגען, אונזער גאָט, האָבען מיר געזינדיגט, מיר און אונזערע על־טערען, פון אונזער יוגענד אן ביז דיעזען טאָג. און מיר האָבען ניט געהערט אין דער שטימע פון דעם עוויגען, אונזער גאָט.

## קאַפּיטעל ד

1 ווען דו ישראל ווילסט זיך צוריקקעהרען, זאָגט גאָט, קעהר זיך אום צו מיר, און ווען דו וועסט אָבשאַפען דיינע אומווירדיגקייטען פאַר מיין גע־זיכט, וועסטו דאַן ניט מעהר פערוואָגעלט ווערען.
2 און דו וועסט שווערען ביי דעם לעבעדיגען גאָט מיט וואַהרהייט, מיט רעכט און מיט גערעכטיגקייט, דאַן וועלען זיך פעלקער מיט איהם בענ־שען און ריהמען מיט איהם.
3 דען אַזוי זאָגט גאָט צו די מענער פון יהודה און ירושלים : אַקערט אייך דעם אַקער און זעעט ניט אויף דערנער.
4 בעשניידט אייך פאַר גאָט און שאַפט אָב די פאָרהויט פון אייערע הער־צער, איהר מענער פון יהודה און איינוואָהנער פון ירושלים, זאָנסט וועט אויסברעכען ווי אַ פייער מיין צאָרן און וועט ברענען אַז קיינער וועט ניט קענען לעשען צוליעב די שווערע שלעכטע טהאַטען.
5 זאָגט־אָן אין יהודה און מאַכט הערען אין ירושלים, און זאָגט, און בלאָזט שופר אין דעם לאַנד, רופט אַ פערזאַמלונג, און זאָגט : פער־זאַמעלט אייך, לאָמיר אַריינקומען אין די פעסטע שטעדט.
6 הויבט אויף די פאָהן צו ציון, פערזאַמעלט אייך, שטעהט ניט שטיל, ווייל איך ברענג אונגליק פון נאָרד זייט און אַ גרויסען בראָך.
7 עס שטייגט דער לייב פון זיין דיקען וואַלד און אַ פערדערבער פון פעל־קער האָט ארויסגעצויגען און פאַרלאָזען זיין אָרט וויסט צו מאַכען דיין לאַנד, דיינע שטעדט וועלען פערוויסט ווערען, קיינער וועט דאָרט וואָהנען.
8 דאַרום גורט אייך אָן אין זעק, קלאָגט און יאָמערט, ווייל דער צאָרן פון גאָט האָט זיך ניט אָבגעקעהרט פון אונז.
9 און עס וועט געשעהען אין יענעם טאָג, זאָגט גאָט, עס וועט מוטהלאָז ווע־רען דאָס הארץ פון דעם קעניג און דאָס הארץ פון די פירשטען, און די פּריסטער וועלען שטוינען און די פּראָפעטען וועלען זיך וואונדערען.
10 און איך האָב געזאָגט : אָה, עוויגער גאָט, אין דער וואהרהייט האָסטו פערפיהרט דיעזען פאָלק אין ירושלים, זאָגענדיג : עס וועט זיין פריעדען צו אייך, און יעצט גרייכט דאָס שווערד ביז דער זעעלע.

הַזֶּה וְלִירוּשָׁלַ͏ִם לֵאמֹר שָׁלוֹם יִהְיֶה לָכֶם וְנָגְעָה חֶרֶב עַד־
הַנָּפֶשׁ׃ בָּעֵת הַהִיא יֵאָמֵר לָעָם־הַזֶּה וְלִירוּשָׁלַ͏ִם רוּחַ צַח 11
שְׁפָיִם בַּמִּדְבָּר דֶּרֶךְ בַּת־עַמִּי לוֹא לִזְרוֹת וְלוֹא לְהָבַר׃
רוּחַ מָלֵא מֵאֵלֶּה יָבוֹא לִי עַתָּה גַּם־אֲנִי אֲדַבֵּר מִשְׁפָּטִים 12
אוֹתָם׃ הִנֵּה ׀ כַּעֲנָנִים יַעֲלֶה וְכַסּוּפָה מַרְכְּבוֹתָיו קַלּוּ 13
מִנְּשָׁרִים סוּסָיו אוֹי לָנוּ כִּי שֻׁדָּדְנוּ׃ כַּבְּסִי מֵרָעָה לִבֵּךְ 14
יְרוּשָׁלַ͏ִם לְמַעַן תִּוָּשֵׁעִי עַד־מָתַי תָּלִין בְּקִרְבֵּךְ מַחְשְׁבוֹת
אוֹנֵךְ׃ כִּי קוֹל מַגִּיד מִדָּן וּמַשְׁמִיעַ אָוֶן מֵהַר אֶפְרָיִם׃ טו
הַזְכִּירוּ לַגּוֹיִם הִנֵּה הַשְׁמִיעוּ עַל־יְרוּשָׁלַ͏ִם נֹצְרִים בָּאִים 16
מֵאֶרֶץ הַמֶּרְחָק וַיִּתְּנוּ עַל־עָרֵי יְהוּדָה קוֹלָם׃ כְּשֹׁמְרֵי שָׂדַי 17
הָיוּ עָלֶיהָ מִסָּבִיב כִּי־אֹתִי מָרָתָה נְאֻם יְהוָה׃ דַּרְכֵּךְ 18
וּמַעֲלָלַיִךְ עָשׂוֹ אֵלֶּה לָךְ זֹאת רָעָתֵךְ כִּי מָר כִּי נָגַע עַד־
לִבֵּךְ׃ מֵעַי ׀ מֵעַי ׀ אוֹחוֹלָה קִירוֹת לִבִּי הֹמֶה־לִּי 19
לִבִּי לֹא אַחֲרִישׁ כִּי קוֹל שׁוֹפָר שָׁמַעַתְּ נַפְשִׁי תְּרוּעַת
מִלְחָמָה׃ שֶׁבֶר עַל־שֶׁבֶר נִקְרָא כִּי־שֻׁדְּדָה כָּל־הָאָרֶץ כ
פִּתְאֹם שֻׁדְּדוּ אֹהָלַי רֶגַע יְרִיעֹתָי׃ עַד־מָתַי אֶרְאֶה־נֵּס 21
אֶשְׁמְעָה קוֹל שׁוֹפָר׃ כִּי ׀ אֱוִיל עַמִּי אוֹתִי לֹא יָדָעוּ 22
בָּנִים סְכָלִים הֵמָּה וְלֹא נְבוֹנִים הֵמָּה חֲכָמִים הֵמָּה לְהָרַע
וּלְהֵיטִיב לֹא יָדָעוּ׃ רָאִיתִי אֶת־הָאָרֶץ וְהִנֵּה־תֹהוּ וָבֹהוּ 23
וְאֶל־הַשָּׁמַיִם וְאֵין אוֹרָם׃ רָאִיתִי הֶהָרִים וְהִנֵּה רֹעֲשִׁים 24
וְכָל־הַגְּבָעוֹת הִתְקַלְקָלוּ׃ רָאִיתִי וְהִנֵּה אֵין הָאָדָם וְכָל־ כה
עוֹף הַשָּׁמַיִם נָדָדוּ׃ רָאִיתִי וְהִנֵּה הַכַּרְמֶל הַמִּדְבָּר וְכָל־ 26
עָרָיו נִתְּצוּ מִפְּנֵי יְהוָה מִפְּנֵי חֲרוֹן אַפּוֹ׃ כִּי־כֹה אָמַר 27
יְהוָה שְׁמָמָה תִהְיֶה כָּל־הָאָרֶץ וְכָלָה לֹא אֶעֱשֶׂה׃
עַל־זֹאת תֶּאֱבַל הָאָרֶץ וְקָדְרוּ הַשָּׁמַיִם מִמָּעַל עַל כִּי־ 28
דִּבַּרְתִּי זַמֹּתִי וְלֹא נִחַמְתִּי וְלֹא־אָשׁוּב מִמֶּנָּה׃ מִקּוֹל 29
פָּרָשׁ וְרֹמֵה קֶשֶׁת בֹּרַחַת כָּל־הָעִיר בָּאוּ בֶּעָבִים וּבַכֵּפִים

עלו

v. 19 כביל. ibid. קמץ בז״ק. v. 19 אחולה קרי. ibid. שמעת קרי. v. 22 קמץ בז״ק

11 אין יענער צייט וועט געזאָגט ווערען צו דיזען פאָלק און צו ירושלים, ס'קומט א טרוקענער ווינד פון דעם בארג אין דער וויסטע אויף דעם וועג פון דער טאָכטער פון מיין פאָלק ניט צו צערשטרייען און ניט צו רייניגען.
12 א פולער ווינד פון דיזע וועט קומען צו מיר ; יעצט וועל איך אויך ריידען רעכטזאַכען צו זיי.
13 נון, ווי וואָלקענס קומט ער ארויף ווי דער שטורעם ווינד זיינען זיינע רייטוועגען, שנעלער אלס אָדלער זיינען זיינע פערד. וועה צו אונז, דען מיר זיינען גערויבט געוואָרען.
14 וואש דיין הארץ פון שלעכטעס, ירושלים, אום דו זאָלסט געהאָלפען ווע־רען. ווי לאַנג נאָך וועסטו לאָזען נעכטיגען אין דיר דיינע אונרעכטע געדאנקען.
15 דען א שטימע זאָגט אָן פון דן, און לאָזט הערען עלענד פון אפרים.
16 מעלדעט עס צו די פעלקער, זעהט, לאָזט עס וויסען אין ירושלים : בע־לאַגערער קומען אָן פון א ווייט לאַנד, און זיי האָבען אויפגעהויבען זייער געשריי אויף די שטעדט פון יהודה.
17 ווי פעלד־וועכטער זיינען זיי ארום איהר, ווייל זי האָט וויעדערגעשפע־ניגט געגען מיר, זאָגט גאָט.
18 דיין וועג און דיין האנדלונג האָבען עס דיר דיזעס געמאכט, דאָס איז דיין שלעכטסקייט, דען עס איז ביטער, ווייל עס האָט געגרייכט ביז דיין הארץ.
19 מיינע אינגעווייד, מיינע אינגעווייד ! עס וועטהאָגט מיר אין די אינ־וועניגסטע פון מיין הארץ, עס ברומט מיין הארץ, איך קען ניט שווייגען, דען די שטימע פון שופר האָסטו, מיין זעעלע, געהערט, דאָס ברומען פון קריעג.
20 א בראָך נאָך א בראָך ווערט גערופען, דען דאָס גאַנצע לאַנד איז צורויבט ; פלוצלונג זיינען גערויבט געוואָרען מיינע געצעלטען, אין איין אויגענ־בליק — מיינע פאָרהאַנגען.
21 ווי לאַנג נאָך וועל איך זעהען די פאָהן און הערען די שטימע פון שופר ?
22 דען מיין פאָלק איז נאריש, זיי ווילען מיך ניט קענען, נארישע קינדער זיינען זיי, און ניט פערשטענדיגע זיינען זיי, זיי זיינען קלוג צו שלעכ־טעס טהאָן, און צו טהאָן גוטעס וויסען זיי ניט.
23 איך האָב געזעהען די ערד און זי איז וויסט און לעער, און איך קוק צו די הימלען און זייער ליכט איז ניטאָ.
24 איך האָב געזעהען די בערג און זיי ציטערען און אלע הויכע בערג זיי־נען פערדאָרבען.
25 איך האָב געזעהען אַז קיין מענש איז ניטאָ, און אלע פויגלען פון הימעל זיינען אוועק געוואַנדערט.
26 איך האָב געזעהען דאָס פרוכטבארע פעלד איז געוואָרען א וויסטע און אלע שטעדט זיינען צובראָכען פאר גאָט דורך זיין ברענענדען צאָרן.
27 דען אזוי זאָגט גאָט, וויסט וועט זיין דאָס גאנצע לאַנד, אָבער אין גאנצען פערניכטען וועל איך עס ניט טהאָן.
28 אויף דיזעס טרויערט די ערד און די הימלען פון אויבען זיינען פערדונ־קעלט געוואָרען, ווייל איך האָב גערעדט און בעשלאָסען און וועל ניט בערייהען און וועל מיך ניט צוריקציהען פון דיזעס.
29 פון דער שטימע פון די רייטער און בויגענשיסער לויפט אוועק די גאנ־צע שטאָדט. זיי קומען אין די געדיכטע וועלדער און שטייגען אויף די פעלזען, די גאנצע שטאָדט איז פערלאָזען, און קיין מענש וואָהנט אין זיי.

ל עָלוּ כָּל־הָעִיר עֲזוּבָה וְאֵין־יוֹשֵׁב בָּהֵן אִישׁ׃ וְאַתְּ שָׁדוּד
מַה־תַּעֲשִׂי כִּי־תִלְבְּשִׁי שָׁנִי כִּי־תַעְדִּי עֲדִי־זָהָב כִּי־תִקְרְעִי
בַפּוּךְ עֵינַיִךְ לַשָּׁוְא תִּתְיַפִּי מָאֲסוּ־בָךְ עֹגְבִים נַפְשֵׁךְ יְבַקֵּשׁוּ׃
31 כִּי קוֹל כְּחוֹלָה שָׁמַעְתִּי צָרָה כְּמַבְכִּירָה קוֹל בַּת־צִיּוֹן
תִּתְיַפֵּחַ תְּפָרֵשׂ כַּפֶּיהָ אוֹי־נָא לִי כִּי־עָיְפָה נַפְשִׁי לְהֹרְגִים׃

## CAP. V. ה

א שׁוֹטְטוּ בְּחוּצוֹת יְרוּשָׁלַ͏ִם וּרְאוּ־נָא וּדְעוּ וּבַקְשׁוּ בִרְחוֹבוֹתֶיהָ
אִם־תִּמְצְאוּ אִישׁ אִם־יֵשׁ עֹשֶׂה מִשְׁפָּט מְבַקֵּשׁ אֱמוּנָה
2 וְאֶסְלַח לָהּ׃ וְאִם חַי־יְהוָה יֹאמֵרוּ לָכֵן לַשֶּׁקֶר יִשָּׁבֵעוּ׃
3 יְהוָה עֵינֶיךָ הֲלוֹא לֶאֱמוּנָה הִכִּיתָה אֹתָם וְלֹא־חָלוּ כִּלִּיתָם
4 מֵאֲנוּ קַחַת מוּסָר חִזְּקוּ פְנֵיהֶם מִסֶּלַע מֵאֲנוּ לָשׁוּב׃ וַאֲנִי
אָמַרְתִּי אַךְ דַּלִּים הֵם נוֹאֲלוּ כִּי לֹא יָדְעוּ דֶּרֶךְ יְהוָה
ה מִשְׁפַּט אֱלֹהֵיהֶם׃ אֵלְכָה־לִּי אֶל־הַגְּדֹלִים וַאֲדַבְּרָה אוֹתָם
כִּי הֵמָּה יָדְעוּ דֶּרֶךְ יְהוָה מִשְׁפַּט אֱלֹהֵיהֶם אַךְ הֵמָּה יַחְדָּו
6 שָׁבְרוּ עֹל נִתְּקוּ מוֹסֵרוֹת׃ עַל־כֵּן הִכָּם אַרְיֵה מִיַּעַר זְאֵב
עֲרָבוֹת יְשָׁדְדֵם נָמֵר שֹׁקֵד עַל־עָרֵיהֶם כָּל־הַיּוֹצֵא מֵהֵנָּה
7 יִטָּרֵף כִּי רַבּוּ פִּשְׁעֵיהֶם עָצְמוּ מְשֻׁבוֹתֵיהֶם׃ אֵי לָזֹאת
אֶסְלוֹח־לָךְ בָּנַיִךְ עֲזָבוּנִי וַיִּשָּׁבְעוּ בְּלֹא אֱלֹהִים וָאַשְׂבִּעַ
8 אוֹתָם וַיִּנְאָפוּ וּבֵית זוֹנָה יִתְגּוֹדָדוּ׃ סוּסִים מְיֻזָּנִים מַשְׁכִּים
9 הָיוּ אִישׁ אֶל־אֵשֶׁת רֵעֵהוּ יִצְהָלוּ׃ הַעַל־אֵלֶּה לוֹא־אֶפְקֹד
נְאֻם־יְהוָה וְאִם בְּגוֹי אֲשֶׁר־כָּזֶה לֹא תִתְנַקֵּם נַפְשִׁי׃
י עֲלוּ בְשָׁרוֹתֶיהָ וְשַׁחֵתוּ וְכָלָה אַל־תַּעֲשׂוּ הָסִירוּ נְטִישׁוֹתֶיהָ
11 כִּי לוֹא לַיהוָה הֵמָּה׃ כִּי בָּגוֹד בָּגְדוּ בִּי בֵּית יִשְׂרָאֵל
12 וּבֵית יְהוּדָה נְאֻם־יְהוָה׃ כִּחֲשׁוּ בַּיהוָה וַיֹּאמְרוּ לוֹא־הוּא
13 וְלֹא־תָבוֹא עָלֵינוּ רָעָה וְחֶרֶב וְרָעָב לוֹא נִרְאֶה׃ וְהַנְּבִיאִים
14 יִהְיוּ לְרוּחַ וְהַדִּבֵּר אֵין בָּהֶם כֹּה יֵעָשֶׂה לָהֶם׃ לָכֵן
כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי צְבָאוֹת יַעַן דַּבֶּרְכֶם אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה

הנני

ד v. 30. ואת ק׳ ibid. ב״א ואשבע ה v. 2. סבירין אכן ibid. קמץ בז״ק v. 7. אסלח קרי v. 8. מוזנים קרי

30 און דו גערויבטע, וואָס טהוסטו וואָס דו קליידעסט זיך אין פורפור? וואָס דו ציערסט זיך אין גאָלד־שמוק, וואָס דו בערעקסט דיינע אויגען מיט פוידער? אומזיסט פוצסטו זיך, דיינע ליעבהאָבער פעראַכטען דיך דיין לעבען זוכען זיי.
31 דען איך הער אַ שטימע ווי פון אַ קראַנקע, אַנגסט געשריי ווי ביי דער ערשטער קינד געבורט, די שטימע פון דער טאָכטער פון ציון, זי זיפצט, ברעכט די הענד, וועה צו מיר, דען מיין זעעלע איז מיעד פון די מערדער.

## קאַפּיטעל ה

1 לויפט דורך די גאַסען פון ירושלים, און זעהט נאָר, און ווייסט, און זוכט אין איהרע שטראַסען אויב איהר וועט געפינען איין מאַן, אויב עס איז פאַרהאַן איינער וואָס טהוט גערעכטיגקייט און זוכט די וואהרהייט, דאַן פערצייהע איך איהר.
2 און אויב זיי זאָגען: זאָ וואהר ווי גאָט לעבט, איז עס ריכטיג אַז זיי שווערען פאַלש.
3 אָה, גאָט! דיינע אויגען זיינען דאָך צו וואהרהייט [געווענדעט], דו האָסט זיי געשלאָגען און עס קריינקט זיי ניט, דו האָסט זיי פערטיליגט און זיי האָבען ניט געוואָלט נעהמען אַ מוסר, זיי האָבען האַרטער געמאַכט זייערע געזיכטער אַלס אַ פעלז, זיי האָבען זיך ענטזאָגט פון צוריקצו־קעהרען.
4 און איך האָב געדאַכט זיי זיינען נאָר אָרעם, זיי זיינען פערנאַרישט, ווייל זיי ווייסען ניט דעם וועג פון דעם עוויגען, דאָס געריכט פון זייער גאָט.
5 וועל איך מיר געהן צו די גרויסע און רעדען מיט זיי, ווייל זיי ווייסען דאָך דעם עוויגענס וועג, גאָטעס געריכט, אָבער זיי האָבען אַלע צוזאַמען צובראָכען דעם יאָך, צוריסען די שטריק.
6 דאַרום האָט זיי דער לייב פון וואַלד געשלאָגען, דער וואָלף פון דער וויס־טע וועט זיי רויבען, דער טיעגער לויערט אויף זייערע שטעדט, ווער עס וועט אַרויס פון זיי וועט צוריסען ווערען, ווייל זייערע פערברעכענס זיינען פיעל, שטאַרק אין צאָהל זייערע ווילדקייטען.
7 ווי זאָל איך דיר פאַר דיעזעס פערצייהען? דיינע קינדער האָבען מיך פערלאָזען, און זיי האָבען געשוואָרען און שווערען ביי דעם וואָס איז קיין גאָט ניט. און איך זעטיג זיי און זיי טרייבען אונצוכט און פערזאַמ־לען זיך אין שאַנד־הייזער.
8 ווי געשפייזטע פערד אם פריה־מאָרגען זיינען זיי געגליכען, איינער צום צווייטענס פרוי הירזשען [רופען] זיי.
9 זאָל איך פאַר דיעזעס ניט שטראַפען? זאָגט גאָט, אָדער זאָל איך ניט נעהמען ראַכע פון אַזאַ פאָלק?
10 געהט אַרויף אויף איהרע מויערן און צושטערט זיי, אָבער גאָר פאַרניכטען זאָלט איהר ניט טהאָן, רייסט אַרום איהרע צווייגען ווייל זיי געהערען ניט צו גאָט.
11 ווייל אונטריי זיינען מיר געוואָרען דאָס הויז ישראל און דאָס הויז יהודה, זאָגט גאָט.
12 זיי האָבען געלייקענט אין גאָט און געזאָגט ער איז ניטאָ, און עס וועט איבער אונז קיין שלעכטס קומען און שווערד און הונגער וועלען מיר ניט זעהן.
13 און די פּראָפעטען וועלען זיין צו ווינד, דאָס וואָרט פון גאָט איז ניט ביי זיי; — אַזוי זאָל זיי געטהאָן ווערען.
14 דאַרום, אַזוי זאָגט דער עוויגער גאָט פון הערשאַפט: ווייל איהר האָט

הִנְנִי נֹתֵן דְּבָרַי בְּפִיךָ לְאֵשׁ וְהָעָם הַזֶּה עֵצִים וַאֲכָלָתַם׃
טו הִנְנִי מֵבִיא עֲלֵיכֶם גּוֹי מִמֶּרְחָק בֵּית יִשְׂרָאֵל נְאֻם־יְהוָה
גּוֹי ׀ אֵיתָן הוּא גּוֹי מֵעוֹלָם הוּא גּוֹי לֹא־תֵדַע לְשֹׁנוֹ וְלֹא
16 תִשְׁמַע מַה־יְדַבֵּר׃ אַשְׁפָּתוֹ כְּקֶבֶר פָּתוּחַ כֻּלָּם גִּבּוֹרִים׃
17 וְאָכַל קְצִירְךָ וְלַחְמֶךָ יֹאכְלוּ בָּנֶיךָ וּבְנוֹתֶיךָ יֹאכַל צֹאנְךָ
וּבְקָרֶךָ יֹאכַל גַּפְנְךָ וּתְאֵנָתֶךָ יְרֹשֵׁשׁ עָרֵי מִבְצָרֶיךָ אֲשֶׁר
18 אַתָּה בֹּטֵחַ בָּהֵנָּה בֶּחָרֶב׃ וְגַם בַּיָּמִים הָהֵמָּה נְאֻם־יְהוָה
19 לֹא־אֶעֱשֶׂה אִתְּכֶם כָּלָה׃ וְהָיָה כִּי תֹאמְרוּ תַּחַת מֶה עָשָׂה
יְהוָה אֱלֹהֵינוּ לָנוּ אֶת־כָּל־אֵלֶּה וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כַּאֲשֶׁר
עֲזַבְתֶּם אוֹתִי וַתַּעַבְדוּ אֱלֹהֵי נֵכָר בְּאַרְצְכֶם כֵּן תַּעַבְדוּ
כ זָרִים בְּאֶרֶץ לֹא לָכֶם׃ הַגִּידוּ זֹאת בְּבֵית יַעֲקֹב
21 וְהַשְׁמִיעוּהָ בִיהוּדָה לֵאמֹר׃ שִׁמְעוּ־נָא זֹאת עַם־סָכָל
וְאֵין לֵב עֵינַיִם לָהֶם וְלֹא יִרְאוּ אָזְנַיִם לָהֶם וְלֹא יִשְׁמָעוּ׃
22 הַאוֹתִי לֹא־תִירָאוּ נְאֻם־יְהוָה אִם מִפָּנַי לֹא תָחִילוּ אֲשֶׁר־
שַׂמְתִּי חוֹל גְּבוּל לַיָּם חָק־עוֹלָם וְלֹא יַעַבְרֶנְהוּ וַיִּתְגָּעֲשׁוּ
23 וְלֹא יוּכָלוּ וְהָמוּ גַלָּיו וְלֹא יַעַבְרֻנְהוּ׃ וְלָעָם הַזֶּה הָיָה
24 לֵב סוֹרֵר וּמוֹרֶה סָרוּ וַיֵּלֵכוּ׃ וְלוֹא־אָמְרוּ בִלְבָבָם נִירָא
נָא אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵינוּ הַנֹּתֵן גֶּשֶׁם וֹירֶה וּמַלְקוֹשׁ בְּעִתּוֹ
כה שְׁבֻעֹת חֻקּוֹת קָצִיר יִשְׁמָר־לָנוּ׃ עֲוֹנוֹתֵיכֶם הִטּוּ־אֵלֶּה
26 וְחַטֹּאותֵיכֶם מָנְעוּ הַטּוֹב מִכֶּם׃ כִּי־נִמְצְאוּ בְעַמִּי רְשָׁעִים
יָשׁוּר כְּשַׁךְ יְקוּשִׁים הִצִּיבוּ מַשְׁחִית אֲנָשִׁים יִלְכֹּדוּ׃
27 כִּכְלוּב מָלֵא עוֹף כֵּן בָּתֵּיהֶם מְלֵאִים מִרְמָה עַל־כֵּן גָּדְלוּ
28 וַיַּעֲשִׁירוּ׃ שָׁמְנוּ עָשְׁתוּ גַּם עָבְרוּ דִבְרֵי־רָע דִּין לֹא־דָנוּ
29 דִּין יָתוֹם וְיַצְלִיחוּ וּמִשְׁפַּט אֶבְיוֹנִים לֹא שָׁפָטוּ׃ הַעַל־
אֵלֶּה לֹא־אֶפְקֹד נְאֻם־יְהוָה אִם בְּגוֹי אֲשֶׁר־כָּזֶה לֹא תִתְנַקֵּם
ל 31 נַפְשִׁי׃ שַׁמָּה וְשַׁעֲרוּרָה נִהְיְתָה בָּאָרֶץ׃ הַנְּבִאִים

נבאו

v. 22. קמץ בז״ק   v. 24. יורה קרי   v. 25. יתיר ו

גערעדט דיעזעס וואָרט, וועל איך אריינגעבען מיינע ווערטער אין דיין מויל ווי פייער, און דיעזעס פאָלק וועט זיין ווי האָלץ און עס וועט זיי פערברענען.

15 איך וועל ברענגען אויף אייך אַ פאָלק פון אַ וויטען אָרט, אָה, הויז ישראל, זאָגט גאָט, אַ שטארק פאָלק איז עס, איין אלטעס פאָלק איז עס, אַ פאָלק וואָס דו קענסט ניט זיין שפּראַך און פערשטעהסט ניט וואָס עס רעדט.

16 זיין פיילענשייד איז ווי איין אָפענער קבר, אַלע זיינען זיי העלדען.

17 און ער וועט אויפעסען דיין שניט און דיין ברויט, זיי וועלען עסען דיינע זיהן און דיינע טעכטער, ער וועט עסען דיינע שאָף און דיינע רינדער, ער וועט עסען דיין וויינשטאָק און דיין פייגענבוים, ער וועט ארעם מאַכען דיינע פעסטע שטעדט, אויף וועלכע דו פערלאָזט זיך, מיט דעם שווערד.

18 און אויך אין יענע טעג, זאָגט גאָט, וועל איך אייך אין גאַנצען ניט פער־ניכטען.

19 און ווען איהר וועט זאָגען, פאַרוואָס האָט אונז דער עוויגער גאָט דיעזעס אַלעס געטהאָן ? זאָלסטו זיי זאָגען : אַזוי ווי איהר האָט מיך פער־לאָזען און איהר האָט געדיענט פרעמדע געטער אין אייער לאַנד, אַזוי וועט איהר דיענען פרעמדע אין אַ לאַנד וואָס געהערט ניט צו אייך.

20 זאָגט דאָס אָן אין הויז פון יעקב און מאַכט עס הערען אין הויז פון יהודה אַזוי צו זאָגען :

21 הערט נור דיעזעס, נאַרישעס, האַרצלאָזעס פאָלק, זיי האָבען אויגען און זעהען ניט, האָבען אויערן און הערען ניט.

22 האָט איהר קיין פורכט פאַר מיר ? זאָגט גאָט, אָדער איהר ציטערט ניט פאַר מיין געזיכט ? איך האָב געמאַכט דאָס זאַמד אַלס אַ גרענעץ צום ים, איין אייביגעם געזעטץ ער זאָל איהם ניט איבערטרע־טען, זיי שטורמען און קענען ניט טהאָן, און די וועללען רוישען און קענען איהם ניט איבערטרעטען.

23 אָבער דיעזעס פאָלק האָט איין אָבגעקעהרטעס ווידערשפעניג האַרץ, זיי האָבען אָבגעקעהרט און אוועק.

24 און זיי האָבען ניט געזאָגט אין זייער האַרץ : לאָמיר פירכטען פאַר דעם עוויגען אונזער גאָט, וועלכער גיט רעגען, פריה־ און שפּעט־רעגען, אין זיין צייט, די בעשטימטע וואָכען פון שניט היט ער פאַר אונז.

25 אייערע שולדען האָבען דיעזעס אָבגעווענדעט, און אייערע זינד האָבען אָבגעהאַלטען דאָס גוטעס פון אייך.

26 דען עס געפינען זיך אונטער מיין פאָלק גאָטלאָזע, לויערן ווי פויגעל כאַ־פער, שטעלען אוועק דעם נעץ און פאַנגען מענשען.

27 ווי אַ שטייג פול מיט פויגלען זיינען זייערע הייזער, פול מיט בעטרוג ; דעריבער זיינען זיי גרויס און רייך געוואָרען.

28 זיי זיינען פעט און גלענצען, און איבערטרעטען דאָס מאָס פון שלעכטעס, אורטהיילען ניט ריכטיג דאָס רעכט פון יתום, און בעגליקען, דאָס רעכט פון בעדירפטיגע ריכטען זיי ניט.

29 זאָל איך פאַר דיעזעס ניט שטראָפען ? זאָגט גאָט, אָדער זאָל איך ניט נעהמען קיין ראַכע פון אזא פאָלק ?

30 גרויל און שוידער איז געשעהן אין לאַנד !

31 די פּראָפעטען פּראָפעצייהען פאַלשקייט און די פּריעסטער הערשען דורך

נִבְּאוּ בַשֶּׁקֶר וְהַכֹּהֲנִים יִרְדּוּ עַל־יְדֵיהֶם וְעַמִּי אָהֲבוּ כֵן
וּמַה־תַּעֲשׂוּ לְאַחֲרִיתָהּ׃

## CAP. VI. ו

א הָעִזוּ ׀ בְּנֵי בִנְיָמִן מִקֶּרֶב יְרוּשָׁלִַם וּבִתְקוֹעַ תִּקְעוּ שׁוֹפָר
וְעַל־בֵּית הַכֶּרֶם שְׂאוּ מַשְׂאֵת כִּי רָעָה נִשְׁקְפָה מִצָּפוֹן
2 3 וְשֶׁבֶר גָּדוֹל׃ הַנָּוָה וְהַמְּעֻנָּגָה דָּמִיתִי בַּת־צִיּוֹן׃ אֵלֶיהָ
יָבֹאוּ רֹעִים וְעֶדְרֵיהֶם תָּקְעוּ עָלֶיהָ אֹהָלִים סָבִיב רָעוּ אִישׁ
4 אֶת־יָדוֹ׃ קַדְּשׁוּ עָלֶיהָ מִלְחָמָה קוּמוּ וְנַעֲלֶה בַצָּהֳרָיִם אוֹי
ה לָנוּ כִּי־פָנָה הַיּוֹם כִּי־יִנָּטוּ צִלְלֵי־עָרֶב׃ קוּמוּ וְנַעֲלֶה
6 בַלַּיְלָה וְנַשְׁחִיתָה אַרְמְנוֹתֶיהָ׃ כִּי כֹה אָמַר יְהוָה
צְבָאוֹת כִּרְתוּ עֵצָה וְשִׁפְכוּ עַל־יְרוּשָׁלִַם סֹלְלָה הִיא הָעִיר
7 הָפְקַד כֻּלָּהּ עֹשֶׁק בְּקִרְבָּהּ׃ כְּהָקִיר בּוֹר מֵימֶיהָ כֵּן הֵקֵרָה
רָעָתָהּ חָמָס וָשֹׁד יִשָּׁמַע בָּהּ עַל־פָּנַי תָּמִיד חֳלִי וּמַכָּה׃
8 הִוָּסְרִי יְרוּשָׁלִַם פֶּן־תֵּקַע נַפְשִׁי מִמֵּךְ פֶּן־אֲשִׂימֵךְ שְׁמָמָה
9 אֶרֶץ לוֹא נוֹשָׁבָה׃ כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת עוֹלֵל
יְעוֹלְלוּ כַגֶּפֶן שְׁאֵרִית יִשְׂרָאֵל הָשֵׁב יָדְךָ כְּבוֹצֵר עַל־
י סַלְסִלּוֹת׃ עַל־מִי אֲדַבְּרָה וְאָעִידָה וְיִשְׁמָעוּ הִנֵּה עֲרֵלָה
אָזְנָם וְלֹא יוּכְלוּ לְהַקְשִׁיב הִנֵּה דְבַר־יְהוָה הָיָה לָהֶם
11 לְחֶרְפָּה לֹא יַחְפְּצוּ־בוֹ׃ וְאֵת חֲמַת יְהוָה ׀ מָלֵאתִי נִלְאֵיתִי
הָכִיל שְׁפֹךְ עַל־עוֹלָל בַּחוּץ וְעַל סוֹד בַּחוּרִים יַחְדָּו כִּי־
12 גַם־אִישׁ עִם־אִשָּׁה יִלָּכֵדוּ זָקֵן עִם־מְלֵא יָמִים׃ וְנָסַבּוּ
בָתֵּיהֶם לַאֲחֵרִים שָׂדוֹת וְנָשִׁים יַחְדָּו כִּי־אַטֶּה אֶת־יָדִי
13 עַל־יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ נְאֻם־יְהוָה׃ כִּי מִקְּטַנָּם וְעַד־גְּדוֹלָם
כֻּלּוֹ בּוֹצֵעַ בָּצַע וּמִנָּבִיא וְעַד־כֹּהֵן כֻּלּוֹ עֹשֶׂה שָּׁקֶר׃
14 וַיְרַפְּאוּ אֶת־שֶׁבֶר עַמִּי עַל־נְקַלָּה לֵאמֹר שָׁלוֹם ׀ שָׁלוֹם
טו וְאֵין שָׁלוֹם׃ הֹבִשׁוּ כִּי־תוֹעֵבָה עָשׂוּ גַּם־בּוֹשׁ לֹא־יֵבוֹשׁוּ
גַּם־הַכְלִים לֹא יָדָעוּ לָכֵן יִפְּלוּ בַנֹּפְלִים בְּעֵת־פְּקַדְתִּים
יכשלו

ו v. 6. הה׳ רפה   v. 7. ביר קרי   v. 10. 15. קמץ בז״ק

זייער מאכט, און מיין פאָלק געפעהלט עס אזוי, אָבער וואָס וועט איהר טהאָן אם ענדע.

## קאפיטעל ו

1 אנטלויפט צוזאמען, בנימין'ס קינדער, פון ירושלים! און אין תקוע בלאָזט שופר און אויף בית־הכרם הויבט אויף פייער־צייכענס, ווייל אונגליק ערוואַרטעט פון נאָרד זייט און א גרויסער בראָך.

2 צו שעהנע און פערצערטעלטע האָב איך דיך געגליכען, טאָכטער פון ציון!

3 צו איהר קומען הירטען מיט זייערע הערדען, שטעלען ארום איהר געצעלטען, יעדערער פיטערער אויף זיין אָרט.

4 גרייט אָן אויף איהר א קריעג! שטעהט אויף און לאָמיר שטייגען אין מיטאג צייט! וועה אונז! דער טאָג געהט אוים, די אבענד־שאטענס פערשפרייטען זיך שוין.

5 שטעהט אויף און לאָמיר שטייגען ביי נאכט, און לאָמיר פערדארבען איהרע פאלאצען,

6 דען אזוי זאָגט גאָט דער הערשאפט: שניידט בוימער און שיט אויף א וואל אויף ירושלים, דאָס איז די שטאָדט וואָס וועט ווערען בעזוכט, אין איהר איז דורכאוים אונטערדריקונג.

7 ווי א ברונען לאָזט קוועלען זיין וואסער אזוי קוועלט איהר שלעכטיגקייט, געוואלט און רויב ווערט געהערט אין איהר שטענדיג, פאר מיר זיינען אימער קראנקהייט און פלאָג.

8 בעסער זיך, ירושלים! זאָנסט קעהרט זיך מיין זעעלע אָב פון דיר, זאָנסט וועל איך דיך מאכען וויסט, ווי א לאנד וואָס איז אונבעוואָהנט.

9 אזוי האָט געזאָגט גאָט דער הערשאפט, מען וועט ארומרייסען ווי א וויינשטאָק די איבערגעבליעבענע ישראל, קעהר צוריק דיין האנד ווי א טרויבען שניידער אויף די קערב.

10 צו וועמען זאָל איך רעדען און וואָרנען דאָס זיי זאָלען הערען? זייער אויער איז פערשטאָפט, זיי קענען ניט פערנעהמען, גאָטעס וואָרט איז זיי געוואָרען צו שפּאָט, זיי ווילען עס ניט.

11 און איך בין פול מיט גאָטעס צאָרן, בין שוין מיעד איינצוהאלטען, זאָגט גאָט, גיס איהם אוים איבער דאָס קינד אויף'ן גאַס און אויף דער פערזאמלונג פון יונגע לייט צוזאמען, דען אויך דער מאַן מיט דער פרוי וועלען געצוואונגען ווערען, דער אלטער מיט דעם בעטאָגטען.

12 און זייערע הייזער וועלען איבערגעהן צו אנדערע, פעלדער און פרויען צוזאמען, ווייל איך וועל אויסשטרעקען מיין האנד אויף די איינוואָהנער פון לאנד, זאָגט גאָט.

13 דען פון זייער קלענסטען ביז זייער גרעסטען, אלע זוכען רויב־געלד, און פון דעם פּראָפעט ביז דעם פריעסטער אלע טהוען פאלשקייט.

14 און זיי היילען דעם בראָך פון מיין פאָלק גאַנץ לייכט, זאָגענדיג: פריעדען, פריעדען! — אָבער פריעדען איז דאָך ניטאָ!

15 זיי דארפען זיך שעהמען, ווייל זיי האָבען אבשייליכעס געטהאָן, צ־ער ניט זיי שעהמען זיך, ניט זיי ווייסען ווי זיך צו שעהמען, דעריבער וועלען

יִכָּשְׁלוּ אָמַר יְהוָה׃ כֹּה אָמַר יְהוָה עִמְדוּ עַל־דְּרָכִים 16
וּרְאוּ וְשַׁאֲלוּ ׀ לִנְתִבוֹת עוֹלָם אֵי־זֶה דֶרֶךְ הַטּוֹב וּלְכוּ־בָהּ
וּמִצְאוּ מַרְגּוֹעַ לְנַפְשְׁכֶם וַיֹּאמְרוּ לֹא נֵלֵךְ׃ וַהֲקִמֹתִי 17
עֲלֵיכֶם צֹפִים הַקְשִׁיבוּ לְקוֹל שׁוֹפָר וַיֹּאמְרוּ לֹא נַקְשִׁיב׃
לָכֵן שִׁמְעוּ הַגּוֹיִם וּדְעִי עֵדָה אֶת־אֲשֶׁר־בָּם׃ שִׁמְעִי הָאָרֶץ 18 19
הִנֵּה אָנֹכִי מֵבִיא רָעָה אֶל־הָעָם הַזֶּה פְּרִי מַחְשְׁבוֹתָם כִּי
עַל־דְּבָרַי לֹא הִקְשִׁיבוּ וְתוֹרָתִי וַיִּמְאֲסוּ־בָהּ׃ לָמָּה־זֶּה לִי כ
לְבוֹנָה מִשְּׁבָא תָבוֹא וְקָנֶה הַטּוֹב מֵאֶרֶץ מֶרְחָק עֹלוֹתֵיכֶם
לֹא לְרָצוֹן וְזִבְחֵיכֶם לֹא־עָרְבוּ לִי׃ לָכֵן כֹּה אָמַר יְהוָה 21
הִנְנִי נֹתֵן אֶל־הָעָם הַזֶּה מִכְשֹׁלִים וְכָשְׁלוּ בָם אָבוֹת וּבָנִים
יַחְדָּו שָׁכֵן וְרֵעוֹ יֹאבֵדוּ׃ כֹּה אָמַר יְהוָה הִנֵּה עַם 22
בָּא מֵאֶרֶץ צָפוֹן וְגוֹי גָּדוֹל יֵעוֹר מִיַּרְכְּתֵי־אָרֶץ׃ קֶשֶׁת 23
וְכִידוֹן יַחֲזִיקוּ אַכְזָרִי הוּא וְלֹא יְרַחֵמוּ קוֹלָם כַּיָּם יֶהֱמֶה
וְעַל־סוּסִים יִרְכָּבוּ עָרוּךְ כְּאִישׁ לַמִּלְחָמָה עָלַיִךְ בַּת־
צִיּוֹן׃ שָׁמַעְנוּ אֶת־שָׁמְעוֹ רָפוּ יָדֵינוּ צָרָה הֶחֱזִקַתְנוּ חִיל 24
כַּיּוֹלֵדָה׃ אַל־תֵּצְאִי הַשָּׂדֶה וּבַדֶּרֶךְ אַל־תֵּלֵכִי כִּי חֶרֶב כה
לְאֹיֵב מָגוֹר מִסָּבִיב׃ בַּת־עַמִּי חִגְרִי־שָׂק וְהִתְפַּלְּשִׁי בָאֵפֶר 26
אֵבֶל יָחִיד עֲשִׂי־לָךְ מִסְפַּד תַּמְרוּרִים כִּי פִתְאֹם יָבֹא
הַשֹּׁדֵד עָלֵינוּ׃ בָּחוֹן נְתַתִּיךָ בְעַמִּי מִבְצָר וְתֵדַע וּבָחַנְתָּ 27
אֶת־דַּרְכָּם׃ כֻּלָּם סָרֵי סוֹרְרִים הֹלְכֵי רָכִיל נְחֹשֶׁת וּבַרְזֶל 28
כֻּלָּם מַשְׁחִיתִים הֵמָּה׃ נָחַר מַפֻּחַ מֵאֵשׁתַּם עֹפָרֶת לַשָּׁוְא 29
צָרַף צָרוֹף וְרָעִים לֹא נִתָּקוּ׃ כֶּסֶף נִמְאָס קָרְאוּ לָהֶם כִּי־ ל
מָאַס יְהוָה בָּהֶם׃

## CAP. VII. ז

ז
הַדָּבָר אֲשֶׁר־הָיָה אֶל־יִרְמְיָהוּ מֵאֵת יְהוָה לֵאמֹר׃ עֲמֹד א 2
בְּשַׁעַר בֵּית יְהוָה וְקָרָאתָ שָּׁם אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה וְאָמַרְתָּ
שִׁמְעוּ דְבַר־יְהוָה כָּל־יְהוּדָה הַבָּאִים בַּשְּׁעָרִים הָאֵלֶּה

להשתחות

ר v. 21. ואבדו קרי v. 25. תצאי קרי ibid. תלכי קרי v. 26. קמץ בפשטא v. 29. מאש תם קרי

זיי פאלען מיט די פאלענדע, אין דער צייט ווען איך וועל זיי אונטערזוכען וועלען זיי געשטרויכעלט ווערען, זאגט גאט.

16 אזוי האט גאט געזאגט : שטעהט אויף די וועגען און זעהט, און פרעגט נאך די אייביגע שטעגען, וועלכער איז דער גוטער וועג און געהט אין איהם, און איהר וועט געפינען רוהע צו אייער זעעלע, — אבער זיי האבען געזאגט, מיר וועלען ניט געהן !

17 און איך האב אנגעשטעלט אויף אייך וועכטער, פערנעהמט די שטימע פון שופר, און זיי האבען געזאגט, מיר וועלען ניט פערנעהמען.

18 דארום הערט פעלקער, און וויים פערזאמלונג, וואס עס געהט פאר ביי זיי.

19 הער צו — ערד ! איך ברענג נון אונגליק צו דיעזען פאלק, די פרוכט פון זייערע געדאנקען, ווייל זיי האבען מיינע ווערטער ניט פערנומען און מיין לעהרע האבען זיי פערהאסט.

20 וואס דארף איך די ווייהרויך וואס קומט פון שבא, און דעם גוטען גע־ווירצראהר — פון א ווייט לאנד ? אייערע בראנד־אפפער זיינען מיר ניט געפעליג, און אייערע שלאכט־אפפער זיינען מיר ניט אנגענעהם.

21 דארום האט גאט אזוי געזאגט : איך מאך שטרויכלונגען פאר דיעזען פאלק, און עס וועלען שטרויכלען עלטערן און זיהן צוזאמען, דער נאכבאר און זיין פריינד וועלען פערלארען געהן.

22 אזוי האט גאט געזאגט, א פאלק קומט פון נארד לאנד און א גרויסע נאציאן ערוואכט זיך פון די וויטעסטע געגענדען פון דער ערד.

23 זיי וועלען האלטען בויגען און שפיזען, ער איז גרויזאם, זיי ערבארמען זיך ניט, זייער שטימע רוישט ווי דער ים, זיי וועלען רייטען אויף פערד, גרייט צום קריעג ווי איין מאן, געגען דיר, טאכטער פון ציון.

24 מיר האבען געהערט די שלעכטע נאכריכט, אונזערע הענד זיינען אבגע־לאזען געווארען, אנגסט האט אונז אנגענומען, און שמערץ ווי א געווי־נערין.

25 געהט ניט ארויס צום פעלד און געהט ניט אויף דעם וועג, ווייל דאס שווערד פון פיינד איז שרעקליך ארום און ארום.

26 טאכטער פון מיין פאלק ! גורט אן א זאק, בעדעק זיך מיט אש, מאך א טרויער ווי נאך איין איינציגען, (זוהן), א ביטערען קלאג, ווייל פלוצלונג בעפאלט אונז דער רויבער.

27 אלס וואכטהורעם האב איך דיך געמאכט אונטער מיין פאלק, ווי א פעס־טונג, זאלס וויסען און אויספרובירען זייער וועג.

28 אלע זיינען גרויסע אפקעהרער, פערליימדער, קופער און אייזען, אלע זיינען פערדערבער.

29 דער בלאז־זאק איז אנגעברענט, פון פייער איז פערצעהרט דאס בליי, אומזיסט לייטערט מען עס אימער, די שלעכטע ווערען ניט אבגעריסען.

30 פערהאסטעס זילבער רופט מען זיי, דען גאט האט זיי פערהאסט.

## קאפיטעל ז

1 דאסווארט איז געווען צו ירמיהו פון גאט אזוי צו זאגען :

2 שטעל זיך אין טויער פון גאטס־הויז און רוף דארט דיעזען ווארט, און זאלסט זאגען : הערט צו גאטעס ווארט, גאנץ יהודה, וועלכע קומען אין דיעזע טויערן צו בוקען זיך צו גאט.

3 לְהִשְׁתַּחֲוֺת לַיהוָה׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
הֵיטִיבוּ דַרְכֵיכֶם וּמַעַלְלֵיכֶם וַאֲשַׁכְּנָה אֶתְכֶם בַּמָּקוֹם
4 הַזֶּה׃ אַל־תִּבְטְחוּ לָכֶם אֶל־דִּבְרֵי הַשֶּׁקֶר לֵאמֹר הֵיכַל
ה יְהוָה הֵיכַל יְהוָה הֵיכַל יְהוָה הֵמָּה׃ כִּי אִם־הֵיטֵיב
תֵּיטִיבוּ אֶת־דַּרְכֵיכֶם וְאֶת־מַעַלְלֵיכֶם אִם־עָשׂוֹ תַעֲשׂוּ
6 מִשְׁפָּט בֵּין אִישׁ וּבֵין רֵעֵהוּ׃ גֵּר יָתוֹם וְאַלְמָנָה לֹא תַעֲשֹׁקוּ
וְדָם נָקִי אַל־תִּשְׁפְּכוּ בַּמָּקוֹם הַזֶּה וְאַחֲרֵי אֱלֹהִים אֲחֵרִים
7 לֹא תֵלְכוּ לְרַע לָכֶם׃ וְשִׁכַּנְתִּי אֶתְכֶם בַּמָּקוֹם הַזֶּה
בָּאָרֶץ אֲשֶׁר נָתַתִּי לַאֲבוֹתֵיכֶם לְמִן־עוֹלָם וְעַד־עוֹלָם׃
8 הִנֵּה אַתֶּם בֹּטְחִים לָכֶם עַל־דִּבְרֵי הַשָּׁקֶר לְבִלְתִּי הוֹעִיל׃
9 הֲגָנֹב ׀ רָצֹחַ וְנָאֹף וְהִשָּׁבֵעַ לַשֶּׁקֶר וְקַטֵּר לַבָּעַל וְהָלֹךְ
י אַחֲרֵי אֱלֹהִים אֲחֵרִים אֲשֶׁר לֹא־יְדַעְתֶּם׃ וּבָאתֶם וַעֲמַדְתֶּם
לְפָנַי בַּבַּיִת הַזֶּה אֲשֶׁר נִקְרָא־שְׁמִי עָלָיו וַאֲמַרְתֶּם נִצַּלְנוּ
11 לְמַעַן עֲשׂוֹת אֵת כָּל־הַתּוֹעֵבֹת הָאֵלֶּה׃ הַמְעָרַת פָּרִצִים
הָיָה הַבַּיִת הַזֶּה אֲשֶׁר־נִקְרָא שְׁמִי־עָלָיו בְּעֵינֵיכֶם גַּם אָנֹכִי
12 הִנֵּה רָאִיתִי נְאֻם־יְהוָה׃ כִּי לְכוּ־נָא אֶל־מְקוֹמִי אֲשֶׁר
בְּשִׁילוֹ אֲשֶׁר שִׁכַּנְתִּי שְׁמִי שָׁם בָּרִאשׁוֹנָה וּרְאוּ אֵת אֲשֶׁר־
13 עָשִׂיתִי לוֹ מִפְּנֵי רָעַת עַמִּי יִשְׂרָאֵל׃ וְעַתָּה יַעַן עֲשׂוֹתְכֶם
אֶת־כָּל־הַמַּעֲשִׂים הָאֵלֶּה נְאֻם־יְהוָה וָאֲדַבֵּר אֲלֵיכֶם הַשְׁכֵּם
14 וְדַבֵּר וְלֹא שְׁמַעְתֶּם וָאֶקְרָא אֶתְכֶם וְלֹא עֲנִיתֶם׃ וְעָשִׂיתִי
לַבַּיִת ׀ אֲשֶׁר נִקְרָא־שְׁמִי עָלָיו אֲשֶׁר אַתֶּם בֹּטְחִים בּוֹ
וְלַמָּקוֹם אֲשֶׁר־נָתַתִּי לָכֶם וְלַאֲבוֹתֵיכֶם כַּאֲשֶׁר עָשִׂיתִי
טו לְשִׁלוֹ׃ וְהִשְׁלַכְתִּי אֶתְכֶם מֵעַל פָּנָי כַּאֲשֶׁר הִשְׁלַכְתִּי אֶת־
16 כָּל־אֲחֵיכֶם אֵת כָּל־זֶרַע אֶפְרָיִם׃ וְאַתָּה אַל־תִּתְפַּלֵּל ׀
בְּעַד־הָעָם הַזֶּה וְאַל־תִּשָּׂא בַעֲדָם רִנָּה וּתְפִלָּה וְאַל־תִּפְגַּע־
17 בִּי כִּי־אֵינֶנִּי שֹׁמֵעַ אֹתָךְ׃ הַאֵינְךָ רֹאֶה מָה הֵמָּה עֹשִׂים
18 בְּעָרֵי יְהוּדָה וּבְחֻצוֹת יְרוּשָׁלָםִ׃ הַבָּנִים מְלַקְּטִים עֵצִים

והאבות

פתח באתנח v. 10.

3 אזוי האָט געזאָגט דער עוויגער פון די הערשאַפטען, דער גאָט פון ישראל: בעסערט אויס אייערע וועגען און אייערע טהאַטען און דאַן וועל איך אייך לאָזען וואָהנען אין דיעזען אָרט.

4 פערלאָזט זיך ניט אויף פאַלשע ווערטער אזוי צו זאָגען: גאָטס טעמפּעל, גאָטס טעמפּעל, גאָטס טעמפּעל (בעשיצט) זיי.

5 נור ווען איהר בעסערט אויס אייערע וועגען און אייערע טהאַטען, אויב איהר וועט נור טהאָן גערעכטיגקייט צווישען איינעם און דעם אנדערן.

6 דעם פרעמדען, דעם יתום און אלמנה וועט איהר ניט אונטערדריקען, און אונשולדיגעס בלוט וועט איהר ניט פערגיסען אין דיעזען אָרט, און נאָך פרעמדע געטער וועט איהר ניט געהען אליין זיך אונגליקליך צו מאַכען.

7 דאַן וועל איך אייך לאָזען וואָהנען אין דיעזען אָרט, אין דעם לאַנד וואָס איך האָב געגעבען צו אייערע עלטערן פון אייביג ביז אייביג.

8 אָבער איהר פערלאָזט זיך אויף פאַלשע ווערטער וואָס קענען ניט ניטצען.

9 אויב דען (דאָס איז רעכט) גנב׳ענען, מערדערען און טרייבען אונצוכט, און שווערען פאַלש, און רויכערען צום בעל און געהן נאָך אַנדערע געטער, וועלכע איהר קענט גאָר ניט.

10 און דאַן קומט איהר נאָך און שטעלט זיך פאַר מיר אין דיעזען הויז, אויף וועלכען מיין נאָמען איז גערופען, און רעדט זיך איין, אַז מיר זיינען גערעטעט — אום אַלע דיעזע אַבשייליכקייטען ווידער צו טהאָן.

11 איז דען דיעזעס הויז, אויף וועלכער מיין נאָמען איז גערופען געוואָרען א הייל פון רויבער געוואָרען אין אייערע אויגען? אויך איך האָב עס געזעהן, זאָגט גאָט.

12 דען געהט נאָר צו מיין אָרט, וואָס איז (געוועזן) אין שילו, וואָס איך האָב צום ערשטען דאָרט מיין נאָמען געלאָזט וואָהנען, און זעהט, וואָס איך האָב פון איהם געמאַכט צוליעב די שלעכטקייט פון מיין פאָלק ישראל.

13 און יעצט, ווייל איהר האָט אַלע דיעזע טהאַטען געטהאָן, זאָגט גאָט, און איך האָב גערעדט צו אייך פון פריה־מאָרגען אָן, און איהר האָט ניט געהערט, און איך האָב אייך גערופען און איהר האָט ניט געענטפערט.

14 דעריבער וועל איך טהאָן צו דעם הויז, וואָס מיין נאָמען איז אויף איהם גערופען, אויף וועלכען איהר פערלאָזט זיך, און צו דעם אָרט וואָס איך האָב געגעבען אייך און אייערע עלטערן, אזוי ווי איך האָב געטהאָן אין שילו.

15 און איך וועל אייך פערוואַרפען פון מיין געזיכט, אזוי ווי איך האָב פערוואָרפען אַלע אייערע ברידער, אַלע קינדער פון אפרים.

16 און דו זאָלסט ניט בעטען פאַר דיעזען פאָלק און הויב ניט פאַר זיי קלאַגען און געבעט און דרינג מיך ניט, ווייל איך הער דיך ניט.

17 זעהסטו דען ניט וואָס זיי טהוען אין די שטעדט פון יהודה און אין די גאַסען פון ירושלים?

18 די קינדער קלייבען האָלץ און די עלטערען ברענגען פייער און די ווייבער

והאבות מבערים את־האש והנשים לשות בצק לעשות
כונים למלכת השמים והסך נסכים לאלהים אחרים
למען הכעסני׃ האתי הם מכעסים נאם־יהוה הלוא 19
אתם למען בשת פניהם׃ לכן כה־אמר ׀ אדני כ
יהוה הנה אפי וחמתי נתכת אל־המקום הזה על־האדם
ועל־הבהמה ועל־עץ השדה ועל־פרי האדמה ובערה
ולא תכבה׃ כה אמר יהוה צבאות אלהי ישראל 21
עלותיכם ספו על־זבחיכם ואכלו בשר׃ כי לא־דברתי 22
את־אבותיכם ולא צויתים ביום הוציא אותם מארץ
מצרים על־דברי עולה וזבח׃ כי אם־את־הדבר הזה 23
צויתי אותם לאמר שמעו בקולי והייתי לכם לאלהים
ואתם תהיו־לי לעם והלכתם בכל־הדרך אשר אצוה
אתכם למען ייטב לכם׃ ולא שמעו ולא־הטו את־אזנם 24
וילכו במעצות בשררות לבם הרע ויהיו לאחור ולא
לפנים׃ למן־היום אשר יצאו אבותיכם מארץ מצרים כה
עד היום הזה ואשלח אליכם את־כל־עבדי הנביאים
יום השכם ושלח׃ ולוא שמעו אלי ולא הטו את־אזנם 26
ויקשו את־ערפם הרעו מאבותם׃ ודברת אליהם את־ 27
כל־הדברים האלה ולא ישמעו אליך וקראת אליהם
ולא יענוכה׃ ואמרת אליהם זה הגוי אשר לוא־שמעו 28
בקול יהוה אלהיו ולא לקחו מוסר אבדה האמונה
ונכרתה מפיהם׃ גזי נזרך והשליכי ושאי על־ 29
שפים קינה כי מאס יהוה ויטש את־דור עברתו׃ כי־ ל
עשו בני־יהודה הרע בעיני נאם־יהוה שמו שקוציהם
בבית אשר־נקרא שמי־עליו לטמאו׃ ובנו במות התפת 31
אשר בגיא בן־הנם לשרף את־בניהם ואת־בנתיהם באש
אשר לא צויתי ולא עלתה על־לבי׃ לכן הנה ימים 32

באים

v. 21 הפטרה צו   v. 22 הוציא קרי

קנעטען טייג, אום צו מאַכען קוכען פאַר דער קעניגין פון הימעל און גיע־
סען טראַנק־אָפּפער צו אַנדערע געטער, אום מיר פערדרוס צו מאַכען.

19 מאַכען זיי דען מיר פערדרוס ? זאָגט גאָט, זיך זעלבסט דאָך ! צו
דער שאַנדע פון זייערע געזיכטער !

20 דארום האָט אַזוי געזאָגט דער עוויגער גאָט, מיין צאָרן און גרים־צאָרן איז
אויסגעגאָסען אויף דיעזען אָרט, אויף מענשען און אויף פיה און אויף
די בוימער פון פעלד און אויף די פרוכט פון דער ערד, און עס וועט
ברענען און ניט פערלאָשען ווערען.

21 אַזוי האָט געזאָגט דער עוויגער פון הערשאַפטען, דער גאָט פון ישראל,
לעגט צו אייערע בראַנד־אָפּפער צו די שלאַכט־אָפּפער און עסט (אליין)
דאָס פלייש.

22 דען איך האָב ניט גערעדט צו אייערע עלטערען און האָב זיי ניט פער־
זאָגט — אין דער צייט ווען איך האָב זיי אַרויסגעפיהרט פון מצרים —
וועגען בראַנד־אָפּפער און שלאַכט־אָפּפער.

23 זאָנדערען דיעזעס וואָרט האָב איך זיי געבאָטען אַזוי צו זאָגען : הערט
מיין שטימע און איך וועל זיין אייער גאָט און איהר וועט זיין מיין
פאָלק, און איהר זאָלט געהן אין דעם גאַנצען וועג וואָס איך וועל אייך
פערזאָגען, אום עס זאָל אייך זיין גוט.

24 אָבער זיי האָבען ניט געהערט און האָבען ניט גענייגט זייער אויער,
און זיי זיינען געגאַנגען נאָך די ראַטהען און שטרעבונגען פון זייער שלעכט
הארץ און זיינען געוואָרען ריקווערטס און ניט פאָרווערטס.

25 פון טאָג אָן וואָס אייערע עלטערן זיינען אַרויס פון מצרים ביז דיעזען
טאָג, און איך האָב געשיקט צו אייך אַלע מיינע קנעכט — די פּראָפעטען,
טעגליך פון פריה־מאָרגען געשיקט.

26 און זיי האָבען מיך ניט געהערט און האָבען זייער אויער ניט גענייגט,
און האָבען האַרט געמאַכט זייער נאַקען, נאָך ערגער האָבען זיי געטהאָן
ווי זייערע עלטערן.

27 און דו וועסט צו זיי רעדען אַלע דיעזע ווערטער און זיי וועלען דיך ניט
הערען, און דו וועסט זיי רופען און זיי וועלען דיר ניט ענטפערען.

28 און דו זאָלסט זאָגען צו זיי : דאָס איז דאָס פאָלק, וואָס האָבען ניט
געוואָלט הערען גאָטס שטימע און האָבען קיין ווארנונג ניט גענומען,
עס איז פערלאָרען די וואהרהייט און אָבגעשניטען פון זייער מויל.

29 שער אָפּ דיינע האָאָר און וואַרף אַוועק, און הויב אויף אויף די הויכע
בערג אַ קלאָג, דען גאָט האָט פערהאַסט און פערלאָזען די געבעהרונג
פון זיין צאָרן.

30 ווייל די קינדער פון יהודה האָבען געטהאָן שלעכטעס אין מיינע אויגען,
זאָגט גאָט, זיי האָבען אַריינגעשטעלט זייער אַבשייליכקייט אין דעם
הויז אויף וועלכען מיין נאָמען איז גערופען, צו פערראונרייניגען עס.

31 און זיי האָבען געבויט הויכע פּלעצער פון תפת, וואָס אין טהאָל בן־הנם,
אום צו פערברענען זייערע זיהן און זייערע טעכטער אין דעם פייער, וואָס
איך האָב ניט געהייסען און עס איז ניט אַרויף אויף מיינע געדאַנקען.

32 דארום וועלען קומען טעג, זאָגט גאָט, וואָס מען וועט מעהר ניט זאָגען

בָּאִים נְאֻם־יְהוָה וְלֹא־יֵאָמֵר עוֹד הַתֹּפֶת וְגֵיא בֶן־הִנֹּם
33 כִּי אִם־גֵּיא הַהֲרֵגָה וְקָבְרוּ בְתֹפֶת מֵאֵין מָקוֹם׃ וְהָיְתָה נִבְלַת הָעָם הַזֶּה לְמַאֲכָל לְעוֹף הַשָּׁמַיִם וּלְבֶהֱמַת הָאָרֶץ
34 וְאֵין מַחֲרִיד׃ וְהִשְׁבַּתִּי ׀ מֵעָרֵי יְהוּדָה וּמֵחֻצוֹת יְרוּשָׁלִַם קוֹל שָׂשׂוֹן וְקוֹל שִׂמְחָה קוֹל חָתָן וְקוֹל כַּלָּה כִּי לְחָרְבָּה תִּהְיֶה הָאָרֶץ׃

## ח CAP. VIII. ח

א בָּעֵת הַהִיא נְאֻם־יְהוָה וְיוֹצִיאוּ אֶת־עַצְמוֹת מַלְכֵי־יְהוּדָה וְאֶת־עַצְמוֹת שָׂרָיו וְאֶת־עַצְמוֹת הַכֹּהֲנִים וְאֵת ׀ עַצְמוֹת
2 הַנְּבִיאִים וְאֵת עַצְמוֹת יוֹשְׁבֵי־יְרוּשָׁלִָם מִקִּבְרֵיהֶם׃ וּשְׁטָחוּם לַשֶּׁמֶשׁ וְלַיָּרֵחַ וּלְכֹל ׀ צְבָא הַשָּׁמַיִם אֲשֶׁר אֲהֵבוּם וַאֲשֶׁר עֲבָדוּם וַאֲשֶׁר הָלְכוּ אַחֲרֵיהֶם וַאֲשֶׁר דְּרָשׁוּם וַאֲשֶׁר הִשְׁתַּחֲווּ לָהֶם לֹא יֵאָסְפוּ וְלֹא יִקָּבֵרוּ לְדֹמֶן עַל־פְּנֵי הָאֲדָמָה
3 יִהְיוּ׃ וְנִבְחַר מָוֶת מֵחַיִּים לְכֹל הַשְּׁאֵרִית הַנִּשְׁאָרִים מִן־הַמִּשְׁפָּחָה הָרָעָה הַזֹּאת בְּכָל־הַמְּקֹמוֹת הַנִּשְׁאָרִים אֲשֶׁר
4 הִדַּחְתִּים שָׁם נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה
ה אָמַר יְהוָה הֲיִפְּלוּ וְלֹא יָקוּמוּ אִם־יָשׁוּב וְלֹא יָשׁוּב׃ מַדּוּעַ שׁוֹבְבָה הָעָם הַזֶּה יְרוּשָׁלִַם מְשֻׁבָה נִצַּחַת הֶחֱזִיקוּ בַּתַּרְמִית
6 מֵאֲנוּ לָשׁוּב׃ הִקְשַׁבְתִּי וָאֶשְׁמָע לוֹא־כֵן יְדַבֵּרוּ אֵין אִישׁ נִחָם עַל־רָעָתוֹ לֵאמֹר מֶה עָשִׂיתִי כֻּלֹּה שָׁב בִּמְרֻצוֹתָם
7 כְּסוּס שׁוֹטֵף בַּמִּלְחָמָה׃ גַּם־חֲסִידָה בַשָּׁמַיִם יָדְעָה מוֹעֲדֶיהָ וְתֹר וְסוּס וְעָגוּר שָׁמְרוּ אֶת־עֵת בֹּאָנָה וְעַמִּי
8 לֹא יָדְעוּ אֵת מִשְׁפַּט יְהוָה׃ אֵיכָה תֹאמְרוּ חֲכָמִים אֲנַחְנוּ וְתוֹרַת יְהוָה אִתָּנוּ אָכֵן הִנֵּה לַשֶּׁקֶר עָשָׂה עֵט שֶׁקֶר
9 סֹפְרִים׃ הֹבִשׁוּ חֲכָמִים חַתּוּ וַיִּלָּכֵדוּ הִנֵּה בִדְבַר־יְהוָה
י מָאָסוּ וְחָכְמַת־מֶה לָהֶם׃ לָכֵן אֶתֵּן אֶת־נְשֵׁיהֶם לַאֲחֵרִים שְׂדוֹתֵיהֶם לְיוֹרְשִׁים כִּי מִקָּטֹן וְעַד־גָּדוֹל כֻּלֹּה בֹּצֵעַ בָּצַע

מנביא

ח׳ v. 1 יוצאו קרי  ibid. קמץ בטרחא  v. 5. פתח באתנח
v. 6 קמץ בפשטא  ibid. במרוצתם ק׳  v. 7 וסיס ק׳  v. 9. קמץ בז״ק

דער תפת אין דעם טהאָל בן־הנם, זאָנדערן דאָס טהאָל פון טוידט־שלאַכט און מען וועט בעגראָבען אין תפת אויס מאַנגעל אין פּלאַץ.

33 און טויטע קערפּער פון דיעזען פאָלק וועלען זיין אַ שפּייז פאַר די פויגעל פון הימעל און פאַר די פיה פון לאַנד און קיינער וועט זיי ניט פערטרייבען.

34 און איך וועל פערהינדערען פון די שטעדט פון יהודה און פון די גאַסען פון ירושלים די שטימע פון פרייד און די שטימע פון פרעהליכקייט, די שטימע פון חתן און די שטימע פון כלה, דען צו אַ פערוויסטונג וועט זיין דאָס לאַנד.

## קאַפּיטעל ח

1 אין יענער צייט, זאָגט גאָט, וועט מען ארויסנעהמען די ביינער פון די קעניגע פון יהודה, און די ביינער פון זייערע האַררען, און די ביינער פון די פּריעסטער, און די ביינער פון די פּראָפעטען, און די ביינער פון די איינוואָהנער פון ירושלים פון זייערע קברים.

2 און מען וועט זיי פערשפּרייטען פאַר דער זונן און פאַר דער לבנה און פאַר אַלע הערשאַפטען פון דעם הימעל, וועלכע זיי האָבען געליעבט און וועלכע זיי האָבען געפאָרשט, און צו וועלכע זיי האָבען זיך געבוקט, זיי וועלען ניט אויפגעזאַמעלט ווערען און ניט בעגראָבען ווערען, צו מיסט אויף דער ערד וועלען זיי ווערען.

3 און דער טוידט וועט געווינשטער זיין אַלס דאָס לעבען פאַר דער גאַנצער איבערבלייבונג, וואָס וועלען פערבלייבען פון דיעזער שלעכטער פאַמיליע, אין אַלע ערטער פון די איבערגעבליעבענע, וועלכע איך האָב פערשטויסען אהין, זאָגט גאָט דער הערשאַפטען.

4 און דו זאָלסט זאָגען צו זיי, אַזוי האָט געזאָגט גאָט : וועלען זיי דען פאַלען און וועלען ניט ווידער אויפשטעהען ? אָדער זיך אָבקעהרען און ניט צוריקקעהרען ?

5 וואָרום האָט זיך אָבגעקעהרט דיעזעס פאָלק — ירושלים איין עוויגע אָב־קעהרונג ? וואָרום האַלטען זיי זיך פעסט אין בעטרוג און ווילען ניט צוריקקעהרען ?

6 איך האָב בעאָבאַכטעט און געהערט, וואָס ניט רעכט איז רעדען זיי, קיינער בערייהעט ניט זיין שלעכטעס, צו זאָגען : וואָס האָב איך גע־טהאָן ? אַלע ווענדען זיך אָב אין זייער לויפען, ווי איין שטורעם־לוי פענדער פערד אין קריעג.

7 אויך דער שטאָרך אין דער לופט וויים זיין צייט, די טירטעל־טויב, און די שוואַלב און דער קראַניך ערוואַרטען די צייט פון זייער קומען, אָבער מיין פאָלק וויים ניט דאָס רעכט פון גאָט.

8 ווי קענט איהר זאָגען מיר זיינען קלוג און מיט אונז איז די לעהרע פון גאָט, ווען צו פאַלשקייט האָט די פאַלשע פעדער פון שרייבער געאַרבייט.

9 זיי זיינען פערשעהמט געוואָרען די קלוגע, דערשראָקען און בעצוואונגען, גאָטעס וואָרט האָבען זיי פערהאַסט, וועלכע קלוגשאַפט האָבען זיי ?

10 דערפאַר וועל איך זייערע ווייבער געבען צו אַנדערע, זייערע פעלדער צו פערמעדע בעזיצער, ווייל פון קליין ביז גרויס אַלע זוכען רויב־געלד, פון פּראָפעט ביז'ן פּריסטער אַלע טהוען פאַלשקייט.

מִנָּבִיא וְעַד־כֹּהֵן כֻּלֹּה עֹשֶׂה שָּׁקֶר׃ 11 וַיְרַפּוּ אֶת־שֶׁבֶר בַּת־
עַמִּי עַל־נְקַלָּה לֵאמֹר שָׁלוֹם ׀ שָׁלוֹם וְאֵין שָׁלוֹם׃ 12 הֹבִשׁוּ
כִּי תוֹעֵבָה עָשׂוּ גַּם־בּוֹשׁ לֹא־יֵבֹשׁוּ וְהִכָּלֵם לֹא יָדָעוּ לָכֵן
יִפְּלוּ בַנֹּפְלִים בְּעֵת פְּקֻדָּתָם יִכָּשְׁלוּ אָמַר יְהוָה׃
13 אָסֹף אֲסִיפֵם נְאֻם־יְהוָה אֵין עֲנָבִים בַּגֶּפֶן וְאֵין תְּאֵנִים
בַּתְּאֵנָה וְהֶעָלֶה נָבֵל וָאֶתֵּן לָהֶם יַעַבְרוּם׃ 14 עַל־מָה אֲנַחְנוּ
יֹשְׁבִים הֵאָסְפוּ וְנָבוֹא אֶל־עָרֵי הַמִּבְצָר וְנִדְּמָה־שָּׁם כִּי יְהוָה
אֱלֹהֵינוּ הֲדִמָּנוּ וַיַּשְׁקֵנוּ מֵי־רֹאשׁ כִּי חָטָאנוּ לַיהוָה׃ טו קַוֵּה
לְשָׁלוֹם וְאֵין טוֹב לְעֵת מַרְפֵּה וְהִנֵּה בְעָתָה׃ 16 מִדָּן נִשְׁמַע
נַחְרַת סוּסָיו מִקּוֹל מִצְהֲלוֹת אַבִּירָיו רָעֲשָׁה כָּל־הָאָרֶץ
וַיָּבוֹאוּ וַיֹּאכְלוּ אֶרֶץ וּמְלוֹאָהּ עִיר וְיֹשְׁבֵי בָהּ׃ 17 כִּי הִנְנִי מְשַׁלֵּחַ
בָּכֶם נְחָשִׁים צִפְעֹנִים אֲשֶׁר אֵין־לָהֶם לָחַשׁ וְנִשְּׁכוּ אֶתְכֶם
נְאֻם־יְהוָה׃ 18 מַבְלִיגִיתִי עֲלֵי יָגוֹן עָלַי לִבִּי דַוָּי׃ 19 הִנֵּה־
קוֹל שַׁוְעַת בַּת־עַמִּי מֵאֶרֶץ מַרְחַקִּים הַיהוָה אֵין בְּצִיּוֹן אִם־
מַלְכָּהּ אֵין בָּהּ מַדּוּעַ הִכְעִסוּנִי בִּפְסִלֵיהֶם בְּהַבְלֵי נֵכָר׃
כ עָבַר קָצִיר כָּלָה קָיִץ וַאֲנַחְנוּ לוֹא נוֹשָׁעְנוּ׃ 21 עַל־שֶׁבֶר בַּת־
עַמִּי הָשְׁבָּרְתִּי קָדַרְתִּי שַׁמָּה הֶחֱזִקָתְנִי׃ 22 הַצֳרִי אֵין בְּגִלְעָד
אִם־רֹפֵא אֵין שָׁם כִּי מַדּוּעַ לֹא עָלְתָה אֲרֻכַת בַּת־עַמִּי׃
23 מִי־יִתֵּן רֹאשִׁי מַיִם וְעֵינִי מְקוֹר דִּמְעָה וְאֶבְכֶּה יוֹמָם וָלַיְלָה
אֵת חַלְלֵי בַת־עַמִּי׃

## ט CAP. IX. ט

א מִי־יִתְּנֵנִי בַמִּדְבָּר מְלוֹן אֹרְחִים וְאֶעֶזְבָה אֶת־עַמִּי וְאֵלְכָה
מֵאִתָּם כִּי כֻלָּם מְנָאֲפִים עֲצֶרֶת בֹּגְדִים׃ 2 וַיַּדְרְכוּ אֶת־
לְשׁוֹנָם קַשְׁתָּם שֶׁקֶר וְלֹא לֶאֱמוּנָה גָּבְרוּ בָאָרֶץ כִּי מֵרָעָה
אֶל־רָעָה ׀ יָצָאוּ וְאֹתִי לֹא־יָדָעוּ נְאֻם־יְהוָה׃ 3 אִישׁ
מֵרֵעֵהוּ הִשָּׁמֵרוּ וְעַל־כָּל־אָח אַל־תִּבְטָחוּ כִּי כָל־אָח עָקוֹב

יעקב

ח v. 11. חסר א׳ v. 12. קמץ בז״ק v. 13. הפטורת ט׳ באב v. 15. ה׳ במקום א׳
v. 21. פתח באתנח ט׳ v. 2. קמץ בתביר ibid. קמץ בטרחא

11 און זיי היילען דעם בראָך פון דער טאָכטער פון מיין פאָלק גאַנץ לייכט, זאָגענדיג פריעדען, פריעדען, אָבער פריעדען איז דאָך ניטאָ!
12 זיי דאַרפען זיך שעהמען, ווייל זיי האָבען אבשייליכעס געטהאָן, אָבער ניט זיי שעהמען זיך, ניט זיי ווייסען ווי זיך צו שעהמען, דעריבער וועלען זיי פאַלען מיט די פאַלענדע אין דער צייט פון זייער אונטערזוכונג וועלען זיי געשטרויכעלט ווערען, זאָגט גאָט.
13 איך וועל זיי גענצליך פערניכטען, זאָגט גאָט, קיינע טרויבען אין דעם וויינשטאָק, קיינע פייגען אין דעם פייגענבוים, דאָס בלאַט — פערוועלקט, און איך וועל זיי מאַכען מען זאָל זיי אוועקפיהרען.
14 וואָרום זיצען מיר? פערזאַמעלט זיך און לאָמיר אריינקומען אין די פעסטע שטאָדט און דאָרט אומקומען, דען דער עוויגער אונזער גאָט האָט בעשלאָסען מיר זאָלען אומקומען, ער האָט אונז אָנגעטרונקען מיט גיפט־וואַסער, ווייל מיר האָבען געזינדיגט פאַר גאָט.
15 מען האָפט אויף פריעדען און גוטעס איז ניטאָ, אויף אַ צייט פון היילונג און עס איז גאָר שרעק.
16 פון דן ווערט געהערט דאָס שנאַרכען פון זיינע פערד, פון דער שטימע פון די הירזשעריי פון זיינע קרעפטיגע פערד ציטערט דאָס גאַנצע לאַנד, און זיי וועלען קומען און זיי וועלען פערצעהרען דאָס לאַנד און וואָס דאָרטען איז, די שטאָדט און איהרע איינוואָהנער.
17 דען איך שיק אויף אייך אַ שלאַנגען־אָטערן, וועלכע מען קען ניט בעשווערען, און זיי וועלען אייך בייסען, זאָגט גאָט.
18 איך שטאַרק מיך איבער דעם שמערץ אָבער עס ווייטאָגט אין מיר מיין האַרץ.
19 אָט הערט מען די שטימע פון דער טאָכטער פון פאָלק פון אַ ווייט לאַנד, איז דען גאָט ניטאָ אין ציון? אָדער איהר קעניג איז ניט אין איהר? וואָרום האָבען זיי מיך דערצערענט מיט זייערע געטצענבילדער, דורך די נאַרישקייט פון די פרעמדע?
20 עס איז פאַריבער די שניט־צייט, דער זומער האָט זיך געענדיגט אָבער מיר זיינען נאָך אַלץ ניט געהאָלפען געוואָרען.
21 איבער דעם בראָך פון דער טאָכטער פון פאָלק בין איך צובראָכען געוואָרען, איך בין פערשווארצט געוואָרען, אַ שרעקליכע שטוינונג האָט מיך אָנגעגריפען.
22 איז דען קיין באַלזאַם ניטאָ אין גלעד? קיין דאָקטאָר איז דאָרט ניטאָ? וואָרום איז ניט ארויפגעבראַכט געוואָרען אַ היילונג צו דער טאָכטער פון מיין פאָלק?
23 ווער וואָלט מאַכען מיין קאָפּ פול מיט וואַסער, מיינע אויגען אַ קוואַל טרעהרען, איך זאָל קענען בעוויינען טאָג און נאַכט די דערשלאָגענע פון דער טאָכטער פון מיין פאָלק.

## קאַפּיטעל ט

1 ווער וואָלט מיר געבען אין דער וויסטע אַ נאַכטלעגער פאַר דורכפאָהרער! איך וואָלט פערלאָזען מיין פאָלק און אוועק פון זיי, ווייל זיי זיינען אַלע אויסגעלאַסענע, אַ פערזאַמלונג פון טרייאַלאָזע.
2 זיי טרעטען אויס ווי אַ בויגען זייער צונג מיט פאַלשקייט, ניט דורך וואַהרהייט זיינען זיי מעכטיג אין לאַנד. נור פון שלעכטס צו שלעכטס געהען זיי אַרויס, און ווילען מיר ניט וויסען, זאָגט גאָט.
3 היט אייך איינער פון צווייטען, און פערטרויעט זיך ניט זאָגאַר אויף

4 יַעְקֹ֔ב וְכָל־רֵ֖עַ רָכִ֥יל יַהֲלֹֽךְ׃ וְאִ֤ישׁ בְּרֵעֵ֙הוּ֙ יְהָתֵ֔לּוּ וֶאֱמֶ֖ת
ה לֹ֣א יְדַבֵּ֑רוּ לִמְּד֧וּ לְשׁוֹנָ֛ם דַּבֶּר־שֶׁ֖קֶר הַעֲוֵ֥ה נִלְאֽוּ׃ שִׁבְתְּךָ֖
בְּת֣וֹךְ מִרְמָ֑ה בְּמִרְמָ֛ה מֵאֲנ֥וּ דַֽעַת־אוֹתִ֖י נְאֻם־יְהוָֽה׃
6 לָכֵ֗ן כֹּ֤ה אָמַר֙ יְהוָ֣ה צְבָא֔וֹת הִנְנִ֥י צוֹרְפָ֖ם וּבְחַנְתִּ֑ים כִּֽי־
7 אֵ֣יךְ אֶעֱשֶׂ֔ה מִפְּנֵ֖י בַּת־עַמִּֽי׃ חֵ֥ץ שׁוֹחֵ֛ט לְשׁוֹנָ֖ם מִרְמָ֣ה
דִבֵּ֑ר בְּפִ֗יו שָׁל֤וֹם אֶת־רֵעֵ֙הוּ֙ יְדַבֵּ֔ר וּבְקִרְבּ֖וֹ יָשִׂ֥ים אָרְבּֽוֹ׃
8 הַעַל־אֵ֥לֶּה לֹֽא־אֶפְקָד־בָּ֖ם נְאֻם־יְהוָ֑ה אִ֚ם בְּג֣וֹי אֲשֶׁר־כָּזֶ֔ה
9 לֹ֥א תִתְנַקֵּ֖ם נַפְשִֽׁי׃ עַל־הֶהָרִ֞ים אֶשָּׂ֧א בְכִ֣י וָנֶ֗הִי וְעַל־
נְא֤וֹת מִדְבָּר֙ קִינָ֔ה כִּ֤י נִצְּתוּ֙ מִבְּלִי־אִ֣ישׁ עֹבֵ֔ר וְלֹ֥א שָׁמְע֖וּ
י ק֣וֹל מִקְנֶ֑ה מֵע֤וֹף הַשָּׁמַ֙יִם֙ וְעַד־בְּהֵמָ֔ה נָדְד֖וּ הָלָֽכוּ׃ וְנָתַתִּ֧י
אֶת־יְרוּשָׁלִַ֛ם לְגַלִּ֖ים מְע֣וֹן תַּנִּ֑ים וְאֶת־עָרֵ֧י יְהוּדָ֛ה אֶתֵּ֥ן
11 שְׁמָמָ֖ה מִבְּלִ֥י יוֹשֵֽׁב׃ מִֽי־הָאִ֤ישׁ הֶֽחָכָם֙ וְיָבֵ֣ן אֶת־
זֹ֔את וַאֲשֶׁ֨ר דִּבֶּ֧ר פִּֽי־יְהוָ֛ה אֵלָ֖יו וְיַגִּדָ֑הּ עַל־מָה֙ אָבְדָ֣ה הָאָ֔רֶץ
12 נִצְּתָ֥ה כַמִּדְבָּ֖ר מִבְּלִ֥י עֹבֵֽר׃ וַיֹּ֣אמֶר יְהוָ֔ה עַל־עָזְבָם֙
אֶת־תּ֣וֹרָתִ֔י אֲשֶׁ֥ר נָתַ֖תִּי לִפְנֵיהֶ֑ם וְלֹא־שָׁמְע֥וּ בְקוֹלִ֖י וְלֹא־
13 הָ֥לְכוּ בָֽהּ׃ וַיֵּ֣לְכ֔וּ אַחֲרֵ֖י שְׁרִר֣וּת לִבָּ֑ם וְאַחֲרֵי֙ הַבְּעָלִ֔ים
14 אֲשֶׁ֥ר לִמְּד֖וּם אֲבוֹתָֽם׃ לָכֵ֗ן כֹּֽה־אָמַ֞ר יְהוָ֤ה צְבָאוֹת֙
אֱלֹהֵ֣י יִשְׂרָאֵ֔ל הִנְנִ֧י מַאֲכִילָ֛ם אֶת־הָעָ֥ם הַזֶּ֖ה לַעֲנָ֑ה
טו וְהִשְׁקִיתִ֖ים מֵי־רֹֽאשׁ׃ וַהֲפִֽיצוֹתִים֙ בַּגּוֹיִ֔ם אֲשֶׁר֙ לֹ֣א יָֽדְע֔וּ
הֵ֖מָּה וַאֲבוֹתָ֑ם וְשִׁלַּחְתִּ֤י אַֽחֲרֵיהֶם֙ אֶת־הַחֶ֔רֶב עַ֖ד כַּלּוֹתִ֥י
16 אוֹתָֽם׃ כֹּ֤ה אָמַר֙ יְהוָ֣ה צְבָא֔וֹת הִֽתְבּוֹנְנ֛וּ וְקִרְא֥וּ
לַמְקוֹנְנ֖וֹת וּתְבוֹאֶ֑ינָה וְאֶל־הַחֲכָמ֥וֹת שִׁלְח֖וּ וְתָבֽוֹאנָה׃
17 וּתְמַהֵ֕רְנָה וְתִשֶּׂ֥נָה עָלֵ֖ינוּ נֶ֑הִי וְתֵרַ֤דְנָה עֵינֵ֙ינוּ֙ דִּמְעָ֔ה
18 וְעַפְעַפֵּ֖ינוּ יִזְּלוּ־מָֽיִם׃ כִּ֣י ק֥וֹל נְהִ֛י נִשְׁמַ֥ע מִצִּיּ֖וֹן אֵ֣יךְ שֻׁדָּ֑דְנוּ
19 בֹּ֤שְׁנוּ מְאֹד֙ כִּֽי־עָזַ֣בְנוּ אָ֔רֶץ כִּ֥י הִשְׁלִ֖יכוּ מִשְׁכְּנוֹתֵֽינוּ׃ כִּֽי־
שְׁמַ֤עְנָה נָשִׁים֙ דְּבַר־יְהוָ֔ה וְתִקַּ֥ח אָזְנְכֶ֖ם דְּבַר־פִּ֑יו וְלַמֵּ֤דְנָה
כ בְנֽוֹתֵיכֶם֙ נֶ֔הִי וְאִשָּׁ֥ה רְעוּתָ֖הּ קִינָֽה׃ כִּי־עָ֤לָה מָ֙וֶת֙ בְּחַלּוֹנֵ֔ינוּ



v. 4. הל׳ דגושה   v. 7. שוחט ק׳   v. 17. חסר א׳   v. 18. קמץ ת״ק

א ברודער, ווייל יעדער ברודער בעטריגט אימער און יעדער פריינד געהט אום מיט פערליימדונג.

4 איינער מאכט שפאס איבער דעם אנדערן, קיין וואהרהייט רעדען זיי ניט, זיי האָבען געוועהנט זייער צונג צו רעדען פאַלש און מיהען זיך פערקעהרט צו האנדלען.

5 דו וואָהנסט צווישען בעטרוג, אוים בעטרוג ווילען זיי מיך ניט קענען, זאָגט גאָט.

6 דעריבער, זאָגט גאָט דער הערשאַפּטען, איך וועל זיי לייטערן און פּרו־בירען, דען ווי דען זאָל איך טהאָן פאר די זינד פון מיין פאָלק ?

7 א טויטענדער פייל איז זייער צונג, עס רעדט בעטרוג, מיט זיין מויל רעדט ער פריעדען מיט זיין פריינד, און אין הארצען לויערט ער פאר איהם.

8 זאָל איך פאר דיעזע ניט בעשטראפען זיי ? זאָגט גאָט, אָדער זאָל איך ניט נעהמען קיין ראכע פון אזא פאָלק ?

9 אויף די בערג וועל איך אויפהויבען א געוויין און א יאָמער, און אויף די ווידע־פּלעצער פון דער וויסטע — א טרויער־ליעד, ווייל זיי זיינען פערוויסט געוואָרען, קיין מענש געהט ניט דורך דאָרט, מען הערט מעהר ניט די שטימע פון פיה, ווייל די פויגעל פון הימעל אזוי אויך די פיה זיינען אוועקגעוואנדערט און אוועקגעגאנגען.

10 און אויך פון ירושלים וועל איך מאכען א שטיין־הויפען, א וואָהנונג פון שלאנגען, און די שטעדט פון יהודה וועל איך מאכען וויסט אָהנע איינוואָהנער.

11 ווער איז דער קלוגער מאן, וואס זאָל דאָס פערשטעהן ? און צו וועמען האָט גאָטעס מויל גערעדט — און ער זאָל עס זאָגען ? ווארום געהט דאָס לאנד צוגרונד, צושטערט ווי א וויסטע אָהנע דורכגעהער.

12 און גאָט האָט געזאָגט, ווייל זיי האָבען פערלאָזען מיין לעהרע, וועלכע איך האָב פאר זיי געגעבען און מיין שטימע האָבען זיי ניט געהערט, און זיי זיינען ניט געגאנגען אין איהר (אין מיין לעהרע).

13 און זיינען געגאנגען נאָך דער שטרעבונג פון זייער הארצען און נאָך די בעלים, וואָס זייערע עלטערן האָבען זיי געלערענט.

14 דעריבער האָט אזוי געזאָגט דער עוויגער פון די הערשאַפּטען, דער גאָט פון ישראל : איך וועל זיי, דיעזעס פאָלק, מאכען צו עסען ביטער גראָז און וועל זיי מאכען צו טרינקען גיפטיג וואסער.

15 און וועל זיי פערשפּרייטען צווישען די פעלקער וואָס ניט זיי און ניט זייערע עלטערן האָבען געקענט, און וועל שיקען דאָס שווערד נאָך זיי ביז איך וועל זיי פערניכטען.

16 אזוי האָט געזאָגט גאָט דער הערשאַפּטען : בעאָבאכטעט און רופט די קלאָגערינס זיי זאָלען קומען און נאָך די קלוגע [פרויען] שיקט און זיי זאָלען קומען.

17 און זיי זאָלען זיך איילען און אויפהויבען אויף אונז א קלאָג־ליעד, אז אונזערע אויגען זאָלען פליסען טרעהרען און אונזערע ברעמען זאָלען רינען וואסער.

18 דען א קלאג שטימע ווערט געהערט פון ציון : ווי צורויבט זיינען מיר געוואָרען ! מיר זיינען זעהר פערשעהמט געוואָרען, דען מיר האָבען פערלאָזען דאָס לאנד, זיי האָבען אונזערע וואָהנונגען ניעדערגע־וואָרפען.

19 דען הערט, איהר פרויען, גאָטעס וואָרט, און אייערע אויערן זאָלען אויפ־נעהמען דאָס וואָרט פון זיין מויל. און לערנט אייערע טעכטער א קלאָג־ליעד, און איינע דער צווייטער — א טרויער־געזאנג.

בָּא בְּאַרְמְנוֹתֵינוּ לְהַכְרִית עוֹלָל מִחוּץ בַּחוּרִים מֵרְחֹבוֹת׃
21 דַּבֵּר כֹּה נְאֻם־יְהוָה וְנָפְלָה נִבְלַת הָאָדָם כְּדֹמֶן עַל־פְּנֵי
הַשָּׂדֶה וּכְעָמִיר מֵאַחֲרֵי הַקֹּצֵר וְאֵין מְאַסֵּף׃ 22 כֹּה ׀ אָמַר
יְהוָה אַל־יִתְהַלֵּל חָכָם בְּחָכְמָתוֹ וְאַל־יִתְהַלֵּל הַגִּבּוֹר
בִּגְבוּרָתוֹ אַל־יִתְהַלֵּל עָשִׁיר בְּעָשְׁרוֹ׃ 23 כִּי אִם־בְּזֹאת יִתְהַלֵּל
הַמִּתְהַלֵּל הַשְׂכֵּל וְיָדֹעַ אוֹתִי כִּי אֲנִי יְהוָה עֹשֶׂה חֶסֶד מִשְׁפָּט
וּצְדָקָה בָּאָרֶץ כִּי־בְאֵלֶּה חָפַצְתִּי נְאֻם־יְהוָה׃ * 24 הִנֵּה
יָמִים בָּאִים נְאֻם־יְהוָה וּפָקַדְתִּי עַל־כָּל־מוּל בְּעָרְלָה׃ כה עַל־
מִצְרַיִם וְעַל־יְהוּדָה וְעַל־אֱדוֹם וְעַל־בְּנֵי עַמּוֹן וְעַל־מוֹאָב
וְעַל כָּל־קְצוּצֵי פֵאָה הַיֹּשְׁבִים בַּמִּדְבָּר כִּי כָל־הַגּוֹיִם עֲרֵלִים
וְכָל־בֵּית יִשְׂרָאֵל עַרְלֵי־לֵב׃

## CAP. X. י

שִׁמְעוּ אֶת־הַדָּבָר אֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה עֲלֵיכֶם בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ א
2 כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה אֶל־דֶּרֶךְ הַגּוֹיִם אַל־תִּלְמָדוּ וּמֵאֹתוֹת
3 הַשָּׁמַיִם אַל־תֵּחָתּוּ כִּי־יֵחַתּוּ הַגּוֹיִם מֵהֵמָּה׃ כִּי־חֻקּוֹת
הָעַמִּים הֶבֶל הוּא כִּי־עֵץ מִיַּעַר כְּרָתוֹ מַעֲשֵׂה יְדֵי־חָרָשׁ
4 בַּמַּעֲצָד׃ בְּכֶסֶף וּבְזָהָב יְיַפֵּהוּ בְּמַסְמְרוֹת וּבְמַקָּבוֹת
ה יְחַזְּקוּם וְלוֹא יָפִיק׃ כְּתֹמֶר מִקְשָׁה הֵמָּה וְלֹא יְדַבֵּרוּ
נָשׂוֹא יִנָּשׂוּא כִּי־לֹא יִצְעָדוּ אַל־תִּירְאוּ מֵהֶם כִּי־לֹא יָרֵעוּ
6 וְגַם־הֵיטֵיב אֵין אוֹתָם׃ מֵאֵין כָּמוֹךָ יְהוָה גָּדוֹל
7 אַתָּה וְגָדוֹל שִׁמְךָ בִּגְבוּרָה׃ מִי לֹא יִרָאֲךָ מֶלֶךְ הַגּוֹיִם
כִּי לְךָ יָאָתָה כִּי בְכָל־חַכְמֵי הַגּוֹיִם וּבְכָל־מַלְכוּתָם מֵאֵין
8 כָּמוֹךָ׃ וּבְאַחַת יִבְעֲרוּ וְיִכְסָלוּ מוּסַר הֲבָלִים עֵץ הוּא׃
9 כֶּסֶף מְרֻקָּע מִתַּרְשִׁישׁ יוּבָא וְזָהָב מֵאוּפָז מַעֲשֵׂה חָרָשׁ
וִידֵי צוֹרֵף תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן לְבוּשָׁם מַעֲשֵׂה חֲכָמִים כֻּלָּם׃
י וַיהוָה אֱלֹהִים אֱמֶת הוּא־אֱלֹהִים חַיִּים וּמֶלֶךְ עוֹלָם מִקִּצְפּוֹ
11 תִּרְעַשׁ הָאָרֶץ וְלֹא־יָכִלוּ גוֹיִם זַעְמוֹ׃ כִּדְנָה תֵּאמְרוּן

לְהוֹם

ט׳ v. 23. למתהאו ומשפט ibid. עד כאן י׳ v. 2. קמץ מ״ק v. 5. כצ״ל

20 דען דער טויט איז געשטיגען אין אונזערע פענסטער, אריינגעקומען אין אונזערע פּאַלאַצען, צו צושניידען דאָס קינד פון גאַס, די יונגע לייט פון די שטראַסען.
21 רייד, אַזוי זאָגט גאָט, עס וועט פאַלען טוידט דער מענשען־קערפּער ווי מיסט אויפ'ן פעלד, ווי אַ גאַרב הינטער דעם שניטער, און קיינער וועט ניט אויפזאַמלען.
22 אַזוי האָט געזאָגט גאָט, דער קלוגער זאָל זיך ניט ריהמען מיט זיין קלוג־שאַפט און דער שטאַרקער זאָל זיך ניט ריהמען מיט זיין שטאַרקייט, און דער רייכער זאָל זיך ניט ריהמען מיט זיין רייכקייט.
23 זאָנדערען דערמיט זאָל זיך ריהמען דער וואָס וויל זיך ריהמען, וואָס ער פערשטעהט און קען מיך אַז איך בין גאָט, וועלכער טהוט גנאָדע, רעכט און גערעכטיגקייט אויף דער ערד, ווייל נור דיזעס איז מיין בעגעהר, זאָגט גאָט.
24 נון, עס קומען טעג, זאָגט גאָט, און איך וועל בעזוכען די בעשניטענע ווי די אונבעשניטענע.
25 אויף מצרים, יהודה, אדם און אויף די זיהן פון עמון און מואָב און אויף אַלע געשאָרענע לאַקען, וועלכע וואָהנען אין דער וויסטע, דען דיזע אַלע פעלקער זיינען אונבעשניטענע און דאָס גאַנצע הויז ישראל איז מיט איין אונבעשניטען האַרץ.

## קאַפּיטעל י

1 הערט צו דאָס וואָרט, וואָס גאָט האָט גערעדט וועגען אייך, הויז־ישראל.
2 אַזוי האָט גאָט געזאָגט : לערענט ניט דעם וועג פון די פעלקער, שרעקט זיך ניט פאַר די הימעלס־צייכענס, דען נאָר די פעלקער שרעקען זיך פאַר זיי.
3 דען די געזעצע פון די פעלקער זיינען נאַרישקייט, דען האָלץ אויסגע־האַקט פון וואַלד איז עס, עס איז די אַרבייט פון דעם מייסטערס הענד מיט אַ האַק.
4 מיט זילבער און מיט גאָלד פערציערט מען עס, מיט נעגעל און מיט אַ האַמער בעפעסטיגט מען עס, עס זאָל זיך ניט שאָקלען.
5 ווי אַ געהאַמערטער זייל זיינען זיי, זיי קענען ניט רעדען, מען דאַרף זיי אימער טראָגען, ווייל זיי קענען אַליין ניט טרעטען, פירכטעט ניט פאַר זיי, ווייל זיי קענען ניט שאַדען און אויך גוטעס טהאָן זיינען זיי ניט אין שטאַנד.
6 קיינער איז גלייך צו דיר, גאָט ! דו ביזט גרויס און גרויס איז דיין נאָ־מען דורך מאַכט.
7 ווער זאָל זיך ניט פירכטען פאַר דיר, קעניג פון די פעלקער, דען דיר געהערט עס, דען צווישען אַלע קלוגע פון די פעלקער און אין אַלע קע־ניגרייכען איז קיינער דיר גלייך.
8 שוין אין דעם איינציגען זיינען זיי נאַריש און דום, עס איז אַ נאַרישע לעהרע, עס איז דאָך נאָר האָלץ !
9 אויסגעצווינגענער זילבער ווערט געבראַכט פון תרשיש און גאָלד פון אופז, קינסטלער אַרבייט פון די הענד פון גאָלד־שמיעד, הימעל־בלוי און פורפּור איז זייער קלייד, ווערק פון קלוגע זיינען זיי אַלע.
10 אָבער דער עוויגער איז אַ גאָט פון וואָהרהייט, ער איז אַ לעבעדיגער גאָט און אַ קעניג דער עוויגקייט, פאַר זיין צאָרן ציטערט די ערד, און פעלקער קענען ניט פערטראָגען זיין גרימצאָרן.

לֶהֱוֹם אֱלָהַיָּא דִּי־שְׁמַיָּא וְאַרְקָא לָא עֲבַדוּ יֵאבַדוּ מֵאַרְעָא

12 וּמִן־תְּחוֹת שְׁמַיָּא אֵלֶּה׃ עֹשֵׂה אֶרֶץ בְּכֹחוֹ מֵכִין

13 תֵּבֵל בְּחָכְמָתוֹ וּבִתְבוּנָתוֹ נָטָה שָׁמָיִם׃ לְקוֹל תִּתּוֹ הֲמוֹן
מַיִם בַּשָּׁמַיִם וַיַּעֲלֶה נְשִׂאִים מִקְצֵה אֶרֶץ בְּרָקִים לַמָּטָר

14 עָשָׂה וַיּוֹצֵא רוּחַ מֵאֹצְרֹתָיו׃ נִבְעַר כָּל־אָדָם מִדַּעַת
הֹבִישׁ כָּל־צוֹרֵף מִפָּסֶל כִּי שֶׁקֶר נִסְכּוֹ וְלֹא־רוּחַ בָּם׃

טו 16 הֶבֶל הֵמָּה מַעֲשֵׂה תַּעְתֻּעִים בְּעֵת פְּקֻדָּתָם יֹאבֵדוּ׃ לֹא־
כְאֵלֶּה חֵלֶק יַעֲקוֹב כִּי־יוֹצֵר הַכֹּל הוּא וְיִשְׂרָאֵל שֵׁבֶט

17 נַחֲלָתוֹ יְהוָה צְבָאוֹת שְׁמוֹ׃ אִסְפִּי מֵאֶרֶץ כִּנְעָתֵךְ

18 יוֹשֶׁבֶתִי בַּמָּצוֹר׃ כִּי־כֹה אָמַר יְהוָה הִנְנִי קוֹלֵעַ
אֶת־יוֹשְׁבֵי הָאָרֶץ בַּפַּעַם הַזֹּאת וַהֲצֵרוֹתִי לָהֶם לְמַעַן יִמְצָאוּ׃

19 אוֹי־לִי עַל־שִׁבְרִי נַחְלָה מַכָּתִי וַאֲנִי אָמַרְתִּי אַךְ

כ זֶה חֳלִי וְאֶשָּׂאֶנּוּ׃ אָהֳלִי שֻׁדָּד וְכָל־מֵיתָרַי נִתָּקוּ בָּנַי יְצָאֻנִי

21 וְאֵינָם אֵין־נֹטֶה עוֹד אָהֳלִי וּמֵקִים יְרִיעוֹתָי׃ כִּי נִבְעֲרוּ
הָרֹעִים וְאֶת־יְהוָה לֹא דָרָשׁוּ עַל־כֵּן לֹא הִשְׂכִּילוּ וְכָל־

22 מַרְעִיתָם נְפוֹצָה׃ קוֹל שְׁמוּעָה הִנֵּה בָאָה וְרַעַשׁ גָּדוֹל
מֵאֶרֶץ צָפוֹן לָשׂוּם אֶת־עָרֵי יְהוּדָה שְׁמָמָה מְעוֹן תַּנִּים׃

23 יָדַעְתִּי יְהוָה כִּי לֹא לָאָדָם דַּרְכּוֹ לֹא־לְאִישׁ הֹלֵךְ וְהָכִין

24 אֶת־צַעֲדוֹ׃ יַסְּרֵנִי יְהוָה אַךְ בְּמִשְׁפָּט אַל־בְּאַפְּךָ פֶּן

כה תַּמְעִטֵנִי׃ שְׁפֹךְ חֲמָתְךָ עַל־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר לֹא־יְדָעוּךָ וְעַל
מִשְׁפָּחוֹת אֲשֶׁר בְּשִׁמְךָ לֹא קָרָאוּ כִּי־אָכְלוּ אֶת־יַעֲקֹב
וַאֲכָלֻהוּ וַיְכַלֻּהוּ וְאֶת־נָוֵהוּ הֵשַׁמּוּ׃

## CAP. XI. יא

יא

א 2 הַדָּבָר אֲשֶׁר הָיָה אֶל־יִרְמְיָהוּ מֵאֵת יְהוָה לֵאמֹר׃ שִׁמְעוּ
אֶת־דִּבְרֵי הַבְּרִית הַזֹּאת וְדִבַּרְתָּם אֶל־אִישׁ יְהוּדָה וְעַל־

3 יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִָם׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי
יִשְׂרָאֵל אָרוּר הָאִישׁ אֲשֶׁר לֹא יִשְׁמַע אֶת־דִּבְרֵי הַבְּרִית

הזאת

v. 12 פתח באתנח  v. 13 הארץ ק  v. 17 יושבת ק  v. 18 מלעיל  v. 20 קמץ בז״ק

11 זאָגט צו זיי אַזוי: די געטער וועלכע האָבען הימעל און ערד ניט בעשאַפען, וועלען פערלאָרען ווערען פון דער ערד און פון אונטער דיעזע הימלען.
12 ער האָט געמאַכט די ערד מיט זיין קראַפט, בעפעסטיגט די וועלט מיט זיין קלוגהייט און אויסגעשפּרייט די הימלען מיט זיין פערשטאַנד.
13 ביי זיין געבען די דונער־שטימע, ווערט אַ גערויש פון וואַסער ביז'ן הימעל, ער ברענגט אַרויף די וואָלקענס פון עק וועלט, מאַכט בליטצען צום רעגען, לאָזט ארויס דעם ווינד פון זיינע בעהעלטעניסען.
14 נאַריש איז געוואָרען יעדער מענש פון [אַזאַ] וויסענשאַפט, יעדער גאָלד־שמיעד איז צו שאַנדע געוואָרען דורך דעם געשניצטען בילד, דען פאַלש איז זיין געגאָסען־געטץ, עס איז אין זיי קיין גייסט ניטאָ.
15 זיי זיינען גאָרניט, אַ ווערק פון בעטרוג, אין דער צייט פון זייער אונטערזוכונג וועלען זיי פערלאָהרען געהן.
16 ניט ווי דיעזע איז יעקב'ס טהייל, דען ער איז דער בעשעפער פון אַלעס און ישראל איז דער שטאַם פון זיין ערבטהייל, גאָט דער הערשאַפטען איז זיין נאָמען.
17 ברײנג צוזאַמען דיינע געפּעק פון לאַנד, דו בעוואָהנערין פון פעסטונג.
18 דען אַזוי האָט גאָט געזאָגט, איך וועל פערוואַרפען די איינוואָהנער פון דעם לאַנד דיעזען מאָל, איך וועל זיי ענג מאַכען, אום זיי זאָלען עס אויס געפינען.
19 וועה צו מיר אויף מיין בראָך, שמערצליך איז מיין וואונד, און איך האָב געדענקט אַז דאָס איז נאָר איין (איבערגאַנגס) קראַנקהייט, איך וועל עס אויסהאַלטען.
20 מיין געצעלט איז בערויבט, אַלע מיינע געצעלט־שטריק זיינען אָבגעריסען, מיינע קינדער זיינען אַוועק פון מיר און זיינען ניטאָ, קיינער שפּרייט מעהר ניט אויס מיין געצעלט, און שטעלט ניט אויף מיינע פאָרהאַנגען.
21 דען די הירטען זיינען געוועזען פערנאַרישט, האָבען ניט געפאָרשט גאָט, דאַרום האָבען זיי ניט קלוג געהאַנדעלט און זייער גאַנצע הערדע איז צושפּרייט.
22 אַ שטימע לאָזט זיך הערען, זעה עס קומט אָן אַ גרויסער טומעל פון דעם לאַנד פון נאָרד זייט, אום וויסט צו מאַכען די שטעדט פון יהודה אין אַ וואָהנונג פון שלאַנגען.
23 איך וויים, אָה גאָט, אַז ניט פאַר אַ מענשען איז [צו פערשטעהן] זיין וועג, ניט פאַר אַ מענשען איז צו געהן און בעפעסטיגען זיינע טריט.
24 שטראָף מיך גאָט אָבער נאָר דורך געריכט, ניט מיט דיין צאָרן, אום דו זאָלסט מיך ניט מאַכען גאָר קליין.
25 גיס אויס דיין צאָרן אויף די נאַציאָנען וואָס ווילען דיך ניט קענען און אויף די פאַמיליען, וואָס רופען זיך ניט אין דיין נאָמען, דען זיי האָבען דערשלאָגען יעקב'ן, זיי האָבען איהם דערשלאָגען, פערניכטעט און צושטערט זיינע וואָהנונגען.

## קאַפּיטעל יא

1 דאָס וואָרט, וואָס איז געוועזען צו ירמיהו פון גאָט אַזוי צו זאָגען:
2 הערט די ווערטער פון דיעזען בונד און איהר זאָלט רעדען צו די מענער פון יהודה און צו די איינוואָהנער פון ירושלים.
3 און דו זאָלסט זאָגען צו זיי, אַזוי האָט געזאָגט דער עוויגער, דער גאָט פון ישראל: פערפלוכט וועט זיין דער מענש וואָס וועט ניט הערען די ווערטער פון דיעזען בונד.

הַזֹּאת׃ אֲשֶׁר צִוִּיתִי אֶת־אֲבוֹתֵיכֶם בְּיוֹם הוֹצִיאִֽי־אוֹתָם 4
מֵאֶֽרֶץ־מִצְרַיִם מִכּוּר הַבַּרְזֶל לֵאמֹר שִׁמְעוּ בְקוֹלִי וַעֲשִׂיתֶם
אוֹתָם כְּכֹל אֲשֶׁר־אֲצַוֶּה אֶתְכֶם וִהְיִיתֶם לִי לְעָם וְאָנֹכִי
אֶהְיֶה לָכֶם לֵאלֹהִים׃ לְמַעַן הָקִים אֶת־הַשְּׁבוּעָה אֲשֶׁר־ ה
נִשְׁבַּעְתִּי לַאֲבוֹתֵיכֶם לָתֵת לָהֶם אֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדְבַשׁ
כַּיּוֹם הַזֶּה וָאַעַן וָאֹמַר אָמֵן ׀ יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה 6
אֵלַי קְרָא אֶת־כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה בְּעָרֵי יְהוּדָה וּבְחֻצוֹת
יְרוּשָׁלַםִ לֵאמֹר שִׁמְעוּ אֶת־דִּבְרֵי הַבְּרִית הַזֹּאת וַעֲשִׂיתֶם
אוֹתָם׃ כִּי הָעֵד הַעִדֹתִי בַּאֲבוֹתֵיכֶם בְּיוֹם הַעֲלוֹתִי אוֹתָם 7
מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם עַד־הַיּוֹם הַזֶּה הַשְׁכֵּם וְהָעֵד לֵאמֹר שִׁמְעוּ
בְּקוֹלִי׃ וְלֹא שָׁמְעוּ וְלֹא־הִטּוּ אֶת־אָזְנָם וַיֵּלְכוּ אִישׁ 8
בִּשְׁרִירוּת לִבָּם הָרָע וָאָבִיא עֲלֵיהֶם אֶת־כָּל־דִּבְרֵי הַבְּרִית־
הַזֹּאת אֲשֶׁר־צִוִּיתִי לַעֲשׂוֹת וְלֹא עָשׂוּ׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה 9
אֵלַי נִמְצָא־קֶשֶׁר בְּאִישׁ יְהוּדָה וּבְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלָםִ׃ שָׁבוּ י
עַל־עֲוֺנֹת אֲבוֹתָם הָרִאשֹׁנִים אֲשֶׁר מֵאֲנוּ לִשְׁמוֹעַ אֶת־
דְּבָרַי וְהֵמָּה הָלְכוּ אַחֲרֵי אֱלֹהִים אֲחֵרִים לְעָבְדָם הֵפֵרוּ
בֵית־יִשְׂרָאֵל וּבֵית יְהוּדָה אֶת־בְּרִיתִי אֲשֶׁר כָּרַתִּי אֶת־
אֲבוֹתָם׃ לָכֵן כֹּה אָמַר יְהוָה הִנְנִי מֵבִיא אֲלֵיהֶם 11
רָעָה אֲשֶׁר לֹא־יוּכְלוּ לָצֵאת מִמֶּנָּה וְזָעֲקוּ אֵלַי וְלֹא
אֶשְׁמַע אֲלֵיהֶם׃ וְהָלְכוּ עָרֵי יְהוּדָה וְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלַםִ 12
וְזָעֲקוּ אֶל־הָאֱלֹהִים אֲשֶׁר הֵם מְקַטְּרִים לָהֶם וְהוֹשֵׁעַ לֹא־
יוֹשִׁיעוּ לָהֶם בְּעֵת רָעָתָם׃ כִּי מִסְפַּר עָרֶיךָ הָיוּ אֱלֹהֶיךָ 13
יְהוּדָה וּמִסְפַּר חֻצוֹת יְרוּשָׁלַםִ שַׂמְתֶּם מִזְבְּחוֹת לַבֹּשֶׁת
מִזְבְּחוֹת לְקַטֵּר לַבָּעַל׃ וְאַתָּה אַל־תִּתְפַּלֵּל בְּעַד־ 14
הָעָם הַזֶּה וְאַל־תִּשָּׂא בַעֲדָם רִנָּה וּתְפִלָּה כִּי ׀ אֵינֶנִּי שֹׁמֵעַ
בְּעֵת קָרְאָם אֵלַי בְּעַד רָעָתָם׃ מֶה לִידִידִי בְּבֵיתִי טו
עֲשׂוֹתָהּ הַמְזִמָּתָה הָרַבִּים וּבְשַׂר־קֹדֶשׁ יַעַבְרוּ מֵעָלָיִךְ כִּי

רעתכי

מלעיל v. 10.

4 וואָס איך האָב אייערע עלטערען פאַרזאָגט אין דעם טאָג, ווען איך האָב זיי ארויסגעפיהרט פון לאַנד מצרים, פון אייזערנעם גיס־אויווען, זאָגענ־דיג: הערט צו מיין שטימע און טהוט אַלעס וואָס איך וועל אייך הייסען און דאַן וועט איהר זיין מיין פאָלק און איך וועל זיין אייער גאָט.

5 אום איך זאָל ערפילען די שבועה וואָס איך האָב געשוואָרען צו אייערע עלטערען, צו געבען זיי אַ לאַנד וואָס פליעסט מילך און האָניג, ווי עס איז נאָך היינטיגען טאָג, און איך האָב געענטפערט און געזאָגט אמן, אָה, גאָט!

6 און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: רוף אויס אַלע דיעזע ווערטער אין די שטעדט פון יהודה און אין די גאַסען פון ירושלים אַזוי צו זאָגען: הערט צו די ווערטער פון דיעזען בונד און איהר זאָלט זיי טהאָן.

7 דען איך האָב שטאַרק געוואַרענט אייערע עלטערען אין דעם טאָג וואָס איך האָב זיי ארויסגעפיהרט פון לאַנד מצרים ביז אויף דיעזען טאָג, איך האָב יעדען פריה מאָרגען געוואַרענט זאָגענדיג: „הערט צו מיין שטימע!"

8 אָבער זיי האָבען ניט געהערט און האָבען ניט גענייגט זייער אויער, און יעדערער איז געגאַנגען נאָך דער שטרעבונג פון זייער שלעכטס הארץ, און דארום וועל איך ברענגען אויף זיי אַלע ווערטער פון דיעזען בונד, וועל־כען איך האָב געהייסען האַלטען און זיי האָבען ניט געהאַלטען.

9 און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: אַ פערשווערונג געפינט זיך אונטער די מענשען פון יהודה און די איינוואָהנער פון ירושלים.

10 זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט צו די אמאָליגע זינד פון זייערע עלטערן, וועלכע האָבען ניט געוואָלט הערען מיינע רייד, און זיי זיינען געגאַנ־גען נאָך אנדערע געטער אום זיי צו דיענען, דאָס הויז ישראל און הויז יהודה האָבען צושטערט מיין בונד [אָבמאַך] וואָס איך האָב אָבגע־מאַכט מיט זייערע עלטערן.

11 דארום, האָט אַזוי געזאָגט גאָט, איך וועל ברענגען אויף זיי אונגליק, וואָס זיי וועלען ניט קענען פון איהר ארויס, און זיי וועלען שרייען צו מיר, אָבער איך וועל זיי ניט הערען.

12 און דאַן וועלען געהען די שטעדט פון יהודה און די איינוואָהנער פון ירושלים שרייען צו די געטער צו וועלכע זיי רייכערן, אָבער זיי וועלען זיי ניט קענען העלפען אין דער צייט פון זייער אונגליק.

13 דען וויפיעל שטעדט, אַזוי פיעל געטער זיינען אין יהודה, וויפיעל גאַסען ירושלים האָט, אַזוי פיעל אַלטאַרען האָט איהר געמאַכט צו די שענדליכע געצען, אַלטאַרען צו רויכערען צו בעל.

14 און דו זאָלסט ניט בעטען פאַר דיעזען פאָלק, און זאָלסט ניט אויפהוי־בען פאַר זיי אַ געשריי און געבעט, ווייל איך הער זיך ניט צו, ווען זיי רופען צו מיר וועגען זייער אונגליק.

15 וואָס האָט מיין ליעבלינג אין מיין הויז צו טהאָן, ווען זי פיהרט אויס איהרע פיעלע שענדליכע געדאַנקען? דאָס הייליג פלייש איז אַוועק פון דיר, נאָר ווען דו טהוסט שלעכטס דאַן פרעהסטו זיך.

16 רָעָתֵכִי אָז תַּעֲלֹזִי׃ זַיִת רַעֲנָן יְפֵה פְרִי־תֹאַר קָרָא יְהוָה
שְׁמֵךְ לְקוֹל ׀ הֲמוּלָּה גְדֹלָה הִצִּית אֵשׁ עָלֶיהָ וְרָעוּ דָּלִיּוֹתָיו׃
17 וַיהוָה צְבָאוֹת הַנּוֹטֵעַ אוֹתָךְ דִּבֶּר עָלַיִךְ רָעָה בִּגְלַל רָעַת
בֵּית־יִשְׂרָאֵל וּבֵית יְהוּדָה אֲשֶׁר עָשׂוּ לָהֶם לְהַכְעִסֵנִי לְקַטֵּר
18 לַבָּעַל׃ וַיהוָה הוֹדִיעַנִי וָאֵדָעָה אָז הִרְאִיתַנִי מַעַלְלֵיהֶם׃
19 וַאֲנִי כְּכֶבֶשׂ אַלּוּף יוּבַל לִטְבוֹחַ וְלֹא־יָדַעְתִּי כִּי־עָלַי ׀
חָשְׁבוּ מַחֲשָׁבוֹת נַשְׁחִיתָה עֵץ בְּלַחְמוֹ וְנִכְרְתֶנּוּ מֵאֶרֶץ
כ חַיִּים וּשְׁמוֹ לֹא־יִזָּכֵר עוֹד׃ וַיהוָה צְבָאוֹת שֹׁפֵט
צֶדֶק בֹּחֵן כְּלָיוֹת וָלֵב אֶרְאֶה נִקְמָתְךָ מֵהֶם כִּי אֵלֶיךָ גִּלִּיתִי
21 אֶת־רִיבִי׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה עַל־אַנְשֵׁי עֲנָתוֹת
הַמְבַקְשִׁים אֶת־נַפְשְׁךָ לֵאמֹר לֹא תִנָּבֵא בְּשֵׁם יְהוָה וְלֹא
22 תָמוּת בְּיָדֵנוּ׃ לָכֵן כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת הִנְנִי פֹקֵד
עֲלֵיהֶם הַבַּחוּרִים יָמֻתוּ בַחֶרֶב בְּנֵיהֶם וּבְנוֹתֵיהֶם יָמֻתוּ
23 בָּרָעָב׃ וּשְׁאֵרִית לֹא תִהְיֶה לָהֶם כִּי־אָבִיא רָעָה אֶל־אַנְשֵׁי
עֲנָתוֹת שְׁנַת פְּקֻדָּתָם׃

## CAP. XII. יב

א צַדִּיק אַתָּה יְהוָה כִּי אָרִיב אֵלֶיךָ אַךְ מִשְׁפָּטִים אֲדַבֵּר
אוֹתָךְ מַדּוּעַ דֶּרֶךְ רְשָׁעִים צָלֵחָה שָׁלוּ כָּל־בֹּגְדֵי בָגֶד׃
2 נְטַעְתָּם גַּם־שֹׁרָשׁוּ יֵלְכוּ גַּם־עָשׂוּ פֶרִי קָרוֹב אַתָּה בְּפִיהֶם
3 וְרָחוֹק מִכִּלְיוֹתֵיהֶם׃ וְאַתָּה יְהוָה יְדַעְתָּנִי תִּרְאֵנִי וּבָחַנְתָּ
לִבִּי אִתָּךְ הַתִּקֵם כְּצֹאן לְטִבְחָה וְהַקְדִּשֵׁם לְיוֹם הֲרֵגָה׃
4 עַד־מָתַי תֶּאֱבַל הָאָרֶץ וְעֵשֶׂב כָּל־הַשָּׂדֶה יִיבָשׁ
מֵרָעַת יֹשְׁבֵי־בָהּ סָפְתָה בְהֵמוֹת וָעוֹף כִּי אָמְרוּ לֹא יִרְאֶה
ה אֶת־אַחֲרִיתֵנוּ׃ כִּי אֶת־רַגְלִים ׀ רַצְתָּה וַיַּלְאוּךָ וְאֵיךְ תְּתַחֲרֶה
אֶת־הַסּוּסִים וּבְאֶרֶץ שָׁלוֹם אַתָּה בוֹטֵחַ וְאֵיךְ תַּעֲשֶׂה
6 בִּגְאוֹן הַיַּרְדֵּן׃ כִּי גַם־אַחֶיךָ וּבֵית־אָבִיךָ גַּם־הֵמָּה בָּגְדוּ
בָךְ גַּם־הֵמָּה קָרְאוּ אַחֲרֶיךָ מָלֵא אַל־תַּאֲמֵן בָּם כִּי־יְדַבְּרוּ
אליך

ריא v. 16. דגש אחר שורק

16 א גרינער איילבערט בוים מיט שעהנע פיינע פרוכט האָט גאָט דיין נאָמען גערופען, אָבער מיט א דונער־שטימע און גרויס טומעל, האָט ער אָנגעצונדען אויף איהם א פייער, און זיינע צווייגען זיינען צובראָכען געוואָרען.

17 און גאָט דער הערשאַפטען, וואָס האָט דיך געפּלאַנצט, האָט גערעדט שלעכטעס אויף דיר, צוליעב דער שלעכטסקייט פון הויז ישראל און הויז יהודה וואָס זיי האָבען געטהאָן אום מיך צו ערגערען, מיט דעם וואָס זיי האָבען גערויכערט צום בעל.

18 און גאָט האָט עס מיך געלאָזט וויסען און איך וויים עס, דאַן האָסטו מיר געצייגט זייערע טהאַטען.

19 און איך ווי א לאם, אן אָקס, וואָס ווערט געפיהרט צום שלאַכט, האָב גאָר ניט געוואוסט, אז זיי טראַכטען אויף מיר פּלענער: לאָמיר פערדארבען דעם בוים און זיין ברויט, און לאָמיר איהם אָבשניידען פון דאָס לאַנד פון לעבען, און זיין נאָמען זאָל מעהר ניט דערמאָהנט ווערען.

20 אָבער גאָט דער הערשאַפטען, וואָס ריכטעט מיט גערעכטיגקייט, עקזאַמענירט די נירען און דאָס הארץ, **איך וועל זעהען ווי דו וועסט פון זיי דיין ראַכע נעהמען, ווייל צו דיר האָב איך ענטדעקט מיין קלאָגע.**

21 דארום אזוי האָט געזאָגט גאָט דער הערשאַפטען: איבער די לייטע פון ענתות, וועלכע זוכען דיין לעבען, זאָגענדיג: „פּראָפעצייהע ניט אין גאָט'ס נאָמען, וועסטו ניט שטאַרבען פון אונזערע הענד".

22 דארום אזוי האָט געזאָגט גאָט דער הערשאַפטען, איך וועל זיי בעזוכען, די יונגע לייט וועלען שטאַרבען דורכ'ן שווערד און זייערע טעכטער פון הונגער.

23 און קיין איבערבלייבונג זאָל צו זיי זיין, דען איך וועל ברענגען אונגליק צו די לייטע פון ענתות אין דעם יאָהר ווען זיי וועלען אונטערזוכט ווערען.

## קאַפּיטעל יב

1 דו גאָט ביזט גערעכט, ווען איך זאָל זיך בעקלאָגען אויף דיר, נאָר דאָך וויל איך האָבען דאָס רעכט ריידען מיט דיר: וואָרום בעגליקט דער וועג פון די גאָטלאָזע? אלע וואָס זיינען טריילאָז לעבען רוהיג?

2 דו האָסט זיי געפּלאַנצט, זיי זיינען אויך איינגעוואָרצעלט, זיי געהען אויף און ברענגען פרוכט, דו ביזט נאָהענט אין זייער מויל אָבער ווייט פון זייערע נירען.

3 און דו גאָט, קענסט מיך דאָך, דו זעהסט מיך און פּרובירסט מיין הארץ, וועלכעס עס איז מיט דיר; — רייס זיי אוועק ווי שאָף צו שלאַכטען און גרייט זיי אָן צום טאָג פון אומברענגונג.

4 ווי לאַנג נאָך זאָל די ערד טרויערען און די גראָז פון גאַנצען פעלד זאָל פערטריקענען? צוליעב די שלעכטעס פון די וואָס וואָהנען אויף איהר, עס זיינען אומגעקומען פיה און פויגעל, דען זיי זאָגען: אונזער ענדע וועט ער ניט זעהען.

5 ווען דו ביזט געלאָפען מיט פוסגעהער און זיי האָבען דיך מיעד געמאַכט, ווי ווילסטו זיך ערהיצען [צו לויפען] מיט פערד? — און אין פריעדען לאַנד ביזטו זיכער? וואָס וועסטו טהאָן אין דעם גרויסען פערפלייצונג פונ'ם ירדן?

6 דען אויך דיינע ברידער אין דיין פאָטער'ס הויז, אויך זיי זיינען דיר אונטריי געוואָרען, אויך זיי האָבען הינטער דיר גערופען מיט'ן פולען [מויל] — גלויב זיי ניט ווען זיי רעדען גוטעס מיט דיר.

אֵלֶיךָ טוֹבוֹת׃ עָזַבְתִּי אֶת־בֵּיתִי נָטַשְׁתִּי אֶת־נַחֲלָתִי 7
נָתַתִּי אֶת־יְדִדוּת נַפְשִׁי בְּכַף אֹיְבֶיהָ׃ הָיְתָה־לִּי נַחֲלָתִי 8
כְּאַרְיֵה בַיָּעַר נָתְנָה עָלַי בְּקוֹלָהּ עַל־כֵּן שְׂנֵאתִיהָ׃ הַעַיִט 9
צָבוּעַ נַחֲלָתִי לִי הַעַיִט סָבִיב עָלֶיהָ לְכוּ אִסְפוּ כָּל־חַיַּת
הַשָּׂדֶה הֵתָיוּ לְאָכְלָה׃ רֹעִים רַבִּים שִׁחֲתוּ כַרְמִי בֹּסְסוּ י
אֶת־חֶלְקָתִי נָתְנוּ אֶת־חֶלְקַת חֶמְדָּתִי לְמִדְבַּר שְׁמָמָה׃
שָׂמָהּ לִשְׁמָמָה אָבְלָה עָלַי שְׁמֵמָה נָשַׁמָּה כָּל־הָאָרֶץ כִּי 11
אֵין אִישׁ שָׂם עַל־לֵב׃ עַל־כָּל־שְׁפָיִם בַּמִּדְבָּר בָּאוּ שֹׁדְדִים 12
כִּי חֶרֶב לַיהוָה אֹכְלָה מִקְצֵה אֶרֶץ וְעַד־קְצֵה הָאָרֶץ אֵין
שָׁלוֹם לְכָל־בָּשָׂר׃ זָרְעוּ חִטִּים וְקֹצִים קָצָרוּ נֶחְלוּ 13
לֹא יוֹעִלוּ וּבֹשׁוּ מִתְּבוּאֹתֵיכֶם מֵחֲרוֹן אַף־יְהוָה׃
כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה עַל־כָּל־שְׁכֵנַי הָרָעִים הַנֹּגְעִים בַּנַּחֲלָה 14
אֲשֶׁר־הִנְחַלְתִּי אֶת־עַמִּי אֶת־יִשְׂרָאֵל הִנְנִי נֹתְשָׁם מֵעַל
אַדְמָתָם וְאֶת־בֵּית יְהוּדָה אֶתּוֹשׁ מִתּוֹכָם׃ וְהָיָה אַחֲרֵי טו
נָתְשִׁי אוֹתָם אָשׁוּב וְרִחַמְתִּים וַהֲשִׁבֹתִים אִישׁ לְנַחֲלָתוֹ
וְאִישׁ לְאַרְצוֹ׃ וְהָיָה אִם־לָמֹד יִלְמְדוּ אֶת־דַּרְכֵי עַמִּי לְהִשָּׁבֵעַ 16
בִּשְׁמִי חַי־יְהוָה כַּאֲשֶׁר לִמְּדוּ אֶת־עַמִּי לְהִשָּׁבֵעַ בַּבָּעַל וְנִבְנוּ
בְּתוֹךְ עַמִּי׃ וְאִם לֹא יִשְׁמָעוּ וְנָתַשְׁתִּי אֶת־הַגּוֹי הַהוּא נָתוֹשׁ 17
וְאַבֵּד נְאֻם־יְהוָה׃

## יג Cap. XIII. יג

כֹּה־אָמַר יְהוָה אֵלַי הָלוֹךְ וְקָנִיתָ לְּךָ אֵזוֹר פִּשְׁתִּים וְשַׂמְתּוֹ א
עַל־מָתְנֶיךָ וּבַמַּיִם לֹא תְבִאֵהוּ׃ וָאֶקְנֶה אֶת־הָאֵזוֹר כִּדְבַר 2
יְהוָה וָאָשִׂם עַל־מָתְנָי׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי שֵׁנִית 3
לֵאמֹר׃ קַח אֶת־הָאֵזוֹר אֲשֶׁר קָנִיתָ אֲשֶׁר עַל־מָתְנֶיךָ 4
וְקוּם לֵךְ פְּרָתָה וְטָמְנֵהוּ שָׁם בִּנְקִיק הַסָּלַע׃ וָאֵלֵךְ ה
וָאֶטְמְנֵהוּ בִּפְרָת כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אוֹתִי׃ וַיְהִי 6
מִקֵּץ יָמִים רַבִּים וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי קוּם לֵךְ פְּרָתָה וְקַח

משם

יב v. 11. המ׳ בצרי v. 13. קמץ בז״ש

7 איך האָב פערלאָזען מיין הויז, פערוואָרפען מיין אייגענטהום, האָב אוועק־ געגעבען די ליעבסטע פון מיין זעעלע אין דער האַנד פון איהר פיינד.

8 מיין אייגענטהום איז צו מיר געוואָרען ווי אַ לייב אין וואַלד, זי האָט אויפגעהויבען אויף מיר איהר שטימע, דעריבער האָב איך זי פערהאַסט.

9 איז מיין ערבטהייל אַ בלוט געפּאַרבטע רויב פויגעל צו מיר? וואָרום איז דער רויב־פויגעל אַרום איהר? — געהט פערזאַמעלט אַלע טהיערע פון פעלד, קומט איהר אויפצופרעסען.

10 פיעלע הירטען האָבען פערדאָרבען מיין וויינגאָרטען, צוטראָטען מיין טהייל, זיי האָבען געמאַכט מיין ווינשענסווערטען טהייל צו וויסט לאַנד.

11 זיי האָבען עס געמאַכט צו וויסט, עס טרויערט איינזאַם צו מיר, דאָס גאַנצע לאַנד איז פערוויסט געוואָרען, ווייל קיינער נעהמט זיך ניט צום הארצען.

12 אויף אַלע הויכע ערטער אין דער וויסטע זיינען געקומען צושטערער, דען גאָטעס שווערד פערצעהרט פון איין עק לאַנד ביז דעם אַנדערן, עס איז ניטאָ קיין פריעדען פאַר קיינעם.

13 זיי האָבען געזעעט ווייץ און געשניטען דערנער, האָבען זיך געפּלאַגט און האָבען קיין נוטצען געהאַט, זיי וועלען זיך שעהמען פון זייער גע־ טריידע [וואָס וועט ווערען פערדאָרבען] דורך גאָט׳ס גרימצאָרן.

14 אַזוי האָט גאָט געזאָגט: אויף אַלע מיינע נאַכבאַרען, וואָס ריהרען אָן דאָס אייגענטהום וואָס איך האָב געלאָזט ערבען מיין פאָלק ישראל. איך וועל זיי אויסרייסען פון זייער ערד און וועל אַרויסנעהמען דאָס הויז יהודה פון צווישען זיי.

15 נאָכהער ווען איך וועל זיי אויסרייסען, וועל איך זיך צוריק דערבאַרמען איבער זיי, און וועל זיי צוריקקעהרען יעדען איינעם צו זיין אייגענטהום און זיין לאַנד.

16 און עס וועט געשעהען, ווען זיי וועלען גוט לערנען די וועגען פון מיין פאָלק, צו שווערען ביי מיין נאָמען, ווי גאָט לעבט, אַזוי ווי זיי האָבען מיין פאָלק געלעהרענט צו שווערען ביי דעם בעל, דאַן וועלען זיי אויפ־ געבויעט ווערען צווישען מיין פאָלק.

17 ווען זיי וועלען אָבער ניט הערען, וועל איך יענעם פאָלק אויסרייסען און פערטיליגען, זאָגט גאָט.

## קאַפּיטעל יג

1 אַזוי האָט גאָט געזאָגט צו מיר: געה און קויף דיר אַ פלאַקסענעם גאַר־ טעל און טהו אָן אויף דיינע לענדען, אָבער זאָלסט איהם אין וואַסער ניט ברענגען.

2 און איך האָב געקויפט דעם גאַרטעל, נאָך דעם בעפעהל פון גאָט, און האָב איהם אָנגעטהאָן אויף מיינע לענדען.

3 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געוועזען צו מיר אַ צווייטען מאָל, אַזוי צו זאָגען:

4 נעהם דעם גאַרטעל וואָס דו האָסט געקויפט, וועלכער איז אויף דיינע לענדען, און שטעה אויף און געה נאָך פרת, און בעהאַלט איהם דאָרט אין אַ פעלזען־שפּאַלט.

5 און איך בין געגאַנגען און איהם בעהאַלטען אין פרת אַזוי ווי גאָט האָט מיר געהייסען.

6 און עס איז געוועזען נאָך פיעלע טעג האָט גאָט צו מיר געזאָגט: שטעה

7 מִשָּׁם אֶת־הָאֵזוֹר אֲשֶׁר צִוִּיתִיךָ לְטָמְנוֹ־שָׁם׃ וָאֵלֵךְ פְּרָתָה
וָאֶחְפֹּר וָאֶקַּח אֶת־הָאֵזוֹר מִן־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר־טְמַנְתִּיו שָׁמָּה
8 וְהִנֵּה נִשְׁחַת הָאֵזוֹר לֹא יִצְלַח לַכֹּל׃ וַיְהִי דְבַר־
9 יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ כֹּה אָמַר יְהוָה כָּכָה אַשְׁחִית אֶת־
י גְּאוֹן יְהוּדָה וְאֶת־גְּאוֹן יְרוּשָׁלַםִ הָרָב׃ הָעָם הַזֶּה הָרָע
הַמֵּאֲנִים ׀ לִשְׁמוֹעַ אֶת־דְּבָרַי הַהֹלְכִים בִּשְׁרִרוּת לִבָּם
וַיֵּלְכוּ אַחֲרֵי אֱלֹהִים אֲחֵרִים לְעָבְדָם וּלְהִשְׁתַּחֲוֺת לָהֶם
11 וִיהִי כָּאֵזוֹר הַזֶּה אֲשֶׁר לֹא־יִצְלַח לַכֹּל׃ כִּי כַּאֲשֶׁר יִדְבַּק
הָאֵזוֹר אֶל־מָתְנֵי אִישׁ כֵּן הִדְבַּקְתִּי אֵלַי אֶת־כָּל־בֵּית
יִשְׂרָאֵל וְאֶת־כָּל־בֵּית יְהוּדָה נְאֻם־יְהוָה לִהְיוֹת לִי לְעָם
12 וּלְשֵׁם וְלִתְהִלָּה וּלְתִפְאָרֶת וְלֹא שָׁמֵעוּ׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם
אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל כָּל־נֵבֶל
יִמָּלֵא יָיִן וְאָמְרוּ אֵלֶיךָ הֲיָדֹעַ לֹא נֵדַע כִּי־כָל־נֵבֶל יִמָּלֵא
13 יָיִן׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר יְהוָה הִנְנִי מְמַלֵּא
אֶת־כָּל־יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ הַזֹּאת וְאֶת־הַמְּלָכִים הַיֹּשְׁבִים לְדָוִד
עַל־כִּסְאוֹ וְאֶת־הַכֹּהֲנִים וְאֶת־הַנְּבִיאִים וְאֵת כָּל־יֹשְׁבֵי
14 יְרוּשָׁלָםִ שִׁכָּרוֹן׃ וְנִפַּצְתִּים אִישׁ אֶל־אָחִיו וְהָאָבוֹת וְהַבָּנִים
יַחְדָּו נְאֻם־יְהוָה לֹא־אֶחְמוֹל וְלֹא־אָחוּס וְלֹא אֲרַחֵם
טו מֵהַשְׁחִיתָם׃ שִׁמְעוּ וְהַאֲזִינוּ אַל־תִּגְבָּהוּ כִּי יְהוָה דִּבֵּר׃
16 תְּנוּ לַיהוָה אֱלֹהֵיכֶם כָּבוֹד בְּטֶרֶם יַחְשִׁךְ וּבְטֶרֶם יִתְנַגְּפוּ
רַגְלֵיכֶם עַל־הָרֵי נָשֶׁף וְקִוִּיתֶם לְאוֹר וְשָׂמָהּ לְצַלְמָוֶת
17 יָשִׁית לַעֲרָפֶל׃ וְאִם לֹא תִשְׁמָעוּהָ בְּמִסְתָּרִים תִּבְכֶּה־
נַפְשִׁי מִפְּנֵי גֵוָה וְדָמֹעַ תִּדְמַע וְתֵרַד עֵינִי דִּמְעָה כִּי נִשְׁבָּה
18 עֵדֶר יְהוָה׃ אֱמֹר לַמֶּלֶךְ וְלַגְּבִירָה הַשְׁפִּילוּ שֵׁבוּ
19 כִּי יָרַד מַרְאֲשֹׁתֵיכֶם עֲטֶרֶת תִּפְאַרְתְּכֶם׃ עָרֵי הַנֶּגֶב סֻגְּרוּ
וְאֵין פֹּתֵחַ הָגְלָת יְהוּדָה כֻּלָּהּ הָגְלָת שְׁלוֹמִים׃
כ שְׂאִי עֵינֵיכֶם וּרְאִי הַבָּאִים מִצָּפוֹן אַיֵּה הָעֵדֶר נִתַּן־לָךְ צֹאן

תפארתך

v. 18 קמץ בטרחא    v. 16 ושית ק׳    v. 20 שאו ק׳ ibid. וראו ק׳

אויף און געה נאָך פּרת, און נעָהם צו פון דאָרט דעם גאַרטעל, וועלכען איך האָב דיר געהייסען בעהאַלטען.

7 און איך בין געגאַנגען נאָך פּרת און האָב אויפגעגראָבען, און ארויסגענו־מען דעם גאַרטעל פון דעם אָרט וואו איך האָב איהם דאָרט בעהאַלטען, ערשט דער גאַרטעל איז פערדאָרבען און טויג צו קיין זאַך ניט.

8 און גאָטעס וואָרט איז צו מיר געוועזען אַזוי צו זאָגען:

9 אַזוי האָט גאָט געזאָגט: אַזוי וועל איך פערדארבען דעם שטאָלץ פון יהודה און דעם גרויסען שטאָלץ פון ירושלים.

10 דיעזעס שלעכטעס פאָלק, וועלכע ווילען ניט הערען מיינע ווערטער, וועלכע געהען נאָך די שטרעבונגען פון זייער האַרצען, און זיי זיינען געגאַנגען נאָך אַנדערע געטער צו דיענען זיי, און צו בוקען זיך צו זיי, וועט ווערען, ווי דיעזער גאַרטעל וואָס נוצט צו קיין זאַך ניט.

11 ווייל ווי דער גארטעל בעהעפט זיך צו א מענשענס לענדען, אַזוי האָב איך בעהעפט צו מיר דאָס גאַנצע הויז ישראל און דאָס גאַנצע הויז יהודה, זאָגט גאָט, אום צו זיין צו מיר אַ פאָלק מיט אַ נאָמען פון לויב און גלאַנץ, אָבער זיי האָבען ניט געוואָלט הערען.

12 און דו זאָלסט צו זיי זאָגען דיעזעס וואָרט: אַזוי האָט גאָט, דער גאָט פון ישראל, געזאָגט: „יעדער קרוג ווערט אָנגעפיהלט מיט וויין”, און זיי וועלען זאָגען צו דיר: „ווייסען מיר דען ניט אַז יעדער קרוג ווערט אָנגעפיהלט מיט וויין?”

13 און דו זאָלסט צו זיי זאָגען: אַזוי, האָט גאָט געזאָגט, וועל איך אָנ־פילען אַלע איינוואָהנער פון דיעזען לאַנד און די קעניגע וואָס זיטצען אויף דוד׳ס טראָהן, און די פּריסטער, און די פּראָפעטען, און אַלע איינ־וואָהנער פון ירושלים מיט בעזויפּענעם געטראַנק.

14 און איך וועל צושטערען איינעם געגען דעם אַנדערן, און די עלטערן מיט די קינדער צוזאַמען, זאָגט גאָט, איך וועל ניט שוינען און ניט מיטלייד האָבען, און ניט ערבאַרעמען זיך זיי צו פערדארבען.

15 הערט און פערנעהמט, זייט ניט הויכמוטהיג, ווייל גאָט האָט גע־רעדט.

16 גיט עהרע צו דעם עוויגען אייער גאָט, איידער ער וועט מאַכען פינסטער, און איידער אייערע פיס וועלען זיך אָבשלאָגען אויף די בערג פון פינס־טערניס, איהר וועט האָפען אויף ליכט און ער וועט איהר מאַכען צום טוידט־שאָטען, ער וועט עס פערוואַנדלען צור דונקעלהייט.

17 און אַז איהר וועט עס ניט הערען, וועט מיין זעעלע וויינען אין פער־באָרגענים צוליעב (אייער נאַרישען) שטאָלץ, און עס וועט רינען און פליסען אָהן אַן אויפהער טרעהרען פון מיין אויג, ווייל עס איז געפאַנגען געוואָרען גאָט׳ס הערדע.

18 זאָג צום קעניג און צו דער פירשטין: ערניעדעריגט זיך, זעצט זיך, ווייל עס איז אַרונטער פון אייער קאָפּ די קרוין, אייער ציערונג.

19 די שטעדט פון זיד זייט זיינען פערשלאָסען געוואָרען און קיינער עפענט זיי ניט, יהודה איז גענצליך פערטריבען געוואָרען, פערטריבען גאָר אין גאַנצען.

20 הויבט אויף אייערע אויגען און זעהט די וואָס קומען פון נאָרד זייט, וואו איז די הערדע, וואָס איז דיר געגעבען געוואָרען, דיינע פּרעכטיגע שאָף?

21 תִּפְאַרְתֵּךְ׃ מַה־תֹּאמְרִי כִּי־יִפְקֹד עָלַיִךְ וְאַתְּ לִמַּדְתְּ אֹתָם
עָלַיִךְ אַלֻּפִים לְרֹאשׁ הֲלוֹא חֲבָלִים יֹאחֱזוּךְ כְּמוֹ אֵשֶׁת לֵדָה׃
22 וְכִי תֹאמְרִי בִּלְבָבֵךְ מַדּוּעַ קְרָאֻנִי אֵלֶּה בְּרֹב עֲוֹנֵךְ נִגְלוּ
23 שׁוּלַיִךְ נֶחְמְסוּ עֲקֵבָיִךְ׃ הֲיַהֲפֹךְ כּוּשִׁי עוֹרוֹ וְנָמֵר חֲבַרְבֻּרֹתָיו
24 גַּם־אַתֶּם תּוּכְלוּ לְהֵיטִיב לִמֻּדֵי הָרֵעַ׃ וַאֲפִיצֵם כְּקַשׁ עוֹבֵר
כה לְרוּחַ מִדְבָּר׃ זֶה גוֹרָלֵךְ מְנָת־מִדַּיִךְ מֵאִתִּי נְאֻם־יְהוָה אֲשֶׁר
26 שָׁכַחַתְּ אוֹתִי וַתִּבְטְחִי בַּשָּׁקֶר׃ וְגַם־אֲנִי חָשַׂפְתִּי שׁוּלַיִךְ עַל־
27 פָּנָיִךְ וְנִרְאָה קְלוֹנֵךְ׃ נִאֻפַיִךְ וּמִצְהֲלוֹתַיִךְ זִמַּת זְנוּתֵךְ עַל־
גְּבָעוֹת בַּשָּׂדֶה רָאִיתִי שִׁקּוּצָיִךְ אוֹי לָךְ יְרוּשָׁלַםִ לֹא תִטְהֲרִי
אַחֲרֵי מָתַי עֹד׃

## יד CAP. XIV. יד

א אֲשֶׁר הָיָה דְבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ עַל־דִּבְרֵי הַבַּצָּרוֹת׃
2 אָבְלָה יְהוּדָה וּשְׁעָרֶיהָ אֻמְלְלוּ קָדְרוּ לָאָרֶץ וְצִוְחַת
3 יְרוּשָׁלַםִ עָלָתָה׃ וְאַדִּרֵיהֶם שָׁלְחוּ צְעוֹרֵיהֶם לַמָּיִם בָּאוּ
עַל־גֵּבִים לֹא־מָצְאוּ מַיִם שָׁבוּ כְלֵיהֶם רֵיקָם בֹּשׁוּ וְהָכְלְמוּ
4 וְחָפוּ רֹאשָׁם׃ בַּעֲבוּר הָאֲדָמָה חַתָּה כִּי לֹא־הָיָה גֶשֶׁם
ה בָּאָרֶץ בֹּשׁוּ אִכָּרִים חָפוּ רֹאשָׁם׃ כִּי גַם־אַיֶּלֶת בַּשָּׂדֶה
6 יָלְדָה וְעָזוֹב כִּי לֹא־הָיָה דֶּשֶׁא׃ וּפְרָאִים עָמְדוּ עַל־שְׁפָיִם
7 שָׁאֲפוּ רוּחַ כַּתַּנִּים כָּלוּ עֵינֵיהֶם כִּי־אֵין עֵשֶׂב׃ אִם־עֲוֹנֵינוּ
עָנוּ בָנוּ יְהוָה עֲשֵׂה לְמַעַן שְׁמֶךָ כִּי־רַבּוּ מְשׁוּבֹתֵינוּ לְךָ
8 חָטָאנוּ׃ מִקְוֵה יִשְׂרָאֵל מוֹשִׁיעוֹ בְּעֵת צָרָה לָמָּה תִהְיֶה
9 כְּגֵר בָּאָרֶץ וּכְאֹרֵחַ נָטָה לָלוּן׃ לָמָּה תִהְיֶה כְּאִישׁ נִדְהָם
כְּגִבּוֹר לֹא־יוּכַל לְהוֹשִׁיעַ וְאַתָּה בְקִרְבֵּנוּ יְהוָה וְשִׁמְךָ
י עָלֵינוּ נִקְרָא אַל־תַּנִּחֵנוּ׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה לָעָם הַזֶּה
כֵּן אָהֲבוּ לָנוּעַ רַגְלֵיהֶם לֹא חָשָׂכוּ וַיהוָה לֹא רָצָם עַתָּה
11 יִזְכֹּר עֲוֹנָם וְיִפְקֹד חַטֹּאתָם׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלָי
12 אַל־תִּתְפַּלֵּל בְּעַד־הָעָם הַזֶּה לְטוֹבָה׃ כִּי יָצֻמוּ אֵינֶנִּי שֹׁמֵעַ

אל

יד v. 2. צ׳ זעירא    v. 3. צעירים קרי

21 וואָס וועסטו זאָגן ווען ער וועט דיך בעזוכען? דו האָסט זיי אליין גע־לעהרענט זיי זאָלען זיין הערשער איבער דיר אלס הויפט־לייט, וועהען וועלען דיך אָנגרייפען, ווי א פרוי, א געווינערין.
22 און ווען דו וועסט טראכטען וואָרום האָט מיך דיעזעס געטראָפען? — צוליעב דיינע גרויסע זינד זיינען אויפגעדעקט געוואָרען דיינע ברעג־פּאָלעס, ענטפלעקט געוואָרען דיינע טריט.
23 קען א כושי [שווארצער] איבערקעהרען זיין הויט און א לעמפּערט — זיינע פלעקען? אזוי קענט איהר גוטעס טהאָן, ווען איהר זייט געוואָהנט אַלץ צו שלעכטעס טהאָן.
24 און איך וועל זיי פערשפּרייטען ווי שטרוי וואָס ווערט אוועקגעיאָגט פון דעם ווינד אין דער וויסטע.
25 דאָס איז דיין שיקזאל, דיין צוגעמאָסטענער טהייל פון מיר, זאָגט גאָט, ווייל דו האָסט מיך פערגעסען און זיך פערטרויט אויף פאלשקייט.
26 און איך וועל אויך אויפדעקען דיינע ברעג־פּאָלעס איבער דיין געזיכט, אום דיין שאנדע זאָל געזעהען ווערען.
27 דיינע שאנדטהאטען און דיין הירזשעריי, דיין שענדליכע אויסגעלאסענ־הייט אויף די הויכע בערג, איך האָב געזעהען דיין אונווירדיגקייט, וועה צו דיר, ירושלים, ווילסט נאָך אַלץ ניט ריין ווערען? ביז וואַנען נאָך?!

## קאַפּיטעל יד

1 דאָס וואָרט פון גאָט, וואָס איז געוועזן צו ירמיהו וועגען דעם רעגען אויפהאלטונג.
2 יהודה טרויערט און אין איהרע טהויערען זיינען זיי פערשמאכט, זיי זיינען שווארץ ווי די ערד, און דאָס געשריי פון ירושלים שטייגט ביז ארויף.
3 און זייערע מעכטיגע [לייטע] האָבען געשיקט זייערע יונגע [לייטע] נאָך וואסער, זיינען זיי געקומען צו די ברונימער און קיין וואסער געפו־נען, האָבען זיי צוריק געבראכט זייערע געפעס לעדיג, זיי זיינען פער־שעהמט און מיט שאנדע בעדעקט זייערע קעפּ.
4 צוליעב דער ערד וואָס איז טרוקען, ווייל קיין רעגען איז ניט געוועזן אויפ'ן לאנד, שעהמען זיך די אקער־לייט און דעקען צו זייערע קעפּ.
5 דען אויך די הירש־קוה אויפ'ן פעלד האָט געבאָרען און פערלאָזען (איהר קינד) ווייל קיין גראָז איז ניטאָ.
6 און די ווילדע אייזלען האָבען זיך געשטעלט אויף די הויכע בערג, שע־פּען לופט ווי קראָקאָדילען, זייערע אויגען געהען אויס ווייל קיין גראָז וואקסט ניט.
7 ווען אונזערע זינד צייגען געגען אונז, טהו, אָה גאָט, וועגען דיין נאָמען, עדן גרויס איז אונזער אָפּקעהרונג, מיר האָבען געזינדיגט געגען דיר.
8 דו, האָפנונג פון ישראל, זיין העלפער אין צייט פון נויטה! וואָרום זאָלסטו זיין ווי א פרעמדער אין לאנד, און ווי א דורכרייזענדער, וואָס פערקעהרט אום איבערצונעכטיגען?
9 וואָרום זאָלסטו זיין ווי א צומישטער מאן, ווי א העלד וואָס קען ניט העלפען, און דו ביזט דאָך צווישען אונז, אָה גאָט, און דיין נאָמען ווערט אויף אונז גערופען — פערלאָז אונז ניט!
10 אזוי האָט גאָט געזאָגט צו דיעזען פּאָלק: אזוי האָבען זיי ליעב געהאַט צו וואנדערען, זייערע פיס האָבען זיי ניט צוריקגעהאלטען, און גאָט וויל זיי שוין ניט, יעצט וועט ער דערמאָהנען זייערע זינד און בעשטראָפען פאַר זייערע פעהלערען.
11 און גאָט האָט געזאָגט צו מיר: זאָלסט נאָר ניט בעטען פאַר דיעזען פּאָלק צום גוטען,

אֶל־רִנָּתָם וְכִי יַעֲלוּ עֹלָה וּמִנְחָה אֵינֶנִּי רֹצָם כִּי בַּחֶרֶב
13 וּבָרָעָב וּבַדֶּבֶר אָנֹכִי מְכַלֶּה אוֹתָם׃ וָאֹמַר אֲהָהּ ׀ אֲדֹנָי
יֱהֹוִה הִנֵּה הַנְּבִאִים אֹמְרִים לָהֶם לֹא־תִרְאוּ חֶרֶב וְרָעָב
לֹא־יִהְיֶה לָכֶם כִּי־שְׁלוֹם אֱמֶת אֶתֵּן לָכֶם בַּמָּקוֹם הַזֶּה׃
14 וַיֹּאמֶר יְהֹוָה אֵלַי שֶׁקֶר הַנְּבִאִים נִבְּאִים בִּשְׁמִי
לֹא שְׁלַחְתִּים וְלֹא צִוִּיתִים וְלֹא דִבַּרְתִּי אֲלֵיהֶם חֲזוֹן שֶׁקֶר
וְקֶסֶם וֶאֱלוֹל וְתַרְמוֹת לִבָּם הֵמָּה מִתְנַבְּאִים לָכֶם׃
טו לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהֹוָה עַל־הַנְּבִאִים הַנִּבְּאִים בִּשְׁמִי וַאֲנִי לֹא־
שְׁלַחְתִּים וְהֵמָּה אֹמְרִים חֶרֶב וְרָעָב לֹא יִהְיֶה בָּאָרֶץ הַזֹּאת
16 בַּחֶרֶב וּבָרָעָב יִתַּמּוּ הַנְּבִאִים הָהֵמָּה׃ וְהָעָם אֲשֶׁר־הֵמָּה
נִבְּאִים לָהֶם יִהְיוּ מֻשְׁלָכִים בְּחוּצוֹת יְרוּשָׁלַםִ מִפְּנֵי ׀ הָרָעָב
וְהַחֶרֶב וְאֵין מְקַבֵּר לָהֵמָּה הֵמָּה נְשֵׁיהֶם וּבְנֵיהֶם וּבְנֹתֵיהֶם
17 וְשָׁפַכְתִּי עֲלֵיהֶם אֶת־רָעָתָם׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם אֶת־הַדָּבָר
הַזֶּה תֵּרַדְנָה עֵינַי דִּמְעָה לַיְלָה וְיוֹמָם וְאַל־תִּדְמֶינָה כִּי
שֶׁבֶר גָּדוֹל נִשְׁבְּרָה בְּתוּלַת בַּת־עַמִּי מַכָּה נַחְלָה מְאֹד׃
18 אִם־יָצָאתִי הַשָּׂדֶה וְהִנֵּה חַלְלֵי־חֶרֶב וְאִם בָּאתִי הָעִיר
וְהִנֵּה תַּחֲלוּאֵי רָעָב כִּי גַם־נָבִיא גַם־כֹּהֵן סָחֲרוּ אֶל־אֶרֶץ
19 וְלֹא יָדָעוּ׃ הֲמָאֹס מָאַסְתָּ אֶת־יְהוּדָה אִם־בְּצִיּוֹן
גָּעֲלָה נַפְשֶׁךָ מַדּוּעַ הִכִּיתָנוּ וְאֵין לָנוּ מַרְפֵּא קַוֵּה לְשָׁלוֹם
כ וְאֵין טוֹב וּלְעֵת מַרְפֵּא וְהִנֵּה בְעָתָה׃ יָדַעְנוּ יְהֹוָה רִשְׁעֵנוּ
21 עֲוֺן אֲבוֹתֵינוּ כִּי חָטָאנוּ לָךְ׃ אַל־תִּנְאַץ לְמַעַן שִׁמְךָ
אַל־תְּנַבֵּל כִּסֵּא כְבוֹדֶךָ זְכֹר אַל־תָּפֵר בְּרִיתְךָ אִתָּנוּ׃
22 הֲיֵשׁ בְּהַבְלֵי הַגּוֹיִם מַגְשִׁמִים וְאִם־הַשָּׁמַיִם יִתְּנוּ רְבִבִים
הֲלֹא אַתָּה־הוּא יְהֹוָה אֱלֹהֵינוּ וּנְקַוֶּה־לָּךְ כִּי־אַתָּה עָשִׂיתָ
אֶת־כָּל־אֵלֶּה׃

## CAP. XV. טו

טו

א וַיֹּאמֶר יְהֹוָה אֵלַי אִם־יַעֲמֹד מֹשֶׁה וּשְׁמוּאֵל לְפָנַי אֵין
נפשי

יד v. 14. ואליל קרי ibid. ותרמית קרי

אזוי האָט געזאָגט, איהר זאָלט ניט הערען די רייד פון אייערע פּראָפּע־טען, וועלכע פּראָפּעצייהען צו אייך אזוי : די געפעס פון גאָטעס הויז וועלען צוריקגעבראַכט ווערען פון בבל געשווינד באַלד, ווייל זיי פּראָפּע־צייהען צו אייך ליגענס.

17 הערט זיי ניט און דיענט דעם קעניג פון בבל און איהר וועט לעבען, ווארום זאָל דיעזע שטאָדט וויסט ווערען ?

18 און אויב זיי זיינען יא פּראָפּעטען און ווען ביי זיי איז גאָטעס וואָרט, זאָלען זיי פאַר אייך בעטען ביי גאָט דער הערשאַפטען אז די איבעריגע געפעס וואָס אין גאָטעס הויז, און אין הויז פון קעניג פון יהודה און אין ירושלים זאָלען ניט קומען נאָך בבל.

19 ווייל אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון הערשאַפטען וועגען די זיילען און דעם קופּערנעם ים און די פוס געשטעלען און די איבעריגע געפעסען, וואָס זיינען איבערגעבליעבען געוואָרען אין דיעזער שטאָדט.

20 וועלכע נבוכדראצר דער קעניג פון בבל האָט ניט צוגענומען ווען ער האָט פערטריבען יכניהו דעם זוהן פון יהויקים דער קעניג פון יהודה פון ירושלים נאָך בבל מיט אַלע פרייע מענער פון יהודה אין ירושלים.

21 ווייל אזוי האָט דער עוויגער דער הערשאַפטען גאָט פון ישראל געזאָגט וועגען די געפעסען, וואָס זיינען פערבליעבען אין גאָטעס הויז און הויז פון קעניג פון יהודה און ירושלים.

22 נאָך בבל וועלען זיי געבראַכט ווערען און דאָרט וועלען זיי זיין, ביז דעם טאָג וואָס איך וועל זיי דערמאהנען, זאָגט גאָט, און ארויפּברענגען און צוריקפיהרען צו דיעזען אָרט.

## קאַפּיטעל כח

1 און עס איז געווען אין יענעם יאָהר אין אנפאנג פון דער רעגיערונג פון צדקיהו קעניג פון יהודה, אין דעם פערטען יאָהר אין דעם פינפטען מאָ־נאַט, האָט צו מיר געזאָגט חנניה דער זוהן פון עזור דער פּראָפּעט וואָס פון גבעון אין גאָטעס הויז פאַר די אויגען פון די פּריסטער און גאָר דאָס פאָלק אזוי :

2 אַזוי האָט געזאָגט ד׳ער עוויגער פון הערשאַפטען, גאָט פון ישראל פאָל־גענדעס : איך האָב צובראָכען דעם יאָך פון קעניג פון בבל.

3 נאָך אין צוויי יאָהר אַרום וועל איך צוריקקעהרען צו דיעזען אָרט אַלע גע־פעסען פון גאָטעס הויז, וועלכע נבוכדראצר קעניג פון בבל האָט צו־גענומען פון דיעזען אָרט און געבראַכט זיי נאָך בבל.

4 און יכניה דער זוהן פון יהויקים קעניג פון יהודה און אַלע פערטריבענע פון יהודה, וואָס זיינען געקומען נאָך בבל, וועל איך צוריקקעהרען צו דיעזען אָרט, זאָגט גאָט, ווייל איך וועל צוברעכען דעם יאָך פון קעניג פון בבל.

5 און ירמיה דער פּראָפּעט האָט געזאָגט צו חנניה דעם פּראָפּעט, אין די אויגען פון די פּריסטער און אין די אויגען פון גאָר דאָס פאָלק, וועלכע זיינען געשטאַנען אין גאָטס הויז.

6 הָעֹמְדִים בְּבֵית יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר יִרְמְיָה הַנָּבִיא אָמֵן כֵּן
יַעֲשֶׂה יְהוָה יָקֵם יְהוָה אֶת־דְּבָרֶיךָ אֲשֶׁר נִבֵּאתָ לְהָשִׁיב
7 כְּלֵי בֵית־יְהוָה וְכָל־הַגּוֹלָה מִבָּבֶל אֶל־הַמָּקוֹם הַזֶּה׃ אַךְ
שְׁמַע־נָא הַדָּבָר הַזֶּה אֲשֶׁר אָנֹכִי דֹּבֵר בְּאָזְנֶיךָ וּבְאָזְנֵי
8 כָּל־הָעָם׃ הַנְּבִיאִים אֲשֶׁר הָיוּ לְפָנַי וּלְפָנֶיךָ מִן־הָעוֹלָם
וַיִּנָּבְאוּ אֶל־אֲרָצוֹת רַבּוֹת וְעַל־מַמְלָכוֹת גְּדֹלוֹת לְמִלְחָמָה
9 וּלְרָעָה וּלְדָבֶר׃ הַנָּבִיא אֲשֶׁר יִנָּבֵא לְשָׁלוֹם בְּבֹא דְּבַר
י הַנָּבִיא יִוָּדַע הַנָּבִיא אֲשֶׁר־שְׁלָחוֹ יְהוָה בֶּאֱמֶת׃ וַיִּקַּח חֲנַנְיָה
הַנָּבִיא אֶת־הַמּוֹטָה מֵעַל צַוַּאר יִרְמְיָה הַנָּבִיא וַיִּשְׁבְּרֵהוּ׃
11 וַיֹּאמֶר חֲנַנְיָה לְעֵינֵי כָל־הָעָם לֵאמֹר כֹּה אָמַר יְהוָה כָּכָה
אֶשְׁבֹּר אֶת־עֹל ׀ נְבֻכַדְנֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל בְּעוֹד שְׁנָתַיִם
יָמִים מֵעַל צַוַּאר כָּל־הַגּוֹיִם וַיֵּלֶךְ יִרְמְיָה הַנָּבִיא לְדַרְכּוֹ׃

12 וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָה אַחֲרֵי שְׁבוֹר חֲנַנְיָה
הַנָּבִיא אֶת־הַמּוֹטָה מֵעַל צַוַּאר יִרְמְיָה הַנָּבִיא לֵאמֹר׃
13 הָלוֹךְ וְאָמַרְתָּ אֶל־חֲנַנְיָה לֵאמֹר כֹּה אָמַר יְהוָה מוֹטֹת עֵץ
14 שָׁבָרְתָּ וְעָשִׂיתָ תַחְתֵּיהֶן מֹטוֹת בַּרְזֶל׃ כִּי כֹה־אָמַר יְהוָה
צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל עֹל בַּרְזֶל נָתַתִּי עַל־צַוַּאר ׀ כָּל־
הַגּוֹיִם הָאֵלֶּה לַעֲבֹד אֶת־נְבֻכַדְנֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל וַעֲבָדֻהוּ
טו וְגַם אֶת־חַיַּת הַשָּׂדֶה נָתַתִּי לוֹ׃ וַיֹּאמֶר יִרְמְיָה הַנָּבִיא
אֶל־חֲנַנְיָה הַנָּבִיא שְׁמַע־נָא חֲנַנְיָה לֹא־שְׁלָחֲךָ יְהוָה וְאַתָּה
16 הִבְטַחְתָּ אֶת־הָעָם הַזֶּה עַל־שָׁקֶר׃ לָכֵן כֹּה אָמַר יְהוָה
הִנְנִי מְשַׁלֵּחֲךָ מֵעַל פְּנֵי הָאֲדָמָה הַשָּׁנָה אַתָּה מֵת כִּי־
17 סָרָה דִבַּרְתָּ אֶל־יְהוָה׃ וַיָּמָת חֲנַנְיָה הַנָּבִיא בַּשָּׁנָה הַהִיא
בַּחֹדֶשׁ הַשְּׁבִיעִי׃

## כט Cap. XXIX. כט

א וְאֵלֶּה דִּבְרֵי הַסֵּפֶר אֲשֶׁר שָׁלַח יִרְמְיָה הַנָּבִיא מִירוּשָׁלָיִם
אֶל־יֶתֶר זִקְנֵי הַגּוֹלָה וְאֶל־הַכֹּהֲנִים וְאֶל־הַנְּבִיאִים וְאֶל־
כל

ב״ח v. 8. כ״א עַל־ v. 11. חצי הספר בפסוקים

6 און ירמיה דער פּראָפעט האָט געזאָגט, אמן ! זאָל גאָט אזוי טהאָן ! זאָל גאָט ערפילען דיינע ווערטער, וואָס דו האָסט פּראָפעצייעט צוריק־צוקעהרען די געפעסען פון גאָטס הויז און אלע פערטריבענע, פון בבל צו דיעזען אָרט.

7 אָבער הער נאָר צו דיעזעס וואָרט, וואָס איך רייד אין דיינע אויערן און די אויערן פון גאנצען פאָלק.

8 די פּראָפעטען וועלכע זיינען געוועזן פאר מיר און פאר דיר פון אמאָל, און זיי האָבען פּראָפעצייעט וועגען פיעלע לענדער און גרויסע קעניגרייכען קריעג, אונגליק און פעסט.

9 דער פּראָפעט וואָס פּראָפעצייעט פריעדען, ווען דאָס וואָרט פון פּראָ־פעט ווערט אויסגעפיהרט, דאן ווערט דער פּראָפעט בעוואוסט, אז גאָט האָט איהם אין דער וואהרהייט געשיקט.

10 און חנניה דער פּראָפעט האָט גענומען דעם יאָך פון ירמיה׳ס האלז און איהם צובראָכען.

11 און חנניה האָט געזאָגט אין די אויגען פון גאָר דאָס פאָלק אזוי : אזוי האָט גאָט געזאָגט, אזוי וועל איך צוברעכען דעם יאָך פון נבוכדנאצר קעניג פון בבל און נאָך צוויי יאָהר צייט פון דעם האלז פון אלע פעלקער און ירמיה דער פּראָפעט איז אוועק זיין וועג.

12 און גאָטס וואָרט איז געוועזן צו ירמיה נאָכדעם ווי חנניה דער פּראָפעט האָט צובראָכען דעם יאָך פון ירמיה דעם פּראָפעט׳ס האלז אזוי :

13 געה און זאָג צו חנניה אזוי : אזוי האָט גאָט געזאָגט, א הילצערנעם יאָך האָסטו צובראָכען, זאָלסטו דערפאר מאכען אן אייזערנעם יאָך.

14 ווייל אזוי זאָגט גאָט דער עוויגער פון הערשאפטען גאָט פון ישראל, אן אייזערנעם יאָך האָב איך ארויפגעלעגט אויף דעם האלז פון אלע דיינע פעלקער צו דיענען נבוכדנאצר דעם קעניג פון בבל און זיי וועלען איהם דיענען און אויך די טהיערע פון פעלד האָב איך איהם געגעבען.

15 און ירמיה דער פּראָפעט האָט געזאָגט צו חנניה דעם פּראָפעט, הער נאָר חנניה, גאָט האָט דיך ניט געשיקט און דו האָסט געמאכט דיעזען פאָלק פערטרויען אויף פאלשקייט.

16 דעריבער אזוי זאָגט גאָט, איך וועל דיך ארויסטרייבען פון דעם ערד־באָדען, דיעזעס יאָהר וועסטו שטארבען, ווייל דו האָסט גערעדט ווידער־שפּעניג געגען גאָט.

17 און חנניה דער פּראָפעט איז געשטאָרבען אין יענעם יאָהר אין דעם זיעבעטען מאָנאַט.

## קאַפּיטעל כט

1 און דיעזע זיינען די ווערטער וואָס ירמיה דער פּראָפעט האָט געשיקט פון ירושלים צו די איבערגעבליעבענע עלטסטע פון די פערטריעבענע

כָּל־הָעָם אֲשֶׁר הֶגְלָה נְבוּכַדְנֶאצַּר מִירוּשָׁלַם בָּבֶלָה׃
2 אַחֲרֵי צֵאת יְכָנְיָה הַמֶּלֶךְ וְהַגְּבִירָה וְהַסָּרִיסִים שָׂרֵי יְהוּדָה
3 וִירוּשָׁלַם וְהֶחָרָשׁ וְהַמַּסְגֵּר מִירוּשָׁלָם׃ בְּיַד אֶלְעָשָׂה בֶן־
שָׁפָן וּגְמַרְיָה בֶּן־חִלְקִיָּה אֲשֶׁר שָׁלַח צִדְקִיָּה מֶלֶךְ־יְהוּדָה
4 אֶל־נְבוּכַדְנֶאצַּר מֶלֶךְ בָּבֶל בָּבֶלָה לֵאמֹר׃ כֹּה אָמַר
יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל לְכָל־הַגּוֹלָה אֲשֶׁר־הִגְלֵיתִי
ה מִירוּשָׁלַם בָּבֶלָה׃ בְּנוּ בָתִּים וְשֵׁבוּ וְנִטְעוּ גַנּוֹת וְאִכְלוּ
6 אֶת־פִּרְיָן׃ קְחוּ נָשִׁים וְהוֹלִידוּ בָּנִים וּבָנוֹת וּקְחוּ לִבְנֵיכֶם
נָשִׁים וְאֶת־בְּנוֹתֵיכֶם תְּנוּ לַאֲנָשִׁים וְתֵלַדְנָה בָּנִים וּבָנוֹת
7 וּרְבוּ־שָׁם וְאַל־תִּמְעָטוּ׃ וְדִרְשׁוּ אֶת־שְׁלוֹם הָעִיר אֲשֶׁר
הִגְלֵיתִי אֶתְכֶם שָׁמָּה וְהִתְפַּלְלוּ בַעֲדָהּ אֶל־יְהוָה כִּי
8 בִשְׁלוֹמָהּ יִהְיֶה לָכֶם שָׁלוֹם׃ כִּי כֹה אָמַר יְהוָה
צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אַל־יַשִּׁיאוּ לָכֶם נְבִיאֵיכֶם אֲשֶׁר־
בְּקִרְבְּכֶם וְקֹסְמֵיכֶם וְאַל־תִּשְׁמְעוּ אֶל־חֲלֹמֹתֵיכֶם אֲשֶׁר
9 אַתֶּם מַחְלְמִים׃ כִּי בְשֶׁקֶר הֵם נִבְּאִים לָכֶם בִּשְׁמִי לֹא
י שְׁלַחְתִּים נְאֻם־יְהוָה׃ כִּי־כֹה אָמַר יְהוָה כִּי לְפִי
מְלֹאת לְבָבֶל שִׁבְעִים שָׁנָה אֶפְקֹד אֶתְכֶם וַהֲקִמֹתִי עֲלֵיכֶם
11 אֶת־דְּבָרִי הַטּוֹב לְהָשִׁיב אֶתְכֶם אֶל־הַמָּקוֹם הַזֶּה׃ כִּי
אָנֹכִי יָדַעְתִּי אֶת־הַמַּחֲשָׁבֹת אֲשֶׁר אָנֹכִי חֹשֵׁב עֲלֵיכֶם נְאֻם־
יְהוָה מַחְשְׁבוֹת שָׁלוֹם וְלֹא לְרָעָה לָתֵת לָכֶם אַחֲרִית
12 וְתִקְוָה׃ וּקְרָאתֶם אֹתִי וַהֲלַכְתֶּם וְהִתְפַּלַּלְתֶּם אֵלָי וְשָׁמַעְתִּי
13 אֲלֵיכֶם׃ וּבִקַּשְׁתֶּם אֹתִי וּמְצָאתֶם כִּי תִדְרְשֻׁנִי בְּכָל־
14 לְבַבְכֶם׃ וְנִמְצֵאתִי לָכֶם נְאֻם־יְהוָה וְשַׁבְתִּי אֶת־שְׁבִיתְכֶם
וְקִבַּצְתִּי אֶתְכֶם מִכָּל־הַגּוֹיִם וּמִכָּל־הַמְּקוֹמוֹת אֲשֶׁר הִדַּחְתִּי
אֶתְכֶם שָׁם נְאֻם־יְהוָה וַהֲשִׁבֹתִי אֶתְכֶם אֶל־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר־
טו הִגְלֵיתִי אֶתְכֶם מִשָּׁם׃ כִּי אֲמַרְתֶּם הֵקִים לָנוּ יְהוָה
16 נְבִאִים בָּבֶלָה׃ כִּי־כֹה ׀ אָמַר יְהוָה אֶל־הַמֶּלֶךְ

היושב

v. 14 שבותכם קרי

און צו די פּריסטער און צו די פּראָפעטען און צו גאָר דאָס פּאָלק, וואָס נבוכדנאצר האָט פערטריעבען פון ירושלים נאָך בבל.

2 נאָך דעם ארויסגאַנג פון יכניה דער קעניג און דער קעניגין און האָפּ־בעדיענטע, די פירשטען פון יהודה און ירושלים און די מייסטערס און די שלאָסערס פון ירושלים.

3 דורך אלעשה דער זוהן פון שפן און גמריה דער זוהן פון חלקיה, וועמען צדקיה דער קעניג פון יהודה האָט געשיקט צו נבוכדנאצר דעם קעניג פון בבל נאָך בבל זאָגענדיג.

4 אזוי האָט געזאָגט דער עוויגער פון הערשאַפטען גאָט פון ישראל צו אלע פערטריעבענע, וואָס איך האָב פארטריעבען פון ירושלים נאָך בבל.

5 בויעט הייזער און בעוואָהנט זיי און פּפלאַנצט גערטנער און עסט זייער פרוכט.

6 נעהמט ווייבער און געבערט זיהן און טעכטער, און נעהמט פאר אייערע זיהן פרויען, און פערהייראטה אייערע טעכטער צו מענער און זאָלען זיי געבערען זיהן און טעכטער, און ווערט פערמעהרט דאָרט און ווערט ניט וועניגער.

7 און זוכט דעם פריעדען פון שטאָדט וואוהין איך האָב אייך פערטריעבען און בעט גאָט פאר איהר, ווייל מיט איהר פריעדען וועט איהר פריעדען האָבען.

8 ווייל אזוי האָט דער עוויגער פון הערשאַפטען גאָט פון ישראל געזאָגט, זאָלען אייך אייערע פּראָפעטען און אייערע ווארזאגערס ניט פערפיהרען און הערט ניט צו אייערע טרוימען וואָס איהר טרוימט אליין.

9 ווייל ליגענס פּראָפעצייען זיי אייך אין מיין נאָמען, איך האָב זיי ניט געשיקט, זאָגט גאָט.

10 ווייל אזוי האָט גאָט געזאָגט, ווען עס וועט דערפילט ווערען זיבעציג יאָהר צו בבל, וועל איך אייך בעזוכען און וועל ערפילען מיין גוט וואָרט וועגען אייך, צוריקצוקעהרען אייך אין דיעזען אָרט.

11 ווייל איך ווייס די געדאנקען וואָס איך דענק וועגען אייך, זאָגט גאָט, געדאנקען פון פריעדען און ניט צום אונגליק, געבען אייך א צוקונפט און האָפנונג.

12 און איהר וועט מיך רופען און איהר וועט געהן און בעטען צו מיר און איך וועל אייך הערען.

13 און איהר וועט מיך זוכען און וועט מיך געפינען, ווען איהר וועט מיך פאָרשען מיט אייער גאנצען הארצען.

14 און איך וועל מיך לאָזען געפינען צו אייך, זאָגט גאָט, און איך וועל צוריקקעהרען אייער געפאנגענשאפט, און איך וועל אייך צונויפזאמלען פון אלע פעלקער, און פון אלע ערטער וואָס איך האָב אייך אהין פער־שטויסען, זאָגט גאָט, און איך וועל אייך צוריקקעהרען צו דעם אָרט, וואָס איך האָב אייך פון דאָרט פערטריעבען.

15 ווען איהר וועט זאָגען: גאָט האָט פאר אונז אויפגעשטעלט פּראָפעטען אין בבל.

16 אָבער אזוי זאָגט גאָט פון דעם קעניג וואָס זיצט אויף דוד'ס טראָהן און

הַיּוֹשֵׁב אֶל־כִּסֵּא דָוִד וְאֶל־כָּל־הָעָם הַיּוֹשֵׁב בָּעִיר הַזֹּאת
17 אֲחֵיכֶם אֲשֶׁר לֹא־יָצְאוּ אִתְּכֶם בַּגּוֹלָה׃ כֹּה אָמַר
יְהוָה צְבָאוֹת הִנְנִי מְשַׁלֵּחַ בָּם אֶת־הַחֶרֶב אֶת־הָרָעָב
וְאֶת־הַדָּבֶר וְנָתַתִּי אוֹתָם כַּתְּאֵנִים הַשֹּׁעָרִים אֲשֶׁר לֹא־
18 תֵאָכַלְנָה מֵרֹעַ׃ וְרָדַפְתִּי אַחֲרֵיהֶם בַּחֶרֶב בָּרָעָב וּבַדָּבֶר
וּנְתַתִּים לְזַוֲעָה לְכֹל ׀ מַמְלְכוֹת הָאָרֶץ לְאָלָה וּלְשַׁמָּה
19 וְלִשְׁרֵקָה וּלְחֶרְפָּה בְּכָל־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר־הִדַּחְתִּים שָׁם׃ תַּחַת
אֲשֶׁר־לֹא־שָׁמְעוּ אֶל־דְּבָרַי נְאֻם־יְהוָה אֲשֶׁר שָׁלַחְתִּי
אֲלֵיהֶם אֶת־עֲבָדַי הַנְּבִאִים הַשְׁכֵּם וְשָׁלֹחַ וְלֹא שְׁמַעְתֶּם
כ נְאֻם־יְהוָה׃ וְאַתֶּם שִׁמְעוּ דְבַר־יְהוָה כָּל־הַגּוֹלָה אֲשֶׁר־
21 שִׁלַּחְתִּי מִירוּשָׁלַםִ בָּבֶלָה׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אֶל־אַחְאָב בֶּן־קוֹלָיָה וְאֶל־צִדְקִיָּהוּ בֶן־
מַעֲשֵׂיָה הַנִּבְּאִים לָכֶם בִּשְׁמִי שָׁקֶר הִנְנִי ׀ נֹתֵן אֹתָם בְּיַד
22 נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל וְהִכָּם לְעֵינֵיכֶם׃ וְלֻקַּח מֵהֶם
קְלָלָה לְכֹל גָּלוּת יְהוּדָה אֲשֶׁר בְּבָבֶל לֵאמֹר יְשִׂמְךָ יְהוָה
23 כְּצִדְקִיָּהוּ וּכְאֶחָב אֲשֶׁר־קָלָם מֶלֶךְ־בָּבֶל בָּאֵשׁ׃ יַעַן אֲשֶׁר
עָשׂוּ נְבָלָה בְּיִשְׂרָאֵל וַיְנַאֲפוּ אֶת־נְשֵׁי רֵעֵיהֶם וַיְדַבְּרוּ דָבָר
בִּשְׁמִי שֶׁקֶר אֲשֶׁר לוֹא צִוִּיתִם וְאָנֹכִי הַיּוֹדֵעַ וָעֵד נְאֻם־
24 כה יְהוָה׃ וְאֶל־שְׁמַעְיָהוּ הַנֶּחֱלָמִי תֹּאמַר לֵאמֹר׃ כֹּה־
אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר יַעַן אֲשֶׁר אַתָּה
שָׁלַחְתָּ בְשִׁמְכָה סְפָרִים אֶל־כָּל־הָעָם אֲשֶׁר בִּירוּשָׁלַםִ
וְאֶל־צְפַנְיָה בֶן־מַעֲשֵׂיָה הַכֹּהֵן וְאֶל־כָּל־הַכֹּהֲנִים לֵאמֹר׃
26 יְהוָה נְתָנְךָ כֹהֵן תַּחַת יְהוֹיָדָע הַכֹּהֵן לִהְיוֹת פְּקִדִים בֵּית
יְהוָה לְכָל־אִישׁ מְשֻׁגָּע וּמִתְנַבֵּא וְנָתַתָּה אֹתוֹ אֶל־הַמַּהְפֶּכֶת
27 וְאֶל־הַצִּינֹק׃ וְעַתָּה לָמָּה לֹא גָעַרְתָּ בְּיִרְמְיָהוּ הָעֲנְּתֹתִי
28 הַמִּתְנַבֵּא לָכֶם׃ כִּי עַל־כֵּן שָׁלַח אֵלֵינוּ בָּבֶל לֵאמֹר אֲרֻכָּה
הִיא בְּנוּ בָתִּים וְשֵׁבוּ וְנִטְעוּ גַנּוֹת וְאִכְלוּ אֶת־פְּרִיהֶן׃

ויקרא

v. 16. כ״א עַל־ v. 18. לזועה קרי v. 23. היודע קרי v. 25. יהוה ה׳

צום גאַנצען פאָלק, וואָס וואָהנט אין דיעזער שטאָדט, אייערע ברידער, וואָס זיינען ניט אוועקגעגאַנגען אין די געפאַנגענשאַפט.

17 אזוי האָט געזאָגט גאָט פון הערשאַפטען, איך שיק אָן אויף זיי דעם שווערד און דעם הונגער און די פּעסט און וועל זיי מאַכען ווי אבשייליכע פייגען וואָס זיי ווערען ניט געגעסען פאַר שלעכטקייט.

18 און איך וועל זיי נאָכיאָגען מיט שווערד, הונגער און פּעסט, און וועל זיי מאַכען פאַר א שרעק צו אַלע קעניגרייכען פון דער ערד, פאַר א פלוך, א שטוינונג, אויספייפונג און צו שאַנדע צווישען אַלע פעלקער וואוהין איך האָב זיי פערשטויסען.

19 דערפאַר וואָס זיי האָבען ניט צוגעהערט מיינע רייד, זאָגט גאָט, וואָס איך האָב געשיקט צו אייך מיינע קנעכט די פּראָפעטען, גאַנץ פריה געשיקט, און איהר האָט ניט צוגעהערט, זאָגט גאָט.

20 און איהר אָבער הערט גאָטס וואָרט איהר אַלע געפאַנגענע וואָס איך האָב געשיקט פון ירושלים נאָך בבל.

21 אזוי האָט דער עוויגער פון הערשאַפטען גאָט פון ישראל געזאָגט צו אחאָב דער זוהן פון קוליה און צדקיהו דער זוהן פון מעשיה וועלכע פּראָפעצייהען צו אייך אין מיין נאָמען פאַלש, און וועל זיי אוועקגעבען אין דער האַנד פון נבוכדראצר דער קעניג פון בבל און ער וועט זיי דערשלאָגען פאַר אייערע אויגען.

22 און פון זיי וועט גענומען ווערען א פלוך צו אַלע פערטריעבענע פון יהודה וואָס אין בבל אזוי: גאָט זאָל דיך מאַכען ווי צדקיהו און ווי אחב, וועמען דער קעניג פון בבל האָט פאַרברענט אין פייער.

23 ווייל זיי האָבען געטהאָן א שאַנדטהאַט אין ישראל, און זיי האָבען געטריעבען אונצוכט מיט די פרויען פון זייערע פריינד, און זיי האָבען גערעדט א וואָרט אין מיין נאָמען פאַלש, וואָס איך האָב ניט בעפוילען, איך אָבער ווייס עס און בין צייגע (עדות) זאָגט גאָט.

24 און צו שמעיהו דעם נחלמי זאָלסטו אזוי זאָגען.

25 אזוי האָט געזאָגט דער עוויגער פון הערשאַפטען גאָט פון ישראל, ווייל דו האָסט געשיקט אין דיין נאָמען בריעף צום גאַנצען פאָלק וואָס אין ירושלים און צו צפניה דער זוהן פון מעשיה דעם פּריסטער און צו אַלע פּריסטער אזוי:

26 גאָט האָט דיך געמאַכט פאַר פּריסטער אָנשטאָט יהוידע דעם פּריסטער, אויפזעהער צו זיין אין גאָטס הויז איבער יעדען וואהנזיניגען מאַן און יעדען וואָס שטעלט זיך ארויס פאַר א פּראָפעט, און זאָלסט איהם אריינזעטצען אין געפענגענים און אין קלאָטץ איינשליעסען.

27 און יעצט וואָרום האָסטו ניט אָנגעשריען אויף ירמיהו פון ענתות, וועלכער גיט זיך אויס צו אייך אַלס פּראָפעט.

28 דארום האָט ער זיך ערלויבט צו שיקען צו אונז אין בבל זאָגענדיג: עס וועט נאָך לאַנג דויערן, בויעט הייזער און בעוואָהנט זיי און פלאַנצט גערטנער און עסט זייער פרוכט.

29 וַיִּקְרָא צְפַנְיָה הַכֹּהֵן אֶת־הַסֵּפֶר הַזֶּה בְּאָזְנֵי יִרְמְיָהוּ
ל הַנָּבִיא׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ לֵאמֹר׃
31 שְׁלַח עַל־כָּל־הַגּוֹלָה לֵאמֹר כֹּה אָמַר יְהוָה אֶל־שְׁמַעְיָה
הַנֶּחֱלָמִי יַעַן אֲשֶׁר נִבָּא לָכֶם שְׁמַעְיָה וַאֲנִי לֹא שְׁלַחְתִּיו
32 וַיַּבְטַח אֶתְכֶם עַל־שָׁקֶר׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה הִנְנִי פֹקֵד
עַל־שְׁמַעְיָה הַנֶּחֱלָמִי וְעַל־זַרְעוֹ לֹא־יִהְיֶה לוֹ אִישׁ ׀ יוֹשֵׁב ׀
בְּתוֹךְ־הָעָם הַזֶּה וְלֹא־יִרְאֶה בַטּוֹב אֲשֶׁר־אֲנִי עֹשֶׂה־לְעַמִּי
נְאֻם־יְהוָה כִּי־סָרָה דִבֶּר עַל־יְהוָה׃

## CAP. XXX. ל

2 א הַדָּבָר אֲשֶׁר־הָיָה אֶל־יִרְמְיָהוּ מֵאֵת יְהוָה לֵאמֹר׃ כֹּה־
אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר כְּתָב־לְךָ אֵת כָּל־הַדְּבָרִים
3 אֲשֶׁר־דִּבַּרְתִּי אֵלֶיךָ אֶל־סֵפֶר׃ כִּי הִנֵּה יָמִים בָּאִים נְאֻם־
יְהוָה וְשַׁבְתִּי אֶת־שְׁבוּת עַמִּי יִשְׂרָאֵל וִיהוּדָה אָמַר יְהוָה
וַהֲשִׁבֹתִים אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר־נָתַתִּי לַאֲבוֹתָם וִירֵשׁוּהָ׃
4 וְאֵלֶּה הַדְּבָרִים אֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה אֶל־יִשְׂרָאֵל וְאֶל־יְהוּדָה׃
ה כִּי־כֹה אָמַר יְהוָה קוֹל חֲרָדָה שָׁמָעְנוּ פַּחַד וְאֵין שָׁלוֹם׃
6 שַׁאֲלוּ־נָא וּרְאוּ אִם־יֹלֵד זָכָר מַדּוּעַ רָאִיתִי כָל־גֶּבֶר יָדָיו
7 עַל־חֲלָצָיו כַּיּוֹלֵדָה וְנֶהֶפְכוּ כָל־פָּנִים לְיֵרָקוֹן׃ הוֹי כִּי
גָדוֹל הַיּוֹם הַהוּא מֵאַיִן כָּמֹהוּ וְעֵת־צָרָה הִיא לְיַעֲקֹב וּמִמֶּנָּה
8 יִוָּשֵׁעַ׃ וְהָיָה בַיּוֹם הַהוּא נְאֻם ׀ יְהוָה צְבָאוֹת אֶשְׁבֹּר
עֻלּוֹ מֵעַל צַוָּארֶךָ וּמוֹסְרוֹתֶיךָ אֲנַתֵּק וְלֹא־יַעַבְדוּ־בוֹ עוֹד
9 זָרִים׃ וְעָבְדוּ אֵת יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם וְאֵת דָּוִד מַלְכָּם אֲשֶׁר
אָקִים לָהֶם׃ וְאַתָּה אַל־תִּירָא עַבְדִּי יַעֲקֹב נְאֻם־יְהוָה
וְאַל־תֵּחַת יִשְׂרָאֵל כִּי הִנְנִי מוֹשִׁיעֲךָ מֵרָחוֹק וְאֶת־זַרְעֲךָ
מֵאֶרֶץ שִׁבְיָם וְשָׁב יַעֲקֹב וְשָׁקַט וְשַׁאֲנַן וְאֵין מַחֲרִיד׃
11 כִּי־אִתְּךָ אֲנִי נְאֻם־יְהוָה לְהוֹשִׁיעֶךָ כִּי אֶעֱשֶׂה כָלָה בְּכָל־
הַגּוֹיִם ׀ אֲשֶׁר הֲפִצוֹתִיךָ שָּׁם אַךְ אֹתְךָ לֹא־אֶעֱשֶׂה כָלָה
12 וְיִסַּרְתִּיךָ לַמִּשְׁפָּט וְנַקֵּה לֹא אֲנַקֶּךָּ׃ כִּי כֹה אָמַר

29 און צפניה דער פריסטער האָט געלעזען דיזען בריעף אין די אויערן פון ירמיהו דעם פּראָפעט.

30 און גאָטס וואָרט איז געוועזן צו ירמיהו אזוי :

31 שיק צו אַלע פערטריעבענע פאָלגענדעס : אזוי האָט גאָט געזאָגט וועגען שמעיה דעם נחלמי, ווייל ער האָט פּראָפעצייעט פאר אייך און איך האָב איהם ניט געשיקט, און ער האָט אייך געמאַכט פארזיכערן אויף פאַלשקייט.

32 דארום אזוי זאָגט גאָט, איך וועל בעשטראפען שמעיה דעם נחלמי און זיינע קינדער, קיין מאַן פון איהם וועט ניט וואָהנען צווישען דיזען פאָלק און וועט ניט זעהן די גוטעס וואָס איך וועל טהאָן צו מיין פאָלק, זאָגט גאָט, ווייל ער האָט גערעדט ווידערשפּעניגקייט געגען גאָט.

## קאַפּיטעל ל

1 דאָס וואָרט וואָס עס איז געוועזן צו ירמיה פון גאָט אזוי :

2 אזוי האָט געזאָגט דער עוויגער גאָט פון ישראל פאָלגענדעס : פערשרייב דיר אַלע ווערטער וואָס איך האָב גערעדט צו דיר אין א בוך.

3 ווייל עס וועלען קומען טעג, זאָגט גאָט, און איך וועל צוריקקעהרען די געפאַנגענשאַפט פון מיין פאָלק ישראל און יהודה, האָט גאָט געזאָגט, און איך וועל זיי צוריקקעהרען צו דיזעס לאַנד, וואָס איך האָב געגעבען צו זייערע עלטערן און זיי וועלען עס ערבען.

4 און דיזע זיינען די ווערטער וואָס גאָט האָט גערעדט איבער ישראל און איבער יהודה.

5 ווייל אזוי זאָגט גאָט, א שטימע פון ציטערנים האָבען מיר געהערט, שרעק און ניט פריעדען.

6 פרעגט נאָר און זעהט אויב א מאַן קען געבערען ? וואָרום זעה איך יעדען מאַן'ס הענד אויף זיינע לענדען אזוי ווי א געווינערין און יעדעס געזיכט האָט זיך פערקעהרט צו בלאַסקייט.

7 וועה, ווייל שרעקליך איז יענער טאָג, ער האָט ניט זיין גלייכען, אַן ענגע צייט איז עס פאר יעקב, און דאָך וועט ער פון איהר געהאָלפען ווערען.

8 און עס וועט געשעהן אין יענעם טאָג זאָגט גאָט פון הערשאַפטען, וועל איך צוברעכען זיין יאָך פון דיין האלז און צורייסען דיינע שטריק און פרעמדע וועלען זיך שוין מעהר מיט איהם ניט בעדיענען.

9 און זיי וועלען דיענען דעם עוויגען זייער גאָט און דוד זייער קעניג, וועלכען איך וועל אויפשטעלען פאר זיי.

10 און דו פירכטע נישט מיין קנעכט יעקב, זאָגט גאָט, און שרעק זיך נישט, ישראל, ווייל איך וועל דיר העלפען פון דער ווייטען און דיינע קינדער פון דעם לאַנד פון זייער געפאַנגענשאַפט און יעקב וועט זיך צוריקקעהרען און וועט זיין רוהיג און זיכער און קיינער וועט איהם נישט שרעקען.

11 ווייל מיט דיר בין איך, זאָגט גאָט, צו העלפען דיר, ווייל איך וועל אַן ענדע מאַכען מיט אַלע פעלקער, וואָס איך האָב דיר אַהין פערשפּרייט, אָבער דיך וועל איך ניט פארלענדען, איך האָב דיר געשטראָפט מיט רעכט אָבער איך וועל דיר ניט אין גאַנצען פערניכטען.

12 ווייל אזוי האָט גאָט געזאָגט : געפעהרליך איז דיין בראָך, שמערצליך דיין וואונד.

13 יְהוָה אָנוּשׁ לְשִׁבְרֵךְ נַחְלָה מַכָּתֵךְ׃ אֵין־דָּן דִּינֵךְ לְמָזוֹר
14 רְפֻאוֹת תְּעָלָה אֵין לָךְ׃ כָּל־מְאַהֲבַיִךְ שְׁכֵחוּךְ אוֹתָךְ לֹא
יִדְרֹשׁוּ כִּי מַכַּת אוֹיֵב הִכִּיתִיךְ מוּסַר אַכְזָרִי עַל רֹב עֲוֺנֵךְ
טו עָצְמוּ חַטֹּאתָיִךְ׃ מַה־תִּזְעַק עַל־שִׁבְרֵךְ אָנוּשׁ מַכְאֹבֵךְ
16 עַל ׀ רֹב עֲוֺנֵךְ עָצְמוּ חַטֹּאתַיִךְ עָשִׂיתִי אֵלֶּה לָךְ׃ לָכֵן
כָּל־אֹכְלַיִךְ יֵאָכֵלוּ וְכָל־צָרַיִךְ כֻּלָּם בַּשְּׁבִי יֵלֵכוּ וְהָיוּ שֹׁאסַיִךְ
17 לִמְשִׁסָּה וְכָל־בֹּזְזַיִךְ אֶתֵּן לָבַז׃ כִּי אַעֲלֶה אֲרֻכָה לָךְ
וּמִמַּכּוֹתַיִךְ אֶרְפָּאֵךְ נְאֻם־יְהוָה כִּי נִדָּחָה קָרְאוּ לָךְ צִיּוֹן
18 הִיא דֹּרֵשׁ אֵין לָהּ׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה הִנְנִי־שָׁב
שְׁבוּת אָהֳלֵי יַעֲקוֹב וּמִשְׁכְּנֹתָיו אֲרַחֵם וְנִבְנְתָה עִיר עַל־
19 תִּלָּהּ וְאַרְמוֹן עַל־מִשְׁפָּטוֹ יֵשֵׁב׃ וְיָצָא מֵהֶם תּוֹדָה וְקוֹל
מְשַׂחֲקִים וְהִרְבִּתִים וְלֹא יִמְעָטוּ וְהִכְבַּדְתִּים וְלֹא יִצְעָרוּ׃
כ וְהָיוּ בָנָיו כְּקֶדֶם וַעֲדָתוֹ לְפָנַי תִּכּוֹן וּפָקַדְתִּי עַל כָּל־
21 לֹחֲצָיו׃ וְהָיָה אַדִּירוֹ מִמֶּנּוּ וּמֹשְׁלוֹ מִקִּרְבּוֹ יֵצֵא וְהִקְרַבְתִּיו
וְנִגַּשׁ אֵלָי כִּי מִי הוּא־זֶה עָרַב אֶת־לִבּוֹ לָגֶשֶׁת אֵלַי נְאֻם־
22 יְהוָה׃ וִהְיִיתֶם לִי לְעָם וְאָנֹכִי אֶהְיֶה לָכֶם לֵאלֹהִים׃
23 הִנֵּה ׀ סַעֲרַת יְהוָה חֵמָה יָצְאָה סַעַר מִתְגּוֹרֵר עַל רֹאשׁ
24 רְשָׁעִים יָחוּל׃ לֹא יָשׁוּב חֲרוֹן אַף־יְהוָה עַד־עֲשֹׂתוֹ וְעַד־
כה הֲקִימוֹ מְזִמּוֹת לִבּוֹ בְּאַחֲרִית הַיָּמִים תִּתְבּוֹנְנוּ בָהּ׃ ׳בָּעֵת
הַהִיא נְאֻם־יְהוָה אֶהְיֶה לֵאלֹהִים לְכֹל מִשְׁפְּחוֹת יִשְׂרָאֵל
וְהֵמָּה יִהְיוּ־לִי לְעָם׃

## לא CAP. XXXI. לא

א ׳כֹּה אָמַר יְהוָה מָצָא חֵן בַּמִּדְבָּר עַם שְׂרִידֵי חָרֶב הָלוֹךְ
2 לְהַרְגִּיעוֹ יִשְׂרָאֵל׃ מֵרָחוֹק יְהוָה נִרְאָה לִי וְאַהֲבַת עוֹלָם
3 אֲהַבְתִּיךְ עַל־כֵּן מְשַׁכְתִּיךְ חָסֶד׃ עוֹד אֶבְנֵךְ וְנִבְנֵית
בְּתוּלַת יִשְׂרָאֵל עוֹד תַּעְדִּי תֻפַּיִךְ וְיָצָאת בִּמְחוֹל מְשַׂחֲקִים׃
4 עוֹד תִּטְּעִי כְרָמִים בְּהָרֵי שֹׁמְרוֹן נָטְעוּ נֹטְעִים וְחִלֵּלוּ׃

כי

v. 16. יוחד א׳ v. 13. מלא ו׳ v. 25. בניא כאן תחלת סמן ל״א. ל״א v. 1. הפטרה ליום שני של ר״ה

13 קיינער בעטראַכט ניט דיין פּראָצעס צו היילען, עס איז גאָר ניטאָ קיין היילמיטעל פאַר דיר.
14 אַלע דיינע ליעבהאָבער האָבען אָן דיר פערגעסען, זיי פרעגען ניט נאָך, ווייל איך האָב דיר געשלאָגען אַ פיינדליך געשלעג איין אונערבאַרעמדיג שטראָף פאַר דיינע פיעל זינד, דיינע צאָהלרייכע פעהלערען.
15 וואָס שרייסטו אויף דיין בראָך, געפעהרליך איז דיין וועהטאָג, איך האָב דיעזעס דיר געטהאָן פאַר דיינע פיעלע זינד, דיינע צאָהלרייכע פעה־לערען.
16 דאַרום אַלע וואָס האָבען דיך געגעסען וועלען אַליין געגעסען ווערען, און אַלע דיינע פיינדע, זיי אַלע וועלען געהן אין געפאַנגענשאַפט, און דיינע פּלינדרערער וועלען זיין צו פּלינדערונג און דיינע רויבער וועל איך איבער־געבען צו רויב.
17 איך וועל דיר אַרויפברענגען אַ הייל מיטעל און היילען דיר פון דיינע וואונדען, זאָגט גאָט, ווייל מען האָט דיך גערופען פערשטויסענע, זי ציון, קיינער פרעגט ניט נאָך אויף איהר.
18 אַזוי האָט גאָט געזאָגט: איך וועל דיר צוריקקעהרען די געפאַנגענע פון יעקב'ס געצעלטען, און וועל ערבאַרעמען זייערע וואָהנונגען, און די שטאָדט וועט געבויט ווערען אויף איהר בארג (הויפען) און דער פּאַלאַץ וועט זיטצען (שטעהען) אויף זיין פריהערדיגען שטייגער.
19 און עס וועט זיך הערען פון זיי אַ דאַנק־ליעד און פריידען־שטימע, און איך וועל זיי פערמעהרען און זיי וועלען ניט געמינדערט ווערען, איך וועל זיי שווער מאַכען (שעטצען) און זיי וועלען ניט גרינג גערעכענט ווערען.
20 און זיינע זיהן וועלען זיין ווי פריהער און זיין געמיינדע וועט פאַר מיר פעסטשטעהן און איך וועל שטראָפען אַלע זיינע אונטערדריקער.
21 און זיין מעכטיגער וועט זיין פון איהם אַליין, און זיין הערשער וועט אַרויסקומען פון צווישען זיך, און איך וועל איהם מאַכען גענעהנען און ער וועט קומען נאָהענט צו מיר, דען ווער וואָגט עס צו געהן צו מיר נאָהענט ? זאָגט גאָט.
22 און איהר וועט זיין מיין פאָלק און איך וועל זיין אייער גאָט.
23 נון, דער שטורם פון גאָט איז אַרויס מיט צאָרן אַ רוישענדער שטורם, אויף די קעפּ פון די זינדיגע וועט עס פאַלען.
24 דער ברענענדיגער צאָרן פון גאָט וועט זיך ניט צוריקקעהרען ביז ער וועט טהאָן און ערפילען די געדאַנקען פון זיין האַרץ, אין די לעצטע צייטען וועט איהר עס גוט בעמערקען.
25 אין יענער צייט, זאָגט גאָט, וועל איך זיין דער גאָט פון אַלע פאַמיליען פון ישראל און זיי וועלען זיין מיין פאָלק.

## קאַפּיטעל לא

1 אַזוי האָט גאָט געזאָגט: נאָך אין דער וויסטע האָט דאָס פון־שווערד־איבערגעבליעבענע־פאָלק געפונען גנאַדע, פיהרענדיג ישראל צו זיין רוהע.
2 פון דער ווייטענס האָט זיך גאָט בעוויעזען צו מיר, און מיט אַן אייביגע ליעבשאַפט האָב איך דיך געליעבט, דאַרום האָב איך דיך צוגעצויגען מיט גנאַדע.
3 איך וועל דיך ווידער אויפבויען און דו וועסט אויפגעבויט ווערען, יונג־פרוי ישראל, דו וועסט זיך נאָך ציערען מיט דיינע פּויקען און וועסט אַרויסגעהן אין אַ פרעהלאָך־טאַנץ.
4 דו וועסט ווידער פּפלאַנצען ווייגערטנער אין די בערג פון שמרון, די פּפלאַנצער וועלען פּפלאַנצען און אויסלייזען די פרוכט.

ה כִּי יֶשׁ־יוֹם קָרְאוּ נֹצְרִים בְּהַר אֶפְרָיִם קוּמוּ וְנַעֲלֶה צִיּוֹן
6 אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵינוּ׃ כִּי־כֹה ׀ אָמַר יְהוָה רָנּוּ לְיַעֲקֹב
שִׂמְחָה וְצַהֲלוּ בְּרֹאשׁ הַגּוֹיִם הַשְׁמִיעוּ הַלְלוּ וְאִמְרוּ הוֹשַׁע
7 יְהוָה אֶת־עַמְּךָ אֵת שְׁאֵרִית יִשְׂרָאֵל׃ הִנְנִי מֵבִיא אוֹתָם
מֵאֶרֶץ צָפוֹן וְקִבַּצְתִּים מִיַּרְכְּתֵי־אָרֶץ בָּם עִוֵּר וּפִסֵּחַ הָרָה
8 וְיֹלֶדֶת יַחְדָּו קָהָל גָּדוֹל יָשׁוּבוּ הֵנָּה׃ בִּבְכִי יָבֹאוּ וּבְתַחֲנוּנִים
אוֹבִילֵם אוֹלִיכֵם אֶל־נַחֲלֵי מַיִם בְּדֶרֶךְ יָשָׁר לֹא יִכָּשְׁלוּ
9 בָּהּ כִּי־הָיִיתִי לְיִשְׂרָאֵל לְאָב וְאֶפְרַיִם בְּכֹרִי הוּא׃ שִׁמְעוּ
דְבַר־יְהוָה גּוֹיִם וְהַגִּידוּ בָאִיִּים מִמֶּרְחָק וְאִמְרוּ מְזָרֵה
י יִשְׂרָאֵל יְקַבְּצֶנּוּ וּשְׁמָרוֹ כְּרֹעֶה עֶדְרוֹ׃ כִּי־פָדָה יְהוָה אֶת־
11 יַעֲקֹב וּגְאָלוֹ מִיַּד חָזָק מִמֶּנּוּ׃ וּבָאוּ וְרִנְּנוּ בִמְרוֹם־צִיּוֹן
וְנָהֲרוּ אֶל־טוּב יְהוָה עַל־דָּגָן וְעַל־תִּירֹשׁ וְעַל־יִצְהָר וְעַל־
בְּנֵי־צֹאן וּבָקָר וְהָיְתָה נַפְשָׁם כְּגַן רָוֶה וְלֹא־יוֹסִיפוּ לְדַאֲבָה
12 עוֹד׃ אָז תִּשְׂמַח בְּתוּלָה בְּמָחוֹל וּבַחֻרִים וּזְקֵנִים יַחְדָּו
וְהָפַכְתִּי אֶבְלָם לְשָׂשׂוֹן וְנִחַמְתִּים וְשִׂמַּחְתִּים מִיגוֹנָם׃
13 וְרִוֵּיתִי נֶפֶשׁ הַכֹּהֲנִים דָּשֶׁן וְעַמִּי אֶת־טוּבִי יִשְׂבָּעוּ נְאֻם־
14 יְהוָה׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה קוֹל בְּרָמָה נִשְׁמָע נְהִי בְּכִי
תַמְרוּרִים רָחֵל מְבַכָּה עַל־בָּנֶיהָ מֵאֲנָה לְהִנָּחֵם עַל־בָּנֶיהָ
טו כִּי אֵינֶנּוּ׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה מִנְעִי קוֹלֵךְ מִבֶּכִי וְעֵינַיִךְ
מִדִּמְעָה כִּי יֵשׁ שָׂכָר לִפְעֻלָּתֵךְ נְאֻם־יְהוָה וְשָׁבוּ מֵאֶרֶץ
16 אוֹיֵב׃ וְיֵשׁ־תִּקְוָה לְאַחֲרִיתֵךְ נְאֻם־יְהוָה וְשָׁבוּ בָנִים
17 לִגְבוּלָם׃ שָׁמוֹעַ שָׁמַעְתִּי אֶפְרַיִם מִתְנוֹדֵד יִסַּרְתַּנִי וָאִוָּסֵר
כְּעֵגֶל לֹא לֻמָּד הֲשִׁבֵנִי וְאָשׁוּבָה כִּי אַתָּה יְהוָה אֱלֹהָי׃
18 כִּי־אַחֲרֵי שׁוּבִי נִחַמְתִּי וְאַחֲרֵי הִוָּדְעִי סָפַקְתִּי עַל־יָרֵךְ
19 בֹּשְׁתִּי וְגַם־נִכְלַמְתִּי כִּי נָשָׂאתִי חֶרְפַּת נְעוּרָי׃ הֲבֵן יַקִּיר
לִי אֶפְרַיִם אִם יֶלֶד שַׁעֲשֻׁעִים כִּי־מִדֵּי דַבְּרִי בּוֹ זָכֹר
אֶזְכְּרֶנּוּ עוֹד עַל־כֵּן הָמוּ מֵעַי לוֹ רַחֵם אֲרַחֲמֶנּוּ נְאֻם־
יהוה

v. 7. קמץ בסגולתא  v. 11. מלעיל  v. 13. קמץ בטרחא

5 ווייל עס וועט קומען דער טאָג, ווען די וועכטער פון בארג אפרים וועלען אויסרופען, שטעהט אויף און לאָמיר ארויפגעהן נאָך ציון צו דעם עווי־גען אונזער גאָט.

6 ווייל אזוי האָט גאָט געזאָגט : זינגט מיט פרייד צו יעקב און שרייט איבער די הויפּט פון די פעלקער, לאָזט וויסען, לויבט און זאָגט : גאָט העלף דיין פאָלק, די איבערגעבליעבענע פון ישראל.

7 איך ברענג זיי, נון, פון נאָרד־זייט לאַנד און וועל זיי אויפזאמלען פון די ווינקלען פון דער ערד, אונטער זיי בלינדע און הינקעדיגע, שוואַנגערע און געווינערינס צו זאמען, א גרויס פערזאמלונג וועט זיך צוריקקעהרען אהער.

8 מיט געוויין וועלען זיי קומען און מיט געבעט וועל איך זיי ברענגען, איך וועל זיי פיהרען צו וואסער טייכען אין גלייכען וועג, זיי זאָלען אין איהם ניט געשטרויכעלט ווערען, ווייל איך בין געוואָרען א פאָטער צו ישראל און אפרים איז מיין ערשט געבאָרענער.

9 הערט פעלקער דאָס וואָרט פון גאָט און זאָגט עס אין די אינזלען פון וייטען און זאָגט, ישראל איז פערשפּרייט, אָבער ער וועט איהם איינ־זאמלען און וועט איהם היטען ווי א הירט זיין הערדע.

10 ווייל גאָט האָט בעפרייט יעקב׳ן און אויסגעלייזט איהם פון דער האַנד וואָס איז שטאַרקער פון איהם.

11 און זיי וועלען קומען און זינגען אויף די הויכקייט פון ציון און וועלען שטראָמען צו די גוטעס פון גאָט, פאַר די קאָרן, פאַר די וויין און פאַר די אויל און פאַר די יונגע שאָף און רינדער און זייער זעעלע וועט זיין ווי א וואסער רייכער גאָרטען און זיי וועלען שוין מעהר קיין שמערץ ניט האָבען.

12 דאן וועט זיך די יונגפרוי פרעהען ביים טאנצען, יונגע לייט און אַלטע מענער צוזאמען, און איך וועל פארקעהרען זייער טרויער אויף פרייד און וועל זיי טרייסטען און דערפרעהען זיי פון זייער קומער.

13 און איך וועל זעטיגען די זעעלע פון די פּריסטער מיט פעטס און מיין פאָלק וועט געניסען מיין גוטעס, זאָגט גאָט.

14 אזוי האָט גאָט געזאָגט : א שטימע ווערט געהערט אין רמה, א קלאָג פון א ביטער געוויין, רחל בעוויינט איהרע קינדער, זי לאָזט זיך ניט טרייסטען אויף איהרע קינדער, וועלכע זיינען שוין מעהר ניטאָ.

15 אזוי האָט גאָט געזאָגט : האַלט צוריק דיין שטימע פון וויינען, און דיינע אויגען פון טרעהרען, ווייל עס איז פאראן א לאָהן פאַר דיין אר־בייט זאָגט גאָט, און זיי וועלען זיך צוריקקעהרען פון דעם פיינד׳ס לאַנד.

16 און עס איז פאראן האָפנונג פאַר דיין צוקונפט, זאָגט גאָט, און די קינדער וועלען זיך צוריקקעהרען פון זייער גרענעץ.

17 איך האָב ווירקליך געהערט אפרים׳ן זיך בעקלאָגענדיג : דו האָסט מיך געשטראָפט און איך בין געשטראָפט געוואָרען ווי א ניט אויסגעלערנט קאַלב, קעהר מיך צוריק און איך וועל מיך צוריקקעהרען, ווייל דו ביזט מיין גאָט.

18 ווייל נאָך מיין צוריקקעהרען האָב איך מיך בעדענקט און נאָך מיין גע־וואָהר ווערען האָב איך זיך געשלאָגען אין זייט, און שעהם מיך איך ווער רויט, ווייל איך טראָג די שאַנדע פון מיין יוגענד.

19 איז מיר דען אפרים ניט א טהייערער זוהן, א קינד פון פערגעניגען ? ווייל ווען איך רייד וועגען איהם, געדיינק איך איהם נאָך זעהר, דארום ברומען מיינע געדערים פאַר איהם, איך וועל זיך איבער איהם געוויס דערבארעמען, זאָגט גאָט.

יְהוָֽה׃ הַצִּיבִי לָךְ צִיֻּנִים שִׂמִי לָךְ תַּמְרוּרִים שִׁתִי כ
לִבֵּךְ לַֽמְסִלָּה דֶּרֶךְ הָלָכְתִּי שׁוּבִי בְּתוּלַת יִשְׂרָאֵל שֻׁבִי
אֶל־עָרַיִךְ אֵֽלֶּה׃ עַד־מָתַי תִּתְחַמָּקִין הַבַּת הַשּׁוֹבֵבָה כִּֽי־ 21
בָרָא יְהוָה חֲדָשָׁה בָּאָרֶץ נְקֵבָה תְּסוֹבֵב גָּֽבֶר׃
כֹּֽה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל עוֹד יֹאמְרוּ אֶת־ 22
הַדָּבָר הַזֶּה בְּאֶרֶץ יְהוּדָה וּבְעָרָיו בְּשׁוּבִי אֶת־שְׁבוּתָם
יְבָרֶכְךָ יְהוָה נְוֵה־צֶדֶק הַר הַקֹּֽדֶשׁ׃ וְיָשְׁבוּ בָהּ יְהוּדָה 23
וְכָל־עָרָיו יַחְדָּו אִכָּרִים וְנָסְעוּ בַּעֵֽדֶר׃ כִּי הִרְוֵיתִי נֶפֶשׁ 24
עֲיֵפָה וְכָל־נֶפֶשׁ דָּאֲבָה מִלֵּֽאתִי׃ עַל־זֹאת הֱקִיצֹתִי וָאֶרְאֶה כה
וּשְׁנָתִי עָרְבָה לִּֽי׃ הִנֵּה יָמִים בָּאִים נְאֻם־יְהוָה 26
וְזָרַעְתִּי אֶת־בֵּית יִשְׂרָאֵל וְאֶת־בֵּית יְהוּדָה זֶרַע אָדָם וְזֶרַע
בְּהֵמָֽה׃ וְהָיָה כַּאֲשֶׁר שָׁקַדְתִּי עֲלֵיהֶם לִנְתוֹשׁ וְלִנְתוֹץ 27
וְלַהֲרֹס וּֽלְהַאֲבִיד וּלְהָרֵעַ כֵּן אֶשְׁקֹד עֲלֵיהֶם לִבְנוֹת וְלִנְטוֹעַ
נְאֻם־יְהוָֽה׃ בַּיָּמִים הָהֵם לֹא־יֹאמְרוּ עוֹד אָבוֹת אָכְלוּ 28
בֹסֶר וְשִׁנֵּי בָנִים תִּקְהֶֽינָה׃ כִּי אִם־אִישׁ בַּעֲוֺנוֹ יָמוּת כָּל־ 29
הָאָדָם הָאֹכֵל הַבֹּסֶר תִּקְהֶינָה שִׁנָּֽיו׃ הִנֵּה יָמִים בָּאִים ל
נְאֻם־יְהוָה וְכָרַתִּי אֶת־בֵּית יִשְׂרָאֵל וְאֶת־בֵּית יְהוּדָה בְּרִית
חֲדָשָֽׁה׃ לֹא כַבְּרִית אֲשֶׁר כָּרַתִּי אֶת־אֲבוֹתָם בְּיוֹם 31
הֶחֱזִיקִי בְיָדָם לְהוֹצִיאָם מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם אֲשֶׁר־הֵמָּה הֵפֵרוּ
אֶת־בְּרִיתִי וְאָנֹכִי בָּעַלְתִּי בָם נְאֻם־יְהוָֽה׃ כִּי זֹאת הַבְּרִית 32
אֲשֶׁר אֶכְרֹת אֶת־בֵּית יִשְׂרָאֵל אַחֲרֵי הַיָּמִים הָהֵם נְאֻם־
יְהוָה נָתַתִּי אֶת־תּֽוֹרָתִי בְּקִרְבָּם וְעַל־לִבָּם אֶכְתֲּבֶנָּה וְהָיִיתִי
לָהֶם לֵֽאלֹהִים וְהֵמָּה יִֽהְיוּ־לִי לְעָֽם׃ וְלֹא יְלַמְּדוּ עוֹד אִישׁ 33
אֶת־רֵעֵהוּ וְאִישׁ אֶת־אָחִיו לֵאמֹר דְּעוּ אֶת־יְהוָה כִּֽי־כוּלָּם
יֵדְעוּ אוֹתִי לְמִקְּטַנָּם וְעַד־גְּדוֹלָם נְאֻם־יְהוָה כִּי אֶסְלַח
לַעֲוֺנָם וּלְחַטָּאתָם לֹא אֶזְכָּר־עֽוֹד׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה 34
נֹתֵן שֶׁמֶשׁ לְאוֹר יוֹמָם חֻקֹּת יָרֵחַ וְכוֹכָבִים לְאוֹר לָֽיְלָה



v. 19. ע״כ   v. 20. הלכת קרי   v. 33. דגש אחר שורק

20 שטעל דיר אויף וועג צייכענונגען, מאַך דיר טייטעל זיילען, בעמערק מיט האַרץ דעם באַן, דעם וועג וואָס דו ביזט געגאַנגען, קעהר זיך צוריק יונג־פרוי פון ישראל, קעהר זיך צוריק אין דיעזע שטאָדט.

21 ביז ווי לאַנג וועסטו מיך אויסווייכען, דו ווילדע טאָכטער ? ווייל גאָט האָט בעשאַפען אַ נייעס אויף דער ערד, די פרוי וועט זיך אומדרעהען (זוכען) אַ מאַן.

22 אַזוי האָט גאָט געזאָגט, דער אייביגער פון הערשאַפטען גאָט פון ישראל, מען וועט נאָך ווידער זאָגען דיעזעס וואָרט אין לאַנד יהודה און זיינע שטעדט, ווען איך וועל צוריקקעהרען זיין געפאַנגענשאַפט, גאָט זאָל דיך בענשען, וואָהנונג פון גערעכטיגקייט, הייליגער באַרג.

23 און עס זאָלען דאַרין וואָהנען יהודה און אַלע זיינע שטעדט צוזאַמען, איהר לייטע און די וואָס רייזען אַרום מיט אַ הערדע.

24 ווייל איך האָב ערקוויקט די מיעדע זעעלע און יעדע פערשמאַכטע זעעלע האָב איך בעפריעדיגט.

25 דאַרום האָב איך זיך ערוואַכט און געזעהען, און מיין שלאָף איז מיר געוועזען זיס.

26 עס וועלען קומען צייטען, זאָגט גאָט, און איך וועל פאַרזייהען דאָס הויז ישראל און דאָס הויז יהודה מיט זוימען פון מענשען און זוימען פון פיה.

27 און עס וועט זיין, אַזוי ווי איך האָב אַכטונג געגעבען אויף זיי אום אויס־צורייסען און צוברעכען, און צושטעכען און פערניכטען און איין טהאָן שלעכטעס, אַזוי וועל איך אַכטונג געבען אויף זיי אויפצובויען און צו פערפלאַנצען, זאָגט גאָט.

28 אין יענעם טאָג וועט מען מעהר ניט זאָגען : די עלטערען האָבען געגע־סען אונצייטיגע טרויבען און די צייהן פון די זיהן זיינען איילינג גע־וואָרען.

29 נאָר יעדערער זאָל שטאַרבען פאַר זיינע זינד, יעדער וואָס עסט אונ־צייטיגע ביי דעם וועלען די צייהן ווערען איילינג.

30 נון, עס וועלען קומען טעג, זאָגט גאָט, וואָס איך וועל מאַכען מיט הויז ישראל און מיט הויז יהודה אַ נייעם בונד.

31 ניט ווי דער בונד וואָס איך האָב געמאַכט מיט זייערע עלטערען, אין דעם טאָג וואָס איך האָב אָנגענומען זייער האַנד אַרויסצופיהרען זיי פון לאַנד מצרים, וואָס זיי האָבען מיין בונד צובראָכען, אָבגלייך איך בין געוועזען זייער הערשער, זאָגט גאָט.

32 נאָר דאָס איז דער בונד, וואָס איך וועל מאַכען מיט הויז ישראל נאָך יענע צייטען, זאָגט גאָט, איך וועל אַריינגעבען מיין לעהרע צווישען זיי און אויפשרייבען עס אויף זייער האַרץ, און איך וועל זיין זייער גאָט און זיי וועלען זיין מיין פאָלק.

33 און איינער דעם אַנדערען וועט מעהר ניט דאַרפען לעהרנען, און איין ברודער דעם צווייטען אַזוי : „לעהרענט גאָט צו קענען", ווייל אַלע וועלען מיך קענען פון קליין ביז גרויס, זאָגט גאָט, ווייל איך וועל פערצייהען זייער שולד, און זייערע זינד מעהר ניט געדיינקען.

34 אַזוי האָט געזאָגט גאָט : וואָס ער האָט געמאַכט די זונן צו לייכטען ביי טאָג און די געזעצע פון דער לבנה און שטערען צו שיינען ביי נאַכט,

לה רֹגַע הַיָּם וַיֶּהֱמוּ גַלָּיו יְהוָה צְבָאוֹת שְׁמוֹ׃ אִם־יָמֻשׁוּ
הַחֻקִּים הָאֵלֶּה מִלְּפָנַי נְאֻם־יְהוָה גַּם זֶרַע יִשְׂרָאֵל יִשְׁבְּתוּ
36 מִהְיוֹת גּוֹי לְפָנַי כָּל־הַיָּמִים׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה אִם־
יִמַּדּוּ שָׁמַיִם מִלְמַעְלָה וְיֵחָקְרוּ מוֹסְדֵי־אֶרֶץ לְמָטָּה גַּם־
אֲנִי אֶמְאַס בְּכָל־זֶרַע יִשְׂרָאֵל עַל־כָּל־אֲשֶׁר עָשׂוּ נְאֻם־
37 יְהוָה׃ הִנֵּה יָמִים ׳׳ נְאֻם־יְהוָה וְנִבְנְתָה הָעִיר
38 לַיהוָה מִמִּגְדַּל חֲנַנְאֵל עַד־שַׁעַר הַפִּנָּה׃ וְיָצָא עוֹד קַוֵה
39 הַמִּדָּה נֶגְדּוֹ עַל גִּבְעַת גָּרֵב וְנָסַב גֹּעָתָה׃ וְכָל־הָעֵמֶק
הַפְּגָרִים ׀ וְהַדֶּשֶׁן וְכָל־הַשְּׁרֵמוֹת עַד־נַחַל קִדְרוֹן עַד־פִּנַּת
שַׁעַר הַסּוּסִים מִזְרָחָה קֹדֶשׁ לַיהוָה לֹא־יִנָּתֵשׁ וְלֹא־יֵהָרֵס
עוֹד לְעוֹלָם׃

## לב CAP. XXXII. לב

א הַדָּבָר אֲשֶׁר הָיָה אֶל־יִרְמְיָהוּ מֵאֵת יְהוָה בַּשְּׁנַת הָעֲשִׂרִית
לְצִדְקִיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה הִיא הַשָּׁנָה שְׁמֹנֶה־עֶשְׂרֵה שָׁנָה
2 לִנְבוּכַדְרֶאצַּר׃ וְאָז חֵיל מֶלֶךְ בָּבֶל צָרִים עַל־יְרוּשָׁלָ͏ִם
וְיִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא הָיָה כָלוּא בַּחֲצַר הַמַּטָּרָה אֲשֶׁר בֵּית־
3 מֶלֶךְ יְהוּדָה׃ אֲשֶׁר כְּלָאוֹ צִדְקִיָּהוּ מֶלֶךְ־יְהוּדָה לֵאמֹר
מַדּוּעַ אַתָּה נִבָּא לֵאמֹר כֹּה אָמַר יְהוָה הִנְנִי נֹתֵן אֶת־
4 הָעִיר הַזֹּאת בְּיַד מֶלֶךְ־בָּבֶל וּלְכָדָהּ׃ וְצִדְקִיָּהוּ מֶלֶךְ
יְהוּדָה לֹא יִמָּלֵט מִיַּד הַכַּשְׂדִּים כִּי־הִנָּתֹן יִנָּתֵן בְּיַד מֶלֶךְ־
ה בָּבֶל וְדִבֶּר־פִּיו עִם־פִּיו וְעֵינָיו אֶת־עֵינוֹ תִּרְאֶינָה׃ וּבָבֶל
יוֹלִךְ אֶת־צִדְקִיָּהוּ וְשָׁם יִהְיֶה עַד־פָּקְדִי אֹתוֹ נְאֻם־יְהוָה
6 כִּי תִלָּחֲמוּ אֶת־הַכַּשְׂדִּים לֹא תַצְלִיחוּ׃ *וַיֹּאמֶר
7 יִרְמְיָהוּ הָיָה דְּבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ הִנֵּה חֲנַמְאֵל בֶּן
שַׁלֻּם דֹּדְךָ בָּא אֵלֶיךָ לֵאמֹר קְנֵה לְךָ אֶת־שָׂדִי אֲשֶׁר
8 בַּעֲנָתוֹת כִּי לְךָ מִשְׁפַּט הַגְּאֻלָּה לִקְנוֹת׃ וַיָּבֹא אֵלַי חֲנַמְאֵל
בֶּן־דֹּדִי כִּדְבַר יְהוָה אֶל־חֲצַר הַמַּטָּרָה וַיֹּאמֶר אֵלַי קְנֵה

נא

ל״א v. 37. באים קרי ולא כתיב   v. 38. קו קרי   v. 39. השדמות קרי

ל״ב v. 1. בשנה קרי   v. 4. עיניו ק׳   v. 6. הפטרת בהר סיני   v. 7. הב׳ בקמץ

וואָס בעוועגט דאָס מעער און עס רוישען זיינע וועללען, דער אייביגער פון הערשאַפטען איז זיין נאָמען.

35 ווען דיעזע געזעצע וועלען אויפהערען פאַר מיר, זאָגט גאָט, דאַן וועלען אויך די קינדער פון ישראל אויפהערען זיין אַ פאָלק פאַר מיר אַלע צייט.

36 אזוי האָט גאָט געזאָגט ווען דער הימעל פון אויבען וועט געמאָסטען ווע־רען און די גרונדפעסטען פון דער ערד וועלען געפאָרשט ווערען דאַן וועל איך אויך פערהאַסען אַלע קינדער פון ישראל פאַר אַלעם וואָס זיי האָבען געטהאָן, זאָגט גאָט.

37 נון, עס קומען טעג, זאָגט גאָט, וואָס די שטאָדט וועט געבויט ווערען פאַר גאָט פון טהורעם חננאל ביז צום ווינקעל טהויער.

38 און נאָך ווייטער געהט די מאָס שנור פאָרווערטס ביז צום באַרג גרב און אַרומרינגלען ביז געת.

39 און דער גאַנצער טהאָל פון די טוידטע קערפּער, און די אש, און אַלע פעל־דער ביז דעם טייך קדרון, ביז דעם ווינקעל פון פערדען־טהויער נאָך אָסט־זייט וועט זיין הייליג צו גאָט, עס וועט ניט אויסגעריסען ווערען און ניט צושטערט ווערען אויף אייביג.

## קאַפּיטעל לב

1 דאָס וואָרט וואָס עס איז געוועזן צו ירמיהו פון גאָט אין דעם צעהנטען יאָהר פון צדקיהו קעניג פון יהודה, דאָס איז דאָס אכטצעהנטע יאָהר צו נבוכדראצר.

2 און דאַן האָט די אַרמעע פון קעניג פון בבל בעלאַגערט אויף ירושלים, און ירמיהו דער פּראָפעט איז געוועזן איינגעשפּאַרט אין הויף פון געפענג־ניס וואָס אין דעם הויז פון קעניג פון יהודה.

3 וועמען צדקיהו דער קעניג פון יהודה האָט פערהאַפטעט זאָגענדיג: ווארום פּראָפעצייעסטו זאָגענדיג, גאָט האָט אזוי געזאָגט, איך וועל איבערגעבען דיעזע שטאָדט אין דער האַנד פון קעניג פון בבל און ער וועט זי בעצווינגען.

4 און צדקיהו קעניג פון יהודה וועט ניט אנטלויפען פון די כשדים'ס הענד, נאָר ער וועט געוויס איבערגעגעבען ווערען אין דער האַנד פון קעניג פון בבל און זיין מויל וועט רעדען מיט זיין מויל און זיינע אויגען וועלען זעהען זיינע אויגען.

5 און נאָך בבל וועט ער אוועקפיהרען צדקיהו'ן און דאָרט וועט ער זיין ביז איך וועל איהם דערמאהנען, זאָגט גאָט, ווען איהר וועט שטרייטען מיט די כשדים וועט איהר ניט בעגליקען.

6 און ירמיהו האָט געזאָגט, עס איז געוועזן גאָטס וואָרט צו מיר אזוי,

7 חנמאל דער זוהן פון שלם דיין אָנקעל וועט קומען צו דיר זאָגען: קויף דיר מיין פעלד וואָס אין ענתות, ווייל דו האָסט דאָס אויסלייזונג רעכט עס צו קויפען.

8 און צו מיר איז געקומען חנמאל דער זוהן פון מיין אָנקעל, ווי עס איז געוועזן גאָטס וואָרט, און האָט צו מיר געזאָגט, קויף, איך בעט דיך, מיין

נָא אֶת־שָׂדִי אֲשֶׁר־בַּעֲנָתוֹת אֲשֶׁר ׀ בְּאֶרֶץ בִּנְיָמִין כִּי לְךָ
מִשְׁפַּט הַיְרֻשָּׁה וּלְךָ הַגְּאֻלָּה קְנֵה־לָךְ וָאֵדַע כִּי דְבַר־
יְהוָה הוּא׃ וָאֶקְנֶה אֶת־הַשָּׂדֶה מֵאֵת חֲנַמְאֵל בֶּן־דֹּדִי 9
אֲשֶׁר בַּעֲנָתוֹת וָאֶשְׁקֲלָה־לּוֹ אֶת־הַכֶּסֶף שִׁבְעָה שְׁקָלִים
וַעֲשָׂרָה הַכָּסֶף׃ וָאֶכְתֹּב בַּסֵּפֶר וָאֶחְתֹּם וָאָעֵד עֵדִים
וָאֶשְׁקֹל הַכֶּסֶף בְּמֹאזְנָיִם׃ וָאֶקַּח אֶת־סֵפֶר הַמִּקְנָה אֶת־ 11
הֶחָתוּם הַמִּצְוָה וְהַחֻקִּים וְאֶת־הַגָּלוּי׃ וָאֶתֵּן אֶת־הַסֵּפֶר 12
הַמִּקְנָה אֶל־בָּרוּךְ בֶּן־נֵרִיָּה בֶּן־מַחְסֵיָה לְעֵינֵי חֲנַמְאֵל דֹּדִי
וּלְעֵינֵי הָעֵדִים הַכֹּתְבִים בְּסֵפֶר הַמִּקְנָה לְעֵינֵי כָּל־הַיְּהוּדִים
הַיֹּשְׁבִים בַּחֲצַר הַמַּטָּרָה׃ וָאֲצַוֶּה אֶת־בָּרוּךְ לְעֵינֵיהֶם 13
לֵאמֹר׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל לָקוֹחַ אֶת־ 14
הַסְּפָרִים הָאֵלֶּה אֵת סֵפֶר הַמִּקְנָה הַזֶּה וְאֵת הֶחָתוּם וְאֵת
סֵפֶר הַגָּלוּי הַזֶּה וּנְתַתָּם בִּכְלִי־חָרֶשׂ לְמַעַן יַעַמְדוּ יָמִים
רַבִּים׃ כִּי כֹה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל טו
עוֹד יִקָּנוּ בָתִּים וְשָׂדוֹת וּכְרָמִים בָּאָרֶץ הַזֹּאת׃
וָאֶתְפַּלֵּל אֶל־יְהוָה אַחֲרֵי תִתִּי אֶת־סֵפֶר הַמִּקְנָה אֶל־בָּרוּךְ 16
בֶּן־נֵרִיָּה לֵאמֹר׃ אֲהָהּ אֲדֹנָי יֱהוִה הִנֵּה ׀ אַתָּה עָשִׂיתָ 17
אֶת־הַשָּׁמַיִם וְאֶת־הָאָרֶץ בְּכֹחֲךָ הַגָּדוֹל וּבִזְרֹעֲךָ הַנְּטוּיָה
לֹא־יִפָּלֵא מִמְּךָ כָּל־דָּבָר׃ עֹשֶׂה חֶסֶד לַאֲלָפִים וּמְשַׁלֵּם 18
עֲוֹן אָבוֹת אֶל־חֵיק בְּנֵיהֶם אַחֲרֵיהֶם הָאֵל הַגָּדוֹל הַגִּבּוֹר
יְהוָה צְבָאוֹת שְׁמוֹ׃ גְּדֹל הָעֵצָה וְרַב הָעֲלִילִיָּה אֲשֶׁר־ 19
עֵינֶיךָ פְקֻחוֹת עַל־כָּל־דַּרְכֵי בְּנֵי אָדָם לָתֵת לְאִישׁ כִּדְרָכָיו
וְכִפְרִי מַעֲלָלָיו׃ אֲשֶׁר שַׂמְתָּ אֹתוֹת וּמֹפְתִים בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם כ
עַד־הַיּוֹם הַזֶּה וּבְיִשְׂרָאֵל וּבָאָדָם וַתַּעֲשֶׂה־לְּךָ שֵׁם כַּיּוֹם
הַזֶּה׃ וַתֹּצֵא אֶת־עַמְּךָ אֶת־יִשְׂרָאֵל מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם בְּאֹתוֹת 21
וּבְמוֹפְתִים וּבְיָד חֲזָקָה וּבְאֶזְרוֹעַ נְטוּיָה וּבְמוֹרָא גָּדוֹל׃
וַתִּתֵּן לָהֶם אֶת־הָאָרֶץ הַזֹּאת אֲשֶׁר־נִשְׁבַּעְתָּ לַאֲבוֹתָם לָתֵת 22
לָהֶם אֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ׃ וַיָּבֹאוּ וַיִּרְשׁוּ אֹתָהּ וְלֹא־ 23

פעלד וואָס אין ענתות וואָס אין לאַנד בנימין, ווייל דו האָסט דאָס רעכט פון ערבטהייל און פון אויסלייזונג, קויף דיר. דאַן האָב איך געוואוסט, אַז דאָס איז גאָטס וואָרט.

9 און איך האָב געקויפט דאָס פעלד פון חנמאל מיין אָנקעלס זוהן וואָס אין ענתות און האָב איהם אָבגעוואויגען דאָס זילבער זיעבען שקלים און צעהן זילבער־שטיק.

10 און איך שרייב עס אין אַ בריעף און פערזיגעל און שטעל עדות און דאָס זילבער האָב איך אָבגעוואויגען אויף אַ וואַגשאַל.

11 און איך האָב גענומען דעם קויף־בריעף, דעם פערזיגעלטען נאָכ׳ן געבאָט און געזעטץ און דעם אָפענעם בריעף.

12 און איך האָב דעם קויף־בריעף געגעבען צו ברוך דער זוהן פון נריה, דער זוהן פון מחסיה פאַר די אויגען פון חנמאל מיין אָנקעל און פאַר די אויגען פון די עדות וואָס האָבען זיך אונטערגעשריעבען אין קויף־בריעף און פאַר די אויגען פון אַלע יהודים, וואָס זיינען געזעסען אין הויף פון געפענגניס.

13 און איך האָב בעפוילען ברוך׳ן פאַר זייערע אויגען זאָגענדיג:

14 אַזוי האָט געזאָגט דער עוויגער פון הערשאַפטען גאָט פון ישראל, נעהם דיעזען בריעף, דיעזען קויף־בריעף און פערזיגעלטען, און דיעזען אָפענעם בריעף, און זאָלסט זיי לעגען אין אַן ערדענע כלי, עס זאָל זיך האַלטען אויף אַ לאַנגע צייט.

15 ווייל אַזוי האָט געזאָגט דער עוויגער פון הערשאַפטען גאָט פון ישראל, עס וועלען נאָך געקויפט ווערען הייזער און פעלדער און וויינגערטנער אין דיעזען לאַנד.

16 און איך האָב געבעטען צו גאָט, נאָך מיין אָוועקגעבען דעם קויף־בריעף צו ברוך דער זוהן פון נריה אַזוי:

17 אה וועה, עוויגער גאָט, דו האָסט דאָך געמאַכט הימעל און ערד דורך דיין גרויסע קראַפט און דורך דיין אויסגעשטרעקטען אָרעם, קיין זאַך איז פאַר דיר ניט אונמעגליך.

18 דו טהוסט גנאַדע מיט טויזענדע און בעצאַהלסט די עלטערענס זינד אין דעם שויס פון זייערע קינדער נאָך זיי, גרויסער מעכטיגער גאָט, עוויגער פון הערשאַפטען איז זיין נאָמען.

19 גרויס אין ראַטה און מעכטיג אין טהאַט, וואָס דיינע אויגען זיינען אָפען איבער אַלע וועגען פון די מענשען־קינדער צו געבען יעדען מענשען נאָך זיינע וועגען נאָך, נאָך די פרוכט פון זיינע האַנדלונגען.

20 וואָס דו האָסט געטהאָן צייכען און וואונדער אין דעם לאַנד מצרים ביז דיעזען טאָג אונטער ישראל און אַנדערע מענשען, און דו האָסט זיך גע־מאַכט אַ נאָמען, ווי עס איז אין דיעזען טאָג.

21 און דו האָסט אַרויסגעצויגען דיין פאָלק ישראל פון לאַנד מצרים מיט צייכענס און מיט וואונדער און מיט אַ שטאַרקע האַנד און אויסגע־שטרעקטען אָרעם און גרויס פורכט.

22 און דו האָסט זיי געגעבען דיעזעס לאַנד, וואָס דו האָסט צוגעשוואָרען צו זייערע עלטערען, צו געבען זיי אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניג.

23 און זיי זיינען געקומען און עס געערבט, אָבער זיי האָבען ניט געהערט

שָׁמְעוּ בְקוֹלֶךָ וּבְתֹרוֹתְךָ לֹא־הָלָכוּ אֵת כָּל־אֲשֶׁר צִוִּיתָה
לָהֶם לַעֲשׂוֹת לֹא עָשׂוּ וַתַּקְרֵא אֹתָם אֵת כָּל־הָרָעָה
24 הַזֹּאת׃ הִנֵּה הַסֹּלְלוֹת בָּאוּ הָעִיר לְלָכְדָהּ וְהָעִיר נִתְּנָה
בְּיַד הַכַּשְׂדִּים הַנִּלְחָמִים עָלֶיהָ מִפְּנֵי הַחֶרֶב וְהָרָעָב וְהַדָּבֶר
כה וַאֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ הָיָה וְהִנְּךָ רֹאֶה׃ וְאַתָּה אָמַרְתָּ אֵלַי אֲדֹנָי
יֱהוִה קְנֵה־לְךָ הַשָּׂדֶה בַּכֶּסֶף וְהָעֵד עֵדִים וְהָעִיר נִתְּנָה
26 בְּיַד הַכַּשְׂדִּים׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ לֵאמֹר׃
27 הִנֵּה אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵי כָּל־בָּשָׂר הֲמִמֶּנִּי יִפָּלֵא כָּל־דָּבָר׃
28 לָכֵן כֹּה אָמַר יְהוָה הִנְנִי נֹתֵן אֶת־הָעִיר הַזֹּאת בְּיַד
29 הַכַּשְׂדִּים וּבְיַד נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל וּלְכָדָהּ׃ וּבָאוּ
הַכַּשְׂדִּים הַנִּלְחָמִים עַל־הָעִיר הַזֹּאת וְהִצִּיתוּ אֶת־הָעִיר
הַזֹּאת בָּאֵשׁ וּשְׂרָפוּהָ וְאֵת הַבָּתִּים אֲשֶׁר קִטְּרוּ עַל־גַּגּוֹתֵיהֶם
לַבַּעַל וְהִסִּכוּ נְסָכִים לֵאלֹהִים אֲחֵרִים לְמַעַן הַכְעִסֵנִי׃
ל כִּי־הָיוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל וּבְנֵי יְהוּדָה אַךְ עֹשִׂים הָרַע בְּעֵינַי
מִנְּעֻרֹתֵיהֶם כִּי בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אַךְ מַכְעִסִים אֹתִי בְּמַעֲשֵׂה
31 יְדֵיהֶם נְאֻם־יְהוָה׃ כִּי עַל־אַפִּי וְעַל־חֲמָתִי הָיְתָה לִּי
הָעִיר הַזֹּאת לְמִן־הַיּוֹם אֲשֶׁר בָּנוּ אוֹתָהּ וְעַד הַיּוֹם הַזֶּה
32 לַהֲסִירָהּ מֵעַל פָּנָי׃ עַל כָּל־רָעַת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל וּבְנֵי יְהוּדָה
אֲשֶׁר עָשׂוּ לְהַכְעִסֵנִי הֵמָּה מַלְכֵיהֶם שָׂרֵיהֶם כֹּהֲנֵיהֶם
33 וּנְבִיאֵיהֶם וְאִישׁ יְהוּדָה וְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלָםִ׃ וַיִּפְנוּ אֵלַי עֹרֶף
וְלֹא פָנִים וְלַמֵּד אֹתָם הַשְׁכֵּם וְלַמֵּד וְאֵינָם שֹׁמְעִים לָקַחַת
34 מוּסָר׃ וַיָּשִׂימוּ שִׁקּוּצֵיהֶם בַּבַּיִת אֲשֶׁר־נִקְרָא־שְׁמִי־עָלָיו
לה לְטַמְּאוֹ׃ וַיִּבְנוּ אֶת־בָּמוֹת הַבַּעַל אֲשֶׁר ׀ בְּגֵיא בֶן־הִנֹּם
לְהַעֲבִיר אֶת־בְּנֵיהֶם וְאֶת־בְּנוֹתֵיהֶם לַמֹּלֶךְ אֲשֶׁר לֹא־
צִוִּיתִים וְלֹא עָלְתָה עַל־לִבִּי לַעֲשׂוֹת הַתּוֹעֵבָה הַזֹּאת לְמַעַן
36 הַחֲטִי אֶת־יְהוּדָה׃ וְעַתָּה לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי
יִשְׂרָאֵל אֶל־הָעִיר הַזֹּאת אֲשֶׁר ׀ אַתֶּם אֹמְרִים נִתְּנָה בְּיַד

מלך־

v. 23. ובתורתך קרי ibid. קמץ בז״ק v. 27. פ״כ v. 35. החטיא קרי

צו דיין שטימע און אין דיין לעהרע זיינען זיי ניט געגאַנגען און אַלעס וואָס דו האָסט זיי בעפוילען צו טהאָן האָבען זיי ניט געטהאָן, און דער־פאַר האָסטו זיי געמאַכט טרעפען דעם גאַנצען דיעזען אונגליק.

24 נון, פון די בעלאַגערונגס־וואַלען זיינען אַריין אין שטאָדט צו בעצווינגען איהר, און די שטאָדט איז איבערגעגעבען געוואָרען אין דער האַנד פון די כשדים, וועלכע שטרייטען אויף איהר דורך שווערד און הונגער און פעסט, און דאָס וואָס דו האָסט גערעדט איז געשעהן, און דו זעהסט עס,

25 און דאָך האָסטו געזאָגט צו מיר, עוויגער גאָט, קויף דיר דאָס פעלד פאַר געלד און בעשטעטיג עס דורך עדות, די שטאָדט איז דאָך שוין אין דער האַנד פון די כשדים !

26 און גאָטס וואָרט איז געוועזן צו ירמיהו אַזוי :

27 איך בין דאָך דער עוויגער גאָט פון אַלע לייבער, איז עפּעס אַ זאַך אונ־מעגליך ביי מיר ?

28 דארום אַזוי האָט גאָט געזאָגט, איך גיב איבער דיעזע שטאָדט אין דער האַנד פון די כשדים און אין דער האַנד פון נבוכדראצר פון בבל און ער וועט זי בעצווינגען.

29 און די כשדים וועלכע שטרייטען אויף דיעזער שטאָדט וועלען קומען און אַנצינדען דיעזע שטאָדט אין פייער און זי פערברענען, און די הייזער וואָס זיי האָבען גערויכערט אויף זייערע דעכער צום בעל און געגאָסען טראַנק־אָפּפער צו אַנדערע געטער אום מיך צו דערצערנען.

30 ווייל די זיהן פון ישראל און די זיהן פון יהודה האָבען נאָר געטהאָן דאָס וואָס עס איז שלעכט אין מיינע אויגען פון זייער יוגענד אָן, ווייל די קינדער פון ישראל האָבען מיר נאָר דערצערענט מיט די ווערק פון זייערע הענד, זאָגט גאָט.

31 ווייל צו מיין צאָרען און מיין גרימצאָרן איז מיר דיעזע שטאָדט געוועזן פון דעם טאָג אָן וואָס זיי האָבען זי געבויעט ביז היינטיגען טאָג, אום איך זאָל זי אַוועקנעהמען פון מיין געזיכט.

32 פאַר אַל דאָס בייז פון די קינדער פון ישראל און די קינדער פון יהודה, וואָס זיי האָבען געטהאָן מיך צו דערצערנען, זיי, זייערע קעניגע, זייערע פירשטען, זייערע פּריסטער און זייערע פּראָפעטען און די מענער פון יהודה און די איינוואָהנער פון ירושלים.

33 און זיי האָבען זיך צו מיר געקעהרט מיט'ן נאַקען און ניט מיט'ן געזיכט, און לעהרען זיי פון גאַנץ פריה אָן און ווידער לעהרן זיי און זיי ווילען ניט הערען צו נעהמען אַ לעהרע.

34 און זיי האָבען אַריינגעשטעלט זייערע אומווירדיגקייט אין דעם הויז, וואָס מיין נאָמען איז גערופען אויף איהם צו פעראומרייניגען איהם.

35 און זיי האָבען געבויעט די במות פון בעל, וואָס אין דעם טהאָל בן־הנם, דורכצופיהרען זייערע זיהן און זייערע טעכטער צום מלך, וואָס איך האָב זיי ניט בעפוילען און עס איז מיר אויפ'ן געדאַנקען ניט אַרויף צו טהאָן דיעזע אַבשייליכקייט, אום נור צו מאַכען זינדיגען יהודה.

36 און יעצט דארום זאָגט אַזוי דער עוויגער גאָט פון ישראל איבער דיעזער שטאָדט, וואָס איהר זאָגט. זי איז איבערגעגעבען געוואָרען אין דער האַנד פון קעניג פון בבל דורך שווערד און דורך הונגער און דורך פעסט.

מֶלֶךְ־בָּבֶל בַּחֶרֶב וּבָרָעָב וּבַדָּבֶר׃ הִנְנִי מְקַבְּצָם מִכָּל־ 37
הָאֲרָצוֹת אֲשֶׁר הִדַּחְתִּים שָׁם בְּאַפִּי וּבַחֲמָתִי וּבְקֶצֶף גָּדוֹל
וַהֲשִׁבֹתִים אֶל־הַמָּקוֹם הַזֶּה וְהֹשַׁבְתִּים לָבֶטַח׃ וְהָיוּ לִי 38
לְעָם וַאֲנִי אֶהְיֶה לָהֶם לֵאלֹהִים׃ וְנָתַתִּי לָהֶם לֵב אֶחָד 39
וְדֶרֶךְ אֶחָד לְיִרְאָה אוֹתִי כָּל־הַיָּמִים לְטוֹב לָהֶם וְלִבְנֵיהֶם
אַחֲרֵיהֶם׃ וְכָרַתִּי לָהֶם בְּרִית עוֹלָם אֲשֶׁר לֹא־אָשׁוּב מ
מֵאַחֲרֵיהֶם לְהֵיטִיבִי אוֹתָם וְאֶת־יִרְאָתִי אֶתֵּן בִּלְבָבָם
לְבִלְתִּי סוּר מֵעָלָי׃ וְשַׂשְׂתִּי עֲלֵיהֶם לְהֵטִיב אוֹתָם וּנְטַעְתִּים 41
בָּאָרֶץ הַזֹּאת בֶּאֱמֶת בְּכָל־לִבִּי וּבְכָל־נַפְשִׁי׃ כִּי־ 42
כֹה אָמַר יְהוָה כַּאֲשֶׁר הֵבֵאתִי אֶל־הָעָם הַזֶּה אֵת כָּל־
הָרָעָה הַגְּדוֹלָה הַזֹּאת כֵּן אָנֹכִי מֵבִיא עֲלֵיהֶם אֶת־כָּל־
הַטּוֹבָה אֲשֶׁר אָנֹכִי דֹּבֵר עֲלֵיהֶם׃ וְנִקְנָה הַשָּׂדֶה בָּאָרֶץ 43
הַזֹּאת אֲשֶׁר ׀ אַתֶּם אֹמְרִים שְׁמָמָה הִיא מֵאֵין אָדָם וּבְהֵמָה
נִתְּנָה בְּיַד הַכַּשְׂדִּים׃ שָׂדוֹת בַּכֶּסֶף יִקְנוּ וְכָתוֹב בַּסֵּפֶר ׀ 44
וְחָתוֹם וְהָעֵד עֵדִים בְּאֶרֶץ בִּנְיָמִן וּבִסְבִיבֵי יְרוּשָׁלַ‍ִם וּבְעָרֵי
יְהוּדָה וּבְעָרֵי הָהָר וּבְעָרֵי הַשְּׁפֵלָה וּבְעָרֵי הַנֶּגֶב כִּי־אָשִׁיב
אֶת־שְׁבוּתָם נְאֻם־יְהוָה׃

## לג Cap. XXXIII. לג

וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ שֵׁנִית וְהוּא עוֹדֶנּוּ עָצוּר א
בַּחֲצַר הַמַּטָּרָה לֵאמֹר׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה עֹשָׂהּ יְהוָה יוֹצֵר 2
אוֹתָהּ לַהֲכִינָהּ יְהוָה ׀ שְׁמוֹ׃ קְרָא אֵלַי וְאֶעֱנֶךָּ וְאַגִּידָה 3
לְךָ גְּדֹלוֹת וּבְצֻרוֹת לֹא יְדַעְתָּם׃ כִּי כֹה אָמַר יְהוָה 4
אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל עַל־בָּתֵּי הָעִיר הַזֹּאת וְעַל־בָּתֵּי מַלְכֵי יְהוּדָה
הַנְּתֻצִים אֶל־הַסֹּלְלוֹת וְאֶל־הֶחָרֶב׃ בָּאִים לְהִלָּחֵם אֶת־ ה
הַכַּשְׂדִּים וּלְמַלְאָם אֶת־פִּגְרֵי הָאָדָם אֲשֶׁר הִכֵּיתִי בְאַפִּי
וּבַחֲמָתִי וַאֲשֶׁר הִסְתַּרְתִּי פָנַי מֵהָעִיר הַזֹּאת עַל כָּל־
רָעָתָם׃ הִנְנִי מַעֲלֶה־לָּהּ אֲרֻכָה וּמַרְפֵּא וּרְפָאתִים וְגִלֵּיתִי 6
לָהֶם עֲתֶרֶת שָׁלוֹם וֶאֱמֶת׃ וַהֲשִׁבֹתִי אֶת־שְׁבוּת יְהוּדָה 7

37 איך וועל זיי צונויפזאמלען פון אלע לענדער וואוהין איך האָב זיי פערשטויסען אין מיין צארן און מיין גרימצאָרן און גרויסען צאָרן, און איך וועל זיי צוריקקעהרען צו דיעזען אָרט און וועל זיי מאכען וואָהנען אין זיכערהייט.

38 און זיי וועלען מיין פאָלק זיין און איך וועל זייער גאָט זיין.

39 און איך וועל זיי געבען איין הארץ און איין וועג, מיך צו פירכטען אלע צייט, עס זאָל זיין גוט זיי און זייערע קינדער נאָך זיי.

40 און איך וועל מיט זיי שליסען איין עוויגען בונד, אז איך זאָל מיך ניט אָבקעהרען פון זיי פון גוטעס טהאָן צו זיי, און מיין פורכט וועל איך אריינגעבען אין זיין הארצען זיי זאָלען זיך ניט אָבקעהרען פון מיר.

41 און איך וועל מיך פרעהען איבער זיי, זיי גוטעס צו טהאָן, און איך וועל זיי פערפלאנצען אין דיעזעס לאנד מיט וואהרהייט מיט מיין גאנצען הארצען און מיט מיין גאנצער זעעלע.

42 ווייל אזוי האָט גאָט געזאָגט : ווי איך האָב געבראכט אויף דיעזען פאָלק דעם גאנצען דיעזען גרויסען אונגליק, אזוי וועל איך ברענגען אויף זיי אל־דאָס־גוטעס וואָס איך האָב גערעדט וועגען זיי.

43 און דאָס פעלד וועט געקויפט ווערען אין דיעזען לאנד, וואָס איהר זאָגט זי איז א וויסטע אָהן מענשען און פיה, זי איז אוועקגעגעבען געוואָרען אין דער האנד פון די כשדים.

44 פעלדער וועט מען קויפען פאר געלד און שרייבען בריעף און פערזיגלען און בעשטעטיגען מיט עדות אין דעם לאנד בנימין און אין די געגענדען פון ירושלים און אין די שטעדט פון יהודה און אין די שטעדט פון בארג און אין די שטעדט פון טהאל און אין די שטעדט פון זיד זייט, ווייל איך וועל צוריקקעהרען זייער געפאנגענשאַפט, זאָגט גאָט.

## קאפיטעל לג

1 און גאָט׳ס וואָרט איז געוועזען צו ירמיהו נאָך אמאָל, און דאן איז ער נאָך געוועזען פערשפארט אין הויף פון געפענגנים, אזוי :

2 אזוי זאָגט גאָט וואָס ער האָט זי בעשאפען, גאָט האָט זי (די ערד) בעשאפען עס פעסט צו שטעלען, גאָט איז זיין נאָמען.

3 רוף צו מיר און איך וועל דיר ענטפערען און וועל דיר זאָגען גרויסע וויכטיגע זאכען, וועלכע דו ווייסט ניט.

4 ווייל אזוי האָט געזאָגט דער עוויגער גאָט פון ישראל איבער די הייזער פון דיעזער שטאָדט און איבער די הייזער פון די קעניגע פון יהודה, וואָס זיינען צובראָכען געוואָרען צו מאכען פון זיי וואלען צו שטרייטען געגען שווערד.

5 זיי קומען צווו שטרייטען מיט די כשדים און צו פול מאכען זיי מיט טוידטע מענשען־קערפער. וואָס איך האָב געשלאָגען מיט מיין צאָרן און גרימצאָרן, און וואָס איך האָב פערבאָרגען מיין געזיכט פון דיעזער שטאָדט צוליעב זייער שלעכטס.

6 נון, איך וועל איהר ברענגען א מיטעל און א היילונג און וועל זיי היילען און וועל אויפדעקען פאר זיי פיעל פריעדען און וואַרהייט.

8 וְאֵת שְׁבוּת יִשְׂרָאֵל וּבְנִתִים כְּבָרִאשֹׁנָה׃ וְטִהַרְתִּים מִכָּל־
עֲוֺנָם אֲשֶׁר חָטְאוּ־לִי וְסָלַחְתִּי לְכוֹל־עֲוֺנוֹתֵיהֶם אֲשֶׁר
9 חָטְאוּ־לִי וַאֲשֶׁר פָּשְׁעוּ בִי׃ וְהָיְתָה לִּי לְשֵׁם שָׂשׂוֹן לִתְהִלָּה
וּלְתִפְאֶרֶת לְכֹל גּוֹיֵי הָאָרֶץ אֲשֶׁר יִשְׁמְעוּ אֶת־כָּל־הַטּוֹבָה
אֲשֶׁר אָנֹכִי עֹשֶׂה אוֹתָם וּפָחֲדוּ וְרָגְזוּ עַל כָּל־הַטּוֹבָה וְעַל
י כָּל־הַשָּׁלוֹם אֲשֶׁר אָנֹכִי עֹשֶׂה לָּהּ׃ כֹּה ׀ אָמַר
יְהוָה עוֹד יִשָּׁמַע בַּמָּקוֹם־הַזֶּה אֲשֶׁר אַתֶּם אֹמְרִים חָרֵב
הוּא מֵאֵין אָדָם וּמֵאֵין בְּהֵמָה בְּעָרֵי יְהוּדָה וּבְחֻצוֹת
יְרוּשָׁלִַם הַנְשַׁמּוֹת מֵאֵין אָדָם וּמֵאֵין יוֹשֵׁב וּמֵאֵין בְּהֵמָה׃
11 קוֹל שָׂשׂוֹן וְקוֹל שִׂמְחָה קוֹל חָתָן וְקוֹל כַּלָּה קוֹל אֹמְרִים
הוֹדוּ אֶת־יְהוָה צְבָאוֹת כִּי־טוֹב יְהוָה כִּי־לְעוֹלָם חַסְדּוֹ
מְבִאִים תּוֹדָה בֵּית יְהוָה כִּי־אָשִׁיב אֶת־שְׁבוּת־הָאָרֶץ
12 כְּבָרִאשֹׁנָה אָמַר יְהוָה׃ כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
עוֹד יִהְיֶה ׀ בַּמָּקוֹם הַזֶּה הֶחָרֵב מֵאֵין־אָדָם וְעַד־בְּהֵמָה
13 וּבְכָל־עָרָיו נְוֵה רֹעִים מַרְבִּצִים צֹאן׃ בְּעָרֵי הָהָר בְּעָרֵי
הַשְּׁפֵלָה וּבְעָרֵי הַנֶּגֶב וּבְאֶרֶץ בִּנְיָמִן וּבִסְבִיבֵי יְרוּשָׁלִַם
וּבְעָרֵי יְהוּדָה עֹד תַּעֲבֹרְנָה הַצֹּאן עַל־יְדֵי מוֹנֶה אָמַר
14 יְהוָה׃ הִנֵּה יָמִים בָּאִים נְאֻם־יְהוָה וַהֲקִמֹתִי אֶת־
הַדָּבָר הַטּוֹב אֲשֶׁר דִּבַּרְתִּי אֶל־בֵּית יִשְׂרָאֵל וְעַל־בֵּית
טו יְהוּדָה׃ בַּיָּמִים הָהֵם וּבָעֵת הַהִיא אַצְמִיחַ לְדָוִד צֶמַח
16 צְדָקָה וְעָשָׂה מִשְׁפָּט וּצְדָקָה בָּאָרֶץ׃ בַּיָּמִים הָהֵם תִּוָּשַׁע
יְהוּדָה וִירוּשָׁלִַם תִּשְׁכּוֹן לָבֶטַח וְזֶה אֲשֶׁר־יִקְרָא־לָהּ
17 יְהוָה ׀ צִדְקֵנוּ׃ כִּי־כֹה אָמַר יְהוָה לֹא־יִכָּרֵת לְדָוִד
18 אִישׁ יֹשֵׁב עַל־כִּסֵּא בֵית־יִשְׂרָאֵל׃ וְלַכֹּהֲנִים הַלְוִיִּם לֹא־
יִכָּרֵת אִישׁ מִלְּפָנָי מַעֲלֶה עוֹלָה וּמַקְטִיר מִנְחָה וְעֹשֶׂה
19 זֶּבַח כָּל־הַיָּמִים׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ לֵאמוֹר׃
כ כֹּה אָמַר יְהוָה אִם־תָּפֵרוּ אֶת־בְּרִיתִי הַיּוֹם וְאֶת־בְּרִיתִי
הַלַּיְלָה׃

יתיר v. 8. 19,

7 און וועל צוריקקעהרען די געפאנגענשאפט פון יהודה און די געפאנגענ־שאפט פון ישראל און וועל זיי אויפבויען ווי בעפאר.

8 און איך וועל זיי רייניגען פון אלע זייערע זינד, וואס זיי האבען געזינ־דיגט און פערשולדיגט געגען מיר.

9 און זי וועט מיר זיין פאר א נאמען פון פרייד, פאר א לויב און פאר א שעהנקייט פאר אלע פעלקער פון דער ערד, וועלכע וועלען הערען גאר די גוטעס, וואס איך טהו זיי און זיי וועלען זיך שרעקען און ציטערען פאר גאר דאס גוטס און פאר גאר דעם פריעדען, וואס איך טהו צו איהר.

10 אזוי האט געזאגט גאט, עס וועט נאך געהערט ווערען אין דיעזען ארט, וואס איהר זאגט ער איז וויסט, אהן מענשען און אהן פיה, אין די שטעדט פון יהודה און אין די וויסטע גאסען פון ירושלים אהן מענשען, אהן איינוואהנער און אהן פיה,

11 די שטימע פון פרייד און די שטימע פון פרעהליכקייט, די שטימע פון חתן און די שטימע פון כלה, די שטימע פון די וואס זאגען דאנקט גאט פון הערשאפטען, ווייל גאט איז גוט, ווייל זיין גנאד איז אויף עוויג, זיי וועלען ברענגען דאנק־אפפער אין גאטס הויז, ווען איך וועל צוריק־קעהרען די געפאנגענשאפט פון לאנד ווי פריהער, זאגט גאט.

12 אזוי האט געזאגט גאט פון הערשאפטען, עס וועלען נאך ווידער זיין אין דיעזען ארט, וועלכער איז וויסט אהן מענשען און זאגאר אהן פיה — וואהנונגען פאר הירטען וועלכע לאגערען שאף.

13 אין די שטעדט פון בארג, אין די שטעדט פון טהאל, און אין די שטעדט פון זיד זייט און אין לאנד בנימין און ארום ירושלים און די די שטעדט פון יהודה, וועלען נאך דורגעהען די שאף אונטער די אויפ־זיכט פון צעהלער, זאגט גאט.

14 נון יעז וועלען קומען טעג, זאגט גאט, און איך וועל ערפילען דאס גוט־ווארט, וואס איך האב גערעדט איבער'ן הויז ישראל און איבער'ן הויז יהודה.

15 אין יענע טעג און אין יענער צייט וועל איך מאכען שפראצען פון דוד א צווייג פון גערעכטיגקייט און ער וועט טהאן רעכט און גערעכטיגקייט אין לאנד.

16 אין יענע טעג וועט יהודה געהאלפען ווערען און ירושלים וועט וואהנען אין זיכערהייט און דאס איז דער נאמען וואס מען וועט זיי רופען: (די וואהנונג פון) אונזער גערעכטען גאט.

17 ווייל אזוי האט גאט געזאגט, עס זאל קיין מאל ניט פעהלען צו דוד א מאן וואס זאל זיצען אויפ'ן טראהן פון הויז ישראל.

18 און צו די פריסטער די לוים וועט ניט פעהלען א מאן פאר מיר, וואס ברענגט אויף בראנד־אפפער און רויכערט שפייז־אפפער און מאכט שלאכט־אפפער אלע צייטען.

19 און גאטס ווארט איז געוועזן צו ירמיהו אזוי:

20 אזוי האט גאט געזאגט, ווען איהר וועט קענען צושטערען מיין בונד

הַלָּיְלָה וּלְבִלְתִּי הֱיוֹת יוֹמָם־וָלַיְלָה בְּעִתָּם׃ 21 גַּם־בְּרִיתִי
תֻפַר אֶת־דָּוִד עַבְדִּי מִהְיוֹת־לוֹ בֵן מֹלֵךְ עַל־כִּסְאוֹ וְאֶת־
22 הַלְוִיִּם הַכֹּהֲנִים מְשָׁרְתָי׃ אֲשֶׁר לֹא־יִסָּפֵר צְבָא הַשָּׁמַיִם
וְלֹא יִמַּד חוֹל הַיָּם כֵּן אַרְבֶּה אֶת־זֶרַע דָּוִד עַבְדִּי וְאֶת־
23 הַלְוִיִּם מְשָׁרְתֵי אֹתִי׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ
24 לֵאמֹר׃ הֲלוֹא רָאִיתָ מָה־הָעָם הַזֶּה דִּבְּרוּ לֵאמֹר שְׁתֵּי
הַמִּשְׁפָּחוֹת אֲשֶׁר בָּחַר יְהוָה בָּהֶם וַיִּמְאָסֵם וְאֶת־עַמִּי
כה יִנְאָצוּן מִהְיוֹת עוֹד גּוֹי לִפְנֵיהֶם׃ כֹּה אָמַר יְהוָה
אִם־לֹא בְרִיתִי יוֹמָם וָלָיְלָה חֻקּוֹת שָׁמַיִם וָאָרֶץ לֹא־
26 שָׂמְתִּי׃ גַּם־זֶרַע יַעֲקוֹב וְדָוִד עַבְדִּי אֶמְאַס מִקַּחַת מִזַּרְעוֹ
מֹשְׁלִים אֶל־זֶרַע אַבְרָהָם יִשְׂחָק וְיַעֲקֹב כִּי־אָשׁוּב אֶת־
שְׁבוּתָם וְרִחַמְתִּים׃

## לד CAP. XXXIV. לד

א הַדָּבָר אֲשֶׁר־הָיָה אֶל־יִרְמְיָהוּ מֵאֵת יְהוָה וּנְבוּכַדְרֶאצַּר
מֶלֶךְ־בָּבֶל ׀ וְכָל־חֵילוֹ וְכָל־מַמְלְכוֹת אֶרֶץ מֶמְשֶׁלֶת יָדוֹ
וְכָל־הָעַמִּים נִלְחָמִים עַל־יְרוּשָׁלִַם וְעַל־כָּל־עָרֶיהָ לֵאמֹר׃
2 כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הָלֹךְ וְאָמַרְתָּ אֶל־צִדְקִיָּהוּ
מֶלֶךְ יְהוּדָה וְאָמַרְתָּ אֵלָיו כֹּה אָמַר יְהוָה הִנְנִי נֹתֵן אֶת־
3 הָעִיר הַזֹּאת בְּיַד מֶלֶךְ־בָּבֶל וּשְׂרָפָהּ בָּאֵשׁ׃ וְאַתָּה לֹא
תִמָּלֵט מִיָּדוֹ כִּי תָּפֹשׂ תִּתָּפֵשׂ וּבְיָדוֹ תִּנָּתֵן וְעֵינֶיךָ אֶת־עֵינֵי
מֶלֶךְ־בָּבֶל תִּרְאֶינָה וּפִיהוּ אֶת־פִּיךָ יְדַבֵּר וּבָבֶל תָּבוֹא׃
4 אַךְ שְׁמַע דְּבַר־יְהוָה צִדְקִיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה כֹּה־אָמַר יְהוָה
ה עָלֶיךָ לֹא תָמוּת בֶּחָרֶב׃ בְּשָׁלוֹם תָּמוּת וּבְמִשְׂרְפוֹת
אֲבוֹתֶיךָ הַמְּלָכִים הָרִאשֹׁנִים אֲשֶׁר־הָיוּ לְפָנֶיךָ כֵּן יִשְׂרְפוּ־
לָךְ וְהוֹי אָדוֹן יִסְפְּדוּ־לָךְ כִּי־דָבָר אֲנִי־דִבַּרְתִּי נְאֻם־יְהוָה׃
6 וַיְדַבֵּר יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא אֶל־צִדְקִיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה
7 אֵת כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה בִּירוּשָׁלִָם׃ וְחֵיל מֶלֶךְ־בָּבֶל

נלחמים

לג v. 26. מלא ו ibid. אשיב קרי

מיט'ן טאָג און מיין בונד מיט דער נאכט, און טאָג און נאכט זאָלען ניט זיין אין זייער צייט.

21 דאן וועט מיין בונד צושטערט ווערען וואָס איך האָב געשלאָסען מיט דוד מיין קנעכט, עס זאָל ניט זיין צו איהם אַ זוהן, וואָס זאָל רעגיערען אויף זיין טראָהן, און מיט די לוים די פּריסטער מיינע דיענער.

22 אזוי ווי עס קען ניט געצעהלט ווערען די הערשאפט פון הימעל, און עס קען ניט געמאָסטען ווערען די זאמד ביים ים, אזוי וועל איך פערמעהרען די זאמען פון דוד מיין קנעכט און די לוים וועלכע דיענען מיך.

23 און גאָטס וואָרט איז געוועזן צו ירמיהו אזוי:

24 זעהסטו ניט וואָס דיעזעס פאָלק רעדט אזוי: די צוויי פאמיליען, וואָס גאָט האָט זיי אויסגעקליעבען האָט ער יעצט פערהאסט, און מיין פאָלק פערהאסען זיי (די פעלקער) אז עס וועט שוין מעהר קיין פאָלק ניט זיין פאר זיי.

25 אזוי האָט געזאָגט גאָט, ווען עס זאָל ניט זיין מיין בונד מיט טאָג און נאכט, און ווען איך האָב ניט געמאכט מיין אָרדנונג מיט הימעל און ערד.

26 וועל איך אייך די זאמען פון יעקב און דוד מיין קנעכט פערהאסען, ניט צו נעהמען פון זיין זאמען הערשער פאר די זאמען פון אברהם, יצחק און ישראל, ווען איך וועל צוריקקעהרען זייער געפאנגענשאפט און וועל זיי דערבארעמען.

## קאַפּיטעל לד

1 דאָס וואָרט וואָס עס איז געוועזן צו ירמיהו פון גאָט, און נבוכדראצר דער קעניג פון בבל און גאָר זיין אַרמעע און אַלע קעניגרייכען פון לאנד אונ־טער די הערשאפט פון זיין האנד און אַלע פעלקער האָבען געשטרייט אויף ירושלים און אויף אַלע איהרע שטעדט, אזוי:

2 אזוי האָט דער אייביגער גאָט פון ישראל געזאָגט: געה און זאָג צו צדקיהו דעם קעניג פון יהודה, און זאָלסט זאָגען צו איהם אזוי האָט גאָט געזאָגט, נון, איך גיעב דיעזע שטאָדט אין דער האנד פון קעניג פון בבל און ער וועט זי פערברענען אין פייער.

3 און דו וועסט ניט אַנטרינען ווערען פון זיין האנד, נאָר דו וועסט געוויס געכאפּט ווערען און איבערגעגעבען ווערען אין זיין האנד, און דיינע אויגען וועלען זעהען די אויגען פון קעניג פון בבל און זיין מויל וועט ריידען מיט דיין מויל, און דו וועסט קומען נאָך בבל.

4 נאָר הער דאָס וואָרט פון גאָט, צדקיהו קעניג פון יהודה, אזוי האָט גאָט געזאָגט וועגען דיר, דו וועסט ניט געטוידט ווערען דורכ'ן שווערד.

5 דו וועסט שטאַרבען אין פריעדען, און מיט די פערברענונגען וואָס זיי־נען געמאכט געוואָרען פאר דיינע עלטערען, די ערשטע קעניגע, וועלכע זיינען געוועזן פאר דיר, וועט מען פאר דיר ברענען, און מען וועט דיך בעקלאָגען אָ, וועה, הארר! ווייל דאָס וואָרט האָב איך גערעדט, זאָגט גאָט.

6 און ירמיהו דער פּראָפעט האָט גערעדט צו צדקיהו דעם קעניג פון יהודה אַלע דיעזע ווערטער אין ירושלים.

7 און די אַרמעע פון קעניג פון בבל האָט געשטרייט מיט ירושלים און

נִלְחָמִים עַל־יְרוּשָׁלִַם וְעַל כָּל־עָרֵי יְהוּדָה הַנּוֹתָרוֹת אֶל־
לָכִישׁ וְאֶל־עֲזֵקָה כִּי הֵנָּה נִשְׁאֲרוּ בְּעָרֵי יְהוּדָה עָרֵי
8 מִבְצָר׃ הַדָּבָר אֲשֶׁר־הָיָה אֶל־יִרְמְיָהוּ מֵאֵת יְהוָה
אַחֲרֵי כְּרֹת הַמֶּלֶךְ צִדְקִיָּהוּ בְּרִית אֶת־כָּל־הָעָם אֲשֶׁר
9 בִּירוּשָׁלִַם לִקְרֹא לָהֶם דְּרוֹר׃ לְשַׁלַּח אִישׁ אֶת־עַבְדּוֹ
וְאִישׁ אֶת־שִׁפְחָתוֹ הָעִבְרִי וְהָעִבְרִיָּה חָפְשִׁים לְבִלְתִּי עֲבָד־
י בָּם בִּיהוּדִי אָחִיהוּ אִישׁ׃ וַיִּשְׁמְעוּ כָל־הַשָּׂרִים וְכָל־הָעָם
אֲשֶׁר־בָּאוּ בַבְּרִית לְשַׁלַּח אִישׁ אֶת־עַבְדּוֹ וְאִישׁ אֶת־
שִׁפְחָתוֹ חָפְשִׁים לְבִלְתִּי עֲבָד־בָּם עוֹד וַיִּשְׁמְעוּ וַיְשַׁלֵּחוּ׃
11 וַיָּשׁוּבוּ אַחֲרֵי־כֵן וַיָּשִׁבוּ אֶת־הָעֲבָדִים וְאֶת־הַשְּׁפָחוֹת
אֲשֶׁר שִׁלְּחוּ חָפְשִׁים וַיִּכְבִּישׁוּם לַעֲבָדִים וְלִשְׁפָחוֹת׃
12 13 וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ מֵאֵת יְהוָה לֵאמֹר׃ כֹּה־אָמַר
יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אָנֹכִי כָּרַתִּי בְרִית אֶת־אֲבוֹתֵיכֶם בְּיוֹם
14 הוֹצִאִי אוֹתָם מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם מִבֵּית עֲבָדִים לֵאמֹר׃ מִקֵּץ
שֶׁבַע שָׁנִים תְּשַׁלְּחוּ אִישׁ אֶת־אָחִיו הָעִבְרִי אֲשֶׁר יִמָּכֵר
לְךָ וַעֲבָדְךָ שֵׁשׁ שָׁנִים וְשִׁלַּחְתּוֹ חָפְשִׁי מֵעִמָּךְ וְלֹא־שָׁמְעוּ
טו אֲבוֹתֵיכֶם אֵלַי וְלֹא הִטּוּ אֶת־אָזְנָם׃ וַתָּשֻׁבוּ אַתֶּם הַיּוֹם
וַתַּעֲשׂוּ אֶת־הַיָּשָׁר בְּעֵינַי לִקְרֹא דְרוֹר אִישׁ לְרֵעֵהוּ וַתִּכְרְתוּ
16 בְרִית לְפָנַי בַּבַּיִת אֲשֶׁר־נִקְרָא שְׁמִי עָלָיו׃ וַתָּשֻׁבוּ וַתְּחַלְּלוּ
אֶת־שְׁמִי וַתָּשִׁבוּ אִישׁ אֶת־עַבְדּוֹ וְאִישׁ אֶת־שִׁפְחָתוֹ אֲשֶׁר־
שִׁלַּחְתֶּם חָפְשִׁים לְנַפְשָׁם וַתִּכְבְּשׁוּ אֹתָם לִהְיוֹת לָכֶם
17 לַעֲבָדִים וְלִשְׁפָחוֹת׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה אַתֶּם
לֹא־שְׁמַעְתֶּם אֵלַי לִקְרֹא דְרוֹר אִישׁ לְאָחִיו וְאִישׁ לְרֵעֵהוּ
הִנְנִי קֹרֵא לָכֶם דְּרוֹר נְאֻם־יְהוָה אֶל־הַחֶרֶב אֶל־הַדֶּבֶר
וְאֶל־הָרָעָב וְנָתַתִּי אֶתְכֶם לְזַוְעָה לְכֹל מַמְלְכוֹת הָאָרֶץ׃
18 וְנָתַתִּי אֶת־הָאֲנָשִׁים הָעֹבְרִים אֶת־בְּרִתִי אֲשֶׁר לֹא־הֵקִימוּ
אֶת־דִּבְרֵי הַבְּרִית אֲשֶׁר כָּרְתוּ לְפָנָי הָעֵגֶל אֲשֶׁר כָּרְתוּ

לשנים

v. 8. הפטרת משפטים   v. 11. יתיר י׳   v. 17. לזעוה קרי   v. 13. חסר י׳

לִשְׁנַיִם וַיַּעַבְרוּ בֵּין בְּתָרָיו׃ שָׂרֵי יְהוּדָה וְשָׂרֵי יְרוּשָׁלִַם 19
הַסָּרִסִים וְהַכֹּהֲנִים וְכֹל עַם הָאָרֶץ הָעֹבְרִים בֵּין בִּתְרֵי
הָעֵגֶל׃ וְנָתַתִּי אוֹתָם בְּיַד אֹיְבֵיהֶם וּבְיַד מְבַקְשֵׁי נַפְשָׁם כ
וְהָיְתָה נִבְלָתָם לְמַאֲכָל לְעוֹף הַשָּׁמַיִם וּלְבֶהֱמַת הָאָרֶץ׃
וְאֶת־צִדְקִיָּהוּ מֶלֶךְ־יְהוּדָה וְאֶת־שָׂרָיו אֶתֵּן בְּיַד אֹיְבֵיהֶם 21
וּבְיַד מְבַקְשֵׁי נַפְשָׁם וּבְיַד חֵיל מֶלֶךְ בָּבֶל הָעֹלִים מֵעֲלֵיכֶם׃
הִנְנִי מְצַוֶּה נְאֻם־יְהוָה וַהֲשִׁבֹתִים אֶל־הָעִיר הַזֹּאת וְנִלְחֲמוּ 22
עָלֶיהָ וּלְכָדוּהָ וּשְׂרָפֻהָ בָאֵשׁ וְאֶת־עָרֵי יְהוּדָה אֶתֵּן שְׁמָמָה
מֵאֵין יֹשֵׁב׃

## לה CAP. XXXV. לה

הַדָּבָר אֲשֶׁר־הָיָה אֶל־יִרְמְיָהוּ מֵאֵת יְהוָה בִּימֵי יְהוֹיָקִים א
בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה לֵאמֹר׃ הָלוֹךְ אֶל־בֵּית הָרֵכָבִים 2
וְדִבַּרְתָּ אוֹתָם וַהֲבִאוֹתָם בֵּית יְהוָה אֶל־אַחַת הַלְּשָׁכוֹת
וְהִשְׁקִיתָ אוֹתָם יָיִן׃ וָאֶקַּח אֶת־יַאֲזַנְיָה בֶן־יִרְמְיָהוּ בֶּן 3
חֲבַצִּנְיָה וְאֶת־אֶחָיו וְאֶת־כָּל־בָּנָיו וְאֵת כָּל־בֵּית הָרֵכָבִים׃
וָאָבִא אֹתָם בֵּית יְהוָה אֶל־לִשְׁכַּת בְּנֵי חָנָן בֶּן־יִגְדַּלְיָהוּ 4
אִישׁ הָאֱלֹהִים אֲשֶׁר־אֵצֶל לִשְׁכַּת הַשָּׂרִים אֲשֶׁר מִמַּעַל
לְלִשְׁכַּת מַעֲשֵׂיָהוּ בֶן־שַׁלֻּם שֹׁמֵר הַסַּף׃ וָאֶתֵּן לִפְנֵי ׀ בְּנֵי ה
בֵית־הָרֵכָבִים גְּבִעִים מְלֵאִים יַיִן וְכֹסוֹת וָאֹמַר אֲלֵיהֶם שְׁתוּ־
יָיִן׃ וַיֹּאמְרוּ לֹא נִשְׁתֶּה־יָּיִן כִּי יוֹנָדָב בֶּן־רֵכָב אָבִינוּ צִוָּה 6
עָלֵינוּ לֵאמֹר לֹא תִשְׁתּוּ־יַיִן אַתֶּם וּבְנֵיכֶם עַד־עוֹלָם׃ וּבַיִת 7
לֹא־תִבְנוּ וְזֶרַע לֹא־תִזְרָעוּ וְכֶרֶם לֹא־תִטָּעוּ וְלֹא יִהְיֶה לָכֶם
כִּי בָּאֳהָלִים תֵּשְׁבוּ כָּל־יְמֵיכֶם לְמַעַן תִּחְיוּ יָמִים רַבִּים
עַל־פְּנֵי הָאֲדָמָה אֲשֶׁר אַתֶּם גָּרִים שָׁם׃ וַנִּשְׁמַע בְּקוֹל 8
יְהוֹנָדָב בֶּן־רֵכָב אָבִינוּ לְכֹל אֲשֶׁר צִוָּנוּ לְבִלְתִּי שְׁתוֹת־
יַיִן כָּל־יָמֵינוּ אֲנַחְנוּ נָשֵׁינוּ בָּנֵינוּ וּבְנֹתֵינוּ׃ וּלְבִלְתִּי בְּנוֹת 9
בָּתִּים לְשִׁבְתֵּנוּ וְכֶרֶם וְשָׂדֶה וָזֶרַע לֹא יִהְיֶה־לָּנוּ׃ וַנֵּשֶׁב י

באהלים

לה v. 4. פתח בס״פ v. 7. קמץ בטעמא .Baer קמץ בז״ק

19 די פירשטען פון יהודה און די פירשטען פון ירושלים די הויפבעדיענטע און די פריעסטען און גאר דאס פאלק פון לאנד, וועלכע זיינען דורכגע־גאנגען צווישען די שטיקער פון קאלב

20 וועל איך זיי איבערגעבען אין דער האנד פון זייערע פיינדע און אין דער האנד פון זייערע פערפאלגער, און זייערע טוידטע קערפער וועט זיין פאר א שפייז צו די פויגעל פון הימעל און צו די פיה פון דער ערד.

21 און צדקיהו דעם קעניג פון יהודה און זיינע פירשטען וועל איך איבער־געבען אין דער האנד פון זייערע פיינדע און אין האנד פון זייערע פער־פאלגער און אין האנד פון דער ארמעע פון קעניג פון בבל וואס זיינען אוועקגעצויגען פון אייך.

22 נון, וועל איך בעפעהלען, זאגט גאט, און וועל זיי צוריקברענגען צו דיזער שטאדט, און זיי וועלען שטרייטען מיט איהר און זי איינגעהמען און פערברענען זי אין פייער, און די שטעדט פון יהודה וועל איך מאכען צו וויסט אהנע איינוואהנער.

## קאפיטעל לה

1 דאס ווארט וואס עס איז געוועזן צו ירמיהו פון גאט אין די טעג פון יהויקים, דער זוהן פון יאשיהו קעניג פון יהודה, אזוי :

2 געה צום הויז פון די רכבים און רייד מיט זיי און ברענג זיי אין גאט'ס הויז אין איינע פון די קאמערען און זאלסט זיי מאכען צו טרינקען וויין.

3 האב איך גענומען יאזניה דעם זוהן פון ירמיהו דער זוהן חבצניה און זיין ברודער און אלע זיינע זיהן און דאס גאנצע הויז פון די רכבים.

4 און האב זיי געבראכט אין גאט'ס הויז אין דעם קאמער פון די זיהן פון חנן דער זוהן פון גדליהו דעם געטליכען מאן, וואס ביי דעם קאמער פון די פירשטען, וואס איבער דעם קאמער פון מעשיהו דער זוהן פון שלם דער טהויער וועכטער.

5 און איך האב אוועקגעשטעלט פאר די קינדער פון רכבים'ס הויז פולע קריג מיט וויין און בעכער, און איך האב צו זיי געזאגט : טרינקט וויין !

6 און זיי האבען געזאגט : מיר וועלען ניט טרינקען קיין וויין, ווייל יונדב דער זוהן פון רכב אונזער פאטער האט אונז געזאגט אזוי : איהר זאלט ניט טרינקען קיין וויין, ניט איהר און ניט אייערע קינדער ביז אייביג.

7 און איהר זאלט ניט בויען קיין הויז און זעעהן קיין זוימען און ניט פלאנ־צען קיין וויינגארטען, דיזעס אלעס זאלט איהר ניט האבען, נאר אין געצעלטען זאלט איהר וואהנען אלע אייערע יאהרען, אום איהר זאלט לעבען פיעלע יאהרען אויף דער ערד וואס איהר האלט זיך אויף דארט.

8 און מיר האבען געהערט די שטימע פון יהונדב דער זוהן פון רכב אונזער פאטער, אלעס וואס ער האט אונז בעפעהלען, ניט צו טרינקען קיין וויין אלע אונזערע יאהרען, מיר, אונזערע פרויען, אונזערע זיהן און אונזערע טעכטער.

9 און ניט צו בויען הייזער פאר אונזער וואהנונג, און א וויינגארטען, און א פעלד און זוימען זאלען מיר ניט האבען.

11 בָּאֳהָלִים וַנִּשְׁמַע וַנַּעַשׂ כְּכֹל אֲשֶׁר־צִוָּנוּ יוֹנָדָב אָבִינוּ׃ וַיְהִי
בַּעֲלוֹת נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל אֶל־הָאָרֶץ וַנֹּאמֶר בֹּאוּ
וְנָבוֹא יְרוּשָׁלַםִ מִפְּנֵי חֵיל הַכַּשְׂדִּים וּמִפְּנֵי חֵיל אֲרָם וַנֵּשֶׁב
12 בִּירוּשָׁלָםִ׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ לֵאמֹר׃
13 כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הָלֹךְ וְאָמַרְתָּ לְאִישׁ
יְהוּדָה וּלְיוֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלָםִ הֲלוֹא תִקְחוּ מוּסָר לִשְׁמֹעַ אֶל־
14 דְּבָרַי נְאֻם־יְהוָה׃ הוּקַם אֶת־דִּבְרֵי יְהוֹנָדָב בֶּן־רֵכָב אֲשֶׁר־
צִוָּה אֶת־בָּנָיו לְבִלְתִּי שְׁתוֹת־יַיִן וְלֹא שָׁתוּ עַד־הַיּוֹם הַזֶּה
כִּי שָׁמְעוּ אֵת מִצְוַת אֲבִיהֶם וְאָנֹכִי דִּבַּרְתִּי אֲלֵיכֶם הַשְׁכֵּם
טו וְדַבֵּר וְלֹא שְׁמַעְתֶּם אֵלָי׃ וָאֶשְׁלַח אֲלֵיכֶם אֶת־כָּל־עֲבָדַי
הַנְּבִאִים ׀ הַשְׁכֵּים וְשָׁלֹחַ ׀ לֵאמֹר שֻׁבוּ־נָא אִישׁ מִדַּרְכּוֹ
הָרָעָה וְהֵיטִיבוּ מַעַלְלֵיכֶם וְאַל־תֵּלְכוּ אַחֲרֵי אֱלֹהִים
אֲחֵרִים לְעָבְדָם וּשְׁבוּ אֶל־הָאֲדָמָה אֲשֶׁר־נָתַתִּי לָכֶם
וְלַאֲבֹתֵיכֶם וְלֹא הִטִּיתֶם אֶת־אָזְנְכֶם וְלֹא שְׁמַעְתֶּם אֵלָי׃
16 כִּי הֵקִימוּ בְּנֵי יְהוֹנָדָב בֶּן־רֵכָב אֶת־מִצְוַת אֲבִיהֶם אֲשֶׁר
17 צִוָּם וְהָעָם הַזֶּה לֹא שָׁמְעוּ אֵלָי׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה
אֱלֹהֵי צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הִנְנִי מֵבִיא אֶל־יְהוּדָה וְאֶל
כָּל־יוֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלַםִ אֵת כָּל־הָרָעָה אֲשֶׁר דִּבַּרְתִּי עֲלֵיהֶם
יַעַן דִּבַּרְתִּי אֲלֵיהֶם וְלֹא שָׁמֵעוּ וָאֶקְרָא לָהֶם וְלֹא עָנוּ׃
18 וּלְבֵית הָרֵכָבִים אָמַר יִרְמְיָהוּ כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל יַעַן אֲשֶׁר שְׁמַעְתֶּם עַל־מִצְוַת יְהוֹנָדָב אֲבִיכֶם
וַתִּשְׁמְרוּ אֶת־כָּל־מִצְוֹתָיו וַתַּעֲשׂוּ כְּכֹל אֲשֶׁר־צִוָּה אֶתְכֶם׃
19 לָכֵן כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל לֹא־יִכָּרֵת אִישׁ
לְיוֹנָדָב בֶּן־רֵכָב עֹמֵד לְפָנַי כָּל־הַיָּמִים׃

## CAP. XXXVI. לו

א וַיְהִי בַּשָּׁנָה הָרְבִעִית לִיהוֹיָקִים בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה
2 הָיָה הַדָּבָר הַזֶּה אֶל־יִרְמְיָהוּ מֵאֵת יְהוָה לֵאמֹר׃ קַח־לְךָ
מְגִלַּת־סֵפֶר וְכָתַבְתָּ אֵלֶיהָ אֵת כָּל־הַדְּבָרִים אֲשֶׁר־דִּבַּרְתִּי

אליך

ל״ה v. 15. כ״א עַל

10 און אזוי האָבען מיר געוואָהנט אין געצעלטען און מיר האָבען געהערט און געטהאָן אַלעס ווי יונדב אונזער פאָטער האָט אונז בעפאָהלען.

11 און עס איז געשעהען אַז נבוכדראצר דער קעניג פון בבל אין ארויפגע־קומען אויף אונזער לאַנד, האָבען מיר געזאָגט, קומט לאָמיר קומען נאָך ירושלים צוליעב די ארמעע פון די כשדים און צוליעב די ארמעע פון ארם און אזוי וואָהנען מיר אין ירושלים.

12 און גאָט'ס וואָרט איז געוועזן צו ירמיהו אזוי:

13 אזוי האָט געזאָגט דער אייביגער פון הערשאַפטען דער גאָט פון ישראל, געה און זאָג צו די מענשען פון יהודה און צו די איינוואָהנער פון ירושלים, איהר האָט דאָך געדאַרפט ־ערפון אראָב־נעהמען א מוסר ווי צו הערען צו מיינע ווערטער, זאָגט גאָט.

14 עס ווערען דאָך אויסגעפיהרט די ווערטער פון יהונדב דער זוהן פון רכב, וואָס ער האָט בעפאָהלען זיינע קינדער ניט צו טרינקען קיין וויין, און זיי האָבען ווירקליך ניט געטרונקען ביז דיעזען טאָג, ווייל זיי האָבען גע־הערט דעם בעפעהל פון זייער פאָטער, און איך האָב גערעדט צו אייך פון גאַנץ פריה און וויעדער גערעדט און איהר האָט דאָך ניט געהערט צו מיר.

15 און איך האָב געשיקט צו אייך אַלע מיינע קנעכט די פּראָפּעטען, פון פריה אָן געשיקט זאָגענדיג: קעהרט זיך צוריק יעדער איינער פון זיין שלעכטען וועג און בעסערט אויס אייערע טהאַטען און געהט ניט נאָך אנדערע געטער צו דיענען זיי, און בלייבט וואָהנען אויף דער ערד וואָס איך האָב געגעבען צו אייך און צו אייערע עלטערען, און איהר האָט אָבער אייער אויער ניט צוגעלעגט און האָט ניט געהערט צו מיר.

16 ווייל די זיהן פון יהונדב דער זוהן רכב האַלטען דעם בעפעהל פון זייער פאָטער, וואָס ער האָט זיי בעפאָהלען, און דיעזעס פאָלק האָבען ניט צו־געהערט צו מיר.

17 דארום אזוי זאָגט דער אייביגער גאָט פון די הערשאַפטען גאָט פון ישראל, נון, איך ברענג אויף יהודה און אויף ירושלים דעם גאַנצען אונגליק וואָס איך האָב גערעדט איבער זיי, ווייל איך האָב גערעדט און זיי האָבען ניט געהערט, און איך האָב צו זיי גערופען און זיי האָבען ניט געענטפערט.

18 און צו דעם הויז פון די רכבים האָט ירמיהו געזאָגט, אזוי האָט גאָט גע־זאָגט, ווייל איהר האָט געהערט דעם בעפעהל פון אייער פאָטער יהונדב, אוּן איהר האָט געהיט אַלע זיינע געבאָט און איהר האָט געטהאָן אַלעס ווי ער האָט אייך בעפאָהלען.

19 דערפאר, זאָגט דער אייביגער פון הערשאַפטען גאָט פון ישראל, וועט ניט פעהלען א מאַן צו יונדב דער זוהן פון רכב וואָס זאָל פאר מיר שטעהען אַלע צייט.

## קאַפּיטעל לו

1 און עס איז געשעהען אין דעם פיערטען יאָהר פון יהויקים דער זוהן פון יאשיהו קעניג פון יהודה. איז געוועזן דיעזעס וואָרט צו ירמיהו פון גאָט אזוי:

2 נעהם דיר א ראָלל־בוך (מגילה) און שרייב אויף איהר אַלע ווערטער וואָס איך האָב גערעדט צו דיר איבער ישראל און איבער יהודה און איבער אַלע

אֵלֶיךָ עַל־יִשְׂרָאֵל וְעַל־יְהוּדָה וְעַל־כָּל־הַגּוֹיִם מִיּוֹם דִּבַּרְתִּי
אֵלֶיךָ מִימֵי יֹאשִׁיָּהוּ וְעַד הַיּוֹם הַזֶּה׃ אוּלַי יִשְׁמְעוּ בֵּית 3
יְהוּדָה אֵת כָּל־הָרָעָה אֲשֶׁר אָנֹכִי חֹשֵׁב לַעֲשׂוֹת לָהֶם
לְמַעַן יָשׁוּבוּ אִישׁ מִדַּרְכּוֹ הָרָעָה וְסָלַחְתִּי לַעֲוֺנָם
וּלְחַטָּאתָם׃ וַיִּקְרָא יִרְמְיָהוּ אֶת־בָּרוּךְ בֶּן־נֵרִיָּה 4
וַיִּכְתֹּב בָּרוּךְ מִפִּי יִרְמְיָהוּ אֵת כָּל־דִּבְרֵי יְהוָה אֲשֶׁר־דִּבֶּר
אֵלָיו עַל־מְגִלַּת־סֵפֶר׃ וַיְצַוֶּה יִרְמְיָהוּ אֶת־בָּרוּךְ לֵאמֹר ה
אֲנִי עָצוּר לֹא אוּכַל לָבוֹא בֵּית יְהוָה׃ וּבָאתָ אַתָּה וְקָרָאתָ 6
בַמְּגִלָּה אֲשֶׁר־כָּתַבְתָּ מִפִּי אֶת־דִּבְרֵי יְהוָה בְּאָזְנֵי הָעָם
בֵּית יְהוָה בְּיוֹם צוֹם וְגַם בְּאָזְנֵי כָל־יְהוּדָה הַבָּאִים
מֵעָרֵיהֶם תִּקְרָאֵם׃ אוּלַי תִּפֹּל תְּחִנָּתָם לִפְנֵי יְהוָה וְיָשֻׁבוּ 7
אִישׁ מִדַּרְכּוֹ הָרָעָה כִּי־גָדוֹל הָאַף וְהַחֵמָה אֲשֶׁר־דִּבֶּר
יְהוָה אֶל־הָעָם הַזֶּה׃ וַיַּעַשׂ בָּרוּךְ בֶּן־נֵרִיָּה כְּכֹל אֲשֶׁר־ 8
צִוָּהוּ יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא לִקְרֹא בַסֵּפֶר דִּבְרֵי יְהוָה בֵּית
יְהוָה׃ וַיְהִי בַשָּׁנָה הַחֲמִשִׁית לִיהוֹיָקִים בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ 9
מֶלֶךְ־יְהוּדָה בַּחֹדֶשׁ הַתְּשִׁעִי קָרְאוּ צוֹם לִפְנֵי יְהוָה כָּל־
הָעָם בִּירוּשָׁלָםִ וְכָל־הָעָם הַבָּאִים מֵעָרֵי יְהוּדָה בִּירוּשָׁלָםִ׃
וַיִּקְרָא בָרוּךְ בַּסֵּפֶר אֶת־דִּבְרֵי יִרְמְיָהוּ בֵּית יְהוָה בְּלִשְׁכַּת י
גְּמַרְיָהוּ בֶן־שָׁפָן הַסֹּפֵר בֶּחָצֵר הָעֶלְיוֹן פֶּתַח שַׁעַר בֵּית־
יְהוָה הֶחָדָשׁ בְּאָזְנֵי כָּל־הָעָם׃ וַיִּשְׁמַע מִכָיְהוּ בֶן־גְּמַרְיָהוּ 11
בֶן־שָׁפָן אֶת־כָּל־דִּבְרֵי יְהוָה מֵעַל־הַסֵּפֶר׃ וַיֵּרֶד בֵּית־ 12
הַמֶּלֶךְ עַל־לִשְׁכַּת הַסֹּפֵר וְהִנֵּה־שָׁם כָּל־הַשָּׂרִים יוֹשְׁבִים
אֱלִישָׁמָע הַסֹּפֵר וּדְלָיָהוּ בֶן־שְׁמַעְיָהוּ וְאֶלְנָתָן בֶּן־עַכְבּוֹר
וּגְמַרְיָהוּ בֶן־שָׁפָן וְצִדְקִיָּהוּ בֶן־חֲנַנְיָהוּ וְכָל־הַשָּׂרִים׃ וַיַּגֵּד 13
לָהֶם מִכָיְהוּ אֵת כָּל־הַדְּבָרִים אֲשֶׁר שָׁמֵעַ בִּקְרֹא בָרוּךְ
בַּסֵּפֶר בְּאָזְנֵי הָעָם׃ וַיִּשְׁלְחוּ כָל־הַשָּׂרִים אֶל־בָּרוּךְ אֶת־ 14
יְהוּדִי בֶּן־נְתַנְיָהוּ בֶּן־שֶׁלֶמְיָהוּ בֶן־כּוּשִׁי לֵאמֹר הַמְּגִלָּה
אֲשֶׁר קָרָאתָ בָּהּ בְּאָזְנֵי הָעָם קָחֶנָּה בְיָדְךָ וָלֵךְ וַיִּקַּח

פעלקער, פונ׳ם טאָג אָן וואָס איך האָב צו דיר גערעדט, פון די טעג פון יאשיהו און ביז דיעזען טאָג.

3 פיעלייכט וועלען דאָס הויז פון יהודה הערען אַלע שלעכטעס, וואָס איך דענק צו טהאָן מיט זיי, אום זיי זאָלען צוריקקעהרען יעדערער פון זיין שלעכטען וועג, און דאַן וועל איך פערגעבען זייער שולד און זייער זינד.

4 און ירמיהו האָט גערופען ברוך דעם זוהן פון נריה און ברוך האָט געשריעבען פון ירמיהו׳ס מויל אַלע ווערטער פון גאָט וואָס ער האָט צו איהם גערעדט אויף א ראָלל־בוך (מגלה).

5 און ירמיהו האָט בעפאָהלען ברוך׳ן אזוי : איך בין פערהאַפטעט, איך קען ניט קומען אין גאָט׳ס הויז.

6 זאָלסטו קומען און לעזען אין דער מגלה, וואָס דו האָסט געשריעבען פון מיין מויל, גאָט׳ס ווערטער אין די אויערען פון פאָלק אין גאָט׳ס הויז אין א פאסט־טאָג, און אויך אין די אויערען פון גאַנץ יהודה, וואָס זיי קומען פון זייערע שטעדט זאָלסטו זיי לייענען.

7 פיללייכט וועט זייער געבעט פאַלען פאַר גאָט און זיי וועלען זיך צוריקקעהרען יעדערער פון זיין שלעכטען וועג, ווייל גרויס זיינען דער צאָרן און דער גרימצאָרן, וואָס גאָט האָט גערעדט איבער דיעזען פאָלק.

8 און ברוך דער זוהן פון נריה האָט געטהאָן אַלעס ווי ירמיהו דער פּראָפעט האָט איהם געהייסען, צו לעזען אין דעם בוך גאָט׳ס ווערטער אין גאָט׳ס הויז.

9 און עס איז געוועזען אין דעם פינפטען יאָהר צו יהויקים דער זוהן פון יאשיהו קעניג פון יהודה, אין דעם ניינטען מאָנאַט, האָבען זיי אויסגערופען א פאסט־טאָג פאַר גאָט, גאָר דאָס פאָלק אין ירושלים און גאָר דאָס פאָלק, וואָס זיינען געקומען פון די שטעדט פון יהודה און ירושלים.

10 און ברוך דער זוהן פון נריה האָט געלעזען אין דעם בוך ירמיהו׳ס ווערטער אין גאָט׳ס הויז, אין דעם קאַמער פון גמריהו דער זוהן פון שפן דעם שרייבער אין דעם אויבערשטען הויף אין דעם אריינגאַנג פון נייעם טהויער פון גאָט׳ס הויז, אין די אויערען פון גאָר דאָס פאָלק.

11 און מכיהו דער זוהן פון גמריהו דער זוהן פון שפן האָט געהערט אַלע ווערטער פון גאָט אויס דעם בוך.

12 און ער איז אַרונטערגעגאַנגען אין דעם קעניגס הויז אין קאַמער פון שרייבער און דאָרט זיינען געזעסען אַלע פירשטען : אלישמע דער שרייבער און דליהו דער זוהן פון שמעיהו און אלנתן דער זוהן פון עכבור און גמריהו דער זוהן פון שפן און צדקיהו דער זוהן פון חנניה און אַלע פירשטען.

13 און מכיהו האָט זיי געזאָגט אַלע ווערטער, וואָס ער האָט געהערט, ווען ברוך האָט געלעזען אין דעם בוך אין די אויערען פון פאָלק.

14 האָבען אַלע פירשטען געשיקט צו ברוך׳ן יהודה דעם זוהן שלמיהו דער זוהן פון כוש, זאָגענדיג : די מגלה וואָס דו האָסט אין איהר געלעזען אין די אויערען פון פאָלק, נעהם זי אין דיין האַנד און געה, און ברוך דער זוהן פון נריהו האָט גענומען די מגלה אין זיין האַנד און איז געקומען צו זיי.

טו בָּרוּךְ בֶּן־נֵרִיָּהוּ אֶת־הַמְּגִלָּה בְּיָדוֹ וַיָּבֹא אֲלֵיהֶם׃ וַיֹּאמְרוּ
אֵלָיו שֵׁב־נָא וּקְרָאֶנָּה בְּאָזְנֵינוּ וַיִּקְרָא בָרוּךְ בְּאָזְנֵיהֶם׃
16 וַיְהִי כְּשָׁמְעָם אֶת־כָּל־הַדְּבָרִים פָּחֲדוּ אִישׁ אֶל־רֵעֵהוּ
וַיֹּאמְרוּ אֶל־בָּרוּךְ הַגֵּיד נַגִּיד לַמֶּלֶךְ אֵת כָּל־הַדְּבָרִים
17 הָאֵלֶּה׃ וְאֶת־בָּרוּךְ שָׁאֲלוּ לֵאמֹר הַגֶּד־נָא לָנוּ אֵיךְ כָּתַבְתָּ
18 אֶת־כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה מִפִּיו׃ וַיֹּאמֶר לָהֶם בָּרוּךְ מִפִּיו
יִקְרָא אֵלַי אֵת כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה וַאֲנִי כֹּתֵב עַל־הַסֵּפֶר
19 בַּדְּיוֹ׃ וַיֹּאמְרוּ הַשָּׂרִים אֶל־בָּרוּךְ לֵךְ הִסָּתֵר אַתָּה
כ וְיִרְמְיָהוּ וְאִישׁ אַל־יֵדַע אֵיפֹה אַתֶּם׃ וַיָּבֹאוּ אֶל־הַמֶּלֶךְ
חָצֵרָה וְאֶת־הַמְּגִלָּה הִפְקִדוּ בְּלִשְׁכַּת אֱלִישָׁמָע הַסֹּפֵר
21 וַיַּגִּידוּ בְּאָזְנֵי הַמֶּלֶךְ אֵת כָּל־הַדְּבָרִים׃ וַיִּשְׁלַח הַמֶּלֶךְ
אֶת־יְהוּדִי לָקַחַת אֶת־הַמְּגִלָּה וַיִּקָּחֶהָ מִלִּשְׁכַּת אֱלִישָׁמָע
הַסֹּפֵר וַיִּקְרָאֶהָ יְהוּדִי בְּאָזְנֵי הַמֶּלֶךְ וּבְאָזְנֵי כָּל־הַשָּׂרִים
22 הָעֹמְדִים מֵעַל הַמֶּלֶךְ׃ וְהַמֶּלֶךְ יוֹשֵׁב בֵּית הַחֹרֶף בַּחֹדֶשׁ
23 הַתְּשִׁיעִי וְאֶת־הָאָח לְפָנָיו מְבֹעָרֶת׃ וַיְהִי ׀ כִּקְרוֹא יְהוּדִי
שָׁלֹשׁ דְּלָתוֹת וְאַרְבָּעָה יִקְרָעֶהָ בְּתַעַר הַסֹּפֵר וְהַשְׁלֵךְ
אֶל־הָאֵשׁ אֲשֶׁר אֶל־הָאָח עַד־תֹּם כָּל־הַמְּגִלָּה עַל־הָאֵשׁ
24 אֲשֶׁר עַל־הָאָח׃ וְלֹא פָחֲדוּ וְלֹא קָרְעוּ אֶת־בִּגְדֵיהֶם
הַמֶּלֶךְ וְכָל־עֲבָדָיו הַשֹּׁמְעִים אֵת כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה׃
כה וְגַם אֶלְנָתָן וּדְלָיָהוּ וּגְמַרְיָהוּ הִפְגִּעוּ בַמֶּלֶךְ לְבִלְתִּי שְׂרֹף
26 אֶת־הַמְּגִלָּה וְלֹא שָׁמַע אֲלֵיהֶם׃ וַיְצַוֶּה הַמֶּלֶךְ אֶת־
יְרַחְמְאֵל בֶּן־הַמֶּלֶךְ וְאֶת־שְׂרָיָהוּ בֶן־עַזְרִיאֵל וְאֶת־שֶׁלֶמְיָהוּ
בֶּן־עַבְדְּאֵל לָקַחַת אֶת־בָּרוּךְ הַסֹּפֵר וְאֵת יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא
27 וַיַּסְתִּרֵם יְהוָה׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ אַחֲרֵי ׀
שְׂרֹף הַמֶּלֶךְ אֶת־הַמְּגִלָּה וְאֶת־הַדְּבָרִים אֲשֶׁר כָּתַב
28 בָּרוּךְ מִפִּי יִרְמְיָהוּ לֵאמֹר׃ שׁוּב קַח־לְךָ מְגִלָּה אַחֶרֶת
וּכְתֹב עָלֶיהָ אֵת כָּל־הַדְּבָרִים הָרִאשֹׁנִים אֲשֶׁר הָיוּ עַל־
הַמְּגִלָּה הָרִאשֹׁנָה אֲשֶׁר שָׂרַף יְהוֹיָקִים מֶלֶךְ־יְהוּדָה׃

15 און זיי האָבען איהם געזאָגט זעטץ זיך נאָר און לעז זי אין אונזערע אויערען, און ברוך האָט געלעזען אין זייערע אויערען.

16 און עס איז געווען ווען זיי האָבען געהערט אַלע ווערטער האָבען זיי זיך דערשראָקען איינער אַנטקעגען דעם אַנדערען און זיי האָבען געזאָגט צו ברוך'ן, מיר מוזען אַלע דיעזע ווערטער זאָגען צו קעניג.

17 און זיי האָבען געפרעגט ברוך'ן אַזוי : זאָג אונז נאָר ווי אַזוי האָסטו געשריעבען אַלע דיעזע ווערטער פון זיין מויל ?

18 און ברוך האָט געזאָגט צו זיי, פון זיין מויל האָט ער מיר דיקטירט אַלע דיעזע ווערטער און איך האָב געשריעבען מיט טינט.

19 און די פירשטען האָבען געזאָגט צו ברוך'ן געה און בעהאַלט זיך, דו און ירמיהו, קיינער זאָל ניט וויסען וואו איהר זייט.

20 און זיי זיינען געקומען צום קעניג אין הויף און די מגלה האָבען זיי איבערגעלאָזען אין דעם קאַמער פון אלישמע דעם שרייבער, און זיי האָבען געזאָגט אַלע ווערטער אין די אויערען פון קעניג.

21 און דער קעניג האָט געשיקט יהודי'ן צו נעהמען די מגלה, און ער האָט זי גענומען פונ'ם קאַמער פון אלישמע דעם שרייבער, און יהודי האָט זי געלעזען אין די אויערען פון קעניג און אין די אויערען פון אַלע פירשטען, וועלכע זיינען געשטאַנען אַרום דעם קעניג.

22 און דער קעניג איז געזעסען אין דעם ווינטער־הויז אין דעם ניינטען מאָנאַט, און דער פייערטאָפּ האָט געברענט פאַר איהם.

23 און עס איז געווען, ווען יהודי האָט געלעזען דריי זייטען אָדער פיער האָט ער צושניטען מיט'ן פּעדער מעסער און געוואָרפען אויפ'ן פייער וואָס אין פייערטאָפּ, ביז די גאַנצע מגלה איז פערברענט געוואָרען אויפ'ן פייער וואָס אין פייער טאָפּ.

24 און זיי האָבען זיך ניט געשראָקען און ניט צוריסען זייערע קליידער, דער קעניג און זיינע קנעכט, וואָס האָבען געהערט אַלע דיעזע ווערטער.

25 און (אָבוואָהל) אויך אלנתן און דליהו און גמריהו האָבען זיך געבעטען ביים קעניג ער זאָל ניט פערברענען די מגלה, ער האָט אָבער זיי ניט געהערט.

26 און דער קעניג האָט בעפאָהלען ירחמיאל דעם זוהן פון מלך און שריהו דעם זוהן פון עזריאל און שלמיהו דעם זוהן פון עבדאל צו נעהמען ברוך דעם שרייבער און ירמיהו דעם פּראָפעט אָבער גאָט האָט זיי פערבאָרגען.

27 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו ירמיהו, נאָכדעם ווי דער קעניג האָט פערברענט די מגלה און די ווערטער וואָס ברוך האָט געשריעבען פון ירמיהו'ס מויל אַזוי :

28 נעהם דיר ווידער אַן אַנדער מגלה און שרייב אויף איהר אַלע ערשטע ווערטער וואָס זיינען געווען אויף דער ערשטער מגלה, וואָס יהויקים דער קעניג פון יהודה האָט פערברענט.

29 וְעַל־יְהוֹיָקִים מֶלֶךְ־יְהוּדָה תֹּאמַר כֹּה אָמַר יְהוָה אַתָּה שָׂרַפְתָּ אֶת־הַמְּגִלָּה הַזֹּאת לֵאמֹר מַדּוּעַ כָּתַבְתָּ עָלֶיהָ לֵאמֹר בֹּא יָבוֹא מֶלֶךְ בָּבֶל וְהִשְׁחִית אֶת־הָאָרֶץ הַזֹּאת וְהִשְׁבִּית מִמֶּנָּה אָדָם וּבְהֵמָה׃ ל לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה עַל־יְהוֹיָקִים מֶלֶךְ יְהוּדָה לֹא־יִהְיֶה־לּוֹ יוֹשֵׁב עַל־כִּסֵּא דָוִד וְנִבְלָתוֹ תִּהְיֶה מֻשְׁלֶכֶת לַחֹרֶב בַּיּוֹם וְלַקֶּרַח בַּלָּיְלָה׃ 31 וּפָקַדְתִּי עָלָיו וְעַל־זַרְעוֹ וְעַל־עֲבָדָיו אֶת־עֲוֺנָם וְהֵבֵאתִי עֲלֵיהֶם וְעַל־יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִַם וְאֶל־אִישׁ יְהוּדָה אֵת כָּל־הָרָעָה אֲשֶׁר־דִּבַּרְתִּי אֲלֵיהֶם וְלֹא שָׁמֵעוּ׃ 32 וְיִרְמְיָהוּ לָקַח ׀ מְגִלָּה אַחֶרֶת וַיִּתְּנָהּ אֶל־בָּרוּךְ בֶּן־נֵרִיָּהוּ הַסֹּפֵר וַיִּכְתֹּב עָלֶיהָ מִפִּי יִרְמְיָהוּ אֵת כָּל־דִּבְרֵי הַסֵּפֶר אֲשֶׁר שָׂרַף יְהוֹיָקִים מֶלֶךְ־יְהוּדָה בָּאֵשׁ וְעוֹד נוֹסַף עֲלֵיהֶם דְּבָרִים רַבִּים כָּהֵמָּה׃

## לז CAP. XXXVII. לז

א וַיִּמְלָךְ־מֶלֶךְ צִדְקִיָּהוּ בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ תַּחַת כָּנְיָהוּ בֶּן־יְהוֹיָקִים אֲשֶׁר הִמְלִיךְ נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל בְּאֶרֶץ יְהוּדָה׃ 2 וְלֹא שָׁמַע הוּא וַעֲבָדָיו וְעַם הָאָרֶץ אֶל־דִּבְרֵי יְהוָה אֲשֶׁר דִּבֶּר בְּיַד יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא׃ 3 וַיִּשְׁלַח הַמֶּלֶךְ צִדְקִיָּהוּ אֶת־יְהוּכַל בֶּן־שֶׁלֶמְיָה וְאֶת־צְפַנְיָהוּ בֶן־מַעֲשֵׂיָה הַכֹּהֵן אֶל־יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא לֵאמֹר הִתְפַּלֶּל־נָא בַעֲדֵנוּ אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵינוּ׃ 4 וְיִרְמְיָהוּ בָּא וְיֹצֵא בְּתוֹךְ הָעָם וְלֹא־נָתְנוּ אֹתוֹ בֵּית הַכְּלִיא׃ ה וְחֵיל פַּרְעֹה יָצָא מִמִּצְרָיִם וַיִּשְׁמְעוּ הַכַּשְׂדִּים הַצָּרִים עַל־יְרוּשָׁלִַם אֶת־שִׁמְעָם וַיֵּעָלוּ מֵעַל יְרוּשָׁלִָם׃ 6 וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא לֵאמֹר׃ 7 כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל כֹּה תֹאמְרוּ אֶל־מֶלֶךְ יְהוּדָה הַשֹּׁלֵחַ אֶתְכֶם אֵלַי לְדָרְשֵׁנִי הִנֵּה ׀ חֵיל פַּרְעֹה הַיֹּצֵא לָכֶם לְעֶזְרָה שָׁב לְאַרְצוֹ מִצְרָיִם׃ 8 וְשָׁבוּ

הכשדים

ל״ז ׳ 4. ׳ הכלוא קרי

29 און איבער יהויקים דעם קעניג פון יהודה זאָלסטו זאָגען, אזוי האָט גאָט געזאָגט: דו האָסט פאַרברענט דיזעז מגלה זאָגענדיג, וואָרום האָסטו געשריעבען אויף איהר אזוי, דער קעניג פון בבל וועט ווירקליך קומען און פערדארבען דיזעס לאַנד און וועט פערטיליגען פון איהר מענשען און פיה.

30 דארום אזוי זאָגט גאָט איבער יהויקים קעניג פון יהודה, ער וועט נים האָבען איינעם, וואָס זאָל זיצען אויף דוד׳ס טהראָן, און זיין טוידטער קערפער וועט זיך וואַלגערען אין די היטץ ביי טאָג און אין די קעלט ביי נאַכט.

31 און איך וועל דערמאָהנען אויף איהם און אויף זיינע קינדער און זיינע קנעכט זייערע זינד, און איך וועל ברענגען אויף זיי און אויף די איינוואָהנער פון ירושלים און אַלע מענשען פון יהודה גאָר דעם אונגליק, ווייל איך האָב גערעדט צו זיי און זיי האָבען ניט געהערט.

32 און ירמיהו האָט גענומען אַן אנדער מגלה און זי געגעבען צו ברוך דעם זוהן פון נריהו דעם שרייבער און ער האָט אויף איהם געשריעבען פון ירמיהו׳ס מויל אַלע ווערטער פון דעם בוך וואָס יהויקים דער קעניג פון יהודה האָט פאַרברענט אין פייער, און נאָך איז צוגעקומען צו זיי פיעלע ווערטער ווי יענע.

## קאַפּיטעל לז

1 און צדקיהו דער זוהן פון יאשיהו איז געוואָרען קעניג אַנשטאָט כניהו דער זוהן פון יהויקים, וועלכען נבוכדראצר קעניג פון בבל האָט געמאַכט פאַר קעניג פון לאַנד יהודה.

2 און ער און זיינע קנעכט און דאָס פאָלק פון לאַנד האָבען ניט געהערט צו די ווערטער פון גאָט, וואָס ער האָט גערעדט דורך ירמיהו דעם פּראָפעט.

3 און דער קעניג האָט געשיקט יהוכל דער זוהן פון שלמיה און צפניה דעם זוהן פון מעשיה דעם פּריעסט צו ירמיהו דעם פּראָפעט זאָגענדיג: בעט נאָר פאַר אונז ביי דעם אייביגען אונזער גאָט.

4 און ירמיהו פלעגט אריינקומען און ארויסגעהען צווישען פאָלק (פריי) און זיי האָבען איהם ניט אריינגעזעצט אין געפענגנים.

5 און די אַרמעע פון פּרעה איז ארויס פון מצרים, און די כשדים וועלכע האָבען בעלאַגערט ירושלים האָבען דערפון געהערט, האָבען זיי זיך אָבגעצויגען פון ירושלים.

6 און גאָט׳ס וואָרט איז געוועזען צו ירמיהו דעם פּראָפעט אזוי:

7 אזוי האָט דער אייביגער גאָט פון ישראל געזאָגט, אזוי זאָלט איהר זאָגען צום קעניג פון יהודה, וועלכער שיקט אייך צו מיר צו פאָרשען, נון, די אַרמעע פון פּרעה, וואָס איז ארויס אייך צו הילף, האָט זיך צוריקגעקעהרט אין זיין לאַנד מצרים.

הַכַּשְׂדִּים וְנִלְחֲמוּ עַל־הָעִיר הַזֹּאת וּלְכָדֻהָ וּשְׂרָפֻהָ בָאֵשׁ׃
9 כֹּה אָמַר יְהוָה אַל־תַּשִּׁאוּ נַפְשֹׁתֵיכֶם לֵאמֹר הָלֹךְ
י יֵלְכוּ מֵעָלֵינוּ הַכַּשְׂדִּים כִּי לֹא יֵלֵכוּ׃ כִּי אִם־הִכִּיתֶם כָּל־
חֵיל כַּשְׂדִּים הַנִּלְחָמִים אִתְּכֶם וְנִשְׁאֲרוּ־בָם אֲנָשִׁים
מְדֻקָּרִים אִישׁ בְּאָהֳלוֹ יָקוּמוּ וְשָׂרְפוּ אֶת־הָעִיר הַזֹּאת
11 בָּאֵשׁ׃ וְהָיָה בְּהֵעָלוֹת חֵיל הַכַּשְׂדִּים מֵעַל יְרוּשָׁלָ‍ִם מִפְּנֵי
12 חֵיל פַּרְעֹה׃ וַיֵּצֵא יִרְמְיָהוּ מִירוּשָׁלַ‍ִם לָלֶכֶת אֶרֶץ
13 בִּנְיָמִן לַחֲלִק מִשָּׁם בְּתוֹךְ הָעָם׃ וַיְהִי־הוּא בְּשַׁעַר בִּנְיָמִן
וְשָׁם בַּעַל פְּקִדֻת וּשְׁמוֹ יִרְאִיָּיה בֶּן־שֶׁלֶמְיָה בֶּן־חֲנַנְיָה
וַיִּתְפֹּשׂ אֶת־יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא לֵאמֹר אֶל־הַכַּשְׂדִּים אַתָּה
14 נֹפֵל׃ וַיֹּאמֶר יִרְמְיָהוּ שֶׁקֶר אֵינֶנִּי נֹפֵל עַל־הַכַּשְׂדִּים וְלֹא
שָׁמַע אֵלָיו וַיִּתְפֹּשׂ יִרְאִיָּיה בְּיִרְמְיָהוּ וַיְבִאֵהוּ אֶל־הַשָּׂרִים׃
טו וַיִּקְצְפוּ הַשָּׂרִים עַל־יִרְמְיָהוּ וְהִכּוּ אֹתוֹ וְנָתְנוּ אוֹתוֹ בֵּית
הָאֵסוּר בֵּית יְהוֹנָתָן הַסֹּפֵר כִּי־אֹתוֹ עָשׂוּ לְבֵית הַכֶּלֶא׃
16 כִּי בָא יִרְמְיָהוּ אֶל־בֵּית הַבּוֹר וְאֶל־הַחֲנֻיוֹת וַיֵּשֶׁב־שָׁם
17 יִרְמְיָהוּ יָמִים רַבִּים׃ וַיִּשְׁלַח הַמֶּלֶךְ צִדְקִיָּהוּ וַיִּקָּחֵהוּ
וַיִּשְׁאָלֵהוּ הַמֶּלֶךְ בְּבֵיתוֹ בַּסֵּתֶר וַיֹּאמֶר הֲיֵשׁ דָּבָר מֵאֵת
יְהוָה וַיֹּאמֶר יִרְמְיָהוּ יֵשׁ וַיֹּאמֶר בְּיַד־מֶלֶךְ בָּבֶל תִּנָּתֵן׃
18 וַיֹּאמֶר יִרְמְיָהוּ אֶל־הַמֶּלֶךְ צִדְקִיָּהוּ מֶה חָטָאתִי לְךָ
וְלַעֲבָדֶיךָ וְלָעָם הַזֶּה כִּי־נְתַתֶּם אוֹתִי אֶל־בֵּית הַכֶּלֶא׃
19 וְאַיּוֹ נְבִיאֵיכֶם אֲשֶׁר־נִבְּאוּ לָכֶם לֵאמֹר לֹא־יָבֹא מֶלֶךְ־
כ בָּבֶל עֲלֵיכֶם וְעַל הָאָרֶץ הַזֹּאת׃ וְעַתָּה שְׁמַע־נָא אֲדֹנִי
הַמֶּלֶךְ תִּפָּל־נָא תְחִנָּתִי לְפָנֶיךָ וְאַל־תְּשִׁבֵנִי בֵּית יְהוֹנָתָן
21 הַסֹּפֵר וְלֹא אָמוּת שָׁם׃ וַיְצַוֶּה הַמֶּלֶךְ צִדְקִיָּהוּ וַיַּפְקִדוּ
אֶת־יִרְמְיָהוּ בַּחֲצַר הַמַּטָּרָה וְנָתֹן לוֹ כִכַּר־לֶחֶם לַיּוֹם
מִחוּץ הָאֹפִים עַד־תֹּם כָּל־הַלֶּחֶם מִן־הָעִיר וַיֵּשֶׁב יִרְמְיָהוּ
בַּחֲצַר הַמַּטָּרָה׃

וישמע

19 ∘ ואיה קרי

לח

## Cap. XXXVIII. לח

א וַיִּשְׁמַע שְׁפַטְיָה בֶּן מַתָּן וּגְדַלְיָהוּ בֶּן־פַּשְׁחוּר וְיוּכַל בֶּן־
שֶׁלֶמְיָהוּ וּפַשְׁחוּר בֶּן־מַלְכִּיָּה אֶת־הַדְּבָרִים אֲשֶׁר יִרְמְיָהוּ
2 מְדַבֵּר אֶל־כָּל־הָעָם לֵאמֹר׃ כֹּה אָמַר יְהוָה הַיֹּשֵׁב בָּעִיר
הַזֹּאת יָמוּת בַּחֶרֶב בָּרָעָב וּבַדָּבֶר וְהַיֹּצֵא אֶל־הַכַּשְׂדִּים
3 יִחְיֶה וְהָיְתָה־לּוֹ נַפְשׁוֹ לְשָׁלָל וָחָי׃ כֹּה אָמַר יְהוָה
הִנָּתֹן תִּנָּתֵן הָעִיר הַזֹּאת בְּיַד חֵיל מֶלֶךְ־בָּבֶל וּלְכָדָהּ׃
4 וַיֹּאמְרוּ הַשָּׂרִים אֶל־הַמֶּלֶךְ יוּמַת נָא אֶת־הָאִישׁ הַזֶּה כִּי
עַל־כֵּן הוּא מְרַפֵּא אֶת־יְדֵי אַנְשֵׁי הַמִּלְחָמָה הַנִּשְׁאָרִים ׀
בָּעִיר הַזֹּאת וְאֵת יְדֵי כָל־הָעָם לְדַבֵּר אֲלֵיהֶם כַּדְּבָרִים
הָאֵלֶּה כִּי ׀ הָאִישׁ הַזֶּה אֵינֶנּוּ דֹרֵשׁ לְשָׁלוֹם לָעָם הַזֶּה כִּי
ה אִם־לְרָעָה׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ צִדְקִיָּהוּ הִנֵּה־הוּא בְּיֶדְכֶם כִּי־
6 אֵין הַמֶּלֶךְ יוּכַל אֶתְכֶם דָּבָר׃ וַיִּקְחוּ אֶת־יִרְמְיָהוּ וַיַּשְׁלִכוּ
אֹתוֹ אֶל־הַבּוֹר ׀ מַלְכִּיָּהוּ בֶן־הַמֶּלֶךְ אֲשֶׁר בַּחֲצַר הַמַּטָּרָה
וַיְשַׁלְּחוּ אֶת־יִרְמְיָהוּ בַּחֲבָלִים וּבַבּוֹר אֵין־מַיִם כִּי אִם־
7 טִיט וַיִּטְבַּע יִרְמְיָהוּ בַּטִּיט׃ וַיִּשְׁמַע עֶבֶד־מֶלֶךְ הַכּוּשִׁי
אִישׁ סָרִיס וְהוּא בְּבֵית הַמֶּלֶךְ כִּי־נָתְנוּ אֶת־יִרְמְיָהוּ אֶל־
8 הַבּוֹר וְהַמֶּלֶךְ יוֹשֵׁב בְּשַׁעַר בִּנְיָמִן׃ וַיֵּצֵא עֶבֶד־מֶלֶךְ מִבֵּית
9 הַמֶּלֶךְ וַיְדַבֵּר אֶל־הַמֶּלֶךְ לֵאמֹר׃ אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ הֵרֵעוּ
הָאֲנָשִׁים הָאֵלֶּה אֵת כָּל־אֲשֶׁר עָשׂוּ לְיִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא
אֵת אֲשֶׁר־הִשְׁלִיכוּ אֶל־הַבּוֹר וַיָּמָת תַּחְתָּיו מִפְּנֵי הָרָעָב
י כִּי אֵין הַלֶּחֶם עוֹד בָּעִיר׃ וַיְצַוֶּה הַמֶּלֶךְ אֵת עֶבֶד־מֶלֶךְ
הַכּוּשִׁי לֵאמֹר קַח בְּיָדְךָ מִזֶּה שְׁלֹשִׁים אֲנָשִׁים וְהַעֲלִיתָ
11 אֶת־יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא מִן־הַבּוֹר בְּטֶרֶם יָמוּת׃ וַיִּקַּח ׀ עֶבֶד־
מֶלֶךְ אֶת־הָאֲנָשִׁים בְּיָדוֹ וַיָּבֹא בֵית־הַמֶּלֶךְ אֶל־תַּחַת
הָאוֹצָר וַיִּקַּח מִשָּׁם בְּלוֹיֵ הַסְּחָבוֹת וּבְלוֹיֵ מְלָחִים
12 וַיְשַׁלְּחֵם אֶל־יִרְמְיָהוּ אֶל־הַבּוֹר בַּחֲבָלִים׃ וַיֹּאמֶר עֶבֶד־
מֶלֶךְ

v. 2. וחיה קרי  v. 11. סחבות קרי

## קאַפּיטעל לח

1 און שפטיה דער זוהן פון מתן און גדליהו דער זוהן פון פשחור און יוכל דער זוהן פון שלמיהו און פשחור דער זוהן פון מלכיה האָבען געהערט די ווערטער וואָס ירמיהו רעדט צום פאָלק אַזוי:

2 אַזוי האָט גאָט געזאָגט, דער וואָס וועט פערבלייבען אין דיעזער שטאָדט וועט שטאַרבען דורך דעם שווערד און פון הונגער און פון פּעסט, און דער וואָס וועט אַרויסגעהען צו די כשדים וועט בלייבען לעבען, זיין זעעלע וועט זיין געווינס זיין און ער וועט לעבען.

3 אַזוי זאָגט גאָט, דיעזע שטאָדט וועט מוזען איבערגעגעבען ווערען אין דער האַנד פון דער אַרמעע פון קעניג פון בבל און ער וועט זי איינגעהמען.

4 און די פירשטען האָבען געזאָגט צום קעניג, ערלויב נאָר דיעזען מאַן צו טוידטען, ווייל ער מאַכט אָבהענדיג די קריעגס־מעננער, וואָס זיינען פערבליעבען אין דיעזער שטאָדט, און דאָס גאַנצע פאָלק ריידענדיג צו זיי דיעזע ווערטער, ווייל דיעזער מאַן זוכט ניט פריעדען פאַר דיעזען פאָלק זאָנדערען זיין אונגליק.

5 און דער קעניג צדקיהו האָט געזאָגט, ער איז דאָך אין אייערע הענד, ווייל דער קעניג קען קיין זאַך ניט טהאָן אייך דאַגעגען.

6 און זיי האָבען גענומען ירמיהו׳ן און האָבען איהם אַריינגעוואָרפען אין דעם גרוב פון מלכיהו דעם זוהן פון מלך, וואָס אין הויף פון געפענגע־ניס, און זיי האָבען אַרונטערגעלאָזען ירמיהו׳ן מיט שטריק, און אין׳ם גרוב איז קיין וואַסער ניט געוועזען נאָר לעהם און ירמיהו איז געזונקען אין די לעהם.

7 און עבד־מלך דער כושי, אַ הויפּ־דיענער אין דעם קעניג׳ס הויז, האָט גע־הערט אַז מען האָט ירמיהו׳ן אַריינגעזעצט אין גרוב, און דער קעניג איז דאַן געזעסען אין טהויער פון בנימין.

8 און עבד־מלך איז אַרויס פון קעניגס הויז און גערעדט צום קעניג אַזוי:

9 מיין העררר קעניג דיעזע מענשען האָבען שלעכט געהאַנדעלט מיט אַלעם דעם וואָס זיי האָבען געטהאָן צו ירמיהו דעם פּראָפעט, וואָס זיי האָבען איהם אַריינגעוואָרפען אין גרוב, ער וואָלט דאָך בעסער שטאַרבען פון הונגער אויף זיין אָרט, ווייל עס איז שוין מעהר קיין ברויט אין שטאָדט ניטאָ.

10 און דער קעניג האָט בעפאָהלען עבד־מלך דעם כושי זאָגענדיג: נעהם מיט זיך דרייסיג מענשען פון דאַנען און ברענג אַרויף ירמיהו דעם פּראָפעט פון גרוב בעפאָר ער וועט שטאַרבען.

11 און עבד־מלך האָט גענומען מיט זיך די מענשען און ער איז געקומען אין קעניגס הויז אונטער דעם שאַטץ קאַמער, און האָט פון דאָרט גענומען אַלטע קליידער און אַלטע שמאַטעס און אַרונטערגעלאָזען צו ירמיהו׳ן אין גרוב.

מֶלֶךְ הַכּוּשִׁי אֶל־יִרְמְיָהוּ שִׂים נָא בְּלוֹאֵי הַסְּחָבוֹת
וְהַמְּלָחִים תַּחַת אַצִּלוֹת יָדֶיךָ מִתַּחַת לַחֲבָלִים וַיַּעַשׂ
13 יִרְמְיָהוּ כֵּן׃ וַיִּמְשְׁכוּ אֶת־יִרְמְיָהוּ בַּחֲבָלִים וַיַּעֲלוּ אֹתוֹ
14 מִן־הַבּוֹר וַיֵּשֶׁב יִרְמְיָהוּ בַּחֲצַר הַמַּטָּרָה׃ וַיִּשְׁלַח הַמֶּלֶךְ
צִדְקִיָּהוּ וַיִּקַּח אֶת־יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא אֵלָיו אֶל־מָבוֹא הַשְּׁלִישִׁי
אֲשֶׁר בְּבֵית יְהוָה וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ אֶל־יִרְמְיָהוּ שֹׁאֵל אֲנִי
טו אֹתְךָ דָּבָר אַל־תְּכַחֵד מִמֶּנִּי דָּבָר׃ וַיֹּאמֶר יִרְמְיָהוּ אֶל־
צִדְקִיָּהוּ כִּי אַגִּיד לְךָ הֲלוֹא הָמֵת תְּמִיתֵנִי וְכִי אִיעָצְךָ
16 לֹא תִשְׁמַע אֵלָי׃ וַיִּשָּׁבַע הַמֶּלֶךְ צִדְקִיָּהוּ אֶל־יִרְמְיָהוּ
בַּסֵּתֶר לֵאמֹר חַי־יְהוָה *אֵת אֲשֶׁר עָשָׂה־לָנוּ אֶת־הַנֶּפֶשׁ
הַזֹּאת אִם־אֲמִיתֶךָ וְאִם־אֶתֶּנְךָ בְּיַד הָאֲנָשִׁים הָאֵלֶּה אֲשֶׁר
17 מְבַקְשִׁים אֶת־נַפְשֶׁךָ׃ וַיֹּאמֶר יִרְמְיָהוּ אֶל־צִדְקִיָּהוּ
כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אִם־יָצֹא תֵצֵא
אֶל־שָׂרֵי מֶלֶךְ־בָּבֶל וְחָיְתָה נַפְשֶׁךָ וְהָעִיר הַזֹּאת לֹא תִשָּׂרֵף
18 בָּאֵשׁ וְחָיִתָה אַתָּה וּבֵיתֶךָ׃ וְאִם לֹא־תֵצֵא אֶל־שָׂרֵי מֶלֶךְ
בָּבֶל וְנִתְּנָה הָעִיר הַזֹּאת בְּיַד הַכַּשְׂדִּים וּשְׂרָפוּהָ בָּאֵשׁ
19 וְאַתָּה לֹא־תִמָּלֵט מִיָּדָם׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ צִדְקִיָּהוּ
אֶל־יִרְמְיָהוּ אֲנִי דֹאֵג אֶת־הַיְּהוּדִים אֲשֶׁר נָפְלוּ אֶל־
כ הַכַּשְׂדִּים פֶּן־יִתְּנוּ אֹתִי בְּיָדָם וְהִתְעַלְּלוּ־בִי׃ וַיֹּאמֶר
יִרְמְיָהוּ לֹא יִתֵּנוּ שְׁמַע־נָא ׀ בְּקוֹל יְהוָה לַאֲשֶׁר אֲנִי דֹּבֵר
21 אֵלֶיךָ וְיִיטַב לְךָ וּתְחִי נַפְשֶׁךָ׃ וְאִם־מָאֵן אַתָּה לָצֵאת זֶה
22 הַדָּבָר אֲשֶׁר הִרְאַנִי יְהוָה׃ וְהִנֵּה כָל־הַנָּשִׁים אֲשֶׁר נִשְׁאֲרוּ
בְּבֵית מֶלֶךְ־יְהוּדָה מוּצָאוֹת אֶל־שָׂרֵי מֶלֶךְ בָּבֶל וְהֵנָּה
אֹמְרֹת הִסִּיתוּךָ וְיָכְלוּ לְךָ אַנְשֵׁי שְׁלֹמֶךָ הָטְבְּעוּ בַבֹּץ רַגְלֶךָ
23 נָסֹגוּ אָחוֹר׃ וְאֶת־כָּל־נָשֶׁיךָ וְאֶת־בָּנֶיךָ מוֹצִאִים אֶל־
הַכַּשְׂדִּים וְאַתָּה לֹא־תִמָּלֵט מִיָּדָם כִּי בְיַד מֶלֶךְ־בָּבֶל
24 תִּתָּפֵשׂ וְאֶת־הָעִיר הַזֹּאת תִּשְׂרֹף בָּאֵשׁ׃ וַיֹּאמֶר

צדקיהו

16. * כתיב ולא קרי    22. v חסר יו״ד

12 און עבד־מלך דער כושי האָט געזאָגט צו ירמיהו, לייג די אַלטע קליידער און שמאַטעס אונטער דיינע אָרעמס אונטער די שטריק, און ירמיהו האָט אַזוי געטהאָן.

13 און זיי האָבען אַרויסגעצויגען ירמיהו׳ן מיט שטריק און זיי האָבען איהם אַרויפגעבראַכט פון גרוב, און ירמיהו איז פערבליעבען אין הויף פון געפענגנענים.

14 און צדקיהו דער קעניג האָט געשיקט און געבראַכט ירמיהו צו איהם צו דעם דריטען אַריינגאַנג וואָס אין גאָט׳ס הויז, און דער קעניג האָט געזאָגט צו ירמיהו, איך פרעג דיך עטוואָס, זאָלסט מיר קיין זאַך ניט פערלייקענען.

15 און ירמיהו האָט געזאָגט צום קעניג : ווען איך וועל דיר זאָגען וועסטו דען מיך ניט טוידטען ? און ווען איך זאָל דיר ראַטהען וועסטו דאָך מיך ניט פאָלגען.

16 און דער קעניג האָט געשוואָרען צו ירמיהו אין געהיים אַזוי : זאָ וואהר ווי גאָט לעבט, וואָס ער האָט אונז בעשאַפען דיעזע זעעלע, אַז איך וועל דיך ניט לאָזען טוידטען און וועל דיך ניט איבערגעבען אין די הענד פון דיעזע מענשען וואָס ווילען נעהמען דיין לעבען.

17 און ירמיהו האָט געזאָגט צו צדקיהו, אַזוי האָט דער אייביגער פון הערשאַפטען גאָט פון ישראל געזאָגט : ווען דו וועסט אַליין אַרויסגעהען צו די פירשטען פון קעניג פון בבל, וועט דאַן דיין זעעלע לעבען בלייבען און דיעזע שטאָדט וועט ניט פאַרברענט ווערען אין פייער און דו און דיין הויז וועלען בלייבען לעבען.

18 אָבער ווען דו וועסט ניט אַרויסגעהען צו די פירשטען פון קעניג פון בבל, וועט דיעזע שטאָדט איבערגעגעבען ווערען אין די הענד פון די כשדים און זיי וועלען פערברענען זי אין פייער, און דו וועסט ניט ענטרינען ווערען פון זייערע הענד.

19 און דער קעניג צדקיהו האָט געזאָגט צו ירמיהו, איך שרעק מיך פאַר די יהודים, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען צו די כשדים, פיליכט גיט מען מיך איבער אין זייערע הענד און זיי וועלען פון מיר שפּאָטען.

20 און ירמיהו האָט געזאָגט : זיי וועלען ניט איבערגעבען, הער נאָר צו די שטימע פון גאָט, צו דעם וואָס איך רייד צו דיר, און עס וועט דיר גוט זיין און דיין זעעלע וועט לעבען בלייבען.

21 און ווען דו ענטזאַגסט זיך אַרויסצוגעהען, איז דיעזעס דאָס וואָרט וואָס גאָט האָט מיר געוויעזען.

22 און, נון, אַלע פרויען וואָס זיינען פערבליעבען אין הויז פון קעניג פון יהודה וועלען אַרויסגעפיהרט ווערען צו די פירשטען פון קעניג פון בבל, און זיי וועלען זאָגען : דיינע פריעדענס־מענער האָבען דיך איבערגערעדט און בעזיעגט, דיינע פיס זיינען געזונקען אין לעהם, און זיי האָבען זיך אָבגעצויגען צוריק.

23 און אַלע דיינע פרויען און דיינע זיהן וועט מען אַרויספיהרען צו די כשדים און דו וועסט ניט אַנטרינען ווערען פון זייערע הענד, ווייל אין דער האַנד פון קעניג פון בבל וועסטו בעצוואונגען ווערען, און דיעזע שטאָדט וועט ער פערברענען אין פייער.

צִדְקִיָּהוּ אֶל־יִרְמְיָהוּ אִישׁ אַל־יֵדַע בַּדְּבָרִים־הָאֵלֶּה וְלֹא
תָמוּת׃ כה וְכִי־יִשְׁמְעוּ הַשָּׂרִים כִּי־דִבַּרְתִּי אִתָּךְ וּבָאוּ אֵלֶיךָ
וְאָמְרוּ אֵלֶיךָ הַגִּידָה־נָּא לָנוּ מַה־דִּבַּרְתָּ אֶל־הַמֶּלֶךְ אַל־
תְּכַחֵד מִמֶּנּוּ וְלֹא נְמִיתֶךָ וּמַה־דִּבֶּר אֵלֶיךָ הַמֶּלֶךְ׃ 26 וְאָמַרְתָּ
אֲלֵיהֶם מַפִּיל־אֲנִי תְחִנָּתִי לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ לְבִלְתִּי הֲשִׁיבֵנִי
בֵּית יְהוֹנָתָן לָמוּת שָׁם׃ 27 וַיָּבֹאוּ כָל־הַשָּׂרִים אֶל־
יִרְמְיָהוּ וַיִּשְׁאֲלוּ אֹתוֹ וַיַּגֵּד לָהֶם כְּכָל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה אֲשֶׁר
צִוָּה הַמֶּלֶךְ וַיַּחֲרִשׁוּ מִמֶּנּוּ כִּי לֹא־נִשְׁמַע הַדָּבָר׃ 28 וַיֵּשֶׁב
יִרְמְיָהוּ בַּחֲצַר הַמַּטָּרָה עַד־יוֹם אֲשֶׁר־נִלְכְּדָה יְרוּשָׁלָ͏ִם ·
וְהָיָה כַּאֲשֶׁר נִלְכְּדָה יְרוּשָׁלָ͏ִם׃

## לט CAP. XXXIX. לט

א בַּשָּׁנָה הַתְּשִׁעִית לְצִדְקִיָּהוּ מֶלֶךְ־יְהוּדָה בַּחֹדֶשׁ הָעֲשִׂרִי
בָּא נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל וְכָל־חֵילוֹ אֶל־יְרוּשָׁלַ͏ִם וַיָּצֻרוּ
עָלֶיהָ׃ 2 בְּעַשְׁתֵּי־עֶשְׂרֵה שָׁנָה לְצִדְקִיָּהוּ בַּחֹדֶשׁ הָרְבִיעִי
בְּתִשְׁעָה לַחֹדֶשׁ הָבְקְעָה הָעִיר׃ 3 וַיָּבֹאוּ כֹּל שָׂרֵי
מֶלֶךְ־בָּבֶל וַיֵּשְׁבוּ בְּשַׁעַר הַתָּוֶךְ נֵרְגַל שַׂרְאֶצֶר סַמְגַּר־נְבוּ
שַׂרְסְכִים רַב־סָרִיס נֵרְגַל שַׂרְאֶצֶר רַב־מָג וְכָל־שְׁאֵרִית
שָׂרֵי מֶלֶךְ־בָּבֶל׃ 4 וַיְהִי כַּאֲשֶׁר רָאָם צִדְקִיָּהוּ מֶלֶךְ־יְהוּדָה
וְכֹל ׀ אַנְשֵׁי הַמִּלְחָמָה וַיִּבְרְחוּ וַיֵּצְאוּ לַיְלָה מִן־הָעִיר דֶּרֶךְ
גַּן הַמֶּלֶךְ בְּשַׁעַר בֵּין הַחֹמֹתָיִם וַיֵּצֵא דֶּרֶךְ הָעֲרָבָה׃
ה וַיִּרְדְּפוּ חֵיל־כַּשְׂדִּים אַחֲרֵיהֶם וַיַּשִּׂגוּ אֶת־צִדְקִיָּהוּ בְּעַרְבוֹת
יְרֵחוֹ וַיִּקְחוּ אֹתוֹ וַיַּעֲלֻהוּ אֶל־נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל
רִבְלָתָה בְּאֶרֶץ חֲמָת וַיְדַבֵּר אִתּוֹ מִשְׁפָּטִים׃ 6 וַיִּשְׁחַט
מֶלֶךְ בָּבֶל אֶת־בְּנֵי צִדְקִיָּהוּ בְּרִבְלָה לְעֵינָיו וְאֵת כָּל־חֹרֵי
יְהוּדָה שָׁחַט מֶלֶךְ בָּבֶל׃ 7 וְאֶת־עֵינֵי צִדְקִיָּהוּ עִוֵּר וַיַּאַסְרֵהוּ
בַּנְחֻשְׁתַּיִם לָבִיא אֹתוֹ בָּבֶלָה׃ 8 וְאֶת־בֵּית הַמֶּלֶךְ וְאֶת־בֵּית
הָעָם שָׂרְפוּ הַכַּשְׂדִּים בָּאֵשׁ וְאֶת־חֹמוֹת יְרוּשָׁלַ͏ִם נָתָצוּ׃

ואת

ל״ח v. 28 פסקא באמצע פסוק   ל״ט v. 3 כצ״ל בסן   v. 7 כצל

24 און צדקיהו האָט געזאָגט צו ירמיהו: קיינער זאָל ניט געוואָהר ווערען פון דיעזע רייד, און דו וועסט ניט געטוידט ווערען.

25 און אַז די פירשטען וועלען זיך דערוויסען אַז איך האָב מיט דיר גערעדט, און זיי וועלען קומען און זאָגען צו דיר: זאָג אונז נאָר וואָס האָסטו גערעדט צום קעניג? לייקען ניט פון אונז און מיר וועלען דיך ניט טויד־טען, און וואָס האָט דער קעניג גערעדט צו דיר?

26 זאָלסטו זאָגען צו זיי: איך האָב מיין געבעט ניעדערגעלעגט פאַר'ן קע־ניג, ער זאָל מיך ניט צוריקקעהרען אין הויז פון יהונתן צו שטאַרבען דאָרט.

27 און אַלע פירשטען זיינען געקומען צו ירמיהו און האָבען איהם געפרעגט, און ער האָט זיי געזאָגט דיעזע אַלע ווערטער ווי דער קעניג האָט איהם געהייסען און זיי זיינען אַוועק פון איהם שווייגענדיג, ווייל די זאַך איז ניט געוואָהר געוואָרען.

28 און ירמיהו איז פערבליעבען אין הויף פון געפענגענים ביז דעם טאָג וואָס ירושלים איז איינגענומען געוואָרען און עס איז געשעהען ווען ירושלים איז איינגענומען געוואָרען.

## קאַפּיטעל לט

1 אין דעם ניינטען יאָהר פון צדקיהו קעניג פון יהודה, אין דעם צעהנטען מאָנאַט, איז געקומען נבוכדראצר דער קעניג פון בבל און זיין גאַנצע אַרמעע צו ירושלים און האָבען זי בעלאַגערט.

2 אין דעם עלפטען יאָהר פון צדקיהו און דעם פיערטען מאָנאַט, ניין טעג אין דעם מאָנאַט איז די שטאָדט אויפגעבראָכען געוואָרען.

3 און עס זיינען געקומען אַלע פירשטען פון קעניג פון בבל און האָבען זיך געזעצט אין מיטעלסטען טהויער. נרגל שראצר, סמגר־נבו, שרסכים, דער עלטסטער פון די הויף־דיענער, דער הויפּט מאגיקער נרגל שראצר און די איבעריגע פירשטען פון קעניג פון בבל.

4 און עס איז געשעהען ווען צדקיהו דער קעניג פון יהודה האָט זיי דער־זעהען און אַלע קריעגס־מענער, זיינען זיי אַנטלאָפען און אַרויסגעגאַנגען ביז נאַכט פון שטאָדט פון קעניגס גאָרטען, דורך דעם טהויער צווישען די מויערען און אַרויס אויף דעם וועג פון פליין.

5 און די אַרמעע פון די כשדים האָבען זיי נאָכגעיאָגט און אָנגעיאָגט צדקיהו'ן אין די פליין פון ירחו, און זיי האָבען איהם גענומען און אַרויפ־געבראַכט צו נבוכדראצר דעם קעניג פון בבל קיין רבלה אין דעם לאַנד חמת און ער האָט געזאָגט וועגען איהם אַ אורטהייל.

6 און דער קעניג פון בבל האָט געקוילעט די זיהן פון צדקיהו פאַר זיינע אויגען, און אַלע האַרען פון יהודה האָט דער קעניג פון בבל געקוילעט.

7 און די אויגען פון צדקיהו האָט ער בלינד געמאַכט און ער האָט איהם געבונדען אין קייטען צו ברענגען איהם נאָך בבל.

8 און דעם קעניגס און דאָס פאָלקס־הויז האָבען די כשדים פאַרברענט אין פייער און די מויערען פון ירושלים האָבען זיי צובראָכען.

9 וְאֵת יֶתֶר הָעָם הַנִּשְׁאָרִים בָּעִיר וְאֶת־הַנֹּפְלִים אֲשֶׁר נָפְלוּ עָלָיו וְאֵת יֶתֶר הָעָם הַנִּשְׁאָרִים הֶגְלָה נְבוּזַרְאֲדָן רַב־טַבָּחִים בָּבֶל׃
י וּמִן הָעָם הַדַּלִּים אֲשֶׁר אֵין־לָהֶם מְאוּמָה הִשְׁאִיר נְבוּזַרְאֲדָן רַב־טַבָּחִים בְּאֶרֶץ יְהוּדָה וַיִּתֵּן לָהֶם כְּרָמִים וִיגֵבִים בַּיּוֹם הַהוּא׃
11 וַיְצַו נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל עַל־יִרְמְיָהוּ בְּיַד נְבוּזַרְאֲדָן רַב־טַבָּחִים לֵאמֹר׃
12 קָחֶנּוּ וְעֵינֶיךָ שִׂים עָלָיו וְאַל־תַּעַשׂ לוֹ מְאוּמָה רָּע כִּי אִם כַּאֲשֶׁר יְדַבֵּר אֵלֶיךָ כֵּן עֲשֵׂה עִמּוֹ׃
13 וַיִּשְׁלַח נְבוּזַרְאֲדָן רַב־טַבָּחִים וּנְבוּשַׁזְבָּן רַב־סָרִיס וְנֵרְגַל שַׂרְאֶצֶר רַב־מָג וְכֹל רַבֵּי מֶלֶךְ־בָּבֶל׃
14 וַיִּשְׁלְחוּ וַיִּקְחוּ אֶת־יִרְמְיָהוּ מֵחֲצַר הַמַּטָּרָה וַיִּתְּנוּ אֹתוֹ אֶל־גְּדַלְיָהוּ בֶּן־אֲחִיקָם בֶּן־שָׁפָן לְהוֹצִאֵהוּ אֶל־הַבָּיִת וַיֵּשֶׁב בְּתוֹךְ הָעָם׃
טו וְאֶל־יִרְמְיָהוּ הָיָה דְבַר־יְהוָה בִּהְיֹתוֹ עָצוּר בַּחֲצַר הַמַּטָּרָה לֵאמֹר׃
16 הָלוֹךְ וְאָמַרְתָּ לְעֶבֶד־מֶלֶךְ הַכּוּשִׁי לֵאמֹר כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הִנְנִי מֵבִי אֶת־דְּבָרַי אֶל־הָעִיר הַזֹּאת לְרָעָה וְלֹא לְטוֹבָה וְהָיוּ לְפָנֶיךָ בַּיּוֹם הַהוּא׃
17 וְהִצַּלְתִּיךָ בַיּוֹם־הַהוּא נְאֻם־יְהוָה וְלֹא תִנָּתֵן בְּיַד הָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר־אַתָּה יָגוֹר מִפְּנֵיהֶם׃
18 כִּי מַלֵּט אֲמַלֶּטְךָ וּבַחֶרֶב לֹא תִפֹּל וְהָיְתָה לְךָ נַפְשְׁךָ לְשָׁלָל כִּי־בָטַחְתָּ בִּי נְאֻם־יְהוָה׃

## CAP. XL. מ

א הַדָּבָר אֲשֶׁר הָיָה אֶל־יִרְמְיָהוּ מֵאֵת יְהוָה אַחַר ׀ שַׁלַּח אֹתוֹ נְבוּזַרְאֲדָן רַב־טַבָּחִים מִן־הָרָמָה בְּקַחְתּוֹ אֹתוֹ וְהוּא־אָסוּר בָּאזִקִּים בְּתוֹךְ כָּל־גָּלוּת יְרוּשָׁלִַם וִיהוּדָה הַמֻּגְלִים בָּבֶלָה׃
2 וַיִּקַּח רַב־טַבָּחִים לְיִרְמְיָהוּ וַיֹּאמֶר אֵלָיו יְהוָה אֱלֹהֶיךָ דִּבֶּר אֶת־הָרָעָה הַזֹּאת אֶל־הַמָּקוֹם הַזֶּה׃
3 וַיָּבֵא וַיַּעַשׂ יְהוָה כַּאֲשֶׁר דִּבֵּר כִּי־חֲטָאתֶם לַיהוָה וְלֹא־שְׁמַעְתֶּם בְּקוֹלוֹ וְהָיָה לָכֶם דָּבָר הַזֶּה׃
4 וְעַתָּה הִנֵּה פִתַּחְתִּיךָ הַיּוֹם

מִן־

ל״ט v. 12. ר׳ דגושה ibid כתיב ולא ק׳ v. 13. נון זעירא v. 16. מביא ק׳ מ׳ v. 1. א׳ נחה v. 3. הדבר ק׳

9 און דאָס איבעריגע פאָלק וואָס זיינען פערבליעבען אין שטאָדט און די אונטערגעגעבענע וואָס האָבען זיך אונטערגעגעבען און דאָס איבעריגע פון פאָלק וואָס זיינען איבערגעבליעבען האָט נבוזראדן דער הויפּט פון די שלאַכטער פערטריעבען נאָך בבל.

10 און פון די אָרימע פון פאָלק וואָס זיי האָבען גאָר ניט געהאַט האָט נבוזראדן דער הויפּט פון די שלאַכטער איבערגעלאָזען אין יהודה, און ער האָט זיי געגעבען וויינגערטנער און אַקערלאַנד אין דעם זעלבען טאָג.

11 און נבוכדראצר דער קעניג פון בבל האָט בעפאָהלען וועגען ירמיהו דורך נבוזראדן דעם הויפּט פון די שלאַכטער אַזוי:

12 נעהם איהם און גיעב אַכטונג אויף איהם און טהו איהם ניט קיינע שלעכטס, נאָר אַזוי ווי ער וועט ריידען צו דיר אַזוי זאָלסטו טהאָן.

13 און נבוזראדן דער הויפּט פון די שלאַכטער האָט געשיקט (און מיט איהם נבושזבן דעם עלטסטען פון די הויפּ־דיענער און נרגל שראצר דעם הויפּט מאַגיקער און אַלע עלטסטע פון קעניג פון בבל.

14 און זיי האָבען געשיקט און אַרויסגענומען ירמיהו׳ן פון הויף פון געפענ־גענים און זיי האָבען איהם איבערגעגעבען צו גדליהו דעם זוהן פון אַחיקם דעם זוהן פון שפן ער זאָל איהם אַרויספיהרען אין זיין היים, און ער איז פערבליעבען צווישען פאָלק.

15 און צו ירמיהו איז געווען גאָט׳ס וואָרט, ווען ער איז נאָך געווען פער־שפּאַרט אין הויף פון געפענגענים אַזוי:

16 געה און זאָג צו עבד־מלך דעם כושי אַזוי: אַזוי האָט געזאָגט דער איי־ביגער פון הערשאַפטען דער גאָט פון ישראל, איך וועל ברענגען מיינע ווערטער אין דיעזער שטאָדט צו שלעכטען און ניט צו גוטען, און זיי וועלען געשעהען פאַר דיר אין יענעם טאָג.

17 און דיך וועל איך רעטען אין יענעם טאָג, זאָגט גאָט, און דו וועסט ניט איבערגעגעבען ווערען אין דער האַנד פון די מענשען, פאַר וועמען דו פירכסט זיך.

18 ווייל איך וועל דיך רעטען אויף זיכער און דורך׳ן שווערד וועסטו ניט פאַלען, און דיין זעעלע וועט זיין דיין געווינס, דער פאַר וואָס דו האָסט זיך פערטרויעט אויף מיר, זאָגט גאָט.

## קאַפּיטעל מ

1 דאָס וואָרט וואָס עס איז געווען צו ירמיהו פון גאָט נאָכדעם ווי נבוזראדן דער הויפּט פון די שלאַכטער האָט איהם אַוועקגעשיקט פון רמה ווען ער האָט איהם גענומען און ער איז נאָך געווען געבונדען אין קייטען צווישען אַלע געפאַנגענע פון ירושלים און יהודה, וועלכע זיינען פער־טריעבען געוואָרען נאָך בבל.

2 און דער הויפּט פון די שלאַכטער האָט גענומען ירמיהו׳ן און האָט צו איהם געזאָגט: דער אייביגער דיין גאָט האָט גערעדט דיעזע שלעכטס אויף דיעזען אָרט.

3 און ער האָט געבראַכט און געטהאָן וואָס ער האָט גערעדט, ווייל איהר האָט געזינדיגט צו גאָט און האָט ניט געהערט אין זיין שטימע און דיעזעס וואָרט איז צו אייך געשעהען.

4 און יעצט, נון, האָב איך דיך היינט באַפרייט פון די קייטען וואָס

מִן־הָאזִקִּים אֲשֶׁר עַל־יָדֶךָ אִם־טוֹב בְּעֵינֶיךָ לָבוֹא אִתִּי
בָבֶל בֹּא וְאָשִׂים אֶת־עֵינִי עָלֶיךָ וְאִם־רַע בְּעֵינֶיךָ לָבוֹא־
אִתִּי בָבֶל חֲדָל רְאֵה כָּל־הָאָרֶץ לְפָנֶיךָ אֶל־טוֹב וְאֶל־
הַיָּשָׁר בְּעֵינֶיךָ לָלֶכֶת שָׁמָּה לֵךְ׃ וְעוֹדֶנּוּ לֹא־יָשׁוּב וְשֻׁבָה ה
אֶל־גְּדַלְיָה בֶן־אֲחִיקָם בֶּן־שָׁפָן אֲשֶׁר הִפְקִיד מֶלֶךְ־בָּבֶל
בְּעָרֵי יְהוּדָה וְשֵׁב אִתּוֹ בְּתוֹךְ הָעָם אוֹ אֶל־כָּל־הַיָּשָׁר
בְּעֵינֶיךָ לָלֶכֶת לֵךְ וַיִּתֶּן־לוֹ רַב־טַבָּחִים אֲרֻחָה וּמַשְׂאֵת
וַיְשַׁלְּחֵהוּ׃ וַיָּבֹא יִרְמְיָהוּ אֶל־גְּדַלְיָה בֶן־אֲחִיקָם הַמִּצְפָּתָה 6
וַיֵּשֶׁב אִתּוֹ בְּתוֹךְ הָעָם הַנִּשְׁאָרִים בָּאָרֶץ׃ וַיִּשְׁמְעוּ 7
כָל־שָׂרֵי הַחֲיָלִים אֲשֶׁר בַּשָּׂדֶה הֵמָּה וְאַנְשֵׁיהֶם כִּי־הִפְקִיד
מֶלֶךְ־בָּבֶל אֶת־גְּדַלְיָהוּ בֶן־אֲחִיקָם בָּאָרֶץ וְכִי ׀ הִפְקִיד
אִתּוֹ אֲנָשִׁים וְנָשִׁים וָטָף וּמִדַּלַּת הָאָרֶץ מֵאֲשֶׁר לֹא־הָגְלוּ
בָּבֶלָה׃ וַיָּבֹאוּ אֶל־גְּדַלְיָה הַמִּצְפָּתָה וְיִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָהוּ 8
וְיוֹחָנָן וְיוֹנָתָן בְּנֵי־קָרֵחַ וּשְׂרָיָה בֶן־תַּנְחֻמֶת וּבְנֵי ׀ עוֹפַי
הַנְּטֹפָתִי וִיזַנְיָהוּ בֶּן־הַמַּעֲכָתִי הֵמָּה וְאַנְשֵׁיהֶם׃ וַיִּשָּׁבַע 9
לָהֶם גְּדַלְיָהוּ בֶן־אֲחִיקָם בֶּן־שָׁפָן וּלְאַנְשֵׁיהֶם לֵאמֹר אַל־
תִּירְאוּ מֵעֲבוֹד הַכַּשְׂדִּים שְׁבוּ בָאָרֶץ וְעִבְדוּ אֶת־מֶלֶךְ
בָּבֶל וְיִיטַב לָכֶם׃ וַאֲנִי הִנְנִי יֹשֵׁב בַּמִּצְפָּה לַעֲמֹד י
לִפְנֵי הַכַּשְׂדִּים אֲשֶׁר יָבֹאוּ אֵלֵינוּ וְאַתֶּם אִסְפוּ יַיִן וְקַיִץ
וְשֶׁמֶן וְשִׂמוּ בִּכְלֵיכֶם וּשְׁבוּ בְּעָרֵיכֶם אֲשֶׁר־תְּפַשְׂתֶּם׃ וְגַם 11
כָּל־הַיְּהוּדִים אֲשֶׁר־בְּמוֹאָב ׀ וּבִבְנֵי־עַמּוֹן וּבֶאֱדוֹם וַאֲשֶׁר
בְּכָל־הָאֲרָצוֹת שָׁמְעוּ כִּי־נָתַן ׀ מֶלֶךְ־בָּבֶל שְׁאֵרִית לִיהוּדָה
וְכִי הִפְקִיד עֲלֵיהֶם אֶת־גְּדַלְיָהוּ בֶּן־אֲחִיקָם בֶּן־שָׁפָן׃
וַיָּשֻׁבוּ כָל־הַיְּהוּדִים מִכָּל־הַמְּקֹמוֹת אֲשֶׁר נִדְּחוּ־שָׁם וַיָּבֹאוּ 12
אֶרֶץ־יְהוּדָה אֶל־גְּדַלְיָהוּ הַמִּצְפָּתָה וַיַּאַסְפוּ יַיִן וָקַיִץ
הַרְבֵּה מְאֹד׃ וְיוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ וְכָל־שָׂרֵי הַחֲיָלִים אֲשֶׁר 13
בַּשָּׂדֶה בָּאוּ אֶל־גְּדַלְיָהוּ הַמִּצְפָּתָה׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו הֲיָדֹעַ 14



4. ט א׳ נחה v. 8. עיפי קרי

אויף דיינע הענד, אויב אין דיינע אויגען איז עס גוט צו קומען מיט מיר קיין בבל — קום און איך וועל מיין אויג אויף דיר האלטען און אויב עס איז שלעכט אין דיינע אויגען צו קומען מיט מיר נאך בבל, פערמייד עס. זעה דאס גאנצע לאנד איז פאר דיר וואוהין עס איז גוט און גלייך אין דיינע אויגען צו געהן אהין געה.

5 און ער האט נאך ניט געענטפערט (זאגט נבוזראדן ווייטער:) און קעהר זיך צוריק צו גדליה דער זוהן פון אחיקם דער זוהן פון שפן וועמען דער קעניג פון בבל האט בעשטעלט איבער די שטאדט פון יהודה, און בלייב ביי איהם צווישען דאס פאלק אדער וואו עס געפעלהט דיר צו געהן געה, און דער הויפט פון די שלאכטער האט איהם געגעבען שפייז און געשאנק און האט איהם אוועקגעשיקט.

6 און ירמיהו איז געקומען צו גדליה דער זוהן פון אחיקם נאך מצפה און איז פערבליעבען מיט איהם צווישען פאלק וואס איז איבערגעבליעבען אין לאנד.

7 און ווען עס האבען געהערט די פירשטען פון די ארמעען וואס זיינען געווען אויפ'ן פעלד, זיי און זייערע מענשען, אז דער קעניג פון בבל האט בעשטעלט גדליהו דעם זוהן פון אחיקם אין לאנד. און האט איהם איבער־געלאזען מעננער און פרויען און קליינע קינדער און פון די ארימע פון לאנד, פון וועלכע עס זיינען ניט פערטריעבען געווארען נאך בבל.

8 און זיינען געקומען צו גדליהו'ן קיין מצפה און ישמעאל דער זוהן פון נתניהו און יוחנן און יונתן די זיהן פון קרח און שריה דער זוהן פון תנחמת און די זיהן פון עיפי דעם נטופתי און יזניהו דער זוהן פון מעכתי, זיי און זייערע מענשען.

9 און גדליהו דער זוהן פון אחיקם דער זוהן פון שפן האט צו זיי געשווא־רען און צו זייערע מענער זאגענדיג: איהר זאלט ניט פירכטען צו דינ־נען די כשדים, וואהנט אין לאנד און דיענט דעם קעניג פון בבל און עס וועט אייך גוט זיין.

10 און איך פערבלייב דאך אין מצפה אום צו שטעהען פאר די כשדים וועל־קומען צו אונז, און וואהנט אין אייערע שטעדט, וואס איהר פערכאפט.

11 און אויך אלע יהודים וואס זיינען אין מואב און ביי די בני עמון און אין אדום, און וועלכע זיינען אין אלע לענדער, האבען געהארכט אז דער קעניג פון בבל האט געלאזען אן איבערבלייבונג צו יהודה, און אז ער האט בעשטעלט אויף זיי גדליהו דער זוהן פון אחיקם דער זוהן פון שפן.

12 אזוי האבען זיך אלע יהודים צוריקגעקעהרט פון אלע ערטער וואוהין זיי זיינען פארשטויסען געווארען, און זיי זיינען געקומען אין לאנד יהודה צו גדליהו קיין מצפה און זיי האבען געזאמעלט אין זומער פרוכט זעהר פיעל.

13 און יוחנן דער זוהן פון קרח און אלע הארען פון די ארמעען וואס אין פעלד זיינען געקומען צו גדליהו קיין מצפה.

14 און זיי האבען צו איהם געזאגט: ווייסטו אז בעלים דער קעניג פון עמון

תֵּדַע כִּי בַּעֲלִיס | מֶלֶךְ בְּנֵי־עַמּוֹן שָׁלַח אֶת־יִשְׁמָעֵאל בֶּן־
נְתַנְיָה לְהַכֹּתְךָ נָפֶשׁ וְלֹא־הֶאֱמִין לָהֶם גְּדַלְיָהוּ בֶּן־אֲחִיקָם׃
טו וְיוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ אָמַר אֶל־גְּדַלְיָהוּ בַסֵּתֶר בַּמִּצְפָּה לֵאמֹר
אֵלְכָה נָּא וְאַכֶּה אֶת־יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה וְאִישׁ לֹא יֵדָע
לָמָּה יַכֶּכָּה נֶּפֶשׁ וְנָפֹצוּ כָּל־יְהוּדָה הַנִּקְבָּצִים אֵלֶיךָ וְאָבְדָה
16 שְׁאֵרִית יְהוּדָה׃ וַיֹּאמֶר גְּדַלְיָהוּ בֶן־אֲחִיקָם אֶל־יוֹחָנָן
בֶּן־קָרֵחַ אַל־תַּעַשׂ אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה כִּי־שֶׁקֶר אַתָּה דֹבֵר
אֶל־יִשְׁמָעֵאל׃

## CAP. XLI. מא

# מא

א וַיְהִי | בַּחֹדֶשׁ הַשְּׁבִיעִי בָּא יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה בֶן־אֱלִישָׁמָע
מִזֶּרַע הַמְּלוּכָה וְרַבֵּי הַמֶּלֶךְ וַעֲשָׂרָה אֲנָשִׁים אִתּוֹ אֶל־
גְּדַלְיָהוּ בֶן־אֲחִיקָם הַמִּצְפָּתָה וַיֹּאכְלוּ שָׁם לֶחֶם יַחְדָּו
2 בַּמִּצְפָּה׃ וַיָּקָם יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה וַעֲשֶׂרֶת הָאֲנָשִׁים |
אֲשֶׁר־הָיוּ אִתּוֹ וַיַּכּוּ אֶת־גְּדַלְיָהוּ בֶן־אֲחִיקָם בֶּן־שָׁפָן בַּחֶרֶב
3 וַיָּמֶת אֹתוֹ אֲשֶׁר־הִפְקִיד מֶלֶךְ־בָּבֶל בָּאָרֶץ׃ וְאֵת כָּל־
הַיְּהוּדִים אֲשֶׁר־הָיוּ אִתּוֹ אֶת־גְּדַלְיָהוּ בַּמִּצְפָּה וְאֶת־
הַכַּשְׂדִּים אֲשֶׁר נִמְצְאוּ־שָׁם אֵת אַנְשֵׁי הַמִּלְחָמָה הִכָּה
4 יִשְׁמָעֵאל׃ וַיְהִי בַּיּוֹם הַשֵּׁנִי לְהָמִית אֶת־גְּדַלְיָהוּ וְאִישׁ לֹא
ה יָדָע׃ וַיָּבֹאוּ אֲנָשִׁים מִשְּׁכֶם מִשִּׁלוֹ וּמִשֹּׁמְרוֹן שְׁמֹנִים אִישׁ
מְגֻלְּחֵי זָקָן וּקְרֻעֵי בְגָדִים וּמִתְגֹּדְדִים וּמִנְחָה וּלְבוֹנָה בְּיָדָם
6 לְהָבִיא בֵּית יְהוָה׃ וַיֵּצֵא יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה לִקְרָאתָם
מִן־הַמִּצְפָּה הֹלֵךְ הָלֹךְ וּבֹכֶה וַיְהִי כִּפְגֹשׁ אֹתָם וַיֹּאמֶר
7 אֲלֵיהֶם בֹּאוּ אֶל־גְּדַלְיָהוּ בֶן־אֲחִיקָם׃ וַיְהִי כְּבוֹאָם אֶל־
תּוֹךְ הָעִיר וַיִּשְׁחָטֵם יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה אֶל־תּוֹךְ הַבּוֹר
8 הוּא וְהָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר־אִתּוֹ׃ וַעֲשָׂרָה אֲנָשִׁים נִמְצְאוּ־בָם
וַיֹּאמְרוּ אֶל־יִשְׁמָעֵאל אַל־תְּמִתֻנוּ כִּי־יֶשׁ־לָנוּ מַטְמֹנִים
בַּשָּׂדֶה חִטִּים וּשְׂעֹרִים וְשֶׁמֶן וּדְבָשׁ וַיֶּחְדַּל וְלֹא הֱמִיתָם

בתוך

מ׳ v. 16. תעשה קרי

האָט געשיקט ישמעאל דעם זוהן פון נתניה דיך טוידטן צו שלאָגען? אָבער גדליהו דער זוהן פון אחיקם האָט זיי ניט געגלויבט.

15 און יוחנן דער זוהן פון קרה האָט געזאָגט צו גדליהו אין געהיים אין מצפה אַזוי: לאָז מיך געהען און טוידטען ישמעאל דעם זוהן פון נתניה און קיינער זאָל עס ניט וויסען, וואָרום זאָל ער דיך טוידטען און גאַנץ יהודה וואָס האָט זיך פערזאַמעלט צו דיר וועלען פערשפּרייט ווערען און די איבערגעבליבענע יהודה וועט דאַן פערלאָרען געהען.

16 און גדליהו דער זוהן פון אחיקם האָט געזאָגט צו יוחנן דעם זוהן פון קרח, דו זאָלסט דיעזע זאַך ניט טהאָן, ווייל דו רעדסט פאַלשקייט וועגען ישמעאל.

## קאַפּיטעל מא

1 און עס איז געווען אין זיעבעטען מאָנאַט איז געקומען ישמעאל דער זוהן פון נתניה דער זוהן פון אלישמע פון די קעניגליכע קינדער, און די הויפּט לייט פון קעניג און צעהן מענשען מיט איהם צו גדליהו דעם זוהן פון אחיקם נאָך מצפה, און זיי האָבען צוזאַמען געגעסען ברויט דאָרט אין מצפה.

2 און ישמעאל דער זוהן פון נתניה און די צעהן לייטע, וואָס זיינען געווען מיט איהם, זיינען אויפגעשטאַנען און זיי האָבען דערשלאָגען גדליהו דעם זוהן פון אחיקם דער זוהן פון שפן מיט'ן שווערד און האָבען גע־טוידטעט איהם, וועמען דער קעניג פון בבל האָט אויפגענומען איבער'ן לאַנד.

3 און אַלע יהודים וואָס זיינען געווען מיט גדליהו'ן אין מצפה און די כשדים, וועלכע האָבען זיך דאָרט געפונען, די קריעגס־לייטע, האָט ישמעאל דערשלאָגען.

4 און עס איז געשעהען נאָך דעם צווייטען טאָג נאָך די ערמאָרדונג פון גדליהו, און קיינער האָט ניט געוואוסט.

5 און עס זיינען געקומען לייטע פון שכם און פון שלו און פון שמרון אַכציג מאַן מיט געגאָלטע בערד און צוריסענע קליידער און צושניטענע לייבער, און אין זייערע הענד זיינען געווען שפּייז־אָפּפער און ווייה־רויך צו ברענגען עס אין גאָט'ס הויז.

6 און ישמעאל דער זוהן פון נתניה איז אַרויס זיי אַנטקעגען פון מצפה, אימגעגאַנגען און געוויינט, און עס איז געווען ווען ער האָט זיי בעגע־גענט, האָט ער צו זיי געזאָגט: קומט צו גדליהו דעם זוהן פון אחיקם.

7 און עס איז געשעהען ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין מיטען שטאָדט, האָט זיי ישמעאל דער זוהן פון נתניה געקוילעט און ער און די מענער וואָס זיינען געווען מיט איהם האָבען זיי אַריינגעוואָרפען אין גרוב.

8 און צווישען זיי זיינען געווען צעהן מענשען און זיי האָבען געזאָגט צו ישמעאל'ן: טוידט אונז ניט, ווייל מיר האָבען אין פעלד פערבאָרגען ווייץ און גערשטען און אויל און האָניג, און ער האָט זיי אָבגעלאָזען און זיי ניט געטוידט צווישען זייערע ברידער.

9 בְּת֣וֹךְ אֲחֵיהֶֽם׃ וְהַבּ֗וֹר אֲשֶׁר֩ הִשְׁלִ֨יךְ שָׁ֜ם יִשְׁמָעֵ֣אל אֵ֣ת ׀
כָּל־פִּגְרֵ֣י הָאֲנָשִׁ֗ים אֲשֶׁ֤ר הִכָּה֙ בְּיַד־גְּדַלְיָ֔הוּ ה֗וּא אֲשֶׁ֤ר
עָשָׂה֙ הַמֶּ֣לֶךְ אָסָ֔א מִפְּנֵ֖י בַּעְשָׁ֣א מֶֽלֶךְ־יִשְׂרָאֵ֑ל אֹת֗וֹ מִלֵּ֛א
י יִשְׁמָעֵ֥אל בֶּן־נְתַנְיָ֖הוּ חֲלָלִֽים׃ וַיִּ֣שְׁבְּ ׀ יִשְׁמָעֵ֡אל אֶת־כָּל־
שְׁאֵרִ֨ית הָעָ֜ם אֲשֶׁ֣ר בַּמִּצְפָּ֗ה אֶת־בְּנ֣וֹת הַמֶּלֶךְ֮ וְאֶת־כָּל־
הָעָם֙ הַנִּשְׁאָרִ֣ים בַּמִּצְפָּ֔ה אֲשֶׁ֣ר הִפְקִ֗יד נְבֽוּזַרְאֲדָן֙ רַב־
טַבָּחִ֔ים אֶת־גְּדַלְיָ֖הוּ בֶּן־אֲחִיקָ֑ם וַיִּשְׁבֵּם֙ יִשְׁמָעֵ֣אל בֶּן־
11 נְתַנְיָ֔ה וַיֵּ֕לֶךְ לַעֲבֹ֖ר אֶל־בְּנֵ֥י עַמּֽוֹן׃ וַיִּשְׁמַע֙ יוֹחָנָ֣ן בֶּן־קָרֵ֔חַ
וְכָל־שָׂרֵ֥י הַחֲיָלִ֖ים אֲשֶׁ֣ר אִתּ֑וֹ אֵ֚ת כָּל־הָ֣רָעָ֔ה אֲשֶׁ֥ר עָשָׂ֖ה
12 יִשְׁמָעֵ֥אל בֶּן־נְתַנְיָֽה׃ וַיִּקְחוּ֙ אֶת־כָּל־הָ֣אֲנָשִׁ֔ים וַיֵּ֣לְכ֔וּ לְהִלָּחֵ֖ם
עִם־יִשְׁמָעֵ֣אל בֶּן־נְתַנְיָ֑ה וַיִּמְצְא֣וּ אֹת֔וֹ אֶל־מַ֥יִם רַבִּ֖ים אֲשֶׁ֥ר
13 בְּגִבְעֽוֹן׃ וַיְהִ֗י כִּרְא֤וֹת כָּל־הָעָם֙ אֲשֶׁ֣ר אֶת־יִשְׁמָעֵ֔אל אֶת־
יֽוֹחָנָן֙ בֶּן־קָרֵ֔חַ וְאֵ֛ת כָּל־שָׂרֵ֥י הַחֲיָלִ֖ים אֲשֶׁ֣ר אִתּ֑וֹ וַיִּשְׂמָֽחוּ׃
14 וַיָּסֹ֙בּוּ֙ כָּל־הָעָ֔ם אֲשֶׁר־שָׁבָ֥ה יִשְׁמָעֵ֖אל מִן־הַמִּצְפָּ֑ה וַיָּשֻׁ֙בוּ֙
טו וַיֵּלְכ֔וּ אֶל־יוֹחָנָ֖ן בֶּן־קָרֵֽחַ׃ וְיִשְׁמָעֵ֣אל בֶּן־נְתַנְיָ֗ה נִמְלַט֙
16 בִּשְׁמֹנָ֣ה אֲנָשִׁ֔ים מִפְּנֵ֖י יוֹחָנָ֑ן וַיֵּ֖לֶךְ אֶל־בְּנֵ֥י עַמּֽוֹן׃ וַיִּקַּ֡ח
יוֹחָנָן֩ בֶּן־קָרֵ֨חַ וְכָל־שָׂרֵ֤י הַחֲיָלִים֙ אֲשֶׁר־אִתּ֔וֹ אֵ֣ת כָּל־
שְׁאֵרִ֣ית הָעָם֩ אֲשֶׁ֨ר הֵשִׁ֜יב מֵאֵ֨ת יִשְׁמָעֵ֤אל בֶּן־נְתַנְיָה֙ מִן־
הַמִּצְפָּ֔ה אַחַ֣ר הִכָּ֔ה אֶת־גְּדַלְיָ֖ה בֶּן־אֲחִיקָ֑ם גְּבָרִ֞ים אַנְשֵׁ֣י
הַמִּלְחָמָ֗ה וְנָשִׁ֤ים וְטַף֙ וְסָ֣רִסִ֔ים אֲשֶׁ֥ר הֵשִׁ֖יב מִגִּבְעֽוֹן׃
17 וַיֵּלְכ֗וּ וַיֵּֽשְׁבוּ֙ בְּגֵר֣וּת כִּמְוֺהָ֔ם אֲשֶׁר־אֵ֖צֶל בֵּ֣ית לָ֑חֶם לָלֶ֕כֶת
18 לָב֖וֹא מִצְרָֽיִם׃ מִפְּנֵי֙ הַכַּשְׂדִּ֔ים כִּ֥י יָרְא֖וּ מִפְּנֵיהֶ֑ם כִּֽי־הִכָּ֞ה
יִשְׁמָעֵ֣אל בֶּן־נְתַנְיָ֗ה אֶת־גְּדַלְיָ֙הוּ֙ בֶּן־אֲחִיקָ֔ם אֲשֶׁר־הִפְקִ֥יד
מֶֽלֶךְ־בָּבֶ֖ל בָּאָֽרֶץ׃

## מב CAP. XLII. מב

א וַֽיִּגְּשׁוּ֙ כָּל־שָׂרֵ֣י הַחֲיָלִ֔ים וְיֽוֹחָנָן֙ בֶּן־קָרֵ֔חַ וִיזַנְיָ֖ה בֶּן־הוֹשַֽׁעְיָ֑ה
2 וְכָל־הָעָ֖ם מִקָּטֹ֥ן וְעַד־גָּדֽוֹל׃ וַיֹּאמְר֞וּ אֶל־יִרְמְיָ֣הוּ הַנָּבִ֗יא



מ״א v. 17. כמדם קרי

9 און דער גרוב, וואָס ישמעאל האָט דאָרט אַריינגעוואָרפען אַלע טויטע קערפּער פון די מענשען, וואָס ער האָט דערשלאַגען דורך גדליהו, איז דערזעלבער, וואָס דער קעניג אָסאָ האָט געמאַכט אויס פורכט פאַר בעשא דעם קעניג פון ישראל, דיזען האָט ישמעאל דער זוהן פון נתניה אָנגע־פילט מיט דערשלאַגענע.

10 און ישמעאל האָט געפאַנגען די איבערגעבליעבענע פון פאָלק וואָס אין מצפה, דעם קעניגס טעכטער און גאָר דאָס פאָלק, וועלכע זיינען פער־בליעבען אין מצפה, וואָס נבוזראדן דער הויפּט פון די שלאַכטער האָט איבערגעגעבען צו גדליהו דעם זוהן פון אחיקם, זיי האָט ישמעאל דער זוהן פון נתניה געפאַנגען און איז געגאַנגען צו אַוועקפיהרען זיי צו די בני־עמון.

11 און יוחנן דער זוהן פון קרח און אַלע הארען פון די אַרמעען, וואָס זיינען געוועזען מיט איהם, האָבען געהערט דאָס שלעכטס וואָס ישמעאל דער זוהן פון נתניה האָט געטהאָן.

12 און זיי האָבען גענומען אַלע לייטע און זיינען אַוועק צו שטרייטען מיט ישמעאל דעם זוהן נתניה, און זיי האָבען איהם געפונען ביים גרויסען וואסער וואָס אין גבעון.

13 און עס איז געוועזען ווען גאָר דאָס פאָלק וואָס זיינען געוועזען מיט ישמעאל האָבען דערזעהען יוחנן דעם זוהן פון קרח און אַלע הארען פון די אַרמעען האָבען זיי זיך דערפרעהט.

14 און גאָר דאָס פאָלק, וואָס ישמעאל האָט געפאַנגען אין מצפה, האָבען זיך אָבגעקעהרט (פון איהם) און צוריקגעקעהרט און אַוועק צו יוחנן דעם זוהן פון קרח.

15 און ישמעאל דער זוהן פון נתניה איז אַנטלאָפען מיט אַכט מענשען פאַר יוחנן און איז אַוועק צו די בני־עמון.

16 און יוחנן דער זוהן פון קרח און אַלע הארען פון די אַרמעען וועלכע זיינען געוועזען מיט איהם האָבען גענומען די איבעריגע פון פאָלק. וואָס ער האָט צוריקגעקעהרט פון ישמעאל דעם זוהן נתניה, פון מצפה, נאָכדעם ווי ער האָט דערשלאַגען גדליה דעם זוהן פון אחיקם, מענער קריעגס־לייט, און פרויען און קליינען קינדער און הויפּ־דיענער וואָס ער האָט צוריק־געקעהרט פון גבעון.

17 און זיי זיינען געגאַנגען און פערבליעבען אין גרות כמהם, וואָס ביי בית לחם, אום צו געהן און צו קומען נאָך מצרים.

18 ווייל זיי האָבען געפירכטעט פאַר די כשדים, ווייל ישמעאל דער זוהן פון נתניה האָט דערשלאָגען גדליהו דעם זוהן פון אחיקם, וועמען דער קעניג פון בבל האָט אויפגענומען איבער'ן לאַנד.

## קאַפּיטעל מב

1 און אַלע הערען פון די אַרמעען און יוחנן דער זוהן פון קרח און יזניה דער זוהן פון הושעיה און גאָר דאָס פאָלק פון קליין ביז גרויס זיינען צו געגאַנגען

2 און געזאָגט צו ירמיהו דעם פּראָפעט: לאָז אונזער געבעט פאַלען פאַר

תִּפָּל־נָא תְחִנָּתֵנוּ לְפָנֶיךָ וְהִתְפַּלֵּל בַּעֲדֵנוּ אֶל־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ
בְּעַד כָּל־הַשְּׁאֵרִית הַזֹּאת כִּי־נִשְׁאַרְנוּ מְעַט מֵהַרְבֵּה כַּאֲשֶׁר
3 עֵינֶיךָ רֹאוֹת אֹתָנוּ׃ וְיַגֶּד־לָנוּ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ אֶת־הַדֶּרֶךְ
4 אֲשֶׁר נֵלֶךְ־בָּהּ וְאֶת־הַדָּבָר אֲשֶׁר נַעֲשֶׂה׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם
יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא שָׁמַעְתִּי הִנְנִי מִתְפַּלֵּל אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם
כְּדִבְרֵיכֶם וְהָיָה כָּל־הַדָּבָר אֲשֶׁר־יַעֲנֶה יְהוָה אֶתְכֶם אַגִּיד
ה לָכֶם לֹא־אֶמְנַע מִכֶּם דָּבָר׃ וְהֵמָּה אָמְרוּ אֶל־יִרְמְיָהוּ יְהִי
יְהוָה בָּנוּ לְעֵד אֱמֶת וְנֶאֱמָן אִם־לֹא כְּכָל־הַדָּבָר אֲשֶׁר
6 יִשְׁלָחֲךָ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ אֵלֵינוּ כֵּן נַעֲשֶׂה׃ אִם־טוֹב וְאִם־
רָע בְּקוֹל ׀ יְהוָה אֱלֹהֵינוּ אֲשֶׁר אֲנַו שֹׁלְחִים אֹתְךָ אֵלָיו
נִשְׁמָע לְמַעַן אֲשֶׁר יִיטַב־לָנוּ כִּי נִשְׁמַע בְּקוֹל יְהוָה
7 אֱלֹהֵינוּ׃ וַיְהִי מִקֵּץ עֲשֶׂרֶת יָמִים וַיְהִי דְבַר־יְהוָה
8 אֶל־יִרְמְיָהוּ׃ וַיִּקְרָא אֶל־יוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ וְאֶל כָּל־שָׂרֵי
9 הַחֲיָלִים אֲשֶׁר אִתּוֹ וּלְכָל־הָעָם לְמִקָּטֹן וְעַד־גָּדוֹל׃ וַיֹּאמֶר
אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר שְׁלַחְתֶּם אֹתִי
י אֵלָיו לְהַפִּיל תְּחִנַּתְכֶם לְפָנָיו׃ אִם־שׁוֹב תֵּשְׁבוּ בָּאָרֶץ
הַזֹּאת וּבָנִיתִי אֶתְכֶם וְלֹא אֶהֱרֹס וְנָטַעְתִּי אֶתְכֶם וְלֹא
11 אֶתּוֹשׁ כִּי נִחַמְתִּי אֶל־הָרָעָה אֲשֶׁר עָשִׂיתִי לָכֶם׃ אַל־
תִּירְאוּ מִפְּנֵי מֶלֶךְ בָּבֶל אֲשֶׁר־אַתֶּם יְרֵאִים מִפָּנָיו אַל־
תִּירְאוּ מִמֶּנּוּ נְאֻם־יְהוָה כִּי־אִתְּכֶם אָנִי לְהוֹשִׁיעַ אֶתְכֶם
12 וּלְהַצִּיל אֶתְכֶם מִיָּדוֹ׃ וְאֶתֵּן לָכֶם רַחֲמִים וְרִחַם אֶתְכֶם
13 וְהֵשִׁיב אֶתְכֶם אֶל־אַדְמַתְכֶם׃ וְאִם־אֹמְרִים אַתֶּם לֹא נֵשֵׁב
14 בָּאָרֶץ הַזֹּאת לְבִלְתִּי שְׁמֹעַ בְּקוֹל יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃ לֵאמֹר
לֹא כִּי אֶרֶץ מִצְרַיִם נָבוֹא אֲשֶׁר לֹא־נִרְאֶה מִלְחָמָה וְקוֹל
טו שׁוֹפָר לֹא נִשְׁמָע וְלַלֶּחֶם לֹא־נִרְעָב וְשָׁם נֵשֵׁב׃ וְעַתָּה
לָכֵן שִׁמְעוּ דְבַר־יְהוָה שְׁאֵרִית יְהוּדָה כֹּה־אָמַר יְהוָה
צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אִם־אַתֶּם שׂוֹם תְּשִׂמוּן פְּנֵיכֶם לָבֹא

מצרים

6. v אנחנו קרי

דיר, און בעט פאַר אונז צו דעם אייביגען דיין גאָט פאַר דיזע איבער־געבליבענע, ווייל מיר זיינען פערבליבען ווענינ פון פיעלע ווי דיינע אויגען זעהען אונז.

3 און זאָל אונז דער אייביגער דיין גאָט זאָגען די וועגען אויף וועלכע מיר זאָלען געהען און די זאַך וואָס מיר זאָלען טהאָן.

4 און ירמיהו דער פּראָפעט האָט געזאָגט צו זיי: איך האָב געהערט. נון, איך בעט צו דעם עווינען אייער גאָט אַזוי ווי איהר האָט גערעדט, און וואָס גאָט וועט אייך ענטפערען וועל איך אייך זאָגען, איך וועל ניט צוריק־האַלטען פון אייך איין וואָרט.

5 און זיי האָבען געזאָגט צו ירמיהו: גאָט זאָל זיין צווישען אונז אַ וואהרער און טרייער עדות, אויב מיר וועלען ניט אַזוי טהאָן, ווי יעדעס וואָרט וואָס דיין אייביגער גאָט האָט דיר געשיקט אונז צו זאָגען.

6 סיי גוט סיי שלעכט, מיר וועלען הערען צו דער שטימע פון דעם אייביגען אונזער גאָט, וואָס מיר האָבען דיך געשיקט צו איהם, אום עס זאָל אונז גוט זיין, ווען מיר וועלען הערען אין דער שטימען פון דעם אייביגען אונ־זער גאָט.

7 און עס איז געשעהען אין ענדע פון צעהן טעג און גאָט'ס וואָרט איז גע־ווען צו ירמיהו.

8 און ער האָט גערופען יוחנן דער זוהן פון קרח און אַלע האַרען פון די אַרמעען, וואָס זיינען געווען מיט איהם, און גאַר דאָס פאָלק פון קליין ביז גרויס.

9 און ער האָט געזאָגט צו זיי: אַזוי האָט געזאָגט דער אייביגער גאָט פון ישראל, וואָס איהר האָט מיך געשיקט צו איהם, צו לאָזען פאַלען אייער געבעט פאַר איהם.

10 אויב איהר וועט פערבלייבען וואָהנען אין דיזען לאַנד, וועל איך אויפ־בויען און ניט צושטערען און איך וועל אייך איינפלאַנצען און ניט אויס־רייסען, ווייל איך בערייהע (האָב חרטה) די שלעכטס, וואָס איך האָב אייך געטהאָן.

11 פירכטעט ניט פאַר דעם קעניג פון בבל, פאַר וועלכען איהר פירכטעט, פירכטעט ניט פאַר איהם, זאָגט גאָט, ווייל איך בין מיט אייך צו העלפען אייך און צו רעטען אייך פון זיין האַנד.

12 איך וועל פאַר אייך ערוועקען מיטלייד און ער וועט זיך איבער אייך דער־באַרמען און וועט אייך צוריקקעהרען צו אייער לאַנד.

13 אָבער ווען איהר זאָגט מיר וועלען ניט וואָהנען אין דיזען לאַנד און ניט הערען אין דער שטימע פון דעם אייביגען אייער גאָט.

14 זאָגענדיג: ניין, נאָר אין'ם לאַנד מצרים וועלען מיר קומען, וואו מיר וועלען ניט זעהען קיין שטרייט און ניט הערען די שטימע פון שופר, און מיר וועלען ניט הונגערען נאָך ברויט, דאָרט וועלען מיר וואָהנען.

15 און יעצט הערט דאָס וואָרט פון גאָט, איבערגעבליעבענע פון יהודה, אַזוי האָט געזאָגט דער אייביגער פון הערשאַפטען גאָט פון ישראל, אויב אייער אבזיכט איז צו קומען נאָך מצרים און איהר וועט קומען דאָרט זיך אויפ־צוהאַלטען.

מִצְרַיִם וּבָאתֶם לָגוּר שָׁם׃ וְהָיְתָה הַחֶרֶב אֲשֶׁר אַתֶּם 16
יְרֵאִים מִמֶּנָּה שָׁם תַּשִּׂיג אֶתְכֶם בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם וְהָרָעָב
אֲשֶׁר־אַתֶּם ׀ דֹּאֲגִים מִמֶּנּוּ שָׁם יִדְבַּק אַחֲרֵיכֶם מִצְרַיִם
וְשָׁם תָּמֻתוּ׃ וְיִהְיוּ כָל־הָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר־שָׂמוּ אֶת־פְּנֵיהֶם 17
לָבוֹא מִצְרַיִם לָגוּר שָׁם יָמוּתוּ בַּחֶרֶב בָּרָעָב וּבַדָּבֶר וְלֹא־
יִהְיֶה לָהֶם שָׂרִיד וּפָלִיט מִפְּנֵי הָרָעָה אֲשֶׁר אֲנִי מֵבִיא
עֲלֵיהֶם׃ כִּי כֹה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל כַּאֲשֶׁר 18
נִתַּךְ אַפִּי וַחֲמָתִי עַל־יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלַםִ כֵּן תִּתַּךְ חֲמָתִי
עֲלֵיכֶם בְּבֹאֲכֶם מִצְרָיִם וִהְיִיתֶם לְאָלָה וּלְשַׁמָּה וְלִקְלָלָה
וּלְחֶרְפָּה וְלֹא־תִרְאוּ עוֹד אֶת־הַמָּקוֹם הַזֶּה׃ דִּבֶּר יְהוָה 19
עֲלֵיכֶם שְׁאֵרִית יְהוּדָה אַל־תָּבֹאוּ מִצְרָיִם יָדֹעַ תֵּדְעוּ כִּי־
הַעִידֹתִי בָכֶם הַיּוֹם׃ כִּי הִתְעֵתִים בְּנַפְשׁוֹתֵיכֶם כִּי־אַתֶּם כ
שְׁלַחְתֶּם אֹתִי אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם לֵאמֹר הִתְפַּלֵּל בַּעֲדֵנוּ
אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵינוּ וּכְכֹל אֲשֶׁר יֹאמַר יְהוָה אֱלֹהֵינוּ כֵּן
הַגֶּד־לָנוּ וְעָשִׂינוּ׃ וָאַגִּד לָכֶם הַיּוֹם וְלֹא שְׁמַעְתֶּם בְּקוֹל 21
יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם וּלְכֹל אֲשֶׁר־שְׁלָחַנִי אֲלֵיכֶם׃ וְעַתָּה יָדֹעַ 22
תֵּדְעוּ כִּי בַּחֶרֶב בָּרָעָב וּבַדֶּבֶר תָּמוּתוּ בַּמָּקוֹם אֲשֶׁר
חֲפַצְתֶּם לָבוֹא לָגוּר שָׁם׃

## מג    Cap. XLIII. מג

וַיְהִי כְּכַלּוֹת יִרְמְיָהוּ לְדַבֵּר אֶל־כָּל־הָעָם אֶת־כָּל־דִּבְרֵי א
יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם אֲשֶׁר שְׁלָחוֹ יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם אֲלֵיהֶם אֵת
כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה׃ וַיֹּאמֶר עֲזַרְיָה בֶן־הוֹשַׁעְיָה 2
וְיוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ וְכָל־הָאֲנָשִׁים הַזֵּדִים אֹמְרִים אֶל־יִרְמְיָהוּ
שֶׁקֶר אַתָּה מְדַבֵּר לֹא שְׁלָחֲךָ יְהוָה אֱלֹהֵינוּ לֵאמֹר לֹא־
תָבֹאוּ מִצְרַיִם לָגוּר שָׁם׃ כִּי בָּרוּךְ בֶּן־נֵרִיָּה מַסִּית אֹתְךָ 3
בָּנוּ לְמַעַן תֵּת אֹתָנוּ בְיַד־הַכַּשְׂדִּים לְהָמִית אֹתָנוּ וּלְהַגְלוֹת
אֹתָנוּ בָּבֶל׃ וְלֹא־שָׁמַע יוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ וְכָל־שָׂרֵי הַחֲיָלִים 4
וכל

מ״ב v. 20. התעיתם קרי

16 יועט אייך דאָרטען אין מצרים גרייכען דאָס שווערד פון וועלכען איהר פירכטעט זיך, און דער הונגער, וואָס מאכט אייך זאָרגען, וועט אייך אָניאָגען אין מצרים און דאָרט וועט איהר שטאַרבען.

17 און אַלע מענשען וואָס זייער אבזיכט איז צו קומען נאָך מצרים זיך דאָרט אויפצוהאַלטען וועלען דאָרט שטאַרבען דורך'ן שווערד, פון הונגער און פעסט, און קיינער פון זיי וועט איבערבלייבען און ענטרינען פון דעם אונ־גליק וואָס איך וועל אויף זיי ברענגען.

18 ווייל אַזוי האָט געזאָגט דער אייביגער פון הערשאַפטען גאָט פון ישראל, אַזוי ווי עס זיינען אויסגעגאָסען געוואָרען מיין צאָרן און מיין גרימ־צאָרן אויף די איינוואָהנער פון ירושלים, אַזוי וועט מיין צאָרן אויסגעגאָ־סען ווערען אויף אייך ווען איהר וועט קומען נאָך מצרים, און איהר וועט זיין צו אַ פלוך און אַ שטוינונג און אַ שעלטונג און אַ שאַנדע, און דיעזען אָרט וועט איהר שוין מעהר ניט זעהען.

19 גאָט האָט גערעדט וועגען אייך, איבערגעבליעבענע פון יהודה, איהר זאָלט ניט קומען קיין מצרים זאָלט איהר עס גוט וויסען, ווייל איך האָב אייך היינט געוואָרענט.

20 ווייל איהר האָט זיך אַליין פערפיהרט, ווייל איהר האָט מיך געשיקט צו דעם עווינגען אייער גאָט זאָגענדיג, בעט פאַר אונז צום אייביגען אונ־זער גאָט, און אַלעס ווי דער אייביגער אונזער גאָט וועט זאָגען, זאָלסטו צו אונז זאָגען און מיר וועלען עס טהאָן.

21 און איך האָב אייך היינט געזאָגט, און איהר ווילט ניט הערען צו די שטימע פון אייביגען אייער גאָט און צו אַלעס וועגען וואָס ער האָט מיך צו אייך געשיקט.

22 און יעצט זאָלט איהר וויסען זיין, אַז דורך'ן שווערד און הונגער און פעסט וועט איהר שטאַרבען, אין דעם אָרט וואָס איהר ווילט קומען אהין זיך אויפצוהאַלטען.

## קאַפּיטעל מג

1 און עס איז געשעהען, ווען ירמיהו האָט געענדיגט ריידען צו גאָר דאָס פאָלק אַלע ווערטער פון דעם אייביגען זייער גאָט, וואָס דער אייביגער זייער גאָט האָט איהם געשיקט צו זיי, אַלע דיעזע ווערטער.

2 און עזריה דער זוהן פון הושעיה האָט געזאָגט און יוחנן דער זוהן פון קרח און אַלע פרעכע מעננער האָבען געזאָגט צו ירמיהו. דו רעדסט ליגען, דער אייביגער אונזער גאָט האָט דיך ניט געשיקט צו זאָגען, איהר זאָלט ניט קומען קיין מצרים זיך אויפצוהאַלטען דאָרט.

3 זאָנדערען ברוך דער זוהן פון נריה רעדט דיך אָן וועגען אונז אום צו גע־בען אונז אין דער האַנד פון די כשדים צו טוידטען אונז און צו פער־טרייבען אונז נאָך בבל.

4 און יוחנן דער זוהן פון קרח און אַלע הארען פון די אַרמעען און גאָר דאָס

ה וְכָל־הָעָם בְּקוֹל יְהוָה לָשֶׁבֶת בְּאֶרֶץ יְהוּדָה׃ וַיִּקַּח יוֹחָנָן
בֶּן־קָרֵחַ וְכָל־שָׂרֵי הַחֲיָלִים אֵת כָּל־שְׁאֵרִית יְהוּדָה אֲשֶׁר־
שָׁבוּ מִכָּל־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר נִדְּחוּ־שָׁם לָגוּר בְּאֶרֶץ יְהוּדָה׃
6 אֶת־הַגְּבָרִים וְאֶת־הַנָּשִׁים וְאֶת־הַטַּף וְאֶת־בְּנוֹת הַמֶּלֶךְ
וְאֵת כָּל־הַנֶּפֶשׁ אֲשֶׁר הִנִּיחַ נְבוּזַרְאֲדָן רַב־טַבָּחִים אֶת־
גְּדַלְיָהוּ בֶּן־אֲחִיקָם בֶּן־שָׁפָן וְאֵת יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא וְאֶת־
7 בָּרוּךְ בֶּן־נֵרִיָּהוּ׃ וַיָּבֹאוּ אֶרֶץ מִצְרַיִם כִּי לֹא שָׁמְעוּ בְּקוֹל
8 יְהוָה וַיָּבֹאוּ עַד־תַּחְפַּנְחֵס׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֶל־
9 יִרְמְיָהוּ בְּתַחְפַּנְחֵס לֵאמֹר׃ קַח בְּיָדְךָ אֲבָנִים גְּדֹלוֹת
וּטְמַנְתָּם בַּמֶּלֶט בַּמַּלְבֵּן אֲשֶׁר בְּפֶתַח בֵּית־פַּרְעֹה
י בְּתַחְפַּנְחֵס לְעֵינֵי אֲנָשִׁים יְהוּדִים׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה־
אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הִנְנִי שֹׁלֵחַ וְלָקַחְתִּי אֶת־
נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל עַבְדִּי וְשַׂמְתִּי כִסְאוֹ מִמַּעַל
לָאֲבָנִים הָאֵלֶּה אֲשֶׁר טָמָנְתִּי וְנָטָה אֶת־שַׁפְרוּרוֹ עֲלֵיהֶם׃
11 וּבָאה וְהִכָּה אֶת־אֶרֶץ מִצְרָיִם אֲשֶׁר לַמָּוֶת לַמָּוֶת וַאֲשֶׁר
12 לַשֶּׁבִי לַשֶּׁבִי וַאֲשֶׁר לַחֶרֶב לֶחָרֶב׃ וְהִצַּתִּי אֵשׁ בְּבָתֵּי
אֱלֹהֵי מִצְרַיִם וּשְׂרָפָם וְשָׁבָם וְעָטָה אֶת־אֶרֶץ מִצְרַיִם
13 כַּאֲשֶׁר־יַעְטֶה הָרֹעֶה אֶת־בִּגְדוֹ וְיָצָא מִשָּׁם בְּשָׁלוֹם׃ וְשִׁבַּר
אֶת־מַצְּבוֹת בֵּית שֶׁמֶשׁ אֲשֶׁר בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם וְאֶת־בָּתֵּי
אֱלֹהֵי מִצְרַיִם יִשְׂרֹף בָּאֵשׁ׃

## CAP. XLIV. מד

# מד

א הַדָּבָר אֲשֶׁר הָיָה אֶל־יִרְמְיָהוּ אֶל כָּל־הַיְּהוּדִים הַיֹּשְׁבִים
בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם הַיֹּשְׁבִים בְּמִגְדֹּל וּבְתַחְפַּנְחֵס וּבְנֹף וּבְאֶרֶץ
2 פַּתְרוֹס לֵאמֹר׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
אַתֶּם רְאִיתֶם אֵת כָּל־הָרָעָה אֲשֶׁר הֵבֵאתִי עַל־יְרוּשָׁלִָם
וְעַל כָּל־עָרֵי יְהוּדָה וְהִנָּם חָרְבָּה הַיּוֹם הַזֶּה וְאֵין בָּהֶם
3 יוֹשֵׁב׃ מִפְּנֵי רָעָתָם אֲשֶׁר עָשׂוּ לְהַכְעִסֵנִי לָלֶכֶת לְקַטֵּר

לעבד

---

מ״ג v. 10. שפרירו קרי   v. 11. ובא קרי

פאָלק האָבען ניט געהערט צו דער שטימע פון גאָט, צו בלייבען וואָהנען
אין לאַנד יהודה.

5 און יוחנן דער זוהן פון קרח און אַלע האַרען פון די אַרמעען האָבען גע־
נומען די איבערגעבליעבענע פון יהודה, וועלכע האָבען זיך צוריקגע־
קעהרט פון אַלע פעלקער, וואוהין זיי זיינען פערשטויסען געוועזן, אום
זיך אויפצוהאַלטען אין לאַנד יהודה.

6 די מעננער און די פרויען און די קליינע קינדער און די טעכטער פון
קעניג און אַלע פערזאָנען וואָס נבוזראדן דער הויפט פון די שלאַכטער
האָט איבערגעלאָזען מיט גדליהו דעם זוהן פון אַחיקם דער זוהן פון שפן,
און ירמיהו דעם פּראָפעט און ברוך דעם זוהן פון נריה:

7 און זיי זיינען געקומען נאָך מצרים, ווייל זיי האָבען ניט געהערט צו
דער שטימע פון גאָט, און זיי זיינען געקומען ביז תחפנחס.

8 און עס איז געוועזן גאָט'ס וואָרט צו ירמיהו אין תחפנס אַזוי:

9 נעהם אין דיין האַנד גרויסע שטיינער און בעהאַלט זיי אין קאַלך און
ציגעל־אויוען, וואָס איז ביי דעם אַריינגאַנג פון פּרעה'ס הויז אין תחפנחס,
פאַר די אויגען פון די מעננער יהודים.

10 און דו זאָלסט זאָגען צו זיי, אַזוי האָט געזאָגט דער אייביגער פון די הער־
שאַפטען גאָט פון ישראל, נון, איך שיק און נעהם נבוכדראצר דעם קעניג
פון בבל מיין קנעכט און איך וועל מאַכען זיין טהראָן איבער דיזע שטיי־
נער, וואָס איך האָב בעהאַלטען, און ער וועט פערשפּרייטען זיין קעניג־
ליכען געצעלט אויף זיי.

11 און ער וועט קומען און שלאָגען דעם לאַנד מצרים, ווער עס וועט בעשטימט
ווערען צום טוידט — וועט זיין צום טוידט און וועה צום געפאַנגענ־
שאַפט — וועט זיין צו געפאַנגענשאַפט און וועה צום שווערד — וועט
זיין צום שווערד.

12 און איך וועל אָנצינדען אַ פייער אין די הייזער פון די געטער פון מצרים
און ער וועט זיי פערברענען און זיי פאַנגען, און ער וועט איינוויקלען דאָס
לאַנד מצרים ווי אַ הירט וויקעלט איין זיין קלייד, און ער וועט פון דאָרט
אַרויס אין פריעדען.

13 און ער וועט צושמעטערען די זיילען פון בית שמש, וואָס אין לאַנד מצרים
און אַלע הייזער פון די געטער פון מצרים וועט ער פערברענען אין פייער.

## קאַפּיטעל מד

1 דאָס וואָרט וואָס עס איז געוועזן צו ירמיהו, פאַר אַלע יהודים וואָס האָבען
געוואָהנט אין לאַנד מצרים, וואָס האָבען געוואָהנט אין מגדל און אין
תחפנחס און אין נוף און אין לאַנד פתרוס אַזוי:

2 אַזוי האָט געזאָגט דער אייביגער פון הערשאַפטען גאָט פון ישראל, איהר
האָט געזעהען דעם גאַנצען אונגליק וואָס איך האָב געבראַכט אויף ירושלים
און אויף אַלע שטעדט פון יהודה, און זיי זיינען וויסט דיעזען טאָג און אין
זיי זיינען ניטאָ קיין איינוואָהנער.

3 פאַר זייער שלעכטס וואָס זיי האָבען געטהאָן מיך צו דערצערענען, צו

לַעֲבֹד לֵאלֹהִים אֲחֵרִים אֲשֶׁר לֹא יְדָעוּם הֵמָּה אַתֶּם
4 וַאֲבֹתֵיכֶם׃ וָאֶשְׁלַח אֲלֵיכֶם אֶת־כָּל־עֲבָדַי הַנְּבִיאִים הַשְׁכֵּים
וְשָׁלֹחַ לֵאמֹר אַל־נָא תַעֲשׂוּ אֵת דְּבַר־הַתֹּעֵבָה הַזֹּאת אֲשֶׁר
ה שָׂנֵאתִי׃ וְלֹא שָׁמְעוּ וְלֹא־הִטּוּ אֶת־אָזְנָם לָשׁוּב מֵרָעָתָם
6 לְבִלְתִּי קַטֵּר לֵאלֹהִים אֲחֵרִים׃ וַתִּתַּךְ חֲמָתִי וְאַפִּי וַתִּבְעַר
בְּעָרֵי יְהוּדָה וּבְחֻצוֹת יְרוּשָׁלָםִ וַתִּהְיֶינָה לְחָרְבָּה לִשְׁמָמָה
7 כַּיּוֹם הַזֶּה׃ וְעַתָּה כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי צְבָאוֹת
אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל לָמָה אַתֶּם עֹשִׂים רָעָה גְדוֹלָה אֶל־
נַפְשֹׁתֵכֶם לְהַכְרִית לָכֶם אִישׁ־וְאִשָּׁה עוֹלֵל וְיוֹנֵק מִתּוֹךְ
8 יְהוּדָה לְבִלְתִּי הוֹתִיר לָכֶם שְׁאֵרִית׃ לְהַכְעִסֵנִי בְּמַעֲשֵׂי
יְדֵיכֶם לְקַטֵּר לֵאלֹהִים אֲחֵרִים בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם אֲשֶׁר־אַתֶּם
בָּאִים לָגוּר שָׁם לְמַעַן הַכְרִית לָכֶם וּלְמַעַן הֱיוֹתְכֶם
9 לִקְלָלָה וּלְחֶרְפָּה בְּכֹל גּוֹיֵי הָאָרֶץ׃ הַשְׁכַחְתֶּם אֶת־רָעוֹת
אֲבוֹתֵיכֶם וְאֶת־רָעוֹת ׀ מַלְכֵי יְהוּדָה וְאֵת רָעוֹת נָשָׁיו
וְאֵת רָעֹתֵכֶם וְאֵת רָעֹת נְשֵׁיכֶם אֲשֶׁר עָשׂוּ בְּאֶרֶץ יְהוּדָה
י וּבְחֻצוֹת יְרוּשָׁלָםִ׃ לֹא דֻכְּאוּ עַד הַיּוֹם הַזֶּה וְלֹא יָרְאוּ
וְלֹא־הָלְכוּ בְתוֹרָתִי וּבְחֻקֹּתַי אֲשֶׁר־נָתַתִּי לִפְנֵיכֶם וְלִפְנֵי
11 אֲבוֹתֵיכֶם׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי
יִשְׂרָאֵל הִנְנִי שָׂם פָּנַי בָּכֶם לְרָעָה וּלְהַכְרִית אֶת־כָּל־יְהוּדָה׃
12 וְלָקַחְתִּי אֶת־שְׁאֵרִית יְהוּדָה אֲשֶׁר־שָׂמוּ פְנֵיהֶם לָבוֹא
אֶרֶץ־מִצְרַיִם לָגוּר שָׁם וְתַמּוּ כֹל בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם יִפֹּלוּ
בַּחֶרֶב בָּרָעָב יִתַּמּוּ מִקָּטֹן וְעַד־גָּדוֹל בַּחֶרֶב וּבָרָעָב יָמֻתוּ
13 וְהָיוּ לְאָלָה לְשַׁמָּה וְלִקְלָלָה וּלְחֶרְפָּה׃ וּפָקַדְתִּי עַל־
הַיּוֹשְׁבִים בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם כַּאֲשֶׁר פָּקַדְתִּי עַל־יְרוּשָׁלָםִ
14 בַּחֶרֶב בָּרָעָב וּבַדָּבֶר׃ וְלֹא יִהְיֶה פָּלִיט וְשָׂרִיד לִשְׁאֵרִית
יְהוּדָה הַבָּאִים לָגוּר־שָׁם בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם וְלָשׁוּב ׀ אֶרֶץ
יְהוּדָה אֲשֶׁר־הֵמָּה מְנַשְּׂאִים אֶת־נַפְשָׁם לָשׁוּב לָשֶׁבֶת שָׁם
טו כִּי לֹא־יָשׁוּבוּ כִּי אִם־פְּלֵטִים׃ וַיַּעֲנוּ אֶת־יִרְמְיָהוּ

כל

געהען צו רייכערען, צו דיענען אנדערע געטער, וועלכע עס האבען ניט געוואוסט ניט זיי און ניט איהר און ניט אייערע עלטערען.

4 און איך האב געשיקט צו אייך אלע מיינע קנעכט די פראפעטען פון גאנץ פריה געשיקט זאגענדיג: טהוט ניט דיעזע אבשייליכע זאך, וועלכע איך האב פיינדט.

5 און זיי האבען ניט געהערט און ניט צוגעלעגט זייער אויער צוריקצוקעהרען זיך פון זייער שלעכטס, ניט צו רייכערען צו אנדערע געטער.

6 און עס איז אויסגעגאסען געווארען מיין צארן און גרימצארן און עס האט געברענט אין די שטעדט פון יהודה און אין די גאסען פון ירושלים, און זיי זיינען געווארען צו רואינען און וויסטעניס ווי דיעזען טאג.

7 און יעצט אזוי זאגט גאט דער אייביגער פון די הערשאפטען, גאט פון ישראל ווארום טהוט איהר אליין פאר זיך גרויסע שלעכטס, אויסצוראטהען פון אייך מאן און פרוי, קינד און זויגלינג פון יהודה, ניט איבערצולאזען ביי אייך קיין איבערבלייבונג?

8 צו דערצערענען מיך מיט די ווערק פון אייערע הענד, צו רויכערען צו אנדערע געטער אין לאנד מצרים, וואוהין איהר זייט געקומען דארט זיך אויפצוהאלטען, אום איך זאל אייך אויסראטהען, און אום איהר זאלט ווערען צו פלוך און צו שאנד צווישען אלע פעלקער פון דער ערד.

9 האט איהר שוין פארגעסען די שלעכטס פון אייערע עלטערען און די שלעכטס פון די קעניגע פון יהודה און די שלעכטס פון זייערע פרויען און אייערע שלעכטס און די שלעכטס פון אייערע פרויען וואס זיי האבען געטהאן אינ'ם לאנד יהודה און אין די גאסען פון ירושלים.

10 זיי זיינען נאך ניט אונטערטעהניג געווארען ביז דיעזען טאג און זיי האבען קיין פורכט געהאט און זיינען ניט געגאנגען אין מיין לעהרע און נאך מיינע געזעצע וואס איך האב פאר אייך געגעבען און פאר אייערע עלטערען.

11 דארום אזוי זאגט דער אייביגער פון די הערשאפטען גאט פון ישראל, איך וועל, נון, טהאן מיין געזיכט אויף אייך צום שלעכטען און אויסצוראטהען גאנץ יהודה.

12 און איך וועל נעהמען די איבערגעבליעבענע פון יהודה וועמען עס האט זיך געגלוסט צו קומען אין מצרים זיך אויפהאלטען דארט, און זיי וועלען אלע פערניכטעט ווערען, אין לאנד מצרים וועלען זיי פאלען, דורך שווערד און פון הונגער וועלען זיי פערניכטעט ווערען, פון קליין ביז גרויס וועלען זיי שטארבען דורך'ן שווערד און פון הונגער, און זיי וועלען זיין צו א פלוך, צו א שטוינונג, צו שעלטונג און צו שאנדע.

13 און איך וועל בעזוכען די איינוואהנער פון מצרים, ווי איך האב בעזוכט ירושלים דורך שווערד, דורך הונגער און דורך פעסט.

14 און עס וועט ניט זיין קיין אנטרונענער און קיין איבערגעבליעבענער ביי די איבערגעבליעבענע פון יהודה, וועלכע זיינען געקומען זיך אויפצוהאלטען אין לאנד מצרים, אום זיך צוריקקעהרען אין לאנד יהודה, וואוהין זיי ווינשען זיך צוריקצוקעהרען און וואהנען דארט, ווייל עס וועלען זיך ניט צוריקקעהרען אויסער איינציגע אנטלאפענע.

כָּל־הָאֲנָשִׁים הַיֹּדְעִים כִּי־מְקַטְּרוֹת נְשֵׁיהֶם לֵאלֹהִים
אֲחֵרִים וְכָל־הַנָּשִׁים הָעֹמְדוֹת קָהָל גָּדוֹל וְכָל־הָעָם
16 הַיֹּשְׁבִים בְּאֶרֶץ־מִצְרַיִם בְּפַתְרוֹס לֵאמֹר׃ הַדָּבָר אֲשֶׁר־
17 דִּבַּרְתָּ אֵלֵינוּ בְּשֵׁם יְהוָה אֵינֶנּוּ שֹׁמְעִים אֵלֶיךָ׃ כִּי עָשֹׂה
נַעֲשֶׂה אֶת־כָּל־הַדָּבָר ׀ אֲשֶׁר־יָצָא מִפִּינוּ לְקַטֵּר לִמְלֶכֶת
הַשָּׁמַיִם וְהַסֵּיךְ־לָהּ נְסָכִים כַּאֲשֶׁר עָשִׂינוּ אֲנַחְנוּ וַאֲבֹתֵינוּ
מְלָכֵינוּ וְשָׂרֵינוּ בְּעָרֵי יְהוּדָה וּבְחֻצוֹת יְרוּשָׁלָםִ וַנִּשְׂבַּע־
18 לֶחֶם וַנִּהְיֶה טוֹבִים וְרָעָה לֹא רָאִינוּ׃ וּמִן־אָז חָדַלְנוּ
לְקַטֵּר לִמְלֶכֶת הַשָּׁמַיִם וְהַסֵּךְ־לָהּ נְסָכִים חָסַרְנוּ כֹל
19 וּבַחֶרֶב וּבָרָעָב תָּמְנוּ׃ וְכִי־אֲנַחְנוּ מְקַטְּרִים לִמְלֶכֶת
הַשָּׁמַיִם וּלְהַסֵּךְ לָהּ נְסָכִים הֲמִבַּלְעֲדֵי אֲנָשֵׁינוּ עָשִׂינוּ לָהּ
כ כַּוָּנִים לְהַעֲצִבָהּ וְהַסֵּךְ לָהּ נְסָכִים׃ וַיֹּאמֶר יִרְמְיָהוּ
אֶל־כָּל־הָעָם עַל־הַגְּבָרִים וְעַל־הַנָּשִׁים וְעַל־כָּל־הָעָם הָעֹנִים
21 אֹתוֹ דָּבָר לֵאמֹר׃ הֲלוֹא אֶת־הַקִּטֵּר אֲשֶׁר קִטַּרְתֶּם בְּעָרֵי
יְהוּדָה וּבְחֻצוֹת יְרוּשָׁלַםִ אַתֶּם וַאֲבוֹתֵיכֶם מַלְכֵיכֶם וְשָׂרֵיכֶם
22 וְעַם הָאָרֶץ אֹתָם זָכַר יְהוָה וַתַּעֲלֶה עַל־לִבּוֹ׃ וְלֹא־יוּכַל
יְהוָה עוֹד לָשֵׂאת מִפְּנֵי רֹעַ מַעַלְלֵיכֶם מִפְּנֵי הַתּוֹעֵבֹת אֲשֶׁר
עֲשִׂיתֶם וַתְּהִי אַרְצְכֶם לְחָרְבָּה וּלְשַׁמָּה וְלִקְלָלָה מֵאֵין
23 יוֹשֵׁב כְּהַיּוֹם הַזֶּה׃ מִפְּנֵי אֲשֶׁר קִטַּרְתֶּם וַאֲשֶׁר חֲטָאתֶם
לַיהוָה וְלֹא שְׁמַעְתֶּם בְּקוֹל יְהוָה וּבְתֹרָתוֹ וּבְחֻקֹּתָיו
וּבְעֵדְוֺתָיו לֹא הֲלַכְתֶּם עַל־כֵּן קָרָאת אֶתְכֶם הָרָעָה הַזֹּאת
24 כַּיּוֹם הַזֶּה׃ וַיֹּאמֶר יִרְמְיָהוּ אֶל־כָּל־הָעָם וְאֶל כָּל־
הַנָּשִׁים שִׁמְעוּ דְּבַר־יְהוָה כָּל־יְהוּדָה אֲשֶׁר בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם׃
כה כֹּה־אָמַר יְהוָה־צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר אַתֶּם
וּנְשֵׁיכֶם וַתְּדַבֵּרְנָה בְּפִיכֶם וּבִידֵיכֶם מִלֵּאתֶם ׀ לֵאמֹר עָשֹׂה
נַעֲשֶׂה אֶת־נְדָרֵינוּ אֲשֶׁר נָדַרְנוּ לְקַטֵּר לִמְלֶכֶת הַשָּׁמַיִם
וּלְהַסֵּךְ לָהּ נְסָכִים הָקֵים תָּקִימְנָה אֶת־נִדְרֵיכֶם וְעָשֹׂה

תעשינה

---

הה וסה v. 19. חסר א׳ v. 25, 19, 18, 17.

15 און זיי האָבען געענטפערט צו ירמיהו, אַלע מענער וואָס האָבען געוואוסט אַז זייערע פרויען רויכערען צו אַנדערע געטער און אַלע פרויען וועלכע זיינען געשטאַנען אַ גרויס פערזאמלונג, און גאָר דאָס פאָלק וואָס האָט געוואָהנט אין לאַנד מצרים אין פתרוס זאָגענדיג :

16 דאָס וואָרט, וואָס דו האָסט צו אונז גערעדט אין גאָט'ס נאָמען, הערען מיר דיך ניט.

17 זאָנדערען מיר וועלען אימער טהאָן אַלעס וואָס מיר האָבען גערעדט מיט אונזער מויל, צו רויכערען צו דער קעניגין פון הימעל און גיעסען פאַר איהר טראַנק־אָפּפער אַזוי ווי מיר און אונזערע עלטערען, אונזערע קעני־גע און אונזערע פירשטען האָבען געטהאָן אין די שטעדט פון יהודה און אין די גאַסען פון ירושלים או מיר זיינען דאַן געווען זאַט מיט ברויט און אונז איז געגאַנגען גוט און ניט געזעהען קיין שלעכטס.

18 און זייט דאַן וואָס מיר האָבען אויפגעהערט צו רויכערען צו דער קעניגין פון הימעל און גיעסען פאַר איהר טראַנק־אָפּפער פעהלט אונז אַלעס און מיר זיינען אומגעקומען דורך'ן שווערד און פון הונגער.

19 און ווען מיר ריידען צו דער קעניגין פון הימעל און גיעסען פאַר איהר טראַנק־אָפּפער, האָבען מיר דאַן אָהן די צושטימונג פון אונזערע מעננער געמאַכט פאַר איהר פורימס איהר בילד אָראָבצונעהמען און גיעסען פאַר איהר טראַנק־אָפּפער.

20 און ירמיהו האָט געזאָגט צום גאַנצען פאָלק, צוזאַמען די מעננער מיט די פרויען און גאָר דאָס פאָלק וואָס האָט איהם געענטפערט אַזוי :

21 איז ניט (די אורזאַכע), דער רויכערען וואָס איהר האָט גערויכערט אין די שטעדט פון יהודה און אין די גאַסען פון ירושלים, איהר און אייערע עלטערען, אייערע קעניגע און אייערע פירשטען און דאָס פאָלק פון לאַנד ? זיי האָט גאָט געדיינקט און עס איז אַרויף אויף זיין געדאַנק.

22 און גאָט האָט עס שוין מעהר ניט געקענט פאַרטראָגען צוליעב אייערע שלעכטע טהאַטען, צוליעב די אַבשייליכקייט וואָס איהר האָט געטהאָן, און אייער לאַנד איז געוואָרען צו וויסט און צו שטוינען און צו פלוך, אָהנע איינוואָהנער ווי עס איז היינט צו טאָג.

23 ווייל איהר האָט גערויכערט און האָט געזינדיגט צו גאָט, און איהר האָט ניט צוגעהערט צו גאָט, און אין זיין לעהרע און זיינע געזעצע און זיינע צייגניס זייט איהר ניט געגאַנגען, דערפאַר האָט אייך געטראָפען דיעזער אונגליק, ווי עס איז דיעזען טאָג.

24 און ירמיהו האָט געזאָגט צום גאַנצען פאָלק און צו די פרויען : הערט דאָס וואָרט פון גאָט גאַנץ יהודה וואָס זיינען אין לאַנד מצרים.

25 אַזוי האָט גאָט געזאָגט דער אייביגער פון די הערשאַפטען גאָט פון ישראל זאָגענדיג : איהר און אייערע ווייבער האָט גערעדט מיט אייער מויל און ערפילט מיט אייערע הענד אַזוי : מיר וועלען אימער טהאָן אונזער צוזאָג וואָס מיר האָבען צוגעזאָגט צו רויכערען צו דער קעניגין פון הימעל און גיעסען פאַר איהר טראַנק־אָפּפער, איהר וועט אימער ער־פילען אייער צוזאָג און אימער טהאָן אייער צוזאָג.

26 תַּעֲשֶׂינָה אֶת־נִדְרֵיכֶם׃ לָכֵן שִׁמְעוּ דְבַר־יְהוָה כָּל־יְהוּדָה
הַיֹּשְׁבִים בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם הִנְנִי נִשְׁבַּעְתִּי בִּשְׁמִי הַגָּדוֹל אָמַר
יְהוָה אִם־יִהְיֶה עוֹד שְׁמִי נִקְרָא ׀ בְּפִי ׀ כָּל־אִישׁ יְהוּדָה
27 אֹמֵר חַי־אֲדֹנָי יְהוִה בְּכָל־אֶרֶץ מִצְרָיִם׃ הִנְנִי שֹׁקֵד עֲלֵיהֶם
לְרָעָה וְלֹא לְטוֹבָה וְתַמּוּ כָל־אִישׁ יְהוּדָה אֲשֶׁר בְּאֶרֶץ
28 מִצְרַיִם בַּחֶרֶב וּבָרָעָב עַד־כְּלוֹתָם׃ וּפְלִיטֵי חֶרֶב יְשֻׁבוּן
מִן־אֶרֶץ מִצְרַיִם אֶרֶץ יְהוּדָה מְתֵי מִסְפָּר וְיָדְעוּ כָּל־שְׁאֵרִית
יְהוּדָה הַבָּאִים לְאֶרֶץ־מִצְרַיִם לָגוּר שָׁם דְּבַר־מִי יָקוּם
29 מִמֶּנִּי וּמֵהֶם׃ וְזֹאת לָכֶם הָאוֹת נְאֻם־יְהוָה כִּי־פֹקֵד אֲנִי
עֲלֵיכֶם בַּמָּקוֹם הַזֶּה לְמַעַן תֵּדְעוּ כִּי קוֹם יָקוּמוּ דְבָרַי
ל עֲלֵיכֶם לְרָעָה׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה הִנְנִי נֹתֵן אֶת־פַּרְעֹה
חָפְרַע מֶלֶךְ־מִצְרַיִם בְּיַד אֹיְבָיו וּבְיַד מְבַקְשֵׁי נַפְשׁוֹ כַּאֲשֶׁר
נָתַתִּי אֶת־צִדְקִיָּהוּ מֶלֶךְ־יְהוּדָה בְּיַד נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־
בָּבֶל אֹיְבוֹ וּמְבַקֵּשׁ נַפְשׁוֹ׃

## מה CAP. XLV. מה

א הַדָּבָר אֲשֶׁר דִּבֶּר יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא אֶל־בָּרוּךְ בֶּן־נֵרִיָּה
בְּכָתְבוֹ אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה עַל־סֵפֶר מִפִּי יִרְמְיָהוּ בַּשָּׁנָה
2 הָרְבִעִית לִיהוֹיָקִים בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה לֵאמֹר׃ כֹּה־
3 אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל עָלֶיךָ בָּרוּךְ׃ אָמַרְתָּ אוֹי־נָא לִי
כִּי־יָסַף יְהוָה יָגוֹן עַל־מַכְאֹבִי יָגַעְתִּי בְּאַנְחָתִי וּמְנוּחָה לֹא
4 מָצָאתִי׃ כֹּה ׀ תֹּאמַר אֵלָיו כֹּה אָמַר יְהוָה הִנֵּה אֲשֶׁר־
בָּנִיתִי אֲנִי הֹרֵס וְאֵת אֲשֶׁר־נָטַעְתִּי אֲנִי נֹתֵשׁ וְאֶת־כָּל־הָאָרֶץ
ה לִי־הִיא׃ וְאַתָּה תְּבַקֶּשׁ־לְךָ גְדֹלוֹת אַל־תְּבַקֵּשׁ כִּי הִנְנִי מֵבִיא
רָעָה עַל־כָּל־בָּשָׂר נְאֻם יְהוָה וְנָתַתִּי לְךָ אֶת־נַפְשְׁךָ לְשָׁלָל
עַל כָּל־הַמְּקֹמוֹת אֲשֶׁר תֵּלֶךְ־שָׁם׃

## מו CAP. XLVI. מו

א אֲשֶׁר הָיָה דְבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא עַל־הַגּוֹיִם׃

למצרים

מ״ה. v 4. בקצת ספרים לא נמצא מלת לי

26 דארום הערט גאָט'ס וואָרט גאַנץ יהודה וואָס וואָהנען אין מצרים, נון, איך שווער ביי מיין גרויסען נאָמען, האָט גאָט געזאָגט, אויב עס וועט מעהר מיין נאָמען דערמאָהנט ווערען דורך דעם מויל פון אַ מאַן אין גאַנץ יהודה, וואָס זאָל זאָגען, „זאָ וואהר ווי גאָט לעבט אין גאַנץ מצרים".

27 איך וועל איילען פאַר זיי צום שלעכטען און ניט צום גוטען און עס וועלען אומקומען אַלע מעננער פון יהודה וואָס אין לאַנד מצרים דורך'ן שווערד און פון הונגער ביז עס וועט נעהמען אַן ענדע פון זיי.

28 און די ענטרונענע פון שווערד וועלען צוריקקעהרען פון לאַנד מצרים נאָך דעם לאַנד יהודה, געצעהלטע מענשען, און די איבערגעבליעבענע פון יהודה, וואָס זיינען געקומען נאָך מצרים זיך דאָרט אויפצוהאַלטען, וועלען וויסען וועמעס וואָרט עס וועט אויסגעפיהרט ווערען מיינע אָדער זייערס.

29 און דאָס זאָל זיין אייך דער צייכען, זאָגט גאָט, אַז איך וועל אייך בעזוכען אין דיעזען אָרט. אום איהר זאָלט וויסען אַז מיינע ווערטער וועלען געוויס אויסגעפיהרט ווערען פאַר אייך צום שלעכטען.

30 אזוי האָט גאָט געזאָגט, נון, איך גיעב איבער פרעה חפרע דעם קעניג פון מצרים אין דער האַנד פון זיינע פיינדע און אין דער האַנד פון זיינע פערפאָלגער, אַזוי ווי איך האָב איבערגעגעבען צדקיהו דעם קעניג פון יהודה אין דער האַנד פון נבוכדראצר דעם קעניג פון בבל זיין פיינד און אין דער האַנד פון זיינע פערפאָלגער.

## קאַפּיטעל מה

1 דאָס וואָרט וואָס ירמיהו דער פּראָפעט האָט גערעדט צו ברוך דעם זוהן פון נריה, ווען ער האָט געשריעבען דיעזע ווערטער אויף אַ בוך פון ירמיהו'ס מויל, אין דעם פיערטען יאָהר פון יהויקים דער זוהן פון יאשיהו קעניג פון יהודה אזוי :

2 אזוי האָט דער אייביגער גאָט פון ישראל געזאָגט וועגען דיר ברוך.

3 דו האָסט געזאָגט : וועה איז מיר, גאָט האָט צוגעגעבען טרויער צו מיין שמערץ, איך בין מיעד זיפצענדיג און קיין רוהע געפין איך ניט.

4 אזוי זאָלסטו צו איהם זאָגען : אזוי זאָגט גאָט, נון, וואָס איך האָב געבויט צושטער איך אַליין און וואָס איך האָב געפלאַנצט רייס איך אויס אַליין און (אַזוי טהו איך) צו דעם גאַנצען לאַנד וואָס איז מיינס.

5 און דו פּרלאַנגסט גרויסע זאַכען פאַר זיך ? פערלאַנג עס גאָר ניט ! ווייל איך ברענג, נון, אונגליק אויף אַלע לייבער, זאָגט גאָט, און דיר האָב איך געשיינקט דיין לעבען אין אַלע ערטער וואָס דו וועסט דאָרט געהן.

## קאַפּיטעל מו

1 גאָט'ס וואָרט וואָס עס איז געווען צו ירמיהו דעם פּראָפעט איבער די פעלקער.

2 לְמִצְרַיִם עַל־חֵיל פַּרְעֹה נְכוֹ מֶלֶךְ מִצְרַיִם אֲשֶׁר־הָיָה עַל־
נְהַר־פְּרָת בְּכַרְכְּמִשׁ אֲשֶׁר הִכָּה נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ בָּבֶל
3 בִּשְׁנַת הָרְבִיעִית לִיהוֹיָקִים בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה׃ עִרְכוּ
4 מָגֵן וְצִנָּה וּגְשׁוּ לַמִּלְחָמָה׃ אִסְרוּ הַסּוּסִים וַעֲלוּ הַפָּרָשִׁים
ה וְהִתְיַצְּבוּ בְּכוֹבָעִים מִרְקוּ הָרְמָחִים לִבְשׁוּ הַסִּרְיֹנֹת׃ מַדּוּעַ
רָאִיתִי הֵמָּה חַתִּים נְסֹגִים אָחוֹר וְגִבּוֹרֵיהֶם יֻכַּתּוּ וּמָנוֹס
6 נָסוּ וְלֹא הִפְנוּ מָגוֹר מִסָּבִיב נְאֻם־יְהוָה׃ אַל־יָנוּס הַקַּל
וְאַל־יִמָּלֵט הַגִּבּוֹר צָפוֹנָה עַל־יַד נְהַר־פְּרָת כָּשְׁלוּ וְנָפָלוּ׃
7 8 מִי־זֶה כַּיְאֹר יַעֲלֶה כַּנְּהָרוֹת יִתְגָּעֲשׁוּ מֵימָיו׃ מִצְרַיִם כַּיְאֹר
יַעֲלֶה וְכַנְּהָרוֹת יִתְגֹּעֲשׁוּ מָיִם וַיֹּאמֶר אַעֲלֶה אֲכַסֶּה־אֶרֶץ
9 אֹבִידָה עִיר וְיֹשְׁבֵי בָהּ׃ עֲלוּ הַסּוּסִים וְהִתְהֹלְלוּ הָרֶכֶב
וְיֵצְאוּ הַגִּבּוֹרִים כּוּשׁ וּפוּט תֹּפְשֵׂי מָגֵן וְלוּדִים תֹּפְשֵׂי דֹּרְכֵי
י קָשֶׁת׃ וְהַיּוֹם הַהוּא לַאדֹנָי יֱהוִה צְבָאוֹת יוֹם נְקָמָה לְהִנָּקֵם
מִצָּרָיו וְאָכְלָה חֶרֶב וְשָׂבְעָה וְרָוְתָה מִדָּמָם כִּי זֶבַח לַאדֹנָי
11 יֱהוִה צְבָאוֹת בְּאֶרֶץ צָפוֹן אֶל־נְהַר־פְּרָת׃ עֲלִי גִלְעָד וּקְחִי
צֳרִי בְּתוּלַת בַּת־מִצְרָיִם לַשָּׁוְא הִרְבֵּיתִי רְפֻאוֹת תְּעָלָה אֵין
12 לָךְ׃ שָׁמְעוּ גוֹיִם קְלוֹנֵךְ וְצִוְחָתֵךְ מָלְאָה הָאָרֶץ כִּי־גִבּוֹר
13 בְּגִבּוֹר כָּשָׁלוּ יַחְדָּו נָפְלוּ שְׁנֵיהֶם׃ הַדָּבָר אֲשֶׁר דִּבֶּר
יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא לָבוֹא נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ בָּבֶל
14 לְהַכּוֹת אֶת־אֶרֶץ מִצְרָיִם׃ הַגִּידוּ בְמִצְרַיִם וְהַשְׁמִיעוּ
בְמִגְדּוֹל וְהַשְׁמִיעוּ בְנֹף וּבְתַחְפַּנְחֵס אִמְרוּ הִתְיַצֵּב וְהָכֵן
טו לָךְ כִּי־אָכְלָה חֶרֶב סְבִיבֶיךָ׃ מַדּוּעַ נִסְחַף אַבִּירֶיךָ לֹא
עָמַד כִּי יְהוָה הֲדָפוֹ׃ הִרְבָּה כּוֹשֵׁל גַּם־נָפַל אִישׁ אֶל־רֵעֵהוּ
16 וַיֹּאמְרוּ קוּמָה ׀ וְנָשֻׁבָה אֶל־עַמֵּנוּ וְאֶל־אֶרֶץ מוֹלַדְתֵּנוּ מִפְּנֵי
17 חֶרֶב הַיּוֹנָה׃ קָרְאוּ שָׁם פַּרְעֹה מֶלֶךְ־מִצְרַיִם שָׁאוֹן הֶעֱבִיר
18 הַמּוֹעֵד׃ חַי־אָנִי נְאֻם־הַמֶּלֶךְ יְהוָה צְבָאוֹת שְׁמוֹ כִּי כְּתָבוֹר
19 בֶּהָרִים וּכְכַרְמֶל בַּיָּם יָבוֹא׃ כְּלֵי גוֹלָה עֲשִׂי לָךְ יוֹשֶׁבֶת

בַּת־

v. 11. הרבית קרי    v. 12. קמץ בז״ק    v. 13. הפטרת בא אל פרעה

2 וועגען מצרים, איבער די אַרמעע פון פּרעה נכו קעניג פון מצרים, וואָס איז געווען ביים טייך אין כרכמש, וועמען נבוכדראצר דער קעניג פון בבל האָט געשלאָגען אין דעם פיערטען יאָהר פון יהויקים דער זוהן פון יאשיהו קעניג פון יהודה.

3 גרייט אָן פאַנצער און שילד און גענעהענט צום שטרייט.

4 שפּאַנט די פערד ! זעצט זיך אויף, רייטער ! שטעלט זיך אין מיליטערישע היטלען, פוצט די שפּיזען, טהוט אָן די פאַנצערען !

5 וואָרום זעה איך זיי דערשראָקען, זיי טרעטען אַהינטער ? און זייערע העלדען זיינען געבראָכען, זיי אַנטלויפען אַלץ און קוקען ניט הינטער זיך ? אַ שרעק פון אַלע זייטען זאָגט גאָט.

6 דער געשווינדער וועט ניט אַנטלויפען, דער העלד וועט ניט אַנטרונען ווערען, אין נאָרד זייט ביים ברעג פון טייך פרת וועלען זיי געשטרויכעלט ווערען און פאַלען.

7 ווער שטייגט עס אויף ווי דער יאר (נילוס) זיינע וואַסערען רוישען ווי טייכען ?

8 מצרים שטייגט אויף ווי דער יאר און ווי טייכען רוישען זיינע וואַסערען, און ער האָט געזאָגט איך וועל אויפשטייגען און וועל בעדעקען די ערד, איך וועל פערניכטען די שטאָדט און די וואָס וואָהנען אין איהם.

9 געהט ארויף אויף די פערד, און בּרייבט ווילד די רייט־וועגען, און זאָלען ארויסגעהען די העלדען כוש און פוט די וואָס האַלטען די פאַנצערס, און די לודים וואָס האַלטען און טרעטען די בויגען.

10 אָבער יענער טאָג איז פאַר דעם אייביגען גאָט פון הערשאַפטען אַ טאָג פון נקמה, צו נעהמען ראַכע פון זיינע פיינד, און דער שווערד וועט זאַט ווערען עסענדיג און זאַט ווערען טרינקענדיג פון זייער בלוט, ווייל דער אייביגער גאָט פון די הערשאַפטען האָט אַ שלאַכט אין נאָרד זייט ביים טייך פרת.

11 געה אַרויף אין גלעד און נעהם באַלזאַם, יונגפרוי, טאָכטער פון מצרים ! אומזיסט האָסטו גענוצט פיעל הייל־מיטלען, קיין היילונג האָסטו ניט.

12 פעלקער האָבען געהערט דיין שאַנדע, און די ערד איז פול געוואָרען מיט דיין געשריי, ווייל איין העלד איז געשטרויכעלט געוואָרען אָן דעם צווייטען און זיי זיינען ביידע געפאַלען צוזאַמען.

13 דאָס וואָרט וואָס גאָט האָט גערעדט צו ירמיהו דעם פּראָפעט, וועגען נבוכדראצר׳ס, דעם קעניג פון בבל, קומען צו שלאָגען דאָס לאַנד מצרים.

14 זאָגט אָן אין מצרים און מאַכט הערען אין מגדול און מאַכט הערען אין נוף און תחפנחס, זאָגט : שטעלט זיך און גרייט זיך אָן, ווייל דער שווערד האָט אויפגעגעסען אַלעס ארום דיר.

15 וואָרום זיינען דיינע שטאַרקע נידערגעוואָרפען געוואָרען ? ניט איינער האָט געקענט שטעהן פעסט ? ווייל גאָט האָט איהם פערשטויסען.

16 ער האָט געמאַכט פיעלע צו שטרויכלען, אויך איינער איז געפאַלען אויף דעם צווייטען, און זיי האָבען געזאָגט, שטעהט אויף ! לאָמיר זיך צוריקקעהרען צו אונזער פאָלק און צו אונזער פאַטערלאַנד פאַר דעם פערדאָרבענעם שווערד.

17 זיי האָבען דאָרט אויסגערופען : „פּרעה איז קעניג פון מצרים !״ עס איז אָבער ניט מעהר ווי אַ טומעל, זיין צייט האָט ער געלאָזט פאַראיבערגעהן.

18 זאָ וואהר ווי איך לעב, זאָגט דער קעניג, גאָט פון הערשאַפטען איז זיין נאָמען, (פּרעה מעג זיך זיין שטאַרק) ווי דער תבור צווישען די בערג און ווי דער כרמל ביים ים, וועט ער (נבוכדראצר) אַלץ קומען.

19 מאַך זיך וואַנדער־קליידער, בעוואָהנערין, טאָכטער פון מצרים, ווייל נוף

9 לָכֵן הִנְנִי אֲלֵיכֶם נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃ וְהָיְתָה יָדִי אֶל־
הַנְּבִיאִים הַחֹזִים שָׁוְא וְהַקֹּסְמִים כָּזָב בְּסוֹד עַמִּי לֹא־יִהְיוּ
וּבִכְתָב בֵּית־יִשְׂרָאֵל לֹא יִכָּתֵבוּ וְאֶל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל לֹא
י יָבֹאוּ וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי אֲדֹנָי יֱהוִה׃ יַעַן וּבְיַעַן הִטְעוּ אֶת־
עַמִּי לֵאמֹר שָׁלוֹם וְאֵין שָׁלוֹם וְהוּא בֹּנֶה חַיִץ וְהִנָּם טָחִים
11 אֹתוֹ תָּפֵל׃ אֱמֹר אֶל־טָחֵי תָפֵל וְיִפֹּל הָיָה ׀ גֶּשֶׁם שׁוֹטֵף
וְאַתֵּנָה אַבְנֵי אֶלְגָּבִישׁ תִּפֹּלְנָה וְרוּחַ סְעָרוֹת תְּבַקֵּעַ׃
12 וְהִנֵּה נָפַל הַקִּיר הֲלוֹא יֵאָמֵר אֲלֵיכֶם אַיֵּה הַטִּיחַ אֲשֶׁר
13 טַחְתֶּם׃ לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה וּבִקַּעְתִּי רוּחַ־
סְעָרוֹת בַּחֲמָתִי וְגֶשֶׁם שֹׁטֵף בְּאַפִּי יִהְיֶה וְאַבְנֵי אֶלְגָּבִישׁ
14 בְּחֵמָה לְכָלָה׃ וְהָרַסְתִּי אֶת־הַקִּיר אֲשֶׁר־טַחְתֶּם תָּפֵל
וְהִגַּעְתִּיהוּ אֶל־הָאָרֶץ וְנִגְלָה יְסֹדוֹ וְנָפְלָה וּכְלִיתֶם בְּתוֹכָהּ
טו וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ וְכִלֵּיתִי אֶת־חֲמָתִי בַּקִּיר וּבַטָּחִים
16 אֹתוֹ תָּפֵל וְאֹמַר לָכֶם אֵין הַקִּיר וְאֵין הַטָּחִים אֹתוֹ׃ נְבִיאֵי
יִשְׂרָאֵל הַנִּבְּאִים אֶל־יְרוּשָׁלִַם וְהַחֹזִים לָהּ חֲזוֹן שָׁלֹם
17 וְאֵין שָׁלֹם נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃ וְאַתָּה בֶן־אָדָם שִׂים
פָּנֶיךָ אֶל־בְּנוֹת עַמְּךָ הַמִּתְנַבְּאוֹת מִלִּבְּהֶן וְהִנָּבֵא עֲלֵיהֶן׃
18 וְאָמַרְתָּ כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי יֱהוִה הוֹי לִמְתַפְּרוֹת כְּסָתוֹת
עַל ׀ כָּל־אַצִּילֵי יָדַי וְעֹשׂוֹת הַמִּסְפָּחוֹת עַל־רֹאשׁ כָּל־
קוֹמָה לְצוֹדֵד נְפָשׁוֹת הַנְּפָשׁוֹת תְּצוֹדֵדְנָה לְעַמִּי וּנְפָשׁוֹת
19 לָכֶנָה תְחַיֶּינָה׃ וַתְּחַלֶּלְנָה אֹתִי אֶל־עַמִּי בְּשַׁעֲלֵי שְׂעֹרִים
וּבִפְתוֹתֵי לֶחֶם לְהָמִית נְפָשׁוֹת אֲשֶׁר לֹא־תְמוּתֶנָה וּלְחַיּוֹת
נְפָשׁוֹת אֲשֶׁר לֹא־תִחְיֶינָה בְּכַזֶּבְכֶם לְעַמִּי שֹׁמְעֵי כָזָב׃
כ לָכֵן כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי יֱהוִה הִנְנִי אֶל־כִּסְּתוֹתֵיכֶנָה
אֲשֶׁר אַתֵּנָה מְצֹדְדוֹת שָׁם אֶת־הַנְּפָשׁוֹת לְפֹרְחוֹת וְקָרַעְתִּי
אֹתָם מֵעַל זְרוֹעֹתֵיכֶם וְשִׁלַּחְתִּי אֶת־הַנְּפָשׁוֹת אֲשֶׁר אַתֶּם
21 מְצֹדְדוֹת אֶת־נְפָשִׁים לְפֹרְחֹת׃ וְקָרַעְתִּי אֶת־מִסְפְּחֹתֵיכֶם

והצלתי

v. 9. קמץ בסמך

און זעהט פֿאַראוים ליגען, וועל איך זיך דערפֿאַר נעהמען צו אייך — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

9 איך וועל מיין האַנד לעגען אויף די נביאים וואָס זעהען פֿאַראוים ליגען און צויבערען פֿאַלש — אין פֿערזאַמלונג פֿון מיין פֿאָלק וועלען זיי ניט זיין, און אין דאָס פֿערצייכניס פֿון׳ם הויז ישראל וועלען זיי ניט איינגעשריעבען זיין, אויך צו דאָס לאַנד פֿון ישראל וועלען זיי ניט קומען; אום איהר זאָלט אַנערקענען אַז איך בין גאָט דער אַלמעכטיגער.

10 נאָר דערפֿאַר וואָס זיי האָבען פֿערפֿיהרט מיין פֿאָלק זאָגענדיג: „פֿריעדען, פֿריעדען!״ ווען עס איז קיין פֿריעדען; ער (דאָס פֿאָלק) בויט אַ וועגטעל און זיי בעשמירען דאָס מיט טינק.

11 זאָג די טינקשמירער: עס וועט אַראָבפֿאַלען! עס וועט זיין אַ שטאַרקער רעגען, אויך וועל איך מאַכען אַז האָגעל־שטיינער וועלען אומוואַרפֿען אַלעס און שטורעמווינדען וועלען צוברעכען,

12 און דאַן ווען די וואַנד וועט איינפֿאַלען וועט מען דאָך אייך פֿרעגען: „וואו איז דער טינק וואָס איהר האָט אָנגעשמירט?״

13 דערפֿאַר — אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — איך וועל מיט מיין וואוטה ברעכען דורך שטורעמווינדען אויך אַ שטאַרקער רעגען וועט זיין לויט מיין צאָרן, די האָגעלשטיינער וועלען מיין וואוטה אין גאַנצען דורכפֿיהרען.

14 איך וועל צושמעטערען די וואַנד וואָס איהר האָט מיט טינק בעשמירט ביז איך וועל איהר צו דער ערד ערניעדריגען אַז עס וועט זיך זעהען דער פֿונדאַמענט; זי וועט איינפֿאַלען און איהר וועט אונטער איהר פֿערניכטעט ווערען — דאַן וועט איהר וויסען אַז איך בין גאָט.

15 איך וועל אויסלאָזען מיין צאָרן צום וואַנד און די וואָס שמירען איהם מיט טינק; דאַן וועל איך אייך זאָגען: אָט איז אויס וואַנד און אויס שמירערס!

16 ד. ה. ישראל׳ס נביאים וואָס פּראָפֿעצייהען אויף ירושלים און זעהען פֿאַראוים פֿאַר איהר אַ אויסזיכט אויף פֿריעדען ווען עס איז קיין פֿריעדען — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

17 און דו, מענשענקינד, ווענדע דיין געזיכט צו די טעכטער פֿון דיין פֿאָלק, וועלכע פּראָפֿעצייהען וואָס זייער האַרץ געלוסט, פּראָפֿעצייהע אויף זיי,

18 און זאָג: אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — וועה אויף די וואָס נעהען קיסעלאַך אונטער די אָרעמס פֿון אַלע הענד און מאַכען קאָפּטיכער אויפ׳ן קאָפּ פֿון יעדער ערוואַקסענע, אום זעלען צו פֿאַנגען. זיי פֿאַנגען זעלען פֿון מיין פֿאָלק אום זייערע אייגענע זעלען צו ערנעהרען.

19 אויך פֿעראַכטעט איהר מיר ביי מיין פֿאָלק פֿאַר הויפֿענס גערשטען און ברעקלאַך ברויט, אום צו טוידטען פּערזאָנען וואָס דאַרפֿען ניט געטוידט ווערען אָדער צו ערנעהרען פּערזאָנען וועלכע דאַרפֿען ניט ערנעהרט ווערען, לייגענדיג צו מיין פֿאָלק וואָס הערט אויס אייערע ליגענס.

20 דערפֿאַר — אַזוי זאָגט דער אַלמעכטיגער — איך וועל זיך נעהמען פֿאַר אייערע קיסעלאַך, מיט וועלכע איהר פֿאַנגט דאָרטען די יונגע זעלען, און איך וועל זיי אַרונטער רייסען פֿון אייערע אָרעמס; איך וועל בעפֿרייען די זעלען וועלכע איהר פֿאַנגט — די יונגע זעלען.

21 איך וועל אויך אַרונטעררייסען אייערע קאָפּטיכער און וועל רעטען מיין

וְהִצַּלְתִּי אֶת־עַמִּי מִיֶּדְכֶן וְלֹא־יִהְיוּ עוֹד בְּיֶדְכֶן לִמְצוּדָה
וִידַעְתֶּן כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ יַעַן הַכְאוֹת לֶב־צַדִּיק שֶׁקֶר וַאֲנִי לֹא 22
הִכְאַבְתִּיו וּלְחַזֵּק יְדֵי רָשָׁע לְבִלְתִּי־שׁוּב מִדַּרְכּוֹ הָרָע
לְהַחֲיֹתוֹ׃ לָכֵן שָׁוְא לֹא תֶחֱזֶינָה וְקֶסֶם לֹא־תִקְסַמְנָה עוֹד 23
וְהִצַּלְתִּי אֶת־עַמִּי מִיֶּדְכֶן וִידַעְתֶּן כִּי־אֲנִי יְהוָה׃

## Cap. XIV. יד

יד

וַיָּבוֹא אֵלַי אֲנָשִׁים מִזִּקְנֵי יִשְׂרָאֵל וַיֵּשְׁבוּ לְפָנָי׃ וַיְהִי א 2
דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם הָאֲנָשִׁים הָאֵלֶּה הֶעֱלוּ 3
גִלּוּלֵיהֶם עַל־לִבָּם וּמִכְשׁוֹל עֲוֺנָם נָתְנוּ נֹכַח פְּנֵיהֶם הַאִדָּרֹשׁ
אִדָּרֵשׁ לָהֶם׃ לָכֵן דַּבֵּר־אוֹתָם וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם 4
כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי יֱהוִה אִישׁ אִישׁ מִבֵּית יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר
יַעֲלֶה אֶת־גִּלּוּלָיו אֶל־לִבּוֹ וּמִכְשׁוֹל עֲוֺנוֹ יָשִׂים נֹכַח פָּנָיו
וּבָא אֶל־הַנָּבִיא אֲנִי יְהוָה נַעֲנֵיתִי לוֹ בָה בְּרֹב גִּלּוּלָיו׃
לְמַעַן תְּפֹשׂ אֶת־בֵּית־יִשְׂרָאֵל בְּלִבָּם אֲשֶׁר נָזֹרוּ מֵעָלַי ה
בְּגִלּוּלֵיהֶם כֻּלָּם׃ לָכֵן אֱמֹר ׀ אֶל־בֵּית יִשְׂרָאֵל 6
כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה שׁוּבוּ וְהָשִׁיבוּ מֵעַל גִּלּוּלֵיכֶם וּמֵעַל
כָּל־תּוֹעֲבֹתֵיכֶם הָשִׁיבוּ פְנֵיכֶם׃ כִּי אִישׁ אִישׁ מִבֵּית 7
יִשְׂרָאֵל וּמֵהַגֵּר אֲשֶׁר־יָגוּר בְּיִשְׂרָאֵל וְיִנָּזֵר מֵאַחֲרַי וְיַעַל
גִּלּוּלָיו אֶל־לִבּוֹ וּמִכְשׁוֹל עֲוֺנוֹ יָשִׂים נֹכַח פָּנָיו וּבָא אֶל־
הַנָּבִיא לִדְרָשׁ־לוֹ בִי אֲנִי־יְהוָה נַעֲנֶה־לּוֹ בִּי׃ וְנָתַתִּי פָנַי 8
בָּאִישׁ הַהוּא וַהֲשִׁמֹתִיהוּ לְאוֹת וְלִמְשָׁלִים וְהִכְרַתִּיו
מִתּוֹךְ עַמִּי וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ וְהַנָּבִיא כִי־יְפֻתֶּה 9
וְדִבֶּר דָּבָר אֲנִי יְהוָה פִּתֵּיתִי אֵת הַנָּבִיא הַהוּא וְנָטִיתִי אֶת־
יָדִי עָלָיו וְהִשְׁמַדְתִּיו מִתּוֹךְ עַמִּי יִשְׂרָאֵל׃ וְנָשְׂאוּ עֲוֺנָם י
כַּעֲוֺן הַדֹּרֵשׁ כַּעֲוֺן הַנָּבִיא יִהְיֶה׃ לְמַעַן לֹא־יִתְעוּ עוֹד בֵּית־ 11
יִשְׂרָאֵל מֵאַחֲרַי וְלֹא־יִטַּמְּאוּ עוֹד בְּכָל־פִּשְׁעֵיהֶם וְהָיוּ־לִי
לְעָם וַאֲנִי אֶהְיֶה לָהֶם לֵאלֹהִים נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃

ויהי

v. 1. סבירין ויבואו v. 4. בא קרי

פאָלק פון אייערע הענד, זיי וועלען שוין מעהר ביי אייך ניט דיענען אלס א נעץ ; דאן וועט איהר אנערקענען אז איך בין גאָט.

22 ווייל איהר האָט מיט ליגענס געקריינקט דאָס הארץ פון פרומען וועל־כען איך וואָלט ניט קרענקען, און געשטארקט די הענד פונ'ם פערברעכער און געשטיצט איהם אום ער זאָל זיך ניט צוריקקעהרען פון זיין שלעכטע וועג.

23 דערפאר וועט איהר שוין מעהר קיינע ליגענס פאָראויסזעהען אויך קיינע צויבעריי געברויכען, איך וועל רעטען מיין פאָלק פון אייער האנד אום איהר זאָלט וויסען אז איך בין גאָט.

## קאפּיטעל יד

1 א מאָל זיינען צו מיר געקומען מענער פון די עלטסטע פון ישראל און געזעסען ביי מיר,

2 איז גאָט'ס וואָרט געוועזען צו מיר אזוי צו זאָגען :

3 מענשענקינד ! די זעלביגע מענער האָלטען זייערע געצען אויף זייער הארצען און די אורזאכען פון זייער זינד איז אימער פאר זייער געזיכט ; זאָל איך זיך לאָזען אויפזוכען פון זיי ?

4 אלזאָ רייד מיט זיי און זאָג זיי : אזוי זאָגט גאָט דער אלמעכטיגער — יעדער מענש פונ'ם הויז ישראל וואָס טראָגט זיינע געצען אויפ'ן הארצען און די אורזאכע פון זיין זינד איז אימער פאר זיין געזיכט, און דאָך וועט ער קומען צום נביא, מוז איך איהם גאָט ענטפערען אבוואָהל ער איז געקומען מיט די פיעל געצען זיינע.

5 אום אָנצונעהמען דאָס הויז ישראל נאָך זייער הארצען וועלכע האָבען זיך דערווייטערט פון מיר צוליעב אלע זייערע געצען.

6 דערפאר זאָג צום דאָס הויז ישראל : אזוי זאָגט גאָט דער אלמעכטי־גער — קעהרט זיך (צו מיר) און געהט אוועק פון אייערע געצען, פון אלע גרוילטהאטען אייערע ווענדעט אָב אייער געזיכט.

7 וואָרום יעדער איינער פונ'ם הויז ישראל אויך פון די פרעמדלינגע וועלכע וואָהנען אין ישראל, וואָס וועט זיך ערווייטערען פון מיר, ער וועט האלטען זיינע געצען אויפ'ן הארצען און די אורזאכע פון זיין זינד וועט ער אימער האלטען פאר זיך, און דאָך וועט ער קומען צום נביא און וועגען מיר פרעגען, ווי איך בין גאָט, איך וועל איהם זיין ביטע ענטפערען.

8 וועל איך אָבער מיין צאָרן לעגען אויף יענעם מאַן, וועל איך איהם שוין מאכען אלס צייכען און ביי־שפּיעל און וועל איהם אויסראָטהען פון מיין פאָלק, אום איהר זאָלט וויסען אז איך בין גאָט.

9 ווען אָבער דער נביא וועט זיך לאָזען איבעררייידען און וועט וואָס־עס־איז ריידען, האָב איך גאָט געמאכט דער נביא זאָל איבערגערעדט ווערען ; איך האָב דאָס אויסגעשטרעקט מיין האנד אויף איהם, אום איהם צו פאר־טיליגען פון מיין פאָלק ישראל.

10 זיי וועלעןביידען ליידען פאר זייער זינד, אזוי ווי פאר דעם זינד פון פאָרשער אזוי וועט זיין פאר דעם זינד פון נביא.

11 אום זיי זאָלען מעהר ניט פערפיהרען פון מיר דאָס הויז ישראל און ניט אונריין ווערען מעהר דורך אלע פערברעכען זייערע ; אז זיי וועלען זיין מיין פאָלק, וועל איך זיין זייער גאָט — זאָגט גאָט דער אלמעכטי־גער.

12 וַיְהִ֥י דְבַר־יְהוָ֖ה אֵלַ֥י לֵאמֹֽר׃ 13 בֶּן־אָדָ֗ם אֶ֚רֶץ כִּ֤י תֶחֱטָא־לִי֙
לִמְעָל־מַ֔עַל וְנָטִ֤יתִי יָדִי֙ עָלֶ֔יהָ וְשָׁבַ֥רְתִּי לָ֖הּ מַטֵּה־לָ֑חֶם
14 וְהִשְׁלַחְתִּי־בָ֣הּ רָעָ֔ב וְהִכְרַתִּ֥י מִמֶּ֖נָּה אָדָ֥ם וּבְהֵמָֽה׃ וְהָי֗וּ
שְׁלֹ֨שֶׁת הָאֲנָשִׁ֤ים הָאֵ֙לֶּה֙ בְּתוֹכָ֔הּ נֹ֖חַ דָּנִאֵ֣ל וְאִיּ֑וֹב הֵ֤מָּה
טו בְצִדְקָתָם֙ יְנַצְּל֣וּ נַפְשָׁ֔ם נְאֻ֖ם אֲדֹנָ֥י יְהוִֽה׃ לוּ־חַיָּ֥ה רָעָ֖ה
אַעֲבִ֣יר בָּאָ֑רֶץ וְשִׁכְּלַ֙תָּה֙ וְהָיְתָ֣ה שְׁמָמָ֔ה מִבְּלִ֥י עוֹבֵ֖ר מִפְּנֵ֥י
16 הַֽחַיָּֽה׃ שְׁלֹ֨שֶׁת הָאֲנָשִׁ֣ים הָאֵלֶּה֮ בְּתוֹכָהּ֒ חַי־אָ֗נִי נְאֻם֙ אֲדֹנָ֣י
יְהוִ֔ה אִם־בָּנִ֥ים וְאִם־בָּנ֖וֹת יַצִּ֑ילוּ הֵ֤מָּה לְבַדָּם֙ יִנָּצֵ֔לוּ וְהָאָ֖רֶץ
17 תִּהְיֶ֥ה שְׁמָמָֽה׃ א֛וֹ חֶ֥רֶב אָבִ֖יא עַל־הָאָ֣רֶץ הַהִ֑יא וְאָמַרְתִּ֗י
18 חֶ֚רֶב תַּעֲבֹ֣ר בָּאָ֔רֶץ וְהִכְרַתִּ֥י מִמֶּ֖נָּה אָדָ֥ם וּבְהֵמָֽה׃ וּשְׁלֹ֨שֶׁת
הָאֲנָשִׁ֤ים הָאֵ֙לֶּה֙ בְּתוֹכָ֔הּ חַי־אָ֕נִי נְאֻ֖ם אֲדֹנָ֣י יְהוִ֑ה לֹ֤א יַצִּ֙ילוּ֙
19 בָּנִ֣ים וּבָנ֔וֹת כִּ֛י הֵ֥ם לְבַדָּ֖ם יִנָּצֵֽלוּ׃ א֛וֹ דֶּ֥בֶר אֲשַׁלַּ֖ח אֶל־
הָאָ֣רֶץ הַהִ֑יא וְשָׁפַכְתִּ֨י חֲמָתִ֤י עָלֶ֙יהָ֙ בְּדָ֔ם לְהַכְרִ֥ית מִמֶּ֖נָּה
כ אָדָ֥ם וּבְהֵמָֽה׃ וְנֹ֨חַ דָּנִאֵ֜ל וְאִיּ֗וֹב בְּתוֹכָהּ֮ חַי־אָנִי֮ נְאֻם֒
אֲדֹנָ֣י יְהוִ֔ה אִם־בֵּ֥ן אִם־בַּ֖ת יַצִּ֑ילוּ הֵ֥מָּה בְצִדְקָתָ֖ם יַצִּ֥ילוּ
21 נַפְשָֽׁם׃ כִּ֣י כֹ֤ה אָמַר֙ אֲדֹנָ֣י יְהוִ֔ה אַ֣ף כִּֽי־אַרְבַּ֣עַת
שְׁפָטַ֣י ׀ הָרָעִ֡ים חֶרֶב֩ וְרָעָ֨ב וְחַיָּ֤ה רָעָה֙ וָדֶ֔בֶר שִׁלַּ֖חְתִּי
22 אֶל־יְרוּשָׁלִָ֑ם לְהַכְרִ֥ית מִמֶּ֖נָּה אָדָ֥ם וּבְהֵמָֽה׃ וְהִנֵּ֨ה
נֽוֹתְרָה־בָּ֜הּ פְּלֵטָ֗ה הַמּֽוּצָאִים֮ בָּנִ֣ים וּבָנוֹת֒ הִנָּ֤ם יוֹצְאִים֙
אֲלֵיכֶ֔ם וּרְאִיתֶ֥ם אֶת־דַּרְכָּ֖ם וְאֶת־עֲלִילוֹתָ֑ם וְנִחַמְתֶּ֗ם עַל־
הָֽרָעָה֙ אֲשֶׁ֤ר הֵבֵ֙אתִי֙ עַל־יְר֣וּשָׁלִַ֔ם אֵ֛ת כָּל־אֲשֶׁ֥ר הֵבֵ֖אתִי
23 עָלֶֽיהָ׃ וְנִחֲמ֣וּ אֶתְכֶ֔ם כִּֽי־תִרְא֥וּ אֶת־דַּרְכָּ֖ם וְאֶת־עֲלִילוֹתָ֑ם
וִֽידַעְתֶּ֗ם כִּ֣י לֹ֤א חִנָּם֙ עָשִׂ֔יתִי אֵ֛ת כָּל־אֲשֶׁר־עָשִׂ֥יתִי בָ֖הּ נְאֻ֖ם
אֲדֹנָ֥י יְהוִֽה׃

## CAP. XV. טו

טו

א 2 וַיְהִ֥י דְבַר־יְהוָ֖ה אֵלַ֥י לֵאמֹֽר׃ בֶּן־אָדָ֕ם מַה־יִּהְיֶ֥ה עֵֽץ־
3 הַגֶּ֖פֶן מִכָּל־עֵ֑ץ הַזְּמוֹרָ֕ה אֲשֶׁ֥ר הָיָ֖ה בַּעֲצֵ֥י הַיָּֽעַר׃ הֲיֻקַּ֤ח

ממני

יד v. 15. פתח באתנח v. 19. למדנחאי על v. 22. למדנחאי אל v. 23. ב״א בה

12 אויך איז גאָט'ס וואָרט געוועזן צו מיר אזוי צו זאָגען :
13 מענשענקינד ! אז א לאַנד פערברעכט קעגען מיר ווערענדיג אונטריי, און איך וועל אויסשטרעקען מיין האנד אויף איהר און צוברעכען איהר ברויט־שטאַם, אָדער איך וועל אויף איהר אַנשיקען א הונגער אום צו פערניכטען פון איהר מענשען און פיה.
14 זאָגאַר אויב עס וועלען אין איהר זיין אַזעלכע דריי מענער ווי נח דניאל און איוב, וועלען זיי מיט זייער פרומקייט נאָר זיך אַליין רע־טען — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.
15 אויב איך וועל ברענגען א בייזע טהיער אויפ'ן לאַנד און זי וועט קינדער ערשלאָגען ביז די שטאָדט וועט פערוויסט ווערען אָהן דורכגעהער, צוליעב די טהיערען.
16 און די דריי מענער וועלען זיך דאָרטען געפינען, ביי מיין לעבען — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — אויב זיי וועלען רעטען זיהן אָדער טעכ־טער ; זיי אַליין וועלען גערעטעט ווערען אָבער דאָס לאַנד וועט וויסט ווערען.
17 אויב איך וועל א שווערד ברענגען אויף יענע לאַנד, ד. ה. איך וועל בע־שטימען אַז א שווערד זאָל דורכגעהען, אין לאַנד, אום צו פערניכטען פון איהר מענשען און פיה,
18 און די דריי מענער וועלען זיך דאָרטען געפינען, ביי מיין לעבען — זאָגט גאָט דער אלמעכטיגער — וועלען זיי ניט רעטען זיהן אָדער טעכטער, בלויז זיי אַליין וועלען געראַטעט ווערען.
19 אויב איך וועל אויף יענע לאַנד אַנשיקען אַ פעסט און איך וועל מיין צאָרן אויסגיעסען אויף איהר דורך בלוט פערגיעסונג, אום אויסצוראָטהען פון איהר מענשען און פיה,
20 און נח, דניאל און איוב, וועלען זיך געפינען אין איהר, ביי מיין לעבען — זאָגט גאָט דער אלמעכטיגער — אויב זיי וועלען רעטען א זוהן אָדער א טאָכטער, נאָר זיי אַליין וועלען זייערע זעעלען רעטען צוליעב זייער פרומקייט.
21 אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : זאָגאַר ווען אַלע פיער שלעכטע שטראַפען מיינע — שווערד, הונגער, א בייזע טהיער און פעסט — האָב איך אַנגעשיקט אויף ירושלים, אום צו פערניכטען פון איהר מענשען און פיה ;
22 און עס איז געבליעבען אין איהר א רעסט זיהן און טעכטער וואָס וועלען אוועקגעפיהרט ווערען, ווי זיי וועלען ארויס צו אייך וועט איהר זעהען זייער אויפפיהרונג און זייערע טהאטען, וועט איהר זיך טרייסטען אויף דעם אונגליק וואָס איך האָב געבראַכט אויף ירושלים, אַלץ וואָס איך האָב אויף איהר געבראַכט.
23 זיי וועלען אייך טרייסטען, ווען איהר וועט זעהען זייער אויפפיהרונג און זייערע טהאטען ; דאַן וועט איהר וויסען אַז ניט אומזיסט האָב איך געטהאָן אַלץ וואָס איך האָב געטהאָן אין איהר — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

## קאַפּיטעל טו

1 און גאָטס וואָרט איז געוועזן צו מיר אַזוי צו זאָגען :
2 מענשענקינד ! מיט וואָס איז בעסער דער וויינבוים פאַר אַלע צווייגען בוימער, וועלכע זיינען צווישען די וואַלד־בוימער?
3 נעהמט מען פון איהם האָלץ ארבייט צו טהאָן ? אָדער נעהמט מען פון איהם א פלעקעל א וועלכע־עס־איז כלי אויף איהם אויפצוהענגען ?

מִמֶּ֙נּוּ֙ עֵ֔ץ לַעֲשׂ֖וֹת לִמְלָאכָ֑ה אִם־יִקְח֤וּ מִמֶּ֙נּוּ֙ יָתֵ֔ד לִתְל֥וֹת
עָלָ֖יו כָּל־כֶּֽלִי׃ הִנֵּ֥ה לָאֵ֖שׁ נִתַּ֣ן לְאָכְלָ֑ה אֵ֣ת שְׁנֵ֣י קְצוֹתָ֞יו 4
אָכְלָ֤ה הָאֵשׁ֙ וְתוֹכ֣וֹ נָחָ֔ר הֲיִצְלַ֖ח לִמְלָאכָֽה׃ הִנֵּ֗ה בִּֽהְיוֹתוֹ֙ ה
תָמִ֔ים לֹ֥א יֵעָשֶׂ֖ה לִמְלָאכָ֑ה אַ֞ף כִּֽי־אֵ֤שׁ אֲכָלַ֙תְהוּ֙ וַיֵּחָ֔ר
וְנַעֲשָׂ֥ה ע֖וֹד לִמְלָאכָֽה׃ לָכֵ֗ן כֹּ֤ה אָמַר֙ אֲדֹנָ֣י יֱהֹוִ֔ה 6
כַּאֲשֶׁ֤ר עֵֽץ־הַגֶּ֙פֶן֙ בְּעֵ֣ץ הַיַּ֔עַר אֲשֶׁר־נְתַתִּ֥יו לָאֵ֖שׁ לְאָכְלָ֑ה
כֵּ֣ן נָתַ֔תִּי אֶת־יֹשְׁבֵ֖י יְרוּשָׁלִָֽם׃ וְנָתַתִּ֤י אֶת־פָּנַי֙ בָּהֶ֔ם מֵהָאֵ֣שׁ 7
יָצָ֔אוּ וְהָאֵ֖שׁ תֹּאכְלֵ֑ם וִֽידַעְתֶּם֙ כִּֽי־אֲנִ֣י יְהוָ֔ה בְּשׂוּמִ֥י אֶת־
פָּנַ֖י בָּהֶֽם׃ וְנָתַתִּ֥י אֶת־הָאָ֖רֶץ שְׁמָמָ֑ה יַ֚עַן מָ֣עֲלוּ מַ֔עַל נְאֻ֖ם 8
אֲדֹנָ֥י יֱהֹוִֽה׃

## טז CAP. XVI. טז

וַיְהִ֥י דְבַר־יְהוָ֖ה אֵלַ֥י לֵאמֹֽר׃ בֶּן־אָדָ֕ם הוֹדַ֥ע אֶת־יְרוּשָׁלִַ֖ם א 2
אֶת־תּוֹעֲבֹתֶֽיהָ׃ וְאָמַרְתָּ֞ כֹּֽה־אָמַ֨ר אֲדֹנָ֤י יֱהֹוִה֙ לִירֽוּשָׁלִַ֔ם 3
מְכֹרֹתַ֙יִךְ֙ וּמֹ֣לְדֹתַ֔יִךְ מֵאֶ֖רֶץ הַֽכְּנַעֲנִ֑י אָבִ֥יךְ הָֽאֱמֹרִ֖י וְאִמֵּ֥ךְ
חִתִּֽית׃ וּמוֹלְד֗וֹתַיִךְ בְּיוֹם֙ הוּלֶּ֣דֶת אוֹתָ֔ךְ לֹא־כָרַּ֣ת שָׁרֵּ֔ךְ 4
וּבְמַ֥יִם לֹֽא־רֻחַ֖צְתְּ לְמִשְׁעִ֑י וְהָמְלֵ֙חַ֙ לֹ֣א הֻמְלַ֔חַתְּ וְהָחְתֵּ֖ל
לֹ֥א חֻתָּֽלְתְּ׃ לֹא־חָסָה֩ עָלַ֨יִךְ עַ֜יִן לַעֲשׂ֥וֹת לָ֛ךְ אַחַ֥ת מֵאֵ֖לֶּה ה
לְחֻמְלָ֣ה עָלָ֑יִךְ וַתֻּשְׁלְכִ֞י אֶל־פְּנֵ֤י הַשָּׂדֶה֙ בְּגֹ֣עַל נַפְשֵׁ֔ךְ בְּי֖וֹם
הֻלֶּ֥דֶת אֹתָֽךְ׃ וָאֶעֱבֹ֤ר עָלַ֙יִךְ֙ וָֽאֶרְאֵ֔ךְ מִתְבּוֹסֶ֖סֶת בְּדָמָ֑יִךְ 6
וָאֹ֤מַר לָךְ֙ בְּדָמַ֣יִךְ חֲיִ֔י וָאֹ֥מַר לָ֖ךְ בְּדָמַ֥יִךְ חֲיִֽי׃ רְבָבָ֞ה כְּצֶ֤מַח 7
הַשָּׂדֶה֙ נְתַתִּ֔יךְ וַתִּרְבִּי֙ וַתִּגְדְּלִ֔י וַתָּבֹ֖אִי בַּעֲדִ֣י עֲדָיִ֑ים שָׁדַ֨יִם
נָכֹ֜נוּ וּשְׂעָרֵ֣ךְ צִמֵּ֔חַ וְאַ֖תְּ עֵרֹ֥ם וְעֶרְיָֽה׃ וָאֶעֱבֹ֨ר עָלַ֜יִךְ וָאֶרְאֵ֗ךְ 8
וְהִנֵּ֤ה עִתֵּךְ֙ עֵ֣ת דֹּדִ֔ים וָאֶפְרֹ֤שׂ כְּנָפִי֙ עָלַ֔יִךְ וָאֲכַסֶּ֖ה עֶרְוָתֵ֑ךְ
וָאֶשָּׁ֣בַֽע לָ֡ךְ וָאָב֣וֹא בִבְרִית֩ אֹתָ֜ךְ נְאֻ֨ם אֲדֹנָ֧י יֱהֹוִ֛ה וַתִּֽהְיִי־
לִֽי׃ וָאֶרְחָצֵ֣ךְ בַּמַּ֔יִם וָאֶשְׁטֹ֥ף דָּמַ֖יִךְ מֵעָלָ֑יִךְ וָאֲסֻכֵ֖ךְ בַּשָּֽׁמֶן׃ 9
וָאַלְבִּישֵׁ֣ךְ רִקְמָ֔ה וָאֶנְעֲלֵ֖ךְ תָּ֑חַשׁ וָאֶחְבְּשֵׁ֣ךְ בַּשֵּׁ֔שׁ וַאֲכַסֵּ֖ךְ י
מֶֽשִׁי׃ וָאֶעְדֵּ֖ךְ עֶ֑דִי וָאֶתְּנָ֤ה צְמִידִים֙ עַל־יָדַ֔יִךְ וְרָבִ֖יד עַל־ 11

גרונך

ט״ו v. 5. 7. קָמֵץ בז״ק ט״ז v. 4. דגש אחר שורק ibid. ב׳ רשין דגושין

4 ווען מען לעגט איהם אריין אין פייער ווערט ער פערברענט, ביידע עקען פערברענט דער פייער און אין מיטען ווערט ער צוטריקענט ; קען עס בענוצט ווערען צו ארבייט ?
5 אויב ווען עס איז גאנץ געווען האט עס ניט גענוצט צו ארבייט, ווי איז שוין ווען א פייער האט עס געברענט און עס איז צוטריקענט געוואָרען ; קען דאס בענוצט ווערען צו ארבייט ?
6 דערפאר — אזוי זאָגט גאָט דער אלמעכטיגער — אזוי ווי דער וויינבוים וועלכען איך האָב געמאכט אז פייער זאָל איהם פערברענען אזוי ווי א וואלד־בוים, אזוי האָב איך אויך געמאכט די איינוואָהנער פון ירושלים.
7 איך וועל לעגען אויף זיי מיין צאָרן, זיי זיינען אוועק פונ׳ם פייער אָבער דער פייער וועט זיי דאָך פערברענען ; און איהר זאָלט אנער־קענען אז איך בין גאָט (אמוויינינגסטען) ווען איך וועל לעגען אויף זיי מיין צאָרן,
8 און פערוויסטען דאס לאנד, ווייל זיי האָבען טריילאָז געהאנדעלט — זאָגט גאָט דער אלמעכטיגער.

## קאפיטעל טז

1 און גאָט׳ס וואָרט איז געווען צו מיר אזוי צו זאָגען :
2 מענשענקינד ! מאך בעקאנט ירושלים מיט איהרע גרוילטהאטען,
3 און זאָג : אזוי זאָגט גאָט דער אלמעכטיגער צו ירושלים — דיין אב־שטאמונג און דיין געבורט איז פונ׳ם לאנד כנען, דיין פאָטער איז פון אמרי און דיין מוטער איז פון חת.
4 אזוי איז דיין געבורט געווען : דעם טאָג וואָס דו ביזט געבאָרען געוואָ־רען האָט מען דיין נאָפּעל ניט אָבגעשניטען, דו ביזט אויך ניט געוואשען געוואָרען מיט וואסער אום דיר גלאַט צו מאכען : מיט זאלץ האָט מען דיר ניט ארומגעריבען און אין וויקעלאך האָט מען דיר ניט געוויקעלט.
5 עס האָט קיינעם ניט געהאַרט צו טהאָן דיר איינע פון דיעזע אלס מיט־לייד אויף דיר, דו ביזט ארויסגעוואָרפען געוואָרען אויפ׳ן פרייען פעלד מיט דיין שמוציגען קערפער, אין דעם זעלביגען טאָג וואָס דו ביזט געבאָ־רען געוואָרען.
6 איך בין דיר פערבייגעגאנגען און האָב דיר געזעהען איינגעשמוצטערהייד אין דיין בלוט, האָב איך צו דיר געזאָגט : אין דיין בלוט לעב ! איך האָב דאס דיר פאָראויסגעזאָגט : אז מיט דיין בלוט וועסטו אימער לעבען.
7 און איך האָב דיר צאָהלרייך געמאכט ווי דאס גראָז פונ׳ם פעלד ; דו ביזט גרעסער געוואָרען, אויפגעוואקסען, און געקומען אין יוגענד־שעהנעם עלטער : דיינע בריסט זיינען רונד געוואָרען און דיין האָאר לאנג געוואקסען ; אָבער דו ביזט געווען מוטער־נאקעט.
8 איך בין דיר נאָך א מאָל פערבייגעגאנגען און האָב דיר בעטראכט, ערשט דיין עלטער פאסט פאר ליעבע, האָב איך מיין ברעג קלייד אויסגע־שפרייט אויף דיר אום דיין נאקעטקייט צו בעדעקען, איך האָב דיר (ליעבע) געשוואָרען און בין געקומען אין פערבינדונג מיט דיר — זאָגט גאָט דער אלמעכטיגער — און דו ביזט מיינע געוואָרען.
9 דאן האָב איך דיר אָבגעוואשען מיט וואסער, איך האָב אָבגעשווינקט דיינע בלוט־פלעקען פון דיר און אויסגעשמריט דיר מיט אויל.
10 איך האָב דיר בעקליידעט מיט געשטיקטע קליידער און האָב דיר שיך געמאכט פון אנטילאָפּען פעל, איך האָב איינגעוויקעלט אין לינען און בעדעקט דיר מיט זיידענס.
11 איך האָב דיר בעציערט מיט ציערונג — איך האָב אָנגעטהאָן אָרעמ־בענדער אויף דיינע הענד און א קייט אויף דיין האלז.

12 גְּרוֹנֵךְ׃ וָאֶתֵּן נֶזֶם עַל־אַפֵּךְ וַעֲגִילִים עַל־אָזְנָיִךְ וַעֲטֶרֶת
13 תִּפְאֶרֶת בְּרֹאשֵׁךְ׃ וַתַּעְדִּי זָהָב וָכֶסֶף וּמַלְבּוּשֵׁךְ שֵׁשִׁי* וָמֶשִׁי
וְרִקְמָה סֹלֶת וּדְבַשׁ וָשֶׁמֶן אָכָלְתְּי* וַתִּיפִי בִּמְאֹד מְאֹד
14 וַתִּצְלְחִי לִמְלוּכָה׃ וַיֵּצֵא לָךְ שֵׁם בַּגּוֹיִם בְּיָפְיֵךְ כִּי׀ כָּלִיל
הוּא בַּהֲדָרִי אֲשֶׁר־שַׂמְתִּי עָלַיִךְ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃
טו וַתִּבְטְחִי בְיָפְיֵךְ וַתִּזְנִי עַל־שְׁמֵךְ וַתִּשְׁפְּכִי אֶת־תַּזְנוּתַיִךְ
16 עַל־כָּל־עוֹבֵר לוֹ־יֶהִי׃ וַתִּקְחִי מִבְּגָדַיִךְ וַתַּעֲשִׂי־לָךְ בָּמוֹת
17 טְלֻאוֹת וַתִּזְנִי עֲלֵיהֶם לֹא בָאוֹת וְלֹא יִהְיֶה׃ וַתִּקְחִי כְּלֵי
תִפְאַרְתֵּךְ מִזְּהָבִי וּמִכַּסְפִּי אֲשֶׁר נָתַתִּי לָךְ וַתַּעֲשִׂי־לָךְ
18 צַלְמֵי זָכָר וַתִּזְנִי־בָם׃ וַתִּקְחִי אֶת־בִּגְדֵי רִקְמָתֵךְ וַתְּכַסִּים
19 וְשַׁמְנִי וּקְטָרְתִּי נָתַתְּי* לִפְנֵיהֶם׃ וְלַחְמִי אֲשֶׁר־נָתַתִּי לָךְ
סֹלֶת וָשֶׁמֶן וּדְבַשׁ הֶאֱכַלְתִּיךְ וּנְתַתִּיהוּ לִפְנֵיהֶם לְרֵיחַ
כ נִיחֹחַ וַיֶּהִי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃ וַתִּקְחִי אֶת־בָּנַיִךְ וְאֶת־בְּנוֹתַיִךְ
אֲשֶׁר יָלַדְתְּ לִי וַתִּזְבָּחִים לָהֶם לֶאֱכוֹל הַמְעַט מִתַּזְנוּתֵךְ*׃
21 22 וַתִּשְׁחֲטִי אֶת־בָּנָי וַתִּתְּנִים בְּהַעֲבִיר אֹתָם לָהֶם׃ וְאֵת
כָּל־תּוֹעֲבֹתַיִךְ וְתַזְנֻתַיִךְ לֹא זָכַרְתְּי* אֶת־יְמֵי נְעוּרָיִךְ בִּהְיוֹתֵךְ
23 עֵירֹם וְעֶרְיָה מִתְבּוֹסֶסֶת בְּדָמֵךְ הָיִית׃ וַיְהִי אַחֲרֵי כָּל־
24 רָעָתֵךְ אוֹי אוֹי לָךְ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃ וַתִּבְנִי־לָךְ גָּב וַתַּעֲשִׂי־
כה לָךְ רָמָה בְּכָל־רְחוֹב׃ אֶל־כָּל־רֹאשׁ דֶּרֶךְ בָּנִית רָמָתֵךְ
וַתְּתַעֲבִי אֶת־יָפְיֵךְ וַתְּפַשְּׂקִי אֶת־רַגְלַיִךְ לְכָל־עוֹבֵר וַתַּרְבִּי
26 אֶת־תַּזְנוּתֵךְ*׃ וַתִּזְנִי אֶל־בְּנֵי־מִצְרַיִם שְׁכֵנַיִךְ גִּדְלֵי בָשָׂר
27 וַתַּרְבִּי אֶת־תַּזְנֻתֵךְ לְהַכְעִיסֵנִי׃ וְהִנֵּה נָטִיתִי יָדִי עָלַיִךְ
וָאֶגְרַע חֻקֵּךְ וָאֶתְּנֵךְ בְּנֶפֶשׁ שֹׂנְאוֹתַיִךְ בְּנוֹת פְּלִשְׁתִּים
28 הַנִּכְלָמוֹת מִדַּרְכֵּךְ זִמָּה׃ וַתִּזְנִי אֶל־בְּנֵי אַשּׁוּר מִבִּלְתִּי
29 שָׂבְעָתֵךְ וַתִּזְנִים וְגַם לֹא שָׂבָעַתְּ׃ וַתַּרְבִּי אֶת־תַּזְנוּתֵךְ אֶל־
ל אֶרֶץ כְּנַעַן כַּשְׂדִּימָה וְגַם־בְּזֹאת לֹא שָׂבָעַתְּ׃ מָה אֲמֻלָה
לִבָּתֵךְ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה בַּעֲשׂוֹתֵךְ אֶת־כָּל־אֵלֶּה מַעֲשֵׂה

אשה־

v. 13. 18. יתיר י · v. 20. מתזנותך ק · v. 22. יתיר י · v.25. תזנותיך קרי

12 איך האָב דיר אויך אָנגעטהאָן אַ רינג אויף דיין נאָז, אוירינגלאַך אויף דיינע אויערען און אַ פּראַכטפאָלע קרוין אויף דיין קאָפּ.

13 אַז דו האָסט זיך אָנגעציערט אין גאָלד און אין זילבער און געקליידעט זיך אין לינען, זייד און געשטיקטע צייג, און געגעסען פיין־מעהל, האָניג אין אויל, ביזטו זעהר שעהן געוואָרן און האָסט געפּאַסט צו זיין אַ קעניגין.

14 צוליעב דיין שעהנהייט האָסטו אַ נאָמען געקראָגען ביי די פעלקער, עס איז פאָלקאָם געוואָרען דורך מיין בעפּוצונג וואָס איך האָב אויף דיר אָנגעטהאָן — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

15 דאַן האָסטו זיך פאַרלאָזען אויף דיין שעהנהייט און ביזט אויסגעלאַסען געוואָרען צוליעב דיין נאָמען, דו האָסט פערשווענדעט דיין אויסגעלאַסענהייט מיט יעדער פערבייגעהער, ווער עס זאָל ניט זיין.

16 דו האָסט צוזאַמענגענומען דיינע קליידער און געמאַכט זיך פון זיי קאָלירטע בערגלאַך אום דיין אויסגעלאַסענהייט צו טרייבען אויף זיי; אַזעלכעס איז ניעמאַלס געשעהען און קען ניט געשעהען.

17 דו האָסט נאָך גענומען דיינע שמוק זאַכען פון מיין גאָלד און מיין זילבער, וואָס איך האָב דיר געגעבען, און האָסט זיך דערפון געמאַכט מענליכע בילדער און געטריעבען מיט זיי אויסגעלאַסענהייט.

18 אויך האָסטו גענומען דיינע געשטריקטע קליידער און איינגעדעקט זיי (די בילדער), און אַוועקגעגעבען זיי מיין אויל און מיינע רויכווערק.

19 מיין ברויט וואָס איך האָב דיר געגעבען, די פיינמעהל, אויל און האָניג, מיט וועלכע איך האָב דיר געשפּייזט, האָסטו זיי אַוועקגעגעבען אַלס אַנגענעהמער גערוך, אָט וואָס איז געשעהען, זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

20 אויך דיינע זיהן און טעכטער, וועלכע דו האָסט פון מיר געבוירען, האָסטו געשלאַכטעט פאַר זיי אַלס שפּייז־אָפּפער, — איז דאָס דאָס קלענסטע פון דיין אויסגעלאַסענהייט.

21 וואָס דו האָסט געקוילעט מיינע קינדער און איבערגעגעבען זיי צו פערברענען פאַר די געצען ?

22 איבער אַלע גרוילטהאַטען דיינע און אויסגעלאַסענהייט האָסטו ניט געדענקט דיין יוגענד צייט, ווען דו ביזט געווען מוטער־נאַקעט, ווען דו ביזט געווען איינגעשמוצט אין דיין בלוט.

23 און וואָס איז געווען די ענדע פון דיינע שלעכטע טהאַטען ? — אַך און וועה צו דיר ! — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

24 דו האָסט זיך געוועלבען געבויט און געמאַכט זיך הויכע געצעלטען אין אַלע גאַסען.

25 נעבען יעדער הויפּט וועג האָסטו דיינע הויכע געצעלטען געבויט וואו צו שענדען דיין שעהנקייט — פאַר יעדער פערבייגעהער האָסטו דיינע פיס פאַנאַנדערגענומען און פיעל אויסגעלאַסענהייט געטריעבען.

26 דו ביזט אויסגעלאַסען געווען מיט די יונגע עגיפּטער, דיינע נאַכבאַרען, די פעט בעפליישטע ; דו ביזט זעהר אויסגעלאַסען געווען אום מיר צו ערצאָרענען.

27 דאַן האָב איך אַ מאַך געטהאָן מיט'ן האַנד אויף דיר, איך האָב קלענער געמאַכט דיינע איינקונפט און האָב דיר איבערגעגעבען אין ווילען פון דיינע פיינדינען, די טעכטער פון פלשתים, וועלכע בעליידיגען זיך פון דיין אויסגעלאַסענעם אויפפיהרונג.

28 דו ביזט אויך אויסגעלאַסען געווען מיט די זיהן פון אשור ניט אָנזעטיגענדיג זיך, מיט זיי ביזטו אויסגעלאַסען געווען און נאָך אַלץ ניט זאַט געוואָרען.

29 דאַן האָסטו פאַרברייטעט דיין אויסגעלאַסענהייט פון דאָס לאַנד כנען ביז כשדים, און אויך דאַן ניט זאַט געוואָרען.

31 אִשָּׁה זוֹנָה שַׁלָּטֶת׃ בִּבְנוֹתַיִךְ גַּבֵּךְ בְּרֹאשׁ כָּל־דֶּרֶךְ וְרָמָתֵךְ
32 עָשִׂיתִי בְּכָל־רְחוֹב וְלֹא־הָיִיתי כַּזּוֹנָה לְקַלֵּס אֶתְנָן׃ הָאִשָּׁה
33 הַמְנָאָפֶת תַּחַת אִישָׁהּ תִּקַּח אֶת־זָרִים׃ לְכָל־זֹנוֹת יִתְּנוּ־
נֵדֶה וְאַתְּ נָתַתְּ אֶת־נְדָנַיִךְ לְכָל־מְאַהֲבַיִךְ וַתִּשְׁחֳדִי אוֹתָם
34 לָבוֹא אֵלַיִךְ מִסָּבִיב בְּתַזְנוּתָיִךְ׃ וַיְהִי־בָךְ הֵפֶךְ מִן־הַנָּשִׁים
בְּתַזְנוּתַיִךְ וְאַחֲרַיִךְ לֹא זוּנָּה וּבְתִתֵּךְ אֶתְנָן וְאֶתְנַן לֹא־נִתַּן
לה 36 לָךְ וַתְּהִי לְהֶפֶךְ׃ לָכֵן זוֹנָה שִׁמְעִי דְּבַר־יְהוָה׃ כֹּה־
אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה יַעַן הִשָּׁפֵךְ נְחֻשְׁתֵּךְ וַתִּגָּלֶה עֶרְוָתֵךְ
בְּתַזְנוּתַיִךְ עַל־מְאַהֲבָיִךְ וְעַל כָּל־גִּלּוּלֵי תוֹעֲבוֹתַיִךְ וְכִדְמֵי
37 בָנַיִךְ אֲשֶׁר נָתַתְּ לָהֶם׃ לָכֵן הִנְנִי מְקַבֵּץ אֶת־כָּל־מְאַהֲבַיִךְ
אֲשֶׁר עָרַבְתְּ עֲלֵיהֶם וְאֵת כָּל־אֲשֶׁר אָהַבְתְּ עַל כָּל־אֲשֶׁר
שָׂנֵאת וְקִבַּצְתִּי אֹתָם עָלַיִךְ מִסָּבִיב וְגִלֵּיתִי עֶרְוָתֵךְ אֲלֵהֶם
38 וְרָאוּ אֶת־כָּל־עֶרְוָתֵךְ׃ וּשְׁפַטְתִּיךְ מִשְׁפְּטֵי נֹאֲפוֹת וְשֹׁפְכֹת
39 דָּם וּנְתַתִּיךְ דַּם חֵמָה וְקִנְאָה׃ וְנָתַתִּי אוֹתָךְ בְּיָדָם וְהָרְסוּ
גַבֵּךְ וְנִתְּצוּ רָמֹתַיִךְ וְהִפְשִׁיטוּ אוֹתָךְ בְּגָדַיִךְ וְלָקְחוּ כְּלֵי
מ תִפְאַרְתֵּךְ וְהִנִּיחוּךְ עֵירֹם וְעֶרְיָה׃ וְהֶעֱלוּ עָלַיִךְ קָהָל וְרָגְמוּ
41 אוֹתָךְ בָּאָבֶן וּבִתְּקוּךְ בְּחַרְבוֹתָם׃ וְשָׂרְפוּ בָתַּיִךְ בָּאֵשׁ
וְעָשׂוּ־בָךְ שְׁפָטִים לְעֵינֵי נָשִׁים רַבּוֹת וְהִשְׁבַּתִּיךְ מִזּוֹנָה
42 וְגַם־אֶתְנַן לֹא תִתְּנִי־עוֹד׃ וַהֲנִחֹתִי חֲמָתִי בָּךְ וְסָרָה קִנְאָתִי
43 מִמֵּךְ וְשָׁקַטְתִּי וְלֹא אֶכְעַס עוֹד׃ יַעַן אֲשֶׁר לֹא־זָכַרְתְּי
אֶת־יְמֵי נְעוּרַיִךְ וַתִּרְגְּזִי־לִי בְּכָל־אֵלֶּה וְגַם־אֲנִי הֵא דַּרְכֵּךְ ׀
בְּרֹאשׁ נָתַתִּי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה וְלֹא עָשִׂיתי אֶת־הַזִּמָּה עַל
44 כָּל־תּוֹעֲבֹתָיִךְ׃ הִנֵּה כָּל־הַמֹּשֵׁל עָלַיִךְ יִמְשֹׁל לֵאמֹר כְּאִמָּה
מה בִּתָּהּ׃ בַּת־אִמֵּךְ אַתְּ גֹּעֶלֶת אִישָׁהּ וּבָנֶיהָ וַאֲחוֹת אֲחוֹתֵךְ
אַתְּ אֲשֶׁר גָּעֲלוּ אַנְשֵׁיהֶן וּבְנֵיהֶן אִמְּכֶן חִתִּית וַאֲבִיכֶן אֱמֹרִי׃
46 וַאֲחוֹתֵךְ הַגְּדוֹלָה שֹׁמְרוֹן הִיא וּבְנוֹתֶיהָ הַיּוֹשֶׁבֶת עַל־
שְׂמֹאולֵךְ וַאֲחוֹתֵךְ הַקְּטַנָּה מִמֵּךְ הַיּוֹשֶׁבֶת מִימִינֵךְ סְדֹם

ובנותיה

v. 31. יתיר י׳ — v. 34. הנ׳ בדגש — ibid. הנ׳ בפתח — v. 41. הנ׳ בפתח
v. 43. יתיר י׳ — ibid. יתיר י׳ — v. 46. יתיר ו׳

30 ווי פערשמאַכטעט איז דיין האַרץ טהוענדיג דאָס אַלעס — די טהאַטען פון אַן אוועקגעלאָזענע פרוי !
31 דו בויסט געוועלבען אויף אַלע הויפּט וועגען און מאַכסט הויכע געצעלטען אויף יעדער גאַס, דו ביזט זאָגאַר ניט געוועזען ווי יענע גאַסענפרויען וואָס פערשעהנערען דאָס געצאָהלט.
32 די פרוי וואָס איז אונטרייַ איהר מאַן נעהמט אַן פרעמדע.
33 יעדער גאַסענפרוי גיט מען געשענק, דו אָבער האָסט זעלבסט געשענקט געגעבען דיינע געליעבטע, דו האָסט זיי בעשאָנקען מיט דיין אויסגעלאַ־סענהייט אום זיי זאָלען קומען צו דיר פון אַרום.
34 אין דיין אויסגעלאַסענהייט ביזטו געוועזען אַנדערש ווי אַלע פרויען, קיינע פון זיי האָט דיין אויסגעלאַסענהייט ניט נאָכגעמאַכט ; דערמיט וואָס דו האָסט צוגעצאָהלט און דיר האָט מען ניט געצאָהלט, ביזטו אַנדערש געוועזען פון אַלע פרויען.
35 דערפאַר, גאַסענפרוי, הער גאָט׳ס וואָרט !
36 אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : ווייל דיין קעסעל איז אַריבערגערו־נען ווען דו האָסט דיין שאַנדגליעדער אָבגעדעקט אויסגעלאַסענערהייט מיט דיינע געליעבטע, אויף פאַר דיינע גרוילהאַפטע געצען און דאָס בלוט פון דיינע קינדער וואָס דו האָסט זיי געגעבען —
37 דערפאַר וועל איך פערזאַמלען אַלע דיינע געליעבטע, וועמען דו ביזט אַנגענעהם געוועזען, אַלעמען וועמען דו האָסט געליעבט, מיט אַלע יענע וועלכע דו האָסט געהאַסט, זיי אַלעמען וועל איך אַרומקלייבען אַרום דיר און וועל דיין שאַנדגליעד אָבדעקען פאַר זיי אום זיי זאָלען דיין שאַנד זעהען.
38 איך וועל דיר פעראורטהיילען מיט דעם אורטהייל פון עהע־ברעכערינס און מערדערינס, איך וועל דיר שטראָפען מיט בלוט, וואוטה און אייפערזוכט.
39 אַז איך וועל דיר איבערגעבען אין זייערע הענד וועלען זיי צושמעטערען דיינע געוועלבען און צוברעכען דיינע הויכע געצעלטען, זיי וועלען דיר אויסטהאָן דיינע קליידער און אַראָבנעהמען פון דיר דיינע שעהנע זאַ־כען ; זיי וועלען דיר לאָזען מוטער־נאַקעט.
40 זיי וועלען צוזאַמענברענגען נעבען דיר אַ פערזאַמלונג, זיי וועלען דיר פערוואַרפען מיט שטיינער און דורכשטעכען דיר מיט זייערע שווערדען.
41 דיינע הייזער וועלען זיי מיט פייער אָנצינדען, און דיר אַליין וועלען זיי קוועלען אין געגענוואַרט פון פיעל פרויען ; איך וועל מאַכען אַז דו זאָלסט אויפהערען צו זיין אויסגעלאַסען און זאָלסט מעהר קיינעם קיין געצאָהלט געבען.
42 ווען מיין צאָרן אויף דיר וועט זיך בערוהיגען און מיין אייפערזוכט אויף דיר וועט אויפהערען, דאַן וועל איך זיך בערוהיגען און מעהר ניט זיין צאָרניג.
43 ווייל דו האָסט ניט געדענקט דיין יוגענד צייט און האָסט מיר אויפ־גערעגט מיט דאָס אַלעס, האָב איך אויך דיר אויף׳ן קאָפּ געוואָרפען דעם אויפפיהרונג דיינעם — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער, דו האָסט ניע־מאַלס געטראַכט וועגען אַלע דיינע גרוילטהאַטען.
44 יעדער שפּריכוואָרט זאָגער וועט אויף דיר זאָגען אַ שפּריכוואָרט : „ווי די מוטער אַזוי איז די טאָכטער !"
45 דו ביזט די טאָכטער פון אַ מוטער וועלכע מאַכט צו שאַנדע איהר מאַן און איהרע קינדער, דו ביזט אַ שוועסטער צו שוועסטערן וואָס האָבען צו שאַנדע געמאַכט זייערע מענער און קינדער — פון חת שטאַמט אייער מוטער און אייער פאָטער פון אמרי.
46 דיין גרעסערע שוועסטער איז שמרון, וועלכע זיצט מיט איהרע פּראַ־

47 וּבְנוֹתֶיהָ׃ וְלֹא בְדַרְכֵיהֶן הָלַכְתְּ וּכְתוֹעֲבוֹתֵיהֶן עָשִׂיתִי
48 כִּמְעַט קָט וַתַּשְׁחִתִי מֵהֵן בְּכָל־דְּרָכָיִךְ׃ חַי־אָנִי נְאֻם
אֲדֹנָי יֱהֹוִה אִם־עָשְׂתָה סְדֹם אֲחוֹתֵךְ הִיא וּבְנוֹתֶיהָ כַּאֲשֶׁר
49 עָשִׂית אַתְּ וּבְנוֹתָיִךְ׃ הִנֵּה־זֶה הָיָה עֲוֺן סְדֹם אֲחוֹתֵךְ גָּאוֹן
שִׂבְעַת־לֶחֶם וְשַׁלְוַת הַשְׁקֵט הָיָה לָהּ וְלִבְנוֹתֶיהָ וְיַד־עָנִי
נ וְאֶבְיוֹן לֹא הֶחֱזִיקָה׃ וַתִּגְבְּהֶינָה וַתַּעֲשֶׂינָה תוֹעֵבָה לְפָנָי
51 וָאָסִיר אֶתְהֶן כַּאֲשֶׁר רָאִיתִי׃ וְשֹׁמְרוֹן כַּחֲצִי חַטֹּאתַיִךְ לֹא
חָטָאָה וַתַּרְבִּי אֶת־תּוֹעֲבוֹתַיִךְ מֵהֵנָּה וַתְּצַדְּקִי אֶת־אֲחוֹתַךְ
52 בְּכָל־תּוֹעֲבֹתַיִךְ אֲשֶׁר עָשִׂיתי׃ גַּם־אַתְּ ׀ שְׂאִי כְלִמָּתֵךְ אֲשֶׁר
פִּלַּלְתְּ לַאֲחוֹתֵךְ בְּחַטֹּאתַיִךְ אֲשֶׁר־הִתְעַבְתְּ מֵהֵן תִּצְדַּקְנָה
מִמֵּךְ וְגַם־אַתְּ בּוֹשִׁי וּשְׂאִי כְלִמָּתֵךְ בְּצַדֶּקְתֵּךְ אַחְיוֹתֵךְ׃
53 וְשַׁבְתִּי אֶת־שְׁבִיתְהֶן אֶת־שְׁבִית סְדֹם וּבְנוֹתֶיהָ וְאֶת־שְׁבִית
54 שֹׁמְרוֹן וּבְנוֹתֶיהָ וּשְׁבִית שְׁבִיתַיִךְ בְּתוֹכָהְנָה׃ לְמַעַן תִּשְׂאִי
נה כְלִמָּתֵךְ וְנִכְלַמְתְּ מִכֹּל אֲשֶׁר עָשִׂית בְּנַחֲמֵךְ אֹתָן׃ וַאֲחוֹתַיִךְ
סְדֹם וּבְנוֹתֶיהָ תָּשֹׁבְןָ לְקַדְמָתָן וְשֹׁמְרוֹן וּבְנוֹתֶיהָ תָּשֹׁבְןָ
56 לְקַדְמָתָן וְאַתְּ וּבְנוֹתַיִךְ תְּשֻׁבֶינָה לְקַדְמַתְכֶן׃ וְלוֹא הָיְתָה
57 סְדֹם אֲחוֹתֵךְ לִשְׁמוּעָה בְּפִיךְ בְּיוֹם גְּאוֹנָיִךְ׃ בְּטֶרֶם תִּגָּלֶה
רָעָתֵךְ כְּמוֹ עֵת חֶרְפַּת בְּנוֹת־אֲרָם וְכָל־סְבִיבוֹתֶיהָ בְּנוֹת
58 פְּלִשְׁתִּים הַשָּׁאטוֹת אוֹתָךְ מִסָּבִיב׃ אֶת־זִמָּתֵךְ וְאֶת־
59 תּוֹעֲבוֹתַיִךְ אַתְּ נְשָׂאתִים נְאֻם יְהוָה׃ כִּי כֹה אָמַר
אֲדֹנָי יֱהֹוִה וְעָשִׂית אוֹתָךְ כַּאֲשֶׁר עָשִׂית אֲשֶׁר־בָּזִית אָלָה
ס לְהָפֵר בְּרִית׃ וְזָכַרְתִּי אֲנִי אֶת־בְּרִיתִי אוֹתָךְ בִּימֵי נְעוּרָיִךְ
61 וַהֲקִמוֹתִי לָךְ בְּרִית עוֹלָם׃ וְזָכַרְתְּ אֶת־דְּרָכַיִךְ וְנִכְלַמְתְּ
בְּקַחְתֵּךְ אֶת־אֲחוֹתַיִךְ הַגְּדֹלוֹת מִמֵּךְ אֶל־הַקְּטַנּוֹת מִמֵּךְ
62 וְנָתַתִּי אֶתְהֶן לָךְ לְבָנוֹת וְלֹא מִבְּרִיתֵךְ׃ וַהֲקִימוֹתִי אֲנִי
63 אֶת־בְּרִיתִי אִתָּךְ וְיָדַעַתְּ כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ לְמַעַן תִּזְכְּרִי וָבֹשְׁתְּ

ולא

v. 47. יתיר י׳ v. 51. אחותך ק׳ ibid. יתיר י׳ v. 53. שבות ק׳
ibid. שבות קרי ibid. ושבות קרי v. 59. ועשיתי קרי

ווינצען בײַ דײַן לינקען זײַט, דײַן קלענערע שוועסטער איז סדם וועלכע זיצט מיט איהרע פּראָווינצען בײַ דײַן רעכטען זײַט.

47 ביזטו ניט געגאַנגען אין זייערע וועגען ? האָסטו ניט געטהאָן ווי זייערע גרוילטהאַטען ? עטוואָס מעהר און דײַן פערדאָרבענע אויפ־פיהרונג האָט איבערגעשטייגט זייערע.

48 בײַ מײַן לעבען ! — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — אויב דײַן שוועס־טער סדם צוזאַמען מיט איהרע פּראָווינצען האָט געטהאָן דאָס וואָס דו מיט דײַנע פּראָווינצען.

49 אָט אין וואָס עס איז בעשטאַנען דער זינד פון דײַן שוועסטער סדם : שטאָלץ, ברויט צו זאַט האָט זי געהאַט אין איהרע פּראָווינצען, שטיל און רוהיג (האָבען זיי געלעבט) און אַן אָרעמען אָדער אַ בעדערפטיגען קיינמאָל ניט געשטיצט.

50 שטאָלץ זייענדיג האָבען זיי גרוילטאַהטען געטהאָן קעגען מיר, האָב איך זיי אָבגעשפּאַט, ווי דו האָסט געזעהען.

51 שמרון האָט זאָגאַר ניט געזינדיגט אַ העלפט פון דײַנע זינד, דו האָסט מעהר גרוילטהאַטען געטהאָן פאַר זיי ; אַלע גרוילטהאַטען דײַנע וואָס דו האָסט געטהאָן האָסטו דײַן שוועסטער פאַר אַ צדקניות געמאַכט.

52 יעצט טראָג דו די זעלביגע שאַנדע צו וועלכע דו האָסט פערורטהיילט דײַן שוועסטער, איבער דײַנע זינד, וואָס זײַנען ערגער פאַר זייערע, זײַנען זיי שוין בעסער פאַר דיר ; דו דאַרפסט זיך שעהמען און טראָ־גען שאַנדע פון דעם וואָס קעגען דיר זײַנען שוין דײַנע שוועסטער פרומע.

53 ווען איך וועל אויסבעסערען זייערע פערפיהרערס — די פערפיהרערינס פון סדם און איהרע פּראָווינצען, אויך די פערפיהרערינס פון שמרון מיט איהרע פּראָווינצען, וועל איך, צוזאַמען מיט זיי, אויך דײַן פערפיהרע־נים אויסבעסערען.

54 אום דו זאָלסט זיך האַלטען מיט דײַן שאַנדע און זאָלסט זיך שעהמען פאַר אַלץ וואָס דו האָסט געטהאָן, ווען דו ווערסט זיי בעטראַכטען.

55 ביידע שוועסטער דײַנע : סדם מיט איהרע פּראָווינצען און שמרון מיט איהרע פּראָווינצען, וועלען צוריקקומען צו זייער פריהערדיגען שטאַנד, אויך דו מיט דײַנע פּראָווינצען וועלען צוריקקומען צו אייער פריהערדי־גען שטאַנד.

56 האָט ניט דײַן שוועסטער סדם געהאַט בײַ דיר אַ שלעכטען בערוף אין דער צייט פון דײַן שטאָלץ.

57 (איידער עס איז ענטדעקט געוואָרען דײַן שלעכטס ווי יעצט) אַלס די ערגסטע צווישען די טעכטער פון ארם און אַלע טעכטער פון פלשתים וועלכע זײַנען ארום איהר, אָט צו די אַלע פון ארום וואָס האַסען דיר.

58 יעצט וועסטו לײַדען פאַר דײַן אויסגעלאַסענהייט און גרוילטהאַטען — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

59 וואָרום גאָט דער אַלמעכטיגער האָט אַזוי געזאָגט : איך וועל דיר טהאָן אַזוי ווי דו האָסט געטהאָן, דו וועלכע האָט פעראַכטעט אַ בעשווערונג אום דאָס פערבינדונג צוברעכען.

60 דאָך וועל איך דיר דערמאָהנען מײַן פערבינדונג מיט דיר אין דײַנע יו־גענד יאָהרען און וועל מיט דיר פעסטשטעלען אַ אייביגען פערבאַנד.

61 דאַן וועסטו דײַן אויפפיהרונג דערמאָהנען און וועסט זיך שעהמען, ווען דו וועסט צוזאַמעננעהמען אַלע שוועסטער דײַנע, ווי די גרעסערע פאַר דיר אַזוי אויך די קלענערע, וועלכע איך וועל דיר איבערגעבען אַלס טעכ־טער אָבוואָהל זיי זײַנען ניט אין דײַן פערבאַנד.

62 איך וועל פעסטשטעלען מײַן פערבאַנד מיט דיר נאָר דאַן ווען דו וועסט אַנערקענען אַז איך בין גאָט.

וְלֹא יִהְיֶה־לָּךְ עוֹד פִּתְחוֹן פֶּה מִפְּנֵי כְּלִמָּתֵךְ בְּכַפְּרִי־לָךְ
לְכָל־אֲשֶׁר עָשִׂית נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃

## Cap. XVII. יז

יז

א 2 וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם חוּד חִידָה וּמְשֹׁל
3 מָשָׁל אֶל־בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ וְאָמַרְתָּ כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי יֱהוִה
הַנֶּשֶׁר הַגָּדוֹל גְּדוֹל הַכְּנָפַיִם אֶרֶךְ הָאֵבֶר מָלֵא הַנּוֹצָה
אֲשֶׁר־לוֹ הָרִקְמָה בָּא אֶל־הַלְּבָנוֹן וַיִּקַּח אֶת־צַמֶּרֶת הָאָרֶז׃
4 אֵת רֹאשׁ יְנִיקוֹתָיו קָטָף וַיְבִיאֵהוּ אֶל־אֶרֶץ כְּנַעַן בְּעִיר
ה רֹכְלִים שָׂמוֹ׃ וַיִּקַּח מִזֶּרַע הָאָרֶץ וַיִּתְּנֵהוּ בִּשְׂדֵה־זָרַע
6 קָח עַל־מַיִם רַבִּים צַפְצָפָה שָׂמוֹ׃ וַיִּצְמַח וַיְהִי לְגֶפֶן
סֹרַחַת שִׁפְלַת קוֹמָה לִפְנוֹת דָּלִיּוֹתָיו אֵלָיו וְשָׁרָשָׁיו תַּחְתָּיו
7 יִהְיוּ וַתְּהִי לְגֶפֶן וַתַּעַשׂ בַּדִּים וַתְּשַׁלַּח פֹּארוֹת׃ וַיְהִי נֶשֶׁר־
אֶחָד גָּדוֹל גְּדוֹל כְּנָפַיִם וְרַב נוֹצָה וְהִנֵּה הַגֶּפֶן הַזֹּאת
כָּפְנָה שָׁרָשֶׁיהָ עָלָיו וְדָלִיּוֹתָיו שִׁלְחָה־לּוֹ לְהַשְׁקוֹת אוֹתָהּ
8 מֵעֲרֻגוֹת מַטָּעָהּ׃ אֶל־שָׂדֶה טּוֹב אֶל־מַיִם רַבִּים הִיא
שְׁתוּלָה לַעֲשׂוֹת עָנָף וְלָשֵׂאת פֶּרִי לִהְיוֹת לְגֶפֶן אַדָּרֶת׃
9 אֱמֹר כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה תִּצְלָח הֲלוֹא אֶת־שָׁרָשֶׁיהָ
יְנַתֵּק וְאֶת־פִּרְיָהּ ׀ יְקוֹסֵס וְיָבֵשׁ כָּל־טַרְפֵּי צִמְחָהּ תִּיבָשׁ
וְלֹא־בִזְרֹעַ גְּדוֹלָה וּבְעַם רָב לְמַשְׂאוֹת אוֹתָהּ מִשָּׁרָשֶׁיהָ׃
וְהִנֵּה שְׁתוּלָה הֲתִצְלָח הֲלֹא כְגַעַת בָּהּ רוּחַ הַקָּדִים תִּיבַשׁ
11 יָבֹשׁ עַל־עֲרֻגֹת צִמְחָהּ תִּיבָשׁ׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה
12 אֵלַי לֵאמֹר׃ אֱמָר־נָא לְבֵית הַמֶּרִי הֲלֹא יְדַעְתֶּם מָה־
אֵלֶּה אֱמֹר הִנֵּה־בָא מֶלֶךְ־בָּבֶל יְרוּשָׁלַםִ וַיִּקַּח אֶת־מַלְכָּהּ
13 וְאֶת־שָׂרֶיהָ וַיָּבֵא אוֹתָם אֵלָיו בָּבֶלָה׃ וַיִּקַּח מִזֶּרַע הַמְּלוּכָה
וַיִּכְרֹת אִתּוֹ בְּרִית וַיָּבֵא אֹתוֹ בְּאָלָה וְאֶת־אֵילֵי הָאָרֶץ לָקָח׃
14 לִהְיוֹת מַמְלָכָה שְׁפָלָה לְבִלְתִּי הִתְנַשֵּׂא לִשְׁמֹר אֶת־
טו בְּרִיתוֹ לְעָמְדָהּ׃ וַיִּמְרָד־בּוֹ לִשְׁלֹחַ מַלְאָכָיו מִצְרַיִם

לָתֶת־

v. 7. הה׳ רפה v. 9. קמץ בז״ק v. 10. כ׳ דגושה

63 אום דו זאָלסט זיך שעהמען ווען דו ווערסט זיך דערמאָהנען, דו וועכט מעהר קיין מויל ניט עפענען פון שאַנדע, ווען איך וועל דיר פערצייהען אַלץ וואָס דו האָסט געטהאָן — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

## קאַפּיטעל יז

1 און גאָט'ס וואָרט איז געוועזן צו מיר אַזוי צו זאָגען:
2 מענשענקינד! פרעג אַ רעטענים און זאָג אַ שפּריכוואָרט אויף דאָס הויז ישראל.
3 און זאָג: אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — דער גרויסער אָדלער מיט גרויסע פליגלען און לאַנגע שווינגען, דער וואָס איז פול מיט קאָלירטע פעדערען, איז געקומען פון לבנון און אַראָבגענומען דעם העכסטען צווייג פון צעדער.
4 זיינע בעסטע שפּראָצונגען האָט ער אָבגעריסען און אַוועקגעטראָגען איהם אין לאַנד כנען, אין אַ האַנדעלשטאָדט האָט ער איהם אריינגעזעצט.
5 ער האָט אויך גענומען פון די זוימען פון'ם לאַנד און האָט זיי איינגע־זעצט אין אַ פרוכטבארע פעלד, וועלכע ער האָט אויסגעקליבען ביי אַ גרויסען וואַסער, ער האָט עס געמאַכט פאַר אַ זאַפּטפולע פלאַנצונג.
6 עס האָט געוואַקסען און געוואָרען אַ פאַנאַנדערגעשפּרייטער וויינבוים אַ ניעדעריג געוואַקסענער, וואָס די צווייגען זיינען צו איהם געבויגען און זיינע וואָרצלען זיינען אונטען; אַז עס איז אַ וויינבוים געוואָרען זיינען אויף איהר געוואַקסען שטאַנגען און זי האָט פאַנאַנדערגעלאָזען צווייגען.
7 נאָך איין גרויסער אָדלער איז געוועזן מיט גרויסע פליגלען און פיעל פע־דערען, האָט דיעזער וויינבוים צוגעצויגען די וואָרצלען צו איהם און האָט צו איהם אויסגעצויגען די צווייגען, פון די בעעטען וואו ער איז געפלאַנצט, אום ער זאָל איהם בעוואַסערען.
8 אָבוואָהל ער איז געפלאַנצט אויף אַ גוטע פעלד נעבען אַ גרויסען וואַסער וואָס איז גענוג צווייגען צו וואַקסען, פרוכט צו ברענגען און מאַכען איהם פאַר אַ פּראַכטפאָלען וויינבוים.
9 זאָג [זיי]: אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער: וועט עס גערייהען? ער וועט דאָך איבעררייסען זיינע וואָרצלען און אַרומרייסען די פרוכט ביז ער וועט אויסטריקענען, אַלע וואַקסענדע בלעטער וועלען פער־טריקענט ווערען; מען דאַרף קיין גרויס קראַפט אָדער פיעל פאָלק אַראָבצוהויבען איהם פון זיינע וואָרצלען.
10 און אַז עס איז איינגעפלאַנצט וועט עס גערייהען? וועט עס ניט אויס־טריקענען ווען דער איסט ווינד וועט עס בעריהרען? מיט די פלאַנצונ־גען פון בעעט וועט עס טרוקען ווערען.
11 און גאָט'ס וואָרט איז געוועזן צו מיר אַזוי צו זאָגען:
12 זאָג נאָר צו דאָס הויז פון ווידערשפּעניגער: פערשטעהט איהר וואָס דאָס בעדייטעט? זאָג [זיי]: אָט קומט דער קעניג פון בבל אין ירושלים און וועט צונעהמען איהר קעניג און איהרע פירשטען און וועט זיי ברייגגען צו איהם אין בבל.
13 ער האָט אויך גענומען איינעם פון די קעניגליכע קינדער, האָט געשלאָסען מיט איהם אַ פערבאַנד און האָט איהם געמאַכט שווערען, ער האָט צוגע־נומען די מעכטיגע פון'ם לאַנד.
14 אום עס זאָל ווערען אַ ניעדעריגע קעניגרייך, ניט קיין שטאָלצע, זיי זאָ־לען שטענדיג זיין פערבאַנד היטען.
15 ער האָט אָבער קעגען איהם ווידערשפּעניגט און געשיקט לייטע אין מצרים

לָתֶת־לוֹ סוּסִים וְעַם־רָב הֲיִצְלָח הֲיִמָּלֵט הָעֹשֵׂה אֵלֶּה

16 וְהֵפֵר בְּרִית וְנִמְלָט׃ חַי־אָנִי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה אִם־לֹא בִּמְקוֹם הַמֶּלֶךְ הַמַּמְלִיךְ אֹתוֹ אֲשֶׁר בָּזָה אֶת־אָלָתוֹ וַאֲשֶׁר

17 הֵפֵר אֶת־בְּרִיתוֹ אִתּוֹ בְתוֹךְ־בָּבֶל יָמוּת׃ וְלֹא בְחַיִל גָּדוֹל וּבְקָהָל רָב יַעֲשֶׂה אוֹתוֹ פַרְעֹה בַּמִּלְחָמָה בִּשְׁפֹּךְ סֹלְלָה

18 וּבִבְנוֹת דָּיֵק לְהַכְרִית נְפָשׁוֹת רַבּוֹת׃ וּבָזָה אָלָה לְהָפֵר בְּרִית וְהִנֵּה נָתַן יָדוֹ וְכָל־אֵלֶּה עָשָׂה לֹא יִמָּלֵט׃

19 לָכֵן כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה חַי־אָנִי אִם־לֹא אָלָתִי אֲשֶׁר בָּזָה

כ וּבְרִיתִי אֲשֶׁר הֵפִיר וּנְתַתִּיו בְּרֹאשׁוֹ׃ וּפָרַשְׂתִּי עָלָיו רִשְׁתִּי וְנִתְפַּשׂ בִּמְצוּדָתִי וַהֲבִיאוֹתִיהוּ בָבֶלָה וְנִשְׁפַּטְתִּי אִתּוֹ שָׁם

21 מַעֲלוֹ אֲשֶׁר מָעַל־בִּי׃ וְאֵת כָּל־מִבְרָחָו בְּכָל־אֲגַפָּיו בַּחֶרֶב יִפֹּלוּ וְהַנִּשְׁאָרִים לְכָל־רוּחַ יִפָּרֵשׂוּ וִידַעְתֶּם כִּי אֲנִי

22 יְהוָה דִּבַּרְתִּי׃ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה וְלָקַחְתִּי אָנִי מִצַּמֶּרֶת הָאֶרֶז הָרָמָה וְנָתָתִּי מֵרֹאשׁ יֹנְקוֹתָיו רַךְ אֶקְטֹף

23 וְשָׁתַלְתִּי אָנִי עַל הַר־גָּבֹהַּ וְתָלוּל׃ בְּהַר מְרוֹם יִשְׂרָאֵל אֶשְׁתֳּלֶנּוּ וְנָשָׂא עָנָף וְעָשָׂה פֶרִי וְהָיָה לְאֶרֶז אַדִּיר וְשָׁכְנוּ

24 תַחְתָּיו כֹּל צִפּוֹר כָּל־כָּנָף בְּצֵל דָּלִיּוֹתָיו תִּשְׁכֹּנָּה׃ וְיָדְעוּ כָּל־עֲצֵי הַשָּׂדֶה כִּי אֲנִי יְהוָה הִשְׁפַּלְתִּי ׀ עֵץ גָּבֹהַּ הִגְבַּהְתִּי עֵץ שָׁפָל הוֹבַשְׁתִּי עֵץ לָח וְהִפְרַחְתִּי עֵץ יָבֵשׁ אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי וְעָשִׂיתִי׃

## CAP. XVIII. יח

2 א וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ מַה־לָּכֶם אַתֶּם מֹשְׁלִים אֶת־הַמָּשָׁל הַזֶּה עַל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר אָבוֹת יֹאכְלוּ בֹסֶר

3 וְשִׁנֵּי הַבָּנִים תִּקְהֶינָה׃ חַי־אָנִי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה אִם־יִהְיֶה

4 לָכֶם עוֹד מְשֹׁל הַמָּשָׁל הַזֶּה בְּיִשְׂרָאֵל׃ הֵן כָּל־הַנְּפָשׁוֹת לִי הֵנָּה כְּנֶפֶשׁ הָאָב וּכְנֶפֶשׁ הַבֵּן לִי־הֵנָּה הַנֶּפֶשׁ הַחֹטֵאת

ה הִיא תָמוּת׃ וְאִישׁ כִּי־יִהְיֶה צַדִּיק וְעָשָׂה מִשְׁפָּט וּצְדָקָה׃

אל־

v. 15. קמץ בלא אזקף. v. 21. מברחו קרי - v. 22. הפטרת האזינו.

מען זאָל איהם געבען פערד און אַ גרויסע אַרמעע ; וועט ער גליק האָ־
בען ? קען גערעטעט ווערען דער וואָס טהוט אַזוינע זאַכען ? דער
וואָס ברעכט אַ פערבאַנד קען גערעטעט ווערען ?

16 ביי מיין לעבען — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — אויב ניט אין דעם
וואָהנונג פון קעניג, וועלכער האָט איהם פאַר קעניג געמאַכט, וועמעס
בעשווערונג ער האָט פעראַכטעט און וועמעס פערבאַנד ער האָט גע־
בראָכען, אין זיין געגענוואַרט וועט ער שטאַרבען, אין בבל.

17 ניט מיט אַ גרויס אַרמעע אָדער אַ גרויסע פערזאַמלונג וועט פרעה מיט
איהם קריעג פיהרען, ניט מיט אָנשיטען זאַמד־בערג און בויען מויער
ברעכערס, אום צו פערניכטען פיעל זעעלען.

18 קוים האָט ער דאָס בעשווערען פעראַכטעט אום דעם פערבאַנד צו ברעכען
און זיך אָנגעשלאָסען אָן איהם ; טהוענדיג דאָס אַלעס קען ער ניט גע־
רעטעט ווערען.

19 דערפאַר — אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — ביי מיין לעבען !
אויב ניט צו זיין קאָפּ וועט אויסגעהען מיין פערשווערונג וועלכע ער
האָט פעראַכטעט און מיין פערבאַנד וועלכען ער האָט צובראָכען.

20 איך וועל פאַר איהם אויסשפּרייטען מיין נעץ און ער וועט געפאַנגען
ווערען אין מיין כאַפּ־נעץ, דאַן וועל איך איהם ברענגען אין בבל און
וועל זיך מיט איהם אָברעכענען פאַר זיין טריילאָזיגקייט וואָס ער איז
בעגאַנגען קעגען מיר.

21 אַלע זיינע בעסטע (העלדען) וואָס אין זיינע אַרמעען, וועלען פאַלען פון
שווערד, די איבעריגע וועלען צושפּרייט ווערען אין אַלע זייטען ; דאַן
וועט איהר וויסען אַז איך גאָט האָב גערעדט.

22 אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : איך זעלבסט וועל אַראָבנעהמען
דעם העכסטען צווייג פון צעדער און וועל עס איינזעצען ; איך וועל
אָברייסען איינעם פון זיינע בעסטע אָבזעצערס, אַ יונגען, און וועל עס
איינפלאַנצען אויף אַ גאַנץ הויכען בארג.

23 אויף איינעם פון די העכסטע בערג פון ישראל, וועל איך איהם איינ־
פּלאַנצען, ער וועט טראַגען צווייגען און וואַקסען פריכט — ער וועט
ווערען אַ מעכטיגער צעדער ; פערשיעדענע פויגלען וועלען אונטער
איהם רוהען, אַלערליי געפליגעלטע וועלען רוהען אינ׳ם שאָטען פון
זיינע צווייגען.

24 אַלע פעלד־ביימער וועלען דאַן אַנערקענען אַז איך גאָט קען ניעדעריג
מאַכען אַ הויכען בוים און הויך מאַכען אַ ניעדעריגען בוים, טרוקען מאַ־
כען אַ פייכטען בוים און לאָזען בליהען אַ טרוקענעם בוים, אויב איך גאָט
רייד, מוז עס געשעהען.

## קאַפּיטעל יח

1 און גאָט׳ס וואָרט איז געוועזען צו מיר אַזוי צו זאָגען :

2 וואָס פיר אַ שפּריכוואָרט זאָגט איהר אויף דאָס לאַנד ישראל, אַזוי צו
זאָגען : „עלטערען עסען אונרייפע פרוכט און ביי די קינדער ווערען
איילינג די צייהען ?"

3 ביי מיין לעבען — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — אויב איהר וועט
מעהר דעם שפּריכוואָרט זאָגען אין ישראל.

4 אַלע זעעלען בעלאַנגען צו מיר, מיר געהערט דעם פאָטערס זעעלע ווי
דעם זוהנ׳ס זעעלע — די פּערזאָן וואָס זינדיגט, יענע וועט שטאַרבען.

5 אויב איינער וועט פרום זיין און טהאָן גערעכטיגקייט און וואָהלטהאַט ;

6 אֶל־הֶהָרִים֙ לֹ֣א אָכָ֔ל וְעֵינָיו֙ לֹ֣א נָשָׂ֔א אֶל־גִּלּוּלֵ֖י בֵּ֣ית
יִשְׂרָאֵ֑ל וְאֶת־אֵ֤שֶׁת רֵעֵ֙הוּ֙ לֹ֣א טִמֵּ֔א וְאֶל־אִשָּׁ֥ה נִדָּ֖ה לֹ֥א
7 יִקְרָֽב׃ וְאִישׁ֙ לֹ֣א יוֹנֶ֔ה חֲבֹלָת֤וֹ חוֹב֙ יָשִׁ֔יב גְּזֵלָ֖ה לֹ֣א יִגְזֹ֑ל
8 לַחְמוֹ֙ לְרָעֵ֣ב יִתֵּ֔ן וְעֵירֹ֖ם יְכַסֶּה־בָּֽגֶד׃ בַּנֶּ֣שֶׁךְ לֹֽא־יִתֵּ֗ן
וְתַרְבִּית֙ לֹ֣א יִקָּ֔ח מֵעָ֖וֶל יָשִׁ֣יב יָד֑וֹ מִשְׁפַּ֤ט אֱמֶת֙ יַעֲשֶׂ֔ה
9 בֵּ֥ין אִ֖ישׁ לְאִֽישׁ׃ בְּחֻקּוֹתַ֧י יְהַלֵּ֛ךְ וּמִשְׁפָּטַ֥י שָׁמַ֖ר לַעֲשׂ֣וֹת
י אֱמֶ֑ת צַדִּ֥יק הוּא֙ חָיֹ֣ה יִֽחְיֶ֔ה נְאֻ֖ם אֲדֹנָ֥י יֱהֹוִֽה׃ וְהוֹלִ֥יד בֵּ֖ן
11 פָּרִ֖יץ שֹׁ֣פֵֽךְ דָּ֑ם וְעָ֣שָׂה אָ֔ח מֵאַחַ֖ד מֵאֵֽלֶּה׃ וְה֕וּא אֶת־
כָּל־אֵ֖לֶּה לֹ֣א עָשָׂ֑ה כִּ֣י גַ֤ם אֶל־הֶהָרִים֙ אָכַ֔ל וְאֶת־אֵ֥שֶׁת
12 רֵעֵ֖הוּ טִמֵּֽא׃ עָנִ֤י וְאֶבְיוֹן֙ הוֹנָ֔ה גְּזֵל֣וֹת גָּזָ֔ל חֲבֹ֖ל לֹ֣א יָשִׁ֑יב
13 וְאֶל־הַגִּלּוּלִים֙ נָשָׂ֣א עֵינָ֔יו תּוֹעֵבָ֖ה עָשָֽׂה׃ בַּנֶּ֨שֶׁךְ נָתַ֧ן
וְתַרְבִּ֛ית לָקַ֖ח וָחָ֣י לֹ֣א יִֽחְיֶ֑ה אֵ֣ת כָּל־הַתּוֹעֵב֤וֹת הָאֵ֙לֶּה֙
14 עָשָׂ֔ה מ֥וֹת יוּמָ֖ת דָּמָ֥יו בּ֥וֹ יִהְיֶֽה׃ וְהִנֵּה֙ הוֹלִ֣יד בֵּ֔ן וַיַּ֗רְא
אֶת־כָּל־חַטֹּ֥את אָבִ֖יו אֲשֶׁ֣ר עָשָׂ֑ה וַיִּרְאֶ֕ה וְלֹ֥א יַעֲשֶׂ֖ה כָּהֵֽן׃
טו עַל־הֶֽהָרִים֙ לֹ֣א אָכָ֔ל וְעֵינָיו֙ לֹ֣א נָשָׂ֔א אֶל־גִּלּוּלֵ֖י בֵּ֣ית
16 יִשְׂרָאֵ֑ל אֶת־אֵ֥שֶׁת רֵעֵ֖הוּ לֹ֥א טִמֵּֽא׃ וְאִישׁ֙ לֹ֣א הוֹנָ֔ה חֲבֹל֙
לֹ֣א חָבָ֔ל וּגְזֵלָ֖ה לֹ֣א גָזָ֑ל לַחְמוֹ֙ לְרָעֵ֣ב נָתָ֔ן וְעֵר֖וֹם כִּסָּה־
17 בָֽגֶד׃ מֵעָנִ֞י הֵשִׁ֣יב יָד֗וֹ נֶ֤שֶׁךְ וְתַרְבִּית֙ לֹ֣א לָקָ֔ח מִשְׁפָּטַ֣י
עָשָׂ֔ה בְּחֻקּוֹתַ֖י הָלָ֑ךְ ה֗וּא לֹ֥א יָמ֛וּת בַּעֲוֺ֥ן אָבִ֖יו חָיֹ֥ה יִחְיֶֽה׃
18 אָבִ֞יו כִּי־עָ֣שַׁק עֹ֗שֶׁק גָּזַל֙ גֵּ֣זֶל אָ֔ח וַאֲשֶׁ֥ר לֹא־ט֛וֹב עָשָׂ֖ה
19 בְּת֣וֹךְ עַמָּ֑יו וְהִנֵּה־מֵ֖ת בַּעֲוֺנֽוֹ׃ וַאֲמַרְתֶּ֕ם מַדֻּ֛עַ לֹא־נָשָׂ֥א
הַבֵּ֖ן בַּעֲוֺ֣ן הָאָ֑ב וְהַבֵּ֞ן מִשְׁפָּ֧ט וּצְדָקָ֣ה עָשָׂ֗ה אֵ֣ת כָּל־חֻקּוֹתַ֥י
כ שָׁמַ֛ר וַיַּעֲשֶׂ֥ה אֹתָ֖ם חָיֹ֥ה יִחְיֶֽה׃ הַנֶּ֥פֶשׁ הַחֹטֵ֖את הִ֣יא תָמ֑וּת
בֵּ֞ן לֹא־יִשָּׂ֣א ׀ בַּעֲוֺ֣ן הָאָ֗ב וְאָב֙ לֹ֤א יִשָּׂא֙ בַּעֲוֺ֣ן הַבֵּ֔ן צִדְקַ֤ת
הַצַּדִּיק֙ עָלָ֣יו תִּֽהְיֶ֔ה וְרִשְׁעַ֥ת רָשָׁ֖ע עָלָ֥יו תִּֽהְיֶה׃
21 וְהָֽרָשָׁ֗ע כִּ֤י יָשׁוּב֙ מִכָּל־חַטֹּאתָו֙ אֲשֶׁ֣ר עָשָׂ֔ה וְשָׁמַר֙ אֶת־
כָּל־חֻקּוֹתַ֔י וְעָשָׂ֥ה מִשְׁפָּ֖ט וּצְדָקָ֑ה חָיֹ֥ה יִחְיֶ֖ה לֹ֥א יָמֽוּת׃

כל־

v. 6. 8. קמץ בז״ק   v. 10. צירי בסמוך   v. 12. 13. קמץ בז״ק

v. 14. ויראה קרי   v. 15. 16. 17. קמץ בז״ק   v. 20. הרשע ק   v. 21. חטאתיו ק

6 ער האָט ניט געגעסען אויף די בערג און האָט ניט אויפגעהויבען זיינע אויגען צו די געצען פונ'ם הויז ישראל, די פרוי פון אַן אַנדערען האָט ער ניט אונריין געמאַכט און צו אַ אבגעזונדערטע פרוי קומט ער ניט נאָהענט.

7 ער נאַרט קיינעם אָב, דעם משכון פאַר אַן אנלייהע ברענגט ער אָב, פרעמדע רויבט ער ניט, זיין ברויט גיט ער צו אַ הונגעריגען און אַ נאַ־קעטען בעדעקט ער מיט קליידער.

8 ער גיט קיין זאַך אויף צינזען און נעהמט קיינע פערמעהרונג — ער ציהט זיך צוריק פון אונרעכט, אַ ריכטיגען אורטהייל גיט ער ארויס צווישען איינעם און דעם אַנדערן.

9 לויט מיינע געזעצען געהט ער און מיינע רעכטע היט ער אום ריכטיג צו האַנדלען, דער צדיק וועט אימער לעבען — זאָגט גאָט דער אַל־מעכטיגער.

10 וועט ער אָבער האָבען אַ פרעכען זוהן, אַ בלוט־פערגיסער, און ער וועט צו זיין ברודער טהאָן איינע פון די אויבענדערמאָהנטע

11 (דאָס אַלעס וואָס זיין פאַטער האָט ניט געטהאָן) : ער האָט געגעסען אויף די געצען־בערג און פעראונרייניגט אַ פרעמדענס פרוי,

12 ער וועט נאַרען אָרעמע און בעדירפטיגע, רויבען פרעמדען פערמעגען, ניט אבברענגען קיין משכון, צו די געצען האָט ער זיינע אויגען אויפגע־הויבען און גרוילטהאַטען געטהאָן ;

13 ער האָט אויף צינזען געגעבען און פערמעהרונג גענומען, זאָל ער לעבען ? קוים האָט ער די אַלע גרוילטהאַטען געטהאָן וועט ער ניט לעבען — ער מוז שטאַרבען, און זיין בלוט פאַלט אויף איהם.

14 און אויב ער האָט אַ זוהן, וועלכער האָט געזעהען זיין פאַטער'ס אַלע זינד וואָס ער האָט געטהאָן — ער האָט עס געזעהן און דאָך אַזעלכעס ניט געטהאָן :

15 ער האָט אויף די געצען־בערג ניט געגעסען, אויך ניט אויפגעהויבען זיינע אויגען צו די געצען פונ'ם הויז ישראל ; אַ פרעמדענס ווייב האָט ער ניט אונריין געמאַכט.

16 און ניט גענאַרט קיינעם, ער האָט קיין משכון גענומען און ניט גערויבט פרעמדען פערמעגען ; ער האָט הונגעריגע פון זיין ברויט געגעבען און נאַקעטע מיט קליידונג בעדעקט.

17 ער האָט זיין האַנד צוריקגעצויגען און ניט גענומען פון אָרעמען צינזען אָדער פערמעהרונג, ער האָט מיינע רעכטע געטהאָן און געגאַנגען אין מיינע געזעצע. דער וועט ניט שטאַרבען פאַר זיין פאַטער'ס זינד — ער וועט לעבען !

18 זיין פאַטער וועלכער האָט אימער גערויבט, צוגענומען זיין ברודער'ס פערמעגען און אַלץ וואָס עס איז ניט גוט האָט ער אין זיין פאָלק גע־טהאָן — יענער איז פאַר זיינע זינד געשטאָרבען.

19 וועט איהר פרעגען : „פאַר וואָס האָט דער זוהן ניט געליטען פאַר זיין פאַטער'ס זינד ?" דער זוהן האָט אָבער געטהאָן רעכט און גערעכטיג־קייט, ער האָט אָבגעהיט אַלע מיינע געזעצע און געטהאָן זיי — ער דאַרף לעבען.

20 די פערזאָן וואָס זינדיגט די שטאַרבט, אַ זוהן ליידט ניט פאַר זיין פאַ־טער'ס זינד, און אַ פאַטער ליידט ניט פאַר אַ זוהן'ס זינד — דער צדיק געניסט פון זיין וואָהלטהאַט און דער רשע פון זיין פערברעכען.

21 און זאָגאַר דער רשע אַז ער וועט זיך צוריקציהען פון אַלע זיינע זינד וואָס ער האָט געטהאָן און אבהיטען מיינע אַלע געזעצע און טהאָן גע־רעכטיגקייט און וואָהלטהאַט, וועט ער לעבען בלייבען — ער וועט ניט שטאַרבען.

24 זיי וועלען אויף דיר אַרויף מיט וואָפען, וואַגענס און רעדער, אַ גרויסע אַרמעע פון פּאַנצערס, שילדען און העלמס וועלען זיך אַרום דיר אַרומ־שטעלען ; זיי וועל איך איבערגעבען דיין אורטהייל און זאָלען זיי דיר לויט זייער אורטהייל בעשטראָפען.
25 איך וועל אויסלאָזען מיין צאָרן אויף דיר, אום זיי זאָלען דיר גרויזאַם בעהאַנדלען — זיי וועלען דיר אָבשניידען נאָז און אויערען און נאָכדעם וועסטו פון שווערד פאַלען ; זיי וועלען צונעהמען דיינע זיהן און טעכטער און וואָס עס וועט בלייבען וועלען זיי אויפ׳ן פייער פערברענען.
26 זיי וועלען פון דיר אויסטהאָן דיינע קליידער און צונעהמען דיינע שעהנע זאַכען.
27 דערמיט וועל איך אָבשאַפען דיינע שאַנדטהאַטען, אויך דיין אויסגעלאַסענהייט וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין מצרים ; דו וועסט מעהר צו זיי דיינע אויגען ניט אויפהויבען און וועסט מעהר ניט דערמאָהנען מצרים.
28 וואָרום אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : איך וועל דיר איבערגעבען אין האַנד פון דעם וועמען דו האָסט פיינד, אין האַנד פון די וואָס עס האָט דיר פון זיי אָבגעעקעלט.
29 זיי וועלען דיר בעהאַנדלען מיט האַס, זיי וועלען צו נעהמען דיין גאַנצען פערמעגען און אָבלאָזען דיר מוטער־נאַקעט, דאָן וועט אויפגעדעקט ווע־רען דיין שענדליכע אויסגעלאַסענהייט דיינע שאַנדטהאַטען און בוה־לערייען.
30 דאָס וועט דיר געטהאָן ווערען פאַר דיין אויסגעלאַסען זיין מיט פעלקער, און ווייל דו ביזט אונריין געוואָרען מיט זייערע געצען.
31 דו ביזט געגאַנגען אין דיין שוועסטער׳ס וועג, האָב איך דיר יעצט געגע־בען אין דיין האַנד איהר שטראָף־בעכער.
32 אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : דיין שוועסטער׳ס בעכער וועסטו טרינקען, דעם טיעפען און ברייטען בעכער ; דו וועסט ווערען צו שפּאַס און געלעכטער אונערטרעגליך.
33 דו וועסט פול ווערען מיט בעטרינקונג און אומעט פון דעם פערוויסטענ־דען און פערטומעלדיגען בעכער — דאָס איז דיין שוועסטער׳ס שמרון׳ס בעכער.
34 דו וועסט דאָס אויסטרינקען און אויסלעקען, דו וועסט אויף די שערב־לאַך אַרומגריזשען און דעם שנויץ אָברייסען, אַזוי ווי איך האָב גע־רעדט — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.
35 דערפאַר — אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — ווייל דו האָסט מיר פער־געסען און פערוואָרפען מיר הינטער זיך, לייד דו יעצט פאַר דיינע שאַנד־טהאַטען און דיין אויסגעלאַסענהייט.
36 און גאָט האָט צו מיר געזאָגט : מענשענקינד ! וועסטו פאָרווירפע מאַכען אהלה און אהליבה און בעקאַנט מאַכען זיי זייערע גרוילטהאַטען ?
37 זיי זיינען פערברעכעריש געוועזן, זייערע הענד זיינען מיט בלוט בע־שמוצט, איבער זייערע געצען זיינען זיי פערברעכעריש געוואָרען ; זאָ־גאַר זייערע קינדער וועלכע זיי האָבען פון מיר געבוירען האָבען זיי פאַר זיי פערברענט אַלס שפּייז־אָפּפערס.
38 זיי האָבען מיר נאָך דאָס אָבגעטהאָן : אין דעם זעלביגען טאָג האָבען זיי מיין הייליגטהום פעראונרייניגט און וואָכעדיג געמאַכט מיינע רוהע־טעג.
39 נאָכדעם ווי זיי האָבען געקוילעט זייערע קינדער פאַר זייערע געצען, זיינען זיי אין זעלביגען טאָג געקומען אין מיין הייליגטהום אום צו פער־שוועכען איהם — אַזעלכע פערברעכענס האָבען זיי אין מיין הויז געטהאָן.
40 אויבער וואָס זיי האָבען געשיקט נאָך מענשען, וועלכע האָבען געדאַרפט

וְהִנֵּה־בָאוּ לַאֲשֶׁר רָחַצְתְּ כָּחַלְתְּ עֵינַיִךְ וְעָדִית עֶדִי׃ וְיָשַׁבְתְּ 41
עַל־מִטָּה כְבוּדָּה וְשֻׁלְחָן עָרוּךְ לְפָנֶיהָ וּקְטָרְתִּי וְשַׁמְנִי
שַׂמְתְּ עָלֶיהָ׃ וְקוֹל הָמוֹן שָׁלֵו בָהּ וְאֶל־אֲנָשִׁים מֵרֹב 42
אָדָם מוּבָאִים סוֹבָאִים מִמִּדְבָּר וַיִּתְּנוּ צְמִידִים אֶל־יְדֵיהֶן
וַעֲטֶרֶת תִּפְאֶרֶת עַל־רָאשֵׁיהֶן׃ וָאֹמַר לַבָּלָה נִאוּפִים עַתְּ 43
יִזְנֶה תַזְנוּתֶיהָ וָהִיא׃ וַיָּבוֹא אֵלֶיהָ כְּבוֹא אֶל־אִשָּׁה זוֹנָה 44
כֵּן בָּאוּ אֶל־אָהֳלָה וְאֶל־אָהֳלִיבָה אִשֹּׁת הַזִּמָּה׃ וַאֲנָשִׁים מה
צַדִּיקִם הֵמָּה יִשְׁפְּטוּ אוֹתְהֶם מִשְׁפַּט נֹאֲפוֹת וּמִשְׁפַּט
שֹׁפְכוֹת דָּם כִּי נֹאֲפֹת הֵנָּה וְדָם בִּידֵיהֶן׃ כִּי כֹה אָמַר 46
אֲדֹנָי יֱהוִה הַעֲלֵה עֲלֵיהֶם קָהָל וְנָתֹן אֶתְהֶן לְזַעֲוָה וְלָבַז׃
וְרָגְמוּ עֲלֵיהֶן אֶבֶן קָהָל וּבָרֵא אוֹתְהֶן בְּחַרְבוֹתָם בְּנֵיהֶם 47
וּבְנוֹתֵיהֶם יַהֲרֹגוּ וּבָתֵּיהֶן בָּאֵשׁ יִשְׂרֹפוּ׃ וְהִשְׁבַּתִּי זִמָּה מִן־ 48
הָאָרֶץ וְנִוַּסְּרוּ כָּל־הַנָּשִׁים וְלֹא תַעֲשֶׂינָה כְּזִמַּתְכֶנָה׃ וְנָתְנוּ 49
זִמַּתְכֶנָה עֲלֵיכֶן וַחֲטָאֵי גִלּוּלֵיכֶן תִּשֶּׂאינָה וִידַעְתֶּם כִּי אֲנִי
אֲדֹנָי יֱהוִה׃

## כד CAP. XXIV. כד

וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי בַּשָּׁנָה הַתְּשִׁיעִית בַּחֹדֶשׁ הָעֲשִׂירִי א
בֶּעָשׂוֹר לַחֹדֶשׁ לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם כְּתוֹב־לְךָ אֶת־שֵׁם הַיּוֹם 2
אֶת־עֶצֶם הַיּוֹם הַזֶּה סָמַךְ מֶלֶךְ־בָּבֶל אֶל־יְרוּשָׁלַםִ בְּעֶצֶם
הַיּוֹם הַזֶּה׃ וּמְשֹׁל אֶל־בֵּית־הַמֶּרִי מָשָׁל וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם 3
כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה שְׁפֹת הַסִּיר שְׁפֹת וְגַם־יְצֹק בּוֹ מָיִם׃
אֱסֹף נְתָחֶיהָ אֵלֶיהָ כָּל־נֵתַח טוֹב יָרֵךְ וְכָתֵף מִבְחַר עֲצָמִים 4
מַלֵּא׃ מִבְחַר הַצֹּאן לָקוֹחַ וְגַם דּוּר הָעֲצָמִים תַּחְתֶּיהָ ה
רַתַּח רְתָחֶיהָ גַּם־בָּשְׁלוּ עֲצָמֶיהָ בְּתוֹכָהּ׃ לָכֵן כֹּה־ 6
אָמַר ׀ אֲדֹנָי יֱהוִה אוֹי עִיר הַדָּמִים סִיר אֲשֶׁר חֶלְאָתָהּ בָהּ
וְחֶלְאָתָהּ לֹא יָצְאָה מִמֶּנָּה לִנְתָחֶיהָ לִנְתָחֶיהָ הוֹצִיאָהּ
לֹא־

v. 41. כ״נ דגש אחר שורק   v. 42. הב׳ רפה   ibid. סבאים קרי   v. 43. עתה יזנו קרי
v. 44. סבירין ויבואו   v. 46. פתח בס״ס   v. 49. יתיר י׳   כ״ד v. 2. כתב קרי   v. 6. הה״א רפה

קומען פון זעהר ווייט, די נאָך וועלכע זי האָט געשיקט; ווי זיי זיינען געקומען האָסטו זיך געוואשען, געשמינקט דיינע אויגען און פערפוצט זיך מיט ציערונג.

41 דו האָסט זיך געזעצט אויף א שעהנע בעט, פאר וועלכע עס איז געשטאַנען א געגרייטער טיש, דו האָסט איהר בעלעגט מיט מיין רויכווערק און אויל.

42 דער גערויש פון די פערזאַמעלטע איז דאָרטען שטיל געוואָרען, זאָגאר וועגען די מענשען, אָבוואָהל זיי זיינען פיעל געוועזען, זיינען צוגעקומען סבא'ער פון מדבר; זיי האָבען זיי אָנגעטהאָן ארמבענדער אויף זייערע הענד און פראַכטפאָלע קרוינען אויף זייערע קעפּ.

43 און איך האָב געזאָגט צו דער אָבגעניצטער אויסוואורף; „וועלען זיי אויך יעצט זייער אויסגעלאַסענהייט טרייבען מיט איהר?"

44 יעדער וואָס איז צו איהר געקומען, איז געקומען ווי צו א אויסגעלאַסענע פרוי; אזוי פלעגט מען קומען צו אהלה און אהליבה די אויסגעלאַסענע פרויען.

45 פרומע מענער וועלען זיי אורטהיילען לויט דעם אורטהייל פון גאַסען־פרויען און מערדערינס, ווארום אי זיי זיינען אויסגעלאַסען אי זייערע הענד זיינען אין בלוט פערפלעקט.

46 אזוי האָט געזאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער: עס וועט זיך ארום זיי פערזאַמלען א גרויסע פערזאַמלונג און וועט זיי מאַכען צו שוידער און שאַנדע.

47 דאָס גאַנצע פערזאַמלונג וועט אויף זיי ווארפען שטיינער און צושנייַדען זיי מיט זייערע שווערדען, זייערע זיהן און טעכטער וועלען זיי הרג'ענען און זייערע הייזער פערברענען אין פייער.

48 איך וועל אָבשאַפען אויסגעלאַסענהייט פון לאַנד, אַלע פרויען וועלען געוואַרענט זיין און וועלען ניט נאָכטהאָן אייערע שאַנדטהאַטען.

49 אייערע שאַנדטהאַטען וועט מען אויף אייך ארויפוואַרפען, איהר אַליין וועט ליידען פאר אייערע פערברעכערישע גרוילטהאַטען; דאַן וועט איהר אנערקענען אז איך בין גאָט דער אַלמעכטיגער.

## קאַפּיטעל כד

1 אויך איז גאָט'ס וואָרט געוועזען צו מיר אין ניינטען יאָהר, צעהנטען טאָג פון צעהנטען מאָנאַט, אזוי צו זאָגען:

2 מענשענקינד! פערשרייב זיך דעם נאָמען פון טאָג, פּונקט דעם טאָג. דער קעניג פון בבל איז נאָהענט געקומען צו ירושלים פּונקט אין דעם טאָג.

3 זאָג אויף דאָס הויז פון וויעדערשפּעניגער א שפּריכוואָרט; זאָג זיי: אזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — שטאָפּ אַן דעם טאָפּ, שטאָפּ אַן און גיעס אריין וואסער.

4 לעג אריין די פלייש־שטיקער אינווייניג, יעדער גוטע שטיק — היפט און שולטער, מאַך עס פול מיט די בעסטע קנאָכענס.

5 נעהם די בעסטע פון די שעפּסען און לעג אונטער א רייהע ביינער; לאָז דאָס אזוי לאַנג קאָכען אַז די ביינער וואָס זיינען אינווייניג זאָלען זיך איינקאָכען.

6 ווייל אזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער: וועה צו די בלוטדורשטיגע שטאָדט! א טאָפּ וואָס איז פול מיט שמוטץ געהט די שמוטץ ניעמאַלס ארויס. שטיקערווייז נעהמט פון איהר ארויס זאָגאר אויף די וועלכע עס איז קיין גורל געפאַלען.

7 לֹא־נָפַל עָלֶיהָ גּוֹרָל׃ כִּי דָמָהּ בְּתוֹכָהּ הָיָה עַל־צְחִיחַ
סֶלַע שָׂמָתְהוּ לֹא שְׁפָכַתְהוּ עַל־הָאָרֶץ לְכַסּוֹת עָלָיו עָפָר׃
8 לְהַעֲלוֹת חֵמָה לִנְקֹם נָקָם נָתַתִּי אֶת־דָּמָהּ עַל־צְחִיחַ סָלַע
9 לְבִלְתִּי הִכָּסוֹת׃ לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה אוֹי עִיר
י הַדָּמִים גַּם־אֲנִי אַגְדִּיל הַמְּדוּרָה׃ הַרְבֵּה הָעֵצִים הַדְלֵק
הָאֵשׁ הָתֵם הַבָּשָׂר וְהַרְקַח הַמֶּרְקָחָה וְהָעֲצָמוֹת יֵחָרוּ׃
11 וְהַעֲמִידֶהָ עַל־גֶּחָלֶיהָ רֵקָה לְמַעַן תֵּחַם וְחָרָה נְחֻשְׁתָּהּ
12 וְנִתְּכָה בְתוֹכָהּ טֻמְאָתָהּ תִּתֹּם חֶלְאָתָהּ׃ תְּאֻנִים הֶלְאָת
13 וְלֹא־תֵצֵא מִמֶּנָּה רַבַּת חֶלְאָתָהּ בְּאֵשׁ חֶלְאָתָהּ׃ בְּטֻמְאָתֵךְ
זִמָּה יַעַן טִהַרְתִּיךְ וְלֹא טָהַרְתְּ מִטֻּמְאָתֵךְ לֹא תִטְהֲרִי־עוֹד
14 עַד־הֲנִיחִי אֶת־חֲמָתִי בָּךְ׃ אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי בָּאָה וְעָשִׂיתִי
לֹא־אֶפְרַע וְלֹא־אָחוּס וְלֹא אֶנָּחֵם כִּדְרָכַיִךְ וְכַעֲלִילוֹתַיִךְ
טו שְׁפָטוּךְ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃
16 בֶּן־אָדָם הִנְנִי לֹקֵחַ מִמְּךָ אֶת־מַחְמַד עֵינֶיךָ בְּמַגֵּפָה וְלֹא
17 תִסְפֹּד וְלֹא תִבְכֶּה וְלוֹא תָבוֹא דִּמְעָתֶךָ׃ הֵאָנֵק ׀ דֹּם
מֵתִים אֵבֶל לֹא־תַעֲשֶׂה פְּאֵרְךָ חֲבוֹשׁ עָלֶיךָ וּנְעָלֶיךָ תָּשִׂים
בְּרַגְלֶיךָ וְלֹא תַעְטֶה עַל־שָׂפָם וְלֶחֶם אֲנָשִׁים לֹא תֹאכֵל׃
18 וָאֲדַבֵּר אֶל־הָעָם בַּבֹּקֶר וַתָּמָת אִשְׁתִּי בָּעָרֶב וָאַעַשׂ
19 בַּבֹּקֶר כַּאֲשֶׁר צֻוֵּיתִי׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלַי הָעָם הֲלֹא־תַגִּיד לָנוּ
כ מָה־אֵלֶּה לָּנוּ כִּי אַתָּה עֹשֶׂה׃ וָאֹמַר אֲלֵיהֶם דְּבַר־יְהוָה
21 הָיָה אֵלַי לֵאמֹר׃ אֱמֹר ׀ לְבֵית יִשְׂרָאֵל כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי
יֱהֹוִה הִנְנִי מְחַלֵּל אֶת־מִקְדָּשִׁי גְּאוֹן עֻזְּכֶם מַחְמַד עֵינֵיכֶם
וּמַחְמַל נַפְשְׁכֶם וּבְנֵיכֶם וּבְנוֹתֵיכֶם אֲשֶׁר עֲזַבְתֶּם בַּחֶרֶב
22 יִפֹּלוּ׃ וַעֲשִׂיתֶם כַּאֲשֶׁר עָשִׂיתִי עַל־שָׂפָם לֹא תַעְטוּ וְלֶחֶם
23 אֲנָשִׁים לֹא תֹאכֵלוּ׃ וּפְאֵרֵכֶם עַל־רָאשֵׁיכֶם וְנַעֲלֵיכֶם
בְּרַגְלֵיכֶם לֹא תִסְפְּדוּ וְלֹא תִבְכּוּ וּנְמַקֹּתֶם בַּעֲוֺנֹתֵיכֶם
24 וּנְהַמְתֶּם אִישׁ אֶל־אָחִיו׃ וְהָיָה יְחֶזְקֵאל לָכֶם לְמוֹפֵת
כְּכֹל אֲשֶׁר־עָשָׂה תַּעֲשׂוּ בְּבֹאָהּ וִידַעְתֶּם כִּי אֲנִי אֲדֹנָי
יֱהֹוִה׃

7 איהר בלוטשולד איז אין איהר בעגאנגען געוואָרען, אויף אַ טרוקענעם שטיין האָט זי דאָס געלעגט, זי האָט עס ניט געגאָסען אויף דער ערד וואו ערד זאָל עס פערדעקען.
8 אום אָנצוצינדען מיין וואוטה, ריכטיגע ראכע צו נעהמען, האָב איך אויך איהר בלוט אויפ'ן טרוקענעם שטיין געגאָסען, אום עס זאָל ניט פערדעקט ווערען.
9 וואָרום אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : וועה צו די בלוטשולדיגע שטאָדט ! איך וועל אויך מאַכען אַ גרויסען פייער —
10 אָנלעגען פיעל האָלץ, אָנצינדען אַ פייער, אריינלעגען דאָס גאַנצע פלייש און פערגלען דאָס שטארק ביז די ביינער וועלען פערברענט ווערען.
11 דאַן וועט מען איהר לעדיגערהייד אויף קויהלען שטעלען אום עס זאָל הייס ווערען און דער דעק זאָל פערברענט ווערען, איהר אונריינקייט זאָל אין איהר צושמאָלצען ווערען, עס זאָל אין גאַנצען אויסברענען די שמוץ.
12 קרעפטען האָט זי אָנגעשטרענגט אַז איהרע פיעל שמוץ זאָל פון איהר ניט אַרויס — דאָרום מוז איהר שמוץ אין פייער קומען.
13 פאַר דיין פעראונרייניגען זיך מיט שאַנדטהאַטען, ווייל איך האָב דיר גערייניגט פון דיין אונריינקייט און דו האָסט זיך ניט געוואָלט רייניגען, וועסטו זיך שוין מעהר ניט קענען רייניגען ביז איך וועל אויסלאָזען מיין צאָרן צו דיר.
14 אַז איך, גאָט, האָב גערעדט וועט עס אָנקומען און איך וועל טהאָן. איך וועל ניט צוריקציהען [מיין שטראָף], איך וועל קיין מיטלייד האָבען און וועל מיין בעשלוס ניט ענדערען — לויט דיין אויפפיהרונג און דיינע טהאטען האָט מען דיר פעראורטהיילט — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.
15 און גאָט'ס וואָרט איז געוועזן צו מיר אַזוי צו זאָגען.
16 מענשענקינד ! איך נעהם פון דיר צו דאָס ליעבסטע פון דיינע אויגען דורך אַ פּלאָג, דו זאָלסט ניט קלאָגען און ניט וויינען, קיין טרעהר זאָל פון דיר ניט אַרויס.
17 זיפצע שטילערהייט, מאַך קיין טוידטען טרויער, בינד אַרום דיין קאָפּבאַנד און טראָג דיינע שיך אויף דיינע פיס ; פערוויקעל זיך ניט איבער די ליפּען און עס ניט טרויער־ברויט.
18 מאָרגענס האָב איך צום פאָלק גערעדט און אין אָווענד איז מיין פרוי געשטאָרבען, איך האָב געטהאָן אויף מאָרגען ווי איך בין פערזאָגט געוואָרען.
19 דאָס פאָלק האָבען צו מיר געזאָגט : וועסט אונז פיעלייכט זאָגען וואָס פאַר אַ בעדייטונג האָט פאַר אונז דאָס וואָס דו טהוסט ?
20 האָב איך זיי געזאָגט : גאָט'ס וואָרט איז געוועזן צו מיר אַזוי צו זאָגען :
21 זאָג צו דאָס הויז ישראל : אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — איך וועל פערשוועכען מיין הייליגטהום, אייער שטאַרקען שטאָלץ, דאָס ליעבסטע פון אייערע אויגען און צו וואָס אייער זעעלע האָט מיטלייד — אייערע זיהן און אייערע טעכטער וואָס איהר האָט איבערגעלאָזען וועלען פאַלען פון שווערד.
22 דאַן וועט איהר טהאָן ווי איך האָב געטהאָן — איהר וועט זיך ניט פערוויקלען ביז איבער די ליפּען, אויך וועט איהר קיין טרויער־ברויט עסען.
23 אייערע קאָפּ־בענדער וועלען זיין אויף אייערע קעפּ און אייערע שיך אויף אייערע פיס — איהר וועט ניט בעקלאָגען און ניט וויינען ; איהר וועט צושמאָלצען ווערען פאַר אייערע זינד און וועט טרייסטען איינער דעם אנדערען.
24 דאַמאלס וועט יחזקאל זיין פאַר אייך אַ ביישפּיעל : אַלץ וואָס ער האָט

כה יְהוָֹה׃ וְאַתָּה בֶן־אָדָם הֲלוֹא בְּיוֹם קַחְתִּי מֵהֶם אֶת־
מָעֻזָּם מְשׂוֹשׂ תִּפְאַרְתָּם אֶת־מַחְמַד עֵינֵיהֶם וְאֶת־מַשָּׂא
26 נַפְשָׁם בְּנֵיהֶם וּבְנוֹתֵיהֶם׃ בַּיּוֹם הַהוּא יָבוֹא הַפָּלִיט אֵלֶיךָ
27 לְהַשְׁמָעוּת אָזְנָיִם׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִפָּתַח פִּיךָ אֶת־הַפָּלִיט
וּתְדַבֵּר וְלֹא תֵאָלֵם עוֹד וְהָיִיתָ לָהֶם לְמוֹפֵת וְיָדְעוּ כִּי־
אֲנִי יְהוָה׃

## כה CAP. XXV. כה

2 א וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם שִׂים פָּנֶיךָ אֶל־בְּנֵי
3 עַמּוֹן וְהִנָּבֵא עֲלֵיהֶם׃ וְאָמַרְתָּ לִבְנֵי עַמּוֹן שִׁמְעוּ דְּבַר־
אֲדֹנָי יֱהוִֹה כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה יַעַן אָמְרֵךְ הֶאָח אֶל־
מִקְדָּשִׁי כִי־נִחָל וְאֶל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל כִּי נָשַׁמָּה וְאֶל־בֵּית
4 יְהוּדָה כִּי הָלְכוּ בַּגּוֹלָה׃ לָכֵן הִנְנִי נֹתְנָךְ לִבְנֵי־קֶדֶם
לְמוֹרָשָׁה וְיִשְּׁבוּ טִירוֹתֵיהֶם בָּךְ וְנָתְנוּ בָךְ מִשְׁכְּנֵיהֶם
ה הֵמָּה יֹאכְלוּ פִרְיֵךְ וְהֵמָּה יִשְׁתּוּ חֲלָבֵךְ׃ וְנָתַתִּי אֶת־רַבָּה
לִנְוֵה גְמַלִּים וְאֶת־בְּנֵי עַמּוֹן לְמִרְבַּץ־צֹאן וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי
6 יְהוָה׃ כִּי כֹה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה יַעַן מַחְאֲךָ יָד
וְרַקְעֲךָ בְּרָגֶל וַתִּשְׂמַח בְּכָל־שָׁאטְךָ בְּנֶפֶשׁ אֶל־אַדְמַת
7 יִשְׂרָאֵל׃ לָכֵן הִנְנִי נָטִיתִי אֶת־יָדִי עָלֶיךָ וּנְתַתִּיךָ לְבַג
לַגּוֹיִם וְהִכְרַתִּיךָ מִן־הָעַמִּים וְהַאֲבַדְתִּיךָ מִן־הָאֲרָצוֹת
8 אַשְׁמִידְךָ וְיָדַעְתָּ כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי
יֱהוִֹה יַעַן אֲמֹר מוֹאָב וְשֵׂעִיר הִנֵּה כְּכָל־הַגּוֹיִם בֵּית
9 יְהוּדָה׃ לָכֵן הִנְנִי פֹתֵחַ אֶת־כֶּתֶף מוֹאָב מֵהֶעָרִים מֵעָרָיו
מִקָּצֵהוּ צְבִי אֶרֶץ בֵּית הַיְשִׁימוֹת בַּעַל מְעוֹן וְקִרְיָתָמָה׃
י לִבְנֵי־קֶדֶם עַל־בְּנֵי עַמּוֹן וּנְתַתִּיהָ לְמוֹרָשָׁה לְמַעַן לֹא־
11 תִזָּכֵר בְּנֵי־עַמּוֹן בַּגּוֹיִם׃ וּבְמוֹאָב אֶעֱשֶׂה שְׁפָטִים וְיָדְעוּ
12 כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה יַעַן עֲשׂוֹת אֱדוֹם
בִּנְקֹם נָקָם לְבֵית יְהוּדָה וַיֶּאְשְׁמוּ אָשׁוֹם וְנִקְּמוּ בָהֶם׃

לכן

כ״ה v. 3 קמץ בלא אס״ף v. 7 לבז קרי v. 9 וקריתמה קרי

געטהאָן וועט איהר טהאָן, ווען די צייט וועט קומען ; דאַן וועט איהר אַנערקענען אַז איך בין דער אַלמעכטיגער גאָט.

25 און דו, מענשענקינד ! ווען איך וועל פון זיי צו נעהמען זייער שטאָלץ, זייער פּראַכטפאָלע פּרייד, דאָס ליעבסטע פון זייערע אויגען און דאָס שטרעבען פון זייער זעעלע — זייערע זיהן און זייערע טעכטער.

26 דאַן ווען איין געֿרעטעטער וועט צו דיר קומען אָנזאָגען דיר,

27 דעם זעלביגען טאָג וועסטו אָנפאַנגען ריידען מיט דעם געֿרעטעטען און וועסט ניט אַנשווייגען ווערען מעהר, דו וועסט זיי דיענען אַלס ביישפּיעל, אום זיי זאָלען אַנערקענען אַז איך בין גאָט.

## קאַפּיטעל כה

1 און גאָט'ס וואָרט איז געוועזען צו מיר אַזוי צו זאָגען :

2 מענשענקינד ! ווענדע דיין געזיכט צו די קינדער פון עמון און פּראָפּעציייהע אויף זיי ;

3 זאָג צו די קינדער פון עמון : הערט דאָס וואָרט פון'ם אַלמעכטיגען גאָט ! אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : ווייל דו האָסט מיט פרייד געֿרעדט וועגען מיין הייליגטהום וואָס איז פערשוועכט געוואָרען, וועגען דאָס לאַנד פון ישראל וועלכע איז פערוויסטעט, אויך אויף דאָס הויז יהודה וועלכע האָט אויסגעוואַנדערט.

4 דערפאַר וועל איך דיר אָוועקגעבען אַלס בעזיץ צו די בעוואָהנער פון איסט, זיי וועלען אויף דיין לאַנד זייערע פּאַלאַצען בויען און אָנשטעלען זייערע וואָהנונגען ; זיי וועלען אויפעסען דיין פרוכט און זיי וועלען אויסטרינקען דיין מילך.

5 איך וועל מאַכען רבה פאַר אַ קעמלען שטאַל און עמון פאַר אַ שעפּסען שטאַל, אום איהר זאָלט וויסען אַז איך בין גאָט.

6 אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : ווייל דו האָסט געקלאַפּט מיט'ן האַנד און געטופּעט מיט'ן פוס, דו האָסט מיט דעם גאַנצען האַס פון דיין זעעלע אָבגעלאַכט פון'ם לאַנד ישראל,

7 דערפאַר וועל איך אויסציהען מיין האַנד אויף דיר און וועל דיר מאַכען אַלס שפּייז־רויב פאַר די פעלקער, איך וועל דיר אויסשליעסען פון נאַציאָנען און אויסראָטהען דיר פון אַלע לענדער ; דאַמאָלס ווען איך וועל דיר פערטיליגען וועסטו אַנערקענען אַז איך בין גאָט.

8 אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : ווייל מואָב און שעיר זאָגען : „דאָס הויז יהודה איז ניט אַנדערש פון אַלע פעלקער".

9 דערפאַר וועל איך עפענען מואָב'ס גרענעץ פון די שטעדט, פון זיינע גרענעצשטעדט, די שעהנהייט פון לאַנד — בית הישימות, בעל מעון און קריתים.

10 [וואָס איך האָב געטהאָן] צו די בעפעלקערונג פון איסט [וועל איך אויך ברענגען] אויף די בעפעלקערונג פון עמון, איך וועל איהר איבערגעבען צו אַ בעזיץ, אום די זעלבסשטענדיגקייט פון עמון זאָל ניט דערמאָהנט ווערען צווישען די פעלקער.

11 אויך אויף מואָב וועל איך שטראָף ברענגען, אום זיי זאָלען וויסען אַז איך בין גאָט.

12 אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : ווייל אדום האָט געֿדריקט דאָס הויז יהודה ראַכעגיריג, זיינען זיי שטאַרק פערשולדיגט געוואָרען ראַכענעהמענדיג פון זיי ;

13 לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה וְנָטִתִי יָדִי עַל־אֱדוֹם וְהִכְרַתִּי מִמֶּנָּה אָדָם וּבְהֵמָה וּנְתַתִּיהָ חָרְבָּה מִתֵּימָן וּדְדָנֶה בַּחֶרֶב
14 יִפֹּלוּ׃ וְנָתַתִּי אֶת־נִקְמָתִי בֶּאֱדוֹם בְּיַד עַמִּי יִשְׂרָאֵל וְעָשׂוּ בֶאֱדוֹם כְּאַפִּי וְכַחֲמָתִי וְיָדְעוּ אֶת־נִקְמָתִי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃
טו כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה יַעַן עֲשׂוֹת פְּלִשְׁתִּים בִּנְקָמָה
16 וַיִּנָּקְמוּ נָקָם בִּשְׁאָט בְּנֶפֶשׁ לְמַשְׁחִית אֵיבַת עוֹלָם׃ לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הִנְנִי נוֹטֶה יָדִי עַל־פְּלִשְׁתִּים וְהִכְרַתִּי
17 אֶת־כְּרֵתִים וְהַאֲבַדְתִּי אֶת־שְׁאֵרִית חוֹף הַיָּם׃ וְעָשִׂיתִי בָם נְקָמוֹת גְּדֹלוֹת בְּתוֹכְחוֹת חֵמָה וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהֹוָה בְּתִתִּי אֶת־נִקְמָתִי בָּם׃

## כו CAP. XXVI. כו

א וַיְהִי בְּעַשְׁתֵּי־עֶשְׂרֵה שָׁנָה בְּאֶחָד לַחֹדֶשׁ הָיָה דְבַר־יְהֹוָה
2 אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם יַעַן אֲשֶׁר־אָמְרָה צֹּר עַל־יְרוּשָׁלַםִ הֶאָח נִשְׁבְּרָה דַּלְתוֹת הָעַמִּים נָסֵבָּה אֵלָי אִמָּלְאָה הָחֳרָבָה׃
3 לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הִנְנִי עָלַיִךְ צֹר וְהַעֲלֵיתִי עָלַיִךְ
4 גּוֹיִם רַבִּים כְּהַעֲלוֹת הַיָּם לְגַלָּיו׃ וְשִׁחֲתוּ חֹמוֹת צֹר וְהָרְסוּ מִגְדָּלֶיהָ וְסִחֵיתִי עֲפָרָהּ מִמֶּנָּה וְנָתַתִּי אוֹתָהּ לִצְחִיחַ
ה סָלַע׃ מִשְׁטַח חֲרָמִים תִּהְיֶה בְּתוֹךְ הַיָּם כִּי אֲנִי דִבַּרְתִּי
6 נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה וְהָיְתָה לְבַז לַגּוֹיִם׃ וּבְנוֹתֶיהָ אֲשֶׁר בַּשָּׂדֶה
7 בַּחֶרֶב תֵּהָרַגְנָה וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהֹוָה׃ כִּי כֹה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הִנְנִי מֵבִיא אֶל־צֹר נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל מִצָּפוֹן מֶלֶךְ מְלָכִים בְּסוּס וּבְרֶכֶב וּבְפָרָשִׁים וְקָהָל וְעַם־
8 רָב׃ בְּנוֹתַיִךְ בַּשָּׂדֶה בַּחֶרֶב יַהֲרֹג וְנָתַן עָלַיִךְ דָּיֵק וְשָׁפַךְ
9 עָלַיִךְ סֹלְלָה וְהֵקִים עָלַיִךְ צִנָּה׃ וּמְחִי קָבָלּוֹ יִתֵּן בְּחֹמֹתַיִךְ
י וּמִגְדְּלֹתַיִךְ יִתֹּץ בְּחַרְבוֹתָיו׃ מִשִּׁפְעַת סוּסָיו יְכַסֵּךְ אֲבָקָם מִקּוֹל פָּרַשׁ וְגַלְגַּל וָרֶכֶב תִּרְעַשְׁנָה חוֹמוֹתַיִךְ בְּבֹאוֹ
11 בִּשְׁעָרַיִךְ כִּמְבוֹאֵי עִיר מְבֻקָּעָה׃ בְּפַרְסוֹת סוּסָיו יִרְמֹס
אֶת־

כ״ו v. 1 חצי הספר בפסוקים v. 10. דג׳ כפתח

13 דארום זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער אַזוי: איך וועל אויסשטרעקען מיין האַנד אויף אדום און וועל אויסראָטהען פון איהר מענשען און פיה, איך וועל איהר וויסט מאַכען ערגער פון תימן און דדן — פון שווערד וועלען זיי פאַלען.

14 איך וועל געבען מיין ראַכע אויף אדום צוליעב מיין פאָלק ישראל, זיי וועלען דורכפיהרען מיין ראַכע לויט מיין צאָרן און וואוטה; זאָלען זיי פיהלען מיין ראַכע — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

15 אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער: ווייל די פלשתים דריקען (זיי) מיט ראַכעגיריגקייט, זיי האָבען זייער ראַכע דורכגעפיהרט מיט גייסט־ליכען האַס ביז צו דעם פערדאַרבען, מיט אַ אייביגען האַס;

16 דערפאַר — אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — איך וועל אויסשטרע־קען מיין האַנד אויף די פלשתים און אויסראָטהען כרתים, אויך וועל איך אונטערברענגען די געבליעבענע ביי'ן ברעג ים.

17 איך וועל אויף זיי דורכפיהרען אַ גרויסע ראַכע מיט איבערצייגונג און וואוטה; דאַמאָלס, ווען איך וועל דורכפיהרען מיין ראַכע אויף זיי, וועלען זיי אַנערקענען אַז איך בין גאָט.

## קאַפּיטעל כו

1 דאָס איז געוועזן אין עלפטען יאָהר, אין ערשטען מאָנאַט, איז געוועזן צו מיר גאָט'ס וואָרט אַזוי צו זאָגען:

2 מענשענקינד! ווייל צר האָט געזאָגט אויף ירושלים, „איך טריאומפיר! זי איז צובראָכען די איינפאָהרשטאָדט פאַר פעלקער; אַלץ וועט זיך יעצט ווענדען צו מיר, איך וועל זיך אָנפילען פאַר איהר צושטערונג!"

3 דערפאַר — אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — איך וועל זיך נעהמען פאַר דיר, צר! איך וועל איבער דיר ערהויבען פיעל פעלקער, אַזוי ווי עס הויבען זיך די וועללען פון ים.

4 זיי וועלען צוברעכען די וואַנד מויערען פון צר און צושמעטערען איהרע טהורעמס; איך זעלבסט וועל אויסרייסען איהר ערד און וועל איהר מאַכען טרוקען ווי אַ שטיין.

5 זי וועט ווערען אַ פּלאַץ פאַר אויסציהען נעצען אין מיטען ים, אַזוי ווי איך גאָט האָב גערעדט — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — און זי וועט ווערען רויב פאַר די פעלקער.

6 אויך איהרע פּראָווינצען וואָס אין פעלד וועלען גע'הרג'עט ווערען פון שווערד; דאַן וועלען זיי אַנערקענען אַז איך בין גאָט.

7 אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער: איך ברענג אויף צר, פון צפון זייט, נבוכדראצר, דער קעניג פון בבל, דער קעניג איבער קעניגען, מיט פערד, וועגען און רייטער און אַ פיהלצאָהליגע אַרמעע.

8 דיינע פּראָווינצען אין פעלד וועט ער מיט'ן שווערד אויס'הרג'ענען, ער וועט דיר אַרומשיטען מיט זאמר־בערג און וועט אַרום דיר אָנשטעלען פאַנצער־טרעגער.

9 נעבען דיינע מויערען וועט ער אָנשטעלען מויער־ברעכערס און דיינע טהורעמס וועט ער צושמעטערען מיט זיינע צושטערער.

10 דער שטויב פון זיינע פיעל פערד וועט דיר צודעקען, פון רויש פון די רייטער, רעדער און וועגען וועלען דיינע מויערען ציטערען, ווען ער וועט אַריין אין דיינע שטאָדט־טהויערען ווי מען געהט אַריין אין אַ דורכ־געבראָכענע שטאָדט.

11 מיט די הופען פון זיינע פערד וועט ער אַלע דיינע גאַסען צוטראָמפּלען,

אֶת־כָּל־חוּצוֹתַיִךְ עַמֵּךְ בַּחֶרֶב יַהֲרֹג וּמַצְּבוֹת עֻזֵּךְ לָאָרֶץ
תֵּרֵד׃ וְשָׁלְלוּ חֵילֵךְ וּבָזְזוּ רְכֻלָּתֵךְ וְהָרְסוּ חוֹמוֹתַיִךְ 12
וּבָתֵּי חֶמְדָּתֵךְ יִתֹּצוּ וַאֲבָנַיִךְ וְעֵצַיִךְ וַעֲפָרֵךְ בְּתוֹךְ מַיִם
יָשִׂימוּ׃ וְהִשְׁבַּתִּי הֲמוֹן שִׁירָיִךְ וְקוֹל כִּנּוֹרַיִךְ לֹא יִשָּׁמַע 13
עוֹד׃ וּנְתַתִּיךְ לִצְחִיחַ סֶלַע מִשְׁטַח חֲרָמִים תִּהְיֶה לֹא 14
תִבָּנֶה עוֹד כִּי אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃
כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה לְצוֹר הֲלֹא ׀ מִקּוֹל מַפַּלְתֵּךְ בֶּאֱנֹק טו
חָלָל בֵּהָרֵג הֶרֶג בְּתוֹכֵךְ יִרְעֲשׁוּ הָאִיִּים׃ וְיָרְדוּ מֵעַל 16
כִּסְאוֹתָם כֹּל נְשִׂיאֵי הַיָּם וְהֵסִירוּ אֶת־מְעִילֵיהֶם וְאֶת־בִּגְדֵי
רִקְמָתָם יִפְשֹׁטוּ חֲרָדוֹת ׀ יִלְבָּשׁוּ עַל־הָאָרֶץ יֵשֵׁבוּ וְחָרְדוּ
לִרְגָעִים וְשָׁמְמוּ עָלָיִךְ׃ וְנָשְׂאוּ עָלַיִךְ קִינָה וְאָמְרוּ לָךְ אֵיךְ 17
אָבַדְתְּ נוֹשֶׁבֶת מִיַּמִּים הָעִיר הַהֻלָּלָה אֲשֶׁר הָיְתָה חֲזָקָה
בַיָּם הִיא וְיֹשְׁבֶיהָ אֲשֶׁר־נָתְנוּ חִתִּיתָם לְכָל־יוֹשְׁבֶיהָ׃ עַתָּה 18
יֶחְרְדוּ הָאִיִּן יוֹם מַפַּלְתֵּךְ וְנִבְהֲלוּ הָאִיִּים אֲשֶׁר־בַּיָּם
מִצֵּאתֵךְ׃ כִּי כֹה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה בְּתִתִּי אֹתָךְ עִיר 19
נֶחֱרֶבֶת כֶּעָרִים אֲשֶׁר לֹא־נוֹשָׁבוּ בְּהַעֲלוֹת עָלַיִךְ אֶת־תְּהוֹם
וְכִסּוּךְ הַמַּיִם הָרַבִּים׃ וְהוֹרַדְתִּיךְ אֶת־יוֹרְדֵי בוֹר אֶל־עַם כ
עוֹלָם וְהוֹשַׁבְתִּיךְ בְּאֶרֶץ תַּחְתִּיּוֹת כָּחֳרָבוֹת מֵעוֹלָם אֶת־
יוֹרְדֵי בוֹר לְמַעַן לֹא תֵשֵׁבִי וְנָתַתִּי צְבִי בְּאֶרֶץ חַיִּים׃
בַּלָּהוֹת אֶתְּנֵךְ וְאֵינֵךְ וּתְבֻקְשִׁי וְלֹא־תִמָּצְאִי עוֹד לְעוֹלָם 21
נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃

## CAP. XXVII. כז

כז

וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ וְאַתָּה בֶן־אָדָם שָׂא עַל־צֹר א 2
קִינָה׃ וְאָמַרְתָּ לְצוֹר הַיֹּשֶׁבֶת עַל־מְבוֹאֹת יָם רֹכֶלֶת 3
הָעַמִּים אֶל־אִיִּים רַבִּים כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה צוֹר אַתְּ
אָמַרְתְּ אֲנִי כְּלִילַת יֹפִי׃ בְּלֵב יַמִּים גְּבוּלָיִךְ בֹּנַיִךְ כָּלְלוּ 4
יָפְיֵךְ׃ בְּרוֹשִׁים מִשְּׂנִיר בָּנוּ לָךְ אֵת כָּל־לֻחֹתָיִם אֶרֶז ה

מלבנון

כ״י v. 15. כצ״ל v. 16. קמץ בפשטא v. 20. כצ״ל כ״ן v. 3. היושבת קרי

דיין פאָלק וועט ער מיט'ן שווערד הרג'ענען און דיינע שטאַרקע סטאַ־
טועןווועט ער צו דער ערד וואַרפען.
12 זיי וועלען אויסרויבען דיין פערמעגען און צופּלינדערען דיינע האַנד־
לונגס וואַרע, דיינע מויערען וועלען זיי צוברעכען און דיינע בעסטע
הייזער צושמעטערען, דיינע שטיינער, האָלץ און ערד וועלען זיי אין
וואַסער אַריינוואַרפען.
13 איך וועל צושטערען דיינע פיעל ליעדער און עס וועט זיך מעהר ניט
הערען דער קלאַנג פון דיינע פידלען.
14 איך וועל דיר מאַכען ווי אַ טרוקענער שטיין, עס וועט פון דיר ווערען
אַ פּלאַץ אויסצושפּרייטען נעצען, דו וועסט ניט אָבגעבויט ווערען מעהר,
אַזוי ווי איך גאָט האָב גערעדט — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.
15 אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער צו צר : פון דעם רויש פון דיין פאַלען,
ווען ערשלאָגענע וועלען קרעכצען ווען דער מאָרד וועט אָנגעהען אין
דיר, וועלען ציטערען אַלע אינזלען.
16 עס וועלען אַראָבגעהען פון זייערע טהראָנען אַלע הערשער פון די אינז־
לען, זיי וועלען אַראָבנעהמען זייערע אויבערקליידער, אויך זייערע גע־
שטריקטע קליידער וועלען זיי אַראָבנעהמען ; אַ שוידער וועט זיי ארומ־
נעהמען, זיי וועלען זיצען אויף דער ערד און אויפציטערען יעדער מינוט
דיר בעוואונדערענדיג.
17 זיי וועלען אויף דיר אויפהויבען אַ קלאַג ליעד און וועלען צו דיר זאָגען :
„ווי ביזטו אַרונטערגעגאַנגען דו בעפעלקערטע פון פערשיעדענע פעלקער,
דו געריהמטע שטאָדט, וועלכע איז מעכטיג געווען אויפ'ן ים, די וואָס מיט
איהרע איינוואָהנער זיינען זיי אַ שרעק געווען פאַר אנדערע בעוואָהנער ?
18 יעצט ציטערען די אינזלען זינט דו ביזט געפאַלען, איבערראַשט זיינען
די ים אינזלען פון דיין אונטערגאַנג !"
19 וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : ווען איך וועל דיר
מאַכען אַ פערוויסטע שטאָדט ווי שטעדט וואָס זיינען נאָך ניט בעזעצט,
ווען איך וועל אויף דיר אַרויפברענגען דעם אָבגרונד אום דאָס גרויסע
וואַסער זאָל דיר צודעקען.
20 איך וועל דיר ניעדעריג מאַכען ווי די וואָס געהען אַראָב אין גרוב צום
אייביגען פאָלק, איך וועל דיר אַריינזעצען טיעף אין דער ערד, און די
אַלטע רואינען, ווי די וואָס געהען אַראָב אין גרוב, אום דו זאָלסט ניט
בעזעצט ווערען זאָגאַר ווען אַלעס וועט פּראַכטיג זיין אינ'ם לאַנד פון
לעבען.
21 איך וועל דיר מאַכען צו שרעק איידער דו וועסט אונטערגעהן, דו וועסט
געזוכט ווערען און ניעמאַלס מעהר געפונען ווערען — זאָגט גאָט דער
אַלמעכטיגער.

## קאַפּיטעל כז

1 און גאָט'ס וואָרט איז געווען צו מיר אַזוי צו זאָגען :
2 אויך דו, מענשענקינד ! הויב אויף אַ קלאָג אויף צר.
3 און זאָג צו צר, וועלכע זיצט ביי'ן ים־האַפען, די האַנדעלס־שטאָדט פאַר
פיעלע אינזלען : אַזוי זאָגט גאָט : צר ! דו האָסט געזאָגט : „איך
4 בין פאָלקאָם שעהן !". דיינע גרענעצען גרייכען ביז'ן מיטען ים, דיינע
בוימייסטערס האָבען דיין שעהנהייט פאָלקאָם געמאַכט.
5 מיט ציפּריסען פון שניר האָבען זיי אַלע דיינע ברעטער־געצעלטען גע־
בויט, צעדערען פון לבנון האָבען זיי גענומען דיינע מאַסט־בוימער צו
מאַכען.

6 מִלְּבָנוֹן לָקָחוּ לַעֲשׂוֹת תֹּרֶן עָלָיִךְ׃ אַלּוֹנִים מִבָּשָׁן עָשׂוּ
7 מִשּׁוֹטָיִךְ קַרְשֵׁךְ עָשׂוּ־שֵׁן בַּת־אֲשֻׁרִים מֵאִיֵּי כִּתִּיִּם׃ שֵׁשׁ
בְּרִקְמָה מִמִּצְרַיִם הָיָה מִפְרָשֵׂךְ לִהְיוֹת לָךְ לְנֵס תְּכֵלֶת
8 וְאַרְגָּמָן מֵאִיֵּי אֱלִישָׁה הָיָה מְכַסֵּךְ׃ יֹשְׁבֵי צִידוֹן וְאַרְוַד הָיוּ
9 שָׁטִים לָךְ חֲכָמַיִךְ צוֹר הָיוּ בָךְ הֵמָּה חֹבְלָיִךְ׃ זִקְנֵי גְבַל
וַחֲכָמֶיהָ הָיוּ בָךְ מַחֲזִיקֵי בִּדְקֵךְ כָּל־אֳנִיּוֹת הַיָּם וּמַלָּחֵיהֶם
י הָיוּ בָךְ לַעֲרֹב מַעֲרָבֵךְ׃ פָּרַס וְלוּד וּפוּט הָיוּ בְחֵילֵךְ
אַנְשֵׁי מִלְחַמְתֵּךְ מָגֵן וְכוֹבַע תִּלּוּ־בָךְ הֵמָּה נָתְנוּ הֲדָרֵךְ׃
11 בְּנֵי אַרְוַד וְחֵילֵךְ עַל־חוֹמוֹתַיִךְ סָבִיב וְגַמָּדִים בְּמִגְדְּלוֹתַיִךְ
הָיוּ שִׁלְטֵיהֶם תִּלּוּ עַל־חוֹמוֹתַיִךְ סָבִיב הֵמָּה כָּלְלוּ יָפְיֵךְ׃
12 תַּרְשִׁישׁ סֹחַרְתֵּךְ מֵרֹב כָּל־הוֹן בְּכֶסֶף בַּרְזֶל בְּדִיל וְעוֹפֶרֶת
13 נָתְנוּ עִזְבוֹנָיִךְ׃ יָוָן תֻּבַל וָמֶשֶׁךְ הֵמָּה רֹכְלָיִךְ בְּנֶפֶשׁ אָדָם
14 וּכְלֵי נְחֹשֶׁת נָתְנוּ מַעֲרָבֵךְ׃ מִבֵּית תּוֹגַרְמָה סוּסִים
טו וּפָרָשִׁים וּפְרָדִים נָתְנוּ עִזְבוֹנָיִךְ׃ בְּנֵי דְדָן רֹכְלַיִךְ אִיִּים
רַבִּים סְחֹרַת יָדֵךְ קַרְנוֹת שֵׁן וְהוֹבְנִים הֵשִׁיבוּ אֶשְׁכָּרֵךְ׃
16 אֲרָם סֹחַרְתֵּךְ מֵרֹב מַעֲשָׂיִךְ בְּנֹפֶךְ אַרְגָּמָן וְרִקְמָה וּבוּץ
17 וְרָאמֹת וְכַדְכֹּד נָתְנוּ בְּעִזְבוֹנָיִךְ׃ יְהוּדָה וְאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל
הֵמָּה רֹכְלָיִךְ בְּחִטֵּי מִנִּית וּפַנַּג וּדְבַשׁ וָשֶׁמֶן וָצֹרִי נָתְנוּ
18 מַעֲרָבֵךְ׃ דַּמֶּשֶׂק סֹחַרְתֵּךְ בְּרֹב מַעֲשַׂיִךְ מֵרֹב כָּל־הוֹן
19 בְּיֵין חֶלְבּוֹן וְצֶמֶר צָחַר׃ וְדָן וְיָוָן מְאוּזָּל בְּעִזְבוֹנַיִךְ נָתָנוּ
כ בַּרְזֶל עָשׁוֹת קִדָּה וְקָנֶה בְּמַעֲרָבֵךְ הָיָה׃ דְּדָן רֹכַלְתֵּךְ
21 בְּבִגְדֵי־חֹפֶשׁ לְרִכְבָּה׃ עֲרַב וְכָל־נְשִׂיאֵי קֵדָר הֵמָּה סֹחֲרֵי
22 יָדֵךְ בְּכָרִים וְאֵילִם וְעַתּוּדִים בָּם סֹחֲרָיִךְ׃ רֹכְלֵי שְׁבָא
וְרַעְמָה הֵמָּה רֹכְלָיִךְ בְּרֹאשׁ כָּל־בֹּשֶׂם וּבְכָל־אֶבֶן יְקָרָה
23 וְזָהָב נָתְנוּ עִזְבוֹנָיִךְ׃ חָרָן וְכַנֵּה וָעֶדֶן רֹכְלֵי שְׁבָא אַשּׁוּר
24 כִּלְמַד רֹכַלְתֵּךְ׃ הֵמָּה רֹכְלַיִךְ בְּמַכְלֻלִים בִּגְלוֹמֵי תְּכֵלֶת
וְרִקְמָה וּבְגִנְזֵי בְּרֹמִים בַּחֲבָלִים חֲבֻשִׁים וַאֲרֻזִים

במרכלתך

v. 5. קמץ בז״ק   v. 6. כתיים קרי   v. 15. והבנים קרי   v. 16. דגש אחר שורק   ibid. דגי בתש

6 פון בשן'ער אייכען האָבען זיי דיינע רודערס געמאַכט, דיינע ברעטער זיינען פון עלפענביין געמאַכט, פון טאַפּאַלען וואָס קומען פון די כתּי'שע אינזלען.
7 געשטריקטע לינען פון מצרים איז דיין זעגעל געוועזן, דאָס האָט דיר אויך אַלס פלאַג געדיענט, בלויע און פּורפּור וועבונגען פון אלישה'ער אינזלען איז דיין צודעק געוועזן.
8 פון די איינוואָהנער פון צידון און אַרוד זיינען דיינע רודערער געוועזן, דיינע שטייערמענער, צר, זיינען זעהר פערנינפטיג געוועזן.
9 די עלטסטע און קליגסטע פון גבל זיינען ביי דיר געוועזן אַלס פערריכ־טער פון די צובראָכענע שיפען, זייערע מאַטראָזען האָבען ביי דיר אַלס געשעפטס לייטע געדיענט.
10 פּרס, לוד און פוט זיינען אין דיין אַרמעע געוועזן אַלס קריעגס־לייט, שילד און העלם האָבען זיי ביי דיר געהאַנגען ; זיי האָבען דיר שעהן געמאַכט;
11 די יונגע אַרודי'ער זיינען מיט דיין אַרמעע געוועזן רונד אַרום אויף דיינע מויערען, אויך גמדים אין דיינע טהורעמס, זייערע פּאַנציערען האָבען זיי אַרום דיינע מויערען אויפגעהאַנגען ; זיי האָבען פּאָלקאָם געמאַכט דיין שעהנקייט.
12 מיט תרשיש איז דיין געשעפטס־פערקעהר געוועזן מיט פיעל פערשיעדענע קאָסטבאַרקייטען : מיט זילבער, אייזען און בליי האָבען זיי אָנגעפילט דיינע מערק.
13 יון, תובל און משך זיינען דיינע קויפלייטע געוועזן, זיי האָבען דיר האַנ־דעל געשאַפט מיט שקלאַפען און קופּערנע כלים.
14 פון'ם הויז תוגרמה האָבען דיר צום האַנדעל געגעבען פערד, רייט גע־שפּאַנען און מויל עזלען.
15 די בעפעלקערונג פון דדן זיינען דיינע האַנדעל פערמיטלערס געוועזן מיט פיעל אינזלען, אויסצוברענגען דיין האַנד־וואַרע ; הערנער, עלפענ־ביין און עבענהאָלץ האָבען זיי דיר געבראַכט אַלס געגענפּרייז.
16 אַרם האַנדעלט ביי דיר דיינע פיעל אַרבייט ; קאָסטבאַרע שטיינער, פּורפּור, שטריק אַרבייט, לינען, קאַראַלען און רובינען האָבען זיי פאַר דיינע וואַרע געגעבען.
17 יהודה און דאָס לאַנד ישראל זיי האָבען ביי דיר געהאַנדעלט מנית'ער ווייץ, געבעק, האָניג, אויל און באַלזאַם האָבען זיי פאַר דיינע וואַרע געצאָלט.
18 דמשק האָט ביי דיר געהאַנדעלט אַלערליי קאָסטבאַרע אויסאַרבייטונגען דיינע — חלבון־וויין און וויסע וואָל.
19 דן און יון האָבען מיט גאַנגבאַרע זאַכען פאַר דיינע וואַרע געצאָלט : אייזען שטאַל, קאַציא און צימערינג, אויך דאָס איז דיין האַנדעל געוועזן.
20 דדן האָט מיט דיר געהאַנדעלט מיט פיינע צייג צום רייטען.
21 ערב און אַלע פירשטען פון קדר זיי האָבען דיינע פּראָדוקטען געהאַנדעלט: לעמער, ווידערס און בעק, וועלכע דו האָסט פערהאַנדעלט.
22 די הענדלער פון שבא און רעמה האָבען מיט דיר געשעפט געמאַכט — די בעסטע געווירצען, אַלערליי טהייערע שטיינער און גאָלד, האָבען זיי פאַר דיינע וואַרע געגעבען.
23 חרן, כנה און עדען די הענדלער פון שבא, אויך אשור און כלמד האָבען מיט דיר געהאַנדעלט.
24 זיי האָבען מיט דיר געהאַנדעלט מיט פיינע צייג, שטיקער בלויע וואָל, געשטריקטע, קאָלירטע צייגען, געפלאָכטענע שטריק און געצווינגענע, וואָס דו האָסט פערקויפט.

כה בְּמַרְכֻלְתֵּךְ׃ אֳנִיּוֹת תַּרְשִׁישׁ שָׁרוֹתַיִךְ מַעֲרָבֵךְ וַתִּמָּלְאִי
26 וַתִּכְבְּדִי מְאֹד בְּלֵב יַמִּים׃ בְּמַיִם רַבִּים הֱבִאוּךְ הַשָּׁטִים
27 אֹתָךְ רוּחַ הַקָּדִים שְׁבָרֵךְ בְּלֵב יַמִּים׃ הוֹנֵךְ וְעִזְבוֹנַיִךְ
מַעֲרָבֵךְ מַלָּחַיִךְ וְחֹבְלָיִךְ מַחֲזִיקֵי בִדְקֵךְ וְעֹרְבֵי מַעֲרָבֵךְ
וְכָל־אַנְשֵׁי מִלְחַמְתֵּךְ אֲשֶׁר־בָּךְ וּבְכָל־קְהָלֵךְ אֲשֶׁר בְּתוֹכֵךְ
28 יִפְּלוּ בְּלֵב יַמִּים בְּיוֹם מַפַּלְתֵּךְ׃ לְקוֹל זַעֲקַת חֹבְלָיִךְ
29 יִרְעֲשׁוּ מִגְרֹשׁוֹת׃ וְיָרְדוּ מֵאֳנִיּוֹתֵיהֶם כֹּל תֹּפְשֵׂי מָשׁוֹט
ל מַלָּחִים כֹּל חֹבְלֵי הַיָּם אֶל־הָאָרֶץ יַעֲמֹדוּ׃ וְהִשְׁמִיעוּ עָלַיִךְ
בְּקוֹלָם וְיִזְעֲקוּ מָרָה וְיַעֲלוּ עָפָר עַל־רָאשֵׁיהֶם בָּאֵפֶר
31 יִתְפַּלָּשׁוּ׃ וְהִקְרִיחוּ אֵלַיִךְ קָרְחָא* וְחָגְרוּ שַׂקִּים וּבָכוּ אֵלַיִךְ
32 בְּמַר־נֶפֶשׁ מִסְפֵּד מָר׃ וְנָשְׂאוּ אֵלַיִךְ בְּנִיהֶם* קִינָה וְקוֹנְנוּ
33 עָלָיִךְ מִי כְצוֹר כְּדֻמָה בְּתוֹךְ הַיָּם׃ בְּצֵאת עִזְבוֹנַיִךְ מִיַּמִּים
הִשְׂבַּעַתְּ עַמִּים רַבִּים בְּרֹב הוֹנַיִךְ וּמַעֲרָבַיִךְ הֶעֱשַׁרְתְּ מַלְכֵי־
34 אָרֶץ׃ עֵת נִשְׁבֶּרֶת מִיַּמִּים בְּמַעֲמַקֵּי־מָיִם מַעֲרָבֵךְ וְכָל־
לה קְהָלֵךְ בְּתוֹכֵךְ נָפָלוּ׃ כֹּל יֹשְׁבֵי הָאִיִּים שָׁמְמוּ עָלָיִךְ
36 וּמַלְכֵיהֶם שָׂעֲרוּ שַׂעַר רָעֲמוּ פָּנִים׃ סֹחֲרִים בָּעַמִּים שָׁרְקוּ
עָלָיִךְ בַּלָּהוֹת הָיִית וְאֵינֵךְ עַד־עוֹלָם׃

## כח CAP. XXVIII. כח

א וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ 2 בֶּן־אָדָם אֱמֹר לִנְגִיד צֹר כֹּה־
אָמַר ׀ אֲדֹנָי יֱהוִֹה יַעַן גָּבַהּ לִבְּךָ וַתֹּאמֶר אֵל אָנִי מוֹשַׁב
אֱלֹהִים יָשַׁבְתִּי בְּלֵב יַמִּים וְאַתָּה אָדָם וְלֹא־אֵל וַתִּתֵּן לִבְּךָ
3 כְּלֵב אֱלֹהִים׃ הִנֵּה חָכָם אַתָּה מִדָּנִאֵל כָּל־סָתוּם לֹא
4 עֲמָמוּךָ׃ בְּחָכְמָתְךָ וּבִתְבוּנָתְךָ עָשִׂיתָ לְּךָ חָיִל וַתַּעַשׂ זָהָב
ה וָכֶסֶף בְּאוֹצְרוֹתֶיךָ׃ בְּרֹב חָכְמָתְךָ בִּרְכֻלָּתְךָ הִרְבִּיתָ חֵילֶךָ
6 וַיִּגְבַּהּ לְבָבְךָ בְּחֵילֶךָ׃ לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה
7 יַעַן תִּתְּךָ אֶת־לְבָבְךָ כְּלֵב אֱלֹהִים׃ לָכֵן הִנְנִי מֵבִיא עָלֶיךָ
זָרִים עָרִיצֵי גּוֹיִם וְהֵרִיקוּ חַרְבוֹתָם עַל־יְפִי חָכְמָתֶךָ וְחִלְּלוּ

יפעתך

כ״ז v. 28. הר׳ בחולם v. 31. א׳ במקום ה׳ v. 32. הנ׳ בחירק

25 די שיפען פון תרשיש זיינען דיינע האַנדעל־קאַראַוואַנען ; דו ביזט
פול געוואָרען און ביזט זעהר רייך געוואָרען צווישען די פעלקער.

26 אָבער ווען דיינע שיפלייט האָבען דיר געבראַכט אין די גרויסע וואַסערן,
אין מיטען ים, האָט דיר אַ איסט ווינד צובראָכען.

27 דיין פערמעגען, דיינע וואַרע און האַנדעל, דיינע מאַטראָזען און שטייער־
לייט, די וואָס פערריכטען דיינע צובראָכענע שיפען, דיינע האַנדעלס־
לייט און אַלע דיינע קריעגס־לייט וואָס זיינען ביי דיר, אין דיינע פער־
זאַמלונגען, וועלען אין מיטען ים אַריינפאַלען אינ'ם טאָג פון דיין ניע־
דערלאַגע.

28 פון יאַמערגעשריי פון דיינע שטייערלייט וועלען אויפציטערן דיינע
ווייַדע־פעלצער.

29 עס וועלען אַראָבגעהן פון זייערע שיפען אַלע די וואָס האַלטען דעם רודער,
אַלע מאַטראָזען און שטייערלייט וועלען שטעהן בלייבען אויף דר'ערד.

30 זיי וועלען אויף דיר הויך שרייען, זיי וועלען יאָמערן ביטערליך, ערד
וועלען זיי אויף זייערע קעפ לעגען און אין אַש וועלען זיי זיך וואַלגערן.

31 צוליעב דיר וועלען זיי זיך אויסרייסען פליעכעס, זיי וועלען זיך פער־
גאַרטלען מיט זעק און בעוויינען דיר, מיט אַ ביטערע זעעלע, אַ ביטער־
ליכען קלאַנג.

32 אין זייערע יאָמערען וועלען זיי אויף דיר אויפהויבען אַ קלאַג, זיי
וועלען דיר בעקלאַגען : ווער נאָך איז שטיל געוואָרען אינ'ם מיטען
ים ווי צר ?

33 ווען דיין האַנדעל איז איבער ימים געגאַנגען האָסטו געזעטיגט פיעל
פעלקער ; מיט דיין גרויסען פערמעגען און האַנדעל האָסטו רייך גע־
מאַכט די קעניגע פונ'ם לאַנד.

34 יעצט ווען דו ביזט פון ימים צובראָכען געוואָרען אין די טיעפע וואַסערן,
איז געפאַלען אי דיין האַנדעל אי דיין בעפעלקערונג.

35 די בעוואוינער פון אַלע אינזלען האָבען זיך אויף דיר געוואונדערט, און
זייערע קעניגע זיינען פערציטערט געוואָרען, עס האָט אויף זיי דאָס
געזיכט געציטערט.

36 די קויפלייטע פון אַלע פעלקער האָבען דיר אויסגעפייפט, דו ביזט זייער
שרעק געוועזן אָבער יעצט וועסטו שוין מעהר ניט זיין, קיינמאָל.

## קאַפּיטעל כח

1 און גאָט'ס וואָרט איז געוועזן צו מיר אַזוי צו זאָגען :

2 מענשענקינד ! זאָג צום פירשט פון צר : אַזוי זאָגט גאָט דער אַל־
מעכטיגער — ווייל דו ביזט שטאָלץ געוואָרען און האָסט געזאָגט : „איך
בין אַ גאָט ! איך בין אַלס אַלמעכטיגער געזעסען אין מיטען ים !" —
אָבער דו ביזט דאָך אַ מענש ניט קיין גאָט, נאָר דו ביזט ווי אַ אַלמעכטי־
גער שטאָלץ געוואָרען.

3 דו האַלסט זיך קליגער פאַר דניאל'ן קיין פערבאָרגענעס איז פון דיר פער־
דונקעלט ;

4 דורך דיין קלוגהייט און פערשטאַנד האָסטו זיך אַ פערמעגען געמאַכט,
און האָסט אין דיינע זאַמלונגען אַנגעקליבען גאָלד און זילבער ;

5 דורך דיין קלוגהייט און האַנדעל האָסטו דיין פערמעגען פערגרעסערט,
ביז דו ביזט שטאָלץ געוואָרען אויף דיין פערמעגען.

6 דערפאַר — אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — ווייל דו האָסט זיך
געמאַכט אַ האַרץ אַז דו ביזט אַלמעכטיג ;

7 דערפאַר וועל איך אויף דיר ברענגען טיראַנען פון פרעמדע פעלקער,
זיי וועלען זייערע שווערדען אַרויסנעהמען אויף דיין שעהנע קלוגהייט
און וועלען פערניכטען דיין גלאַנץ.

8 יָפְעָתֶךָ׃ לַשַּׁחַת יוֹרִדוּךָ וָמַתָּה מְמוֹתֵי חָלָל בְּלֵב יַמִּים׃
9 הֶאָמֹר תֹּאמַר אֱלֹהִים אָנִי לִפְנֵי הֹרְגֶךָ וְאַתָּה אָדָם וְלֹא־
י אֵל בְּיַד מְחַלְלֶךָ׃ מוֹתֵי עֲרֵלִים תָּמוּת בְּיַד זָרִים כִּי אֲנִי
11 דִבַּרְתִּי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ וַיְהִי דְבַר־יְהֹוָה אֵלַי
12 לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם שָׂא קִינָה עַל־מֶלֶךְ צוֹר וְאָמַרְתָּ לּוֹ כֹּה
אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה אַתָּה חוֹתֵם תָּכְנִית מָלֵא חָכְמָה וּכְלִיל
13 יֹפִי׃ בְּעֵדֶן גַּן־אֱלֹהִים הָיִיתָ כָּל־אֶבֶן יְקָרָה מְסֻכָתֶךָ אֹדֶם
פִּטְדָה וְיָהֲלֹם תַּרְשִׁישׁ שֹׁהַם וְיָשְׁפֵה סַפִּיר נֹפֶךְ וּבָרְקַת
וְזָהָב מְלֶאכֶת תֻּפֶּיךָ וּנְקָבֶיךָ בָּךְ בְּיוֹם הִבָּרַאֲךָ כּוֹנָנוּ׃
14 אַתְּ־כְּרוּב מִמְשַׁח הַסּוֹכֵךְ וּנְתַתִּיךָ בְּהַר קֹדֶשׁ אֱלֹהִים הָיִיתָ
טו בְּתוֹךְ אַבְנֵי־אֵשׁ הִתְהַלָּכְתָּ׃ תָּמִים אַתָּה בִּדְרָכֶיךָ מִיּוֹם
16 הִבָּרְאָךְ עַד־נִמְצָא עַוְלָתָה בָּךְ׃ בְּרֹב רְכֻלָּתְךָ מָלוּ תוֹכְךָ
חָמָס וַתֶּחֱטָא וָאֲחַלֶּלְךָ מֵהַר אֱלֹהִים וָאַבֶּדְךָ כְּרוּב הַסֹּכֵךְ
17 מִתּוֹךְ אַבְנֵי־אֵשׁ׃ גָּבַהּ לִבְּךָ בְּיָפְיֶךָ שִׁחַתָּ חָכְמָתְךָ עַל־
יִפְעָתֶךָ עַל־אֶרֶץ הִשְׁלַכְתִּיךָ לִפְנֵי מְלָכִים נְתַתִּיךָ לְרַאֲוָה
18 בָךְ׃ מֵרֹב עֲוֹנֶיךָ בְּעֶוֶל רְכֻלָּתְךָ חִלַּלְתָּ מִקְדָּשֶׁיךָ וָאוֹצִא־
אֵשׁ מִתּוֹכְךָ הִיא אֲכָלַתְךָ וָאֶתֶּנְךָ לְאֵפֶר עַל־הָאָרֶץ לְעֵינֵי
19 כָּל־רֹאֶיךָ׃ כָּל־יוֹדְעֶיךָ בָּעַמִּים שָׁמְמוּ עָלֶיךָ בַּלָּהוֹת הָיִיתָ
כ וְאֵינְךָ עַד־עוֹלָם׃ וַיְהִי דְבַר־יְהֹוָה אֵלַי לֵאמֹר׃
21 22 בֶּן־אָדָם שִׂים פָּנֶיךָ אֶל־צִידוֹן וְהִנָּבֵא עָלֶיהָ׃ וְאָמַרְתָּ כֹּה
אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הִנְנִי עָלַיִךְ צִידוֹן וְנִכְבַּדְתִּי בְּתוֹכֵךְ וְיָדְעוּ
23 כִּי־אֲנִי יְהֹוָה בַּעֲשׂוֹתִי בָהּ שְׁפָטִים וְנִקְדַּשְׁתִּי בָהּ׃ וְשִׁלַּחְתִּי־
בָהּ דֶּבֶר וָדָם בְּחוּצוֹתֶיהָ וְנִפְלַל חָלָל בְּתוֹכָהּ בְּחֶרֶב
24 עָלֶיהָ מִסָּבִיב וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהֹוָה׃ וְלֹא־יִהְיֶה עוֹד לְבֵית
יִשְׂרָאֵל סִלּוֹן מַמְאִיר וְקוֹץ מַכְאִב מִכֹּל סְבִיבֹתָם הַשָּׁאטִים
כה אוֹתָם וְיָדְעוּ כִּי אֲנִי אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי
יֱהֹוִה בְּקַבְּצִי ׀ אֶת־בֵּית יִשְׂרָאֵל מִן־הָעַמִּים אֲשֶׁר נָפֹצוּ

בם

v. 16. א׳ חסר v. 25. הפטרת וארא

8 זיי וועלען דיר אין העלל ווארפען, און דו וועסט שטארבען אלס שווערד ערשלאגענער אין מיטען ים.
9 וועסטו אויך צו דיינע מערדער זאגען: „איך בין אלמעכטיג! — ניין, דו ביזט נאר א מענש און ניט קיין גאט ווען דו ביזט אינ׳ם האנד פון דיינע קוועלער.
10 מיט א שענדליכען טוידט וועסטו שטארבען פון בארבארישע הענד, אזוי ווי איך האב גערעדט — זאגט גאט דער אלמעכטיגער.
11 און גאט׳ס ווארט איז געוועזן צו מיר אזוי צו זאגען.
12 מענשענקינד! הויב אויף א קלאג אויפ׳ן קעניג פון צר און זאג צו איהם: אזוי זאגט גאט דער אלמעכטיגער — דו ענטהאלסט פאלקא־מענהייט, פול מיט קלוגהייט און פראכטפאל אין שעהנהייט;
13 אינ׳ם געטליכען גארטען — עדן — ביזטו געוועזן, דיין געצעלט איז בע־פוצט געוועזן מיט אלערליי קאסטבארע שטיינער: רובין, טאפאז און דיאמאנט, מאצערג, אניקס און יאספיס, סאפיר, סמאראגד, ערדעלשטיין און גאלד; פויקען און בלאז־אינסטרומענטען זיינען צום ארבייט גע־שטעלט געווארען דעם זעלביגען טאג וואס דו ביזט בעשאפען געווארען.
14 דו געפארבענער כרוב וואס איך האב דיר אלס שיצער אנגעשטעלט, דו ביזט אויפ׳ן געטליך־הייליגען בארג געוועזן און ביזט צווישען פייער־דיגע שטיינער ארומגעגאנגען.
15 דו ביזט אונשולדיג געוועזן אין דיין אויפפיהרונג זינט דו ביזט בעשא־פען געווארען ביז עס איז אין דיר ענטדעקט געווארען אונגערעכ־טיגקייט.
16 דורך דיין גרויסען האנדעל־פערקעהר ביזטו פול געווארען מיט געוואלד־טהאטען און דו ביזט זינדיג געווארען, דאן האב איך דיר אראבגעווא־רפען פונ׳ם געטליכען בארג און האב דיר, דו שיצענדער כרוב, ארויסגע־שליידערט פון צווישען די פייער־שטיינער.
17 זינד דו ביזט שטאלץ געווארען אויף דיין שעהנהייט, האסטו פערדאר־בען דיין קלוגהייט מיט דיין גלאנץ; איך האב דיר אויף דר׳ערד געווארפען און האב דיר איבערגעגעבען פאר קעניגע זיי זאלען דיר בעקוקען.
18 איבער דיינע פיעלע זינד און דיין אונגערעכטיגקייט אין האנדעל, האסטו פערשוועכט דיינע הייליגטהימער; איך האב פון דיר זעלבסט ארויס־געבראכט א פייער וועלכער האט דיר פערברענט און געמאכט דיר ווי אש אינ׳ם לאנד פאר די אויגען פון אלע יענע וואס האבען דיר בעקוקט.
19 אלע די פעלקער וואס קענען דיר האבען זיך אויף דיר געוואונדערט; דו ביזט(פאר זיי)א שרעק געוועזן, אבער וועסט שוין מעהר ניעמאלס זיין.
20 און גאט׳ס ווארט איז געוועזן צו מיר אזוי צו זאגען:
21 מענשענקינד! ווענדע דיין געזיכט צו צידון, פראפעצייהע אויף איהר
22 און זאג: אזוי זאגט גאט דער אלמעכטיגער — איך וועל זיך נעהמען פאר דיר, צידון! איך וועל געעהרט ווערען אין דיר, און זיי וועלען אנערקענען אז איך בין גאט, ווען איך וועל אויף איהר שטראף לעגען אום אנערקענט צו ווערען אלס הייליגער אין איהר.
23 איך וועל אויף איהר אנשיקען פעסט און בלוט אין אלע גאסען איהרע; עס וועלען אין איהר פאלען ערשלאגענע פון די שווערד־ארמעע וואס וועט איהר ארומרינגלען און זיי וועלען וויסען אז איך בין גאט.
24 און זי וועט מעהר ניט זיין פאר דאס הויז ישראל אלס א שטעך־דארן אדער א דארן וואס מאכט וועהטאג פון אלע זייערע ארומיגע פעלקער. וועלכע האסען זיי — אום זיי זאלען אנערקענען אז איך בין גאט דער אלמעכטיגער.

בָּם וְנִקְדַּשְׁתִּי בָם לְעֵינֵי הַגּוֹיִם וְיָשְׁבוּ עַל־אַדְמָתָם אֲשֶׁר
26 נָתַתִּי לְעַבְדִּי לְיַעֲקֹב׃ וְיָשְׁבוּ עָלֶיהָ לָבֶטַח וּבָנוּ בָתִּים
וְנָטְעוּ כְרָמִים וְיָשְׁבוּ לָבֶטַח בַּעֲשׂוֹתִי שְׁפָטִים בְּכֹל הַשָּׁאטִים
אֹתָם מִסְּבִיבוֹתָם וְיָדְעוּ כִּי אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם׃

## כט

## CAP. XXIX. כט

א בַּשָּׁנָה הָעֲשִׂרִית בָּעֲשִׂרִי בִּשְׁנֵים עָשָׂר לַחֹדֶשׁ הָיָה דְבַר־
2 יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם שִׂים פָּנֶיךָ עַל־פַּרְעֹה מֶלֶךְ
3 מִצְרָיִם וְהִנָּבֵא עָלָיו וְעַל־מִצְרַיִם כֻּלָּהּ׃ דַּבֵּר וְאָמַרְתָּ
כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי יֱהוִה הִנְנִי עָלֶיךָ פַּרְעֹה מֶלֶךְ־מִצְרַיִם
הַתַּנִּים הַגָּדוֹל הָרֹבֵץ בְּתוֹךְ יְאֹרָיו אֲשֶׁר אָמַר לִי יְאֹרִי
4 וַאֲנִי עֲשִׂיתִנִי׃ וְנָתַתִּי חַחִים בִּלְחָיֶיךָ וְהִדְבַּקְתִּי דְגַת־
יְאֹרֶיךָ בְּקַשְׂקְשֹׂתֶיךָ וְהַעֲלִיתִיךָ מִתּוֹךְ יְאֹרֶיךָ וְאֵת כָּל־
ה דְּגַת יְאֹרֶיךָ בְּקַשְׂקְשֹׂתֶיךָ תִּדְבָּק׃ וּנְטַשְׁתִּיךָ הַמִּדְבָּרָה
אוֹתְךָ וְאֵת כָּל־דְּגַת יְאֹרֶיךָ עַל־פְּנֵי הַשָּׂדֶה תִּפּוֹל לֹא
תֵאָסֵף וְלֹא תִקָּבֵץ לְחַיַּת הָאָרֶץ וּלְעוֹף הַשָּׁמַיִם נְתַתִּיךָ
6 לְאָכְלָה׃ וְיָדְעוּ כָּל־יֹשְׁבֵי מִצְרַיִם כִּי אֲנִי יְהוָה יַעַן הֱיוֹתָם
7 מִשְׁעֶנֶת קָנֶה לְבֵית יִשְׂרָאֵל׃ בְּתָפְשָׂם בְּךָ בַכַּפֶּךָ תֵּרוֹץ
וּבָקַעְתָּ לָהֶם כָּל־כָּתֵף וּבְהִשָּׁעֲנָם עָלֶיךָ תִּשָּׁבֵר וְהַעֲמַדְתָּ
8 לָהֶם כָּל־מָתְנָיִם׃ לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה הִנְנִי
9 מֵבִיא עָלַיִךְ חָרֶב וְהִכְרַתִּי מִמֵּךְ אָדָם וּבְהֵמָה׃ וְהָיְתָה
אֶרֶץ־מִצְרַיִם לִשְׁמָמָה וְחָרְבָּה וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה יַעַן
י אָמַר יְאֹר לִי וַאֲנִי עָשִׂיתִי׃ לָכֵן הִנְנִי אֵלֶיךָ וְאֶל־יְאֹרֶיךָ
וְנָתַתִּי אֶת־אֶרֶץ מִצְרַיִם לְחָרְבוֹת חֹרֶב שְׁמָמָה מִמִּגְדֹּל
11 סְוֵנֵה וְעַד־גְּבוּל כּוּשׁ׃ לֹא תַעֲבָר־בָּהּ רֶגֶל אָדָם וְרֶגֶל
12 בְּהֵמָה לֹא תַעֲבָר־בָּהּ וְלֹא תֵשֵׁב אַרְבָּעִים שָׁנָה׃ וְנָתַתִּי
אֶת־אֶרֶץ מִצְרַיִם שְׁמָמָה בְּתוֹךְ ׀ אֲרָצוֹת נְשַׁמּוֹת וְעָרֶיהָ
בְּתוֹךְ עָרִים מָחֳרָבוֹת תִּהְיֶיןָ שְׁמָמָה אַרְבָּעִים שָׁנָה וַהֲפִצֹתִי

את־

25 אזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : ווען איך וועל צוזאַמענקלייבען דאָס הויז ישראל פון די פעלקער אונטער וועלכע זיי זיינען צושפּרייט, וועל איך דורך זיי ביי די פעלקער געהייליגט ווערען און זיי וועלען זיצען אויף זייער לאַנד, וועלכע איך האָב אָוועקגעגעבען מיין קנעכט יעקב'ן.

26 זיי וועלען אויף איהר זיצען זיכער, זיי וועלען בויען הייזער, פלאַנצען וויינגערטנער און זיצען זיכער ; נאָכדעם ווי איך וועל שטראָף לעגען אויף אַלע זייערע ארומיגע וואָס האַסען זיי — דאַן וועלען זיי אנערקענען אַז איך עוויגער בין זייער גאָט.

## קאַפּיטעל כט

1 אין צעהנטען יאָהר, אין צעהנטען טאָג פון צוועלפטען מאָנאַט, איז גאָט'ס וואָרט געווען צו מיר אַזוי צו זאָגען.

2 מענשענקינד ! ווענדע דיין געזיכט צו פּרעה קעניג פון מצרים ; פּראָפעצייהע אויף איהם און אויף גאַנץ מצרים.

3 רייד און זאָג : אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער : איך וועל זיך נעהמען פאַר דיר, פּרעה, קעניג פון מצרים ; דער גרויסער קראָקאָדיל וואָס ליגט אין זיינע טייכען און זאָגט : „מיינער איז דער טייך, איך האָב עס פאַר מיר זעלבסט איינגעריכטעט !"

4 איך וועל אַרויפטהאָן רינגען אויף דיינע באַקען און וועל אַנקלעפּען די פיש פון דיין טייך אַן דיינע פלוספעדערן, דאַן וועל איך דיר אַרויסציהען פון דיין טייך צוזאַמען מיט אַלע פיש וואָס זיינען אַנגעקלעפּט אַן דיינע פלוספעדערן.

5 איך וועל דיר אָוועקשליידערן אין מדבר, דיר מיט אַלע פיש פון דיין טייך ; אויפ'ן פעלד וועסטו ליגען, דו וועסט ניט אויפגעקליבען אָדער אויפגעזאַמעלט ווערען — פאַר די טהיערען פון'ם לאַנד און די פויגלען וואָס פליהען אונטערן הימעל האָב איך דיר אַלס שפּייז געגעבען.

6 דאַן וועלען אנערקענען אַלע איינוואוינער פון מצרים אַז איך בין גאָט, ווייל זיי זיינען אַ שוואַכע ראָהר־שטיצע פאַר דאָס הויז ישראל.

7 ווען זיי נעהמען דיר אַן פאַר'ן האַנד וועסטו צושפּאַלטען ווערען און דו וועסט יעדערן פון זיי דעם שולטער דורכברעכען ; ווען זיי שפּאַרען זיך אַן אויף דיר ווערסטו צובראָכען און לינקסט זיי אויס די לענדען.

8 דערפאַר — אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — איך וועל אויף דיר ברענגען אַ שווערד און וועל אויסראָטען פון דיר מענשען און פיה.

9 דאַן וועט מצרים ווערען פערוויסט און צושטערט, ווייל ער האָט געזאָגט : „מיינער איז דער טייך, איך האָב עס פאַר מיר זעלבסט איינגעריכטעט !" זיי וועלען שוין אנערקענען אַז איך בין גאָט.

10 ווארום איך וועל זיך נעהמען פאַר דיר און דיינע טייכען, איך וועל מאַכען מצרים פאַר וויסטע רואינען, עס וועט צושטערט זיין פון מהורם סונה ביז דעם גרענעץ פון כוש.

11 קיין מענשעשע פוס וועט איהר בעטרעטען, אויך קיין פוס פון אַ פיה וועט איהר בעטרעטען — פיערציג יאָהר וועט זי ניט בעוואוינט ווערען.

12 איך וועל וויסט מאַכען דאָס לאַנד מצרים אונטער אַנדערע פערוויסטעטע לענדער, איהרע שטעדט וועלען פערציג יאָהר זיין ווי אַנדערע פערוויסטעטע שטעדט ; דאַן וועל איך מצרים צושפּרייטען איבער פעלקער און פונאַנדערוואַרפען אין פערשיעדענע לענדער.

13 אֶת־מִצְרַיִם בַּגּוֹיִם וְזֵרִיתִים בָּאֲרָצוֹת׃ כִּי כֹה אָמַר
אֲדֹנָי יֱהֹוִה מִקֵּץ אַרְבָּעִים שָׁנָה אֲקַבֵּץ אֶת־מִצְרַיִם מִן־
14 הָעַמִּים אֲשֶׁר־נָפֹצוּ שָׁמָּה׃ וְשַׁבְתִּי אֶת־שְׁבוּת מִצְרַיִם
וַהֲשִׁבֹתִי אֹתָם אֶרֶץ פַּתְרוֹס עַל־אֶרֶץ מְכוּרָתָם וְהָיוּ שָׁם
טו מַמְלָכָה שְׁפָלָה׃ מִן־הַמַּמְלָכוֹת תִּהְיֶה שְׁפָלָה וְלֹא־
תִתְנַשֵּׂא עוֹד עַל־הַגּוֹיִם וְהִמְעַטְתִּים לְבִלְתִּי רְדוֹת בַּגּוֹיִם׃
16 וְלֹא יִהְיֶה־עוֹד לְבֵית יִשְׂרָאֵל לְמִבְטָח מַזְכִּיר עָוֺן בִּפְנוֹתָם
17 אַחֲרֵיהֶם וְיָדְעוּ כִּי אֲנִי אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ וַיְהִי בְּעֶשְׂרִים
וָשֶׁבַע שָׁנָה בָּרִאשׁוֹן בְּאֶחָד לַחֹדֶשׁ הָיָה דְבַר־יְהוָה אֵלַי
18 לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל הֶעֱבִיד אֶת־חֵילוֹ
עֲבֹדָה גְדוֹלָה אֶל־צֹר כָּל־רֹאשׁ מֻקְרָח וְכָל־כָּתֵף מְרוּטָה
וְשָׂכָר לֹא־הָיָה לוֹ וּלְחֵילוֹ מִצֹּר עַל־הָעֲבֹדָה אֲשֶׁר־עָבַד
19 עָלֶיהָ׃ לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הִנְנִי נֹתֵן לִנְבוּכַדְרֶאצַּר
מֶלֶךְ־בָּבֶל אֶת־אֶרֶץ מִצְרָיִם וְנָשָׂא הֲמֹנָהּ וְשָׁלַל שְׁלָלָהּ
כ וּבָזַז בִּזָּהּ וְהָיְתָה שָׂכָר לְחֵילוֹ׃ פְּעֻלָּתוֹ אֲשֶׁר־עָבַד בָּהּ נָתַתִּי
לוֹ אֶת־אֶרֶץ מִצְרָיִם אֲשֶׁר עָשׂוּ לִי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ בַּיּוֹם
21 הַהוּא אַצְמִיחַ קֶרֶן לְבֵית יִשְׂרָאֵל וּלְךָ אֶתֵּן פִּתְחוֹן־פֶּה
בְּתוֹכָם וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה׃

## CAP. XXX. ל

ל

א 2 וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם הִנָּבֵא וְאָמַרְתָּ כֹּה
3 אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הֵילִילוּ הָהּ לַיּוֹם׃ כִּי־קָרוֹב יוֹם וְקָרוֹב
4 יוֹם לַיהוָה יוֹם עָנָן עֵת גּוֹיִם יִהְיֶה׃ וּבָאָה חֶרֶב בְּמִצְרַיִם
וְהָיְתָה חַלְחָלָה בְּכוּשׁ בִּנְפֹל חָלָל בְּמִצְרָיִם וְלָקְחוּ הֲמוֹנָהּ
ה וְנֶהֶרְסוּ יְסוֹדֹתֶיהָ׃ כּוּשׁ וּפוּט וְלוּד וְכָל־הָעֶרֶב וְכוּב וּבְנֵי
6 אֶרֶץ הַבְּרִית אִתָּם בַּחֶרֶב יִפֹּלוּ׃ כֹּה אָמַר יְהוָה
וְנָפְלוּ סֹמְכֵי מִצְרַיִם וְיָרַד גְּאוֹן עֻזָּהּ מִמִּגְדֹּל סְוֵנֵה בַּחֶרֶב
7 יִפְּלוּ־בָהּ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ וְנָשַׁמּוּ בְּתוֹךְ אֲרָצוֹת נְשַׁמּוֹת

ועריו

13 וואָרום אזוי האָט געזאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער: ערשט נאָך דעם פערלויף פון פיערציג יאָהר וועל איך צונויפקלייבען מצרים פון די פעלקער אונטער וועלכע זיי זיינען צושפּרייט.
14 דאַן וועל איך צוריקברענגען די געפאַנגענשאַפט פון מצרים, איך וועל זיי צוריק בעזעצען אין פתרוס, זייער געבורטס־לאַנד, דאָרטען וועלען זיי זיין אַן אונבעדייטענדע קעניגרייך.
15 זי וועט ניעדריגער זיין פאַר אַלע קעניגרייכען און וועט זיך מעהר ניט ערהויבען איבער די פעלקער; איך וועל זיי קליין מאַכען אום זיי זאָלען ניט בעהערשען קיינע פעלקער.
16 זיי וועלען מעהר ניט זיין פאַר דאָס הויז ישראל אַ שטיצע וואָס ער־אינערט אַ ניערערלאַגע, (ווי דאַן) ווען זיי האָבען זיך געווענדעט צו זיי, און זיי וועלען אנערקענען אַז איך בין גאָט דער אַלמעכטיגער.
17 דאָס איז געווען אין זיעבען־און־צוואַנציגסטען יאָהר, אין ערשטען טאָג פון ערשטען מאָנאַט. גאָט'ס וואָרט איז געווען צו מיר אזוי צו זאָגען:
18 מענשענקינד! נבוכדראצר קעניג פון בבל האָט זיין אַרמעע געמאַכט שווער אַרבייטען ביי צר, יעדער קאָפּ איז אויסגעקראַכען און יעדער שולטער אנגעריבען; אָבער ער מיט זיין אַרמעע האָבען קיינע פער־דיענסט געהאַט פון צר פאַר די שווערע אַרבייט וואָס זיי האָבען אַרום איהם געהאַט.
19 דערפאַר — אזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — וועל איך איבערגעבען צו נבוכדראצר, קעניג פון בבל, דאָס לאַנד מצרים; ער וועט אוועק־פיהרען איהרע בעפעלקערונג, צורויבען איהר פערמעגען און צופּלינדערן איהר אייגענטהום — דאָס וועט זיין דער לוין פאַר זיין אַרמעע.
20 פאַר זיין אַרבייט וואָס ער האָט געבען איהר געטהאָן גיעב איך איהם איבער דאָס לאַנד מצרים, וועלכע האָט קעגען מיר פערבראָכען. דאָס זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.
21 אין דעם זעלביגען טאָג וועל איך מאַכען וואַקסען די מאַכט פון'ם הויז ישראל, אויך דיר וועל איך לאָזען אַ מויל עפענען צווישען זיי — דאַמאַלס וועלען זיי אנערקענען, אַז איך בין גאָט.

## קאַפּיטעל ל

1 און גאָט'ס וואָרט איז געווען צו מיר אזוי צו זאָגען:
2 מענשענקינד! פּראָפעצייהע און זאָג: אזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכ־טיגער — הויבט אויף אַ יאָמער־קלאָג איבער דעם טאָג!
3 דער טאָג ערנעהענט זיך, באַלד קומט אַן גאָט'ס שטראָף־טאָג, אַ וואָל־קענטאָג; ער וועט בעשטימט קומען אויף די פעלקער.
4 אַ שווערד וועט בעפאַלען מצרים, דער שרעק וועט גרייכען ביז כוש ווען די ערשלאַגענע וועלען פאַלען אין מצרים; מען וועט אוועקפיהרען איהר בעפעלקערונג און צוברעכען איהרע פונדאַמענטען.
5 כוש, פוט, לוד, אויך גאַנץ ערב מיט כוב און די בעוואוינער פון די לענדער וואָס זיינען מיט זיי פערבונדען, וועלען מיט זיי צוזאַמען פאַלען פון שווערד.
6 אזוי האָט גאָט געזאָגט: עס וועלען פאַלען די שטיצער פון מצרים און דער שטאָלץ פון איהר מאַכט וועט אַראָפּ ניעדערן פון'ם טהורם סונה, אַלע וועלען אין איהר פאַלען פון שווערד — זאָגט גאָט דער אַלמעכ־טיגער.
7 זיי וועלען פערוויסטעט ווערען ווי אַנדערע וויסטע לענדער און זייגע שטעדט וועלען זיין ווי אַנדערע רואינירטע שטעדט;

פּען און טהאָלען, צו די פערוויסטעטע רואינען און פערלאָזענע שטעדט, וועלכע זיינען געוואָרען צו שאַנדע און צו שפּאָט צו אַלע איבעריגע פעלקער פון אַרום.

5 דערפאַר — אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — אויב ניט מיט מיין פייערדיגען צאָרן האָב איך גערעדט אויף די איבעריגע פעלקער און אויף גאַנץ אדום, וועלכע האָבען זיך צוגענומען מיין לאַנד אַלס בעזיץ מיט פרייד פון פולען הארצען און מיט אינערליכען האַס, אום איהרע ווײדע פלעצער אַוועקצונעהמען.

6 אַלזאָ פּראָפעצייהע וועגען דאָס לאַנד ישראל און זאָג צו די בערג און בערגלאָך, צו די זומפּען און טהאָלען: אַזוי האָט גאָט דער אַלמעכטי־גער געזאָגט — איך האָב גערעדט פון צאָרן און וואוטה ווייל איהר האָט געליטען שאַנדע פון די פעלקער.

7 דערפאַר — אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — איך האָב אויפגעהויבען מיין האַנד, אויב ניט די פעלקער פון אַרום אייך זיי אַליין וועלען שאַנדע ליידען.

8 און איהר, בערג פון ישראל! גיט אַרויס אייערע בעצוויַיג־בוימער און ברענגט פרוכט פאַר מיין פאָלק ישראל, וועלכע ערנעהנטערען זיך צו קומען.

9 וואָרום איך בין גינסטיג צו אייך; איך וועל זיך ווענדען צו אייך וועט איהר שוין בעארבייט ווערען און פערזעהעט ווערען.

10 איך וועל אייער בעפעלקערונג פערגרעסערען, דאָס גאַנצע הויז פון ישראל, וועלען בעזעצט ווערען די שטעדט און די רואינען וועלען איבער־געבויט ווערען.

11 איך וועל פערגרעסערען דעם צאָהל פון מענשען און פיה, זיי וועלען זיך פערמעהרען און וואַקסען; איך וועל אייך בעזעצען ווי אין די אַלטע צייטען און וועל צו אייך בעסער זיין אַלס פריהער, אום איהר זאָלט וויסען אַז איך בין גאָט.

12 איך וועל אויף אייך ארויפפיהרען מענשען, ד. ה. מיין פאָלק ישראל, זיי וועלען דיר בעזיצען און דו וועסט זייער אייגענטהום זיין, און וועסט שוין זיי מעהר ניט פערטרייבען.

13 אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער: ווייל מען זאָגט אויף אייך: „איהר זייט מענשענפרעסער, און דו ביזט אימער געגען דיין בעפעלקערונג".

14 דערפאַר וועסטו מעהר קיינע מענשען פערצעהרען און וועסט דיין בעפעלקערונג מעהר ניט פערטרייבען — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

15 איך וועל דיר מעהר ניט לאָזען הערען די בעליידיגונג פון פעלקער און די שאַנדע פון נאַציאָנען וועסטו מעהר ניט ליידען, וואָרום דו וועסט מעהר ניט פערטרייבען דיין בעפעלקערונג — זאָגט גאָט דער אַלמעכטי־גער.

16 און גאָט'ס וואָרט איז געוועזען צו מיר אַזוי צו זאָגען:

17 מענשענקינד! דאָס הויז ישראל, וועלכע זיצען אויף זייער לאַנד, האָבען איהר פעראונרייניגט מיט זייער אויפפיהרונג און מיט זייערע טהאַטען, זייער אויפפיהרונג קעגען מיר איז אַזוי ווי די אונריינקייט פון אַ אַבגעזונדערטע פרוי.

18 דערפאַר, האָב איך אויסגעגאָסען מיין וואוטה אויף זיי, איבער דאָס בלוט וואָס זיי האָבען פערגאָסען אינ'ם לאַנד און פעראונרייניגט איהר מיט זייערע געצען.

19 דאַן האָב איך זיי צושפּרייט איבער די פעלקער ביז זיי זיינען פאַנאַנדער־געוואָרפען געוואָרען אין פערשיעדענע לענדער — איך האָב זיי געאור־טהיילט לויט זייער אויפפיהרונג און זייערע טהאַטען.

כ שְׁפָטְתִּים׃ וַיָּבוֹא אֶל־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר־בָּאוּ שָׁם וַיְחַלְּלוּ אֶת־
שֵׁם קָדְשִׁי בֶּאֱמֹר לָהֶם עַם־יְהוָה אֵלֶּה וּמֵאַרְצוֹ יָצָאוּ׃
21 וָאֶחְמֹל עַל־שֵׁם קָדְשִׁי אֲשֶׁר חִלְּלֻהוּ בֵּית יִשְׂרָאֵל בַּגּוֹיִם
22 אֲשֶׁר־בָּאוּ שָׁמָּה׃ לָכֵן אֱמֹר לְבֵית־יִשְׂרָאֵל כֹּה
אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה לֹא לְמַעַנְכֶם אֲנִי עֹשֶׂה בֵּית יִשְׂרָאֵל כִּי
אִם־לְשֵׁם־קָדְשִׁי אֲשֶׁר חִלַּלְתֶּם בַּגּוֹיִם אֲשֶׁר־בָּאתֶם שָׁם׃
23 וְקִדַּשְׁתִּי אֶת־שְׁמִי הַגָּדוֹל הַמְחֻלָּל בַּגּוֹיִם אֲשֶׁר חִלַּלְתֶּם
בְּתוֹכָם וְיָדְעוּ הַגּוֹיִם כִּי־אֲנִי יְהוָה נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה בְּהִקָּדְשִׁי
24 בָכֶם לְעֵינֵיהֶם׃ וְלָקַחְתִּי אֶתְכֶם מִן־הַגּוֹיִם וְקִבַּצְתִּי אֶתְכֶם
כה מִכָּל־הָאֲרָצוֹת וְהֵבֵאתִי אֶתְכֶם אֶל־אַדְמַתְכֶם׃ וְזָרַקְתִּי
עֲלֵיכֶם מַיִם טְהוֹרִים וּטְהַרְתֶּם מִכֹּל טֻמְאוֹתֵיכֶם וּמִכָּל־
26 גִּלּוּלֵיכֶם אֲטַהֵר אֶתְכֶם׃ וְנָתַתִּי לָכֶם לֵב חָדָשׁ וְרוּחַ
חֲדָשָׁה אֶתֵּן בְּקִרְבְּכֶם וַהֲסִרֹתִי אֶת־לֵב הָאֶבֶן מִבְּשַׂרְכֶם
27 וְנָתַתִּי לָכֶם לֵב בָּשָׂר׃ וְאֶת־רוּחִי אֶתֵּן בְּקִרְבְּכֶם וְעָשִׂיתִי
28 אֵת אֲשֶׁר־בְּחֻקַּי תֵּלֵכוּ וּמִשְׁפָּטַי תִּשְׁמְרוּ וַעֲשִׂיתֶם׃ וִישַׁבְתֶּם
בָּאָרֶץ אֲשֶׁר נָתַתִּי לַאֲבֹתֵיכֶם וִהְיִיתֶם לִי לְעָם וְאָנֹכִי
29 אֶהְיֶה לָכֶם לֵאלֹהִים׃ וְהוֹשַׁעְתִּי אֶתְכֶם מִכֹּל טֻמְאוֹתֵיכֶם
וְקָרָאתִי אֶל־הַדָּגָן וְהִרְבֵּיתִי אֹתוֹ וְלֹא־אֶתֵּן עֲלֵיכֶם רָעָב׃
ל וְהִרְבֵּיתִי אֶת־פְּרִי הָעֵץ וּתְנוּבַת הַשָּׂדֶה לְמַעַן אֲשֶׁר לֹא־
31 תִקְחוּ עוֹד חֶרְפַּת רָעָב בַּגּוֹיִם׃ וּזְכַרְתֶּם אֶת־דַּרְכֵיכֶם
הָרָעִים וּמַעַלְלֵיכֶם אֲשֶׁר לֹא־טוֹבִים וּנְקֹטֹתֶם בִּפְנֵיכֶם עַל
32 עֲוֺנֹתֵיכֶם וְעַל־תּוֹעֲבֹתֵיכֶם׃ לֹא לְמַעַנְכֶם אֲנִי־עֹשֶׂה נְאֻם
אֲדֹנָי יֱהוִה יִוָּדַע לָכֶם בּוֹשׁוּ וְהִכָּלְמוּ מִדַּרְכֵיכֶם בֵּית
33 יִשְׂרָאֵל׃ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה בְּיוֹם טַהֲרִי אֶתְכֶם מִכֹּל
34 עֲוֺנוֹתֵיכֶם וְהוֹשַׁבְתִּי אֶת־הֶעָרִים וְנִבְנוּ הֶחֳרָבוֹת׃ וְהָאָרֶץ
הַנְּשַׁמָּה תֵּעָבֵד תַּחַת אֲשֶׁר הָיְתָה שְׁמָמָה לְעֵינֵי כָּל־עוֹבֵר׃
לה וְאָמְרוּ הָאָרֶץ הַלֵּזוּ הַנְּשַׁמָּה הָיְתָה כְּגַן־עֵדֶן וְהֶעָרִים הֶחֳרֵבוֹת

והנשמות

v. 20. סבירין ויבואו   v. 23. 25. כצ״ל   v. 35. דר׳ בצירי

20 ווען זיי זיינען געקומען צו די פעלקער וואוהין זיי זיינען אוועקגעגאנגען האבען זיי פערשוועכט מיין הייליגען נאמען דערמיט וואס מען האט צו זיי געזאגט : „דיעזע זיינען גאט'ס פאלק וואס זיינען פון זיין לאנד פערטריעבען".
21 מיר האט נאר פערדראסען מיין הייליגער נאמען וועלכען דאס הויז ישראל האט פערשוועכט צווישען די פעלקער וואוהין זיי זיינען געקומען.
22 דערפאר זאג איך צו דאס הויז ישראל : אזוי זאגט גאט דער אלמעכטיגער — ניט צוליעב אייך, הויז פון ישראל, טהו איך דאס ; נאר צוליעב מיין הייליגען נאמען, וועלכען איהר האט פערשוועכט צווישען די פעלקער, וואוהין איהר זייט געקומען.
23 איך וועל הייליג האלטען מיין גרויסען נאמען, וועלכער איז פערשוועכט געווארען צווישען די פעלקער, ווייל איהר האט איהם פערשוועכט צווישען זיי ; דאמאלס וועלען די פעלקער אנערקענען אז איך בין גאט — זאגט גאט דער אלמעכטיגער — ווען איך וועל דורך אייך געהייליגט ווערען פאר זייערע אויגען.
24 אייך וועל איך צוזאמענגעהמען פון די פעלקער און פערזאמלען אייך פון אלע לענדער און צוריקברענגען אייך אויף אייער לאנד.
25 איך וועל אויף אייך שפריצען ריינע וואסער, אום איהר זאלט ריין ווערען אין גאנצען פון אייער אונריינהייט, אויך פון אייערע פערשידענע געצענדינענריי וועל איך אייך רייניגען.
26 איך וועל אייך אריינגעבען א נייעס הארץ, אויך א נייעס גייסט וועל איך אריינגעבען אין אייך ; איך וועל אבשאפען פון אייער קערפער דאס פערשטיינערטע הארץ און וועל אייך געבען א פיהלענדעס הארץ.
27 אויך וועל איך אייך מיין גייסט אריינגעבען און וועל מאכען אז איהר זאלט געהען אין מיינע געזעצען, היטען און טהאן מיינע רעכטע.
28 דאן וועט איהר בלייבען זיצען אין דאס לאנד וועלכע איך האב צו אייערע עלטערען געגעבען ; אז איהר וועט מיין פאלק זיין וועל איך אייער גאט זיין.
29 איך וועל אייך ארויסהעלפען פון אלע אייערע אונריינהייטען, איך וועל ארויסרופען דעם קארן און פערמעהרען איהם, איך וועל אויף אייך מעהר קיין הונגער ברענגען.
30 איך וועל אויך פערמעהרען די פרוכט פון בוים און די פרוכט פון פעלד, אום איהר זאלט מעהר ניט האבען הונגער שאנדע זייענדיג צווישען די פעלקער.
31 דאמאלס וועט איהר זיך דערמאהנען אייער שלעכטען אויפיהרען זיך און אייערע ניט גוטע טהאטען, און איהר וועט זיך זעלבסט פארוואירפע מאכען פאר אייערע זינד און אייערע גרוילטהאטען.
32 זייט וויסען אז ניט צוליעב אייך טהו איך דאס — זאגט גאט דער אלמעכטיגער, שעהמט זיך און האט שאנדע פאר [illegible] אויפפיהרונג, הויז פון ישראל !
33 אזוי זאגט גאט דער אלמעכטיגער : דאן ווען איך וועל אייך רייניגע פון אלע אייערע זינד, ווען איך וועל בעזעצען די שטעדט און די רואינען וועלען אבגעבויט ווערען,
34 ווען דאס וויסטע לאנד וועט בעארבייט ווערען, אנשטאט וואס זי איז געוועזען וויסט, ווי עס האבען געזעהען אלע פערבייגעהער —
35 וועט מען זאגען : אט דיעזע פערוויסטע לאנד איז געווארען ווי דער גארטען פון עדן, און די רואינערטע, פערוויסטע און צושטערטע שטעדט זיינען ווי בעפעסטיגטע שטעדט בעזעצט.

וְהַנְּשַׁמּוֹת וְהַנֶּהֱרָסוֹת בְּצוּרוֹת יָשָׁבוּ׃ וְיָדְעוּ הַגּוֹיִם אֲשֶׁר 36
יִשָּׁאֲרוּ סְבִיבוֹתֵיכֶם כִּי ׀ אֲנִי יְהוָה בָּנִיתִי הַנֶּהֱרָסוֹת
נָטַעְתִּי הַנְּשַׁמָּה אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי וְעָשִׂיתִי׃ כֹּה 37
אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה עוֹד זֹאת אִדָּרֵשׁ לְבֵית־יִשְׂרָאֵל לַעֲשׂוֹת
לָהֶם אַרְבֶּה אֹתָם כַּצֹּאן אָדָם׃ כְּצֹאן קָדָשִׁים כְּצֹאן 38
יְרוּשָׁלַםִ בְּמוֹעֲדֶיהָ כֵּן תִּהְיֶינָה הֶעָרִים הֶחֳרֵבוֹת מְלֵאוֹת
צֹאן אָדָם וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה׃

## CAP. XXXVII. לז

לז

הָיְתָה עָלַי יַד־יְהוָה וַיּוֹצִאֵנִי בְרוּחַ יְהוָה וַיְנִיחֵנִי בְּתוֹךְ א
הַבִּקְעָה וְהִיא מְלֵאָה עֲצָמוֹת׃ וְהֶעֱבִירַנִי עֲלֵיהֶם סָבִיב ׀ 2
סָבִיב וְהִנֵּה רַבּוֹת מְאֹד עַל־פְּנֵי הַבִּקְעָה וְהִנֵּה יְבֵשׁוֹת
מְאֹד׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי בֶּן־אָדָם הֲתִחְיֶינָה הָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה 3
וָאֹמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה אַתָּה יָדָעְתָּ׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי הִנָּבֵא עַל־ 4
הָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם הָעֲצָמוֹת הַיְבֵשׁוֹת שִׁמְעוּ
דְּבַר־יְהוָה׃ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה לָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה ה
הִנֵּה אֲנִי מֵבִיא בָכֶם רוּחַ וִחְיִיתֶם׃ וְנָתַתִּי עֲלֵיכֶם גִּידִים 6
וְהַעֲלֵתִי עֲלֵיכֶם בָּשָׂר וְקָרַמְתִּי עֲלֵיכֶם עוֹר וְנָתַתִּי בָכֶם
רוּחַ וִחְיִיתֶם וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ וְנִבֵּאתִי כַּאֲשֶׁר צֻוֵּיתִי 7
וַיְהִי־קוֹל כְּהִנָּבְאִי וְהִנֵּה־רַעַשׁ וַתִּקְרְבוּ עֲצָמוֹת עֶצֶם אֶל־
עַצְמוֹ׃ וְרָאִיתִי וְהִנֵּה עֲלֵיהֶם גִּידִים וּבָשָׂר עָלָה וַיִּקְרַם 8
עֲלֵיהֶם עוֹר מִלְמָעְלָה וְרוּחַ אֵין בָּהֶם׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי הִנָּבֵא 9
אֶל־הָרוּחַ הִנָּבֵא בֶן־אָדָם וְאָמַרְתָּ אֶל־הָרוּחַ כֹּה־אָמַר ׀
אֲדֹנָי יֱהֹוִה מֵאַרְבַּע רוּחוֹת בֹּאִי הָרוּחַ וּפְחִי בַּהֲרוּגִים
הָאֵלֶּה וְיִחְיוּ׃ וְהִנַּבֵּאתִי כַּאֲשֶׁר צִוָּנִי וַתָּבוֹא בָהֶם הָרוּחַ י
וַיִּחְיוּ וַיַּעַמְדוּ עַל־רַגְלֵיהֶם חַיִל גָּדוֹל מְאֹד־מְאֹד׃ וַיֹּאמֶר 11
אֵלַי בֶּן־אָדָם הָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה כָּל־בֵּית יִשְׂרָאֵל הֵמָּה הִנֵּה
אֹמְרִים יָבְשׁוּ עַצְמוֹתֵינוּ וְאָבְדָה תִקְוָתֵנוּ נִגְזַרְנוּ לָנוּ׃

לכן

ל״ו v. 36. ע״כ לספרדים    v. 37. הפטורה לשבת וחול המועד של פסח
והספרדים מתחילין היתה עלי    v. 38. דרי׳ בצרי   ibid. עד כאן לאשכנזים

36 דאן וועלען אנערקענען די פעלקער, וועלכע זיינען געבליעבען ארום אייך, אַז איך גאָט האָב אָבגעבויט די צושטערטע שטעדט און פערפלאַנצט דאָס פערוויסטעטע לאַנד — איך, גאָט, האָב גערעדט און געטהאָן!

37 אזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער: אָט וואָס נאָך איך וועל איינוויליגען צו טהאָן צו זיי, צו דאָס הויז פון ישראל: איך וועל זייערע מענשען פערמעהרען ווי שעפּסען,

38 ווי הייליגע שעפּסען, ווי די שעפּסען וואָס מען האָט אין ירושלים גע־בראַכט אין די פייערטאגען, אזוי וועלען זיין די פערוויסטע שטעדט פול מיט מענשען־שעפּסען; דאן וועלען זיי וויסען, אז איך בין גאָט.

## קאַפּיטעל לז

1 אמאָל איז אויף מיר געוועזן גאָט'ס מאַכט, עס האָט מיר ארויסגעטראַגען אַ שטאַרקער ווינד און האָט מיר אַוועקגעלעגט אין אַ טהאָל, וועלכע איז פול געוועזן מיט ביינער.

2 ער האָט מיר אַרומגעפיהרט רונד־אַרום, ערשט זיי זיינען זעהר פיעל אי־בער'ן גאַנצען טהאָל, און זיי זיינען זעהר טרוקען.

3 און ער האָט צו מיר געזאָגט: מענשענקינד! וועלען דיעזע ביינער לעבעדיג ווערען? האָב איך געענטפערט: „אַלמעכטיגער גאָט, נאָר דו ווייסט דאָס!"

4 האָט ער צו מיר געזאָגט: פּראָפעצייהע אויף דיעזע ביינער און זאָג צו זיי: איהר טרוקענע ביינער, הערט אויס גאָט'ס וואָרט!

5 אזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער צו דיעזע ביינער: איך וועל אַריינ־געבען אין אייך אַ לעבענס־גייסט און איהר וועט לעבעדיג ווערען!

6 איך וועל אויף אייך ארויפלעגען אָדערן און לאָזען וואקסען אויף אייך פליישׁ, דאן וועל איך בעציהען אויף אייך הויט און אַריינגעבען אין אייך אַ לעבענס־גייסט, אום איהר זאָלט לעבעדיג ווערען און וויסען אַז איך בין גאָט.

7 איך האָב פּראָפעצייהעט ווי איך בין בעפוילען געוועזן, פּראָפעצייהענדיג האָט זיך אַ שטימע דערהערט, נאָכדעם איז געוואָרען אַ שטורם און די ביינער האָבען זיך צוגערוקט איינער צום אַנדערן,

8 דאן האָב איך געזעהען, אַז עס ווערט אויף זיי אָדערן און עס וואַקסט פליישׁ, אויך איז אויף זיי פערצויגען אַ הויט פון אויבען; נאָר קיין לעבענס־גייסט איז אין זיי ניט געוועזן.

9 דאן האָט ער צו מיר געזאָגט: פּראָפעצייהע צום לעבענס־גייסט, פּראָפעצייהע, מענשענקינד, און זאָג צום לעבענס־גייסט: אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — קום, לעבענס־גייסט, פון אַלע פיער זייטען, בלאָז אויף די ערשלאָגענע ביז זיי וועלען לעבעדיג ווערען!

10 איך האָב פּראָפעצייהעט ווי ער האָט מיר געהייסען, און דער לעבענס־גייסט איז אריין אין זיי; זיי זיינען לעבעדיג געוואָרען און געשטעלט זיך אויף זייערע פיס, זעהר אַ גרויסע אַרמעע.

11 און ער האָט צו מיר געזאָגט: מענשענקינד! אָט דיעזע ביינער בע־דייטען דאָס גאַנצע הויז ישראל — זיי זאָגען אויך: אונזערע ביינער זיינען אויסגעטריקענט און אונזער האָפנונג איז פערלאָרען, מיר זיינען אונטערגעגאַנגען.

12 לָכֵן הִנָּבֵא וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה הִנֵּה
אֲנִי פֹתֵחַ אֶת־קִבְרוֹתֵיכֶם וְהַעֲלֵיתִי אֶתְכֶם מִקִּבְרוֹתֵיכֶם
13 עַמִּי וְהֵבֵאתִי אֶתְכֶם אֶל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל׃ וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי
יְהוָה בְּפִתְחִי אֶת־קִבְרוֹתֵיכֶם וּבְהַעֲלוֹתִי אֶתְכֶם
14 מִקִּבְרוֹתֵיכֶם עַמִּי׃ וְנָתַתִּי רוּחִי בָכֶם וִחְיִיתֶם וְהִנַּחְתִּי
אֶתְכֶם עַל־אַדְמַתְכֶם וִידַעְתֶּם כִּי אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי וְעָשִׂיתִי
טו 16 נְאֻם־יְהוָה׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ וְאַתָּה
בֶן־אָדָם קַח־לְךָ עֵץ אֶחָד וּכְתֹב עָלָיו לִיהוּדָה וְלִבְנֵי
יִשְׂרָאֵל חֲבֵרָו וּלְקַח עֵץ אֶחָד וּכְתוֹב עָלָיו לְיוֹסֵף עֵץ
17 אֶפְרַיִם וְכָל־בֵּית יִשְׂרָאֵל חֲבֵרָו׃ וְקָרַב אֹתָם אֶחָד אֶל־
18 אֶחָד לְךָ לְעֵץ אֶחָד וְהָיוּ לַאֲחָדִים בְּיָדֶךָ׃ וְכַאֲשֶׁר יֹאמְרוּ
אֵלֶיךָ בְּנֵי עַמְּךָ לֵאמֹר הֲלוֹא־תַגִּיד לָנוּ מָה־אֵלֶּה לָּךְ׃
19 דַּבֵּר אֲלֵהֶם כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה הִנֵּה אֲנִי לֹקֵחַ אֶת־עֵץ
יוֹסֵף אֲשֶׁר בְּיַד־אֶפְרַיִם וְשִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל חֲבֵרָו וְנָתַתִּי אוֹתָם
עָלָיו אֶת־עֵץ יְהוּדָה וַעֲשִׂיתִם לְעֵץ אֶחָד וְהָיוּ אֶחָד בְּיָדִי׃
כ 21 וְהָיוּ הָעֵצִים אֲשֶׁר תִּכְתֹּב עֲלֵיהֶם בְּיָדְךָ לְעֵינֵיהֶם׃ וְדַבֵּר
אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה הִנֵּה אֲנִי לֹקֵחַ אֶת־בְּנֵי
יִשְׂרָאֵל מִבֵּין הַגּוֹיִם אֲשֶׁר הָלְכוּ־שָׁם וְקִבַּצְתִּי אֹתָם
22 מִסָּבִיב וְהֵבֵאתִי אוֹתָם אֶל־אַדְמָתָם׃ וְעָשִׂיתִי אֹתָם לְגוֹי
אֶחָד בָּאָרֶץ בְּהָרֵי יִשְׂרָאֵל וּמֶלֶךְ אֶחָד יִהְיֶה לְכֻלָּם לְמֶלֶךְ
וְלֹא יִהְיֶה־עוֹד לִשְׁנֵי גוֹיִם וְלֹא יֵחָצוּ עוֹד לִשְׁתֵּי מַמְלָכוֹת
23 עוֹד׃ וְלֹא יִטַּמְּאוּ עוֹד בְּגִלּוּלֵיהֶם וּבְשִׁקּוּצֵיהֶם וּבְכֹל
פִּשְׁעֵיהֶם וְהוֹשַׁעְתִּי אוֹתָם מִכֹּל מוֹשְׁבֹתֵיהֶם אֲשֶׁר חָטְאוּ
בָהֶם וְטִהַרְתִּי אוֹתָם וְהָיוּ־לִי לְעָם וַאֲנִי אֶהְיֶה לָהֶם
24 לֵאלֹהִים׃ וְעַבְדִּי דָוִד מֶלֶךְ עֲלֵיהֶם וְרוֹעֶה אֶחָד יִהְיֶה
כה לְכֻלָּם וּבְמִשְׁפָּטַי יֵלֵכוּ וְחֻקֹּתַי יִשְׁמְרוּ וְעָשׂוּ אוֹתָם׃ וְיָשְׁבוּ
עַל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר נָתַתִּי לְעַבְדִּי לְיַעֲקֹב אֲשֶׁר יָשְׁבוּ־בָהּ

אבותיכם

v. 14. עד כאן  v. 15. הפטרת ויגש  v. 16, 19. חבריו ק׳  v. 22. יהיו ק׳

12 דערפאר פראפעצייהע און זאג צו זיי: אזוי זאגט גאט דער אלמעכ־טיגער — איך זעלבסט וועל עפענען אייערע גראבען, איך זעלבסט וועל אייך, מיין פאלק ארויסנעהמען פון אייערע גראבען און וועל אייך ברענ־גען צו דאס לאנד ישראל.

13 דאן וועט איהר אנערקענען אז איך בין גאט, ווען איך וועל עפענען אייערע גראבען און וועל אייך, מיין פאלק, ארויסנעהמען פון אייערע גראבען.

14 ווען איהר וועט לעבעדיג ווערען וועל איך מיין גייסט אריינגעבען אין אייך און וועל אייך לאזען רוהיג זיצען אויף אייער לאנד, אום איהר זאלט וויסען אז ווען איך, גאט, רייד איז עס געטהאן — זאגט גאט.

15 און גאט'ס ווארט איז געוועזן צו מיר אזוי צו זאגען:

16 און דו, מענשענקינד, נעהם זיך איין האלץ און שרייב אויף איהם: „פאר יהודה און די קינדער ישראל זיינע פריינדע", דאן נעהם נאך א האלץ און שרייב אויף איהם: „פאר יוסף, אפרים'ס שטאם און דאס גאנצע הויז ישראל זיינע פריינדע";

17 און ברענג זיי נאהענט איינעם צום אנדערן ווי זיי וואלטען איין האלץ געוועזן און זאלען זיי אין דיין האנד פעראייניגט ווערען ווי איין בוים.

18 אויב די קינדער פון דיין פאלק וועלען דיר פרעגען זאגענדיג: „קענסטו אונז ניט ערקלעהרען וואס דאס בעדייט פאר אונז?"

19 זאלסטו זיי זאגען: אזוי זאגט גאט דער אלמעכטיגער — איך זעלבסט וועל נעהמען דעם שטאם יוסף'ס, ד. ה. אפרים, אויך די שטאמען פון ישראל זיינע פריינדע, און איך וועל זיי נאהענט מאכען צום שטאם יהודה — איך וועל זיי מאכען ווי איין בוים, און זיי זעלבסט וועלען זיך אין מיין האנד פעראייניגען.

20 זיי וועלען ווערען ווי די העלצער אויף וועלכע דו וועסט אין זייער געגענ־ווארט מיט דיין האנד שרייבען.

21 אויך ערקלעהר זיי: אזוי זאגט גאט דער אלמעכטיגער — איך וועל צוזאמעננעהמען די קינדער ישראל פון צווישען די פעלקער וואוהין זיי זיינען אוועקגעגאנגען, איך וועל זיי פערזאמלען פון ארום און וועל זיי ברענגען אויף זייער לאנד.

22 אינ'ם לאנד, אויף די בערג פון ישראל, וועל איך זיי מאכען פאר א פער־אייניגטע פאלק און איין קעניג וועט איבער זיי רעגיערען; זיי וועלען מעהר ניט זיין צוטהיילט אויף צוויי פעלקער און ניט צושפאלטען אויף צוויי קעניגרייכען.

23 זיי וועלען זיך ניט מעהר פעראונרייניגען מיט זייערע געצען און גרויל־טהאטען און אנדערע פערברעכענס, איך וועל זיי ארויסהעלפען פון אלע זייערע וואוינונגען אין וועלכע זיי האבען געזינדיגט; איך זעלבסט וועל זיי רייניגען — דאן אז זיי וועלען מ י י ן פאלק זיין וועל איך זיין זייער גאט.

24 מיין קנעכט דוד וועט זייער קעניג זיין, ער וועט דער איינציגער הירט זיין פאר זיי אלעמען; דאן וועלען זיי געהן לויט מיינע רעכטע, זיי וועלען היטען און טהאן מיינע געזעצע.

25 זיי וועלען זיצען אויף דאס לאנד וועלכע איך האב געגעבען צו מיין קנעכט, צו יעקב'ן, די, אויף וועלכע אייערע עלטערן זיינען געזעסען.

אֲבוֹתֵיכֶם וְיָשְׁבוּ עָלֶיהָ הֵמָּה וּבְנֵיהֶם וּבְנֵי בְנֵיהֶם עַד־
26 עוֹלָם וְדָוִד עַבְדִּי נָשִׂיא לָהֶם לְעוֹלָם׃ וְכָרַתִּי לָהֶם בְּרִית
שָׁלוֹם בְּרִית עוֹלָם יִהְיֶה אוֹתָם וּנְתַתִּים וְהִרְבֵּיתִי אוֹתָם
27 וְנָתַתִּי אֶת־מִקְדָּשִׁי בְּתוֹכָם לְעוֹלָם׃ וְהָיָה מִשְׁכָּנִי עֲלֵיהֶם
28 וְהָיִיתִי לָהֶם לֵאלֹהִים וְהֵמָּה יִהְיוּ־לִי לְעָם׃ וְיָדְעוּ הַגּוֹיִם
כִּי אֲנִי יְהוָה מְקַדֵּשׁ אֶת־יִשְׂרָאֵל בִּהְיוֹת מִקְדָּשִׁי בְּתוֹכָם
לְעוֹלָם׃ *

## לח CAP. XXXVIII. לח

א 2 וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם שִׂים פָּנֶיךָ אֶל־גּוֹג
3 אֶרֶץ הַמָּגוֹג נְשִׂיא רֹאשׁ מֶשֶׁךְ וְתֻבָל וְהִנָּבֵא עָלָיו׃ וְאָמַרְתָּ
כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה הִנְנִי אֵלֶיךָ גּוֹג נְשִׂיא רֹאשׁ מֶשֶׁךְ
4 וְתֻבָל׃ וְשׁוֹבַבְתִּיךָ וְנָתַתִּי חַחִים בִּלְחָיֶיךָ וְהוֹצֵאתִי אוֹתְךָ
וְאֶת־כָּל־חֵילֶךָ סוּסִים וּפָרָשִׁים לְבֻשֵׁי מִכְלוֹל כֻּלָּם קָהָל
ה רָב צִנָּה וּמָגֵן תֹּפְשֵׂי חֲרָבוֹת כֻּלָּם׃ פָּרַס כּוּשׁ וּפוּט
6 אִתָּם כֻּלָּם מָגֵן וְכוֹבָע׃ גֹּמֶר וְכָל־אֲגַפֶּיהָ בֵּית תּוֹגַרְמָה
7 יַרְכְּתֵי צָפוֹן וְאֶת־כָּל־אֲגַפָּיו עַמִּים רַבִּים אִתָּךְ׃ הִכֹּן
וְהָכֵן לְךָ אַתָּה וְכָל־קְהָלֶךָ הַנִּקְהָלִים עָלֶיךָ וְהָיִיתָ לָהֶם
8 לְמִשְׁמָר׃ מִיָּמִים רַבִּים תִּפָּקֵד בְּאַחֲרִית הַשָּׁנִים תָּבוֹא ׀
אֶל־אֶרֶץ ׀ מְשׁוֹבֶבֶת מֵחֶרֶב מְקֻבֶּצֶת מֵעַמִּים רַבִּים עַל
הָרֵי יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר־הָיוּ לְחָרְבָּה תָּמִיד וְהִיא מֵעַמִּים
9 הוּצָאָה וְיָשְׁבוּ לָבֶטַח כֻּלָּם׃ וְעָלִיתָ כַּשֹּׁאָה תָבוֹא כֶּעָנָן
לְכַסּוֹת הָאָרֶץ תִּהְיֶה אַתָּה וְכָל־אֲגַפֶּיךָ וְעַמִּים רַבִּים אוֹתָךְ׃
י כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא יַעֲלוּ
11 דְבָרִים עַל־לְבָבֶךָ וְחָשַׁבְתָּ מַחֲשֶׁבֶת רָעָה׃ וְאָמַרְתָּ אֶעֱלֶה
עַל־אֶרֶץ פְּרָזוֹת אָבוֹא הַשֹּׁקְטִים יֹשְׁבֵי לָבֶטַח כֻּלָּם יֹשְׁבִים
12 בְּאֵין חוֹמָה וּבְרִיחַ וּדְלָתַיִם אֵין לָהֶם׃ לִשְׁלֹל שָׁלָל וְלָבֹז
בַּז לְהָשִׁיב יָדְךָ עַל־חֳרָבוֹת נוֹשָׁבֹת וְאֶל־עַם מְאֻסָּף מִגּוֹיִם

עשה

* לח v. 23. עד כאן

אויף איהר וועלען זיי זיצען זיי מיט זייערע קינדער און קינדס קינדער, אייביג לאנג ; מיין קנעכט דוד וועט אימער זייער פירשט זיין.

26 איך וועל מיט זיי שליסען א פריעדענס־בונד און דאָס וועט זיין אַ אייביגער בונד מיט זיי ; איך וועל זיי פעסט מאַכען און פערמעהרען זיי, איך וועל אויף אימער מיין הייליגטהום ביי זיי האָבען.

27 מיין וואוינונג וועט זיין איבער זיי — איך וועל זייער גאָט זיין און זיי וועלען מיין פאָלק זיין.

28 דאן וועלען די פעלקער אנערקענען אז איך גאָט הייליג דאָס פאָלק ישראל, ווען מיין הייליגטהום וועט אימער זיין ביי זיי.

## קאַפּיטעל לח

1 און גאָט'ס וואָרט איז געוועזען צו מיר אַזוי צו זאָגען :

2 מענשענקינד ! ווענדע דיין געזיכט צו גוג (דאָס לאנד מגוג), דער הויפּט פירשט פון משך און תובל, פּראָפעצייהע אויף איהם,

3 און זאָג אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — איך וועל זיך נעהמען צו דיר גוג, הויפּט פירשט פון משך און תובל !

4 איך וועל דיר איינשטילען ; איך וועל ארויפטהאָן רינגען אויף דיינע באקען און וועל דיר ארויספיהרען מיט דיין גאנצע ארמעע, פערד און רייטער, אלע שעהן געקליידעט, א גרויסע פערזאַמלונג פון פּאנציר־ און שילדענטרעגער, אלע שווערד־בעוואָפענטע.

5 פּרס, כוש און פוט זיינען מיט זיי, אלע אויף פּאנצירען און העלמס.

6 גמר מיט אַלע זיינע טרופּען, דאָס הויז תוגרמה, די צפון פּראָווינצען מיט אַלע זייזרע טרופּען — פיעל פעלקער זיינען מיט דיר.

7 גרייט זיך צו אָזן זיי פערטיג דו און אלע דיינע טרופּען וועלכע האָבען זיך פערזאמעלט מיט דיר, זיי פאר זיי א וועכטער.

8 שוין פיעלע יאָהרען זינט דו מאַכסט זיך קריעגס־פערטיג און אין ערשט שפּעטערע יאָהרען דענקסטו צו קומען צו דאָס לאנד וואָס קומט צו זיך נאָך אַ שווערד אנפאל, (צו אַ פאָלק) וואָס איז צוזאמענגעקליבען געוואָרען פון פיעלע פעלקער, ד. ה. אויף די בערג ישראל, וועלכע זיינען אימער וויסט געוועזען און דאָס פאָלק ישראל וועלכע איז ארויסגענומען געוואָרען פון פעלקער, און זיצען יעצט אַלע רוהיג,

9 אויף זיי ווילסטו אַרויפגעהן ווי א שטורם, דו ווילסט קומען בעדעקען דאָס לאנד ווי א וואָלקען, ווען דו וועסט זיין מיט אַלע דיינע טרופּען און פיעל פעלקער מיט דיר.

10 אזוי זאָגט גאָט דער אלמעכטיגער : אָט אין יענער צייט וועלען דיר איינפאלען געדאנקען און דו וועסט אויסטראכטען שלעכטע פּלענער —

11 דו וועסט זאָגען : איך וועל ארויף אויף די אונבעפעסטיגטע שטערט, איך וועל בעפאלען די שטילע וואָס זיצען זיך רוהיג, זיי וואוינען אַלע אָהן אַ מויער־וואנד און האָבען קיין ריגעל און קיין טהיר.

12 אום צו רויבען פיעל און פּלינדערן פּערמעגען, דיין האַנד צוריקלעגען אויף די בעוואוינטע רואינען און אויפ'ן פאָלק וואָס איז פערזאמעלט פון פעלקער, וועלכע טרייבט געשעפט זיצענדיג אויף די געבירגע פונ'ם לאנד.

13 עֹשֶׂה מִקְנֶה וְקִנְיָן יֹשְׁבֵי עַל־טַבּוּר הָאָרֶץ׃ שְׁבָא וּדְדָן
וְסֹחֲרֵי תַרְשִׁישׁ וְכָל־כְּפִרֶיהָ יֹאמְרוּ לְךָ הֲלִשְׁלֹל שָׁלָל
אַתָּה בָא הֲלָבֹז בַּז הִקְהַלְתָּ קְהָלֶךָ לָשֵׂאת ׀ כֶּסֶף וְזָהָב
14 לָקַחַת מִקְנֶה וְקִנְיָן לִשְׁלֹל שָׁלָל גָּדוֹל׃ לָכֵן הִנָּבֵא בֶן־
אָדָם וְאָמַרְתָּ לְגוֹג כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה הֲלוֹא ׀ בַּיּוֹם
טו הַהוּא בְּשֶׁבֶת עַמִּי יִשְׂרָאֵל לָבֶטַח תֵּדָע׃ וּבָאתָ מִמְּקוֹמְךָ
מִיַּרְכְּתֵי צָפוֹן אַתָּה וְעַמִּים רַבִּים אִתָּךְ רֹכְבֵי סוּסִים כֻּלָּם
16 קָהָל גָּדוֹל וְחַיִל רָב׃ וְעָלִיתָ עַל־עַמִּי יִשְׂרָאֵל כֶּעָנָן לְכַסּוֹת
הָאָרֶץ בְּאַחֲרִית הַיָּמִים תִּהְיֶה וַהֲבִאוֹתִיךָ עַל־אַרְצִי לְמַעַן
17 דַּעַת הַגּוֹיִם אֹתִי בְּהִקָּדְשִׁי בְךָ לְעֵינֵיהֶם גּוֹג׃ כֹּה־
אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה הַאַתָּה־הוּא אֲשֶׁר־דִּבַּרְתִּי בְּיָמִים קַדְמוֹנִים
בְּיַד עֲבָדַי נְבִיאֵי יִשְׂרָאֵל הַנִּבְּאִים בַּיָּמִים הָהֵם שָׁנִים לְהָבִיא
18 אֹתְךָ עֲלֵיהֶם׃ וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא בְּיוֹם בּוֹא גוֹג עַל־
אַדְמַת יִשְׂרָאֵל נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה תַּעֲלֶה חֲמָתִי בְּאַפִּי׃
19 וּבְקִנְאָתִי בְאֵשׁ־עֶבְרָתִי דִּבַּרְתִּי אִם־לֹא ׀ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה
כ רַעַשׁ גָּדוֹל עַל אַדְמַת יִשְׂרָאֵל׃ וְרָעֲשׁוּ מִפָּנַי דְּגֵי הַיָּם וְעוֹף
הַשָּׁמַיִם וְחַיַּת הַשָּׂדֶה וְכָל־הָרֶמֶשׂ הָרֹמֵשׂ עַל־הָאֲדָמָה וְכֹל
הָאָדָם אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי הָאֲדָמָה וְנֶהֶרְסוּ הֶהָרִים וְנָפְלוּ
21 הַמַּדְרֵגוֹת וְכָל־חוֹמָה לָאָרֶץ תִּפּוֹל׃ וְקָרָאתִי עָלָיו לְכָל־
הָרַי חֶרֶב נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה חֶרֶב אִישׁ בְּאָחִיו תִּהְיֶה׃
22 וְנִשְׁפַּטְתִּי אִתּוֹ בְּדֶבֶר וּבְדָם וְגֶשֶׁם שׁוֹטֵף וְאַבְנֵי אֶלְגָּבִישׁ
אֵשׁ וְגָפְרִית אַמְטִיר עָלָיו וְעַל־אֲגַפָּיו וְעַל־עַמִּים רַבִּים אֲשֶׁר
23 אִתּוֹ׃ וְהִתְגַּדִּלְתִּי וְהִתְקַדִּשְׁתִּי וְנוֹדַעְתִּי לְעֵינֵי גּוֹיִם רַבִּים
וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה׃

## CAP. XXXIX. לט

# לט

א וְאַתָּה בֶן־אָדָם הִנָּבֵא עַל־גּוֹג וְאָמַרְתָּ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה
2 הִנְנִי אֵלֶיךָ גּוֹג נְשִׂיא רֹאשׁ מֶשֶׁךְ וְתֻבָל׃ וְשֹׁבַבְתִּיךָ

ששאתיך

לח v. 18. הפטרת שבת וחול המועד של סוכות

13 שבא, דדן, די קויפלייטע פון תרשיש און אלע איהרע לאנד־בעזיצער וועלען דיר פרעגען : ביזטו געקומען אום פיעל צו רויבען ? האסטו דיינע טרופען פערזאמעלט אום פערמעגען צו פלינדערן ? דו ווילסט אוועקטראגען זילבער און גאלד, צו נעהמען האנדעל און אייגענטהום רויבענדיג פיעל ? !
14 דערפאר פראפעצייהע, מענשענקינד, און זאג צו גוג : אזוי זאגט גאט דער אלמעכטיגער, אט אין יענעם טאג ווען מיין פאלק ישראל וועט זיך אין רוהע בעזעצען וועסטו וועגען דעם ערפאהרען,
15 און וועסט קומען פון דיין ארט, פון די צפון־פראווינצען, דו און פיעלע פעלקער מיט דיר, אלע פערד רייטער, א גרויסע פערזאמלונג און א פיעל־צאהליגע ארמעע.
16 דו וועסט דאן ארויפגעהן אויף מיין פאלק ישראל, דאס גאנצע לאנד צו פערדעקען ווי א וואלקען — דאס וועט זיין אין שפעטערע צייטען ווען איך וועל דיר אויף מיין לאנד ברענגען, אום אלע פעלקער זאלען מיר אנערקענען ווען איך וועל דורך דיר, גוג, געהייליגט ווערען אין זייער געגענווארט.
17 אזוי זאגט גאט דער אלמעכטיגער : ביזטו דאס דער זעלביגער וואס איך האב אין פריהערדיגע צייטען גערעדט דורך מיינע קנעכט, נביאים און ישראל וועלכע האבען פראפעצייהעט אין יענע טעג און יאהרען אז איך וועל דיר אויף זיי ברענגען.
18 עס וועט געשעהען אין יענעם טאג, ווען גוג וועט קומען אויף דאס לאנד ישראל — זאגט גאט דער אלמעכטיגער — וועט מיין צארן און וואוטה שטייגען.
19 און אין מיין אויפרעגונג מיט מיין פייערדיגען צארן האב איך פאראויס־געזאגט : אויב ניט אין יענער צייט וועט זיין א גרויסער שטורעם אויף דאס לאנד ישראל.
20 עס וועלען פאר מיר ציטערען די פיש פון ים, די פויגלען פון הימעל און די טהיערען פון פעלד מיט אלעס וואס ווימעלט אויף דער ערד, אויך אלע מענשען וואס אויף דר'ערד; עס וועלען איסגעריסען ווערען בערג, איינ־פאלען די הויכע טהורעמס און די מויערוועגד וועלען פאלען צו דער ערד.
21 דאן וועל איך קענען איהם צוזאמענרופען אלע שווערד ארמעען פון מיינע בערג — זאגט גאט דער אלמעכטיגער — איינעמס שווערד וועט קעגען צווייטען זיין.
22 איך וועל זיך מיט איהם אברעכענען דורך שווערד און בלוט, פלייצענדע רעגענס און האגעל שטיינער פייער און שוועבעל וועל איך אויף איהם מאכען רעגענען, אויך אויף זיינע טרופען און די פיעל פעלקער וואס זיינען מיט איהם.
23 איך וועל גרויס און הייליג ווערען, איך וועל בעוואוסט ווערען אין געגענ־ווארט פון פיעל פעלקער, אום זיי זאלען אנערקענען אז איך בין גאט.

## קאפיטעל לט

1 און דו, מענשענקינד ! פראפעצייהע אויף גוג און זאג : אזוי זאגט גאט דער אלמעכטיגער — איך וועל זיך נעהמען צו דיר, גוג, הויפט־פירשט פון משך און תבל.
2 איך וועל דיר איינשטילען, איך וועל דיר אונערוואורטעט ארויספיהרען פון די צפון־פראווינצען און וועל דיר ברענגען אויף די בערג פון ישראל.

וְשִׁשֵּׁאתִיךָ וְהַעֲלִיתִיךָ מִיַּרְכְּתֵי צָפוֹן וַהֲבִאוֹתִךָ עַל־הָרֵי
יִשְׂרָאֵל׃ וְהִכֵּיתִי קַשְׁתְּךָ מִיַּד שְׂמֹאולֶךָ וְחִצֶּיךָ מִיַּד יְמִינְךָ 3
אַפִּיל׃ עַל־הָרֵי יִשְׂרָאֵל תִּפּוֹל אַתָּה וְכָל־אֲגַפֶּיךָ וְעַמִּים 4
אֲשֶׁר אִתָּךְ לְעֵיט צִפּוֹר כָּל־כָּנָף וְחַיַּת הַשָּׂדֶה נְתַתִּיךָ
לְאָכְלָה׃ עַל־פְּנֵי הַשָּׂדֶה תִּפּוֹל כִּי אֲנִי דִבַּרְתִּי נְאֻם אֲדֹנָי ה
יֱהוִה׃ וְשִׁלַּחְתִּי־אֵשׁ בְּמָגוֹג וּבְיֹשְׁבֵי הָאִיִּים לָבֶטַח וְיָדְעוּ 6
כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ וְאֶת־שֵׁם קָדְשִׁי אוֹדִיעַ בְּתוֹךְ עַמִּי יִשְׂרָאֵל 7
וְלֹא־אַחֵל אֶת־שֵׁם־קָדְשִׁי עוֹד וְיָדְעוּ הַגּוֹיִם כִּי־אֲנִי יְהוָה
קָדוֹשׁ בְּיִשְׂרָאֵל׃ הִנֵּה בָאָה וְנִהְיָתָה נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה 8
הוּא הַיּוֹם אֲשֶׁר דִּבַּרְתִּי׃ וְיָצְאוּ יֹשְׁבֵי ׀ עָרֵי יִשְׂרָאֵל וּבִעֲרוּ 9
וְהִשִּׂיקוּ בְּנֶשֶׁק וּמָגֵן וְצִנָּה בְּקֶשֶׁת וּבְחִצִּים וּבְמַקֵּל יָד
וּבְרֹמַח וּבִעֲרוּ בָהֶם אֵשׁ שֶׁבַע שָׁנִים׃ וְלֹא־יִשְׂאוּ עֵצִים מִן־ י
הַשָּׂדֶה וְלֹא יַחְטְבוּ מִן־הַיְּעָרִים כִּי בַנֶּשֶׁק יְבַעֲרוּ־אֵשׁ
וְשָׁלְלוּ אֶת־שֹׁלְלֵיהֶם וּבָזְזוּ אֶת־בֹּזְזֵיהֶם נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃
וְהָיָה בַיּוֹם הַהוּא אֶתֵּן לְגוֹג ׀ מְקוֹם־שָׁם קֶבֶר בְּיִשְׂרָאֵל 11
גֵּי הָעֹבְרִים קִדְמַת הַיָּם וְחֹסֶמֶת הִיא אֶת־הָעֹבְרִים וְקָבְרוּ
שָׁם אֶת־גּוֹג וְאֶת־כָּל־הֲמוֹנֹה וְקָרְאוּ גֵּיא הֲמוֹן גּוֹג׃ וּקְבָרוּם 12
בֵּית יִשְׂרָאֵל לְמַעַן טַהֵר אֶת־הָאָרֶץ שִׁבְעָה חֳדָשִׁים׃
וְקָבְרוּ כָּל־עַם הָאָרֶץ וְהָיָה לָהֶם לְשֵׁם יוֹם הִכָּבְדִי נְאֻם 13
אֲדֹנָי יֱהוִה׃ וְאַנְשֵׁי תָמִיד יַבְדִּילוּ עֹבְרִים בָּאָרֶץ מְקַבְּרִים 14
אֶת־הָעֹבְרִים אֶת־הַנּוֹתָרִים עַל־פְּנֵי הָאָרֶץ לְטַהֲרָהּ מִקְצֵה
שִׁבְעָה־חֳדָשִׁים יַחְקֹרוּ׃ וְעָבְרוּ הָעֹבְרִים בָּאָרֶץ וְרָאָה טו
עֶצֶם אָדָם וּבָנָה אֶצְלוֹ צִיּוּן עַד קָבְרוּ אֹתוֹ הַמְקַבְּרִים
אֶל־גֵּיא הֲמוֹן גּוֹג׃ וְגַם שֶׁם־עִיר הֲמוֹנָה וְטִהֲרוּ הָאָרֶץ׃ 16
וְאַתָּה בֶן־אָדָם כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי יֱהוִה אֱמֹר לְצִפּוֹר כָּל־ 17
כָּנָף וּלְכֹל ׀ חַיַּת הַשָּׂדֶה הִקָּבְצוּ וָבֹאוּ הֵאָסְפוּ מִסָּבִיב עַל־
זִבְחִי אֲשֶׁר אֲנִי זֹבֵחַ לָכֶם זֶבַח גָּדוֹל עַל הָרֵי יִשְׂרָאֵל
ואכלתם

v. 2. א נחה v. 3. מלא וא״ו v. 8. קמץ בז״ק v. 14. ג״ע בג״ע

3 דאָרט וועל איך אַרויסשטעלען דיין בויגען פון דיין לינקע האַנד און דיינע פיילען וועל איך אַרויסוואַרפען פון דיין רעכטע האַנד.

4 אויף די בערג פון ישראל וועסטו פאַלען, דו מיט אַלע דיינע טרופּען און די פעלקער וואָס מיט דיר, צו אַלערליי רויב־פויגלען און פעלד־טהיע־רען האָב איך דיר אַלס שפּייז געגעבען.

5 אויפ'ן פעלד וועסטו פאַלען, אַזוי ווי איך גאָט האָב גערעדט — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

6 איך וועל אַנשיקען אַ פייער אויף מגוג און די רוהיגע אינזעל בעוואָהנער, אום זיי זאָלען וויסען אַז איך בין גאָט.

7 מיין הייליגען נאָמען וועל איך בעקאַנט מאַכען צווישען מיין פאָלק ישראל, איך וועל מעהר ניט לאָזען פערשוועכען מיין הייליגען נאָמען; דאַן וועלען די פעלקער אַנערקענען אַז איך גאָט בין הייליג אין ישראל.

8 עס איז שוין געקומען און געשעהען — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — דאָס איז דער טאָג וואָס איך האָב פאָראויס געזאָגט!

9 די איינוואָהנער פון די שטעדט אין ישראל, וועלען אַרויסגעהען און ברע־נען און הייצען מיט וואַפען, שילדען, פאַנצירען, בויגענס, פיילען, האַנד־שטעקענס און שפּיזען; זיבען יאָהר וועלען זיי דערפון פייער מאַכען.

10 זיי וועלען ניט ברענגען האָלץ פון פעלד און וועלען ניט האַקען פון די וועלדער, נאָר מיט וואַפען וועלען זיי פייער מאַכען; דאַן וועלען זיי בערויבען זייערע בערויבער און פּלינדערען זייערע פּלינדערערס — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

11 עס וועט אַזוי זיין: אין יענע צייט וועל איך ישראל גע־בען פאַר גוג אַלס אַ אָרט אויף אַ גראַב (קבר), דעם טהאָל וואו מען געהט אַריבער צום מזרח זייט פון ים, עס וועט אויפהערען דער פערביי־גאַנג; דאָרט וועט מען בעגראָבען גוג מיט זיין גאַנצע רוישענדע אַרמעע, און מען וועט עס רופען: „גיא המון גוג" (דער טהאָל פון גוג'ס אַרמעע).

12 דאָס הויז ישראל וועט זיי באַגראָבען זיבען מאָנאַטען לאַנג, אום ריין צו מאַכען דאָס לאַנד.

13 דאָס גאַנצע פאָלק פונ'ם לאַנד וועט זיי באַגראָבען, עס וועט ביי זיי צום אָנדענקונג זיין דער טאָג ווען איך וועל געעהרט ווערען — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

14 די שטענדיגע איינוואָהנער וועלען אָנשטעלען די וואָס געהן דורך דאָס לאַנד אַז די דורכגעהער זאָלען בעגראָבען די וואָס זיינען נאָך איבערגע־ליעבען (ליגענדיג) איבער'ן גאַנצען לאַנד אום איהר צו רייניגען; זיי וועלען דאָס נאָכזוכען אין ענדע פון די זיבען מאָנאַטען.

15 די דורכגעהער וועלען אַרומגעהן איבער'ן לאַנד און ווען איינער פון זיי וועט דערזעהען אַ מענשען־ביין, וועט ער נעבען איהם אוועקשטעלען אַ צייכען, ביז די טוידטענבעגרעבער וועלען איהם באַגראָבען אין „גיא המון גוג" (דער טהאָל וואו עס איז באַגראָבען גוג'ס אַרמעע),

16 [אויך אין דער שטאָדט, וועלכע מען רופט „המונה"] ביז זיי וועלען ריין מאַכען דאָס לאַנד.

17 און דו, מענשענקינד, אַזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — זאָג צו די אַלע בעפליגעלטע פויגלען אויך צו אַלע פעלד־טהיערען: פערזאַמעלט זיך און קומט, קלייב זיך צוזאַמען פון אַרום צו מיין שלאַכטונג וואָס איך שלאַכט פאַר אייך אויף די בערג פון ישראל; עס איז אַ גרויסע שלאַכ־טונג — איהר וועט עסען פלייש און טרינקען בלוט.

18 וַאֲכַלְתֶּם בְּשַׂר וּשְׁתִיתֶם דָּם: בְּשַׂר גִּבּוֹרִים תֹּאכֵלוּ וְדַם־
נְשִׂיאֵי הָאָרֶץ תִּשְׁתּוּ אֵילִים כָּרִים וְעַתּוּדִים פָּרִים מְרִיאֵי
19 בָשָׁן כֻּלָּם: וַאֲכַלְתֶּם־חֵלֶב לְשָׂבְעָה וּשְׁתִיתֶם דָּם לְשִׁכָּרוֹן
כ מִזִּבְחִי אֲשֶׁר־זָבַחְתִּי לָכֶם: וּשְׂבַעְתֶּם עַל־שֻׁלְחָנִי סוּס
21 וָרֶכֶב גִּבּוֹר וְכָל־אִישׁ מִלְחָמָה נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה: וְנָתַתִּי
אֶת־כְּבוֹדִי בַּגּוֹיִם וְרָאוּ כָל־הַגּוֹיִם אֶת־מִשְׁפָּטִי אֲשֶׁר עָשִׂיתִי
22 וְאֶת־יָדִי אֲשֶׁר־שַׂמְתִּי בָהֶם: וְיָדְעוּ בֵּית יִשְׂרָאֵל כִּי אֲנִי
23 יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם מִן־הַיּוֹם הַהוּא וָהָלְאָה: וְיָדְעוּ הַגּוֹיִם כִּי
בַעֲוֹנָם גָּלוּ בֵית־יִשְׂרָאֵל עַל אֲשֶׁר מָעֲלוּ־בִי וָאַסְתִּר פָּנַי
24 מֵהֶם וָאֶתְּנֵם בְּיַד צָרֵיהֶם וַיִּפְּלוּ בַחֶרֶב כֻּלָּם: כְּטֻמְאָתָם
כה וּכְפִשְׁעֵיהֶם עָשִׂיתִי אֹתָם וָאַסְתִּר פָּנַי מֵהֶם: לָכֵן כֹּה אָמַר
אֲדֹנָי יֱהוִה עַתָּה אָשִׁיב אֶת־שְׁבִית יַעֲקֹב וְרִחַמְתִּי כָּל־
26 בֵּית יִשְׂרָאֵל וְקִנֵּאתִי לְשֵׁם קָדְשִׁי: וְנָשׂוּ אֶת־כְּלִמָּתָם וְאֶת־
כָּל־מַעֲלָם אֲשֶׁר מָעֲלוּ־בִי בְּשִׁבְתָּם עַל־אַדְמָתָם לָבֶטַח
27 וְאֵין מַחֲרִיד: בְּשׁוֹבְבִי אוֹתָם מִן־הָעַמִּים וְקִבַּצְתִּי אֹתָם
28 מֵאַרְצוֹת אֹיְבֵיהֶם וְנִקְדַּשְׁתִּי בָם לְעֵינֵי הַגּוֹיִם רַבִּים: וְיָדְעוּ
כִּי אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם בְּהַגְלוֹתִי אֹתָם אֶל־הַגּוֹיִם וְכִנַּסְתִּים
29 אֶל־אַדְמָתָם וְלֹא־אוֹתִיר עוֹד מֵהֶם שָׁם: וְלֹא־אַסְתִּיר עוֹד
פָּנַי מֵהֶם אֲשֶׁר שָׁפַכְתִּי אֶת־רוּחִי עַל־בֵּית יִשְׂרָאֵל נְאֻם
אֲדֹנָי יֱהוִה:

## CAP. XL. מ

א בְּעֶשְׂרִים וְחָמֵשׁ שָׁנָה לְגָלוּתֵנוּ בְּרֹאשׁ הַשָּׁנָה בֶּעָשׂוֹר
לַחֹדֶשׁ בְּאַרְבַּע עֶשְׂרֵה שָׁנָה אַחַר אֲשֶׁר הֻכְּתָה הָעִיר
בְּעֶצֶם הַיּוֹם הַזֶּה הָיְתָה עָלַי יַד־יְהוָה וַיָּבֵא אֹתִי שָׁמָּה:
2 בְּמַרְאוֹת אֱלֹהִים הֱבִיאַנִי אֶל־אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וַיְנִיחֵנִי אֶל־
3 הַר גָּבֹהַּ מְאֹד וְעָלָיו כְּמִבְנֵה־עִיר מִנֶּגֶב: וַיָּבֵיא אוֹתִי
שָׁמָּה וְהִנֵּה־אִישׁ מַרְאֵהוּ כְּמַרְאֵה נְחֹשֶׁת וּפְתִיל־פִּשְׁתִּים
בידו

לט v. 17. 19. מלעיל   v. 25. שבות קרי   v. 26. חסר א׳

18 איהר וועט עסען דאָס פלייש פון די העלדען און טרינקען דאָס בלוט פון די פירשטען, ווידערס, שעפּסען, בעק און אָקסען, אַלע געמאסטעט אין בשן.

19 איהר וועט עסען פעטס ביז זאט און טרינקען בלוט ביז בערוישונג פון מיין שפּייז־אָפּפער וואָס איך האָב פאר אייך געשאָכטען.

20 איהר וועט זאט ווערען אויף מיין טיש מיט פערד און רייטער, העלדען און קריעגס־לייט — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

21 דאן וועל איך לאָזען מערקען מיין עהרע אונטער די פעלקער, און אַלע פעלקער וועלען זעהען מיין אורטהייל וואָס איך האָב געטהאָן און מיין שטראָף וואָס איך האָב אויף זיי געלעגט.

22 פון יענעם טאָג און ווייטער וועט דאָס הויז ישראל אַנערקענען אז איך, עוויגער, בין זייער גאָט.

23 און די פעלקער וועלען וויסען, אז איבער זייערע זינד איז דאָס הויז ישראל פערטריעבען געוואָרען, און וויל זיי זיינען אונטריי געווען קעגען מיר האָב איך פערבאָרגען מיין געזיכט פון זיי און איבערגעגעבען זיי אין האנד פון זייערע פיינד ביז זיי זיינען אַלע פון שווערד געפאַלען.

24 לויט זייער אונריינקייט און זייערע פערברעכענס האָב איך מיט זיי גע־טהאָן ווען איך האָב פון זיי פערבאָרגען מיין געזיכט.

25 דערפאַר — אזוי זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער — יעצט וועל איך צוריק־ברענגען יעקב׳ס געפאַנגענשאַפט און וועל ערבאַרעמען דאָס גאַנצע הויז ישראל אוים אייפער פאר מיין הייליגען נאָמען.

26 זיי וועלען פערגעסען זייער בעליידיגונג און זייערע אַלערליי אונטריי־הייט וואָס זיי האָבען געגען מיר געטהאָן ווען זיי וועלען רוהיג זיצען אויף זייער לאַנד און קיינער וועט זיי בעאונרוהיגען.

27 ווען איך וועל זיי צוריקברענגען פון די פעלקער און צונויפקלייבען זיי פון די לענדער פון זייערע פיינד, ווען איך וועל דורך זיי געהייליגט ווערען אין געגענוואַרט פון פיעל פעלקער.

28 זיי וועלען אַנערקענען אז איך, עוויגער, בין זייער גאָט ווען נאָכדעם ווי איך האָב זיי פערטריעבען צו די פעלקער וועל איך זיי צונויפזאַמלען אויף זייער לאַנד און וועל פון זיי דאָרטען מעהר ניט איבערלאָזען.

29 איך וועל שוין מעהר מיין געזיכט פון זיי ניט פערבאָרגען, קוים האָב איך מיין גייסט געגאָסען אויף דאָס הויז ישראל — זאָגט גאָט דער אַלמעכ־טיגער.

## קאַפּיטעל מ

1 אין פינף־און־צוואַנציגסטען יאָהר צו אונזער אויסוואַנדערונג, אין אָנ־פאַנג יאָהר, צעהן טעג אין מאָנאַט דעם פיערצעטען יאָהר, נאָכדעם ווי די שטאָדט איז צושלאָגען געוואָרען, פונקט אין דעם טאָג איז געווען אויף מיר גאָט׳ס מאַכט און האָט מיר אַהין געבראַכט.

2 אין אַ געטליכע ערשיינונג האָט ער מיר געבראַכט אינ׳ם לאַנד ישראל און האָט מיר איבערגעלאָזען אויף זעהר אַ הויכען בארג, אויף וועלכען עס איז געווען ווי אַ געבויטע שטאָדט אין דרום זייט.

3 ער האָט מיר אַהין געבראַכט ערשט דאָרטען איז אַ מאַן מיט אַ געשטאַלט ווי פון קופּער, אין זיין האַנד האָט ער געהאַלטען אַ פלאַקסענעם שנור און אַ מעסט שטעקען, ער איז געשטאַנען אין טהויער.

4 בְּיָדוֹ וּקְנֵה הַמִּדָּה וְהוּא עֹמֵד בַּשָּׁעַר׃ וַיְדַבֵּר אֵלַי הָאִישׁ
בֶּן־אָדָם רְאֵה בְעֵינֶיךָ וּבְאָזְנֶיךָ שְּׁמָע וְשִׂים לִבְּךָ לְכֹל
אֲשֶׁר־אֲנִי מַרְאֶה אוֹתָךְ כִּי לְמַעַן הַרְאוֹתְכָה הֻבָאתָה
ה הֵנָּה הַגֵּד אֶת־כָּל־אֲשֶׁר־אַתָּה רֹאֶה לְבֵית יִשְׂרָאֵל׃ וְהִנֵּה
חוֹמָה מִחוּץ לַבַּיִת סָבִיב ׀ סָבִיב וּבְיַד הָאִישׁ קְנֵה הַמִּדָּה
שֵׁשׁ־אַמּוֹת בָּאַמָּה וָטֹפַח וַיָּמָד אֶת־רֹחַב הַבִּנְיָן קָנֶה אֶחָד
6 וְקוֹמָה קָנֶה אֶחָד׃ וַיָּבוֹא אֶל־שַׁעַר אֲשֶׁר פָּנָיו דֶּרֶךְ
הַקָּדִימָה וַיַּעַל בְּמַעֲלוֹתָו וַיָּמָד ׀ אֶת־סַף הַשַּׁעַר קָנֶה אֶחָד
7 רֹחַב וְאֵת סַף אֶחָד קָנֶה אֶחָד רֹחַב׃ וְהַתָּא קָנֶה אֶחָד
אֹרֶךְ וְקָנֶה אֶחָד רֹחַב וּבֵין הַתָּאִים חָמֵשׁ אַמּוֹת וְסַף
8 הַשַּׁעַר מֵאֵצֶל אֻלָם הַשַּׁעַר מֵהַבַּיִת קָנֶה אֶחָד׃ וַיָּמָד אֶת־
9 אֻלָם הַשַּׁעַר מֵהַבַּיִת קָנֶה אֶחָד׃ וַיָּמָד אֶת־אֻלָם הַשַּׁעַר
שְׁמֹנֶה אַמּוֹת וְאֵילָו שְׁתַּיִם אַמּוֹת וְאֻלָם הַשַּׁעַר מֵהַבָּיִת׃
י וְתָאֵי הַשַּׁעַר דֶּרֶךְ הַקָּדִים שְׁלֹשָׁה מִפֹּה וּשְׁלֹשָׁה מִפֹּה
מִדָּה אַחַת לִשְׁלָשְׁתָּם וּמִדָּה אַחַת לָאֵילִם מִפֹּה וּמִפּוֹ׃
11 וַיָּמָד אֶת־רֹחַב פֶּתַח־הַשַּׁעַר עֶשֶׂר אַמּוֹת אֹרֶךְ הַשַּׁעַר
12 שְׁלוֹשׁ עֶשְׂרֵה אַמּוֹת׃ וּגְבוּל לִפְנֵי הַתָּאוֹת אַמָּה אֶחָת
וְאַמָּה־אַחַת גְּבוּל מִפֹּה וְהַתָּא שֵׁשׁ־אַמּוֹת מִפּוֹ וְשֵׁשׁ
13 אַמּוֹת מִפּוֹ׃ וַיָּמָד אֶת־הַשַּׁעַר מִגַּג הַתָּא לְגַגּוֹ רֹחַב עֶשְׂרִים
14 וְחָמֵשׁ אַמּוֹת פֶּתַח נֶגֶד פָּתַח׃ וַיַּעַשׂ אֶת־אֵילִים שִׁשִּׁים
טו אַמָּה וְאֶל־אֵיל הֶחָצֵר הַשַּׁעַר סָבִיב ׀ סָבִיב׃ וְעַל־פְּנֵי
הַשַּׁעַר הָיאתוֹן עַל־לִפְנֵי אֻלָם הַשַּׁעַר הַפְּנִימִי חֲמִשִּׁים
16 אַמָּה׃ וְחַלֹּנוֹת אֲטֻמוֹת אֶל־הַתָּאִים וְאֶל אֵלֵיהֵמָה
לִפְנִימָה לַשַּׁעַר סָבִיב ׀ סָבִיב וְכֵן לָאֵלַמּוֹת וְחַלּוֹנוֹת
17 סָבִיב ׀ סָבִיב לִפְנִימָה וְאֶל־אַיִל תִּמֹרִים׃ וַיְבִיאֵנִי אֶל־
הֶחָצֵר הַחִיצוֹנָה וְהִנֵּה לְשָׁכוֹת וְרִצְפָה עָשׂוּי לֶחָצֵר סָבִיב ׀
18 סָבִיב שְׁלֹשִׁים לְשָׁכוֹת אֶל־הָרִצְפָה׃ וְהָרִצְפָה אֶל־כֶּתֶף

השערים

v. 4. קמץ בלא אס״ף   v. 6. במעלתיו קרי   v. 9. ואיליו ק   v. 15. האיתון ק

4 און דער מאַן האָט צו מיר גערעדט: „מענשענקינד! זעה מיט דיינע אויגען, הער מיט דיינע אויערען און נעהם צום הארצען אַלץ וואָס איך וועל דיר ווייזען, ווארום דו ביזט אהער געבראַכט נאָר אום דיר צו ווייזען, דערצעהל דאָס הויז פון ישראל אַלץ וואָס דו זעהסט!"

5 עס איז געווען אַ מויערוואַנד אויסען הויז רונד אַרום און ביי'ן מאַן אין האַנד איז געווען אַ מעסט־שטעקען זעקס איילען מיט האַנד־ברייט (די לענג) ער האָט אויסגעמאָסטען די ברייט פון געביידע איין שטעקען אויף די הויך איין שטעקען.

6 דאַן איז ער אריינגעגאַנגען אין טהויער וואָס איז געווענדעט מזרח צו, ער איז ארויף אויף די טרעפּ און אויסגעמאָסטען דעם שוועל פון טהויער איין שטעקען די ברייט און נאָך איין שוועל איין שטעקען די ברייט.

7 יעדער צימער איז געווען איין שטעקען די לענג און איין שטעקען די ברייט, צווישען די צימערען — פינף איילען, אויף דער שוועל פון טהויער וואָס נעבען אַריינגאַנג פון גרויסען צימער, איין שטעקען.

8 ער האָט אויסגעמאָסטען דעם אַריינגאַנגס צימער פון אינוויינעניג — איין שטעקען.

9 ער האָט אויך אויסגעמאָסטען דעם צימער נעבען טהויער אַכט איילען און זיינע זיילען — צוויי איילען, אויף דעם אריינגאַנגס צימער פון אינוויינעניג.

10 די צימערען נעבען טהויער פון מזרח אַריינגאַנג — דריי פון איין זייט און דריי פון אַנדער זייט, איין מאָס פאַר אַלע דריי, אויך די זעלביגע מאָס פון די זיילען פון ביידע זייטען.

11 דאַן האָט ער אויסגעמאָסטען די ברייט פון אריינגאַנג אין טהויער — צעהן איילען, די לענג פון טהויער — דרייצעהן איילען.

12 אַ גרענעץ פון איין אייל איז געווען פאַר די צימערען, צו איין אייל פון ביידע זייטען; יעדער צימער איז געווען זעקס איילען פון איין זייט און פון דער אַנדער זייט.

13 ער האָט אויסגעמאָסטען דעם טהויער פון'ם דאַך פון צימער ביי זיין דאַך — פינף־און־צוואַנציג איילען די ברייט, איין איינגאַנג קעגען דעם צווייטען.

14 ער האָט געמאָסטען די זיילען זעכציג איילען צוזאַמען מיט דעם זייל פון הויף וואָס אַרום טהויער.

15 פון זייט פון איינגאַנגס־טהויער ביז דעם צימער פון אינערליכען טהויער — פופציג איילען.

16 די פענסטער זיינען צוגעמאַכט געווען אינוויינעניג צו די צימערען און זיילען וואָס זיינען געווען אַרום טהויער און די גרויסע צימערען; די פענסטער זיינען געווען רונד אַרום אינוויינעניג צו, די זיילען זיינען געווען פון פאַלם־בוימער.

17 ער האָט מיר אַריינגעפיהרט אין אויסערליכען הויף, דאָרטען זיינען קליינע צימערלאַך, דער הויף רונד אַרום איז אויסגעלעגט מיט ־ילען; דרייסיג צימערען זיינען געווען אויף די דילען.

19 הַשְּׁעָרִים לְעֻמַּת אֹרֶךְ הַשְּׁעָרִים הָרִצְפָּה הַתַּחְתּוֹנָה׃ וַיָּמָד
רֹחַב מִלִּפְנֵי הַשַּׁעַר הַתַּחְתּוֹנָה לִפְנֵי הֶחָצֵר הַפְּנִימִי מִחוּץ
כ מֵאָה אַמָּה הַקָּדִים וְהַצָּפוֹן׃ וְהַשַּׁעַר אֲשֶׁר פָּנָיו דֶּרֶךְ
21 הַצָּפוֹן לֶחָצֵר הַחִיצוֹנָה מָדַד אָרְכּוֹ וְרָחְבּוֹ׃ וְתָאוֹ
שְׁלוֹשָׁה מִפּוֹ וּשְׁלֹשָׁה מִפּוֹ וְאֵילָו וְאֵלַמָּו הָיָה כְּמִדַּת
הַשַּׁעַר הָרִאשׁוֹן חֲמִשִּׁים אַמָּה אָרְכּוֹ וְרֹחַב חָמֵשׁ וְעֶשְׂרִים
22 בָּאַמָּה׃ וְחַלּוֹנָו וְאֵלַמָּו וְתִמֹרָו כְּמִדַּת הַשַּׁעַר אֲשֶׁר פָּנָיו
דֶּרֶךְ הַקָּדִים וּבְמַעֲלוֹת שֶׁבַע יַעֲלוּ־בוֹ וְאֵילַמָּו לִפְנֵיהֶם׃
23 וְשַׁעַר לֶחָצֵר הַפְּנִימִי נֶגֶד הַשַּׁעַר לַצָּפוֹן וְלַקָּדִים וַיָּמָד
24 מִשַּׁעַר אֶל־שַׁעַר מֵאָה אַמָּה׃ וַיּוֹלִכֵנִי דֶּרֶךְ הַדָּרוֹם וְהִנֵּה־
שַׁעַר דֶּרֶךְ הַדָּרוֹם וּמָדַד אֵילָו וְאֵילַמָּו כַּמִּדּוֹת הָאֵלֶּה׃
כה וְחַלּוֹנִים לוֹ וּלְאֵילַמָּו סָבִיב ׀ סָבִיב כְּהַחַלֹּנוֹת הָאֵלֶּה
26 חֲמִשִּׁים אַמָּה אֹרֶךְ וְרֹחַב חָמֵשׁ וְעֶשְׂרִים אַמָּה׃ וּמַעֲלוֹת
שִׁבְעָה עֹלוֹתָו וְאֵלַמָּו לִפְנֵיהֶם וְתִמֹרִים לוֹ אֶחָד מִפּוֹ
27 וְאֶחָד מִפּוֹ אֶל־אֵילָו׃ וְשַׁעַר לֶחָצֵר הַפְּנִימִי דֶּרֶךְ הַדָּרוֹם
28 וַיָּמָד מִשַּׁעַר אֶל־הַשַּׁעַר דֶּרֶךְ הַדָּרוֹם מֵאָה אַמּוֹת׃ וַיְבִיאֵנִי
אֶל־חָצֵר הַפְּנִימִי בְּשַׁעַר הַדָּרוֹם וַיָּמָד אֶת־הַשַּׁעַר הַדָּרוֹם
29 כַּמִּדּוֹת הָאֵלֶּה׃ וְתָאָו וְאֵלָו וְאֵלַמָּו כַּמִּדּוֹת הָאֵלֶּה
וְחַלּוֹנוֹת לוֹ וּלְאֵלַמָּו סָבִיב ׀ סָבִיב חֲמִשִּׁים אַמָּה אֹרֶךְ
ל וְרֹחַב עֶשְׂרִים וְחָמֵשׁ אַמּוֹת׃ וְאֵלַמּוֹת סָבִיב ׀ סָבִיב אֹרֶךְ
31 חָמֵשׁ וְעֶשְׂרִים אַמָּה וְרֹחַב חָמֵשׁ אַמּוֹת׃ וְאֵילַמָּו אֶל־
חָצֵר הַחִצוֹנָה וְתִמֹרִים אֶל־אֵילָו וּמַעֲלוֹת שְׁמוֹנֶה מַעֲלָו׃
32 וַיְבִיאֵנִי אֶל־הֶחָצֵר הַפְּנִימִי דֶּרֶךְ הַקָּדִים וַיָּמָד אֶת־הַשַּׁעַר
33 כַּמִּדּוֹת הָאֵלֶּה׃ וְתָאָו וְאֵלָו וְאֵלַמָּו כַּמִּדּוֹת הָאֵלֶּה
וְחַלּוֹנוֹת לוֹ וּלְאֵלַמָּו סָבִיב ׀ סָבִיב אֹרֶךְ חֲמִשִּׁים אַמָּה

וְרֹחַב

---

v. 19. מלעיל v. 21. ותאיו ק׳ ibid. ואיליו ק׳ ibid. ואלמיו ק׳ v. 22. וחלוניו ק׳ ibid. ואלמיו ק׳
ibid. ותמריו ק׳ ibid. ואילמיו ק׳ v. 24. אליו ק׳ ibid. ואילמיו ק׳ v. 25. ולאילמיו קרי
v. 26. עולותיו קרי ibid. ואלמיו קרי ibid. אליו קרי v. 29. ותאיו ק׳ ibid. ואיליו קרי
ibid. ואלמיו קרי ibid. ולאלמיו קרי v. 31. ואילמיו קרי ibid. אליו קרי ibid. מעליו ק׳
v. 33. ותאיו קרי ibid. ואליו קרי ibid. ואלמיו קרי ibid. ולאלמיו קרי

18 די דילען זיינען געווען ביי'ן זייט פון די טהויערען, איבער די לענג פון די טהויערען, ד. ה. די אונטערשטע דילען.

19 ער האָט אויסגעמאָסטען די ברייט פון פאַר דעם ניעדעריגען טהויער וואָס פאַר דעם אינערליכען הויף, פון אויסען — הונדערט איילען צו מזרח און צפון.

20 דעם טהויער וואָס איז געווענדעט צו צפון פון אויסערליכען הויף, האָט ער אויסגעמאָסטען אין דער לענג און ברייט.

21 זיינע צימערען זיינען געווען דריי פון איין זייט און דריי פון דער אַנדער זייט, זיילען און צימערען זיינען געווען לויט די מאָאס פון ערשטען טהויער — פופציג איילען די לענג און פינף־און־צוואַנציג איילען די ברייט.

22 זיינע פענסטער, צימערען און פאַלמזיילען לויט די מאָאס פון טהויער וואָס איז געווענדעט מזרח צו, אַז מען פלעגט אַרויפגעהען זיבען טרעפּ זיינען די זיילען געווען פון פאָרענט.

23 דער אינערליכער הויף האָט געהאַט אַ טהויער קעגען דעם טהויער פון צפון און מזרח ; פון איין טהויער ביז דעם צווייטען האָט ער אָבגעמאָסטען הונדערט איילען.

24 דאַן האָט ער מיר געפיהרט דרום צו איז אַ טהויער געווען, ער האָט אויס־געמאָסטען זיינע זיילען און צימערען לויט די זעלביגע מאָאס.

25 די פענסטער זיינע און פון זיינע צימערען רונד אַרום איז ווי די פענס־טער — פופציג איילען די לענג און פינף־און־צוואַנציג איילען די ברייט.

26 אויף זיבען טרעפּ דאַרף מען אַרויפגעהען פאַר די צימערען, ער האָט אויך פאַלמזיילען איינער פון איין זייט און איינער פון צווייטען זייט אַלס **זיילען.**

27 אויך איז אַ טהויער צום אינערליכען הויף דרום צו, ער האָט אויסגעמאָס־טען פון איין טהויער צום צווייטען, דרום צו, הונדערט איילען.

28 דאַן האָט ער מיר אַריינגעבראַכט אין אינערליכען הויף דורך דעם טהויער פון דרום און ער האָט אויסגעמאָסטען דעם דרום טהויער מיט די זעלביגע מאָאס.

29 זיינע צימערען, זיילען און איינגאַנגס צימערען לויט די זעלביגע מאָאס, אין איהם אויך רונד אַרום אין די צימערען זיינען פענסטער, פופציג איי־לען די לענג און פינף־און־צוואַנציג איילען די ברייט.

30 רונד אַרום זיינען צימערען, פינף־און־צוואַנציג איילען די לענג און פינף איילען די ברייט.

31 די צימערן זיינען אַרויסגעגאַנגען צום אויסערליכען הויף, ער האָט געהאַט פאַלמזיילען און אכט טרעפּ אַרויף צו געהן.

32 דאַן האָט ער מיר אַריינגעבראַכט אין אינערליכען הויף מזרח צו און האָט אויסגעמאָסטען דעם טהויער לויט די מאָס.

33 אויך זיינע צימערלאַך, זיילען און גרויסע צימערן, לויט די זעלביגע מאָס, אין איהם און אין די צימערן רונד אַרום זיינען פענסטער געווען, פופציג איילען די לענג און פינף־און־צוואַנציג איילען די ברייט.

34 וְרֹ֕חַב חָמֵ֥שׁ וְעֶשְׂרִ֖ים אַמָּֽה׃ וְאֵלַמָּו֙ לֶחָצֵר֙ הַחִ֣יצוֹנָ֔ה
וְתִמֹרִ֖ים אֶל־אֵילָ֣ו מִפּ֣וֹ וּמִפּ֑וֹ וּשְׁמֹנֶ֥ה מַעֲל֖וֹת מַעֲלָֽו׃
לה וַיְבִיאֵ֖נִי אֶל־שַׁ֣עַר הַצָּפ֑וֹן וּמָדַ֕ד כַּמִּדּ֖וֹת הָאֵֽלֶּה׃ 36 תָּאָו֙
אֵלָ֣ו וְאֵֽלַמָּ֔ו וְהַחַלּוֹנ֥וֹת ל֖וֹ סָבִ֣יב ׀ סָבִ֑יב אֹ֚רֶךְ חֲמִשִּׁ֣ים אַמָּ֔ה
וְרֹ֕חַב חָמֵ֥שׁ וְעֶשְׂרִ֖ים אַמָּֽה׃ 37 וְאֵילָו֙ לֶחָצֵר֙ הַחִ֣יצוֹנָ֔ה
וְתִמֹּרִ֛ים אֶל־אֵילָ֖ו מִפּ֣וֹ וּמִפּ֑וֹ וּשְׁמֹנֶ֥ה מַעֲל֖וֹת מַעֲלָֽו׃
38 וְלִשְׁכָּ֣ה וּפִתְחָ֔הּ בְּאֵילִ֖ים הַשְּׁעָרִ֑ים שָׁ֥ם יָדִ֖יחוּ אֶת־הָעֹלָֽה׃
39 וּבְאֻלָ֣ם הַשַּׁ֗עַר שְׁנַ֤יִם שֻׁלְחָנוֹת֙ מִפּ֔וֹ וּשְׁנַ֥יִם שֻׁלְחָנ֖וֹת מִפֹּ֑ה
לִשְׁח֤וֹט אֲלֵיהֶם֙ הָעוֹלָ֔ה וְהַחַטָּ֖את וְהָאָשָֽׁם׃ מ וְאֶל־הַכָּתֵ֣ף
מִ֠חוּצָה לָעוֹלֶ֞ה לְפֶ֙תַח֙ הַשַּׁ֣עַר הַצָּפ֔וֹנָה שְׁנַ֖יִם שֻׁלְחָנ֑וֹת
וְאֶל־הַכָּתֵ֣ף הָאַחֶ֗רֶת אֲשֶׁר֙ לְאֻלָ֣ם הַשַּׁ֔עַר שְׁנַ֖יִם שֻׁלְחָנֽוֹת׃
41 אַרְבָּעָ֨ה שֻׁלְחָנ֜וֹת מִפֹּ֗ה וְאַרְבָּעָ֧ה שֻׁלְחָנ֛וֹת מִפֹּ֖ה לְכֶ֣תֶף
הַשָּׁ֑עַר שְׁמוֹנָ֥ה שֻׁלְחָנ֖וֹת אֲלֵיהֶ֥ם יִשְׁחָֽטוּ׃ 42 וְאַרְבָּעָ֨ה שֻׁלְחָנ֜וֹת
לָעוֹלָ֗ה אַבְנֵ֤י גָזִית֙ אֹ֩רֶךְ֩ אַמָּ֨ה אַחַ֜ת וָחֵ֗צִי וְרֹ֨חַב אַמָּ֤ה
אַחַת֙ וָחֵ֔צִי וְגֹ֖בַהּ אַמָּ֣ה אֶחָ֑ת אֲלֵיהֶ֗ם וְיַנִּ֙יחוּ֙ אֶת־הַכֵּלִ֔ים
אֲשֶׁ֨ר יִשְׁחֲט֧וּ אֶת־הָעוֹלָ֛ה בָּ֖ם וְהַזָּֽבַח׃ 43 וְהַשְׁפַתַּ֗יִם טֹ֧פַח
אֶחָ֛ד מוּכָנִ֥ים בַּבַּ֖יִת סָבִ֣יב ׀ סָבִ֑יב וְאֶל־הַשֻּׁלְחָנ֖וֹת בְּשַׂ֥ר
הַקָּרְבָּֽן׃ 44 וּמִח֨וּצָה לַשַּׁ֜עַר הַפְּנִימִ֗י לִֽשְׁכוֹת֙ שָׁרִ֔ים בֶּחָצֵ֣ר
הַפְּנִימִ֗י אֲשֶׁ֤ר אֶל־כֶּ֙תֶף֙ שַׁ֣עַר הַצָּפ֔וֹן וּפְנֵיהֶ֖ם דֶּ֣רֶךְ הַדָּר֑וֹם
אֶחָ֗ד אֶל־כֶּ֙תֶף֙ שַׁ֣עַר הַקָּדִ֔ים פְּנֵ֖י דֶּ֥רֶךְ הַצָּפֹֽן׃ מה וַיְדַבֵּ֖ר
אֵלָ֑י זֹ֣ה הַלִּשְׁכָּ֗ה אֲשֶׁ֤ר פָּנֶ֙יהָ֙ דֶּ֣רֶךְ הַדָּר֔וֹם לַכֹּ֣הֲנִ֔ים שֹׁמְרֵ֖י
מִשְׁמֶ֥רֶת הַבָּֽיִת׃ 46 וְהַלִּשְׁכָּ֗ה אֲשֶׁ֤ר פָּנֶ֙יהָ֙ דֶּ֣רֶךְ הַצָּפ֔וֹן לַכֹּ֣הֲנִ֔ים
שֹׁמְרֵ֖י מִשְׁמֶ֣רֶת הַמִּזְבֵּ֑חַ הֵ֣מָּה בְנֵֽי־צָד֗וֹק הַקְּרֵבִ֧ים מִבְּנֵֽי־
לֵוִ֛י אֶל־יְהוָ֖ה לְשָֽׁרְתֽוֹ׃ 47 וַיָּ֨מָד אֶת־הֶחָצֵ֜ר אֹ֣רֶךְ ׀ מֵאָ֣ה אַמָּ֗ה
וְרֹ֛חַב מֵאָ֥ה אַמָּ֖ה מְרֻבָּ֑עַת וְהַמִּזְבֵּ֖חַ לִפְנֵ֥י הַבָּֽיִת׃ 48 וַיְבִאֵ֙נִי֙
אֶל־אֻלָ֣ם הַבַּ֔יִת וַיָּ֙מָד֙ אֵ֣ל אֻלָ֔ם חָמֵ֤שׁ אַמּוֹת֙ מִפֹּ֔ה וְחָמֵ֥שׁ
אַמּ֖וֹת מִפֹּ֑ה וְרֹ֣חַב הַשַּׁ֔עַר שָׁלֹ֥שׁ אַמּוֹת֙ מִפּ֔וֹ וְשָׁלֹ֥שׁ אַמּ֖וֹת

מפו

v. 34. ואלמיו ק ibid. אליו ק ibid. מעליו ק v. 36. תאיו קרי ibid אליו ק ibid.
ואלמיו ק v. 37. ואיליו ק ibid. אליו ק ibid. מעליו ק 39. 41. ק״א עליהם v. 43. כצ״ל

34 אויף זיינען אין איהם צימערן צום אויסערליכען הויף און פּאַלמזיילען פון ביידע זייטען, עס איז געוועזן אַכט טרעפּ אַרויף צו געהן.

35 ער האָט מיר אויך אַריינגעבראַכט אין טהויער פון צפון זייט און אויס־געמאָסטען די זעלביגע מאָס.

36 זיינע צימערלאַך, זיילען און גרויסע צימערן ; רונד אַרום האָט ער פענסטער געהאַט, פופציג איילען די לענג און פינף־און־צוואַנציג איילען די ברייט.

37 זיינע זיילען זיינען אַרויסגעקומען צום אויסערליכען הויף — פּאַלמזיילען פון ביידע זייטען, עס איז געוועזן אַכט טרעפּ אַרויף צו געהן.

38 אויף אַ קליינער צימערל מיט אַ טהיר צו די זיילען פון די טהויערן — דאָרטען פלעגט מען אָבשווייִנקען דעם גאַנץ־אָפּפער.

39 אין איינגאַנגס־צימער זיינען געשטאַנען צוויי טישען אין איין זייט און צוויי טישען אין אַנדער זייט, אויף זיי פלעגט מען קוילען דעם גאַנץ־זינד־ און שולד־אָפּפער.

40 ביים זייט פון אויסערליכען אַרויפגאַנג צום טהיר פון צפון טהויער — צוויי טישען, און ביים אַנדער זייט פון אַריינגאַנגס צימער — צוויי טישען.

41 פיער טישען פון איין זייט און פיער טישען פון אַנדער זייט נעבען טהויער — אַכט טישען ; אויף זיי פלעגט מען שלאַכטען.

42 די פיער טישען פאַר דעם גאַנץ־אָפּפער, זיינען געוועזן פון געהאַקטע שטיי־נער איין אייל און אַ האַלב די לענג, איין אייל און אַ האַלב די ברייט און איין אייל די הויך ; אויף זיי פלעגט מען אַוועקלעגען די מעסערס מיט וועלכע מען קוילעט די גאַנץ־אָפּפער אָדער אַנדערע געשאָכטענע.

43 די הוקען (אויפצוהענגען) איין האַנדברייט, זיינען איינגעשרויפט געוועזן אין הויז רונד־אַרום, דער קערפּער פון קרבן (אָפּפער) איז אַראָבגעהאַנגען ביז די טישען.

44 אויסען דעם אינערליכען טהויער צימערלאַך פאַר די זינגערס אין אינערליכען הויף, צום זייט פון צפון־טהויער מיט אַ אַריינגאַנג דרום־צו, איינער צום זייט פון מזרח־טהויער געווענדעט צפון־צו.

45 און ער האָט צו מיר געזאָגט : דיעזער צימער וואָס קוקט אַרויס דרום־צו, איז פאַר די כהנים וואָס היטען די וואַך פונ׳ם הויז.

46 אויך דער צימער וואָס קוקט אַרויס צפון־צו, איז פאַר די כהנים וואָס הי־טען די וואַך פון מזבח (אַלטאַר), דאָס זיינען צדוק׳ס קינדער, (וועלכע שטאַמען פון לוי) וואָס זיינען בעשטימט צו דאָס געטליכע דיענסט.

47 ער האָט אויסגעמאָסטען דעם הויף — הונדערט איילען די לענג און הונדערט איילען די ברייט, פיער־עקיג ; דער מזבח איז געשטאַנען פאַר דאָס הויז.

48 ער האָט מיר אַריינגעבראַכט אין גרויסען צימער פון הויז און האָט אויסגעמאָסטען פונ׳ם זייל פון צימער פינף איילען פון איין זייט און פינף איילען פון אַנדער זייט, אויך די ברייט פון טהויער דריי איילען פון איין זייט און דריי איילען פון אַנדער זייט.

49 מִפּוֹ׃ אֹרֶךְ הָאֻלָם עֶשְׂרִים אַמָּה וְרֹחַב עַשְׁתֵּי עֶשְׂרֵה אַמָּה
וּבַמַּעֲלוֹת אֲשֶׁר יַעֲלוּ אֵלָיו וְעַמֻּדִים אֶל־הָאֵילִים אֶחָד
מִפֹּה וְאֶחָד מִפֹּה׃

## מא Cap. XLI. מא

א וַיְבִאֵנִי אֶל־הַהֵיכָל וַיָּמָד אֶת־הָאֵילִים שֵׁשׁ־אַמּוֹת רֹחַב
2 מִפּוֹ וְשֵׁשׁ־אַמּוֹת רֹחַב־מִפּוֹ רֹחַב הָאֹהֶל׃ וְרֹחַב הַפֶּתַח
עֶשֶׂר אַמּוֹת וְכִתְפוֹת הַפֶּתַח חָמֵשׁ אַמּוֹת מִפּוֹ וְחָמֵשׁ
אַמּוֹת מִפּוֹ וַיָּמָד אָרְכּוֹ אַרְבָּעִים אַמָּה וְרֹחַב עֶשְׂרִים
3 אַמָּה׃ וּבָא לִפְנִימָה וַיָּמָד אֵיל־הַפֶּתַח שְׁתַּיִם אַמּוֹת
4 וְהַפֶּתַח שֵׁשׁ אַמּוֹת וְרֹחַב הַפֶּתַח שֶׁבַע אַמּוֹת׃ וַיָּמָד אֶת־
אָרְכּוֹ עֶשְׂרִים אַמָּה וְרֹחַב עֶשְׂרִים אַמָּה אֶל־פְּנֵי הַהֵיכָל
ה וַיֹּאמֶר אֵלַי זֶה קֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים׃ וַיָּמָד קִיר הַבַּיִת שֵׁשׁ
אַמּוֹת וְרֹחַב הַצֵּלָע אַרְבַּע אַמּוֹת סָבִיב ׀ סָבִיב לַבַּיִת
6 סָבִיב׃ וְהַצְּלָעוֹת צֵלָע אֶל־צֵלָע שָׁלוֹשׁ וּשְׁלֹשִׁים פְּעָמִים
וּבָאוֹת בַּקִּיר אֲשֶׁר־לַבַּיִת לַצְּלָעוֹת סָבִיב ׀ סָבִיב לִהְיוֹת
7 אֲחוּזִים וְלֹא־יִהְיוּ אֲחוּזִים בְּקִיר הַבָּיִת׃ וְרָחֲבָה וְנָסְבָה
לְמַעְלָה לְמַעְלָה לַצְּלָעוֹת כִּי מוּסַב־הַבַּיִת לְמַעְלָה
לְמַעְלָה סָבִיב ׀ סָבִיב לַבַּיִת עַל־כֵּן רֹחַב לַבַּיִת לְמָעְלָה
8 וְכֵן הַתַּחְתּוֹנָה יַעֲלֶה עַל־הָעֶלְיוֹנָה לַתִּיכוֹנָה׃ וְרָאִיתִי לַבַּיִת
גֹּבַהּ סָבִיב ׀ סָבִיב מְיֻסְּדוֹת הַצְּלָעוֹת מְלוֹ הַקָּנֶה שֵׁשׁ
9 אַמּוֹת אַצִּילָה׃ רֹחַב הַקִּיר אֲשֶׁר־לַצֵּלָע אֶל־הַחוּץ חָמֵשׁ
י אַמּוֹת וַאֲשֶׁר מֻנָּח בֵּית צְלָעוֹת אֲשֶׁר לַבָּיִת׃ וּבֵין הַלְּשָׁכוֹת
11 רֹחַב עֶשְׂרִים אַמָּה סָבִיב לַבַּיִת סָבִיב ׀ סָבִיב׃ וּפֶתַח
הַצֵּלָע לַמֻּנָּח פֶּתַח אֶחָד דֶּרֶךְ הַצָּפוֹן וּפֶתַח אֶחָד לַדָּרוֹם
12 וְרֹחַב מְקוֹם הַמֻּנָּח חָמֵשׁ אַמּוֹת סָבִיב ׀ סָבִיב׃ וְהַבִּנְיָן
אֲשֶׁר אֶל־פְּנֵי הַגִּזְרָה פְּאַת דֶּרֶךְ־הַיָּם רֹחַב שִׁבְעִים אַמָּה
וְקִיר הַבִּנְיָן חָמֵשׁ־אַמּוֹת רֹחַב סָבִיב ׀ סָבִיב וְאָרְכּוֹ תִּשְׁעִים

אמה

מ״א v. 8. מסדות ק׳ ibid. כצ״ל

4 דאן האָט ער נאָך טויזענד אָבגעמאָסטען און האָט מיר אריבערגעפיהרט דאָס וואסער — ביז די קניע; ער האָט אָבגעמאָסטען נאָך טויזענד און האָט מיר אריבערגעפיהרט א וואסער ביז די לענדען.

5 ער האָט אָבגעמאָסטען נאָך טויזענד — א טייך וואָס איך קען ניט אריבער, ווארום דאָס וואסער איז זעהר הויך; א וואסער וואָס מען דארף שווימען — א טייך וואָס מען קען ניט אריבערגעהען.

6 און ער האָט צו מיר געזאָגט: „האָסטו געזעהען, מענשענקינד?" דאן האָט ער מיר צוריקגעפיהרט צום ברעג טייך.

7 ווען איך בין צוריקגעגאנגען ערשט אויפ'ן ברעג טייך זיינען זעהר גרויסע ביימער פון ביידע זייטען.

8 און ער האָט צו מיר געזאָגט: דיעזע וואסער געהען צו די איסטליכע פראָווינצען, פון דאָרט געהען זיי ארונטער צום פלוין; אזוי וועלען זיי פליסען פון איין ים אין אנדערן און ווען זיי געהען ארוים איז דאָס וואסער טרינקבאר.

9 וואו נאָר דער שטראָם וועט קומען טייכלעכווייז וועט אַלס לעבעדיגעס און קריכענדעס אָבלעבען און עס וועט זיין פיעל פיש; וואו נאָר דיעזע וואסערן וועלען קומען וועט אלס פריש און לעבעדיג ווערען, וואו נאָר עס וועט שטראָמען איינער פון די טייכלאך.

10 עס וועט ווערען א פלאץ וואו עס וועלען שטעהען פישער פון עין גדי ביז עין עגלים, עס וועט זיין אויסצושפרייטען נעצען; די פיש וועלען זיין פונאנדערגעטהיילט אין פערשיעדענע ארטען, אזוי פיעל ווי די פיש פון גרויסען ים.

11 בלויז די זומפען אין וואסערגריבער וועלען ניט אנדערש ווערען, זיי וועלען בלייבען געזאלצען.

12 ארום טייך, פון ביידע זייטען, וועלען וואקסען פערשיעדענע פרוכט־ביימער, עס וועט פון זיי קיין בלאַט וועלקען און קיין פרוכט אויסגעהען— עס וועט צייטיגע פרוכט געבען יעדער מאָנאַט, ווארום זיינע וואַסערען ציהען זיך פון היילינגטהום; זיינע פרוכט וועלען גוט זיין צום עסען און זיינע בלעטער צום היילמיטעל.

13 אזוי זאָגט דער אלמעכטיגער — אַט דאָס איז דער גרענעץ ביז וועלכען איהר זאָלט איינטהיילען דאָס לאַנד צו די צוועלף שטאַמען פון ישראל, יוסף בעקומט צוויי טהיילען.

14 איהר זאָלט פאַנאַנדערטהיילען צו איינעם ווי צום צווייטען אַט דאָס לאַנד וואָס איך האָב געשוואָרען צו געבען אייערע עלטערען, אַט דיעזע לאַנד וועט אַלס ערבטהיילען בלייבען ביי אייך.

15 דאָס איז דער גרענעץ פון לאַנד צום צפון ברעג, פון גרויסען ים וואָס געהט דורך חתלון און געהט אריין אין צדד.

16 חמת, ברותה און סברים וואָס צווישען די גרענעצען פון דמשק און חמת, דער אינערליכער הויף וואָס ביי'ן גרענעץ פון חורן.

17 דער גרענעץ פון ים זייט ביז חצר עינון איז דער גרענעץ פון דמשק ביז אין טיעף צפון און דער גרענעץ פון חמת מיט דעם זייט פון צפון.

18 דער מזרח זייט פון צווישען חורן, דמשק, גלעד און דאָס לאַנד פון ישראל, איז דער ירדן גרענעץ ביז דעם איסטליכען ים זאָלט איהר מעסטען, איינ־שליעסענד דעם מזרח זייט.

19 דער ברעג פון עכט דרום פון תמר ביז מי־מריבות אָדער קדש, א טייכעל נעבען גרויסען ים; דאָס איז דער דרום ברעג.

כ הַיָּם הַגָּדוֹל וְאֵת פְּאַת־תֵּימָנָה נֶגְבָּה׃ וּפְאַת־יָם הַיָּם הַגָּדוֹל
21 מִגְּבוּל עַד־נֹכַח לְבוֹא חֲמָת זֹאת פְּאַת־יָם׃ וְחִלַּקְתֶּם אֶת־
22 הָאָרֶץ הַזֹּאת לָכֶם לְשִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל׃ וְהָיָה תַּפִּלוּ אוֹתָהּ
בְּנַחֲלָה לָכֶם וּלְהַגֵּרִים הַגָּרִים בְּתוֹכְכֶם אֲשֶׁר־הוֹלִדוּ בָנִים
בְּתוֹכְכֶם וְהָיוּ לָכֶם כְּאֶזְרָח בִּבְנֵי יִשְׂרָאֵל אִתְּכֶם יִפְּלוּ
23 בְנַחֲלָה בְּתוֹךְ שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל׃ וְהָיָה בַשֵּׁבֶט אֲשֶׁר־גָּר הַגֵּר
אִתּוֹ שָׁם תִּתְּנוּ נַחֲלָתוֹ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃

## CAP. XLVIII. מח

מח

א וְאֵלֶּה שְׁמוֹת הַשְּׁבָטִים מִקְצֵה צָפוֹנָה אֶל־יַד דֶּרֶךְ־חֶתְלֹן ׀
לְבוֹא־חֲמָת חֲצַר עֵינָן גְּבוּל דַּמֶּשֶׂק צָפוֹנָה אֶל־יַד חֲמָת
2 וְהָיוּ־לוֹ פְאַת־קָדִים הַיָּם דָּן אֶחָד׃ וְעַל ׀ גְּבוּל דָּן מִפְּאַת
3 קָדִים עַד־פְּאַת יָמָּה אָשֵׁר אֶחָד׃ וְעַל ׀ גְּבוּל אָשֵׁר מִפְּאַת
4 קָדִימָה וְעַד־פְּאַת־יָמָּה נַפְתָּלִי אֶחָד׃ וְעַל ׀ גְּבוּל נַפְתָּלִי
ה מִפְּאַת קָדְמָה עַד־פְּאַת יָמָּה מְנַשֶּׁה אֶחָד׃ וְעַל ׀ גְּבוּל
6 מְנַשֶּׁה מִפְּאַת קָדְמָה עַד־פְּאַת יָמָּה אֶפְרַיִם אֶחָד׃ וְעַל ׀
גְּבוּל אֶפְרַיִם מִפְּאַת קָדִים וְעַד־פְּאַת־יָמָּה רְאוּבֵן אֶחָד׃
7 וְעַל ׀ גְּבוּל רְאוּבֵן מִפְּאַת קָדִים עַד־פְּאַת יָמָּה יְהוּדָה אֶחָד׃
8 וְעַל גְּבוּל יְהוּדָה מִפְּאַת קָדִים עַד־פְּאַת יָמָּה תִּהְיֶה
הַתְּרוּמָה אֲשֶׁר־תָּרִימוּ חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף רֹחַב וְאֹרֶךְ
כְּאַחַד הַחֲלָקִים מִפְּאַת קָדִימָה עַד־פְּאַת־יָמָּה וְהָיָה
9 הַמִּקְדָּשׁ בְּתוֹכוֹ׃ הַתְּרוּמָה אֲשֶׁר תָּרִימוּ לַיהוָה אֹרֶךְ
י חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף וְרֹחַב עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים׃ וּלְאֵלֶּה
תִּהְיֶה תְרוּמַת־הַקֹּדֶשׁ לַכֹּהֲנִים צָפוֹנָה חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים
אֶלֶף וְיָמָּה רֹחַב עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים וְקָדִימָה רֹחַב עֲשֶׂרֶת
אֲלָפִים וָנֶגְבָּה אֹרֶךְ חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אָלֶף וְהָיָה מִקְדַּשׁ־
11 יְהוָה בְתוֹכוֹ׃ לַכֹּהֲנִים הַמְקֻדָּשׁ מִבְּנֵי צָדוֹק אֲשֶׁר שָׁמְרוּ
מִשְׁמַרְתִּי אֲשֶׁר לֹא־תָעוּ בִּתְעוֹת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל כַּאֲשֶׁר תָּעוּ

הלוים

מ״ח v. 8. כצ״ל. v. 10. ב׳ טעמים

20 דער מערב ברעג איז דער גרויסער ים, פון גרענעץ ביז קעגנאיבער דעם אַריינגאַנג פון חמת; דאָס איז דער מערב ברעג.

21 דאָס לאַנד זאָלט איהר צווישען זיך צוטהיילען לויט די שטאַמען פון ישראל.

22 איהר זאָלט עס [מיט אַ גורל] פונאַנדער איינטהיילען פאַר אייך און פרעמדלינגע וואָס וואָהנען צווישען אייך און וועלען ביי אייך קינדער האָבען; זיי זאָלען ביי אייך זיין ווי די איינגעבאָרענע אונטער די קינדער־ישראל גלייך מיט אייך זאָל מען זיי אַ טהייל צו וואַרפען צווישען די שטאַמען פון ישראל.

23 אין דעם שטאַם וואָס דער פרעמדלינג וואהנט, דאָרט זאָלט איהר איהם אַ טהייל געבען — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.

## קאַפּיטעל מח

1 דאָס זיינען די נעמען פון די שטאַמען פון צפון ברעג געהענדיג צו חתלון ביי'ן אַריינגאַנג פון חמת — עינן, דער גרענעץ פון דמשק צפון צו, נעבען חמת, צוזאַמען מיט דעם מזרח ברעג פון ים — איין טהייל פאַר דן.

2 נעבען דן'ס גרענעץ, פון מזרח ברעג ביז דעם מערב ברעג — איין טהייל פאַר אשר.

3 נעבען אשר'ס גרענעץ פון מזרח ברעג ביז מערב ברעג — איין טהייל פאַר נפתלי.

4 נעבען נפתלי'ס גרענעץ, פון מזרח ברעג ביז מערב ברעג — איין טהייל פאַר מנשה.

5 נעבען מנשה'ס גרענעץ, פון מזרח ברעג ביז מערב ברעג — איין טהייל פאַר אפרים.

6 נעבען אפרים'ס גרענעץ, פון מזרח ברעג ביז מערב ברעג — איין טהייל פאַר ראובן.

7 נעבען ראובן'ס גרענעץ, פון מזרח ברעג ביז מערב ברעג — איין טהייל פאַר יהודה.

8 נעבען יהודה'ס גרענעץ, פון מזרח ברעג ביז מערב ברעג, זאָל זיין דער אָבגעטהיילטער פּלאַץ וואָס איהר דאַרפט אָבטהיילען, פינף און צוואַנציג טויזענד (איילען) די ברייט, און די לענג ווי איינער פון די טהיילען וועלכע ציהען זיך פון מזרח ברעג ביז מערב ברעג; אין דעם אָרט זאָל דאָס הייליגע הויז זיין.

9 דער פּלאַץ וועלכען איהר דאַרפט אָבטהיילען פאַר גאָט זאָל זיין פינף־און־צוואַנציג טויזענד (איילען) די לענג און צעהן טויזענד די ברייט.

10 פאַר דיעזע — פאַר די כהנים, זאָל זיין דאָס אָבגעטהיילטע הייליגע לאַנד: אין צפון זייט פינף־און־צוואַנציג טויזענד איילען (די לענג), אין מערב זייט צעהן טויזענד איילען די ברייט אויך אין מזרח זייט צעהן טויזענד איילען די ברייט; אין דרום זייט פינף־און־צוואַנציג טויזענד איילען די לענג. אויף דעם פּלאַץ זאָל גאָט'ס הייליגטהום זיין.

11 פאַר די כהנים פון'ם הייליגטהום, וואָס שטאַמען פון צדוק, וועלכע האָבען אָבגעהיט מיינע בעפעהלען און האָבען ניט צוזאַמען מיט די קינדער ישראל אָבגעטראָטען פון מיר ווי די לוים האָבען געטהאָן;

12 הַלְוִיִּם׃ וְהָיְתָה לָהֶם תְּרוּמִיָּה מִתְּרוּמַת הָאָרֶץ קֹדֶשׁ
13 קָדָשִׁים אֶל־גְּבוּל הַלְוִיִּם׃ וְהַלְוִיִּם לְעֻמַּת גְּבוּל הַכֹּהֲנִים
חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף אֹרֶךְ וְרֹחַב עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים כָּל־אֹרֶךְ
14 חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף וְרֹחַב עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים׃ וְלֹא־יִמְכְּרוּ
מִמֶּנּוּ וְלֹא יָמֵר וְלֹא יַעֲבוֹר רֵאשִׁית הָאָרֶץ כִּי־קֹדֶשׁ לַיהוָה׃
טו וַחֲמֵשֶׁת אֲלָפִים הַנּוֹתָר בָּרֹחַב עַל־פְּנֵי חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים
אֶלֶף חֹל־הוּא לָעִיר לְמוֹשָׁב וּלְמִגְרָשׁ וְהָיְתָה הָעִיר בְּתוֹכֹה׃
16 וְאֵלֶּה מִדּוֹתֶיהָ פְּאַת צָפוֹן חֲמֵשׁ מֵאוֹת וְאַרְבַּעַת אֲלָפִים
וּפְאַת־נֶגֶב חֲמֵשׁ חמש מֵאוֹת וְאַרְבַּעַת אֲלָפִים וּמִפְּאַת
קָדִים חֲמֵשׁ מֵאוֹת וְאַרְבַּעַת אֲלָפִים וּפְאַת־יָמָּה חֲמֵשׁ
17 מֵאוֹת וְאַרְבַּעַת אֲלָפִים׃ וְהָיָה מִגְרָשׁ לָעִיר צָפוֹנָה
חֲמִשִּׁים וּמָאתַיִם וְנֶגְבָּה חֲמִשִּׁים וּמָאתָיִם וְקָדִימָה חֲמִשִּׁים
18 וּמָאתָיִם וְיָמָּה חֲמִשִּׁים וּמָאתָיִם׃ וְהַנּוֹתָר בָּאֹרֶךְ לְעֻמַּת ׀
תְּרוּמַת הַקֹּדֶשׁ עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים קָדִימָה וַעֲשֶׂרֶת אֲלָפִים
יָמָּה וְהָיָה לְעֻמַּת תְּרוּמַת הַקֹּדֶשׁ וְהָיְתָה תְבוּאָתֹה לְלֶחֶם
19 לְעֹבְדֵי הָעִיר׃ וְהָעֹבֵד הָעִיר יַעַבְדוּהוּ מִכֹּל שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל׃
כ כָּל־הַתְּרוּמָה חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף בַּחֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים
אֶלֶף רְבִיעִית תָּרִימוּ אֶת־תְּרוּמַת הַקֹּדֶשׁ אֶל־אֲחֻזַּת הָעִיר׃
21 וְהַנּוֹתָר לַנָּשִׂיא מִזֶּה ׀ וּמִזֶּה ׀ לִתְרוּמַת־הַקֹּדֶשׁ וְלַאֲחֻזַּת
הָעִיר אֶל־פְּנֵי חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף ׀ תְּרוּמָה עַד־גְּבוּל
קָדִימָה וְיָמָּה עַל־פְּנֵי חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף עַל־גְּבוּל יָמָּה
לְעֻמַּת חֲלָקִים לַנָּשִׂיא וְהָיְתָה תְּרוּמַת הַקֹּדֶשׁ וּמִקְדַּשׁ
22 הַבַּיִת בְּתוֹכֹה׃ וּמֵאֲחֻזַּת הַלְוִיִּם וּמֵאֲחֻזַּת הָעִיר בְּתוֹךְ אֲשֶׁר
לַנָּשִׂיא יִהְיֶה בֵּין ׀ גְּבוּל יְהוּדָה וּבֵין גְּבוּל בִּנְיָמִן לַנָּשִׂיא
23 יִהְיֶה׃ וְיֶתֶר הַשְּׁבָטִים מִפְּאַת קָדִימָה עַד־פְּאַת־יָמָּה בִּנְיָמִן
24 אֶחָד׃ וְעַל ׀ גְּבוּל בִּנְיָמִן מִפְּאַת קָדִימָה עַד־פְּאַת־יָמָּה
כה שִׁמְעוֹן אֶחָד׃ וְעַל ׀ גְּבוּל שִׁמְעוֹן מִפְּאַת קָדִימָה עַד־פְּאַת־

ימה

v. 14. יעביר ק׳ v. 15. בתוכו ק׳ v. 16. חמש כתוב ולא ק v. 18. תבואתו ק v. 21. בתוכו קרי

12 פאַר זיי זאָל זיין דאָס אָבגעטהיילטע פון דאָס לאַנד איינטהיילונג, דאָס איז אַלס היילינעס בעשטימט פאַר דעם גרענעץ פון די לוים.

13 די לוים זאָלען האָבען, קעגענאיבער די כהנים'ס גרענעץ, פינף־און־צוואַנ־ציג טויזענד די לענג און צעהן טויזענד די ברייט, ד. ה. דעם גאַנצען לענג פון פינף־און־צוואַנציג טויזענד און די ברייט פון צעהן טויזענד.

14 דערפון זאָל ניט פערקויפט ווערען אויך ניט אויסגעביטען ווערען, אום עס זאָל צו קיינעם ניט אַריבער די הויפּט־לאַנד, ד. ה. דאָס פערהייליגטע צו גאָט.

15 די פינף טויזענד וואָס בלייבט איבער פון די ברייט אין פאָרענט פון די פינף־ און־צוואַנציג טויזענד, דאָס איז אונהייליג אַלס אַ שמאָרט צום וואָהנען און פארשטעדט, דאָרטען זאָל די שטאָדט זיין.

16 דאָס איז איהר אויסמעסטונג : אין צפון ברעג פיער טויזענד פינף הונדערט, אין דרום זייט פיער טויזענד פינף הונדערט, אין מזרח זייט פיער טויזענד פינף הונדערט אין מערב זייט פיער טויזענד פינף הונדערט.

17 אַ פאָרשטאָדט זאָל די שטאָדט האָבען אין צפון זייט צוויי הונדערט און פופציג, דרום זייט צוויי הונדערט און פופציג, מזרח זייט צוויי הונדערט און פופציג און מערב זייט צוויי הונדערט און פופציג.

18 דאָס געבליעבענע פון די לענג קעגענאיבער דאָס היילינע איינטהיילונג, צעהן טויזענד אין מזרח זייט און צעהן טויזענד אין מערב זייט, דאָס זאָל זיין קעגענאיבער דאָס היילינע איינטהיילונג, דאָרטען זאָל געטריידע וואקסען צו שפּייז פאַר די אַרבייטער פון שטאָדט.

19 די שטאָדט אַרבייטער קענען זיין פון אַלע שטאַמען ישראל'ס.

20 דער גאַנצער אָבגעטהיילטער פּלאַץ זאָל זיין פינף־און־צוואַנציג טויזענד אויף פינף־און־צוואַנציג טויזענד ; איין פיערטעל דערפון זאָלט איהר אָבטהיילען, אַלס היילינע אָבטהיילונג פאַר שטאָדט אייגענטהום.

21 וואָס עס בלייבט פון ביידע זייטען פונ'ם פירשט'ס אייגענטהום, ווי פון דאָס היילינע איינטהיילונג אזוי פון שטאָדט־אייגענטהום, אין פאָרענט פון די פינף־און־צוואַנציג טויזענד אָבגעטהיילטע ביי די גרענעצען פון מזרח און מערב זייטען ; אויך אין פאָרענט פון די פינף־און־צוואַנציג טויזענד ביי'ן מערב גרענעץ נעבען די איינטהיילונגען דעם פירשט'ס, דאָס זאָל זיין דאָס טהייל פאַר'ן היילינטהום, אויף דעם אָרט זאָל זיין דאָס היילינע הויז.

22 פון די לוים'ס אייגענטהום אויך פון די אינערליכע שטאָדט־אייגענטהום, זאָל געהערען צום פירשט ; דאָס וואָס עס ליעגט צווישען די גרענעצען פון יהודה און בנימין, זאָל געהערען צום פירשט.

23 פאַר די איבעריגע שטאַמען : פון מזרח ברעג ביז מערב ברעג — איין טהייל פאַר בנימין.

24 נעבען בנימין'ס גרענעץ, פון מזרח ברעג ביז מערב ברעג — איין טהייל פאַר שמעון.

25 נעבען שמעון'ס גרענעץ, פון מזרח ברעג ביז מערב ברעג — איין טהייל פאַר יששכר.

26 יָ֑מָּה יִשָּׂשכָ֣ר אֶחָֽד׃ וְעַ֣ל ׀ גְּב֣וּל יִשָּׂשכָ֗ר מִפְּאַ֥ת קָדִ֖ימָה
27 עַד־פְּאַת־יָ֑מָּה זְבוּלֻ֖ן אֶחָֽד׃ וְעַ֣ל ׀ גְּב֣וּל זְבוּלֻ֔ן מִפְּאַ֥ת קָדְמָ֖ה
28 עַד־פְּאַת־יָ֑מָּה גָּ֖ד אֶחָֽד׃ וְעַל֙ גְּב֣וּל גָּ֔ד אֶל־פְּאַ֥ת נֶ֖גֶב תֵּימָ֑נָה
וְהָיָ֨ה גְב֜וּל מִתָּמָ֗ר מֵ֚י מְרִיבַ֣ת קָדֵ֔שׁ נַחֲלָ֖ה עַל־הַיָּ֥ם הַגָּדֽוֹל׃
29 זֹ֥את הָאָ֛רֶץ אֲשֶׁר־תַּפִּ֥ילוּ מִֽנַּחֲלָ֖ה לְשִׁבְטֵ֣י יִשְׂרָאֵ֑ל וְאֵ֙לֶּה֙
ל מַחְלְקֹתָ֔ם נְאֻ֖ם אֲדֹנָ֥י יֱהֹוִֽה׃ וְאֵ֖לֶּה תּוֹצְאֹ֣ת הָעִ֑יר
31 מִפְּאַ֣ת צָפ֔וֹן חֲמֵ֥שׁ מֵא֛וֹת וְאַרְבַּ֥עַת אֲלָפִ֖ים מִדָּֽה׃ וְשַׁעֲרֵ֣י
הָעִ֗יר עַל־שְׁמוֹת֙ שִׁבְטֵ֣י יִשְׂרָאֵ֔ל שְׁעָרִ֥ים שְׁלוֹשָׁ֖ה צָפ֑וֹנָה
32 שַׁ֧עַר רְאוּבֵ֣ן אֶחָ֗ד שַׁ֤עַר יְהוּדָה֙ אֶחָ֔ד שַׁ֥עַר לֵוִ֖י אֶחָֽד׃ וְאֶל־
פְּאַ֣ת קָדִ֗ימָה חֲמֵ֤שׁ מֵאוֹת֙ וְאַרְבַּ֣עַת אֲלָפִ֔ים וּשְׁעָרִ֖ים
שְׁלֹשָׁ֑ה וְשַׁ֨עַר יוֹסֵ֜ף אֶחָ֗ד שַׁ֤עַר בִּנְיָמִן֙ אֶחָ֔ד שַׁ֥עַר דָּ֖ן אֶחָֽד׃
33 וּפְאַת־נֶ֗גְבָּה חֲמֵ֨שׁ מֵא֜וֹת וְאַרְבַּ֤עַת אֲלָפִים֙ מִדָּ֔ה וּשְׁעָרִ֖ים
שְׁלֹשָׁ֑ה שַׁ֨עַר שִׁמְע֜וֹן אֶחָ֗ד שַׁ֤עַר יִשָּׂשכָר֙ אֶחָ֔ד שַׁ֥עַר זְבוּלֻ֖ן
34 אֶחָֽד׃ פְּאַת־יָ֗מָּה חֲמֵ֤שׁ מֵאוֹת֙ וְאַרְבַּ֣עַת אֲלָפִ֔ים שַׁעֲרֵיהֶ֖ם
שְׁלֹשָׁ֑ה שַׁ֨עַר גָּ֜ד אֶחָ֗ד שַׁ֤עַר אָשֵׁר֙ אֶחָ֔ד שַׁ֥עַר נַפְתָּלִ֖י אֶחָֽד׃
סָבִ֕יב שְׁמֹנָ֥ה עָשָׂ֖ר אָ֑לֶף וְשֵׁם־הָעִ֥יר מִיּ֖וֹם יְהוָ֥ה ׀ שָֽׁמָּה׃

# חזק

סכום הפסוקים של יחזקאל אלף ומאתים ושבעים ושלשה. כאיל
תערג על אפיקי מים כן נפשי תערג אליך אלהים סימן. וחציו.
ויהי בעשתי עשרה שנה באחד לחדש. וסדריו תשעה ועשרים
ותרא אתו כי טוב הוא סימן:

26 נעבען יששכר'ס גרענעץ, פון מזבח ברעג ביז מערב ברעג — איין טהייל פאר זבולן.

27 נעבען זבולן'ס גרענעץ, פון מזרח ברעג ביז מערב ברעג — איין טהייל פאר גד.

28 נעבען גד'ס גרענעץ, צום דרום ברעג, זאל זיין דער גרענעץ פון תמר און דעם טייכעל מי־מריבת־קדש ביז דעם גרויסען ים.

29 דאס איז דאס לאנד וועלכע איהר זאלט דורך גורל־ווארפען צוטהיילען צו די שטאמען ישראל'ס, און דאס זיינען זייערע איינטהלונגען — זאגט גאט דער אלמעכטיגער.

30 דאס זיינען די ארויסגאנגען פון שטאדט : פון צפון ברעג פיער טויזענד פינף הונדערט איילען, אויסגעמאסטען.

31 די טהויערען פון שטאדט נאך די נעמען פון די שטאמען ישראל'ס, די דריי פון צפון — איין טהויער ראובן, איין טהויער יהודה, איין טהויער לוי.

32 אין מזרח ברעג — פיער טויזענד פינף הונדערט און דריי טהויערען : איין טהויער יוסף, איין טהויער בנימין, איין טהויער דן.

33 אין דרום זייט — פיער טויזענד פינף הונדערט איילען, אויסגעמאסטען און דריי טהויערען : איין טהויער שמעון, איין טהויער יששכר, איין טהויער זבולן.

34 אין מערב זייט — פיער טויזענד פינף הונדערט און דריי טהויערען : איין טהויער גד, איין טהויער אשר, איין טהויער נפתלי.

35 דער אומקרייז איז געווען אכטצעהן טויזענד ; דער נאמען פון שטאדט איז פון יעצט — „גאט־איז־דארטען".

## חזק.

אין יחזקאל געפינען זיך טויזענד צוויי הונדערט דריי און זיעבעציג פסוקים און אכט און פערציג קאפיטלאך.

# הושע

# LIBER HOSEÆ.

## CAPUT I. א

א דְּבַר־יְהוָה אֲשֶׁר הָיָה אֶל־הוֹשֵׁעַ בֶּן־בְּאֵרִי בִּימֵי עֻזִּיָּה
יוֹתָם אָחָז יְחִזְקִיָּה מַלְכֵי יְהוּדָה וּבִימֵי יָרָבְעָם בֶּן־יוֹאָשׁ
מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל׃ 2 תְּחִלַּת דִּבֶּר־יְהוָה בְּהוֹשֵׁעַ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־
הוֹשֵׁעַ לֵךְ קַח־לְךָ אֵשֶׁת זְנוּנִים וְיַלְדֵי זְנוּנִים כִּי־זָנֹה תִזְנֶה
הָאָרֶץ מֵאַחֲרֵי יְהוָה׃ 3 וַיֵּלֶךְ וַיִּקַּח אֶת־גֹּמֶר בַּת־דִּבְלָיִם
וַתַּהַר וַתֵּלֶד לוֹ בֵּן׃ 4 וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלָיו קְרָא שְׁמוֹ יִזְרְעֶאל
כִּי־עוֹד מְעַט וּפָקַדְתִּי אֶת־דְּמֵי יִזְרְעֶאל עַל־בֵּית יֵהוּא
וְהִשְׁבַּתִּי מַמְלְכוּת בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ ה וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא וְשָׁבַרְתִּי
אֶת־קֶשֶׁת יִשְׂרָאֵל בְּעֵמֶק יִזְרְעֶאל׃ 6 וַתַּהַר עוֹד וַתֵּלֶד בַּת
וַיֹּאמֶר לוֹ קְרָא שְׁמָהּ לֹא רֻחָמָה כִּי לֹא אוֹסִיף עוֹד אֲרַחֵם
אֶת־בֵּית יִשְׂרָאֵל כִּי־נָשֹׂא אֶשָּׂא לָהֶם׃ 7 וְאֶת־בֵּית יְהוּדָה
אֲרַחֵם וְהוֹשַׁעְתִּים בַּיהוָה אֱלֹהֵיהֶם וְלֹא אוֹשִׁיעֵם בְּקֶשֶׁת
וּבְחֶרֶב וּבְמִלְחָמָה בְּסוּסִים וּבְפָרָשִׁים׃ 8 וַתִּגְמֹל אֶת־לֹא
רֻחָמָה וַתַּהַר וַתֵּלֶד בֵּן׃ 9 וַיֹּאמֶר קְרָא שְׁמוֹ לֹא עַמִּי כִּי אַתֶּם
לֹא עַמִּי וְאָנֹכִי לֹא־אֶהְיֶה לָכֶם׃

ב

## Cap. II. ב

א וְהָיָה מִסְפַּר בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל כְּחוֹל הַיָּם אֲשֶׁר לֹא־יִמַּד וְלֹא
יִסָּפֵר וְהָיָה בִּמְקוֹם אֲשֶׁר־יֵאָמֵר לָהֶם לֹא־עַמִּי אַתֶּם
יֵאָמֵר לָהֶם בְּנֵי אֵל־חָי׃ 2 וְנִקְבְּצוּ בְּנֵי־יְהוּדָה וּבְנֵי־יִשְׂרָאֵל
יַחְדָּו וְשָׂמוּ לָהֶם רֹאשׁ אֶחָד וְעָלוּ מִן־הָאָרֶץ כִּי גָדוֹל יוֹם

יזרעאל

v. 1. הפטרת במדבר סיני

# הושע

## קאַפּיטעל א

1 גאָט'ס וואָרט וואָס איז געווען צו הושע, בארי'ס זוהן, אין די צייטען פון עזיה, יותם, אחז און יחזקיה, די קעניגע פון יהודה, אויך אין די צייטען פון ירבעם, יואש'ס זוהן, קעניג פון ישראל.

2 די ערשטע רעדע גאָט'ס צו הושע'ן. גאָט האָט צו הושע'ן געזאָגט: געה הייראטה אַ גאַסען־פרוי, וועלכע האָט קינדער פון אויסגעלאסענ־הייט, ווארום דאָס לאַנד וועט זאַ־ווי־זאַ אָבקעהרען פון גאָט."

3 ער איז געגאנגען און געהייראטה גמר, דבלים'ס טאָכטער, זי איז שוואנ־גער געוואָרען און האָט איהם אַ זוהן געבוירען.

4 דאן האָט גאָט צו איהם געזאָגט: גיב איהם אַ נאָמען „יזרעאל", ווא־רום אין אַ קורצע צייט וועל איך אויפמאהנען יזרעאל'ס בלוט פון יהוא'ס הויז און וועל צושטערען די רעגיערונג פונ'ם הויז ישראל.

5 אין יענער צייט וועל איך צוברעכען ישראל'ס בויגען אינ'ם טהאָל יזרעאל.

6 זי איז ווידער שוואנגער געוואָרען און האָט אַ טאָכטער געבאָרען; האָט גאָט צו איהם געזאָגט: גיב איהר אַ נאָמען „לא־רחמה", ווארום איך וועל שוין מעהר קיין מיטלייד האָבען מיט דאָס הויז ישראל אזוי ווי איך האָב זיי אלץ פערצייהט ביז יעצט.

7 אָבער מיט דעם הויז פון יהודה וועל איך מיטלייד האָבען און איך וועל זיי העלפען זאָ וואהר ווי איך בין זייער גאָט; איך וועל זיי ניט העלפען דורך בויגענס, שווערדען און קריעג, דורך פערד און רייטער.

8 אז זי האָט ענטוועהנט לא־רחמה'ן איז זי שוואנגער געוואָרען און נאָך אַ זוהן געבוירען.

9 האָט ער געזאָגט: גיב איהם אַ נאָמען „לא־עמי", ווארום, קוים זייט איהר ניט מיין פאָלק וועל איך מיט אייך ניט זיין.

## קאַפּיטעל ב

1 די צאָהל פון די קינדער ישראל וועט זיין ווי די זאַמד ביים ים, וועלכע מען קען ניט מעסטען און ניט צעהלען; דאן וועט עס געשעהען אז אָנשטאָט וואָס מען זאָגט יעצט צו זיי: „איהר זייט ניט מיין פאָלק!" וועט מען צו זיי זאָגען: „איהר זייט די קינדער פונ'ם לעבעדיגען גאָט.

2 דאן וועלען זיך צוזאמענקומען די קינדער יהודה מיט די קינדער ישראל, זיי וועלען זיך אָנשטעלען אַן הויפטמאַן און אוועקגעהן פונ'ם לאַנד — גרויס וועט זיין דער טאָג פון דער געטליכער פערזאמלונג!

3 4 יִזְרְעֶאל׃ אִמְרוּ לַאֲחֵיכֶם עַמִּי וְלַאֲחוֹתֵיכֶם רֻחָמָה׃ רִיבוּ
בְאִמְּכֶם רִיבוּ כִּי־הִיא לֹא אִשְׁתִּי וְאָנֹכִי לֹא אִישָׁהּ וְתָסֵר
ה זְנוּנֶיהָ מִפָּנֶיהָ וְנַאֲפוּפֶיהָ מִבֵּין שָׁדֶיהָ׃ פֶּן־אַפְשִׁיטֶנָּה
עֲרֻמָּה וְהִצַּגְתִּיהָ כְּיוֹם הִוָּלְדָהּ וְשַׂמְתִּיהָ כַמִּדְבָּר וְשַׁתִּהָ
6 כְּאֶרֶץ צִיָּה וַהֲמִתִּיהָ בַּצָּמָא׃ וְאֶת־בָּנֶיהָ לֹא אֲרַחֵם כִּי־
7 בְנֵי זְנוּנִים הֵמָּה׃ כִּי זָנְתָה אִמָּם הֹבִישָׁה הוֹרָתָם כִּי
אָמְרָה אֵלְכָה אַחֲרֵי מְאַהֲבַי נֹתְנֵי לַחְמִי וּמֵימַי צַמְרִי
8 וּפִשְׁתִּי שַׁמְנִי וְשִׁקּוּיָי׃ לָכֵן הִנְנִי־שָׂךְ אֶת־דַּרְכֵּךְ בַּסִּירִים
9 וְגָדַרְתִּי אֶת־גְּדֵרָהּ וּנְתִיבוֹתֶיהָ לֹא תִמְצָא׃ וְרִדְּפָה אֶת־
מְאַהֲבֶיהָ וְלֹא־תַשִּׂיג אֹתָם וּבִקְשָׁתַם וְלֹא תִמְצָא וְאָמְרָה
אֵלְכָה וְאָשׁוּבָה אֶל־אִישִׁי הָרִאשׁוֹן כִּי טוֹב לִי אָז מֵעָתָּה׃
י וְהִיא לֹא יָדְעָה כִּי אָנֹכִי נָתַתִּי לָהּ הַדָּגָן וְהַתִּירוֹשׁ
11 וְהַיִּצְהָר וְכֶסֶף הִרְבֵּיתִי לָהּ וְזָהָב עָשׂוּ לַבָּעַל׃ לָכֵן אָשׁוּב
וְלָקַחְתִּי דְגָנִי בְּעִתּוֹ וְתִירוֹשִׁי בְּמוֹעֲדוֹ וְהִצַּלְתִּי צַמְרִי
12 וּפִשְׁתִּי לְכַסּוֹת אֶת־עֶרְוָתָהּ׃ וְעַתָּה אֲגַלֶּה אֶת־נַבְלֻתָהּ
13 לְעֵינֵי מְאַהֲבֶיהָ וְאִישׁ לֹא־יַצִּילֶנָּה מִיָּדִי׃ וְהִשְׁבַּתִּי כָּל־
14 מְשׂוֹשָׂהּ חַגָּהּ חָדְשָׁהּ וְשַׁבַּתָּהּ וְכֹל מוֹעֲדָהּ׃ וַהֲשִׁמֹּתִי
גַּפְנָהּ וּתְאֵנָתָהּ אֲשֶׁר אָמְרָה אֶתְנָה הֵמָּה לִי אֲשֶׁר נָתְנוּ־
טו לִי מְאַהֲבָי וְשַׂמְתִּים לְיַעַר וַאֲכָלָתַם חַיַּת הַשָּׂדֶה׃ וּפָקַדְתִּי
עָלֶיהָ אֶת־יְמֵי הַבְּעָלִים אֲשֶׁר תַּקְטִיר לָהֶם וַתַּעַד נִזְמָהּ
וְחֶלְיָתָהּ וַתֵּלֶךְ אַחֲרֵי מְאַהֲבֶיהָ וְאֹתִי שָׁכְחָה נְאֻם־יְהוָה׃
16 לָכֵן הִנֵּה אָנֹכִי מְפַתֶּיהָ וְהֹלַכְתִּיהָ הַמִּדְבָּר וְדִבַּרְתִּי עַל־
17 לִבָּהּ׃ וְנָתַתִּי לָהּ אֶת־כְּרָמֶיהָ מִשָּׁם וְאֶת־עֵמֶק עָכוֹר לְפֶתַח
תִּקְוָה וְעָנְתָה שָּׁמָּה כִּימֵי נְעוּרֶיהָ וּכְיוֹם עֲלוֹתָהּ מֵאֶרֶץ־
18 מִצְרָיִם׃ וְהָיָה בַיּוֹם־הַהוּא נְאֻם־יְהוָה תִּקְרְאִי אִישִׁי
19 וְלֹא־תִקְרְאִי־לִי עוֹד בַּעְלִי׃ וַהֲסִרֹתִי אֶת־שְׁמוֹת הַבְּעָלִים
כ מִפִּיהָ וְלֹא־יִזָּכְרוּ עוֹד בִּשְׁמָם׃ וְכָרַתִּי לָהֶם בְרִית בַּיּוֹם
הַהוּא עִם־חַיַּת הַשָּׂדֶה וְעִם־עוֹף הַשָּׁמַיִם וְרֶמֶשׂ הָאֲדָמָה

וקשת

3 הופט אייערע ברידער „עמי" און אייערע שוועסטער — „רחמה".
4 שטרייט קעגען אייער מוטער, שטרייט ! ווארום אויב זי איז ניט מיין פרוי, בין איך ניט איהר מאַן ; ביז זי וועט אָבשאַפען די פרעכהייט פון איהר געזיכט און איהר אויסגעלאַסענהייט פון איהר בוזים.
5 אויב ניט וועל איך איהר אויסטהאָן און לאָזען שטעהען ווי אין דעם טאָג ווען זי איז געבוירען געוואָרען, איך וועל איהר מאַכען ווי א וויסטע, איך וועל איהר פערדאַרען ווי א טרוקענעס לאַנד און וועל איהר לאָזען שטאַרבען פון דאָרשט.
6 אויך מיט איהרע קינדער וועל איך קיין מיטלייד האָבען, ווארום זיי זיי־נען פון אויסגעלאַסענהייט געבוירען.
7 אויסגעלאַסען איז זייער מוטער, פערשעהמט איז זייער געבערערין — זי האָט אימער געזאָגט : „איך וועל מיר נאָכגעהן מיינע געליעבטע, וועלכע גיבען מיר מיין ברויט און וואַסער, מיין וואָל און פלאַקס, מיין שמיר־אויל און געטראַנקען."
8 דערפאַר וועל איך דיין וועג מיט דערנער פערלעגען, איך וועל עס אַזוי ארומצוימען אַז זי וועט קיין אויסוועג געפינען.
9 זי וועט לויפען נאָך איהרע געליעבטע און וועט זיי ניט גרייכען, זי וועט זיי זוכען און וועט ניט געפינען ; דאַן וועט זי זאָגען : איך וועל שוין געהן און אומקעהרען זיך צו מיין ערשטען מאַן, ווארום דאַמאַלס איז מיר בעסער געווען אַלס יעצט.
10 ווען איך האָב איהר געגעבען קאָרן, וויין און אויל, האָט זי דאָס ניט אנערקענט ; דאָס זילבער און גאָלד וואָס איך האָב איהר פיעל געגעבען איז געזאַמעלט געווען פאַר'ן בעל.
11 דערפאַר וועל איך צוריק נעהמען מיין קאָרן אין זיין צייט און מיין וויין אין זיין בעשטימטע צייט ; איך וועל אויך צונעהמען מיין וואָל און מיין פלאַקס, מיט וועלכע זי האָט איהר נאַקעטקייט פערדעקט.
12 יעצט וועל איך אויפדעקען איהר שאַנדע פאַר די אויגען פון איהרע גע־ליעבטע און קיינער וועט איהר פון מיין האַנד רעטען.
13 איך וועל פערשטערען איהר גאַנצע פרייד — איהר פייערטאַג, מאָנאַט־טאָג און שבת, אויך אַלע איהרע פעסט־טעג.
14 איך וועל פערוויסטען איהר וויינבוים און פייגענבוים, וועגען וועלכע זי האָט געזאָגט : „דאָס איז א געשענק פאַר מיר, וואָס מיינע גע־ליעבטע האָבען מיר געגעבען". איך וועל עס פערוואַנדלען אין וואַלד־בוימער און די פעלד־טהיערע וועלען דערפון עסען.
15 איך וועל איהר דערמאָהנען די צייטען פון די בעלים, צו וועלכע זי האָט גע־רויכערט, און האָט זיך פערפוצט מיט איהר נאָזרינג און ציערונג, אום צו געהן נאָך איהרע געליעבטע פערגעסענדיג מיר — זאָגט גאָט.
16 דערנאָך וועל איך איהר איבעררעדען, איך וועל איהר אַוועקפיהרען אינ'ם מדבר און רעדען צו איהר פריינדליך.
17 פון דאָרטען וועל איך איהר צוריקגעבען איהרע וויינגערטנער, און אין אונגליקס טהאָל וועל איך מאַכען אן אנפאַנג צום האָפנונג, און זי וועט דאָרטען ליעדער זינגען ווי אין איהרע יוגענד־יאָהרען, ווען זי איז ארויס פונ'ם לאַנד מצרים.
18 דאַמאַלס — זאָגט גאָט — וועסטו מיר רופען „מיין צערטליכער מאַן" און וועסט מיר ניט מעהר רופען „מיין הערשער".
19 איך וועל אָבשאַפען פון איהר מויל די נעמען פון די פערשיעדענע בעל־געצען און זיי וועלען מעהר ניט דערמאָהנט ווערען מיט זייער נאָמען.
20 דאַמאַלס וועל איך מיט זיי א בונד שליעסען מיט די טהיערע פון פעלד, די פויגלען פון הימעל און די ווערים פון דער ערד ; איך וועל פער־

וְקֶשֶׁת וְחֶרֶב וּמִלְחָמָה אֶשְׁבּוֹר מִן־הָאָרֶץ וְהִשְׁכַּבְתִּים
21 לָבֶטַח׃ וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי לְעוֹלָם וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי בְּצֶדֶק
22 וּבְמִשְׁפָּט וּבְחֶסֶד וּבְרַחֲמִים׃ וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי בֶּאֱמוּנָה וְיָדַעַתְּ
23 אֶת־יְהוָה׃ וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא אֶעֱנֶה נְאֻם־יְהוָה אֶעֱנֶה
24 אֶת־הַשָּׁמָיִם וְהֵם יַעֲנוּ אֶת־הָאָרֶץ׃ וְהָאָרֶץ תַּעֲנֶה אֶת־
הַדָּגָן וְאֶת־הַתִּירוֹשׁ וְאֶת־הַיִּצְהָר וְהֵם יַעֲנוּ אֶת־יִזְרְעֶאל׃
כ וּזְרַעְתִּיהָ לִּי בָּאָרֶץ וְרִחַמְתִּי אֶת־לֹא רֻחָמָה וְאָמַרְתִּי לְלֹא־
עַמִּי עַמִּי־אַתָּה וְהוּא יֹאמַר אֱלֹהָי׃

## Cap. III. ג

ג

א וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי עוֹד לֵךְ אֱהַב־אִשָּׁה אֲהֻבַת רֵעַ וּמְנָאָפֶת
כְּאַהֲבַת יְהוָה אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְהֵם פֹּנִים אֶל־אֱלֹהִים
2 אֲחֵרִים וְאֹהֲבֵי אֲשִׁישֵׁי עֲנָבִים׃ וָאֶכְּרֶהָ לִּי בַּחֲמִשָּׁה עָשָׂר
3 כָּסֶף וְחֹמֶר שְׂעֹרִים וְלֶתֶךְ שְׂעֹרִים׃ וָאֹמַר אֵלֶיהָ יָמִים
רַבִּים תֵּשְׁבִי לִי לֹא תִזְנִי וְלֹא תִהְיִי לְאִישׁ וְגַם־אֲנִי אֵלָיִךְ׃
4 כִּי ׀ יָמִים רַבִּים יֵשְׁבוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֵין מֶלֶךְ וְאֵין שָׂר
ה וְאֵין זֶבַח וְאֵין מַצֵּבָה וְאֵין אֵפוֹד וּתְרָפִים׃ אַחַר יָשֻׁבוּ
בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וּבִקְשׁוּ אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם וְאֵת דָּוִיד מַלְכָּם
וּפָחֲדוּ אֶל־יְהוָה וְאֶל־טוּבוֹ בְּאַחֲרִית הַיָּמִים׃

## Cap. IV. ד

ד

א שִׁמְעוּ דְבַר־יְהוָה בְּנֵי יִשְׂרָאֵל כִּי רִיב לַיהוָה עִם־יוֹשְׁבֵי
הָאָרֶץ כִּי אֵין־אֱמֶת וְאֵין־חֶסֶד וְאֵין־דַּעַת אֱלֹהִים בָּאָרֶץ׃
2 אָלֹה וְכַחֵשׁ וְרָצֹחַ וְגָנֹב וְנָאֹף פָּרָצוּ וְדָמִים בְּדָמִים נָגָעוּ׃
3 עַל־כֵּן ׀ תֶּאֱבַל הָאָרֶץ וְאֻמְלַל כָּל־יוֹשֵׁב בָּהּ בְּחַיַּת הַשָּׂדֶה
4 וּבְעוֹף הַשָּׁמָיִם וְגַם־דְּגֵי הַיָּם יֵאָסֵפוּ׃ אַךְ אִישׁ אַל־יָרֵב
ה וְאַל־יוֹכַח אִישׁ וְעַמְּךָ כִּמְרִיבֵי כֹהֵן׃ וְכָשַׁלְתָּ הַיּוֹם וְכָשַׁל
6 גַּם־נָבִיא עִמְּךָ לָיְלָה וְדָמִיתִי אִמֶּךָ׃ נִדְמוּ עַמִּי מִבְּלִי
הַדָּעַת כִּי אַתָּה הַדַּעַת מָאַסְתָּ וְאֶמְאָסְאךָ מִכַּהֵן לִי

ותשכח

ב׳ v. 22. עד כאן   ד׳ v. 2. קמץ בז״ג   v. 6. יתיר א׳

ניכטען פונ׳ם לאַנד בויגען, שווערד און קריעג, איך וויל זיי לאָזען ליעגען רוהיג.

21 איך וועל דיך פאַר מיר פערלאָבען אויף אייביג, איך וועל דיך פערלאָבען מיט גערעכטיגקייט און רעכט, מיט גנאָדע און באַרמהערציגקייט.

22 איך וועל דיך פאַר מיר פערלאָבען מיט טרייהייט, אום דו זאָלסט אַנ־

23 ערקענען גאָט. אין יענער צייט — זאָגט גאָט — וועל איך (אַלעמען) ענטפערען; איך וועל ענטפערען דעם הימעל און זיי וועלען ענטפערען

24 די ערד. און די ערד וועט ענטפערען די קאָרן, די וויין און אויל, און

25 זיי וועלען ענטפערען די גאָט׳ס צושפּרייטע. איך וועל זי אין לאַנד פרוכטבאַר מאַכען, און איך וועל מיטלייד האָבען אויף „לא רחמה"; איך וועל צו „לא עמי" זאָגען, דו ביזט מיין פאָלק, און ער וועט זאָגען: „דו ביזט מיין גאָט!".

## קאַפּיטעל ג

1 און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: געה, ליעב ווידער אַ פרוי, וועלכע איז אויסגעלאַסען האָבענדיג אַ געליעבטען פריינד, אַזוי ווי גאָט ליעבט די קינדער ישראל און זיי ווענדען זיך צו אַנדערע געטער, וועלכע ליעבען טרויבענוויין.

2 האָב איך איהר איינגעהאַנדעלט פאַר פופצעהן זילבערשטיק מיט אַ חמר אָדער אַ לתך גערשטען.

3 איך האָב מיט איהר אָבגערעדט: אַ לאַנגע צייט זאָלסטו מיט מיר וואוינען, זאָלסט ניט אויסגעלאַסען זיין און זאָלסט קיין אַנדער מאַן געהערען, דאַן וועל איך אויך נאָר דיינער זיין.

4 ווארום אַ לאַנגע צייט וועלען די קינדער ישראל זיין אָהן אַ קעניג און אָהן אַ פירסט, אָהן אָפּפער און אָהן סטאַטועז, אָהן אפוד און אָהן תרפים.

5 נאָכדעם וועלען זיך די קינדער ישראל צוריקקעהרען, זיי וועלען זוכען דעם עווינען זייער גאָט און דוד זייער קעניג, זיי וועלען אין די שפּעטערע צייטען איבערראַשט זיין פון גאָט׳ס הילפע און זיין גוטס.

## קאַפּיטעל ד

1 הערט אויס גאָט׳ס וואָרט, קינדער ישראל! ווארום גאָט האָט אַן אַנקלאַגע קעגען די בעוואוינער פונ׳ם לאַנד, ווייל עס איז אינ׳ם לאַנד ניט וואַהרהייט, ניט מיטלייד אויך ניט אַנערקענונג אין גאָט.

2 בעשווערונג און פאַלשקייט, מאָרד און גנבה און אויסגעלאַסענהייט זיי־נען פערברייטעט, איין בלוטשולד בעריהרט די צווייטע.

3 דערפאַר וועט די ערד פערוויסט ווערען און אַלע איהרע בעוואוינער וועלען שמאַכטען — זאָגאַר די טהיערע פון וואַלד און די פויגלען פון הימעל, אויך די פיש פון ים וועלען פערשווינדען.

4 אָבער קיינער טאַדעלט און קיינער מאַכט אויפמערקזאַם, דיין פאָלק איז קרח׳ס געמיינדע, די וועלכע האָט קעגען כהן געשטריטען.

5 דו ווערסט געשטרויכעלט אין העלען טאָג, מיט דיר ווערט אויך דער פּראָפעט געשטרויכעלט ביי נאַכט, זאָל איך ניט פערניכטען דיין אָב־שטאַמונג?

6 מיין פאָלק איז פערשטומט אָהן קענטניס; אַזוי ווי דו האָסט די קענט־ניס פערהאַסט, האָב איך דיר פערהאַסט פון מיין פּריעסטער־דיענסט; אַזוי ווי דו האָסט פערגעסען דיין גאָט׳ס לעהרע אַזוי וועל איך דיינע קינדער פערגעסען.

7 וְתִּשְׁכַּח תּוֹרַת אֱלֹהֶיךָ אֶשְׁכַּח בָּנֶיךָ גַּם־אָנִי׃ כְּרֻבָּם כֵּן
8 חָטְאוּ־לִי כְּבוֹדָם בְּקָלוֹן אָמִיר׃ חַטַּאת עַמִּי יֹאכֵלוּ וְאֶל־
9 עֲוֺנָם יִשְׂאוּ נַפְשׁוֹ׃ וְהָיָה כָעָם כַּכֹּהֵן וּפָקַדְתִּי עָלָיו דְּרָכָיו
י וּמַעֲלָלָיו אָשִׁיב לוֹ׃ וְאָכְלוּ וְלֹא יִשְׂבָּעוּ הִזְנוּ וְלֹא יִפְרֹצוּ
11 כִּי־אֶת־יְהוָה עָזְבוּ לִשְׁמֹר׃ זְנוּת וְיַיִן וְתִירוֹשׁ יִקַּח־לֵב׃
12 עַמִּי בְּעֵצוֹ יִשְׁאָל וּמַקְלוֹ יַגִּיד לוֹ כִּי רוּחַ זְנוּנִים הִתְעָה
13 וַיִּזְנוּ מִתַּחַת אֱלֹהֵיהֶם׃ עַל־רָאשֵׁי הֶהָרִים יְזַבֵּחוּ וְעַל־
הַגְּבָעוֹת יְקַטֵּרוּ תַּחַת אַלּוֹן וְלִבְנֶה וְאֵלָה כִּי־טוֹב צִלָּהּ
14 עַל־כֵּן תִּזְנֶינָה בְּנוֹתֵיכֶם וְכַלּוֹתֵיכֶם תְּנָאַפְנָה׃ לֹא־אֶפְקוֹד
עַל־בְּנוֹתֵיכֶם כִּי תִזְנֶינָה וְעַל־כַּלּוֹתֵיכֶם כִּי תְנָאַפְנָה כִּי־הֵם
עִם־הַזֹּנוֹת יְפָרֵדוּ וְעִם־הַקְּדֵשׁוֹת יְזַבֵּחוּ וְעָם לֹא־יָבִין
טו יִלָּבֵט׃ אִם־זֹנֶה אַתָּה יִשְׂרָאֵל אַל־יֶאְשַׁם יְהוּדָה וְאַל־
תָּבֹאוּ הַגִּלְגָּל וְאַל־תַּעֲלוּ בֵּית אָוֶן וְאַל־תִּשָּׁבְעוּ חַי־יְהוָה׃
16 כִּי כְּפָרָה סֹרֵרָה סָרַר יִשְׂרָאֵל עַתָּה יִרְעֵם יְהוָה כְּכֶבֶשׂ
17 18 בַּמֶּרְחָב׃ חֲבוּר עֲצַבִּים אֶפְרָיִם הַנַּח־לוֹ׃ סָר סָבְאָם
19 הַזְנֵה הִזְנוּ אָהֲבוּ הֵבוּ קָלוֹן מְגִנֶּיהָ׃ צָרַר רוּחַ אוֹתָהּ
בִּכְנָפֶיהָ וְיֵבֹשׁוּ מִזִּבְחוֹתָם׃

## CAP. V. ה

א שִׁמְעוּ־זֹאת הַכֹּהֲנִים וְהַקְשִׁיבוּ ׀ בֵּית יִשְׂרָאֵל וּבֵית הַמֶּלֶךְ
הַאֲזִינוּ כִּי לָכֶם הַמִּשְׁפָּט כִּי־פַח הֱיִיתֶם לְמִצְפָּה וְרֶשֶׁת
2 פְּרוּשָׂה עַל־תָּבוֹר׃ וְשַׁחֲטָה שֵׂטִים הֶעְמִיקוּ וַאֲנִי מוּסָר
3 לְכֻלָּם׃ אֲנִי יָדַעְתִּי אֶפְרַיִם וְיִשְׂרָאֵל לֹא־נִכְחַד מִמֶּנִּי כִּי
4 עַתָּה הִזְנֵיתָ אֶפְרַיִם נִטְמָא יִשְׂרָאֵל׃ לֹא יִתְּנוּ מַעַלְלֵיהֶם
לָשׁוּב אֶל־אֱלֹהֵיהֶם כִּי רוּחַ זְנוּנִים בְּקִרְבָּם וְאֶת־יְהוָה לֹא
ה יָדָעוּ׃ וְעָנָה גְאוֹן־יִשְׂרָאֵל בְּפָנָיו וְיִשְׂרָאֵל וְאֶפְרַיִם יִכָּשְׁלוּ
6 בַּעֲוֺנָם כָּשַׁל גַּם־יְהוּדָה עִמָּם׃ בְּצֹאנָם וּבִבְקָרָם יֵלְכוּ
7 לְבַקֵּשׁ אֶת־יְהוָה וְלֹא יִמְצָאוּ חָלַץ מֵהֶם׃ בַּיהוָה בָּגָדוּ
כִּי

ד׳ v. 10. 12. קמץ בז״ק   v. 17. קמץ בטרחא   v. 19. כצ״ל   ה׳ v. 7. קמץ בז״ק

7 ווי גרוים איך האָב זיי געמאַכט אַזוי [גרוים] האָבען זיי קעגען מיר געזינדיגט, דערפאַר וועל איך זייער עהרע אויף שאַנדע פערבייטען.
8 די וועלכע עסען מיין פאָלקס זינד־אָפּפער וועלען אויך פון זייערע זינד ליידען.
9 דאָס זעלביגע וואָס עס וועט מיט'ן פאָלק געשעהען, וועט אויך געשעהען מיט'ן כהן, איך וועל איהם שטראָפען נאָך זיינע וועגען און וועל איהם צאהלען נאָך זייערע טהאַטען.
10 זיי וועלען עסען און ניט זאַט ווערען, זיי וועלען מיט פרויען פער־קעהרען און וועלען ניט פיעל קינדער האָבען, ווייל זיי האָבען אויפגע־הערט אַבהיטען גאָט'ס בעפעהלע.
11 אויסגעלאַסענהייט, וויין און געטרענקע רויבען אַוועק די געפיהלען פון'ם הארצען.
12 מיין פאָלק פרעגט ביי זיין געצענבוים און זיין צויבערשטאָק ענטפערט איהם, דער אויסגעלאַסענער גייסט האָט זיי פערפיהרט ביז זיי האָבען זיך אָבגעקעהרט פון זייער גאָט.
13 אויף די שפּיצען פון די בערג אָפּפערן זיי און אויף די בערגלאָך רויכערן זיי, אונטער אייכען, עספּען און אולמען וועלכע האָבען אַ גוטען שאָטען; דערפאַר וועלען זיין אויסגעלאַסען אייערע טעכטער און שניר וועלען זינדיגען.
14 איך קען קיין שטראָף לעגען אויף אייערע טעכטער וואָס זיינען אויסגע־לאַסען אָדער אייערע שניר וועלכע זינדיגען, ווארום זיי (די מענער) געהען אַוועק מיט גאַסענפרויען און אָפּפערן מיט אויסוואורפען; דער־מיט ווייזט זיך אַרויס דאָס אונוויסענדע פאָלק.
15 ווען דו, ישראל, ביזט פערברעכעריש, קען יהודה ניט בעשולדיגט ווערען; קומט ניט אין גלגל, געהט ניט אין בית און שווערט ניט „ווי גאָט לעבט".
16 ישראל איז פון'ם וועג אַראָב ווי אַ ווילדע קוה, יעצט אָבער וועט זיי גאָט לאָזען פיטערן אויף אַ בעקוועמען אָרט ווי שעפּסען.
17 אפרים איז אַ באַנדע געצענדיענער — לאָז איהם צורוה!
18 זייער זויפען איז עקלהאַפט, זיי זיינען אין גאַנצען אויסגעלאַסען; זאָגאר איהרע פאָרשטעהער ליעבען די שאַנדטהאַטען.
19 אַ פערפיהרערישער גייסט האָט זיי אונטער זיינע פליגלען ארונטערגע־נומען, שעהמען וועלען זיי זיך פון זייערע אָפּפער.

## קאַפּיטעל ה

1 הערט דאָס, איהר פּריעסטער! האָרכט, הויז ישראל: פערנעהמט, קעניגליכעס הויז־געזינד! איהר האָט געדאַרפט אויסאיבען דאָס רעכט, זייט איהר אַלס פויגעל־נעץ געוועזען פאַר מצפּה און אַלס אויסגעשפּרייטע נעץ אויף תבור.
2 זיי האָבען נאָך טיעפער געמאַכט די פערברעכערישע אויסשפּרייטונג, דערפאַר וועל איך זיי אַלעמען שטראָפען.
3 איך קען אפרים, אויך ישראל איז מיר ניט אונבעוואוסט, פון דער צייט וואָס אפרים איז אויסגעלאַסען געוואָרען איז ישראל אונריין געוואָרען.
4 זייערע שלעכטע טהאַטען דערלאָזען זיי ניט אומצוקעהרען זיך צו זייער גאָט, זינט אין זיי זיצט דער פערברעכערישער גייסט אנערקענען זיי ניט גאָט.
5 ישראל'ס שטאָלץ וועט אין זיין נעגענוואַרט געבויגען ווערען, ווען ישראל און אפרים וועלען פאַר זייערע זינד בעשטראָפט ווערען, וועט אויך יהודה מיט זיי בעשטראָפט ווערען.
6 מיט זייערע שעפּסען און רינדער וועלען זיי געהן זוכען גאָט און וועלען איהם ניט געפינען — ער האָט זיך פון זיי צוריקגעצויגען.

כִּי־בָנִים זָרִים יָלָדוּ עַתָּה יֹאכְלֵם חֹדֶשׁ אֶת־חֶלְקֵיהֶם׃
8 תִּקְעוּ שׁוֹפָר בַּגִּבְעָה חֲצֹצְרָה בָּרָמָה הָרִיעוּ בֵּית
9 אָוֶן אַחֲרֶיךָ בִּנְיָמִין׃ אֶפְרַיִם לְשַׁמָּה תִהְיֶה בְּיוֹם תּוֹכֵחָה
י בְּשִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל הוֹדַעְתִּי נֶאֱמָנָה׃ הָיוּ שָׂרֵי יְהוּדָה
11 כְּמַסִּיגֵי גְּבוּל עֲלֵיהֶם אֶשְׁפּוֹךְ כַּמַּיִם עֶבְרָתִי׃ עָשׁוּק
12 אֶפְרַיִם רְצוּץ מִשְׁפָּט כִּי הוֹאִיל הָלַךְ אַחֲרֵי־צָו׃ וַאֲנִי
13 כָעָשׁ לְאֶפְרָיִם וְכָרָקָב לְבֵית יְהוּדָה׃ וַיַּרְא אֶפְרַיִם אֶת־
חָלְיוֹ וִיהוּדָה אֶת־מְזֹרוֹ וַיֵּלֶךְ אֶפְרַיִם אֶל־אַשּׁוּר וַיִּשְׁלַח
אֶל־מֶלֶךְ יָרֵב וְהוּא לֹא יוּכַל לִרְפֹּא לָכֶם וְלֹא־יִגְהֶה מִכֶּם
14 מָזוֹר׃ כִּי אָנֹכִי כַשַּׁחַל לְאֶפְרַיִם וְכַכְּפִיר לְבֵית יְהוּדָה
טו אֲנִי אֲנִי אֶטְרֹף וְאֵלֵךְ אֶשָּׂא וְאֵין מַצִּיל׃ אֵלֵךְ אָשׁוּבָה
אֶל־מְקוֹמִי עַד אֲשֶׁר־יֶאְשְׁמוּ וּבִקְשׁוּ פָנָי בַּצַּר לָהֶם
יְשַׁחֲרֻנְנִי׃

## CAP. VI. ו

א לְכוּ וְנָשׁוּבָה אֶל־יְהוָה כִּי הוּא טָרָף וְיִרְפָּאֵנוּ יַךְ
2 וְיַחְבְּשֵׁנוּ׃ יְחַיֵּנוּ מִיֹּמָיִם בַּיּוֹם הַשְּׁלִישִׁי יְקִמֵנוּ וְנִחְיֶה
3 לְפָנָיו׃ וְנֵדְעָה נִרְדְּפָה לָדַעַת אֶת־יְהוָה כְּשַׁחַר נָכוֹן
4 מֹצָאוֹ וְיָבוֹא כַגֶּשֶׁם לָנוּ כְּמַלְקוֹשׁ יוֹרֶה אָרֶץ׃ מָה אֶעֱשֶׂה־
לְּךָ אֶפְרַיִם מָה אֶעֱשֶׂה־לְּךָ יְהוּדָה וְחַסְדְּכֶם כַּעֲנַן־בֹּקֶר
ה וְכַטַּל מַשְׁכִּים הֹלֵךְ׃ עַל־כֵּן חָצַבְתִּי בַּנְּבִיאִים הֲרַגְתִּים
6 בְּאִמְרֵי־פִי וּמִשְׁפָּטֶיךָ אוֹר יֵצֵא׃ כִּי חֶסֶד חָפַצְתִּי וְלֹא־
7 זָבַח וְדַעַת אֱלֹהִים מֵעֹלוֹת׃ וְהֵמָּה כְּאָדָם עָבְרוּ בְרִית
8 שָׁם בָּגְדוּ בִי׃ גִּלְעָד קִרְיַת פֹּעֲלֵי אָוֶן עֲקֻבָּה מִדָּם׃
9 וּכְחַכֵּי אִישׁ גְּדוּדִים חֶבֶר כֹּהֲנִים דֶּרֶךְ יְרַצְּחוּ־שֶׁכְמָה כִּי
י זִמָּה עָשׂוּ׃ בְּבֵית יִשְׂרָאֵל רָאִיתִי שַׁעֲרִירִיָּה שָׁם זְנוּת
11 לְאֶפְרַיִם נִטְמָא יִשְׂרָאֵל׃ גַּם־יְהוּדָה שָׁת קָצִיר לָךְ בְּשׁוּבִי
שְׁבוּת עַמִּי׃

כרפאי

ה v. 1. קמץ בלא אס״ק v. 10. שעריריה קרי

7 זיי זיינען טרייַלאָז קעגען גאָט, ווייל זיי האָבען שוין פרעמדארטיגע קינ־דער געבוירען, יעצט וועט איין מאָנאַט זייער גאַנצען פערמעגען פער־ניכטען.
8 בלאָזט שופר אין גבעה, טראָמפּייטערט אין רמה, ליאַרמט אין בית־און. נאָך דיר בנימין.
9 וועט אפרים פערוויסטעט ווערען אין שטראָפטאָג, איך מאַך דאָס געוויס בעקאַנט אונטער די שבטים פון ישראל.
10 די פירסטען יהודה׳ס וועלכע זיינען ווי גרענעץ־אָברוקער געוואָרען, אויף זיי וועל איך אויסגיסען מיין צאָרן ווי וואַסער.
11 אפרים איז בעדריקט און רעכטלאָז, ווייל ער האָט איינגעווילינט נאָכ־צוגעהן אַלע בעפעהלע.
12 אויך איך בין צו אפרים ווי אַ פערוועלקונג און צו דאָס הויז יהודה ווי אַ פוילונג.
13 ווען אפרים האָט זיך ארומגעזעהען זיין קראַנקהייט און יהודה — זיינע וואונדען, איז אפרים געגאַנגען צו אַשור און (יהודה) האָט געשיקט צום קעניג ירב, ער וועט אייך אָבער ניט קענען היילען און זאָגאר ניט לינדערן אייער שמערץ.
14 וואָרום איך בין אַ לייב פאַר אפרים און ווי אַ יונגער לייב פאַר דאָס הויז יהודה, איך זעלבסט וועל זיי צורייסען און אוועקגעהן, איך וועל [דאָס צוריסענע] אוועקטראָגען און קיינער וועט ניט רעטען.
15 איך וועל אַוועק צוריק אין מיין אָרט, ביז זיי וועלען זייער שולדיגקייט אנערקענען און זוכען מיר — ווען עס וועט זיי אייננ זיין וועלען זיי מיר אויפזוכען.

## קאַפּיטעל ז

1 קומט, לאָמיר צוריקגעהן צו גאָט, אַזוי ווי ער האָט פריהער צוריסען וועט ער יעצט היילען, אַזוי ווי ער האָט אונז געשלאָגען וועט ער אונז פערבינדען.
2 אין צוויי טעג וועט ער אונז געזונד מאַכען, אויפ׳ן דריטען טאָג וועט ער אונז (פון קראַנקהייט) אויפהויבען און מיר וועלען אין זיין געגענ־וואַרט פאָלקאָם געזונד ווערען.
3 מיט אויפמערקזאַמקייט וועלען מיר לויפען, ווי דער מאָרגענשטערען ווען ער געהט אויף העל, צו ערקענען גאָט ; ער וועט צו אונז קומען מילד ווי אַ רעגען, ווי אַ שפעטרעגען וואָס בעוואַסערט די ערד.
4 וואָס זאָל איך מיט דיר טהאָן, אפרים ? וואָס זאָל איך מיט דיר טהאָן, יהודה ? אייער פרומקייט איז ווי אַ מאָרגענוואָלקען אָדער ווי דער פריהמאָרגען טהוי, וועלכער געהט שנעל אַוועק.
5 איך האָבווירקליך געשלאָגען מיט רעדעס, איך האָב זיי גע׳הרג׳עט מיט די רייד פון מיין מויל, אום דיין אורטהייל זאָל אַרויס העל צו דער שיין.
6 וואָרום איך פערלאַנג נאָר פרומקייט, ניט אָפּפער ; גאָט־אַנערקענונג איז ביי מיר וויכטיגער אַלס פייער־אָפּפער.
7 זיי האָבען איבערטראָטען מיין בעפעהל ווי אדם, דאָרטען וואו זיי זיינען קעגען מיר טרייַלאָז געווען.
8 גלעד איז די הויפטשטאָדט פון פערברעכער, זי איז בעפלעקט מיט בלוט.
9 אַזוי ווי אַ באַנדע מענשען־כאַפּער אויפ׳ן וועג מאָרדען די כהנים אַלע צוזאַמען, זיי טהוען אָבשייליכקייטען.
10 אינ׳ם הויז ישראל האָב איך אָנגעזעהען גרויליכקייטען : דאָרטען וואו אפרים איז אויסגעלאַסען איז ישראל פעראונריינינגט.
11 אויך פאַר דיר, יהודה, איז דער שניט צוגעגרייט, ווען איך וועל בע־רוהיגען די ווילדקייט פון מיין פאָלק.

## ז CAP. VII. ז

א כִּרְפְאִי לְיִשְׂרָאֵל וְנִגְלָה עֲוֺן אֶפְרַיִם וְרָעוֹת שֹׁמְרוֹן כִּי
2 פָעֲלוּ שָׁקֶר וְגַנָּב יָבוֹא פָּשַׁט גְּדוּד בַּחוּץ׃ וּבַל־יֹאמְרוּ
לִלְבָבָם כָּל־רָעָתָם זָכָרְתִּי עַתָּה סְבָבוּם מַעַלְלֵיהֶם נֶגֶד
3 פָּנַי הָיוּ׃ בְּרָעָתָם יְשַׂמְּחוּ־מֶלֶךְ וּבְכַחֲשֵׁיהֶם שָׂרִים׃
4 כֻּלָּם מְנָאֲפִים כְּמוֹ תַנּוּר בֹּעֵרָה מֵאֹפֶה יִשְׁבּוֹת מֵעִיר
ה מִלּוּשׁ בָּצֵק עַד־חֻמְצָתוֹ׃ יוֹם מַלְכֵּנוּ הֶחֱלוּ שָׂרִים חֲמַת
6 מִיָּיִן מָשַׁךְ יָדוֹ אֶת־לֹצְצִים׃ כִּי־קֵרְבוּ כַתַּנּוּר לִבָּם בְּאָרְבָּם
כָּל־הַלַּיְלָה יָשֵׁן אֹפֵהֶם בֹּקֶר הוּא בֹעֵר כְּאֵשׁ לֶהָבָה׃
7 כֻּלָּם יֵחַמּוּ כַּתַּנּוּר וְאָכְלוּ אֶת־שֹׁפְטֵיהֶם כָּל־מַלְכֵיהֶם נָפָלוּ
8 אֵין־קֹרֵא בָהֶם אֵלָי׃ אֶפְרַיִם בָּעַמִּים הוּא יִתְבּוֹלָל אֶפְרַיִם
9 הָיָה עֻגָה בְּלִי הֲפוּכָה׃ אָכְלוּ זָרִים כֹּחוֹ וְהוּא לֹא יָדָע
י גַּם־שֵׂיבָה זָרְקָה בּוֹ וְהוּא לֹא יָדָע׃ וְעָנָה גְאוֹן־יִשְׂרָאֵל
בְּפָנָיו וְלֹא־שָׁבוּ אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם וְלֹא בִקְשֻׁהוּ בְּכָל־
11 זֹאת׃ וַיְהִי אֶפְרַיִם כְּיוֹנָה פוֹתָה אֵין לֵב מִצְרַיִם קָרָאוּ
12 אַשּׁוּר הָלָכוּ׃ כַּאֲשֶׁר יֵלֵכוּ אֶפְרוֹשׂ עֲלֵיהֶם רִשְׁתִּי כְּעוֹף
13 הַשָּׁמַיִם אוֹרִידֵם אַיְסִרֵם כְּשֵׁמַע לַעֲדָתָם׃ אוֹי לָהֶם כִּי־
נָדְדוּ מִמֶּנִּי שֹׁד לָהֶם כִּי־פָשְׁעוּ בִי וְאָנֹכִי אֶפְדֵּם וְהֵמָּה
14 דִּבְּרוּ עָלַי כְּזָבִים׃ וְלֹא־זָעֲקוּ אֵלַי בְּלִבָּם כִּי יְיֵלִילוּ עַל־
טו מִשְׁכְּבוֹתָם עַל־דָּגָן וְתִירוֹשׁ יִתְגּוֹרָרוּ יָסוּרוּ בִי׃ וַאֲנִי
16 יִסַּרְתִּי חִזַּקְתִּי זְרוֹעֹתָם וְאֵלַי יְחַשְּׁבוּ־רָע׃ יָשׁוּבוּ ׀ לֹא עָל
הָיוּ כְּקֶשֶׁת רְמִיָּה יִפְּלוּ בַחֶרֶב שָׂרֵיהֶם מִזַּעַם לְשׁוֹנָם זוֹ
לַעְגָּם בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם׃

## ח CAP. VIII. ח

א אֶל־חִכְּךָ שֹׁפָר כַּנֶּשֶׁר עַל־בֵּית יְהוָה יַעַן עָבְרוּ בְרִיתִי
2 3 וְעַל־תּוֹרָתִי פָּשָׁעוּ׃ לִי יִזְעָקוּ אֱלֹהַי יְדַעֲנוּךָ יִשְׂרָאֵל׃ זָנַח
4 יִשְׂרָאֵל טוֹב אוֹיֵב יִרְדְּפוֹ׃ הֵם הִמְלִיכוּ וְלֹא מִמֶּנִּי הֵשִׂירוּ

ולא

ז׳ v. 4. מלעיל   v. 7. קמץ בז״ק   v. 11. קמץ בטרחא

## קאפּיטעל ז

1 ווען איך הייל ישראל׳ן ווייזט זיך אַרויס די זינד פון אפרים און דאָס שלעכטס פון שמרון, וועלכע זיי טהוען לייגענדיג — דאָ קומט אַריין אַ גנב און אין גאַס פערשפּרייט זיך אַ רויבער־באַנדע.
2 זיי טראַכטען ניט אין האַרצען, אַז איך געדענק אַלע זייערע שלעכטע טהאַטען, און זיי שטעהען פאַר מיר ווי זיי וואָלטען דאָס נאַר־וואָס געטהאָן.
3 מיט זייערע שלעכטע טהאַטען ערפרעהען זיי דעם קעניג און מיט זייערע פאַלשקייטען — די פירשטען.
4 זיי זיינען אַלע עהעברעכער, ווי אַ בעקער־אויווען וועלכער הערט אויף ברענען, זינט מ׳פערקנעט די טייג ביז עס ווערט זויער.
5 אין אונזער קעניג־טאָג ווערען די פירשטען קראַנק פון וויין־גיפט, יעדער פון זיי פעראייניגט זיך מיט אונמענשען.
6 ווי זיי ווערען לוסטיג ברענט אין זיי זייער האַרץ ווי אַ אויווען, די גאַנצע נאַכט בערוהיגט זיך זייער (שלעכטע) נאַטור, אין דער פריה אָבער ברענט ער ווי אַ פייערפלאַם.
7 זיי וועלען אַלע צוהיצט ווערען ווי אַן אויווען און פערניכטען זייערע ריכטער: אַלע קעניגע זייערע זיינען געזונקען — קיינער פון זיי רופט צו מיר.
8 אפרים — ער מישט זיך אויס מיט די פעלקער; אפרים איז געוואָרען ניט קיין איבערגעקעהרטע קיכעל.
9 פרעמדע האָבען זיין פערמעגען פערצעהרט און ער וויים ניט, עס וואַרפען זיך ביי איהם דורך גרויע האָאר און ער וויים דערפון ניט.
10 ישראל׳ס שטאָלץ ווערט געבויגען אין זיין געגענוואַרט, און דאָך קעהרען זיי זיך ניט אום צו זייער גאָט און זוכען איהם ניט.
11 אפרים איז געוואָרען געפּיהללאָז ווי אַ פערנאַרישטע טויב — צו מצרים האָבען זיי זיך געווענדעט און צו אשור געגאַנגען.
12 וואו זיי וועלען געהן וועל איך פאַר זיי מיין נעץ פאַנאַנדערשפּרייטען, איך וועל זיי אַראָבשלעפּען זאַגאַר אויב זיי וועלען הויך זיין ווי די פויגלען אונטער׳ן הימעל; איך וועל זיי שטראָפען ווי איך האָב זייער געמיינדע געוואָרענט.
13 וועה איז צו זיי וואָס זיי זיינען אַוועק פון מיר, אַן אונגליק איז אויף זיי וואָס זיי האָבען קעגען מיר פערבראָכען; איך וואָלט זיי בעפרייט, האָבען זיי אָבער אויף מיר ליגענס גערעדט.
14 זאָגאַר אינ׳ם האַרצען האָבען זיי צו מיר ניט געבעטען ווען זיי האָבען געקלאָגט אויף זייערע געלעגערס; זיי וואַנדערן אויס צוליעב קאָרן און וויין און קעהרען זיך אָב פון מיר.
15 זאָגאַר ווען איך איבערצייג זיי און שטאַרק זייערע אָרעמס טראַכטען זיי ניט גוט וועגען מיר.
16 זיי וועלען זיך בעטראַכטען, עס וועט אָבער אונניצליך זיין, זיי זיינען גלייך צו אַ פאַלש צילענדען בויגען; זייערע פירשטען וועלען פון שווערד פאַלען. איבער זייער בייז צונג זיינען זיי צו שפּאָט געוואָרען אינ׳ם לאַנד מצרים.

## קאַפּיטעל ח

1 מיט אַ שופר אינ׳ם מויל פליה ווי אַ אָדלער איבער גאָט׳ס הויז, וואָרום זיי האָבען איבערטראָטען מיין אָבמאַך און פערבראָכען קעגען מיין לעהרע.
2 צו מיר שרייט ישראל: „מיין גאָט, מיר אַנערקענען דיר!"
3 ווען דאָס גוטס איז פון ישראל אַוועק און דער פריינד יאָגט איהם.

וְלֹ֣א יָדָ֑עְתִּי כַּסְפָּ֤ם וּזְהָבָם֙ עָשׂ֣וּ לָהֶ֣ם עֲצַבִּ֔ים לְמַ֖עַן יִכָּרֵֽת׃
זָנַח֙ עֶגְלֵ֣ךְ שֹׁמְר֔וֹן חָרָ֥ה אַפִּ֖י בָּ֑ם עַד־מָתַ֕י לֹ֥א יוּכְל֖וּ נִקָּיֹֽן׃ ה
כִּ֣י מִיִּשְׂרָאֵ֔ל וְה֕וּא חָרָ֣שׁ עָשָׂ֔הוּ וְלֹ֥א אֱלֹהִ֖ים ה֑וּא כִּֽי־ 6
שְׁבָבִ֣ים יִֽהְיֶ֔ה עֵ֖גֶל שֹׁמְרֽוֹן׃ כִּ֛י ר֥וּחַ יִזְרָ֖עוּ וְסוּפָ֣תָה יִקְצֹ֑רוּ 7
קָמָ֣ה אֵֽין־ל֗וֹ צֶ֚מַח בְּלִ֣י יַעֲשֶׂה־קֶּ֔מַח אוּלַ֥י יַעֲשֶׂ֖ה זָרִ֥ים
יִבְלָעֻֽהוּ׃ נִבְלַ֖ע יִשְׂרָאֵ֑ל עַתָּה֙ הָי֣וּ בַגּוֹיִ֔ם כִּכְלִ֖י אֵֽין־חֵ֥פֶץ 8
בּֽוֹ׃ כִּֽי־הֵ֙מָּה֙ עָל֣וּ אַשּׁ֔וּר פֶּ֖רֶא בּוֹדֵ֣ד ל֑וֹ אֶפְרַ֖יִם הִתְנ֥וּ 9
אֲהָבִֽים׃ גַּ֛ם כִּֽי־יִתְנ֥וּ בַגּוֹיִ֖ם עַתָּ֣ה אֲקַבְּצֵ֑ם וַיָּחֵ֣לּוּ מְּעָ֔ט י
מִמַּשָּׂ֖א מֶ֥לֶךְ שָׂרִֽים׃ כִּֽי־הִרְבָּ֥ה אֶפְרַ֛יִם מִזְבְּחֹ֖ת לַחֲטֹ֑א 11
הָֽיוּ־ל֥וֹ מִזְבְּח֖וֹת לַחֲטֹֽא׃ אֶ֨כְתּוֹב־ל֔וֹ רֻבּ֖וֹ תּוֹרָתִ֑י כְּמוֹ־זָ֖ר 12
נֶחְשָֽׁבוּ׃ זִבְחֵ֣י הַבְהָבַ֗י יִזְבְּח֤וּ בָשָׂר֙ וַיֹּאכֵ֔לוּ יְהוָ֖ה לֹ֣א רָצָ֑ם 13
עַתָּ֞ה יִזְכֹּ֤ר עֲוֺנָם֙ וְיִפְקֹ֣ד חַטֹּאתָ֔ם הֵ֖מָּה מִצְרַ֥יִם יָשֽׁוּבוּ׃
וַיִּשְׁכַּ֨ח יִשְׂרָאֵ֜ל אֶת־עֹשֵׂ֗הוּ וַיִּ֙בֶן֙ הֵיכָל֔וֹת וִֽיהוּדָ֔ה הִרְבָּ֖ה 14
עָרִ֣ים בְּצֻר֑וֹת וְשִׁלַּחְתִּי אֵ֣שׁ בְּעָרָ֔יו וְאָכְלָ֖ה אַרְמְנֹתֶֽיהָ׃

## ט CAP. IX. ט

אַל־תִּשְׂמַ֨ח יִשְׂרָאֵ֤ל ׀ אֶל־גִּיל֙ כָּֽעַמִּ֔ים כִּ֥י זָנִ֖יתָ מֵעַ֣ל אֱלֹהֶ֑יךָ א
אָהַ֣בְתָּ אֶתְנָ֔ן עַ֖ל כָּל־גָּרְנ֥וֹת דָּגָֽן׃ גֹּ֥רֶן וָיֶ֖קֶב לֹ֣א יִרְעֵ֑ם 2
וְתִיר֖וֹשׁ יְכַ֥חֶשׁ בָּֽהּ׃ לֹ֥א יֵשְׁב֖וּ בְּאֶ֣רֶץ יְהוָ֑ה וְשָׁ֤ב אֶפְרַ֙יִם֙ 3
מִצְרַ֔יִם וּבְאַשּׁ֖וּר טָמֵ֥א יֹאכֵֽלוּ׃ לֹא־יִסְּכ֨וּ לַיהוָ֥ה ׀ יַיִן֮ וְלֹ֣א 4
יֶֽעֶרְבוּ־לוֹ֒ זִבְחֵיהֶ֗ם כְּלֶ֤חֶם אוֹנִים֙ לָהֶ֔ם כָּל־אֹכְלָ֖יו יִטַּמָּ֑אוּ
כִּֽי־לַחְמָ֣ם לְנַפְשָׁ֔ם לֹ֥א יָב֖וֹא בֵּ֥ית יְהוָֽה׃ מַֽה־תַּעֲשׂ֖וּ לְי֣וֹם ה
מוֹעֵ֑ד וּלְי֖וֹם חַג־יְהוָֽה׃ כִּֽי־הִנֵּ֤ה הָֽלְכוּ֙ מִשֹּׁ֔ד מִצְרַ֣יִם 6
תְּקַבְּצֵ֔ם מֹ֖ף תְּקַבְּרֵ֑ם מַחְמַ֣ד לְכַסְפָּ֗ם קִמּוֹשׂ֙ יִֽירָשֵׁ֔ם ח֖וֹחַ
בְּאָהֳלֵיהֶֽם׃ בָּ֣אוּ ׀ יְמֵ֣י הַפְּקֻדָּ֗ה בָּ֚אוּ יְמֵ֣י הַשִּׁלֻּ֔ם יֵדְע֖וּ 7
יִשְׂרָאֵ֑ל אֱוִ֣יל הַנָּבִ֗יא מְשֻׁגָּע֙ אִ֣ישׁ הָר֔וּחַ עַ֚ל רֹ֣ב עֲוֺנְךָ֔ וְרַבָּ֖ה
מַשְׂטֵמָֽה׃ צֹפֶ֥ה אֶפְרַ֖יִם עִם־אֱלֹהָ֑י נָבִ֗יא פַּ֤ח יָקוֹשׁ֙ עַל־ 8
כָּל־דְּרָכָ֔יו מַשְׂטֵמָ֖ה בְּבֵ֥ית אֱלֹהָֽיו׃ הֶעְמִֽיקוּ־שִׁחֵ֖תוּ כִּימֵ֣י 9

הגבעה

ח v. 7. קמץ בלא אסף v. 10. קמץ כו״ק v. 12. יתיר ו ibid. רבי קרי ט v. 2. סבירין בם

4 זיי האָבען קעניגע געקרוינט אָהן מיין צושטימונג, אַנגעשטעלט פירשטען אָהן כיין וויסען, פון זייער זילבער און גאָלד האָבען זיי זיך געצען געמאַכט — פערניכטעט זאָלען זיי ווערען !
5 אָלץ האָסטו שמרון פערלאָזען צוליעב דיין קאַלב ; מיין צאָרן ברענט אויף זיי ביז זיי וועלען ניט האָבען די מעגליכקייט צו ריינינגען זיך.
6 איינער פון ישראל, וואָס איז אַ מייסטער, האָט איהם געמאַכט, ער איז קיין גאָט ; אויף שפּענדלאַך וועט צובראָכען ווערען דאָס קאַלב פון שמרון.
7 אַזוי ווי זיי זעהען ווינד, אַזוי וועלען זיי שניידען שטורם, קיין געטריידע וועט ער האָבען ; וועט עס יאַ וואַקסען, וועט ער דערפון קיין מעהל מאַכען, אויב ער וועט יאַ מאַכען, וועלען עס פרעמדע פערשלינגען.
8 לעדיג איז ישראל געוואָרען, דערפאַר זיינען זיי יעצט אונטער די פעלקער ווי אַ כלי אין וועלכע עס איז קיין נוץ דאָ.
9 זיי זיינען צו אַשור געגאַנגען, וועלכער איז אויסנאַהמליך ווילד, צו איהם רעדט אפרים ליעבע רייד.
10 זאָגאָר אַז זיי וועלען זיך יעצט איבערגעבען צו די פעלקער, וועל איך זיי צונויפקלייבען, אום זיי זאָלען זיך אַ ביסעל ערלייכטערן פונ'ם לאַסט פון קעניג און פירשטען.
11 זינט אפרים האָט פיעל אַלטאַרן געמאַכט צו זינדיגען (אַבוואָהל ער האָט שוין געהאַט אַלטאַרן צו זינדיגען).
12 בעטראַכט ער מיינע וויכטיגסטע געזעצע, וועלכע איך האָב איהם פערשריעבען, ווי פרעמדע.
13 אַנשטאַדט מיינע פייער־אָפּפער וואָס זיי פלעגען שעכטען, זאָלען זיי זעלבסט דאָס פלייש עסען — גאָט פערלאַנגט דאָס ניט ! יעצט וועט ער דערמאָהנען זייער זינד און בעשטראָפען זיי פאַר זייערע פערברעכענס וואָס זיי קעהרען זיך אין מצרים נאָך הילפע.
14 ישראל האָט פערגעסען זיין בעשעפער און אָנגעבויט טעמפּלען, יהודה האָט זיך אָנגעבויט פעסטונגען. איך וועל אָבער אַרויפשיקען אַזאַ פייער אויף זייערע שטעדט, אַז זיינע טעמפּלען וועלען פערברענט ווערען.

## קאַפּיטעל ט

1 דו, ישראל, פרעה זיך ניט ווי אַנדערע פעלקער, וואָרום דו האָסט פון דיין גאָט אָבגעקעהרט, האָסט ליעב בעקומען געשענקע פון אַלע געטריידע שייערס.
2 דער געטריידע שייער און וויינקעלער וועלען זיי ניט שפּייזען, די וויין פון איהם וועט אויסטריקענען.
3 זיי וועלען ניט פערבלייבען אין גאָט'ס לאַנד — אפרים וועט צוריק־געהן אין מצרים, און אין אַשור וועלען זיי אונריינעס עסען.
4 זיי וועלען מעהר ניט גיעסען וויין פאַר גאָט, אויך זייערע אָפּפער וועלען איהם ניט אַנגענעהם זיין, וואָרום זיין ברויט איז רויבער־ברויט, ווער עס עסט פון איהם ווערט אונריין ; זייער ברויט פּאַסט נאָר פאַר זיי — אין גאָט'ס הויז קען עס ניט אַריינקומען.
5 וואָס וועט איהר טהאָן אין אַ פייער־טאָג אָדער אין אַ געטליכען פעסט־טאָג ?
6 זיי זיינען אַוועק פון אונגליק וועט זיי מצרים צונויפקלייבען ; מף, אין די שאַטען־קאַמערען, וועט זיי בעגראָבען. דערנער וועלען זייער אָרט פערנעהמען, דיסטעלען וועלען אין זייערע געצעלטען וואַקסען.
7 עס זיינען שוין געקומען די שטראָף־טעג, עס זיינען שוין דאָ די טעג פון בעלוינונג — ישראל פיהלט זיי שוין ! נאַרריש איז דער פּראָפעט,

י הַגִּבְעָה יִזְכּוֹר עֲוֹנָם יִפְקוֹד חַטֹּאתָם׃ כַּעֲנָבִים בַּמִּדְבָּר
מָצָאתִי יִשְׂרָאֵל כְּבִכּוּרָה בִתְאֵנָה בְּרֵאשִׁיתָהּ רָאִיתִי
אֲבוֹתֵיכֶם הֵמָּה בָּאוּ בַעַל־פְּעוֹר וַיִּנָּזְרוּ לַבֹּשֶׁת וַיִּהְיוּ
11 שִׁקּוּצִים כְּאָהֳבָם׃ אֶפְרַיִם כָּעוֹף יִתְעוֹפֵף כְּבוֹדָם מִלֵּדָה
12 וּמִבֶּטֶן וּמֵהֵרָיוֹן׃ כִּי אִם־יְגַדְּלוּ אֶת־בְּנֵיהֶם וְשִׁכַּלְתִּים
13 מֵאָדָם כִּי־גַם־אוֹי לָהֶם בְּשׂוּרִי מֵהֶם׃ אֶפְרַיִם כַּאֲשֶׁר־
רָאִיתִי לְצוֹר שְׁתוּלָה בְנָוֶה וְאֶפְרַיִם לְהוֹצִיא אֶל־הֹרֵג
14 בָּנָיו׃ תֵּן־לָהֶם יְהוָה מַה־תִּתֵּן תֵּן־לָהֶם רֶחֶם מַשְׁכִּיל
טו וְשָׁדַיִם צֹמְקִים׃ כָּל־רָעָתָם בַּגִּלְגָּל כִּי־שָׁם שְׂנֵאתִים עַל
רֹעַ מַעַלְלֵיהֶם מִבֵּיתִי אֲגָרְשֵׁם לֹא אוֹסֵף אַהֲבָתָם כָּל־
16 שָׂרֵיהֶם סֹרְרִים׃ הֻכָּה אֶפְרַיִם שָׁרְשָׁם יָבֵשׁ פְּרִי בַל־*
17 יַעֲשׂוּן גַּם כִּי יֵלֵדוּן וְהֵמַתִּי מַחֲמַדֵּי בִטְנָם׃ יִמְאָסֵם אֱלֹהַי
כִּי לֹא שָׁמְעוּ לוֹ וְיִהְיוּ נֹדְדִים בַּגּוֹיִם׃

## CAP. X. י

פ

א גֶּפֶן בּוֹקֵק יִשְׂרָאֵל פְּרִי יְשַׁוֶּה־לּוֹ כְּרֹב לְפִרְיוֹ הִרְבָּה
2 לַמִּזְבְּחוֹת כְּטוֹב לְאַרְצוֹ הֵיטִיבוּ מַצֵּבוֹת׃ חָלַק לִבָּם עַתָּה
3 יֶאְשָׁמוּ הוּא יַעֲרֹף מִזְבְּחוֹתָם יְשֹׁדֵד מַצֵּבוֹתָם׃ כִּי עַתָּה
יֹאמְרוּ אֵין מֶלֶךְ לָנוּ כִּי לֹא יָרֵאנוּ אֶת־יְהוָה וְהַמֶּלֶךְ מַה־
4 יַּעֲשֶׂה־לָּנוּ׃ דִּבְּרוּ דְבָרִים אָלוֹת שָׁוְא כָּרֹת בְּרִית וּפָרַח
ה כָּרֹאשׁ מִשְׁפָּט עַל תַּלְמֵי שָׂדָי׃ לְעֶגְלוֹת בֵּית אָוֶן יָגוּרוּ
שְׁכַן שֹׁמְרוֹן כִּי־אָבַל עָלָיו עַמּוֹ וּכְמָרָיו עָלָיו יָגִילוּ עַל־
6 כְּבוֹדוֹ כִּי־גָלָה מִמֶּנּוּ׃ גַּם־אוֹתוֹ לְאַשּׁוּר יוּבָל מִנְחָה לְמֶלֶךְ
7 יָרֵב בָּשְׁנָה אֶפְרַיִם יִקָּח וְיֵבוֹשׁ יִשְׂרָאֵל מֵעֲצָתוֹ׃ נִדְמֶה
8 שֹׁמְרוֹן מַלְכָּהּ כְּקֶצֶף עַל־פְּנֵי־מָיִם׃ וְנִשְׁמְדוּ בָּמוֹת אָוֶן
חַטַּאת יִשְׂרָאֵל קוֹץ וְדַרְדַּר יַעֲלֶה עַל־מִזְבְּחוֹתָם וְאָמְרוּ
9 לֶהָרִים כַּסּוּנוּ וְלַגְּבָעוֹת נִפְלוּ עָלֵינוּ׃ מִימֵי הַגִּבְעָה
חָטָאתָ יִשְׂרָאֵל שָׁם עָמָדוּ לֹא־תַשִּׂיגֵם בַּגִּבְעָה מִלְחָמָה
עַל־

ט v. 16. בל קרי ^ v. 6. 9. קמץ בז״ק

וואהנזיניג דער בעגייסטערטער (זעהענדיג) דיינע פיעלע זינד און דיין גרויס פערברעכען.

8 אפרים איז פארזיכטיג קעגען גאט, די פראפעטען פערגלייכט ער צו א נעץ וואס האפט, אויף אלע זיינע וועגען צו גאט'ס הויז איז פער־ברעכען.

9 א, זיי זיינען טיעף געזונקען, ווי אין די צייטען פון גבעה ; ער וועט זייער זינד געדענקען און וועט זייער פערברעכען בעשטראפען.

10 ווי וויינטרויבען אין א וויסטע האב איך א מאל ישראל געפונען, ווי א ערשט־צייטיגע פרוכט פון פייגענבוים האב איך אנגעקוקט אייערע על־טערן ; זיינען זיי אבער געקומען אין בעל־פעור און איבערגעגעבען זיך צו שאנד־מהאטען, זיינען זיי פערהאסט געווארען אזוי ווי זיי זיינען פריהער געליעבט געוועזען.

11 ווי א פויגעל וועט אוועקפליהען אפרים'ס עהרע, וועלכע זיי האבען געהאט זינט זיי זיינען געבוירען.

12 אז זיי וועלען זייערע קינדער ערציהען וועל איך זיי פערניכטען איידער זיי וועלען מענער ווערען ; וועה וועט זיין ווען איך וועל וויי בען פון זיי !

13 אפרים ! אזוי ווי איך האב צור געזעהען איינגעפלאנצט אין א שעהנעם וואהנונג, אזוי וועל איך זעהען, אפרים'ן פיהרען זיינע קינדער צום מארד־פלאץ.

14 גיעב זיי, א גאט, וואס דו ווילסט זיי געבען ! גיעב זיי א פרוכטלאזע מוטערלייב און אן איינגעדארטעם ברוסט !

15 דער גאנצער אונגליק זייערער איז אין גלגל — דארטען האב איך זיי אנגעפאנגען האסען איבער זייערע שלעכטע טהאטען, יעצט וועל איך זיי פון מיין הויז ארויסטרייבען — איך קען זיי מעהר ניט ליעבען ווארום אלע פיהרער זייערע זיינען פערברעכער.

16 אפרים איז ניעדערגעשלאגען — זייערווארצעל איז פערטריקענט און זיי וועלען קיינע פרוכט וואקסען ; אויב זיי וועלען יא געבוירען, וועל איך טוידטען זייערע בעסטע קינדער.

17 גאט פערהאסט זיי, ווייל זיי פאלגען איהם ניט, זאלען זיי וואנדערן צווישען די פעלקער !

## קאפיטעל י

1 דער לעדיגער וויינבוים, ישראל, האט פרוכט געוואקסען, וואס מעהר זיינע פרוכט איז, אלץ מעהר אלטארן מאכט ער, וואס בעסער זיין לאנד פיהלט, אלץ בעסערע סטאטוען מאכט ער,

2 די, וועמעס הארץ עס איז פאלש וועלען יעצט פערוויסט ווערען, דאס וועט צוברעכען זייערע אלטארען און צושמעטערען זייערע סטאטוען.

3 יעצט וועלען זיי זאגען : „מיר דארפען קיין קעניג, קוים שרעקען מיר זיך ניט פאר גאט, וואס וועט אונז דער קעניג אויפטהאן ?

4 זיי רעדען פאלש, שווערען פאלש און מאכען פאלשע פערבינדונג. דער־פאר וואקסט זייער גערעכטיגקייט ווי גיפט אויף די פעלד בייטען.

5 צו די קעלבער פון „בית און" פערזאמלען זיך די איינוואוינער פון שמרון, דאס פאלק בעדויערט איהם וואס זיין עהרע איז פון איהם אוועק, און די פריעסטער זיינען דערפון צופריעדען..

6 מען וועט איהם נאך אוועקשיקען אין אשור אלס געשאנק צום קעניג ירב ; דאן וועט אפרים פעראכטונג האבען און ישראל וועט צו שאנדע ווערען פון זיינע פעלקער.

7 די רעגיערונג פון שמרון איז פערשוואונדען ווי שוים אויפ'ן וואסער.

8 עס וועלען פערטיליגט ווערען די בארג־אלטארן פון און, דאס פערברעכען פון ישראל, דערנער און דיסטעלען וועט וואקסען אויף זייערע אלטארען ;

ערע און ברויט מאַנגעל אין אַלע ערטער אייערע, איהר אָבער האָט זיך נאָך אַלץ צו מיר ניט אומגעקעהרט — זאָגט גאָט.

7 איך האָב פון אייך פערהאַלטען דעם רעגען דריי מאָנאַטען פאַר דעם שניט, אויף איין שטאָדט האָב איך רעגען געשיקט און אויף די אַנדערע שטאָדט קיין רעגען ; אויף איין פעלד געהט רעגען און אויף די וואָס עס רעגענט ניט יענע ווערט אויסגעטריקענט.

8 צוויי אָדער דריי שטעדט וועלען אויסוואַנדערן צו איין שטאָדט אום וואַסער צו טרינקען, זיי וועלען אָבער ניט זאַט טרינקען ; און דאָך האָט איהר זיך צו מיר ניט געקעהרט — זאָגט גאָט.

9 איך האָב אייך געשטראָפט מיט קאָרנבראַנד און געלזוכט דאָס מעהרסטע פון אייערע פעלדער און וויינגערטנער, אייערע פייגענבוימער, און אויל־בוימער פערניכטעט דער היישעריק ; דאָך האָט איהר זיך צו מיר ניט געקעהרט — זאָגט גאָט.

10 איך האָב אויף אייך אָנגעשיקט אַ פעסט ווען איהר זייט אין מצרים גע־גאַנגען, איך האָב מיט׳ן שווערד גע׳הרג׳עט אייערע יונגע מענשען און גע־לאָזען געפאַנגען נעהמען אייערע פערד, דער געשטאַנק פון אייער לאַגער האָט זיך אויפגעהויבען אין אייער נאָז ; און איהר האָט זיך צו מיר נאָך ניט געקעהרט — זאָגט גאָט.

11 איך האָב אייך איבערגעקעהרט ווי די גרויסע איבערקעהרעניש פון סדום און עמורה, איהר זייט געוואָרען ווי אַ האָלץ וואָס מען ציהט אַרויס פונ׳ם פייער ; דאָך האָט איהר זיך צו מיר ניט געקעהרט — זאָגט גאָט.

**12** **דערפאַר וועל איך דיר טהאָן דאָס זעלבע, ישראל ; אָבער איידער איך זאָל דיר דאָס טהאָן, בעקעהר זיך, ישראל, צו דיין גאָט !**

13 וואָרום ער איז דער וואָס פאָרמט בערג, בעשאַפט ווינד און זאָגט דעם מענשען וואָס ער רעדט, ער מאַכט די מאָרגענליכט און אָוועגד־פינסטער־ניס און בעטרעט די העכסטע ערטער פון דער וועלט — זיין נאָמען איז עווינער — דער גאָט פון אַרמעען.

## קאַפּיטעל ה

1 הערט אויס דאָס וואָרט וואָס איך רייד וועגען אייך און די קלאָגליעד, הויז ישראל !

2 זי איז געפאַלען און קען מעהר ניט אויפשטעהן, די יונגפרוי ישראל ; זי איז צו דר׳ערד געפאַלען און קיינער הויבט איהר אויף.

3 וואָרום אַזוי זאָגט דער אַלמעכטיגער גאָט : די שטאָדט וואָס האָט אַרויס־געגעבען טויזענד וועט אין איהר נאָר הונדערט פערבלייבען, און די וואָס האָט אַרויסגעגעבען הונדערט וועט אין איהר נאָר צעהען בלייבען פון דאָס הויז ישראל.

4 וואָרום אַזוי האָט גאָט געזאָגט וועגען דאָס הויז ישראל : **ווענדעט זיך צו מיר און לעבט !**

5 ווענדעט זיך ניט צו בית אל, קומט ניט אין גלגל און געהט ניט אין באר שבע, וואָרום גלגל וועט אויסוואַנדערן און פון בית אל וועט גאָר נישט ווערען.

6 ווענדעט זיך צו גאָט און לעבט, אום עס זאָל זיך ניט פאַנאַנדערפלאַמען ווי אַ פייער דאָס הויז יוסף, און בית אל זאָל ניט ברענען אַז מען זאָל איהר ניט קענען אָבלעשען.

7 איהר וואָס מאַכט די רעכטע צו ביטערע ווערמוט און די גערעכטיגקייט לעגט איהר אין דר׳ערד,

מִשְׁפָּט וּצְדָקָה לָאָרֶץ הִנִּיחוּ׃ עֹשֵׂה כִימָה וּכְסִיל וְהֹפֵךְ 8
לַבֹּקֶר צַלְמָוֶת וְיוֹם לַיְלָה הֶחְשִׁיךְ הַקּוֹרֵא לְמֵי־הַיָּם
וַיִּשְׁפְּכֵם עַל־פְּנֵי הָאָרֶץ יְהוָה שְׁמוֹ׃ הַמַּבְלִיג שֹׁד עַל־עָז 9
וְשֹׁד עַל־מִבְצָר יָבוֹא׃ שָׂנְאוּ בַשַּׁעַר מוֹכִיחַ וְדֹבֵר תָּמִים י
יְתָעֵבוּ׃ לָכֵן יַעַן בּוֹשַׁסְכֶם עַל־דָּל וּמַשְׂאַת־בַּר תִּקְחוּ מִמֶּנּוּ 11
בָּתֵּי גָזִית בְּנִיתֶם וְלֹא־תֵשְׁבוּ בָם כַּרְמֵי־חֶמֶד נְטַעְתֶּם וְלֹא
תִשְׁתּוּ אֶת־יֵינָם׃ כִּי יָדַעְתִּי רַבִּים פִּשְׁעֵיכֶם וַעֲצֻמִים 12
חַטֹּאתֵיכֶם צֹרְרֵי צַדִּיק לֹקְחֵי כֹפֶר וְאֶבְיוֹנִים בַּשַּׁעַר הִטּוּ׃
לָכֵן הַמַּשְׂכִּיל בָּעֵת הַהִיא יִדֹּם כִּי עֵת רָעָה הִיא׃ 13
דִּרְשׁוּ־טוֹב וְאַל־רָע לְמַעַן תִּחְיוּ וִיהִי־כֵן יְהוָה אֱלֹהֵי־ 14
צְבָאוֹת אִתְּכֶם כַּאֲשֶׁר אֲמַרְתֶּם׃ שִׂנְאוּ־רָע וְאֶהֱבוּ טוֹב טו
וְהַצִּיגוּ בַשַּׁעַר מִשְׁפָּט אוּלַי יֶחֱנַן יְהוָה אֱלֹהֵי־צְבָאוֹת
שְׁאֵרִית יוֹסֵף׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי צְבָאוֹת 16
אֲדֹנָי בְּכָל־רְחֹבוֹת מִסְפֵּד וּבְכָל־חוּצוֹת יֹאמְרוּ הוֹ־הוֹ
וְקָרְאוּ אִכָּר אֶל־אֵבֶל וּמִסְפֵּד אֶל־יוֹדְעֵי נֶהִי׃ וּבְכָל־כְּרָמִים 17
מִסְפֵּד כִּי־אֶעֱבֹר בְּקִרְבְּךָ אָמַר יְהוָה׃ הוֹי הַמִּתְאַוִּים 18
אֶת־יוֹם יְהוָה לָמָּה־זֶּה לָכֶם יוֹם יְהוָה הוּא־חֹשֶׁךְ וְלֹא־
אוֹר׃ כַּאֲשֶׁר יָנוּס אִישׁ מִפְּנֵי הָאֲרִי וּפְגָעוֹ הַדֹּב וּבָא 19
הַבַּיִת וְסָמַךְ יָדוֹ עַל־הַקִּיר וּנְשָׁכוֹ הַנָּחָשׁ׃ הֲלֹא־חֹשֶׁךְ כ
יוֹם יְהוָה וְלֹא־אוֹר וְאָפֵל וְלֹא־נֹגַהּ לוֹ׃ שָׂנֵאתִי מָאַסְתִּי 21
חַגֵּיכֶם וְלֹא אָרִיחַ בְּעַצְּרֹתֵיכֶם׃ כִּי אִם־תַּעֲלוּ־לִי עֹלוֹת 22
וּמִנְחֹתֵיכֶם לֹא אֶרְצֶה וְשֶׁלֶם מְרִיאֵיכֶם לֹא אַבִּיט׃ הָסֵר 23
מֵעָלַי הֲמוֹן שִׁרֶיךָ וְזִמְרַת נְבָלֶיךָ לֹא אֶשְׁמָע׃ וְיִגַּל כַּמַּיִם 24
מִשְׁפָּט וּצְדָקָה כְּנַחַל אֵיתָן׃ הַזְּבָחִים וּמִנְחָה הִגַּשְׁתֶּם־ כה
לִי בַמִּדְבָּר אַרְבָּעִים שָׁנָה בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ וּנְשָׂאתֶם אֵת 26
סִכּוּת מַלְכְּכֶם וְאֵת כִּיּוּן צַלְמֵיכֶם כּוֹכַב אֱלֹהֵיכֶם אֲשֶׁר
עֲשִׂיתֶם לָכֶם׃ וְהִגְלֵיתִי אֶתְכֶם מֵהָלְאָה לְדַמָּשֶׂק אָמַר 27
יְהוָה אֱלֹהֵי־צְבָאוֹת שְׁמוֹ׃

8 דער וואָס מאַכט די פּלאַנעטען כימה און כסיל, דער וואָס מאַכט פון פינסטער ליכטיג און פון טאָג — אַ פינסטערע נאַכט, דער וואָס רופט צוזאַמען דאָס וואַסער פון ים און גיעסט זיי אויס אויף דר׳ערד — זיין נאָמען איז גאָט —
9 ער מאַכט דעם בערויבטען שטאַרקער פאַר דעם מעכטיגען און ברענגט אַן אונגליק אויף אַ פעסטונג.
10 זיי האַסען דעם וואָס ווייזט אויף די רעכטע אינ׳ם טהויער, און דעם וואָס רעדט ריכטיגקייט פעראַבשייען זיי.
11 דערפאַר ווייל איהר טרעט אויפ׳ן אָרימען און איהר נעהמט פון איהם אָב אַ קאָרן־אָנלייהע — וועט איהר ניט בעוואוינען די שטיינערנע הייזער וואָס איהר האָט געבויט און וועט ניט טרינקען דעם וויין פון די בעסטע וויינגערטנער וואָס איהר האָט געפלאַנצט.
12 איך ווייס ווי גרויס אייערע פערברעכענס זיינען און ווי פיעל אייערע זינד זיינען — איהר אונטערדריקט דעם פרומען, איהר נעהמט אויסקויף געלד; און די רעכטע פון אָרימאַן פערבייגען זיי אין געריכטס אָרט.
13 ווייל דער פערנינפטיגער מענש שווייגט אייך דאַן, עס איז ווירקליך אַן אונגליקליכע צייט.
14 זוכט גוטס אָבער ניט שלעכטס, אום איהר זאָלט לעבען און גאָט זאָל מיט אייך זיין ווי איהר פערלאַנגט.
15 האַסט דאָס שלעכטס און ליעבט דאָס גוטס, שטעלט איין אין שטאָדט־טהויער גערעכטיגקייט, פיליכט וועט דער גאָט פון אַרמעען בעגנאַדיגען די איבערגעבליעבענע פונ׳ם הויז יוסף.
16 האָט דערפאַר אַזוי געזאָגט דער עוויגער גאָט פון אַרמעען : אין אַלע ברייטע גאַסען וועט זיין אַ קלאָג און אין אַלע קליינע געסלאַך וועט מען זאָגען „אוי, אוי !״ די ערד־אַרבייטער וועלען אַ טרויער אויסרופען און אַ קלאָג — די געניטע קלעגער.
**17** אין אַלע וויינגערטנער וועט אַ קלאָג זיין, ווארום איך וועל דורכגעהן צווישען דיר — זאָגט גאָט.
18 וועה צו די וואָס וואַרטען אויף גאָט׳ס טאָג ! וואָס איז פאַר אייך גאָט׳ס טאָג ? — ער איז פינסטער ניט ליכטיג.
19 אַזוי ווי יעמאַנד ענטלויפט פון אַ לייב און טרעפט אַ בער, און אַז ער קומט שוין אין הויז און שפּאַרט אָן זיין האַנד אויפ׳ן וואַנד בייסט איהם אַ שלאַנג.
20 גאָט׳ס טאָג איז דאָך פינסטער און ניט ליכטיג, גאַנץ דונקעל — אָהן שיין.
21 איך האַס און פעראַכט אייערע פייערטעג און וועל ניט שמעקען אייערע פעסט־אָפּפער.
22 אַז איהר וועט מיר ברענגען גאַנץ־אָפּפער אָדער שפּייז־אָפּפער וועל איך ניט אָננעהמען, אויף די פריעדען־אָפּפער פון אייערע געשטאָפּטע אָקסען וויל איך ניט אָנקוקען.
23 ערווייטער פון מיר דיינע פיעל געזאַנגען, דאָס שפּיעלען פון דיינע האַר־פען וויל איך ניט הערען.
24 זאָל די גערעכטיגקייט קוועלען ווי וואַסער, און די וואָהלטהאַט ווי אַ שטראָהמענדער טייך.
25 האָט איהר מיר געבראַכט אין מדבר אָפּפער און שפּייזען, די גאַנצע פערציג יאָהר, הויז פון ישראל ?
26 און איהר טראָגט זיך אַרום מיט סכות, אייער מלך־געץ, מיט אייערע בילדער פון כיון און אייער געץ כוכב, וועלכע איהר האָט פאַר זיך געמאַכט.
27 דערפאַר וועל איך אייך פערטרייבען ווייטער ווי דמשק — זאָגט דער עוויגער וואָס זיין נאָמען איז גאָט פון אַרמעען.

## Cap. VI. ו

א הוֹי הַשַּׁאֲנַנִּים בְּצִיּוֹן וְהַבֹּטְחִים בְּהַר שֹׁמְרוֹן נְקֻבֵי רֵאשִׁית
2 הַגּוֹיִם וּבָאוּ לָהֶם בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ עִבְרוּ כַלְנֵה וּרְאוּ וּלְכוּ
מִשָּׁם חֲמַת רַבָּה וּרְדוּ גַת־פְּלִשְׁתִּים הֲטוֹבִים מִן־הַמַּמְלָכוֹת
3 הָאֵלֶּה אִם־רַב גְּבוּלָם מִגְּבֻלְכֶם׃ הַמְנַדִּים לְיוֹם רָע וַתַּגִּשׁוּן
4 שֶׁבֶת חָמָס׃ הַשֹּׁכְבִים עַל־מִטּוֹת שֵׁן וּסְרֻחִים עַל־עַרְשׂוֹתָם
ה וְאֹכְלִים כָּרִים מִצֹּאן וַעֲגָלִים מִתּוֹךְ מַרְבֵּק׃ הַפֹּרְטִים עַל־
6 פִּי הַנָּבֶל כְּדָוִיד חָשְׁבוּ לָהֶם כְּלֵי־שִׁיר׃ הַשֹּׁתִים בְּמִזְרְקֵי
יַיִן וְרֵאשִׁית שְׁמָנִים יִמְשָׁחוּ וְלֹא נֶחְלוּ עַל־שֵׁבֶר יוֹסֵף׃
7 לָכֵן עַתָּה יִגְלוּ בְּרֹאשׁ גֹּלִים וְסָר מִרְזַח סְרוּחִים׃
8 נִשְׁבַּע אֲדֹנָי יֱהֹוִה בְּנַפְשׁוֹ נְאֻם־יְהוָה אֱלֹהֵי צְבָאוֹת מְתָאֵב
אָנֹכִי אֶת־גְּאוֹן יַעֲקֹב וְאַרְמְנֹתָיו שָׂנֵאתִי וְהִסְגַּרְתִּי עִיר
9 וּמְלֹאָהּ׃ וְהָיָה אִם־יִוָּתְרוּ עֲשָׂרָה אֲנָשִׁים בְּבַיִת אֶחָד וָמֵתוּ׃
י וּנְשָׂאוֹ דּוֹדוֹ וּמְסָרְפוֹ לְהוֹצִיא עֲצָמִים מִן־הַבַּיִת וְאָמַר לַאֲשֶׁר
בְּיַרְכְּתֵי הַבַּיִת הַעוֹד עִמָּךְ וְאָמַר אָפֶס וְאָמַר הָס כִּי לֹא
11 לְהַזְכִּיר בְּשֵׁם יְהוָה׃ כִּי־הִנֵּה יְהוָה מְצַוֶּה וְהִכָּה
12 הַבַּיִת הַגָּדוֹל רְסִיסִים וְהַבַּיִת הַקָּטֹן בְּקִעִים׃ הֲיְרֻצוּן בַּסֶּלַע
סוּסִים אִם־יַחֲרוֹשׁ בַּבְּקָרִים כִּי־הֲפַכְתֶּם לְרֹאשׁ מִשְׁפָּט
13 וּפְרִי צְדָקָה לְלַעֲנָה׃ הַשְּׂמֵחִים לְלֹא דָבָר הָאֹמְרִים הֲלֹא
14 בְחָזְקֵנוּ לָקַחְנוּ לָנוּ קַרְנָיִם׃ כִּי הִנְנִי מֵקִים עֲלֵיכֶם בֵּית
יִשְׂרָאֵל נְאֻם־יְהוָה אֱלֹהֵי הַצְּבָאוֹת גּוֹי וְלָחֲצוּ אֶתְכֶם מִלְּבוֹא
חֲמָת עַד־נַחַל הָעֲרָבָה׃

## Cap. VII. ז

א כֹּה הִרְאַנִי אֲדֹנָי יֱהֹוִה וְהִנֵּה יוֹצֵר גֹּבַי בִּתְחִלַּת עֲלוֹת
2 הַלָּקֶשׁ וְהִנֵּה־לֶקֶשׁ אַחַר גִּזֵּי הַמֶּלֶךְ׃ וְהָיָה אִם־כִּלָּה
לֶאֱכוֹל אֶת־עֵשֶׂב הָאָרֶץ וָאֹמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה סְלַח־נָא מִי
3 יָקוּם יַעֲקֹב כִּי קָטֹן הוּא׃ נִחַם יְהוָה עַל־זֹאת לֹא תִהְיֶה

אמר

ף v. 10. קמץ בז״ק

## קאַפּיטעל ו

1 וועה צו די פריעדליכע איינוואוינער פון ציון און די רוהיגע בעוואוינער פונ'ם בארג שמרון, וועלכע רופען זיך די בעסטע אונטער פעלקער צו וועמען דאָס הויז ישראל איז נאָך שטיצע געקומען.
2 געהט אין כלנה און פון דאָרטען צו גרויס חמת, געהט אַרונטער אין גת (פּלשתים) און זעהט אויב זיי זיינען בעסער פאַר די קעניגרייכען, אויב זייער גרענעץ איז גרעסער פאַר אייער גרענעץ.
3 זיי ערוויטערן דעם אונגליקס טאָג אָבער דאָס געוואַלדטהאַט ערנעהנען זיי ביסלאַכוויז.
4 זיי ליעגען אויף עלפאַנטביינערנע בעטען און זיינען אויסגעצויגען אויף זייערע קינדער־בעטען, זיי עסען די בעסטע פון שעפּסען און קעלבער פון מאַסט־שטאַל.
5 זיי זינגען נאָך די האַרפען און טראַכטען זיך אויס אַזעלכע אינסטרומענ־טען ווי דוד.
6 די וועלכע טרינקען וויין פון בעקענס און שמירען זיך מיט דאָס בעסטע אויל און זיי אַרט ניט יוסף'ס בראָך.
7 דערפאַר וועלען זיי יעצט וואַנדערן פאַראויס די אויסגעוואַנדערטע, עס וועט אויפהערען דער יובעלגעשריי פון די אויסגעצויגענע.
8 דער אלמעכטיגער גאָט שווערט מיט זיך זעלבסט, אַזוי רעדט דער עוויגער גאָט פון ארמעען: איך פעראַבשיי יעקב'ס שטאָלץ און האַס זיינע פּאַ־לאַצען, איך וועל איבערגעבען (צום פיינד) די שטאָדט מיט אַלץ וואָס אין איהר געפינט זיך.
9 דאן אויב עס וועלען צעהן מענשען זיין אין איין הויז, וועלען זיי אַלע אויסשטאַרבען.
10 זיין פעטער אָדער בעערדיגער וועט איהם טראָגען, גליעדערווייז אַרויס־טראָגען פון הויז, און ער וועט זאָגען צו דעם וואָס שטעהט אין ווינקעל הויז: „איז נאָך וואָס דאָ נעבען דיר?" און יענער וועט ענטפערען: „ניין!"; וועט ער ווידער זאָגען: „שטיל! דערמאָהן נאָר ניט גאָט'ס נאָמען."
11 ווי גאָט וועט אַ בעפעהל געבען וועט מען צוברעכען דאָס גרויסע הויז אויף שפּענער און דאָס קליינע הויז אויף שפּענדלאַך.
12 לויפען פערד אויף אַ פעלז? אַקערט מען אויף אַ פעלז מיט רינדער? איהר האָט אָבער דאָס רעכט איבערקעהרט אויף ביטערניס און די פרוכט פון גערעכטיגקייט אויף גיפטיגע ווערמוטה.
13 איהר, וועלכע פרעהט זיך אָהן אַן אורזאַכע, זאָגענדיג: מיט אונזער אייגענע מאַכט האָבען מיר זיך די הערשאַפט גענומען.
14 ווארום איך וועל אויף אייך, הויז ישראל, אויפהויבען אַ פאָלק — זאָגט דער עוויגער גאָט פון ארמעען — און זיי וועלען אייך פעריאָגען פון דעם אַריינגאַנג אין חמת ביז דעם טהאַל פון דער וויסטע.

## קאַפּיטעל ז

1 אַזוי האָט מיר דער אַלמעכטיגער גאָט געוויזען: אָט בעשאַפט ער אַ היי־שעריק ווען עס פאַנגט זיך אָן דאָס אָבקלייבען פון פרוכט (דאָס פרוכט אבקלייבען איז געווען נאָך דעם הויפּט־שניט),
2 און ער וועט פערבלייבען ביז ער וועט אויפעסען דאָס גאַנצע גראָז פונ'ם לאַנד. האָב איך געזאָגט: „אַלמעכטיגער גאָט! פערצייהע, איך בעט דיך! ווער יעקב, וואָס איז אַזוי קראַפטלאָז, דאָס קענען אויסשטעהן?"
3 דאן האָט זיך גאָט בעדענקט וועגען דעם — „עס וועט ניט געשעהען!" — האָט גאָט געזאָגט.

אָמַר יְהוִה׃ כֹּה הִרְאַנִי אֲדֹנָי יֱהוִה וְהִנֵּה קֹרֵא לָרִב 4
בָּאֵשׁ אֲדֹנָי יֱהוִה וַתֹּאכַל אֶת־תְּהוֹם רַבָּה וְאָכְלָה אֶת־
הַחֵלֶק׃ וָאֹמַר אֲדֹנָי יֱהוִה חֲדַל־נָא מִי יָקוּם יַעֲקֹב כִּי קָטֹן ה
הוּא׃ נִחַם יְהוָה עַל־זֹאת גַּם־הִיא לֹא תִהְיֶה אָמַר אֲדֹנָי 6
יֱהוִה׃ כֹּה הִרְאַנִי וְהִנֵּה אֲדֹנָי נִצָּב עַל־חוֹמַת אֲנָךְ 7
וּבְיָדוֹ אֲנָךְ׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי מָה־אַתָּה רֹאֶה עָמוֹס וָאֹמַר 8
אֲנָךְ וַיֹּאמֶר אֲדֹנָי הִנְנִי שָׂם אֲנָךְ בְּקֶרֶב עַמִּי יִשְׂרָאֵל לֹא־
אוֹסִיף עוֹד עֲבוֹר לוֹ׃ וְנָשַׁמּוּ בָּמוֹת יִשְׂחָק וּמִקְדְּשֵׁי יִשְׂרָאֵל 9
יֶחֱרָבוּ וְקַמְתִּי עַל־בֵּית יָרָבְעָם בֶּחָרֶב׃ וַיִּשְׁלַח אֲמַצְיָה י
כֹּהֵן בֵּית־אֵל אֶל־יָרָבְעָם מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר קָשַׁר עָלֶיךָ
עָמוֹס בְּקֶרֶב בֵּית יִשְׂרָאֵל לֹא־תוּכַל הָאָרֶץ לְהָכִיל אֶת־
כָּל־דְּבָרָיו׃ כִּי־כֹה אָמַר עָמוֹס בַּחֶרֶב יָמוּת יָרָבְעָם וְיִשְׂרָאֵל 11
גָּלֹה יִגְלֶה מֵעַל אַדְמָתוֹ׃ וַיֹּאמֶר אֲמַצְיָה אֶל־עָמוֹס 12
חֹזֶה לֵךְ בְּרַח־לְךָ אֶל־אֶרֶץ יְהוּדָה וֶאֱכָל־שָׁם לֶחֶם וְשָׁם
תִּנָּבֵא׃ וּבֵית אֵל לֹא־תוֹסִיף עוֹד לְהִנָּבֵא כִּי מִקְדַּשׁ־מֶלֶךְ 13
הוּא וּבֵית מַמְלָכָה הוּא׃ וַיַּעַן עָמוֹס וַיֹּאמֶר אֶל־אֲמַצְיָה 14
לֹא־נָבִיא אָנֹכִי וְלֹא בֶן־נָבִיא אָנֹכִי כִּי־בוֹקֵר אָנֹכִי וּבוֹלֵס
שִׁקְמִים׃ וַיִּקָּחֵנִי יְהוָה מֵאַחֲרֵי הַצֹּאן וַיֹּאמֶר אֵלַי יְהוָה לֵךְ טו
הִנָּבֵא אֶל־עַמִּי יִשְׂרָאֵל׃ וְעַתָּה שְׁמַע דְּבַר־יְהוָה אַתָּה אֹמֵר 16
לֹא תִנָּבֵא עַל־יִשְׂרָאֵל וְלֹא תַטִּיף עַל־בֵּית יִשְׂחָק׃ לָכֵן כֹּה־ 17
אָמַר יְהוָה אִשְׁתְּךָ בָּעִיר תִּזְנֶה וּבָנֶיךָ וּבְנֹתֶיךָ בַּחֶרֶב יִפֹּלוּ
וְאַדְמָתְךָ בַּחֶבֶל תְּחֻלָּק וְאַתָּה עַל־אֲדָמָה טְמֵאָה תָּמוּת
וְיִשְׂרָאֵל גָּלֹה יִגְלֶה מֵעַל אַדְמָתוֹ׃

## CAP. VIII. ח

ח
כֹּה הִרְאַנִי אֲדֹנָי יֱהוִה וְהִנֵּה כְּלוּב קָיִץ׃ וַיֹּאמֶר מָה־אַתָּה א 2
רֹאֶה עָמוֹס וָאֹמַר כְּלוּב קָיִץ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי בָּא הַקֵּץ
אֶל־עַמִּי יִשְׂרָאֵל לֹא־אוֹסִיף עוֹד עֲבוֹר לוֹ׃ וְהֵילִילוּ שִׁירוֹת 3
הֵיכָל בַּיּוֹם הַהוּא נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה רַב הַפֶּגֶר בְּכָל־מָקוֹם

4 אַזוי האָט מיר גאָט געוויזען: אָט, רופט דער אַלמעכטיגער גאָט אַרויס דעם פייער אין קריעג פאר דעם מעכטיגען גאָט, און ער פערברענט ביז אין טיעפען אבגרונד אַריין און אויך די פעלדער.
5 האָב איך געזאָגט: „אַלמעכטיגער גאָט! הער אויף, איך בעט דיך! וועט יעקב, וואָס איז אַזוי קראַפטלאָז, קענען דאָס אויסשטעהן?
6 דאַן האָט זיך גאָט בעדענקט וועגען דעם — „אויך דאָס וועט ניט געשעהען — זאָגט גאָט דער אַלמעכטיגער.
7 ער האָט מיר אַזוי געוויזען: אָט שטעהט גאָט אויף אַ גלייכע מויער־וואַנד און האַלט זינקבליי אין זיין האַנד,
8 און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: „וואָס זעהסטו, עמוס?” האָב איך געענטפערט: „זינקבליי!” דאַן האָט גאָט געזאָגט: „אָט דאָס לעג איך זינקבליי אַוועק אויף מיין פאָלק ישראל (אַלס בעווייז אַז) איך וועל איהם מעהר ניט פערצייהען.
9 פערוויסטעט וועלען ווערען ישחק׳ס בארג־אַלטאַרען און ישראל׳ס הייליגטהימער וועלען צושטערט ווערען, איך זעלבסט וועל זיך מיט׳ן שווערד שטעלען קעגען ירבעם׳ס הויז.”
10 דאַן האָט אמציה דער פריסטער פון בית אל געשיקט צו ירבעם, קעניג פון ישראל אַזוי צו זאָגען: „עמוס האָט קעגען דיר אַ פערשווערונג געמאַכט אינ׳ם הויז ישראל, דאָס לאַנד קען זיינע ווערטער ניט פערטראָגען;
11 ווארום עמוס האָט אַזוי געזאָגט: „ירבעם וועט שטאַרבען פונ׳ם שווערד און גאַנץ ישראל וועט פון זיין לאַנד פערטריבען ווערען.”
12 און צו עמוס דעם פראָפעט האָט אמציה געזאָגט: „געה, ענטלויף זיך אין לאַנד יהודה, עסס דאָרטען ברויט און פראָפעצייהע דאָרטען;
13 אין בית־אל אָבער זאָלסטו מעהר ניט פראָפעצייהען, ווארום דאָרט איז דאָס הויפט־הייליגטהום און אויך די רעזידענץ־שטאָדט.”
14 עמוס האָט געענטפערט און געזאָגט צו אמציה: איך בין קיין פראָפעט אויך ניט קיין זוהן פון אַ פראָפעט, איך בין נאָר אַ פיה־הענדלער און אַ סיקאַמאָרען (עגיפּטישע פייגען) זוכער.
15 נאָר גאָט האָט מיר צוגענומען, געהענדיג נאָך די שעפסען, און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: „„געה, פראָפעצייהע אויף מיין פאָלק ישראל.
16 אַלזאָ הער אויס גאָט׳ס וואָרט! דו זאָגסט צו מיר: „פראָפעצייהע ניט אויף ישראל און רייד ניט וועגען דאָס הויז ישחק!”
17 דערפאַר האָט גאָט אַזוי געזאָגט: דיין פרוי וועט אין מיטען שטאָדט געשענדעט ווערען, דיינע זיהן און טעכטער וועלען פאַלען פון שווערד און דיין ערד וועט מיט אַ שנור צוטהיילט ווערען; דו זעלבסט וועסט שטאַרבען אויף אַ פערעאונריינינגטען באָדען, דאַן ווען ישראל וועט פון זיין לאַנד פערטריבען ווערען.

## קאַפּיטעל ח

1 אַזוי האָט מיר דער אַלמעכטיגער גאָט געוויזען: אָט איז אַ קאָרב מיט זומער־פרוכט;
2 דאַן האָט ער געזאָגט: „וואָס זעהסטו, עמוס?” האָב איך געענטפערט: „אַ קאָרב מיט זומער־פרוכט!” האָט גאָט צו מיר געזאָגט: „עס איז געקומען אַן ענדע אויף מיין פאָלק ישראל — מעהר וועל איך איהם ניט פערצייהען!
3 דאַמאַלס וועלען די טעמפעל זינגערקעס קלאָגען — זאָגט דער אַלמעכטיגער גאָט — עס וועלען פיעל טוידטע קערפּער זיין, איבעראַל וועט אַ טוידט־שטילקייט זיין.

4 הִשְׁלִיךְ הָס׃ שִׁמְעוּ־זֹאת הַשֹּׁאֲפִים אֶבְיוֹן וְלַשְׁבִּית
ה עֲנִוֵי־אָרֶץ׃ לֵאמֹר מָתַי יַעֲבֹר הַחֹדֶשׁ וְנַשְׁבִּירָה שֶּׁבֶר
וְהַשַּׁבָּת וְנִפְתְּחָה־בָּר לְהַקְטִין אֵיפָה וּלְהַגְדִּיל שֶׁקֶל וּלְעַוֵּת
6 מֹאזְנֵי מִרְמָה׃ לִקְנוֹת בַּכֶּסֶף דַּלִּים וְאֶבְיוֹן בַּעֲבוּר נַעֲלָיִם
7 וּמַפַּל בַּר נַשְׁבִּיר׃ נִשְׁבַּע יְהוָה בִּגְאוֹן יַעֲקֹב אִם־אֶשְׁכַּח
8 לָנֶצַח כָּל־מַעֲשֵׂיהֶם׃ הַעַל זֹאת לֹא־תִרְגַּז הָאָרֶץ וְאָבַל
כָּל־יוֹשֵׁב בָּהּ וְעָלְתָה כָאֹר כֻּלָּהּ וְנִגְרְשָׁה וְנִשְׁקְהָ כִּיאוֹר
9 מִצְרָיִם׃ וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִֹה וְהֵבֵאתִי
י הַשֶּׁמֶשׁ בַּצָּהֳרָיִם וְהַחֲשַׁכְתִּי לָאָרֶץ בְּיוֹם אוֹר׃ וְהָפַכְתִּי
חַגֵּיכֶם לְאֵבֶל וְכָל־שִׁירֵיכֶם לְקִינָה וְהַעֲלֵיתִי עַל־כָּל־מָתְנַיִם
שָׂק וְעַל־כָּל־רֹאשׁ קָרְחָה וְשַׂמְתִּיהָ כְּאֵבֶל יָחִיד וְאַחֲרִיתָהּ
11 כְּיוֹם מָר׃ הִנֵּה ׀ יָמִים בָּאִים נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִֹה וְהִשְׁלַחְתִּי
רָעָב בָּאָרֶץ לֹא־רָעָב לַלֶּחֶם וְלֹא־צָמָא לַמַּיִם כִּי אִם־
12 לִשְׁמֹעַ אֵת דִּבְרֵי יְהוָה׃ וְנָעוּ מִיָּם עַד־יָם וּמִצָּפוֹן וְעַד־
13 מִזְרָח יְשׁוֹטְטוּ לְבַקֵּשׁ אֶת־דְּבַר־יְהוָה וְלֹא יִמְצָאוּ׃ בַּיּוֹם
הַהוּא תִּתְעַלַּפְנָה הַבְּתוּלֹת הַיָּפוֹת וְהַבַּחוּרִים בַּצָּמָא׃
14 הַנִּשְׁבָּעִים בְּאַשְׁמַת שֹׁמְרוֹן וְאָמְרוּ חֵי אֱלֹהֶיךָ דָּן וְחֵי דֶּרֶךְ
בְּאֵר־שָׁבַע וְנָפְלוּ וְלֹא־יָקוּמוּ עוֹד׃

## CAP. IX. ט

ט

א רָאִיתִי אֶת־אֲדֹנָי נִצָּב עַל־הַמִּזְבֵּחַ וַיֹּאמֶר הַךְ הַכַּפְתּוֹר
וְיִרְעֲשׁוּ הַסִּפִּים וּבְצַעַם בְּרֹאשׁ כֻּלָּם וְאַחֲרִיתָם בַּחֶרֶב
2 אֶהֱרֹג לֹא־יָנוּס לָהֶם נָס וְלֹא־יִמָּלֵט לָהֶם פָּלִיט׃ אִם־
יַחְתְּרוּ בִשְׁאוֹל מִשָּׁם יָדִי תִקָּחֵם וְאִם־יַעֲלוּ הַשָּׁמַיִם מִשָּׁם
3 אוֹרִידֵם׃ וְאִם־יֵחָבְאוּ בְּרֹאשׁ הַכַּרְמֶל מִשָּׁם אֲחַפֵּשׂ
וּלְקַחְתִּים וְאִם־יִסָּתְרוּ מִנֶּגֶד עֵינַי בְּקַרְקַע הַיָּם מִשָּׁם אֲצַוֶּה
4 אֶת־הַנָּחָשׁ וּנְשָׁכָם׃ וְאִם־יֵלְכוּ בַשְּׁבִי לִפְנֵי אֹיְבֵיהֶם מִשָּׁם
אֲצַוֶּה אֶת־הַחֶרֶב וַהֲרָגָתַם וְשַׂמְתִּי עֵינִי עֲלֵיהֶם לְרָעָה
ולא

ח v. 4. עניי קרי   v. 8. ונשקעה ס״ו

4 הערט דאָס אויס איהר וואָס פערלאַנגט צו אונטערברענגען דעם בעדירפ־טיגען און פערניכטיגען די אָרימע פונ'ם לאַנד,

5 זאָגענדיג : וואָלט שוין דער מאָנאַט אַוועקגעהן אום מיר זאָלען געטריידע קענען קויפען, וואָלט שוין דער שבת אריבער אום מיר זאָלען קענען עפענען די שפּייכלערס, קלענער מאַכענדיג די איפה און גרעסער מאַ־כענדיג דעם שקל, אויך קרום אַוועקשטעלען די פאַלשע וואגשאַלען.

6 ווען די אָרימע וועלען פאַר דאָס לעצטע געלד קויפען און די בעדירפטיגע פאַר זייערע שיך, מיר וועלען זיי פערקויפען די געטריידע אבפאַל.

7 גאָט האָט געשוואָרען ביי דעם שטאָלץ פון יעקב : אויב איך וועל אייביג זייערע טהאַטען פערגעסען !

8 דאַרף אויף אַזעלכע זאַכען ניט אויפציטערן די ערד, אַז אַלע איהרע איינ־וואוינער זאָלען פערטרויערט ווערען ? דאַרף זי ניט ווי אַ טייך פער־פלייצט ווערען, אריבעררינען און בעוואַסערן ווי דער מצרים־טייך ?

9 עס וועט דאַמאַלס געשעהען — זאָגט גאָט דער עווינער — אַז איך וועל אונטערברענגען די זונן אין מיטען העלען טאָג, און איך וועל פינסטער מאַכען דאָס לאַנד אין העלען טעגליכען שיין.

10 אייערע פייערטעג וועל איך אויף טרויער פערקעהרען און אַלע ליעדער אייערע — צו קלאָג, אויף אַלע לענדען וועל איך אַרויפברענגען אַ טרויער־זאַק און אויף יעדער קאָפּ אַ פּליעך ; איך וועל איהר מאַכען ווי אַ טרויער אויף אַיין איינציגען און ענדיגען וועט זיך דאָס מיט אַ ביטערען טאָג.

11 עס קומען אַן טעג — זאָגט גאָט דער עווינער — ווען איך וועל אַנשיקען אַ הונגער אויפ'ן לאַנד ; ניט אַ הונגער אין ברויט אָדער אַ דורשט נאָך וואַסער, זאָנדערן צו הערען גאָט'ס ווערטער.

12 מען וועט וואַנדערן פון איין ים צום צווייטען, פון צפון ביז מזרח וועלען זיי אַרומגעהן זוכען גאָט'ס וואָרט און וועלען ניט געפינען.

13 אין יענער צייט וועלען די שעהנע יונגע מיידלאַך און די יונגע קנאַבען שמאַכטען פון דאָרשט.

14 אויך די אַלע וואָס שווערען ביי די געזעצע פון שמרון און זאָגען : ווי עס לעבט דיין געץ דן און ווי עס לעבען (די געצען) אויפ'ן וועג צו באר שבע ; אָט די אַלע וועלען פאַלען און ניט אויפשטעהן מעהר.

## קאַפּיטעל ט

1 איך האָב געזעהען גאָט שטעהענדיג ביים מזבח, ער האָט געזאָגט : גיב אַ קלאַפּ אויפ'ן קופּעל אַז די שוועלען זאָלען ציטערן ! צושמעטער זיי אַלעמען די קעפּ, די לעצטע וועל איך מיט'ן שווערד הרג'ענען — עס וועט פון זיי קיינער ענטלויפען און קיינער פון זיי וועט זיך ניט רעטען.

2 זאָגאַר אויב זיי וועלען זיך איינגראַבען אין העלל וועט מיין האַנד זיי פון דאָרטען אַרויסנעהמען, אויב זיי וועלען אויפ'ן הימעל אַרויף, וועל איך זיי פון דאָרטען אַראָבשליידערן.

3 אויב זיי וועלען זיך בעהאַלטען אויף די הויכע בערג פון כרמל, וועל איך זיי פון דאָרטען אויסזוכען און אַראָפּנעהמען, און אויב זיי וועלען זיך פערבאַרגען פון מיר אויפ'ן דעק פונ'ם ים, וועל איך דעם שלאַנג הייסען ער זאָל זיי דאָרטען בייסען.

4 אויב זיי וועלען געפאַנגענע געהן פאַר זייערע פיינד, וועל איך הייסען דעם שווערד הרג'ענען זיי דאָרטען — איך וועל מיינע אויגען ווענדען אויף זיי צו שלעכטען אָבער ניט צו גוטען.

וְלֹא לְטוֹבָה׃ וַאדֹנָי יֱהוִה הַצְּבָאוֹת הַנּוֹגֵעַ בָּאָרֶץ וַתָּמוֹג ה
וְאָבְלוּ כָּל־יוֹשְׁבֵי בָהּ וְעָלְתָה כַיְאֹר כֻּלָּהּ וְשָׁקְעָה כִּיאֹר
מִצְרָיִם׃ הַבּוֹנֶה בַשָּׁמַיִם מַעֲלוֹתָו וַאֲגֻדָּתוֹ עַל־אֶרֶץ יְסָדָהּ 6
הַקֹּרֵא לְמֵי־הַיָּם וַיִּשְׁפְּכֵם עַל־פְּנֵי הָאָרֶץ יְהוָה שְׁמוֹ׃
*הֲלוֹא כִבְנֵי כֻשִׁיִּים אַתֶּם לִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל נְאֻם־יְהוָה 7
הֲלוֹא אֶת־יִשְׂרָאֵל הֶעֱלֵיתִי מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם וּפְלִשְׁתִּיִּים
מִכַּפְתּוֹר וַאֲרָם מִקִּיר׃ הִנֵּה עֵינֵי ׀ אֲדֹנָי יֱהוִה בַּמַּמְלָכָה 8
הַחַטָּאָה וְהִשְׁמַדְתִּי אֹתָהּ מֵעַל פְּנֵי הָאֲדָמָה אֶפֶס כִּי לֹא
הַשְׁמֵיד אַשְׁמִיד אֶת־בֵּית יַעֲקֹב נְאֻם־יְהוָה׃ כִּי־הִנֵּה אָנֹכִי 9
מְצַוֶּה וַהֲנִעוֹתִי בְכָל־הַגּוֹיִם אֶת־בֵּית יִשְׂרָאֵל כַּאֲשֶׁר יִנּוֹעַ
בַּכְּבָרָה וְלֹא־יִפּוֹל צְרוֹר אָרֶץ׃ בַּחֶרֶב יָמוּתוּ כֹּל חַטָּאֵי י
עַמִּי הָאֹמְרִים לֹא־תַגִּישׁ וְתַקְדִּים בַּעֲדֵינוּ הָרָעָה׃ בַּיּוֹם 11
הַהוּא אָקִים אֶת־סֻכַּת דָּוִיד הַנֹּפֶלֶת וְגָדַרְתִּי אֶת־פִּרְצֵיהֶן
וַהֲרִסֹתָיו אָקִים וּבְנִיתִיהָ כִּימֵי עוֹלָם׃ לְמַעַן יִירְשׁוּ אֶת־ 12
שְׁאֵרִית אֱדוֹם וְכָל־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר־נִקְרָא שְׁמִי עֲלֵיהֶם נְאֻם־
יְהוָה עֹשֶׂה זֹּאת׃ הִנֵּה יָמִים בָּאִים נְאֻם־יְהוָה וְנִגַּשׁ 13
חוֹרֵשׁ בַּקֹּצֵר וְדֹרֵךְ עֲנָבִים בְּמֹשֵׁךְ הַזָּרַע וְהִטִּיפוּ הֶהָרִים
עָסִיס וְכָל־הַגְּבָעוֹת תִּתְמוֹגַגְנָה׃ וְשַׁבְתִּי אֶת־שְׁבוּת עַמִּי 14
יִשְׂרָאֵל וּבָנוּ עָרִים נְשַׁמּוֹת וְיָשָׁבוּ וְנָטְעוּ כְרָמִים וְשָׁתוּ אֶת־
יֵינָם וְעָשׂוּ גַנּוֹת וְאָכְלוּ אֶת־פְּרִיהֶם׃ וּנְטַעְתִּים עַל־אַדְמָתָם טו
וְלֹא יִנָּתְשׁוּ עוֹד מֵעַל אַדְמָתָם אֲשֶׁר־נָתַתִּי לָהֶם אָמַר
יְהוָה אֱלֹהֶיךָ׃

v. 6. מעלותו קרי v. 7. הפטרת קדושים כמנהג האשכנזים v. 14. קמץ בס״ק v. 15. ע״כ

5 דער אלמעכטיגער גאָט פון ארמעען, דער וואָס די ערד ווערט צושמאָלצען ווען ער בעריהרט איהר און אלע איהרע בעוואוינער ווערען פערטרויערט, זי ווערט אין גאנצען פערפלייצט ווי א טייך און זינקט איין ווי דער מצרים־טייך.

6 דער וואָס בויט זיינע טרעפּ אין הימעל און האָט זיין פערזאמלונג אויף דער ערד פעסטגעשטעלט; דער וואָס רופט די וואסער פון ים און גיסט זיי אויף דער ערד —עוויגער איז זיין נאָמען.

7 זייט איהר צו מיר, קינדער ישראל, ניט ווי די קינדער פון די כושיים? — זאָגט גאָט — האָב איך ניט ארויסגענומען ישראל פונ'ם לאנד מצרים אזוי ווי די פלשתים פון כפתור און ארם פון קיר?

8 גאָט'ס אויגען זיינען אימער אויף די פערברעכערישע רעגיערונג, איך וועל איהר פערטיליגען פון דער ערד; איך וועל אָבער ניט פערטיליגען דאָס הויז יעקב'ס — זאָגט גאָט.

9 אָדער איך וועל בעפוילען אָדער איך זעלבסט וועל מאַכען וואנדערן דאָס הויז ישראל אונטער די פעלקער ווי מען שאָקעלט וואס אין א זיפּ און קיין ברעקעל וועט אויף דער ערד אראָבפאלען.

10 פון שווערד וועלען שטארבען אלע זינדיגע פון מיין פאָלק, די וועלכע זאָגען: „אויף אונז וועט דער אונגליק ניט קומען און וועט אונז ניט טרעפען."

11 אין יענער צייט וועל איך אויפשטעלען דוד'ס פאלענדע ביידעל, איך וועל פערצוימען אלע צובראָכענע ערטער, איך וועל אויפשטעלען זיינע צו־שמעטערטע געביידען און וועל עס אויפבויען ווי אין די אלטע צייטען.

12 אום זיי זאָלען ערבען דאָס איבריגע פון אדום און פון אלע פעלקער אויף וועמען עס רופט זיך מיין נאָמען — זאָגט גאָט וואָס טהוט דאָס אלעס.

13 עס וועלען קומען טעג — זאָגט גאָט — ווען דער אקערער וועט זיך אנ־שטויסען אן שניידער, און דער וואָס טרעט די וויינטרויבען — אויף דעם זוימענטרעגער, די בערג וועלען טריפען זאפט און די בערגלאָך וועלען צושמאָלצען ווערען.

14 דאן וועל איך צוריק ברענגען די געפאנגענשאַפט פון מיין פאָלק ישראל און זיי וועלען אָפּבויען די פערוויסטעטע שטעדט אום צו בעזעצען זיך, זיי וועלען פלאנצען וויינגערטנער און טרינקען זייער וויין, זיי וועלען פער־זעהען גערטנער און עסען זייערע פרוכט.

15 איך וועל זיי איינפלאנצען אויף זייער לאַנד און זיי וועלען שוין ניט מעהר אויסגעריסען ווערען פון זייער לאַנד, וועלכע איך האָב זיי געגעבען — זאָגט דער עוויגער, דיין גאָט.

# עבדיה

# LIBER OBADIÆ.

## CAPUT I. א

א ׳ חֲזוֹן עֹבַדְיָה כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה לֶאֱדוֹם שְׁמוּעָה שָׁמַעְנוּ
מֵאֵת יְהוָה וְצִיר בַּגּוֹיִם שֻׁלָּח קוּמוּ וְנָקוּמָה עָלֶיהָ
2 לַמִּלְחָמָה׃ הִנֵּה קָטֹן נְתַתִּיךָ בַּגּוֹיִם בָּזוּי אַתָּה מְאֹד׃
3 זְדוֹן לִבְּךָ הִשִּׁיאֶךָ שֹׁכְנִי בְחַגְוֵי־סֶלַע מְרוֹם שִׁבְתּוֹ אֹמֵר
4 בְּלִבּוֹ מִי יוֹרִדֵנִי אָרֶץ׃ אִם־תַּגְבִּיהַּ כַּנֶּשֶׁר וְאִם־בֵּין כּוֹכָבִים
ה שִׂים קִנֶּךָ מִשָּׁם אוֹרִידְךָ נְאֻם־יְהוָה׃ אִם־גַּנָּבִים בָּאוּ־לְךָ
אִם־שׁוֹדְדֵי לַיְלָה אֵיךְ נִדְמֵיתָה הֲלוֹא יִגְנְבוּ דַּיָּם אִם־
6 בֹּצְרִים בָּאוּ לָךְ הֲלוֹא יַשְׁאִירוּ עֹלֵלוֹת׃ אֵיךְ נֶחְפְּשׂוּ עֵשָׂו
7 נִבְעוּ מַצְפֻּנָיו׃ עַד־הַגְּבוּל שִׁלְּחוּךָ כֹּל אַנְשֵׁי בְרִיתֶךָ
הִשִּׁיאוּךָ יָכְלוּ לְךָ אַנְשֵׁי שְׁלֹמֶךָ לַחְמְךָ יָשִׂימוּ מָזוֹר תַּחְתֶּיךָ
8 אֵין תְּבוּנָה בּוֹ׃ הֲלוֹא בַּיּוֹם הַהוּא נְאֻם־יְהוָה וְהַאֲבַדְתִּי
9 חֲכָמִים מֵאֱדוֹם וּתְבוּנָה מֵהַר עֵשָׂו׃ וְחַתּוּ גִבּוֹרֶיךָ תֵּימָן
י לְמַעַן יִכָּרֶת־אִישׁ מֵהַר עֵשָׂו מִקָּטֶל׃ מֵחֲמַס אָחִיךָ יַעֲקֹב
11 תְּכַסְּךָ בוּשָׁה וְנִכְרַתָּ לְעוֹלָם׃ בְּיוֹם עֲמָדְךָ מִנֶּגֶד בְּיוֹם
שְׁבוֹת זָרִים חֵילוֹ וְנָכְרִים בָּאוּ שְׁעָרָו וְעַל־יְרוּשָׁלִַם יַדּוּ
12 גוֹרָל גַּם־אַתָּה כְּאַחַד מֵהֶם׃ וְאַל־תֵּרֶא בְיוֹם־אָחִיךָ בְּיוֹם
נָכְרוֹ וְאַל־תִּשְׂמַח לִבְנֵי־יְהוּדָה בְּיוֹם אָבְדָם וְאַל־תַּגְדֵּל
13 פִּיךָ בְּיוֹם צָרָה׃ אַל־תָּבוֹא בְשַׁעַר־עַמִּי בְּיוֹם אֵידָם אַל־
תֵּרֶא גַם־אַתָּה בְּרָעָתוֹ בְּיוֹם אֵידוֹ וְאַל־תִּשְׁלַחְנָה בְחֵילוֹ
14 בְּיוֹם אֵידוֹ׃ וְאַל־תַּעֲמֹד עַל־הַפֶּרֶק לְהַכְרִית אֶת־פְּלִיטָיו

וְאַל־

v. 1. הפטרת וישלח ibid. קמץ בז״ק v. 11. ששי ק

# עבדיה

## קאַפּיטעל א

1 דאָס פאַראויסזעהען פון עבדיה. אזוי האָט גאָט געזאָגט צו אדום: „מיר האָבען עטוואָס געהערט פון גאָט און אַ געזאַנדטער איז איבער די פעלקער געשיקט געוואָרען (אויסצורופען:) — שטעהט אויף! לאָמיר זיך אין קריעג שטעלען קעגען איהר!

2 איך האָב דיך אַלס דעם קלענסטען געמאַכט צווישען די פעלקער, ווייל דו ביזט זעהר פעראַכטעט —

3 דיין פרעכהייט אָבער האָט דיר איינגערעדט אַז דו וואוינסט רוהיג אין שטיינער העהלען, ווי איינער וואָס זיצט גאַנץ הויך און זאָגט: „ווער קען מיר צו דער ערד אראָבברענגען?"

4 אויב דו וועסט זיך הויך אויפהויבען ווי אַן אדלער און וועסט דיין נעסט מאַכען צווישען די שטערען, וועל איך דיר פון דאָרטען אראָבוואַרפען — זאָגט גאָט.

5 זיינען דיר גנבים בעפאַלען, אָדער נאַכט־רויבער? וואָס ביזטו פערשטומט געוואָרען? זיי' וועלען נאָר גנב'ענען ביז זיי וועלען האָבען גענוג. זיינען דיר פרוכט־קלייבער בעפאַלען? אַ, זיי וועלען איבערלאָזען אונצייטיגע פרוכט!

6 ווי אזוי זיינען אויסגעזוכט געוואָרען (די רייכטהימער פון) עשו? עס זיינען אויפגעדעקט געוואָרען זייערע בעהאַלטענע (אוצרות).

7 ביז'ן גרענעץ האָבען דיך בעגלייט אַלע פריינד דיינע, עס האָבען דיר איינגערעדט און בייגעקומען די מיט וועלכע דו האָסט אין פריעדען געלעבט; דיינע ברויט־עסער האָבען דיר גיפט אונטערגעלעגט, דו אונפערשטענדיגער מענש!

8 אָט אין דעם זעלביגען טאָג — שפּרעכט גאָט — וועל איך פערניכטען קלוגע מענשען פון אדום, און יעדען פערשטענדיגען מאַן פון'ם בארג עשו.

9 אויך דיינע העלדען, תימן, וועלען דערשראָקען ווערען, אום עס זאָל אין שלאַכט ביז איין מאַן אויסגעראָטהעט ווערען פון'ם באַרג עשו.

10 איבער דיינע געוואַלד־טהאַטען קעגען דיין ברודער יעקב, וועט דיר אַ שאַנדע פערדעקען און דו וועסט אויסגעראָטהעט ווערען אויף אייביג.

11 פאַר דעם טאָג וואָס דו ביזט פון ווייטען געשטאַנען ווען פיינד האָבען זיין פערמעגען צורויבט, און פרעמדע זיינען זיינע שטעדט בעפאַלען און גורל געוואָרפען אויף ירושלים — דו ביזט אויך ניט בעסער פאַר זיי!

12 דו האָסט ניט געדאַרפט זעהען דיין ברודער ווען ער ווערט פערפערעמדעט, דו האָסט ניט געדאַרפט פרעהליך זיין אין דעם טאָג ווען עס איז אַן אונטערגאַנג געקומען אויף די קינדער יהודה'ס, דו האָסט ניט געדאַרפט רעדען מיט שטאָלץ אין טאָג פון זיין ליידען.

13 דו האָסט ניט געדאַרפט צוגעהן צום שטאָדט־טויער פון מיין פאָלק אין דעם טאָג פון זיין ניעדערלאַגע, דו האָסט אויך ניט געדאַרפט איינקוקען זיך אויף זיין אונגליק אינ'ם טאָג פון זיין ניעדערלאַגע, דו האָסט ניט געדאַרפט לעגען אַ האַנד אויף זיין פערמעגען אינ'ם טאָג פון זיין ניעדערלאַגע.

14 דו האָסט ניט געדאַרפט שטעהען אויפ'ן וועג, אום צו פערניכטען

וְאַל־תַּסְגֵּר שְׂרִידָיו בְּיוֹם צָרָה׃ כִּי־קָרוֹב יוֹם־יְהוָה עַל־ 15
כָּל־הַגּוֹיִם כַּאֲשֶׁר עָשִׂיתָ יֵעָשֶׂה לָּךְ גְּמֻלְךָ יָשׁוּב בְּרֹאשֶׁךָ׃
16 כִּי כַּאֲשֶׁר שְׁתִיתֶם עַל־הַר קָדְשִׁי יִשְׁתּוּ כָל־הַגּוֹיִם תָּמִיד
17 וְשָׁתוּ וְלָעוּ וְהָיוּ כְּלוֹא הָיוּ׃ וּבְהַר צִיּוֹן תִּהְיֶה פְלֵיטָה
18 וְהָיָה קֹדֶשׁ וְיָרְשׁוּ בֵּית יַעֲקֹב אֵת מוֹרָשֵׁיהֶם׃ וְהָיָה בֵית־
יַעֲקֹב אֵשׁ וּבֵית יוֹסֵף לֶהָבָה וּבֵית עֵשָׂו לְקַשׁ וְדָלְקוּ בָהֶם
וַאֲכָלוּם וְלֹא־יִהְיֶה שָׂרִיד לְבֵית עֵשָׂו כִּי יְהוָה דִּבֵּר׃
19 וְיָרְשׁוּ הַנֶּגֶב אֶת־הַר עֵשָׂו וְהַשְּׁפֵלָה אֶת־פְּלִשְׁתִּים וְיָרְשׁוּ
אֶת־שְׂדֵה אֶפְרַיִם וְאֵת שְׂדֵה שֹׁמְרוֹן וּבִנְיָמִן אֶת־הַגִּלְעָד׃
כ וְגָלֻת הַחֵל־הַזֶּה לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר־כְּנַעֲנִים עַד־צָרְפַת
21 וְגָלֻת יְרוּשָׁלִַם אֲשֶׁר בִּסְפָרַד יִרְשׁוּ אֵת עָרֵי הַנֶּגֶב׃ וְעָלוּ
מוֹשִׁעִים בְּהַר צִיּוֹן לִשְׁפֹּט אֶת־הַר עֵשָׂו וְהָיְתָה לַיהוָה
הַמְּלוּכָה׃

# יונה

# LIBER JONÆ.

## CAPUT I. א

א 2 וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה אֶל־יוֹנָה בֶן־אֲמִתַּי לֵאמֹר׃ קוּם לֵךְ
אֶל־נִינְוֵה הָעִיר הַגְּדוֹלָה וּקְרָא עָלֶיהָ כִּי־עָלְתָה רָעָתָם
3 לְפָנָי׃ וַיָּקָם יוֹנָה לִבְרֹחַ תַּרְשִׁישָׁה מִלִּפְנֵי יְהוָה וַיֵּרֶד
יָפוֹ וַיִּמְצָא אָנִיָּה ׀ בָּאָה תַרְשִׁישׁ וַיִּתֵּן שְׂכָרָהּ וַיֵּרֶד בָּהּ
4 לָבוֹא עִמָּהֶם תַּרְשִׁישָׁה מִלִּפְנֵי יְהוָה׃ וַיהוָה הֵטִיל רוּחַ־
גְּדוֹלָה אֶל־הַיָּם וַיְהִי סַעַר־גָּדוֹל בַּיָּם וְהָאֳנִיָּה חִשְּׁבָה
ה לְהִשָּׁבֵר׃ וַיִּירְאוּ הַמַּלָּחִים וַיִּזְעֲקוּ אִישׁ אֶל־אֱלֹהָיו וַיָּטִלוּ
את־

v. 20. הרי בפתח    v. 21. עד כאן    v. 1. הפטרת יום כפור למנחה

זיינע גערעטעטע, דו האָסט אויך ניט געדאַרפט אינ׳ם טאָג פון אונגליק איבערגעבען זיינע געבליעבענע [צום פיינד].

15 גאָט׳ס שטראָף־טאָג אויף אַלע פעלקער איז נאָהענט, מען וועט דיר טהאָן אַזוי ווי דו האָסט געטהאָן — דיין בעלוינונג וועט אויף דיין קאָפּ פאַלען.

16 וואָרום אַזוי ווי איהר האָט דאָן געטרונקען אויף מיין הייליגען באַרג, אַזוי וועלען אַלע פעלקער אימער טרינקען — זיי וועלען טרינקען און בע־טויבט ווערען ביז זיי וועלען ווערען ווי קיין מאָל ניט געווען.

17 אויפ׳ן באַרג ציון אָבער וועט א רעטונגס־פּלאַץ זיין, ער וועט ערשט דאַ־מאָלס הייליג ווערען ווען דאָס הויז פון יעקב וועט צוריק בעזיצען זייערע ערבטהיילען.

18 דאָן וועט יעקב׳ס הויז זיין ווי א פייער, יוסף׳ס הויז — ווי א גרויסער פלאַם און עשו׳ס הויז — ווי שטרוי; זיי [דער פייער מיט׳ן פלאַם] וועלען איהם אָנצינדען און פערברענען, עס וועט דאָן קיין ענטרינונג זיין פאַר עשו׳ס הויז, דען גאָט האָט גערעדט.

19 די איינוואָהנער פון דרום וועלען בעזיצען עשו׳ס באַרג, און די איינוואָה־נער פון ניעדערלאַנד — דאָס לאַנד פּלשתים; זיי וועלען צוריק האָבען דאָס פעלד אפרים און דאָס פעלד שמרון, בנימין וועט בעזיצען גלעד.

20 די אויסגעוואַנדערטע פון די קינדער ישראל וועלכע געפינען זיך אין די כנעני׳שע לענדער ביז צרפת, אויך די אויסגעוואַנדערטע פון ירושלים וועלכע זיינען אין ספרד, זיי וועלען בעזיצען אַלע דרום־שטעדט.

21 נאָר דאָן ווען די רעטער וועלען אַרויף אויפ׳ן באַרג ציון אָן אורטהייל אַרויסגעבען קעגען באַרג עשו, וועט די רעגיערונג זיין ביי גאָט.

# יונה

## קאַפּיטעל א

1 גאָט׳ס וואָרט איז געוועזן צו יונה, אמתי׳ס זוהן, אַזוי צו זאָגען:

2 „שטעה אויף! געה אין נינוה, די גרויסע שטאָדט, און רוף אויף איהר אויס (אַן אונטערגאַנג), וואָרום זייערע שלעכטע טהאַטען זיינען אַרויף ביז צו מיר!״

3 און יונה איז אויפגעשטאַנען אום צו ענטלויפען פון גאָט נאָך תרשיש; ער איז אַוועק אין יפו, דאָרטען האָט ער געפונען א שיף וואָס געהט אָב נאָך תרשיש. ער האָט בעצאָהלט און איז אַריין אין שיף מיטצופאָהרען מיט זיי אין תרשיש, [אום צו ענטלויפען] פון גאָט.

4 אָבער גאָט האָט אָנגעשיקט א גרויסען ווינד איבער׳ן ים, עס איז געוואָרען אַזאַ גרויסער שטורם אַז די שיף־לייטע האָבען גערעכענט דאָס די שיף וועט באַלד צובראָכען ווערען.

5 די שיף־לייטע האָבען זיך דערשראָקען און געשריען יעדער צו זיין גאָט;

אֶת־הַכֵּלִים אֲשֶׁר בָּאֳנִיָּה אֶל־הַיָּם לְהָקֵל מֵעֲלֵיהֶם וְיוֹנָה
6 יָרַד אֶל־יַרְכְּתֵי הַסְּפִינָה וַיִּשְׁכַּב וַיֵּרָדַם׃ וַיִּקְרַב אֵלָיו רַב
הַחֹבֵל וַיֹּאמֶר לוֹ מַה־לְּךָ נִרְדָּם קוּם קְרָא אֶל־אֱלֹהֶיךָ
7 אוּלַי יִתְעַשֵּׁת הָאֱלֹהִים לָנוּ וְלֹא נֹאבֵד׃ וַיֹּאמְרוּ אִישׁ אֶל־
רֵעֵהוּ לְכוּ וְנַפִּילָה גוֹרָלוֹת וְנֵדְעָה בְּשֶׁלְּמִי הָרָעָה הַזֹּאת
8 לָנוּ וַיַּפִּלוּ גּוֹרָלוֹת וַיִּפֹּל הַגּוֹרָל עַל־יוֹנָה׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו
הַגִּידָה־נָּא לָנוּ בַּאֲשֶׁר לְמִי־הָרָעָה הַזֹּאת לָנוּ מַה־מְּלַאכְתְּךָ
9 וּמֵאַיִן תָּבוֹא מָה אַרְצֶךָ וְאֵי־מִזֶּה עַם אָתָּה׃ וַיֹּאמֶר
אֲלֵיהֶם עִבְרִי אָנֹכִי וְאֶת־יְהוָה אֱלֹהֵי הַשָּׁמַיִם אֲנִי יָרֵא
י אֲשֶׁר־עָשָׂה אֶת־הַיָּם וְאֶת־הַיַּבָּשָׁה׃ וַיִּירְאוּ הָאֲנָשִׁים יִרְאָה
גְדוֹלָה וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו מַה־זֹּאת עָשִׂיתָ כִּי־יָדְעוּ הָאֲנָשִׁים כִּי־
11 מִלִּפְנֵי יְהוָה הוּא בֹרֵחַ כִּי הִגִּיד לָהֶם׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו
מַה־נַּעֲשֶׂה לָּךְ וְיִשְׁתֹּק הַיָּם מֵעָלֵינוּ כִּי הַיָּם הוֹלֵךְ וְסֹעֵר׃
12 וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם שָׂאוּנִי וַהֲטִילֻנִי אֶל־הַיָּם וְיִשְׁתֹּק הַיָּם
מֵעֲלֵיכֶם כִּי יוֹדֵעַ אָנִי כִּי בְשֶׁלִּי הַסַּעַר הַגָּדוֹל הַזֶּה עֲלֵיכֶם׃
13 וַיַּחְתְּרוּ הָאֲנָשִׁים לְהָשִׁיב אֶל־הַיַּבָּשָׁה וְלֹא יָכֹלוּ כִּי הַיָּם
14 הוֹלֵךְ וְסֹעֵר עֲלֵיהֶם׃ וַיִּקְרְאוּ אֶל־יְהוָה וַיֹּאמְרוּ אָנָּה יְהוָה
אַל־נָא נֹאבְדָה בְּנֶפֶשׁ הָאִישׁ הַזֶּה וְאַל־תִּתֵּן עָלֵינוּ דָּם
טו נָקִיא כִּי־אַתָּה יְהוָה כַּאֲשֶׁר חָפַצְתָּ עָשִׂיתָ׃ וַיִּשְׂאוּ
16 אֶת־יוֹנָה וַיְטִלֻהוּ אֶל־הַיָּם וַיַּעֲמֹד הַיָּם מִזַּעְפּוֹ׃ וַיִּירְאוּ
הָאֲנָשִׁים יִרְאָה גְדוֹלָה אֶת־יְהוָה וַיִּזְבְּחוּ־זֶבַח לַיהוָה
וַיִּדְּרוּ נְדָרִים׃

## CAP. II. ב

ב

א וַיְמַן יְהוָה דָּג גָּדוֹל לִבְלֹעַ אֶת־יוֹנָה וַיְהִי יוֹנָה בִּמְעֵי
2 הַדָּג שְׁלֹשָׁה יָמִים וּשְׁלֹשָׁה לֵילוֹת׃ וַיִּתְפַּלֵּל יוֹנָה אֶל־
3 יְהוָה אֱלֹהָיו מִמְּעֵי הַדָּגָה׃ וַיֹּאמֶר קָרָאתִי מִצָּרָה לִי
אֶל־יְהוָה וַיַּעֲנֵנִי מִבֶּטֶן שְׁאוֹל שִׁוַּעְתִּי שָׁמַעְתָּ קוֹלִי׃

ותשליכני

א v. 14. כצל ibid. יחיד א ב v. 3. מלעיל

זיי האָבען אין ים אַריינגעוואָרפען אַלע זאכען וואָס זיינען אין שיף געווען, אום זיך גרינגער צו מאַכען. יונה איז אַריין אין א ווינקעל פון שיף, ער האָט זיך אַניעדערגעלעגט און שטאַרק איינגעשלאָפען.

6 איז דער שיפס־קאַפּיטאַן צו איהם צוגעגאנגען און געזאָגט צו איהם: „וואָס איז מיט דיר, דו שלעפער? שטעה אויף! שריי צו דיין גאָט, פיעלייכט וועט זיך גאָט בערענקען איבער אונז און מיר וועלען ניט אונטער געהן.”

7 דאן האָבען זיי איינער צום צווייטען געזאָגט: „קומט, לאָמיר גורל ווארפען און אויסגעפינען צוליעב וועמען איז אויף אונז דאָס אונגליק געקומען.” זיי האָבען גורל געוואָרפען און דער גורל איז געפאלען אויף יונה'ן.

8 האָבען זיי צו איהם געזאָגט: „זאָג אונז נאָר צוליעב וועמען איז דיעזעס אונגליק אויף אונז געקומען? וואָס איז דיין בעשעפטיגונג? פון וואנען קומסטו? וועלכע איז דיין פאטערלאנד, און פון וועלכען פאָלק ביזטו?”

9 ער האָט זיי געענטפערט: „א עברי בין איך! איך גלויב אין דעם גאָט וואָס האָט בעשאפען ים און יבשה.”

10 די לייטע האָבען זיך שטאַרק דערשראָקען און געזאָגט צו איהם: „„וואָס פאָרט האָסטו געטהאָן?” [די לייטע האָבען שוין געוואוסט אַז ער ענטלויפט פון גאָט — ער האָט זיי דאָס געזאָגט.]

11 דאן האָבען זיי צו איהם געזאָגט: „וואָס זאָלען מיר דיר טהאָן אום דער ים זאָל פאר אונז שטיל ווערען?” [דער ים האָט נאָך אַלץ געשטורמט.]

12 האָט ער צו זיי געזאָגט: „נעהמט און ווארפט מיך אריין אין ים, וועט דער ים פאר אייך שטיל ווערען. איך בין איבערצייגט אַז צוליעב מיר האָט איהר דעם גרויסען שטורם.

13 די לייטע האָבען געַרודערט אום נעהענטער צו קומען צו דער יבשה, זיי האָבען אָבער ניט געקענט — דער ים האָט נאָך אַלץ געשטורמט קעגען זיי.

14 זיי האָבען אויך גאָט געבעטען און געזאָגט: „אָ גאָט! לאָז אונז ניט אונטערגעהן איבער דעם מאַן און רעכען עס אונז ניט אַלס אונשולדיגעס בלוט, ווארום דו גאָט טהוסט דאָך ווי דו ווילסט!”

15 זיי האָבען גענומען יונה'ן און אריינגעוואָרפען אין ים, האָט דער ים אויפגעהערט שטורמען.

16 די לייטע האָבען זיך געשראָקען פאר גאָט — זיי האָבען פאר גאָט געאָפּפערט און גענומען אויף זיך נדרים.

## קאַפּיטעל ב

1 גאָט אָבער האָט אָנגעגרייט אַ גרויסען פיש איינצושלינגען יונה'ן, יונה איז געווען אין די געדערים פון פיש דריי טעג און דריי נעכט.

2 דאן האָט יונה זיין גאָט געבעטען פון דעם פיש'ס געדערים,

3 און האָט געזאָגט: „אין מיין נויטה האָב איך גאָט געבעטען און ער האָט מיר געענטפערט, פון דער טיעפער העל האָב איך געשריען און דו האָסט מיין שטימע געהערט.

4 וַתַּשְׁלִיכֵ֤נִי מְצוּלָה֙ בִּלְבַ֣ב יַמִּ֔ים וְנָהָ֖ר יְסֹבְבֵ֑נִי כָּל־מִשְׁבָּרֶ֥יךָ
ה וְגַלֶּ֖יךָ עָלַ֥י עָבָֽרוּ׃ וַאֲנִ֣י אָמַ֔רְתִּי נִגְרַ֖שְׁתִּי מִנֶּ֣גֶד עֵינֶ֑יךָ אַ֚ךְ
6 אוֹסִ֣יף לְהַבִּ֔יט אֶל־הֵיכַ֖ל קָדְשֶֽׁךָ׃ אֲפָפ֤וּנִי מַ֙יִם֙ עַד־נֶ֔פֶשׁ
7 תְּה֖וֹם יְסֹֽבְבֵ֑נִי ס֖וּף חָב֥וּשׁ לְרֹאשִֽׁי׃ לְקִצְבֵ֤י הָרִים֙ יָרַ֔דְתִּי
הָאָ֥רֶץ בְּרִחֶ֛יהָ בַעֲדִ֖י לְעוֹלָ֑ם וַתַּ֧עַל מִשַּׁ֛חַת חַיַּ֖י יְהוָ֥ה
8 אֱלֹהָֽי׃ בְּהִתְעַטֵּ֤ף עָלַי֙ נַפְשִׁ֔י אֶת־יְהוָ֖ה זָכָ֑רְתִּי וַתָּב֣וֹא
9 אֵלֶ֔יךָ תְּפִלָּתִ֖י אֶל־הֵיכַ֥ל קָדְשֶֽׁךָ׃ מְשַׁמְּרִ֖ים הַבְלֵי־שָׁ֑וְא
י חַסְדָּ֖ם יַעֲזֹֽבוּ׃ וַאֲנִ֗י בְּק֤וֹל תּוֹדָה֙ אֶזְבְּחָה־לָּ֔ךְ אֲשֶׁ֥ר נָדַ֖רְתִּי
11 אֲשַׁלֵּ֑מָה יְשׁוּעָ֖תָה לַיהוָֽה׃ וַיֹּ֥אמֶר יְהוָ֖ה לַדָּ֑ג וַיָּקֵ֥א אֶת־
יוֹנָ֖ה אֶל־הַיַּבָּשָֽׁה׃

## ג Cap. III. ג

א וַיְהִ֧י דְבַר־יְהוָ֛ה אֶל־יוֹנָ֖ה שֵׁנִ֥ית לֵאמֹֽר׃ ק֛וּם לֵ֥ךְ אֶל־נִֽינְוֵ֖ה
הָעִ֣יר הַגְּדוֹלָ֑ה וּקְרָ֤א אֵלֶ֙יהָ֙ אֶת־הַקְּרִיאָ֔ה אֲשֶׁ֥ר אָנֹכִ֖י
3 דֹּבֵ֥ר אֵלֶֽיךָ׃ וַיָּ֣קָם יוֹנָ֗ה וַיֵּ֛לֶךְ אֶל־נִֽינְוֶ֖ה כִּדְבַ֣ר יְהוָ֑ה
וְנִֽינְוֵ֗ה הָֽיְתָ֤ה עִיר־גְּדוֹלָה֙ לֵֽאלֹהִ֔ים מַהֲלַ֖ךְ שְׁלֹ֥שֶׁת יָמִֽים׃
4 וַיָּ֤חֶל יוֹנָה֙ לָב֣וֹא בָעִ֔יר מַהֲלַ֖ךְ י֣וֹם אֶחָ֑ד וַיִּקְרָא֙ וַיֹּאמַ֔ר
ה ע֚וֹד אַרְבָּעִ֣ים י֔וֹם וְנִֽינְוֵ֖ה נֶהְפָּֽכֶת׃ וַיַּאֲמִ֛ינוּ אַנְשֵׁ֥י נִֽינְוֵ֖ה
בֵּאלֹהִ֑ים וַיִּקְרְאוּ־צוֹם֙ וַיִּלְבְּשׁ֣וּ שַׂקִּ֔ים מִגְּדוֹלָ֖ם וְעַד־קְטַנָּֽם׃
6 וַיִּגַּ֤ע הַדָּבָר֙ אֶל־מֶ֣לֶךְ נִֽינְוֵ֔ה וַיָּ֙קָם֙ מִכִּסְא֔וֹ וַיַּעֲבֵ֥ר אַדַּרְתּ֖וֹ
7 מֵעָלָ֑יו וַיְכַ֣ס שַׂ֔ק וַיֵּ֖שֶׁב עַל־הָאֵֽפֶר׃ וַיַּזְעֵ֗ק וַיֹּ֙אמֶר֙ בְּנִֽינְוֵ֔ה
מִטַּ֧עַם הַמֶּ֛לֶךְ וּגְדֹלָ֖יו לֵאמֹ֑ר הָֽאָדָ֨ם וְהַבְּהֵמָ֜ה הַבָּקָ֣ר
וְהַצֹּ֗אן אַל־יִטְעֲמוּ֙ מְא֔וּמָה אַל־יִרְע֔וּ וּמַ֖יִם אַל־יִשְׁתּֽוּ׃
8 וְיִתְכַּסּ֣וּ שַׂקִּ֗ים הָֽאָדָם֙ וְהַבְּהֵמָ֔ה וְיִקְרְא֥וּ אֶל־אֱלֹהִ֖ים
בְּחָזְקָ֑ה וְיָשֻׁ֗בוּ אִ֚ישׁ מִדַּרְכּ֣וֹ הָרָעָ֔ה וּמִן־הֶחָמָ֖ס אֲשֶׁ֥ר
9 בְּכַפֵּיהֶֽם׃ מִֽי־יוֹדֵ֣עַ יָשׁ֔וּב וְנִחַ֖ם הָאֱלֹהִ֑ים וְשָׁ֛ב מֵחֲר֥וֹן אַפּ֖וֹ
י וְלֹ֥א נֹאבֵֽד׃ וַיַּ֤רְא הָאֱלֹהִים֙ אֶת־מַ֣עֲשֵׂיהֶ֔ם כִּי־שָׁ֖בוּ מִדַּרְכָּ֣ם
הָרָעָ֑ה וַיִּנָּ֣חֶם הָאֱלֹהִ֗ים עַל־הָרָעָ֛ה אֲשֶׁר־דִּבֶּ֥ר לַעֲשׂוֹת־
לָהֶ֖ם וְלֹ֥א עָשָֽׂה׃

4 דו האָסט מיך אין טיפען וואסער געוואָרפען — אין מיטען ים ; דער וואסער־שטראָם רינגעלט מיר ארום און אלע דיינע װעלען, ווי די גרויסע אזוי די קליינע, געהען איבער מיר אריבער.

5 איך האָב געדענקט, איך בין שוין פערוואָרפען פון דיינע אויגען, איך וועל אָבער ווידער קוקען אויף דיין הייליגען טעמפעל.

6 עס האָט מיר ארומגערינגעלט דאָס וואסער פון ברייטען ים, די טיפענים איז ארום מיר, דאָס ים־גראָז איז פערפלאָנטערט איבער מיין קאָפּ.

7 ביז די וואָרצלען פון די בערג בין איך אַרונטער געזונקען אויף אייביג דורך די ריגלען פון דער ערד ; אָבער דו, גאָט מיינער, וועסט מיר א לעבעדיגען ארויסנעהמען פון דער טיפענים.

8 ווען מיין זעעלע האָט געשמאכטעט, האָב איך דיר, א גאָט, דערמאהנט, און מיין געבעט איז צו דיר געקומען אין דיין הייליגען טעמפעל.

9 נאָר די וואָס היטען נארישע פאלשקייט פערגעסען זייער וואָהלטהעטער.

10 איך אָבער וועל צו דיר אָפּפערן מיט א דאנקבארע שטימע — וואָס איך האָב צוגעזאָגט, אָ גאָט, פאַר די הילפע וועל איך ריכטיג בעצאָהלען !״

11 דאן האָט גאָט בעפוילען דעם פיש און ער האָט יונה׳ן אַרויסגעשפיגען אויף די יבשה.

## קאַפּיטעל ג

1 און גאָט׳ס וואָרט איז געוועזן צו יונה׳ן א צווייטען מאָל, אזוי צו זאָגען :

2 שטעה אויף ! געה אין נינוה די גרויסע שטאָדט און רוף אויף איהר אוים דעם אויסרוף וואָס איך רייד צו דיר.

3 איז יונה אויפגעשטאַנען און אוועק אין נינוה, ווי גאָט האָט איהם געהייסען. [נינוה איז געוועזן זעהר אַ גרויסע שטאָדט — דריי טעג גאנג.]

4 יונה האָט אָנגעפאנגען דורכגעהן די שטאָדט, (ער איז אָבגעגאנגען) איין טאָג גאנג און האָט אויסגערופען זאָגענדיג : „נאך פערציג טעג וועט נינוה איבערגעקעהרט ווערען !״

5 האָבען די מענער פון נינוה גאָט געגלויבט — זיי האָבען אויסגערופען אַ פאסט טאָג און פון גרוים ביז קליין האָבען זיך אָנגעטהאָן אין זעק.

6 אז די זאַך האָט געגרייכט ביז׳ן קעניג פון נינוה, איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין טראָהן, ער האָט פון זיך אראָבגענומען זיין מאַנטעל, צוגעדעקט זיך מיט א זאק און געזעצט זיך אויף אַש.

7 ער האָט געלאָזען אויסרופען אין נינוה אַזוי צו זאָגען : אַזוי איז עס בעשלאָסען פון קעניג מיט זיינע גראָס־בעאמטען — ווי מענשען אַזוי אויך פיה, רינדער און שעפסען זאָלען נישט פערזוכען, קיינע שפייזען און קיינע וואסער טרינקען ;

8 מענשען און פיה זאָלען בעדעקט זיין מיט זעק, מען זאָל הויך שרייען צו גאָט און יעדער זאָל זיך צוריק קעהרען פון שלעכטער אויפפיהרונג און פון די געוואלדטהאטען וואָס אין זייערע הענד.

9 ווער ווייס, פיעלייכט וועט זיך גאָט ווידער בעדענקען און וועט זיין צאָרען שטילען, אום מיר זאָלען ניט אונטערגעהן.

10 אז גאָט האָט געזעהען זייערע טהאטען ווען זיי האָבען זיך צוריק געקעהרט פון זייער שלעכטער אויפפיהרונג, האָט זיך גאָט בעדענקט וועגען דאָס שלעכטס וואָס ער האָט זיי געוואָלט טהאָן, און האָט עס ניט געטהאָן.

## Cap. IV. ד

ד

2 א וַיֵּרַע אֶל־יוֹנָה רָעָה גְדוֹלָה וַיִּחַר לוֹ׃ וַיִּתְפַּלֵּל אֶל־יְהוָה
וַיֹּאמַר אָנָּה יְהוָה הֲלוֹא־זֶה דְבָרִי עַד־הֱיוֹתִי עַל־אַדְמָתִי
עַל־כֵּן קִדַּמְתִּי לִבְרֹחַ תַּרְשִׁישָׁה כִּי יָדַעְתִּי כִּי אַתָּה אֵל־
3 חַנּוּן וְרַחוּם אֶרֶךְ אַפַּיִם וְרַב־חֶסֶד וְנִחָם עַל־הָרָעָה׃ וְעַתָּה
4 יְהוָה קַח־נָא אֶת־נַפְשִׁי מִמֶּנִּי כִּי טוֹב מוֹתִי מֵחַיָּי׃ וַיֹּאמֶר
ה יְהוָה הַהֵיטֵב חָרָה לָךְ׃ וַיֵּצֵא יוֹנָה מִן־הָעִיר וַיֵּשֶׁב
מִקֶּדֶם לָעִיר וַיַּעַשׂ לוֹ שָׁם סֻכָּה וַיֵּשֶׁב תַּחְתֶּיהָ בַּצֵּל עַד
6 אֲשֶׁר יִרְאֶה מַה־יִּהְיֶה בָּעִיר׃ וַיְמַן יְהוָה־אֱלֹהִים קִיקָיוֹן
וַיַּעַל ׀ מֵעַל לְיוֹנָה לִהְיוֹת צֵל עַל־רֹאשׁוֹ לְהַצִּיל לוֹ מֵרָעָתוֹ
7 וַיִּשְׂמַח יוֹנָה עַל־הַקִּיקָיוֹן שִׂמְחָה גְדוֹלָה׃ וַיְמַן הָאֱלֹהִים
תּוֹלַעַת בַּעֲלוֹת הַשַּׁחַר לַמָּחֳרָת וַתַּךְ אֶת־הַקִּיקָיוֹן וַיִּיבָשׁ׃
8 וַיְהִי ׀ כִּזְרֹחַ הַשֶּׁמֶשׁ וַיְמַן אֱלֹהִים רוּחַ קָדִים חֲרִישִׁית
וַתַּךְ הַשֶּׁמֶשׁ עַל־רֹאשׁ יוֹנָה וַיִּתְעַלָּף וַיִּשְׁאַל אֶת־נַפְשׁוֹ
9 לָמוּת וַיֹּאמֶר טוֹב מוֹתִי מֵחַיָּי׃ וַיֹּאמֶר אֱלֹהִים אֶל־יוֹנָה
הַהֵיטֵב חָרָה־לְךָ עַל־הַקִּיקָיוֹן וַיֹּאמֶר הֵיטֵב חָרָה־לִי עַד־
י מָוֶת׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אַתָּה חַסְתָּ עַל־הַקִּיקָיוֹן אֲשֶׁר לֹא־
עָמַלְתָּ בּוֹ וְלֹא גִדַּלְתּוֹ שֶׁבִּן־לַיְלָה הָיָה וּבִן־לַיְלָה אָבָד׃
11 וַאֲנִי לֹא אָחוּס עַל־נִינְוֵה הָעִיר הַגְּדוֹלָה אֲשֶׁר יֶשׁ־בָּהּ
הַרְבֵּה מִשְׁתֵּים־עֶשְׂרֵה רִבּוֹ אָדָם אֲשֶׁר לֹא־יָדַע בֵּין־יְמִינוֹ
לִשְׂמֹאלוֹ וּבְהֵמָה רַבָּה׃ •

מיכה

v. 2. כצ״ל v. 11. וחטר רפה ibid. עד סין

## קאַפּיטעל ד

1 דאָס האָט יונה׳ן זעהר פערדראָסען און עס האָט איהם גערגערט.
2 ער האָט געבעטען און געזאָגט: „איך בעט דיר, אָ גאָט! האָב איך דאָס ניט געזאָגט דערפאַר האָב איך פריהער געוואָלט ענטלויפען אין תרשיש, ווייל איך ווייס אז דו ביזט אַ גנעדיגער און באַרעמהערציגער גאָט, לאַנג־געדולדיגער און גרויס־גנע־דיגער, און באַדענקסט זיך וועגען אַן אונגליק.
3 און יעצט, גאָט, נעהם מיר דאָס לעבען! מיר איז דער טוידט ליעבער אַלס דאָס לעבען.
4 האָט גאָט געזאָגט: „איז דאָס גוט וואָס דיך פערדריסט?״
5 דאַן איז יונה אַרויס פון שטאָדט און האָט זיך בעזעצט אין פאָרשטאָדט; דאָרטען האָט ער זיך אַ ביידעל געמאַכט און איז אונטער איהר אין שאַ־טען געזעסען, אום ער זאָל קענען זעהען וואָס עס וועט פאָרקומען אין שטאָדט.
6 האָט גאָט אָנגעגרייט אַ קיקיון, וועלכער איז אויפגעוואַקסען העכער פאַר יונה׳ן, אום עס זאָל זיין אַלס שירם איבער זיין קאָפּ, צו רעטען איהם פון זיין שלעכטע לאַגע. יונה האָט זיך זעהר געפרעהט מיט׳ן קיקיון.
7 **אויף מאָרגען ווען עס איז טאָג געוועזן, האָט גאָט אָנגעגרייט אַ וואָרעם, וועלכער האָט צובראָכען דעם קיקיון ביז ער האָט אויסגעטריקענט.**
8 און אַז די זונן האָט אויפגעשיינט, האָט גאָט אָנגעגרייט אַ שטילען היי־סען מזרח־ווינד. און די היץ פון דער זונן האָט געשלאָגען יונה׳ס קאָפּ ביז ער איז פערשמאַכט געוואָרען, און האָט זיך ווידער דעם טויט גע־וואונשען. ער האָט געזאָגט: „מיר איז ליעבער דער טוידט איידער דאָס לעבען!״
9 דאַן האָט גאָט געזאָגט צו יונה׳ן: „פערדריסט דיר גוט וועגען קיקיון?״ יונה האָט געענטפערט: „עס פערדריסט מיר גוט ביז צום שטאַרבען!״
10 האָט גאָט געזאָגט: „דיר פערדריסט וועגען קיקיון, אויף וועלכען דו האָסט קיינע מיהע געלעגט און ניט געפּלאַנצט איהם — וועלכער איז דורך נאַכט געוואָרען און דורך נאַכט פערלאָרען געגאַנגען,
11 זאָל מיר ניט פערדריסען די גרויסע שטאָדט נינוה, אין וועלכע עס געפי־נען זיך מעהר ווי צוועלף מאָל צעהן טויזענד מענשען, וועלכע קענען ניט אונטערשיידען פון רעכטס ביז לינקס, אויך פיעל פיה? !״

# מיכה

# LIBER MICHÆ.

## CAPUT I. א

דְּבַר־יְהוָה ׀ אֲשֶׁר הָיָה אֶל־מִיכָה הַמֹּרַשְׁתִּי בִּימֵי יוֹתָם א
אָחָז יְחִזְקִיָּה מַלְכֵי יְהוּדָה אֲשֶׁר־חָזָה עַל־שֹׁמְרוֹן וִירוּשָׁלָם׃
שִׁמְעוּ עַמִּים כֻּלָּם הַקְשִׁיבִי אֶרֶץ וּמְלֹאָהּ וִיהִי אֲדֹנָי יֱהוִה 2
בָּכֶם לְעֵד אֲדֹנָי מֵהֵיכַל קָדְשׁוֹ׃ כִּי־הִנֵּה יְהוָה יֹצֵא 3
מִמְּקוֹמוֹ וְיָרַד וְדָרַךְ עַל־בָּמֳותֵי־אָרֶץ׃ וְנָמַסּוּ הֶהָרִים 4
תַּחְתָּיו וְהָעֲמָקִים יִתְבַּקָּעוּ כַּדּוֹנַג מִפְּנֵי הָאֵשׁ כְּמַיִם מֻגָּרִים
בְּמוֹרָד׃ בְּפֶשַׁע יַעֲקֹב כָּל־זֹאת וּבְחַטֹּאות בֵּית יִשְׂרָאֵל ה
מִי־פֶשַׁע יַעֲקֹב הֲלוֹא שֹׁמְרוֹן וּמִי בָּמוֹת יְהוּדָה הֲלוֹא
יְרוּשָׁלָם׃ וְשַׂמְתִּי שֹׁמְרוֹן לְעִי הַשָּׂדֶה לְמַטָּעֵי כָרֶם 6
וְהִגַּרְתִּי לַגַּי אֲבָנֶיהָ וִיסֹדֶיהָ אֲגַלֶּה׃ וְכָל־פְּסִילֶיהָ יֻכַּתּוּ 7
וְכָל־אֶתְנַנֶּיהָ יִשָּׂרְפוּ בָאֵשׁ וְכָל־עֲצַבֶּיהָ אָשִׂים שְׁמָמָה כִּי
מֵאֶתְנַן זוֹנָה קִבָּצָה וְעַד־אֶתְנַן זוֹנָה יָשׁוּבוּ׃ עַל־זֹאת 8
אֶסְפְּדָה וְאֵילִילָה אֵילְכָה שׁילל וְעָרוֹם אֶעֱשֶׂה מִסְפֵּד
כַּתַּנִּים וְאֵבֶל כִּבְנוֹת יַעֲנָה׃ כִּי אֲנוּשָׁה מַכּוֹתֶיהָ כִּי־בָאָה 9
עַד־יְהוּדָה נָגַע עַד־שַׁעַר עַמִּי עַד־יְרוּשָׁלָם׃ בְּגַת אַל־ י
תַּגִּידוּ בָּכוֹ אַל־תִּבְכּוּ בְּבֵית לְעַפְרָה עָפָר התפלשתי׃
עִבְרִי לָכֶם יוֹשֶׁבֶת שָׁפִיר עֶרְיָה־בֹשֶׁת לֹא יָצְאָה יוֹשֶׁבֶת 11
צַאֲנָן מִסְפַּד בֵּית הָאֵצֶל יִקַּח מִכֶּם עֶמְדָּתוֹ׃ כִּי־חָלָה 12
לְטוֹב יוֹשֶׁבֶת מָרוֹת כִּי־יָרַד רָע מֵאֵת יְהוָה לְשַׁעַר
יְרוּשָׁלָם׃ רְתֹם הַמֶּרְכָּבָה לָרֶכֶשׁ יוֹשֶׁבֶת לָכִישׁ רֵאשִׁית 13

חטאת

v. 3. יתיר ו   v. 5. מלא ו   v. 7. קמץ בז״ק   v. 8. שולל קרי   v. 10. התפלשי קרי

# מיכה

## קאַפּיטעל א

1 גאָט׳ס וואָרט איז געווען צו מיכה, דעם מרשתי׳ער, אין דער צייט פון יותם, אחז און יחזקיהו די קעניגע פון יהודה, וועלכער האָט פאָראויסגעזעהען וועגען שמרון און ירושלים.

2 הערט, אַלע פעלקער! האָרך, ערד און אַלץ וואָס עס פילט איהר אָן! דער עווינער זעלבסט וועט קעגען אייך אַן עדות זיין, גאָט פון זיין הייליגען טעמפעל.

3 אָט געהט גאָט ארויס פון זיין אָרט, ער וועט אראָבגעהן און בעטרעטען די העכסטע פלעצער פונ׳ם לאַנד.

4 די בערג וועלען אונטער איהם· צושמאָלצען ווערען ווי וואקס שמעלצט פון פייער, און די טהאלען וועלען צושפּאַלטען ווערען ווי פון וואסער וואָס רינט אַראָפּ באַרג.

5 דאָס אַלץ איז איבער יעקב׳ס פערברעכען און איבער די זינד פונ׳ם הויז ישראל. ווער איז די אורזאכע פון יעקב׳ס פערברעכען אויב ניט שמרון? און וואו זיינען יהודה׳ס באַרג אלטאַרען אויב ניט אין ירושלים?

6 דערפאַר וועל איך שמרון מאַכען ווי פעלד בערגלאָך צו פלאַנצען וויינגערטנער; איך וועל איהרע שטיינער אַריינשליידערן אין טהאל און וועל אבדעקען איהרע גרונדען.

7 אַלע איהרע בילדער וועלען צובראָכען ווערען, אַלע איהרע בולעריי־געשענקע וועלען אין פייער פערברענט וורען און אלע איהרע געצען וועל איך וויסט מאַכען; פון בולעריי־געשענקע איז דאָס געקומען און אויף בולעריי־געשענקע וועט דאָס צוריק געהן.

8 אויף דעם וויין איך און קלאָג, איך געה אַרום צומישט און נאַקעט; איך קלאָג אימער ווי די קראָקאָדילען און טרויער ווי די שטרויסען.

9 וואָרום איהרע וואונדען זיינען אונהיילבאַר· עס האָט ביז יהודה געגרייכט; עס האָט בעריהרט מיין פאָלק׳ס הויפּט־שטאָדט — ירושלים.

10 דערצעהלט דאָס ניט אין גת און וויינט ניט פיעל, אינווייניג אין עפרה בעדעק זיך מיט שטויב.

11 געהט זיך אַרום שענדליך נאַקעט, בעפעלקערונג פון שפיר! די אַלע וועלכע זיינען נימאַלס אַרויס פון צאָנן, דער קלאָג פונ׳ם הויז אצל וועט פון אייך נעהמען זיין שטאַנד־אָרט.

12 די בעפעלקערונג פון מרות האָט אויף גוטס געהאָפט, איז אָבער אַראָפּ שלעכטס פון גאָט אויפ׳ן טהויער פון ירושלים.

13 שפּאַן דעם וואָגען צו אַ שנעלען פערד, בעפעלקערונג פון לכיש! די

14 חַטָּאת הִיא לְבַת־צִיּוֹן כִּי־בָךְ נִמְצְאוּ פִּשְׁעֵי יִשְׂרָאֵל׃ לָכֵן
תִּתְּנִי שִׁלּוּחִים עַל מוֹרֶשֶׁת גַּת בָּתֵּי אַכְזִיב לְאַכְזָב לְמַלְכֵי
טו יִשְׂרָאֵל׃ עֹד הַיֹּרֵשׁ אָבִי לָךְ יוֹשֶׁבֶת מָרֵשָׁה עַד־עֲדֻלָּם
16 יָבוֹא כְּבוֹד יִשְׂרָאֵל׃ קָרְחִי וָגֹזִּי עַל־בְּנֵי תַּעֲנוּגָיִךְ הַרְחִבִי
קָרְחָתֵךְ כַּנֶּשֶׁר כִּי־גָלוּ מִמֵּךְ׃

## CAP. II. ב

ב

א הוֹי חֹשְׁבֵי־אָוֶן וּפֹעֲלֵי רָע עַל־מִשְׁכְּבוֹתָם בְּאוֹר הַבֹּקֶר
2 יַעֲשׂוּהָ כִּי יֶשׁ־לְאֵל יָדָם׃ וְחָמְדוּ שָׂדוֹת וְגָזָלוּ וּבָתִּים
3 וְנָשָׂאוּ וְעָשְׁקוּ גֶּבֶר וּבֵיתוֹ וְאִישׁ וְנַחֲלָתוֹ׃ לָכֵן כֹּה
אָמַר יְהוָה הִנְנִי חֹשֵׁב עַל־הַמִּשְׁפָּחָה הַזֹּאת רָעָה אֲשֶׁר
לֹא תָמִישׁוּ מִשָּׁם צַוְּארֹתֵיכֶם וְלֹא תֵלְכוּ רוֹמָה כִּי עֵת
4 רָעָה הִיא׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִשָּׂא עֲלֵיכֶם מָשָׁל וְנָהָה נְהִי
נִהְיָה אָמַר שָׁדוֹד נְשַׁדֻּנוּ חֵלֶק עַמִּי יָמִיר אֵיךְ יָמִישׁ לִי
ה לְשׁוֹבֵב שָׂדֵינוּ יְחַלֵּק׃ לָכֵן לֹא־יִהְיֶה לְךָ מַשְׁלִיךְ חֶבֶל
6 בְּגוֹרָל בִּקְהַל יְהוָה׃ אַל־תַּטִּפוּ יַטִּיפוּן לֹא־יַטִּפוּ לָאֵלֶּה
7 לֹא יִסַּג כְּלִמּוֹת׃ הֶאָמוּר בֵּית־יַעֲקֹב הֲקָצַר רוּחַ יְהוָה
אִם־אֵלֶּה מַעֲלָלָיו הֲלוֹא דְבָרַי יֵיטִיבוּ עִם הַיָּשָׁר הוֹלֵךְ׃
8 וְאֶתְמוּל עַמִּי לְאוֹיֵב יְקוֹמֵם מִמּוּל שַׂלְמָה אֶדֶר תַּפְשִׁטוּן
9 מֵעֹבְרִים בֶּטַח שׁוּבֵי מִלְחָמָה׃ נְשֵׁי עַמִּי תְּגָרְשׁוּן מִבֵּית
י תַּעֲנֻגֶיהָ מֵעַל עֹלָלֶיהָ תִּקְחוּ הֲדָרִי לְעוֹלָם׃ קוּמוּ וּלְכוּ כִּי
11 לֹא־זֹאת הַמְּנוּחָה בַּעֲבוּר טָמְאָה תְּחַבֵּל וְחֶבֶל נִמְרָץ׃ לוּ־
אִישׁ הֹלֵךְ רוּחַ וָשֶׁקֶר כִּזֵּב אַטִּף לְךָ לַיַּיִן וְלַשֵּׁכָר וְהָיָה
12 מַטִּיף הָעָם הַזֶּה׃ אָסֹף אֶאֱסֹף יַעֲקֹב כֻּלָּךְ קַבֵּץ אֲקַבֵּץ
שְׁאֵרִית יִשְׂרָאֵל יַחַד אֲשִׂימֶנּוּ כְּצֹאן בָּצְרָה כְּעֵדֶר בְּתוֹךְ
13 הַדָּבְרוֹ תְּהִימֶנָה מֵאָדָם׃ עָלָה הַפֹּרֵץ לִפְנֵיהֶם פָּרְצוּ
וַיַּעֲבֹרוּ שַׁעַר וַיֵּצְאוּ בוֹ וַיַּעֲבֹר מַלְכָּם לִפְנֵיהֶם וַיהוָה
בְּרֹאשָׁם׃

ואמר

א v. 15. חסר א   ב v. 2. קמץ בז״ק   v. 8. ומי בשורק

הויפּט־זינד פון טאָכטער ציון איז וואָס אין דיר געפינען זיך די פערברעך־
כער פון ישראל.

14 דערפאַר מוזטו געשענקע געבען דעם בעזיעגער פון גת, די הייזער פון
אכזיב זיינען אַ פאַלשע בעשיצונג פאַר די קעניגע פון ישראל.

15 איך וועל דיר צום בעזיעגער ברענגען, בעפעלקערונג פון מרשה, ביז עדלם
וועט ער קומען און וועט אוועקטראָגען די עהרע פון ישראל.

16 פליק און רייס זיך די האָר פון קאָפּ אויף דיין פערצערטעלטע יוגענד,
מאַך גרויס דיין פליעך ווי אַן אָדלער וואָס פערליערט זיינע פעדערן.

## קאַפּיטעל ב

1 וועה צו די וואָס טראַכטען אונרעכט און שלעכטע טהאַטען אויף זייער
געלעגער, אַז דער פריה מאָרגען ווערט ליכטיג טהוען זיי דאָס אויב זיי
האָבען נאָר די מעגליכקייט.

2 פערוויליט זיך זיי פעלדער, רויבען זיי עס אוועק, הייזער — נעהמען זיי
צו; זיי בערויבען אַ מאַן מיט זיין הויזגעזינד, יעדען איינצעלנעם פון
זיין ערבטהייל.

3 דערפאַר האָט גאָט אַזוי געזאָגט: איך פּלאַנעווע אויף דיזע פאַמיליע
אַזאַ אונגליק אַז איהר וועט דערפון אייערע העלזער ניט אַרויסשלעפּען
און וועט ניט קענען געהן שטאָלץ — עס וועט זיין זעהר אַ שלעכטע צייט!

4 דאַמאַלס וועט מען אויף אייך אַ שפּריכוואָרט זאָגען: „אַז מען קלאַגט
איז וואָס קלעגליכעס געשעהען!" מען וועט זאָגען: מיר זיינען בע־
רויבט געוואָרען, דער צושטאַנד פון מיין פאָלק האָט זיך איבערגעביטען;
אה, גיט ער מיר צו פיהלען ווען ער צוטהיילט אונזערע פעלדער צום
פיינד.

5 וואָרום דו וועסט שוין מעהר ניט האָבען ווער עס זאָל די מאָס־שנור
וואַרפען אויפ'ן גורל פון גאָט'ס געמיינדע.

6 „רעדט ניט צו אונז" — זאָגען זיי; די וועלכע רעדען ניט צו אַזעלכע
וועלען קיינמאָל בעליידיגט ווערען.

7 דאַרף אַזעלכעס געזאָגט ווערען אינ'ם הויז פון יעקב? איז דען גאָט'ס
מאַכט קליין ווען ער קען אַזוי וואָס טהאָן? מיינע ווערטער זיינען אימער
גוט פאַר דעם וואָס געהט אין גלייכען וועג.

8 זינט מיין פאָלק האָט זיך פיינדליך געשטעלט, נעהמט איהר צו די קליי־
דער פון האַלב געקליידעטען, פון די רוהיגע פערבייגעהער וואָס געהען
צוריק פון קריעג.

9 די פרויען פון מיין פאָלק פערטרייבט איהר פון זייערע פערגעניגענס־
פּלעצער, פון די זויגלינגע נעהמט איהר צו אויף אימער זייער שעהנהייט.

10 שטעהט אויף און געהט אַרויס! ניט דאָס הייסט רוהע! די שאַנד־
טהאַטען פלעכטען אויס אַ שטאַרקע שטריק.

11 וועלכער ווינד־מענש און ליגנער עס געהט פערביי און זאָגט אַ ליעגען:
„איך וועל דיין רעדנער זיין פאַר וויין און ביער" — דער ווערט דער
רעדנער פון דיזען פאָלק.

12 איך וועל גאַנץ יעקב פערזאַמלען, אַלע געבליעבענע פון ישראל וועל איך
צונויפקלייבען; איך וועל זיי צוזאַמענברייגנען ווי שעפּסען ווען זיי
רוהען, ווי אַ הערדע אין זומער־שטאַל וועט דאָרט רוישען פון מענשען.

13 איז זיי דער איינברעכער בעפאַלען, זיינען זיי שנעל דורכגעגאַנגען דעם
טהויער און אוועק. זייער קעניג געהט זיי פאָראויס און גאָט — צוערשט.

## ג CAP. III. ג

א וָאֹמַר שִׁמְעוּ־נָא רָאשֵׁי יַעֲקֹב וּקְצִינֵי בֵּית יִשְׂרָאֵל הֲלוֹא
2 לָכֶם לָדַעַת אֶת־הַמִּשְׁפָּט׃ שֹׂנְאֵי טוֹב וְאֹהֲבֵי רָעָה גֹּזְלֵי
3 עוֹרָם מֵעֲלֵיהֶם וּשְׁאֵרָם מֵעַל עַצְמוֹתָם׃ וַאֲשֶׁר אָכְלוּ
שְׁאֵר עַמִּי וְעוֹרָם מֵעֲלֵיהֶם הִפְשִׁיטוּ וְאֶת־עַצְמֹתֵיהֶם
4 פִּצֵּחוּ וּפָרְשׂוּ כַּאֲשֶׁר בַּסִּיר וּכְבָשָׂר בְּתוֹךְ קַלָּחַת׃ אָז יִזְעֲקוּ
אֶל־יְהוָה וְלֹא יַעֲנֶה אוֹתָם וְיַסְתֵּר פָּנָיו מֵהֶם בָּעֵת הַהִיא
ה כַּאֲשֶׁר הֵרֵעוּ מַעַלְלֵיהֶם׃ כֹּה אָמַר יְהוָה עַל־
הַנְּבִיאִים הַמַּתְעִים אֶת־עַמִּי הַנֹּשְׁכִים בְּשִׁנֵּיהֶם וְקָרְאוּ
שָׁלוֹם וַאֲשֶׁר לֹא־יִתֵּן עַל־פִּיהֶם וְקִדְּשׁוּ עָלָיו מִלְחָמָה׃
6 לָכֵן לַיְלָה לָכֶם מֵחָזוֹן וְחָשְׁכָה לָכֶם מִקְּסֹם וּבָאָה הַשֶּׁמֶשׁ
7 עַל־הַנְּבִיאִים וְקָדַר עֲלֵיהֶם הַיּוֹם׃ וּבֹשׁוּ הַחֹזִים וְחָפְרוּ
הַקֹּסְמִים וְעָטוּ עַל־שָׂפָם כֻּלָּם כִּי אֵין מַעֲנֵה אֱלֹהִים׃
8 וְאוּלָם אָנֹכִי מָלֵאתִי כֹחַ אֶת־רוּחַ יְהוָה וּמִשְׁפָּט וּגְבוּרָה
9 לְהַגִּיד לְיַעֲקֹב פִּשְׁעוֹ וּלְיִשְׂרָאֵל חַטָּאתוֹ׃ שִׁמְעוּ־נָא
זֹאת רָאשֵׁי בֵּית יַעֲקֹב וּקְצִינֵי בֵּית יִשְׂרָאֵל הַמְתַעֲבִים
י מִשְׁפָּט וְאֵת כָּל־הַיְשָׁרָה יְעַקֵּשׁוּ׃ בֹּנֶה צִיּוֹן בְּדָמִים
11 וִירוּשָׁלַםִ בְּעַוְלָה׃ רָאשֶׁיהָ ׀ בְּשֹׁחַד יִשְׁפֹּטוּ וְכֹהֲנֶיהָ
בִּמְחִיר יוֹרוּ וּנְבִיאֶיהָ בְּכֶסֶף יִקְסֹמוּ וְעַל־יְהוָה יִשָּׁעֵנוּ
12 לֵאמֹר הֲלוֹא יְהוָה בְּקִרְבֵּנוּ לֹא־תָבוֹא עָלֵינוּ רָעָה׃ · לָכֵן
בִּגְלַלְכֶם צִיּוֹן שָׂדֶה תֵחָרֵשׁ וִירוּשָׁלַםִ עִיִּין תִּהְיֶה וְהַר
הַבַּיִת לְבָמוֹת יָעַר׃

## ד CAP. IV. ד

א וְהָיָה ׀ בְּאַחֲרִית הַיָּמִים יִהְיֶה הַר בֵּית־יְהוָה נָכוֹן בְּרֹאשׁ
2 הֶהָרִים וְנִשָּׂא הוּא מִגְּבָעוֹת וְנָהֲרוּ עָלָיו עַמִּים׃ וְהָלְכוּ
גּוֹיִם רַבִּים וְאָמְרוּ לְכוּ ׀ וְנַעֲלֶה אֶל־הַר־יְהוָה וְאֶל־בֵּית
אֱלֹהֵי יַעֲקֹב וְיוֹרֵנוּ מִדְּרָכָיו וְנֵלְכָה בְּאֹרְחֹתָיו כִּי מִצִּיּוֹן



ג v. 2. רע קרי   v. 12. חצי הספר בפסוקים

## קאַפּיטעל ג

1 איך האָב געזאָגט : הערט־נאָר איהר הויפּטלייט יעקבֿ'ס און ריכטער פונ'ם הויז ישראל ! איהר דאַרפט דאָך וויסען דאָס רעכט,

2 און דאָך האַסט איהר דעם גוטען און ליעבט דעם שלעכטען, איהר נעהמט פון זיי אַראָב די הויט און די פליישׁ פון די ביינער.

3 נאָכדעם אַז זיי האָבען אויפגעגעסען דאָס פליישׁ פון מיין פאָלק, אָבגע־שונדען פון זיי די הויט, צובראָכען זייערע ביינער און צובראָכען די גליעדער ווי אין טאָפּ צו לעגען אָדער ווי פליישׁ אין קעסעל,

4 דאַן שרייען זיי צו גאָט ; אָבער ער ענטפערט זיי ניט, ער האָט שוין אָבגעקעהרט זיין געזיכט פון זיי זינט זייערע טהאַטען זיינען שלעכט געוואָרען.

5 אַזוי זאָגט גאָט וועגען די נביאים וואָס פערנאַרען מיין פאָלק, די וועלכע בייסען מיט די צייהנער און זאָגען : „פריעדען", און יעדער וואָס גיט זיי ניט אין מויל אַריין שטרייטען זיי קעגען איהם.

6 דערפאַר וועט אייך פינסטער ווערען פון אייער פּראָפעצייהונג ווי ביי נאַכט, עס וועט אייך גאַנץ פינסטער ווערען פון אייערע צויבערייען ; די זונן וועט אונטערגעהן פאַר די נביאים און דער טאָג וועט פאַר זיי פער־שוואַרצט ווערען.

7 די פּראָפעטען וועלען צו שאַנדע ווערען און די צויבערער וועלען בעליי־דיגט ווערען — זיי וועלען זיך אַלע איינוויקלען אין טרויער, ניט האָ־בענדיג גאָט'ס ענטפער.

8 איך אָבער בין פול מיט געטליכע בעגייסטערונג און קראַפט, מיט רעכטע און שטאַרקייט, אום אַרויסצוזאָגען יעקבֿ'ן זיין פערברעכען און ישראל'ן זיין זינד.

9 הערט־נאָר דאָס, הויפּטלייט פונ'ם הויז יעקבֿ און ריכטער פונ'ם הויז ישראל, וועלכע פעראַבשייען די רעכטע און אַלץ וואָס גלייך איז פער־קרימען זיי !

10 מען פערבויט ציון מיט בלוט־שולד און ירושלים — מיט אונרעכט.

11 די הויפּטלייט איהרע ריכטען פאַר שחד, די כהנים איהרע לערנען פאַר אַ פּרייז און איהרע נביאים צויבערען פאַר געלד, און זיי שטיצען זיך נאָך אויף גאָט זאָגענדיג : „קוים איז גאָט מיט אונז וועט אונז קיין אונגליק טרעפען.

12 דערפאַר — איבער אייך וועט ציון צואַקערט ווערען ווי אַ פעלד, ירושלים וועט ווערען רואינען און דער טעמפּעל־באַרג וועט ווערען אַ וואַלד־באַרג.

## קאַפּיטעל ד

1 אין די שפּעטערע צייטען וועט דער באַרג פון גאָט'ס הויז פעסט שטעהן העכער פון אַנדערע בערג, זאָגאַר העכער פאַר די פעלזען־בערג, און פעלקער וועלען זיך ציהען צו איהם ווי אַ שטראָם.

2 פיעלע פעלקער וועלען געהן און וועלען זאָגען : „קומט ! לאָמיר אַרויף אויף גאָט'ס באַרג צום טעמפּעל פון יעקבֿ'ס גאָט, ער וועט אונז לערנען זיינע וועגען אום מיר זאָלען קענען געהן אין זיינע שטעגען ; ווארום

3 תֵּצֵא תוֹרָה וּדְבַר יְהוָה מִירוּשָׁלִָם׃ וְשָׁפַט בֵּין עַמִּים
רַבִּים וְהוֹכִיחַ לְגוֹיִם עֲצֻמִים עַד־רָחוֹק וְכִתְּתוּ חַרְבֹתֵיהֶם
לְאִתִּים וַחֲנִיתֹתֵיהֶם לְמַזְמֵרוֹת לֹא־יִשְׂאוּ גּוֹי אֶל־גּוֹי חֶרֶב
4 וְלֹא־יִלְמְדוּן עוֹד מִלְחָמָה׃ וְיָשְׁבוּ אִישׁ תַּחַת גַּפְנוֹ וְתַחַת
ה תְּאֵנָתוֹ וְאֵין מַחֲרִיד כִּי־פִי יְהוָה צְבָאוֹת דִּבֵּר׃ כִּי כָּל־
הָעַמִּים יֵלְכוּ אִישׁ בְּשֵׁם אֱלֹהָיו וַאֲנַחְנוּ נֵלֵךְ בְּשֵׁם־יְהוָה
6 אֱלֹהֵינוּ לְעוֹלָם וָעֶד׃ בַּיּוֹם הַהוּא נְאֻם־יְהוָה אֹסְפָה
7 הַצֹּלֵעָה וְהַנִּדָּחָה אֲקַבֵּצָה וַאֲשֶׁר הֲרֵעֹתִי׃ וְשַׂמְתִּי אֶת־
הַצֹּלֵעָה לִשְׁאֵרִית וְהַנַּהֲלָאָה לְגוֹי עָצוּם וּמָלַךְ יְהוָה עֲלֵיהֶם
8 בְּהַר צִיּוֹן מֵעַתָּה וְעַד־עוֹלָם׃ וְאַתָּה מִגְדַּל־עֵדֶר
עֹפֶל בַּת־צִיּוֹן עָדֶיךָ תֵּאתֶה וּבָאָה הַמֶּמְשָׁלָה הָרִאשֹׁנָה
9 מַמְלֶכֶת לְבַת־יְרוּשָׁלִָם׃ עַתָּה לָמָּה תָרִיעִי רֵעַ הֲמֶלֶךְ ׀
י אֵין־בָּךְ אִם־יוֹעֲצֵךְ אָבָד כִּי־הֶחֱזִיקֵךְ חִיל כַּיּוֹלֵדָה׃ חוּלִי
וָגֹחִי בַּת־צִיּוֹן כַּיּוֹלֵדָה כִּי עַתָּה תֵצְאִי מִקִּרְיָה וְשָׁכַנְתְּ בַּשָּׂדֶה
וּבָאת עַד־בָּבֶל שָׁם תִּנָּצֵלִי שָׁם יִגְאָלֵךְ יְהוָה מִכַּף אֹיְבָיִךְ׃
11 וְעַתָּה נֶאֶסְפוּ עָלַיִךְ גּוֹיִם רַבִּים הָאֹמְרִים תֶּחֱנָף וְתַחַז בְּצִיּוֹן
12 עֵינֵינוּ׃ וְהֵמָּה לֹא יָדְעוּ מַחְשְׁבוֹת יְהוָה וְלֹא הֵבִינוּ עֲצָתוֹ
13 כִּי קִבְּצָם כֶּעָמִיר גֹּרְנָה׃ קוּמִי וָדוֹשִׁי בַת־צִיּוֹן כִּי קַרְנֵךְ
אָשִׂים בַּרְזֶל וּפַרְסֹתַיִךְ אָשִׂים נְחוּשָׁה וַהֲדִקּוֹת עַמִּים רַבִּים
14 וְהַחֲרַמְתִּי לַיהוָה בִּצְעָם וְחֵילָם לַאֲדוֹן כָּל־הָאָרֶץ׃ עַתָּה
תִּתְגֹּדְדִי בַת־גְּדוּד מָצוֹר שָׂם עָלֵינוּ בַּשֵּׁבֶט יַכּוּ עַל־הַלְּחִי
אֵת שֹׁפֵט יִשְׂרָאֵל׃

## CAP. V. ה

ה

א וְאַתָּה בֵּית־לֶחֶם אֶפְרָתָה צָעִיר לִהְיוֹת בְּאַלְפֵי יְהוּדָה
מִמְּךָ לִי יֵצֵא לִהְיוֹת מוֹשֵׁל בְּיִשְׂרָאֵל וּמוֹצָאֹתָיו מִקֶּדֶם
2 מִימֵי עוֹלָם׃ לָכֵן יִתְּנֵם עַד־עֵת יוֹלֵדָה יָלָדָה וְיֶתֶר אֶחָיו
יְשׁוּבוּן עַל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וְעָמַד וְרָעָה בְּעֹז יְהוָה בִּגְאוֹן

שם

ד v. 11. 9. קמץ בז״ק

פון ציון וועט זיך פערשפרייטען אַ לעהרע און גאָט'ס וואָרט — פון ירושלים,

3 וועלכער וועט אורטהיילען צווישען גרויסע פעלקער און אויסגלייכען מעכטיגע נאַציאָנען ביז ווייט, זיי וועלען זייערע שווערדען צוברעכען און מאַכען שנייד־מעסערס, און זייערע שפּיזען אויף צווייג־שערען, איין נאַציאָן קעגען צווייטען וועט קיין שווערד אויפהויבען און מעהר וועלען זיי קיינע קריעגס־איבונג מאַכען.

4 זיי וועלען זיצען יעדער אונטער׳ זיין ווייגשטאָק און אונטער זיין פייגען־בוים אונגעשטערט, אַזוי רעדט גאָט פון ארמעען.

5 אַזוי ווי אַלע פעלקער געהען זיך יעדער אין׳ם נאָמען פון זיין גאָט, אַזוי וועלען מיר אייביג און אימער געהן אין נאָמען פון דעם עוויגען אונ־זער גאָט.

6 דאַמאַלס — זאָגט גאָט — וועל איך צונויפזאַמלען די הינקעדיגע און צו־זאַמענקלייבען די פערוואָרפענע צו וועלכע איך בין שלעכט געווען.

7 די הינקעדיגע וועל איך איבערלאָזען צו אַ גליקליכע צוקונפט און פון די פערשוואַכטע וועל איך אַ מעכטיגעס פאָלק מאַכען, גאָט וועט איבער זיי קעניגען אויפ׳ן באַרג ציון פון יעצט ביז אימער.

8 און דו, הויפּט הערדען־פּלאַץ, פעסטונג פון דער טאָכטער ציון, צו דיר וועט גרייכען און קומען די ערשטע הערשונג, די קעניגרייך צו דער טאָכטער ירושלים.

9 ווארום שרייסטו יעצט קלעגליך ? האָסטו קיין קעניג ? זיינען דיינע ראַטהגעבער פערלוירען ? וואָס האָט דיר ארומגענומען אַ שוידער ווי אַ קינפּעטאָרין ?

10 קרעכץ און בייג זיך איין, טאָכטער ציון, יעצט וועסטו פון שטאָדט ארויס און וועסט רוהען אין פעלד, ביז דו וועסט קומען אין בבל ; ערשט דאָרטען וועסטו גערעטעט ווערען, דאָרטען וועט דיר גאָט בעפרייען פון די הענד פון דיינע פיינד.

11 יעצט האָבען זיך אַרום דיר פערזאַמעלט פיעל פעלקער, וועלכע זאָגען : „זי איז פערברעכעריש, אונזער אויג וועט נאָך אויף ציון (שלעכטס) זע־הען."

12 זיי ווייסען אָבער ניט גאָט'ס געדאַנקען און פערשטעהן ניט זיין ראַטה פאַר וואָס ער האָט זיי פערזאַמעלט ווי גאַרבען אין שייער.

13 שטעה אויף און דרעש, טאָכטער ציון ! איך וועל דיין האָרן שטאַרק מאַכען ווי אייזען און דיינע קלויען ווי קופּער, דו וועסט צומאָהלען, גרויסע פעלקער ; זייער פערמעגען וועסטו פערהייליגען צו גאָט און זייער רייכטהום — צום הערען דער גאַנצער וועלט.

14 יעצט ברענג ארמעען, די שטרייטערן ! מאַך אויף אונז אַ בעלאַגערונג ! מיט אַ שטעקען וועט מען איבער די באַקען שלאָגען דעם וואָס וועט שלעכט אורטהיילען ישראל'ן.

## קאַפּיטעל ה

1 און דו בית־לחם פון אפרת, וועלכע איז אימער געווען די קלענסטע אונטער די טויזענדער פון יהודה, פון דיר וועט פאַר מיר ארויס איינער אום הערשער צו זיין אין ישראל ; זיין אבשטאַמונג איז אַ פערצייטיגע, פון גאַנץ אַלטע צייטען.

2 ער וועט זיי געבען ביז דער צייט וואָס די געווינערין וועט געבוירען, ביז די איבריגע ברידער וועלען צוריק קומען צו די קינדער ישראל.

3 דער וואָס וועט אויפטרעטען וועט זיי פיטערען מיט געטליכער מאַכט, מיט

שֵׁ֖ם יְהוָ֣ה אֱלֹהָ֑יו וְיָשָׁ֕בוּ כִּֽי־עַתָּ֥ה יִגְדַּ֖ל עַד־אַפְסֵי־אָֽרֶץ׃
וְהָיָ֥ה זֶ֖ה שָׁל֑וֹם אַשּׁ֣וּר ׀ כִּֽי־יָב֣וֹא בְאַרְצֵ֗נוּ וְכִ֤י יִדְרֹךְ֙ 4
בְּאַרְמְנוֹתֵ֔ינוּ וַהֲקֵמֹ֤נוּ עָלָיו֙ שִׁבְעָ֣ה רֹעִ֔ים וּשְׁמֹנָ֖ה נְסִ֥יכֵי
אָדָֽם׃ וְרָע֞וּ אֶת־אֶ֤רֶץ אַשּׁוּר֙ בַּחֶ֔רֶב וְאֶת־אֶ֥רֶץ נִמְרֹ֖ד ה
בִּפְתָחֶ֑יהָ וְהִצִּיל֙ מֵֽאַשּׁ֔וּר כִּֽי־יָב֣וֹא בְאַרְצֵ֔נוּ וְכִ֥י יִדְרֹ֖ךְ
בִּגְבוּלֵֽנוּ׃ וְהָיָ֣ה ׀ שְׁאֵרִ֣ית יַעֲקֹ֗ב בְּקֶ֙רֶב֙ עַמִּ֣ים רַבִּ֔ים 6
כְּטַל֙ מֵאֵ֣ת יְהוָ֔ה כִּרְבִיבִ֖ים עֲלֵי־עֵ֑שֶׂב אֲשֶׁ֤ר לֹֽא־יְקַוֶּה֙ לְאִ֔ישׁ
וְלֹ֥א יְיַחֵ֖ל לִבְנֵ֥י אָדָֽם׃ וְהָיָה֩ שְׁאֵרִ֨ית יַעֲקֹ֜ב בַּגּוֹיִ֗ם בְּקֶ֙רֶב֙ 7
עַמִּ֣ים רַבִּ֔ים כְּאַרְיֵה֙ בְּבַהֲמ֣וֹת יַ֔עַר כִּכְפִ֖יר בְּעֶדְרֵי־צֹ֑אן
אֲשֶׁ֧ר אִם־עָבַ֛ר וְרָמַ֥ס וְטָרַ֖ף וְאֵ֥ין מַצִּֽיל׃ תָּרֹ֥ם יָדְךָ֖ עַל־ 8
צָרֶ֑יךָ וְכָל־אֹיְבֶ֖יךָ יִכָּרֵֽתוּ׃ וְהָיָ֤ה בַיּוֹם־הַהוּא֙ נְאֻם־ 9
יְהוָ֔ה וְהִכְרַתִּ֥י סוּסֶ֖יךָ מִקִּרְבֶּ֑ךָ וְהַאֲבַדְתִּ֖י מַרְכְּבֹתֶֽיךָ׃ וְהִכְרַתִּ֖י י
עָרֵ֣י אַרְצֶ֑ךָ וְהָרַסְתִּ֖י כָּל־מִבְצָרֶֽיךָ׃ וְהִכְרַתִּ֥י כְשָׁפִ֖ים מִיָּדֶ֑ךָ 11
וּמְעוֹנְנִ֖ים לֹ֥א יִֽהְיוּ־לָֽךְ׃ וְהִכְרַתִּ֧י פְסִילֶ֛יךָ וּמַצֵּבוֹתֶ֖יךָ מִקִּרְבֶּ֑ךָ 12
וְלֹא־תִשְׁתַּחֲוֶ֥ה ע֖וֹד לְמַעֲשֵׂ֥ה יָדֶֽיךָ׃ וְנָתַשְׁתִּ֥י אֲשֵׁירֶ֖יךָ מִקִּרְבֶּ֑ךָ 13
וְהִשְׁמַדְתִּ֖י עָרֶֽיךָ׃ וְעָשִׂ֜יתִי בְּאַ֧ף וּבְחֵמָ֛ה נָקָ֖ם אֶת־הַגּוֹיִ֑ם 14
אֲשֶׁ֖ר לֹ֥א שָׁמֵֽעוּ׃

## CAP. VI. ו

שִׁמְעוּ־נָ֕א אֵ֥ת אֲשֶׁר־יְהוָ֖ה אֹמֵ֑ר ק֚וּם רִ֣יב אֶת־הֶהָרִ֔ים א
וְתִשְׁמַ֥עְנָה הַגְּבָע֖וֹת קוֹלֶֽךָ׃ שִׁמְע֤וּ הָרִים֙ אֶת־רִ֣יב יְהוָ֔ה 2
וְהָאֵתָנִ֖ים מֹ֣סְדֵי אָ֑רֶץ כִּ֣י רִ֤יב לַֽיהוָה֙ עִם־עַמּ֔וֹ וְעִם־יִשְׂרָאֵ֖ל
יִתְוַכָּֽח׃ עַמִּ֛י מֶה־עָשִׂ֥יתִי לְךָ֖ וּמָ֣ה הֶלְאֵתִ֑יךָ עֲנֵ֥ה בִֽי׃ 3
כִּ֤י הֶעֱלִתִ֙יךָ֙ מֵאֶ֣רֶץ מִצְרַ֔יִם וּמִבֵּ֥ית עֲבָדִ֖ים פְּדִיתִ֑יךָ וָאֶשְׁלַ֣ח 4
לְפָנֶ֔יךָ אֶת־מֹשֶׁ֖ה אַהֲרֹ֥ן וּמִרְיָֽם׃ עַמִּ֗י זְכָר־נָא֙ מַה־יָּעַ֗ץ ה
בָּלָק֙ מֶ֣לֶךְ מוֹאָ֔ב וּמֶה־עָנָ֥ה אֹת֖וֹ בִּלְעָ֣ם בֶּן־בְּע֑וֹר מִן־הַשִּׁטִּים֙
עַד־הַגִּלְגָּ֔ל לְמַ֕עַן דַּ֖עַת צִדְק֥וֹת יְהוָֽה׃ בַּמָּה֙ אֲקַדֵּ֣ם יְהוָ֔ה 6
אִכַּ֖ף לֵאלֹהֵ֣י מָר֑וֹם הַאֲקַדְּמֶ֣נּוּ בְעוֹל֔וֹת בַּעֲגָלִ֖ים בְּנֵ֥י שָׁנָֽה׃



ה׳ v. 6. הפטרת וירא בלק

דעם שטאָלץ פונ׳ם נאָמען פון עוויגען זיין גאָט ; ווען זיי וועלן זיך רוהיג בעזעצען וועט ער גרויס ווערען ביז׳ן עק וועלט.

4 עס וועט אזא פריעדען ווערען אז אויב אשור וועט אין אונזער לאנד קומען און בעטרעטען אונזערע פאלאצען, וועלען מיר קעגען איהם אוועקשטעלעי זיעבען הירטען אָדער אכט פירסטען פון פאָלק.

5 זיי וועלען דאָס לאנד פון אשור מיט׳ן שווערד צוברעכען און דאָס לאנד פון נמרוד מיט איהרע אייגענע שווערדען ; ער וועט אויך רעטען פון אשור אויב ער וועט קומען אין אונזער לאנד און בעטרעטען אונזער גרענעץ.

6 די איבערגעבליעבענע פון יעקב וועלען זיין צווישען די גרויסע פעלקער ווי דער טהוי פון גאָט, ווי רעגען אויף גראָז, וואָס דארף ניט האפען צו א מענשען און ווארטען אויף די הילף פון מענשען.

7 די איבערגעבליעבענע פון יעקב וועלען זיין צווישען די פעלקער, צווישען די מעכטיגע פעלקער, ווי דער לייב צווישען די וואלד־טהיערע; ווי א יונגער לייב צווישען די הערדען פון שעפסען, וואָס אז ער געהט נאָר פערביי ציטערט ער און צורייסט אַז מען קען ניט רעטען.

8 אז דיין האנד וועט זיך אויפהויבען קעגען דיינע געגנער וועלען אלע דיינע פיינד פערניכטעט ווערען.

9 דאמאלס — זאָגט גאָט — וועל איך אויסראָטען פון דיר דיינע פערד און וועל פערניכטען דיינע וועגען.

10 איך וועל אונטערברענגען די שטעדט פון דיין לאנד און צושמעטערן אלע דיינע פעסטונגען.

11 איך וועל אויסראָטען צויבעריי פון דיין בעזיץ און דו וועסט מעהר ניט האָבען קיין וואָלקען קוקער.

12 איך וועל אויך אויסראָטען פון דיר דיינע בילדער און סטאַטוען, אום דו זאָלסט זיך מעהר ניט בוקען צו דיינע הענד־ארבייט.

13 איך וועל אויסוואָרצלען דיינע געצען־בוימער און פערטיליגען דיינע שטעדט.

14 מיט צאָרן און וואוטה וועל איך ראכע נעהמען פון די פעלקער וואָס האָ־בען מיר ניט געפאָלגט.

## קאַפּיטעל ו

1 הערט נאָר אויס וואָס גאָט זאָגט : שטעה אויף, הערט די קריעג איהר בערג, אויף די בערגלעך זאָלען דיין שטימע הערען.

2 הערט, בערג, גאָט׳ס קריעג, — אויך איהר מעכטיגע וואָס האלטען אויף דאָס לאנד ! גאָט האָט א קריעג מיט זיין פאָלק און מיט ישראל רעדט ער זיך דורך.

3 פאָלק מיין ! וואָס האָב איך דיר געטהאָן, און מיט וואָס האָב איך דיר בעלעסטיגט ? ענטפער מיר !

4 וואָס איך האָב דיר ארויסגעבראכט פונ׳ם לאנד מצרים און אויסגעלייזט דיר פון שקלאַפענהויז ? אָדער וואָס איך האָב דיר פאַראויס געשיקט משה, אהרן און מרים ?

5 פאָלק מיין ! דערמאָן זיך נאָר וואָס האָט געטהאָן בלק, קעניג פון מואָב, און וואָס האָט איהם געענטפערט בלעם בעור׳ס זוהן ? וואָס איך האָב אין שטים פאַר דיר געטהאָן און וואָס אין גלגל ? דו האָסט שוין געדארפט אנערקענען גאָט׳ס גנאָדע !

6 מיט וואָס זאָל איך דעם עוויגען עמפפאנגען ? מיט וואָס זאָל איך אונ־טערטהעניגקייט אויסדריקען צום הימלישען גאָט ? זאָל איך איהם מיט גאַנץ־אָפּפער עמפפאנגען ? מיט איין־יאָהריגע קעלבער ?

7 הֲיִרְצֶה יְהוָה בְּאַלְפֵי אֵילִים בְּרִבְבוֹת נַחֲלֵי־שָׁמֶן הַאֶתֵּן
8 בְּכוֹרִי פִּשְׁעִי פְּרִי בִטְנִי חַטַּאת נַפְשִׁי׃ הִגִּיד לְךָ אָדָם
מַה־טּוֹב וּמָה יְהוָה דּוֹרֵשׁ מִמְּךָ כִּי אִם־עֲשׂוֹת מִשְׁפָּט
9 וְאַהֲבַת חֶסֶד וְהַצְנֵעַ לֶכֶת עִם־אֱלֹהֶיךָ׃ קוֹל יְהוָה
לָעִיר יִקְרָא וְתוּשִׁיָּה יִרְאֶה שְׁמֶךָ שִׁמְעוּ מַטֶּה וּמִי יְעָדָהּ׃
י עוֹד הַאִשׁ בֵּית רָשָׁע אֹצְרוֹת רֶשַׁע וְאֵיפַת רָזוֹן זְעוּמָה׃
11 הַאֶזְכֶּה בְּמֹאזְנֵי רֶשַׁע וּבְכִיס אַבְנֵי מִרְמָה׃ 12 אֲשֶׁר
עֲשִׁירֶיהָ מָלְאוּ חָמָס וְיֹשְׁבֶיהָ דִּבְּרוּ־שָׁקֶר וּלְשׁוֹנָם רְמִיָּה
13 בְּפִיהֶם׃ וְגַם־אֲנִי הֶחֱלֵיתִי הַכּוֹתֶךָ הַשְׁמֵם עַל־חַטֹּאותֶךָ׃
14 אַתָּה תֹאכַל וְלֹא תִשְׂבָּע וְיֶשְׁחֲךָ בְּקִרְבֶּךָ וְתַסֵּג וְלֹא
טו תַפְלִיט וַאֲשֶׁר תְּפַלֵּט לַחֶרֶב אֶתֵּן׃ אַתָּה תִזְרַע וְלֹא תִקְצוֹר
אַתָּה תִדְרֹךְ־זַיִת וְלֹא־תָסוּךְ שֶׁמֶן וְתִירוֹשׁ וְלֹא תִשְׁתֶּה־יָּיִן׃
16 וְיִשְׁתַּמֵּר חֻקּוֹת עָמְרִי וְכֹל מַעֲשֵׂה בֵית־אַחְאָב וַתֵּלְכוּ
בְּמֹעֲצוֹתָם לְמַעַן תִּתִּי אֹתְךָ לְשַׁמָּה וְיֹשְׁבֶיהָ לִשְׁרֵקָה
וְחֶרְפַּת עַמִּי תִּשָּׂאוּ׃

## CAP. VII. ז

א אַלְלַי לִי כִּי הָיִיתִי כְּאָסְפֵּי־קַיִץ כְּעֹלְלֹת בָּצִיר אֵין־אֶשְׁכּוֹל
2 לֶאֱכוֹל בִּכּוּרָה אִוְּתָה נַפְשִׁי׃ אָבַד חָסִיד מִן־הָאָרֶץ וְיָשָׁר
בָּאָדָם אָיִן כֻּלָּם לְדָמִים יֶאֱרֹבוּ אִישׁ אֶת־אָחִיהוּ יָצוּדוּ
3 חֵרֶם׃ עַל־הָרַע כַּפַּיִם לְהֵיטִיב הַשַּׂר שֹׁאֵל וְהַשֹּׁפֵט
4 בַּשִּׁלּוּם וְהַגָּדוֹל דֹּבֵר הַוַּת נַפְשׁוֹ הוּא וַיְעַבְּתוּהָ׃ טוֹבָם
כְּחֵדֶק יָשָׁר מִמְּסוּכָה יוֹם מְצַפֶּיךָ פְּקֻדָּתְךָ בָאָה עַתָּה
ה תִהְיֶה מְבוּכָתָם׃ אַל־תַּאֲמִינוּ בְרֵעַ אַל־תִּבְטְחוּ בְּאַלּוּף
6 מִשֹּׁכֶבֶת חֵיקֶךָ שְׁמֹר פִּתְחֵי־פִיךָ׃ כִּי־בֵן מְנַבֵּל אָב בַּת
7 קָמָה בְאִמָּהּ כַּלָּה בַּחֲמֹתָהּ אֹיְבֵי אִישׁ אַנְשֵׁי בֵיתוֹ׃ וַאֲנִי
8 בַּיהוָה אֲצַפֶּה אוֹחִילָה לֵאלֹהֵי יִשְׁעִי יִשְׁמָעֵנִי אֱלֹהָי׃ אַל־
תִּשְׂמְחִי אֹיַבְתִּי לִי כִּי נָפַלְתִּי קָמְתִּי כִּי־אֵשֵׁב בַּחֹשֶׁךְ יְהוָה

אור

ף v. 8. עד כאן . v. 10. כצ״ל ף v. 13. מלא ו ף v. 14. קמץ בז״ק ף 6. ף כצ״ל

7 ווערט גאָט אָננעהמען טויזענד ווידערס און צעהען טויזענד אויל טייכען ? זאָל איך מיין ערשטגעבוירענעם פאַר מיין פערברעכען אוועקגעבען ? מיין לייבליכעס קינד פאַר מיין זינד ?

8 מען האָט דיר, מענש, שוין לאַנג געזאָגט וואָס גוט איז און וואָס גאָט פער־לאַנגט פון דיר — בלויז רעכט האַנדלען, ליעבען גנאָדע און בעשיידען געהען מיט דיין גאָט.

9 גאָט'ס שטימע רופט די שטאָדט [און יעדער פערשטענדיגער זעהט (דערין) דיין נאָמען :] „פאָלגט דעם שטעקען אָדער דעם וואָס האָט עס בע־שטימט !"

10 געפינען זיך נאָך אינ'ם הויז פון פערברעכער רייכטהימער פון רויב און אַ קליינע מאָאס, אַ פערשאָלטענע ?

11 קען מען אונשולדיג בלייבען מיט פאַלשע וואָג און אַ בייטעל מיט פאַלשע געוויכט ?

12 איהרע רייכע זיינען פול מיט געוואַלד־טהאַטען און איהרע איינוואָהנער זאָגען ליעגען, אַלץ וואָס זיי רעדען מיט'ן מויל איז פאַלש.

13 דערפאַר האָב איך דיר מיט קראַנקהייטען געשלאָגען און פערוויסטונג אי־בער דיינע זינד.

14 דו וועסט עסען און ניט זאַט ווערען, ווייל עס וועט אויסטריקענען אין דיינע געדערים, דו וועסט אַריינגעהמען און קיינע קינדער האָבען, און וואָס דו וועסט געבוירען וועל איך איבערגעבען צום שווערד.

15 דו וועסט זעהען און וועסט ניט שניידען, דו וועסט טרעטען אוילבערטען און וועסט זיך מיט דעם אויל ניט שמירען, וויין וועסטו טרעטען און וועסט פון איהם ניט טרינקען.

16 זאָלאַנג עס ווערען אָנגעהאַלטען עמרי'ס געזעצע און אַלע טהאַטען פון אַחאָב'ס הויז און איהר געהט אין זייערע ראַטהען, אום איך זאָל דיר מאַכען צו וויסט און איהרע איינוואוינער צו אַ אויספייפונג, און איהר וועט ליידען פאַר מיין פאָלק'ס שאַנדע.

## קאַפּיטעל ז

1 וועה איז מיר ! איך בין געוואָרען ווי די לעצטע זומער־פרוכט, ווי דער איינצעלנער טרויב וואָס דער אַרומקלייבער לאָזט איבער — ניטאָ קיין טרויבען צום עסען, איך שמאַכט נאָך אַ רייפען פרוכט.

2 טוגענדהאַפטע מענשען זיינען אויסגעראָטהען פונ'ם לאַנד, עס איז קיין איין ריכטיגער מאַן ניטאָ, אַלע לויערן דעם צווייטענס בלוט, איינער דעם אַנדערן פאַנגען זיי מיט אַ נעץ.

3 אָנשטאָט גוטס טהוען אַלע הענד שלעכטס — דער פירסט בעט געשענקע און דער ריכטער וויל בעצאָהלט, דער אָבער־ריכטער רעדט אַרויס דעם אורטהייל נאָך זיין אייגענעם פערלאַנג — אַזוי פערפלאָנטערן זיי דאָס !

4 די בעסטע פון זיי זיינען ווי אַ דאָרן, דער אָרענטליכער איז ווי אַ צוים פון דערנער. דער טאָג פון דיינע זעהער [נביאים], ד. ה. דיין שטראָף־טאָג, קומט שוין אָן, יעצט פאַנגט זיך אָן זייער אונגליק !

5 גלויבט קיין פריינד ניט, פערלאָזט זיך ניט אויף אַ בעקאַנטען ; זיי פאָר־זיכטיג אין רעדען, זאָגאַר פאַר דיין לייבליכע פרוי.

6 וואָרום אַ זוהן בעשפּאָטעט אַ פאָטער, אַ טאָכטער האַסט איהר מוטער און אַ שנור — איהר שוויגער ; דעם מענשענס פיינד זיינען זיינע הויז־מענשען.

7 איך אָבער האָף צו גאָט און וואַרט אויף די הילף פון מיין גאָט, מיין גאָט וועט מיר אויסהערען.

8 פרעה זיך ניט, מיין פיינדין ! איך בין יעצט געפאַלען, איך וועל אָבער

אוֹר לִי׃ זַעַף יְהוָה אֶשָּׂא כִּי חָטָאתִי לוֹ עַד אֲשֶׁר 9
יָרִיב רִיבִי וְעָשָׂה מִשְׁפָּטִי יוֹצִיאֵנִי לָאוֹר אֶרְאֶה בְּצִדְקָתוֹ׃
וְתֵרֶא אֹיַבְתִּי וּתְכַסֶּהָ בוּשָׁה הָאֹמְרָה אֵלַי אַיּוֹ יְהוָה י
אֱלֹהָיִךְ עֵינַי תִּרְאֶינָּה בָּהּ עַתָּה תִּהְיֶה לְמִרְמָס כְּטִיט
חוּצוֹת׃ יוֹם לִבְנוֹת גְּדֵרָיִךְ יוֹם הַהוּא יִרְחַק־חֹק׃ יוֹם 11 12
הוּא וְעָדֶיךָ יָבוֹא לְמִנִּי אַשּׁוּר וְעָרֵי מָצוֹר וּלְמִנִּי מָצוֹר
וְעַד־נָהָר וְיָם מִיָּם וְהַר הָהָר׃ וְהָיְתָה הָאָרֶץ לִשְׁמָמָה 13
עַל־יֹשְׁבֶיהָ מִפְּרִי מַעַלְלֵיהֶם׃ רְעֵה עַמְּךָ בְשִׁבְטֶךָ 14
צֹאן נַחֲלָתֶךָ שֹׁכְנִי לְבָדָד יַעַר בְּתוֹךְ כַּרְמֶל יִרְעוּ בָשָׁן
וְגִלְעָד כִּימֵי עוֹלָם׃ כִּימֵי צֵאתְךָ מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם אַרְאֶנּוּ טו
נִפְלָאוֹת׃ יִרְאוּ גוֹיִם וְיֵבֹשׁוּ מִכֹּל גְּבוּרָתָם יָשִׂימוּ יָד עַל־ 16
פֶּה אָזְנֵיהֶם תֶּחֱרַשְׁנָה׃ יְלַחֲכוּ עָפָר כַּנָּחָשׁ כְּזֹחֲלֵי אֶרֶץ 17
יִרְגְּזוּ מִמִּסְגְּרֹתֵיהֶם אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵינוּ יִפְחָדוּ וְיִרְאוּ מִמֶּךָּ׃
מִי־אֵל כָּמוֹךָ נֹשֵׂא עָוֹן וְעֹבֵר עַל־פֶּשַׁע לִשְׁאֵרִית נַחֲלָתוֹ 18
לֹא־הֶחֱזִיק לָעַד אַפּוֹ כִּי־חָפֵץ חֶסֶד הוּא׃ יָשׁוּב יְרַחֲמֵנוּ 19
יִכְבֹּשׁ עֲוֹנֹתֵינוּ וְתַשְׁלִיךְ בִּמְצֻלוֹת יָם כָּל־חַטֹּאתָם׃
תִּתֵּן אֱמֶת לְיַעֲקֹב חֶסֶד לְאַבְרָהָם אֲשֶׁר־נִשְׁבַּעְתָּ לַאֲבֹתֵינוּ כ
מִימֵי קֶדֶם׃

# נחום

# LIBER NAHUM.

## CAPUT I. א

מַשָּׂא נִינְוֵה סֵפֶר חֲזוֹן נַחוּם הָאֶלְקֹשִׁי׃ אֵל קַנּוֹא וְנֹקֵם א 2
יְהוָה נֹקֵם יְהוָה וּבַעַל חֵמָה נֹקֵם יְהוָה לְצָרָיו וְנוֹטֵר הוּא
לאיביו

v. 10. ° הי׳ בתש    v. 12. סבירין יבוא    v. 17. קמץ בז״ק

אויפשטעהען, איך זיץ יעצט אין פינסטערניס אָבער גאָט וועט מיר ליכט געבען.

9 איך וועל אַריבערטראָגען גאָט'ס צאָרן, ווייל איך האָב צו איהם געזינ־דיגט, ביז ער וועט זיך פאַר מיין בעליידיגונג אָננעהמען און וועט מיין אורטהייל בעשטימען; ער וועט מיר אַרויספיהרען אויף די ליכטיגקייט און איך וועל זיין גנאָדע געניסען.

10 דאָס וועט מיין פיינדין זעהען און וועט מיט שאַנדע פערדעקט ווערען; די פי נדין וועלכע זאָגט צו מיר: „וואו איז דיין גאָט?" יעצט וועלען מיינע אויגען אויף איהר קוקען ווען זי וועט געטראָטען ווערען ווי די לעהם פון די גאַסען.

11 דער טאָג ווען דיינע צוימען וועלען פון דאָס ניי געבויט ווערען — יענער טאָג איז נאָך גאַנץ ווייט.

12 עס איז אָבער אַ בעשטימטער טאָג, און וועט צו דיר זיכער קומען! פון אשור ביז די מצרים־שטעדט, פון די מצרים־שטעדט ביז'ן טייך, פון איין ים ביז'ן אַנדער ים און פון איין באַרג ביז דעם אַנדער באַרג.

13 נאָכדעם ווי דאָס לאַנד וועט פערוויסטעט ווערען מיט איהרע איינוואוי־נער, אַלס די פרוכט פון זייערע שלעכטע טהאַטען.

14 פיהר דיין פאָלק מיט דיין הערשער שטעקען, דיינע אייגענטהימליכע שעפ־סען, די איינזאמע איינוואוינער, אין וואַלד, אין גראַז־בעוואקסענעם; זאָלען זיי זיך פיטערן אין בשן און גלעד ווי אין די אוראַלטע צייטען.

15 איך וועל איהם וואונדער ווייזען ווי אין די טעג ווען דו ביזט פון מצרים אַרויסגעגאַנגען.

16 די נאַציאָנען וועלען עס זעהען און וועלען צו שאַנדע זיין מיט זייער גאַנ־צע מאַכט, זיי וועלען אַרויפלעגען אַ האַנד אויפ'ן מויל, זייערע אויערען וועלען פערטויבט ווערען.

17 זיי וועלען קייען די ערד ווי שלאַנגען, ווי די ווערים וועלען זיי אַרויס־קריכען פון זייערע פעסטונגען, פאַר אונזער גאָט וועלען זיי ערשראָקען זיין, פאַר דיר וועלען זיי ציטערן.

18 ווער, אָ גאָט, איז אַזוי ווי דו, צו פערצייהען זינד און פערגעבען פערברע־כענס צו די איבערגעבליעבענע פון זיין אייגענטהום; ער האַלט ניט לאַנג זיין צאָרן, ווייל ער וויל אימער גנעדיג זיין.

19 ער וועט אונז נאָך ערבאַרעמען, אונזערע זינד וועט ער פערדעקען און אַלע פערברעכענס וועט ער אין די ים־טיעפעניסען אַריינוואַרפען.

20 דו וועסט געבען וואַהרהייט צו יעקב'ן, גנאַדע — צו אַברהם'ן, אַזוי ווי דו האָסט צו אונזערע עלטערן געשוואָרען אין די אַלטע צייטען.

# נחום

## קאַפּיטעל א

1 אַ פּאָרטראַג וועגען נינוה. פּראָפעצייהונג־בוך פון נחום דעם אַלקשי'ער.

2 דער עוויגער איז אַ פייערדיגער און ראַכענעהמענדער גאָט, דער עוויגער איז אַ ראַכענעהמער און אַ בייזער; ראַכע נעהמט ער פון זיינע געגנער און טראָגט האַס קעגען זיינע פיינד,

3 לְאֹיְבָיו׃ יְהוָה אֶרֶךְ אַפַּיִם וּגְדוֹל־כֹּחַ וְנַקֵּה לֹא יְנַקֶּה
4 יְהוָה בְּסוּפָה וּבִשְׂעָרָה דַּרְכּוֹ וְעָנָן אֲבַק רַגְלָיו׃ גּוֹעֵר
בַּיָּם וַיַּבְּשֵׁהוּ וְכָל־הַנְּהָרוֹת הֶחֱרִיב אֻמְלַל בָּשָׁן וְכַרְמֶל
ה וּפֶרַח לְבָנוֹן אֻמְלָל׃ הָרִים רָעֲשׁוּ מִמֶּנּוּ וְהַגְּבָעוֹת הִתְמֹגָגוּ
6 וַתִּשָּׂא הָאָרֶץ מִפָּנָיו וְתֵבֵל וְכָל־יֹשְׁבֵי בָהּ׃ לִפְנֵי זַעְמוֹ
מִי יַעֲמוֹד וּמִי יָקוּם בַּחֲרוֹן אַפּוֹ חֲמָתוֹ נִתְּכָה כָאֵשׁ וְהַצֻּרִים
7 נִתְּצוּ מִמֶּנּוּ׃ טוֹב יְהוָה לְמָעוֹז בְּיוֹם צָרָה וְיֹדֵעַ חֹסֵי בוֹ׃
8 וּבְשֶׁטֶף עֹבֵר כָּלָה יַעֲשֶׂה מְקוֹמָהּ וְאֹיְבָיו יְרַדֶּף־חֹשֶׁךְ׃
9 מַה־תְּחַשְּׁבוּן אֶל־יְהוָה כָּלָה הוּא עֹשֶׂה לֹא־תָקוּם
י פַּעֲמַיִם צָרָה׃ כִּי עַד־סִירִים סְבֻכִים וּכְסָבְאָם סְבוּאִים
11 אֻכְּלוּ כְּקַשׁ יָבֵשׁ מָלֵא׃ מִמֵּךְ יָצָא חֹשֵׁב עַל־יְהוָה רָעָה
12 יֹעֵץ בְּלִיָּעַל׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה אִם־שְׁלֵמִים וְכֵן
13 רַבִּים וְכֵן נָגֹזּוּ וְעָבָר וְעִנִּתִךְ לֹא אֲעַנֵּךְ עוֹד׃ וְעַתָּה
14 אֶשְׁבֹּר מֹטֵהוּ מֵעָלָיִךְ וּמוֹסְרֹתַיִךְ אֲנַתֵּק׃ וְצִוָּה עָלֶיךָ יְהוָה
לֹא־יִזָּרַע מִשִּׁמְךָ עוֹד מִבֵּית אֱלֹהֶיךָ אַכְרִית פֶּסֶל וּמַסֵּכָה
אָשִׂים קִבְרֶךָ כִּי קַלּוֹתָ׃

## CAP. II. ב

א הִנֵּה עַל־הֶהָרִים רַגְלֵי מְבַשֵּׂר מַשְׁמִיעַ שָׁלוֹם חָגִּי יְהוּדָה
חַגַּיִךְ שַׁלְּמִי נְדָרָיִךְ כִּי לֹא יוֹסִיף עוֹד לַעֲבָור־בָּךְ בְּלִיַּעַל
2 כֻּלֹּה נִכְרָת׃ עָלָה מֵפִיץ עַל־פָּנַיִךְ נָצוֹר מְצֻרָה צַפֵּה־
3 דֶרֶךְ חַזֵּק מָתְנַיִם אַמֵּץ כֹּחַ מְאֹד׃ כִּי שָׁב יְהוָה אֶת־גְּאוֹן
יַעֲקֹב כִּגְאוֹן יִשְׂרָאֵל כִּי בְקָקוּם בֹּקְקִים וּזְמֹרֵיהֶם שִׁחֵתוּ׃
4 מָגֵן גִּבֹּרֵיהוּ מְאָדָּם אַנְשֵׁי־חַיִל מְתֻלָּעִים בְּאֵשׁ־פְּלָדוֹת
ה הָרֶכֶב בְּיוֹם הֲכִינוֹ וְהַבְּרֹשִׁים הָרְעָלוּ׃ בַּחוּצוֹת יִתְהוֹלְלוּ
הָרֶכֶב יִשְׁתַּקְשְׁקוּן בָּרְחֹבוֹת מַרְאֵיהֶן כַּלַּפִּידִם כַּבְּרָקִים
6 יְרוֹצֵצוּ׃ יִזְכֹּר אַדִּירָיו יִכָּשְׁלוּ בַּהֲלִיכוֹתָם יְמַהֲרוּ חוֹמָתָהּ
7 וְהֻכַן הַסֹּכֵךְ׃ שַׁעֲרֵי הַנְּהָרוֹת נִפְתָּחוּ וְהַהֵיכָל נָמוֹג׃

והצב

ד׳ יתיר v. 6, ה׳ יתיר v. 1. ס׳ · ר״א מַטֵּהוּ v. 13. ס׳ זעירא ibid. ו׳ יתיר v. 3. ...

3 דער עוויגער איז לאַנגמוטהיג און גרויסמעכטיג, ער לאָזט קיינעם אונ־בעשטראָפט ; וואו גאָט געהט דורך ווערט ווינד און שטורם, פון זיינע טריט ווערט אַ זייל רויך.
4 ער שרייט אָן אויפ'ן ים און מאַכט איהם טרוקען, אויף אַלע טייכען טריקענט ער אויס · בשן און כרמל שמאַכטען און די בלומען פון לבנון ווערען פערוועלקט.
5 בערג ציטערן פאַר איהם און בערגלאַך ווערען צושמאָלצען ; די ערד ווערט פערברענט פון זיין קוק, די וועלט מיט אַלע אַיינוואוינער איהרע.
6 ווער קען אַיינשטעהען ביי זיין צאָרן, און ווער קען אויסהאַלטען זיין ברע־נעדיגען צאָרן ? זיין וואוטה צושמעלצט אַלץ ווי אַ פייער, זאָגאַר די פעלזען ווערען פון איהם צושטערט.
7 גאָט איז גוט צו דעם וואָס האַלט זיך שטאַרק אין אַן אונגליק'ס צייט, ער ווייס די וואָס שטיצען זיך אן איהם.
8 מיט אַ פערפלייצונג וואָס שטראָמט אַריבער איהר אָרט, מאַכט ער אַ פער־ניכטונג, זיינע געגנער פערפאָלגט די פינסטערניס.
9 וואָס דענקט איהר וועגען גאָט, אַז ער ברענגט פערניכטונג ? אַ צווייטען מאָל וועט דער אונגליק ניט געשעהען.
10 עס וועט פאַלען אויף די פערפלאָכטענע דערנער, אָבוואָהל זיי וועלען נאַס פערטרונקען זיין וועלען זיי אין גאַנצען פערברענט ווערען ווי טרוקענע שטרוי.
11 פון דיר שטאַמט דער וואָס פלאַנט שלעכטס קעגען גאָט — אַ פערדאָרבע־נער ראטהגעבער.
12 אַזוי האָט גאָט געזאָגט : אויב זיי זיינען קרעפטיג און צאהלרייך, אָדער זיי זיינען צופליקט און פערניכטעט — וועל איך דיר שוין מעהר ניט פייי־ניגען.
13 יעצט וועל איך צוברעכען יעדער שטעקען וואָס איז קעגען דיר און דיינע שטריק וועל איך צורייסען.
14 גאָט וועט אַ בעפעהל געבען וועגען דיר, סנחריב, אַז פון דיין געדעכעניס זאָל קיינער פאַרזעעט ווערען (געוועלטיגען) ; פון דיין גאָט'ס הויז וועל איך אויסראָטהען בילדער און געגאָסענע געטער, דאָרט וועל איך מאַכען דיין גראָבען, דו וועסט אונבעדייטענד זיין.

## קאַפּיטעל ב

1 עס ווייזען זיך שוין אויף די בערג די פיס פון אנזאָגער, וועלכער זאָגט אָן פריעדען ; פייער, יהודה, דיין פעסט, בעצאָהל דיינע פערשפּרעכונגען, מעהר וועט שוין קיין פערדאָרבענער דורכגעהען דיין לאַנד — ער איז אין גאַנצען אויסגעראָטהען.
2 דער צושטערער וואָס איז דיר פערבייגעגאַנגען, האָט זיך אַיינגעשלאָסען אין פעסטונג ; קוק אַרויס אויפ'ן וועג, מאַך שטאַרק דיינע לענדען, זאַמעל אָן פיעל קרעפטען.
3 גאָט וועט צוריק ברענגען די שטאָלץ פון יעקב ווי די שטאָלץ פון ישראל, וועלכע רויבער האָבען געפּלינדערט און פערדאָרבען זייערע צווייגען.
4 די פּאַנצערס פון זיינע העלדען זיינען רויט געפאַרבען, די קריעגס־לייט זיינען אין פּורפּור געקליידעט, די וועגען ברענען ווי אַ פלאַם פייער וואָס מען לעגט פּאַנאַנדער, די בוקענפיילען זיינען פערגיפטעט.
5 אין די גאַסען רוישען די וועגען, זיי ליאַרמען אין די שטראַסען ; ווי פלאַמען ווייזען זיי אויס, ווי בליצען לויפען זיי שנעל.
6 זיינע מעכטיגע וועלכע ער האָט אָנגעשטעלט, וועלען געהענדיג געשטרויי־

8 וְהֻצַּב גֻּלְּתָה הֹֽעֲלָתָה וְאַמְהֹתֶיהָ מְנַהֲגוֹת כְּקוֹל יוֹנִים
9 מְתֹֽפְפֹת עַל־לִבְבֵהֶֽן׃ וְנִינְוֵה כִבְרֵֽכַת־מַיִם מִימֵי הִיא
י וְהֵמָּה נָסִים עִמְדוּ עֲמֹדוּ וְאֵין מַפְנֶֽה׃ בֹּזּוּ כֶסֶף בֹּזּוּ
11 זָהָב וְאֵין קֵצֶה לַתְּכוּנָה כָּבֹד מִכֹּל כְּלִי חֶמְדָּֽה׃ בּוּקָה
וּמְבוּקָה וּמְבֻלָּקָה וְלֵב נָמֵס וּפַק בִּרְכַּיִם וְחַלְחָלָה בְּכָל־
12 מָתְנַיִם וּפְנֵי כֻלָּם קִבְּצוּ פָארֽוּר׃ אַיֵּה מְעוֹן אֲרָיוֹת
וּמִרְעֶה הוּא לַכְּפִרִים אֲשֶׁר הָלַךְ אַרְיֵה לָבִיא שָׁם גּוּר
13 אַרְיֵה וְאֵין מַחֲרִֽיד׃ אַרְיֵה טֹרֵף בְּדֵי גֹרוֹתָיו וּמְחַנֵּק
14 לְלִבְאֹתָיו וַיְמַלֵּא־טֶרֶף חֹרָיו וּמְעֹנֹתָיו טְרֵפָֽה׃ הִנְנִי אֵלַיִךְ
נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת וְהִבְעַרְתִּי בֶעָשָׁן רִכְבָּהּ וּכְפִירַיִךְ
תֹּאכַל חָרֶב וְהִכְרַתִּי מֵאֶרֶץ טַרְפֵּךְ וְלֹֽא־יִשָּׁמַע עוֹד
קוֹל מַלְאָכֵֽכֵה׃

## ג CAP. III. ג

א הוֹי עִיר דָּמִים כֻּלָּהּ כַּחַשׁ פֶּרֶק מְלֵאָה לֹא יָמִישׁ טָֽרֶף׃
2 קוֹל שׁוֹט וְקוֹל רַעַשׁ אוֹפָן וְסוּס דֹּהֵר וּמֶרְכָּבָה מְרַקֵּדָֽה׃
3 פָּרָשׁ מַעֲלֶה וְלַהַב חֶרֶב וּבְרַק חֲנִית וְרֹב חָלָל וְכֹבֶד פָּגֶר
4 וְאֵין קֵצֶה לַגְּוִיָּה יְכָשְׁלוּ* בִּגְוִיָּתָֽם׃ מֵרֹב זְנוּנֵי זוֹנָה טוֹבַת
חֵן בַּעֲלַת כְּשָׁפִים הַמֹּכֶרֶת גּוֹיִם בִּזְנוּנֶיהָ וּמִשְׁפָּחוֹת
ה בִּכְשָׁפֶֽיהָ׃ הִנְנִי אֵלַיִךְ נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת וְגִלֵּיתִי שׁוּלַיִךְ
6 עַל־פָּנָיִךְ וְהַרְאֵיתִי גוֹיִם מַעְרֵךְ וּמַמְלָכוֹת קְלוֹנֵֽךְ׃ וְהִשְׁלַכְתִּי
7 עָלַיִךְ שִׁקֻּצִים וְנִבַּלְתִּיךְ וְשַׂמְתִּיךְ כְּרֹֽאִי׃ וְהָיָה כָל־רֹאַיִךְ
יִדּוֹד מִמֵּךְ וְאָמַר שָׁדְּדָה נִֽינְוֵה מִי יָנוּד לָהּ מֵאַיִן אֲבַקֵּשׁ
8 מְנַחֲמִים לָֽךְ׃ הֲתֵיטְבִי מִנֹּא אָמוֹן הַיֹּשְׁבָה בַּיְאֹרִים מַיִם
9 סָבִיב לָהּ אֲשֶׁר־חֵיל יָם מִיָּם חוֹמָתָֽהּ׃ כּוּשׁ עָצְמָה וּמִצְרַיִם
י וְאֵין קֵצֶה פּוּט וְלוּבִים הָיוּ בְּעֶזְרָתֵֽךְ׃ גַּם־הִיא לַגֹּלָה
הָלְכָה בַשֶּׁבִי גַּם עֹלָלֶיהָ יְרֻטְּשׁוּ בְּרֹאשׁ כָּל־חוּצוֹת וְעַל־
11 נִכְבַּדֶּיהָ יַדּוּ גוֹרָל וְכָל־גְּדוֹלֶיהָ רֻתְּקוּ בַזִּקִּים׃ גַּם־אַתְּ

תשכרי

---

*ע׳ v. 3. וכשלו קרי

געלט ווערען; ווען זיי ווילען איילען צום מויער וועט שוין צוגעגרייט זיין דער בעשיצער.

7 די טהויערן פון די טייכען זיינען געעפענט געוואָרען און דער טעמפעל איז פערטדונקען געוואָרען.

8 אז עס וועט אָבגעשטעלט ווערען דער אויפשטייגענדער קוואל, ווילען איהרע דיענסטען אָכצען מיט א טויבענשטימע, זיי ווילען זיך קלאפּען אין הארצען.

9 נינוה איז אימער געווען א שטעהענדער וואסער, יעצט אָבער לויפען זיי. „שטעהט, שטעהט!" — און קיינער קעהרט זיך ניט אָב.

10 רויב זילבער, רויבט גאָלד! עס איז רייכטהום אָהן אַן ענדע, פיעל פון אַלע קאָסטבארקייטען.

11 לעער, לעדיג און צושפּליטערט, א ציטערענדעס הארץ און וואנקענדע קניע, א שוידער אין אַלע לענדען און יעדעס געזיכט איז פערשווארצט.

12 וואו איז די וואוינונג פון לייבען? וואו איז דער פיטער־פּלאץ פון די יונגע לייבען? וואו דער לייב און די לעווין געהען דאָרט איז אויך דער יונגער לייב אונערשראָקען.

13 א לייב צורייסט גענוג פאר זיינע קינדער און דערווערגט פאר זיין לעווין, ער פיהלט אָן זיינע הייהלען מיט רויב און זיינע וואָהנונגען מיט שפּייז.

14 איך קום צו דיר — זאָגט גאָט פון ארמעען — איך וועל אויף רויך פער־ברענען איהרע וועגען און דיינע יונגע לייבען וועט דער שווערד פער־צעהרען. איך וועל אויסראָטהען פון דר'ערד דיין רויב און עס וועט מעהר ניט געהערט ווערען די שטימע פון דיינע געשיקטע.

## קאפּיטעל ג

1 וועה דער בלוטשולדיגער שטאָדט! פאלש איז זי אין גאנצען, זי איז פול מיט גוואלד־טהאטען, רויב הערט ניט אויף אין איהר.

2 דער רויש פון רוט, דאָס קלאפּען פון רעדער, פון שפּרינגענדע פערד און לויפענדע וועגען.

3 א רייטער קומט אָן מיט א בליצענדען שווערד און א בלאנקען שפּיז; עס ווילען פאלען פיעל ערשלאגענע און פיעל טויטע קערפּער — קער־פּער אָהן אַן ענד, מען וועט פאלען געהענדיג איבער קערפּער.

4 פון פיעל אויסגעלאַסענהייט, פון דער רייצענד שעהנער צויבערין, וואָס פערקויפט פעלקער צוליעב איהר אויסגעלאַסענהייט און פאַמיליען צוליעב איהרע צויבערייען.

5 איך וועל זיך נעהמען צו דיר — זאָגט גאָט פון ארמעען — איך וועל דיר ארויפדעקען דיינע קליידער אויף דיין געזיכט, אַלע פעלקער וועל איך ווייזען דיין נאַקעטקייט און קעניגרייכען — דיין שאַנדע.

6 איך וועל דיר מיט שמוץ בעווארפען און דו וועסט אבשייליך ווערען, איך וועל דיר העסליך מאַכען ווי מיסטהויפען;

7 ווער עס וועט דיר זעהען וועט אוועקשפּרינגען פון דיר, זאָגענדיג: ניע־דערגעשלאָגען איז נינוה! ווער מען אַרט פאר איהר? וואו זאָל איך זוכען טרייסטער פאר דיר?

8 ביזטו בעסער פאר נאָ אמון, וועלכע ליעגט ביי טייכען ארומגערינגעלט מיט וואסער, וואָס א וואסער־וואנד איז איהר מויער־פעסטונג פון ים־זייט?

9 כוש האָט איהר שטענדיג שטיצע געגעבען און מצרים אָהן אויפהער, פוט און לוב זיינען דיינע העלפער.

10 דאָך האָט זי אויך אויסגעוואנדערט, אויך איהרע קליינע קינדער זיינען

12 תִּשְׁכְּרִי תְּהִי נַעֲלָמָה גַּם־אַתְּ תְּבַקְשִׁי מָעוֹז מֵאוֹיֵב׃ כָּל־
מִבְצָרַיִךְ תְּאֵנִים עִם־בִּכּוּרִים אִם־יִנּוֹעוּ וְנָפְלוּ עַל־פִּי
13 אוֹכֵל׃ הִנֵּה עַמֵּךְ נָשִׁים בְּקִרְבֵּךְ לְאֹיְבַיִךְ פָּתוֹחַ נִפְתְּחוּ
14 שַׁעֲרֵי אַרְצֵךְ אָכְלָה אֵשׁ בְּרִיחָיִךְ׃ מֵי מָצוֹר שַׁאֲבִי־לָךְ
חַזְּקִי מִבְצָרָיִךְ בֹּאִי בַטִּיט וְרִמְסִי בַחֹמֶר הַחֲזִיקִי מַלְבֵּן׃
טו שָׁם תֹּאכְלֵךְ אֵשׁ תַּכְרִיתֵךְ חֶרֶב תֹּאכְלֵךְ כַּיָּלֶק הִתְכַּבֵּד
16 כַּיֶּלֶק הִתְכַּבְּדִי כָּאַרְבֶּה׃ הִרְבֵּית רֹכְלַיִךְ מִכּוֹכְבֵי הַשָּׁמָיִם
17 יֶלֶק פָּשַׁט וַיָּעֹף׃ מִנְּזָרַיִךְ כָּאַרְבֶּה וְטַפְסְרַיִךְ כְּגוֹב גֹּבָי
הַחוֹנִים בַּגְּדֵרוֹת בְּיוֹם קָרָה שֶׁמֶשׁ זָרְחָה וְנוֹדַד וְלֹא־נוֹדַע
18 מְקוֹמוֹ אַיָּם׃ נָמוּ רֹעֶיךָ מֶלֶךְ אַשּׁוּר יִשְׁכְּנוּ אַדִּירֶיךָ נָפֹשׁוּ
19 עַמְּךָ עַל־הֶהָרִים וְאֵין מְקַבֵּץ׃ אֵין־כֵּהָה לְשִׁבְרֶךָ נַחְלָה
מַכָּתֶךָ כֹּל ׀ שֹׁמְעֵי שִׁמְעֲךָ תָּקְעוּ כַף עָלֶיךָ כִּי עַל־מִי לֹא־
עָבְרָה רָעָתְךָ תָּמִיד׃

---

# חבקוק
# LIBER HABAKUK.

---

## CAPUT I. א

2 א הַמַּשָּׂא אֲשֶׁר חָזָה חֲבַקּוּק הַנָּבִיא׃ עַד־אָנָה יְהוָה שִׁוַּעְתִּי
3 וְלֹא תִשְׁמָע אֶזְעַק אֵלֶיךָ חָמָס וְלֹא תוֹשִׁיעַ׃ לָמָּה תַרְאֵנִי
אָוֶן וְעָמָל תַּבִּיט וְשֹׁד וְחָמָס לְנֶגְדִּי וַיְהִי רִיב וּמָדוֹן יִשָּׂא׃
4 עַל־כֵּן תָּפוּג תּוֹרָה וְלֹא־יֵצֵא לָנֶצַח מִשְׁפָּט כִּי רָשָׁע
ה מַכְתִּיר אֶת־הַצַּדִּיק עַל־כֵּן יֵצֵא מִשְׁפָּט מְעֻקָּל׃ רְאוּ
בַגּוֹיִם וְהַבִּיטוּ וְהִתַּמְּהוּ תְּמָהוּ כִּי־פֹעַל פֹּעֵל בִּימֵיכֶם לֹא
6 תַאֲמִינוּ כִּי יְסֻפָּר׃ כִּי־הִנְנִי מֵקִים אֶת־הַכַּשְׂדִּים הַגּוֹי
הַמַּר וְהַנִּמְהָר הַהוֹלֵךְ לְמֶרְחֲבֵי־אֶרֶץ לָרֶשֶׁת מִשְׁכָּנוֹת

לא

צושמעטערט געוואָרען אין אַלע הויפּט־גאַסען ; אויף איהרע געאַכטעטע וואַרפט מען גורל און איהרע גרעסטע זיינען אין קייטען געשמידט.

11 אויך דו וועסט בעטרונקען ווערען און וועסט זיך בעהאַלטען; אויך דו וועסט פון פיינד שטיצע בעטען.

12 אַלע דיינע פעסטונגען וועלען זיין ווי צייטיגע פייגען — אַז מען גיט נאָר דעם בוים אַ טרייסעל פאַלען זיי אַראָב גלייך אין מויל צום עסער.

13 דיין פאָלק צווישען דיר זיינען שוואַך ווי פרויען, עס זיינען פאַר׳ן פיינד אויפגעעפענט געוואָרען די טויערען פון דיין לאַנד נאָכדעם ווי אַ פייער האָט דיינע רינגלען פערברענט.

14 שעפּ זיך אָן וואַסער אויף די בעלאַגערונגס־צייט, פערשטאַרק דיינע פעס־טונגען ; טרעט דעם לעהם. פּרעס די צעמענט, האַלט פעסט די ציעגעל־פאָרם.

15 דאָרט וועט דיר אַ פייער פערברענען, אַ שווערד וועט דיר פערניכטען ; עס וועט דיר אַרומעסען ווי אַ היישעריג זאַגאַר אויב דו וועסט פיעל־צאָהליג זיין ווי די קעפער אָדער ווי די היישעריגען.

16 דיינע געשעפטס לייט וואָס זיינען צאָהלרייך, מעהר ווי שטערען אין הימעל, וועלען זיך צושפּרייטען ווי היישעריגען און אוועקפליהען פון דיר.

17 דיינע קרוינטרעגער וועלען זיין ווי היישעריקען און דיינע פיהרער ווי אַ פערזאַמלונג פון היישעריגען, וועלכע ליעגען אין די שפּאַלטען אין אַ קאַלטען טאָג, אָבער ווי די זון שיינט אויף וואַנדערן זיי אַוועק און מען ווייס ניט וואוהין.

18 עס שלאָפען דיינע הירטען. קעניג פון אשור, דיינע מעכטיגע רוהען זיך אין זייערע וואָהנונגען, דיין פאָלק נאָר איז צושפּרייט אויף די בערג און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל זיי צונויפקלייבען.

19 ניעמאַנד לינדערט דיין בראָך, קיינעם אַרט דיין קראַנקהייט. יעדער וואָס האָט וועגען דיר געהערט האָט מיט׳ן האַנד געקלאַפּט, וואָרום וועמען האָט דיין שלעכטס ניט געגרייכט ?

# חבקוק

## קאַפּיטעל א

1 אַ פאָרטראַג וואָס חבקוק דער נביא האָט פאָראויס געזעהען.

2 ביז וואַנען, גאָט, וועל איך דיר בעטען און דו וועסט ניט הערען ? ווי לאַנג וועל איך צו דיר שרייען וועגען רויב און דו וועסט ניט העלפען ?

3 וואָרום ווייזטו מיר אונרעכט און זעהסט צו מיין עלענד ? רויב און גע־וואַלד־טהאַטען (ניצט מען) קעגען מיר, און וואו עס ברעכט אויס אַ קריעג פלאַמט אַ שטרייטעריי.

4 דערפאַר הערט אויף דאָס געזעץ און עס קומט קיינמאָל אַרויס גערעכטיג־קייט ; זינד דער פערברעכער רינגעלט אַרום דעם פרומען, קומט דער ריכטיגער אורטהייל אַרויס קרום.

5 קוקט אויף די פעלקער, זעהט און ווערט פערוואונדערט ! אַ טהאַט ער־שיינט אין אייער צייט, איהר וואָלט עס ניט גלויבען אַז מען וואָלט אייך דערצעהלען.

6 איך וועל ערהויבען די כשדים, דאָס ביטערע און איבעראיילטע פאָלק, וועלכע וואַנדערט אַרום איבער דער ברייטער וועלט צו עראָבערען בעזי־צונגען וואָס געהערען ניט צו איהם.

לֹּא־לוֹ׃ אָיֹם וְנוֹרָא הוּא מִמֶּנּוּ מִשְׁפָּטוֹ וּשְׂאֵתוֹ יֵצֵא׃ 7
וְקַלּוּ מִנְּמֵרִים סוּסָיו וְחַדּוּ מִזְּאֵבֵי עֶרֶב וּפָשׁוּ פָּרָשָׁיו 8
וּפָרָשָׁיו מֵרָחוֹק יָבֹאוּ יָעֻפוּ כְּנֶשֶׁר חָשׁ לֶאֱכוֹל׃ כֻּלֹּה 9
לְחָמָס יָבוֹא מְגַמַּת פְּנֵיהֶם קָדִימָה וַיֶּאֱסֹף כַּחוֹל שֶׁבִי׃
וְהוּא בַּמְּלָכִים יִתְקַלָּס וְרֹזְנִים מִשְׂחָק לוֹ הוּא לְכָל־מִבְצָר י
יִשְׂחָק וַיִּצְבֹּר עָפָר וַיִּלְכְּדָהּ׃ אָז חָלַף רוּחַ וַיַּעֲבֹר וְאָשֵׁם 11
זוּ כֹחוֹ לֵאלֹהוֹ׃ הֲלוֹא אַתָּה מִקֶּדֶם יְהוָה אֱלֹהַי קְדֹשִׁי 12
לֹא נָמוּת יְהוָה לְמִשְׁפָּט שַׂמְתּוֹ וְצוּר לְהוֹכִיחַ יְסַדְתּוֹ׃
טְהוֹר עֵינַיִם מֵרְאוֹת רָע וְהַבִּיט אֶל־עָמָל לֹא תוּכָל לָמָּה 13
תַבִּיט בּוֹגְדִים תַּחֲרִישׁ בְּבַלַּע רָשָׁע צַדִּיק מִמֶּנּוּ׃ וַתַּעֲשֶׂה 14
אָדָם כִּדְגֵי הַיָּם כְּרֶמֶשׂ לֹא־מֹשֵׁל בּוֹ׃ כֻּלֹּה בְּחַכָּה הֵעֲלָה טו
יְגֹרֵהוּ בְחֶרְמוֹ וְיַאַסְפֵהוּ בְּמִכְמַרְתּוֹ עַל־כֵּן יִשְׂמַח וְיָגִיל׃
עַל־כֵּן יְזַבֵּחַ לְחֶרְמוֹ וִיקַטֵּר לְמִכְמַרְתּוֹ כִּי בָהֵמָּה שָׁמֵן 16
חֶלְקוֹ וּמַאֲכָלוֹ בְּרִאָה׃ הַעַל כֵּן יָרִיק חֶרְמוֹ וְתָמִיד לַהֲרֹג 17
גּוֹיִם לֹא יַחְמוֹל׃

## ב CAP. II. ב

עַל־מִשְׁמַרְתִּי אֶעֱמֹדָה וְאֶתְיַצְּבָה עַל־מָצוֹר וַאֲצַפֶּה לִרְאוֹת א
מַה־יְּדַבֶּר־בִּי וּמָה אָשִׁיב עַל־תּוֹכַחְתִּי׃ וַיַּעֲנֵנִי יְהוָה 2
וַיֹּאמֶר כְּתוֹב חָזוֹן וּבָאֵר עַל־הַלֻּחוֹת לְמַעַן יָרוּץ קוֹרֵא בוֹ׃
כִּי עוֹד חָזוֹן לַמּוֹעֵד וְיָפֵחַ לַקֵּץ וְלֹא יְכַזֵּב אִם־יִתְמַהְמַהּ 3
חַכֵּה־לוֹ כִּי־בֹא יָבֹא לֹא יְאַחֵר׃ הִנֵּה עֻפְּלָה לֹא־יָשְׁרָה 4
נַפְשׁוֹ בּוֹ וְצַדִּיק בֶּאֱמוּנָתוֹ יִחְיֶה׃ וְאַף כִּי־הַיַּיִן בֹּגֵד גֶּבֶר ה
יָהִיר וְלֹא יִנְוֶה אֲשֶׁר הִרְחִיב כִּשְׁאוֹל נַפְשׁוֹ וְהוּא כַמָּוֶת
וְלֹא יִשְׂבָּע וַיֶּאֱסֹף אֵלָיו כָּל־הַגּוֹיִם וַיִּקְבֹּץ אֵלָיו כָּל־הָעַמִּים׃
הֲלוֹא־אֵלֶּה כֻלָּם עָלָיו מָשָׁל יִשָּׂאוּ וּמְלִיצָה חִידוֹת לוֹ 6
וְיֹאמַר הוֹי הַמַּרְבֶּה לֹּא־לוֹ עַד־מָתַי וּמַכְבִּיד עָלָיו עַבְטִיט׃
הֲלוֹא פֶתַע יָקוּמוּ נֹשְׁכֶיךָ וְיִקְצוּ מְזַעְזְעֶיךָ וְהָיִיתָ לִמְשִׁסּוֹת 7

לָמוֹ

v. 10 v. קמץ בז״ק   ב׳ v. 6. 9. v. קמץ בז״ק

7 ער איז פורכטבאר און שרעקליך, ער שאפט זיך זעלבסט רעכט און עהרע.
8 זיינע פערד זיינען פלינקער אלס טיגערן און בייזער אלס אווענד־וועלף; זיינע רייטער זיינען צאהלרייך, פון גאנץ ווייט קומען זיי, זיי פליהען ווי אן אדלער וואס איילט זיך צו עסען.
9 זיי אלע קומען צוליעב רויב, זייער שטרעבען איז פארווערטס, אום איינ־צוזאמלען געפאנגענע פיעל ווי זאמד.
10 ער מאכט שפאס פון קעניגע און פירסטען לאכט ער אויס, ער לאכט פון יעדער פעסטונג — ער מאכט א בארג פון ערד און נעהמט איהר איין,
11 און דאן געהט ער אוועק ווי א ווינד און צושטערט ווייטער — אזוי איז זיין געטליכע קראפט!
12 דו, מיין הייליגער גאט, ביזט דאך דער אור־אלטער גאט, ווארום זאלען מיר אויסשטארבען? דו גאט האסט איהם נאר צום אורטהייל אנגעשטעלט און אלס א שטראפשטיין געזעצט.
13 דיינע אויגען זיינען צו ריין אנצוקוקען שלעכטס, זעהן עלענד קענסטו דאך ניט — ווי קוקסטו אן די טריילאזע? פאר וואס שווייגסטו ווען דער פערברעכער שלינגט דעם וואס איז גערעכט קעגען איהם?
14 דו האסט געמאכט מענשען ווי פיש אין ים, ווי ווערים וואס האבען קיין הערשער אויף זיך.
15 אלע ווערען מיט'ן נעץ ארויפגעשלעפט, מען קלייבט זיי צוזאמען אין חאפ־נעץ, זאל ער דערמיט פרעהלאך און צופריעדען זיין?
16 ער (דער פישער) אפפערט דערפאר צו זיין נעץ און רויכערט צו זיין חאפ־נעץ, ווארום דורך זיי איז זיין פעלד פעט און זיין שפייז קרעפטיג.
17 דערפאר לעדיגט ער אימער זיין נעץ און וויל אימער הרג'ענען פעלקער אונערבארעמליך.

## קאפיטעל ב

1 איך שטעה אויף מיין וואכפלאץ, איך שטעה אויפ'ן פעסטונג און ווארט, אום צו זעהען וואס וועט ער צו מיר רעדען און וואס וועט ער ענטפערען אויף מיין איבערצייגונג.
2 האט מיר גאט געענטפערט און געזאגט: פערשרייב דאס פאראויסזעהונג און ערקלעהר אויף די טאפלען אז מען זאל דאס קענען שנעל לעזען.
3 אבוואהל עס איז נאך פיעל צייט ביז דאס פאראויסזעהונג, און עס רעדט זיך וועגען א שפעטיגערע צייט, דאך וועט עס ניט אנדערש זיין. אויב עס וועט זיך פערציהען מוזטו געדולד האבען, ווארום עס וועט דאך קומען — עס וועט ניט אנדערש ווערען.
4 דער איבעראיילטער קען זיין פערלאנג ניט בעהערשען, דער פרומער אבער לעבט מיט זיין גלויבען.
5 זעלבסטפערשטענדליך אז פון טריילאזען ווייו ווערט א מענש שטאלץ און אונגעזעלשאפטליך, ווי דער וואס מאכט זיין פערלאנג גיריג ווי די העלל און אונזעטיג ווי דער טויט, וועלכער נעהמט אריין צו זיך אלע פעלקער און זאמעלט איין צו זיך אלע נאציאנען.
6 וועלען ניט די אלע אויף איהם א שפריכווארט זאגען אדער א רעטזעל־האפטען אויסשפרוך? מען וועט זאגען: „וועה דעם וואס זאמעלט פיעל ניט פאר זיך, ביז ער שטארבט און די דיקע ערד דריקט אויף איהם?!
7 אונערוואורטעט וועלען זיך אויפהויבען דיינע בייסער, עס וועלען זיך ער־וואכען דיינע רוהעשטערער און דו וועסט זיין רויב ווערען.

8 לָֽמוֹ׃ כִּֽי־אַתָּה֙ שַׁלּ֙וֹתָ֙ גּוֹיִ֣ם רַבִּ֔ים יְשָׁלּ֖וּךָ כָּל־יֶ֣תֶר עַמִּ֑ים
9 מִדְּמֵ֤י אָדָם֙ וַחֲמַס־אֶ֔רֶץ קִרְיָ֖ה וְכָל־יֹ֥שְׁבֵי בָֽהּ׃ ה֗וֹי
בֹּצֵ֛עַ בֶּ֥צַע רָ֖ע לְבֵית֑וֹ לָשׂ֤וּם בַּמָּרוֹם֙ קִנּ֔וֹ לְהִנָּצֵ֖ל מִכַּף־רָֽע׃
י יָעַ֥צְתָּ בֹּ֖שֶׁת לְבֵיתֶ֑ךָ קְצוֹת־עַמִּ֥ים רַבִּ֖ים וְחוֹטֵ֥א נַפְשֶֽׁךָ׃
11 כִּי־אֶ֖בֶן מִקִּ֣יר תִּזְעָ֑ק וְכָפִ֥יס מֵעֵ֖ץ יַעֲנֶֽנָּה׃
12 ה֛וֹי בֹּנֶ֥ה
13 עִ֖יר בְּדָמִ֑ים וְכוֹנֵ֥ן קִרְיָ֖ה בְּעַוְלָֽה׃ הֲל֣וֹא הִנֵּ֔ה מֵאֵ֖ת יְהוָ֣ה
צְבָא֑וֹת וְיִֽיגְע֤וּ עַמִּים֙ בְּדֵי־אֵ֔שׁ וּלְאֻמִּ֖ים בְּדֵי־רִ֥יק יִעָֽפוּ׃
14 כִּ֚י תִּמָּלֵ֣א הָאָ֔רֶץ לָדַ֖עַת אֶת־כְּב֣וֹד יְהוָ֑ה כַּמַּ֖יִם יְכַסּ֥וּ
טו עַל־יָֽם׃ ה֚וֹי מַשְׁקֵ֣ה רֵעֵ֔הוּ מְסַפֵּ֥חַ חֲמָתְךָ֖ וְאַ֣ף שַׁכֵּ֑ר
16 לְמַ֥עַן הַבִּ֖יט עַל־מְעוֹרֵיהֶֽם׃ שָׂבַ֨עְתָּ קָל֜וֹן מִכָּב֗וֹד שְׁתֵ֥ה
גַם־אַ֖תָּה וְהֵעָרֵ֑ל תִּסּ֣וֹב עָלֶ֗יךָ כּ֚וֹס יְמִ֣ין יְהוָ֔ה וְקִיקָל֖וֹן עַל־
17 כְּבוֹדֶֽךָ׃ כִּ֣י חֲמַ֤ס לְבָנוֹן֙ יְכַסֶּ֔ךָּ וְשֹׁ֥ד בְּהֵמ֖וֹת יְחִיתַ֑ן מִדְּמֵ֤י
18 אָדָם֙ וַחֲמַס־אֶ֔רֶץ קִרְיָ֖ה וְכָל־יֹ֥שְׁבֵי בָֽהּ׃ מָֽה־הוֹעִ֣יל פֶּ֗סֶל
כִּ֤י פְסָלוֹ֙ יֹצְר֔וֹ מַסֵּכָ֖ה וּמ֣וֹרֶה שָּׁ֑קֶר כִּ֣י בָטַ֞ח יֹצֵ֤ר יִצְרוֹ֙
19 עָלָ֔יו לַעֲשׂ֖וֹת אֱלִילִ֥ים אִלְּמִֽים׃ ה֣וֹי אֹמֵ֤ר לָעֵץ֙ הָקִ֔יצָה
ע֖וּרִי לְאֶ֣בֶן דּוּמָ֑ם ה֣וּא יוֹרֶ֔ה הִנֵּה־ה֗וּא תָּפוּשׂ֙ זָהָ֣ב וָכֶ֔סֶף
כ וְכָל־ר֖וּחַ אֵ֥ין בְּקִרְבּֽוֹ׃ וַֽיהוָ֖ה בְּהֵיכַ֣ל קָדְשׁ֑וֹ הַ֥ס מִפָּנָ֖יו
כָּל־הָאָֽרֶץ׃

## CAP. III. ג

ג

2 א תְּפִלָּ֖ה לַחֲבַקּ֣וּק הַנָּבִ֑יא עַ֖ל שִׁגְיֹנֽוֹת׃ יְהוָ֗ה שָׁמַ֣עְתִּי שִׁמְעֲךָ֮
יָרֵאתִי֒ יְהוָ֗ה פָּֽעָלְךָ֙ בְּקֶ֤רֶב שָׁנִים֙ חַיֵּ֔יהוּ בְּקֶ֥רֶב שָׁנִ֖ים
3 תּוֹדִ֑יעַ בְּרֹ֖גֶז רַחֵ֥ם תִּזְכּֽוֹר׃ אֱל֙וֹהַ֙ מִתֵּימָ֣ן יָב֔וֹא וְקָד֥וֹשׁ
מֵהַר־פָּארָ֖ן סֶ֑לָה כִּסָּ֤ה שָׁמַ֙יִם֙ הוֹד֔וֹ וּתְהִלָּת֖וֹ מָלְאָ֥ה
4 הָאָֽרֶץ׃ וְנֹ֙גַהּ֙ כָּא֣וֹר תִּהְיֶ֔ה קַרְנַ֥יִם מִיָּד֖וֹ ל֑וֹ וְשָׁ֖ם חֶבְי֥וֹן
ה עֻזֹּֽה׃ לְפָנָ֖יו יֵ֣לֶךְ דָּ֑בֶר וְיֵצֵ֥א רֶ֖שֶׁף לְרַגְלָֽיו׃ עָמַ֣ד ׀ וַיְמֹ֣דֶד
6 אֶ֗רֶץ רָאָה֙ וַיַּתֵּ֣ר גּוֹיִ֔ם וַיִּתְפֹּֽצְצוּ֙ הַרְרֵי־עַ֔ד שַׁח֖וּ גִּבְע֣וֹת
7 עוֹלָ֑ם הֲלִיכ֥וֹת עוֹלָ֖ם לֽוֹ׃ תַּ֣חַת אָ֔וֶן רָאִ֖יתִי אָהֳלֵ֣י כוּשָׁ֑ן

ירגזון

ב׳ v. 16. מלעיל ibid. למדנחאי אל v. 17. דח׳ בפתח v. 20. הפטרה ליום ב׳ של שבועות. v. 4. עז ‎

8 אזוי ווי דו האָסט פיעל פעלקער בערויבט, ווע‌לען די איבריגע פעלקער דיר בערויבען ; איבער דאָס מענשען בלוט און די גוואַלד־טהאַטען אינ׳ם לאַנד אין שטאָדט קעגען אַלע איהרע איינוואוינער.
9 וועה דעם פערברעכער וועלכער רויבט פאַר זיין הויז, אום צו מאַכען זיין נעסט אין דער הויך אָדער געראַטעט צו ווערען פון דער מאַכט פון שיקזאַל.
10 דו האָסט נאָר פאַר דיין אייגען הויז שאַנדע געפּלאַנט, די פערניכטונג פון פיעל פעלקער וועט דיר זעלבסט שטירצען.
11 וואָרום יעדער שטיין פון וואַנד שרייט (קעגען דיר) און די האָלץ פון קאַרניז ענטפערט איהר,
12 וועה דעם וואָס בויט אַ שטאָדט מיט בלוטפערגיעסונג און גרינדעט אַ שטאָדט אויף אונרעכט.
13 דאָס איז בעשלאָסען פונ׳ם גאָט פון אַרמעען, די פעלקער מיהען זיך און עס איז אויפ׳ן פייער, די נאַציאָנען מאַטערן זיך אומזאָנסט.
14 וואָרום די וועלט וועט פול ווערען מיט אַנערקענונג צו גאָט און זיין עהרע אזוי ווי וואַסער בעדעקט דעם ים.
15 וועה דעם וואָס בּטרינקט זיין פריינד, ער דערלאַנגט נאָך גיפט און בע־רוישענדעס, אום צו קוקען אויף זייער נאַקעטקייט.
16 דו ביזט זאַט מיט שאַנדע אָנשטאָט עהרע, טרינק דו אויך און ווער פער־גיפטעט ; יעצט וועט זיך אויף דיר אַרויפקעהרען דער גיפט בעכער פון גאָט׳ס מאַכט, עקעלהאַפט וועט דיין עהרע זיין.
17 די רויבער־באַנדעס פון לבנון וועלען דיר בעדעקען און דאָס שרייען פון די טהירע וועט דיר צוברעכען איבער דאָס מענשען־בלוט און די גוואַלד־טהאַטען אינ׳ם לאַנד און שטאָדט קעגען אַלע איהרע איינוואוינער.
18 וועלכע נוצען ברענגט דאָס בילד וואָס דער מייסטער מאַכט ? דער גע־גאָסענער בילד און דער פאַלשער לעהרער ? קען דער מייסטער צוטרויען האָבען צו זיינע האַנדווערק ווען ער מאַכט שטומע געצען ?
19 וועה צו דעם וואָס זאָגט צו אַ האָלץ : „וואַך אויף !״ צו אַ שטומען שטיין — „ערמונטער זיך !״ קען דאָס דיין וועגווייזער זיין ? ער איז נאָר בעלעגט מיט גאָלד און זילבער, אָבער קיין לעבהאַפט איז אין איהם ניטאָ.
20 אָבער ווען גאָט איז אין זיין הייליגען טעמפּעל שווייגט אויס עֲהרפורכט דאָס גאַנצע לאַנד.

## קאַפּיטעל ג

1 דאָס געבעט פון פּראָפעט חבקוק מיט בעגייסטערונג.
2 גאָט ! זינט איך האָב געהערט דיין רוהם בין איך אין שרעק ; אָ גאָט ! ערהאַלט דיין ווערק ביים לעבען אין יאָהרען פון נויטה, גיעב איהם אַנער־קענונג אין יאָהרען פון נויטה — אין צייט פון צאָרן דערמאָן מיטלייד.
3 ווען גאָט איז פון תימן געקומען און דער הייליגער — פונ׳ם בארג פּאָרן סלה איז דער הימעל בעדעקט געווען מיט זיין פּראַכט און די גאַנצע ערד איז פול געוועזן מיט זיין רוהם.
4 עס איז געווען אַ העללער שיין ווי זונענליכט, שטראַהלען זיינען דערפון אַרויס — דאָרטען איז זיין מאַכט בעהאַלטען.
5 פאַראויס געהט איהם אַ פּעסט און הינטער איהם געהט אַ פּלאָם.
6 שטעלט ער זיך אַוועק וואַנקט די ערד, גיט ער אַ קוק און פעלקער צי־טערן, די אוראַלטע בערג ווערען צושפּליטערט, די אייביג אַלטע בערג בייגען זיך איין, אזוי איז זיין אויפפיהרונג פון אייביג אָן.
7 פאַר זייער פערברעכען האָב איך געזעהען אַז די געצעלטען פון כוש

יִרְגְּזוּן יְרִיעוֹת אֶרֶץ מִדְיָן׃ הֲבִנְהָרִים חָרָה יְהוָה אִם 8
בַּנְּהָרִים אַפֶּךָ אִם־בַּיָּם עֶבְרָתֶךָ כִּי תִרְכַּב עַל־סוּסֶיךָ
מַרְכְּבֹתֶיךָ יְשׁוּעָה׃ עֶרְיָה תֵעוֹר קַשְׁתֶּךָ שְׁבֻעוֹת מַטּוֹת 9
אֹמֶר סֶלָה נְהָרוֹת תְּבַקַּע־אָרֶץ׃ רָאוּךָ יָחִילוּ הָרִים זֶרֶם י
מַיִם עָבָר נָתַן תְּהוֹם קוֹלוֹ רוֹם יָדֵיהוּ נָשָׂא׃ שֶׁמֶשׁ יָרֵחַ 11
עָמַד זְבֻלָה לְאוֹר חִצֶּיךָ יְהַלֵּכוּ לְנֹגַהּ בְּרַק חֲנִיתֶךָ׃ בְּזַעַם 12
תִּצְעַד־אָרֶץ בְּאַף תָּדוּשׁ גּוֹיִם׃ יָצָאתָ לְיֵשַׁע עַמֶּךָ לְיֵשַׁע 13
אֶת־מְשִׁיחֶךָ מָחַצְתָּ רֹּאשׁ מִבֵּית רָשָׁע עָרוֹת יְסוֹד עַד־
צַוָּאר סֶלָה׃ נָקַבְתָּ בְמַטָּיו רֹאשׁ פְּרָזָו יִסְעֲרוּ לַהֲפִיצֵנִי 14
עֲלִיצֻתָם כְּמוֹ־לֶאֱכֹל עָנִי בַּמִּסְתָּר׃ דָּרַכְתָּ בַיָּם סוּסֶיךָ חֹמֶר טו
מַיִם רַבִּים׃ שָׁמַעְתִּי ׀ וַתִּרְגַּז בִּטְנִי לְקוֹל צָלֲלוּ שְׂפָתַי יָבוֹא 16
רָקָב בַּעֲצָמַי וְתַחְתַּי אֶרְגָּז אֲשֶׁר אָנוּחַ לְיוֹם צָרָה לַעֲלוֹת
לְעַם יְגוּדֶנּוּ׃ כִּי־תְאֵנָה לֹא־תִפְרָח וְאֵין יְבוּל בַּגְּפָנִים כִּחֵשׁ 17
מַעֲשֵׂה־זַיִת וּשְׁדֵמוֹת לֹא־עָשָׂה אֹכֶל גָּזַר מִמִּכְלָה צֹאן וְאֵין
בָּקָר בָּרְפָתִים׃ וַאֲנִי בַּיהוָה אֶעְלוֹזָה אָגִילָה בֵּאלֹהֵי יִשְׁעִי׃ 18
יְהוִה אֲדֹנָי חֵילִי וַיָּשֶׂם רַגְלַי כָּאַיָּלוֹת וְעַל־בָּמוֹתַי יַדְרִכֵנִי 19
לַמְנַצֵּחַ בִּנְגִינוֹתָי׃

# צפניה

# LIBER ZEPHANIÆ.

## CAPUT I. א

דְּבַר־יְהוָה ׀ אֲשֶׁר הָיָה אֶל־צְפַנְיָה בֶּן־כּוּשִׁי בֶן־גְּדַלְיָה א
בֶּן־אֲמַרְיָה בֶּן־חִזְקִיָּה בִּימֵי יֹאשִׁיָּהוּ בֶן־אָמוֹן מֶלֶךְ יְהוּדָה׃
2 3 אָסֹף אָסֵף כֹּל מֵעַל פְּנֵי הָאֲדָמָה נְאֻם־יְהוָה׃ אָסֵף
אדם

בּ׳ v. 13. ר׳ דגשה  v. 14. פרוז קרי  v. 17. קמץ ברביע  v. 19. עד כאן

2 אין ערשט׳ן וואגען זיינען איינגעשפאנט רויטע פערד אין צווייטען וואַגען — שוואַרצע פערד.

3 אין דריטען וואגען — ווייסע ווערד, אין פיערטען וואגען — אש־פאַרביגע פערד און מיט פלעקען.

4 איך האָב אויסגעשריען און געזאָגט צום מלאך וואָס רעדט מיט מיר: „וואָס בעדייטען דיעזע, מיין העדר?"

5 האָט מיר דער מלאך געענטפערט און געזאָגט: „דאָס קומען זיך צוזאמען די פיער זייטען פון הימעל, וועלכע זיינען (צום געריכט) געשטאַנען פיר דעם הערן פון דער גאנצער וועלט,

6 (דער וואגען) אין וועלכען עס זיינען איינגעשפאנט די שוואַרצע פערד געהט אין צפון־לאנד און די ווייסע געהען זיי נאָך, די געפלעקטע געהען צום דרום־לאנד,

7 און די אש־פאַרביגע זיינען אַוועק, זיי האָט זיך געוואָלט אַוועק געהן און דורכצוגעהן דאָס לאנד, האָט ער זיי געזאָגט: „געהט אייך איבער׳ן לאנד!" און זיי זיינען אַוועק איבער׳ן לאנד.

8 דאן האָט ער צו מיר הויך געשריען און גערעדט צו מיר זאָגענדיג: בעטראַכט! די וואָס זיינען אַוועק אין צפון־לאנד האָבען מיר צופריעדען געשטעלט אין צפון־לאַנד.

9 און גאָט׳ס וואָרט איז געוועזען צו מיר אַזוי צו זאָגען:

10 נעהם פון די אויסגעוואנדערטע — פון חלדי, טוביה און ידעיה, [דעם זעלבינען טאָג זאָלסטו געהן און קומען אינ׳ם הויז פון יאשיה צפניה׳ס זוהן] וואָס זיינען געקומען פון בבל,

11 און נעהם זילבער און גאָלד און מאך קרוינען, דו זאָלסט איינע פון זיי ארויפלעגען אויפ׳ן קאָפּ פון יהושע, יהוצדק׳ס זוהן, דעם אָבער־כהן,

12 און זאָלסט צו איהם אַזוי זאָגען: אַזוי זאָגט גאָט פון ארמעען — דער מאַן וועמען מען רופט צמח וועט פון זיך זעלבסט אויפוואקסען און וועט בויען גאָט׳ס טעמפעל.

13 אז ער וועט גאָט׳ס טעמפעל בויען וועט ער אַזאַ גלאַנץ בעזיצען אז ער וועט אויפ׳ן טראָהן זיצען און רעגירען און דער כהן וועט זיך אויף זיין שטוהל זיין, צווישען זיי וועט אימער אַ פריעדען־ראַטה זיין.

14 די איבריגע קרוינען זאָלען זיין פאַר חלם, טוביה, ידעיה און חן, צפניה׳ס זוהן, אלס אנדענקונג אין גאָט׳ס הויז.

15 זאָגאר פון ווייטע לענדער וועט מען קומען און בויען גאָט׳ס טעמפעל, אום איהר זאָלט וויסען אַז גאָט פון ארמעען האָט מיר געשיקט צו אייך. דאָס אלץ וועט זיין אויב איהר וועט הערען און געהאָרכען די שטימע פון עווינען, אייער גאָט.

## קאַפּיטעל ז

1 אין פיערטען יאָהר פון קעניג דריוש איז גאָט׳ס וואָרט געוועזען צו זכריה׳ן, אין פיערטען טאָג פון נײַנטען מאָנאט כסלו,

2 דאן האָט מען געשיקט אין גאָט׳ס הויז שראצר, רגם־מלך מיט אייניגע מענשען גאָט צו בעטען.

3 לֵאמֹר אֶל־הַכֹּהֲנִים אֲשֶׁר לְבֵית־יְהוָה צְבָאוֹת וְאֶל־הַנְּבִיאִים
לֵאמֹר הַאֶבְכֶּה בַּחֹדֶשׁ הַחֲמִשִׁי הִנָּזֵר כַּאֲשֶׁר עָשִׂיתִי זֶה
4 כַּמֶּה שָׁנִים׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה צְבָאוֹת אֵלַי לֵאמֹר׃
ה אֱמֹר אֶל־כָּל־עַם הָאָרֶץ וְאֶל־הַכֹּהֲנִים לֵאמֹר כִּי־צַמְתֶּם
וְסָפוֹד בַּחֲמִישִׁי וּבַשְּׁבִיעִי וְזֶה שִׁבְעִים שָׁנָה הֲצוֹם צַמְתֻּנִי
6 אָנִי׃ וְכִי תֹאכְלוּ וְכִי תִשְׁתּוּ הֲלֹא אַתֶּם הָאֹכְלִים וְאַתֶּם
7 הַשֹּׁתִים׃ הֲלוֹא אֶת־הַדְּבָרִים אֲשֶׁר קָרָא יְהוָה בְּיַד
הַנְּבִיאִים הָרִאשֹׁנִים בִּהְיוֹת יְרוּשָׁלִַם יֹשֶׁבֶת וּשְׁלֵוָה וְעָרֶיהָ
8 סְבִיבֹתֶיהָ וְהַנֶּגֶב וְהַשְּׁפֵלָה יֹשֵׁב׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה
9 אֶל־זְכַרְיָה לֵאמֹר׃ כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת לֵאמֹר מִשְׁפַּט
י אֱמֶת שְׁפֹטוּ וְחֶסֶד וְרַחֲמִים עֲשׂוּ אִישׁ אֶת־אָחִיו׃ וְאַלְמָנָה
וְיָתוֹם גֵּר וְעָנִי אַל־תַּעֲשֹׁקוּ וְרָעַת אִישׁ אָחִיו אַל־תַּחְשְׁבוּ
11 בִּלְבַבְכֶם׃ וַיְמָאֲנוּ לְהַקְשִׁיב וַיִּתְּנוּ כָתֵף סֹרָרֶת וְאָזְנֵיהֶם
12 הִכְבִּידוּ מִשְּׁמוֹעַ׃ וְלִבָּם שָׂמוּ שָׁמִיר מִשְּׁמוֹעַ אֶת־הַתּוֹרָה
וְאֶת־הַדְּבָרִים אֲשֶׁר שָׁלַח יְהוָה צְבָאוֹת בְּרוּחוֹ בְּיַד
הַנְּבִיאִים הָרִאשֹׁנִים וַיְהִי קֶצֶף גָּדוֹל מֵאֵת יְהוָה צְבָאוֹת׃
13 וַיְהִי כַאֲשֶׁר־קָרָא וְלֹא שָׁמֵעוּ כֵּן יִקְרְאוּ וְלֹא אֶשְׁמָע אָמַר
14 יְהוָה צְבָאוֹת׃ וְאֵסָעֲרֵם עַל כָּל־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר לֹא־יְדָעוּם
וְהָאָרֶץ נָשַׁמָּה אַחֲרֵיהֶם מֵעֹבֵר וּמִשָּׁב וַיָּשִׂימוּ אֶרֶץ־
חֶמְדָּה לְשַׁמָּה׃

## CAP. VIII. ח

2 א וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה צְבָאוֹת לֵאמֹר׃ כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
קִנֵּאתִי לְצִיּוֹן קִנְאָה גְדוֹלָה וְחֵמָה גְדוֹלָה קִנֵּאתִי לָהּ׃
3 כֹּה אָמַר יְהוָה שַׁבְתִּי אֶל־צִיּוֹן וְשָׁכַנְתִּי בְּתוֹךְ יְרוּשָׁלִָם
וְנִקְרְאָה יְרוּשָׁלִַם עִיר הָאֱמֶת וְהַר־יְהוָה צְבָאוֹת הַר
4 הַקֹּדֶשׁ׃ כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת עֹד יֵשְׁבוּ זְקֵנִים
וּזְקֵנוֹת בִּרְחֹבוֹת יְרוּשָׁלִָם וְאִישׁ מִשְׁעַנְתּוֹ בְּיָדוֹ מֵרֹב יָמִים׃

ורחבות

ק v. 13. קמץ בז״ק

3 צו זאָגען צו די כהנים וואָס אין גאָט'ס הויז און צו די נביאים אַזוי צו זאָ־גען : „זאָל איך טרויערן אין פינפטען מאָנאַט און ּפון אַלץ צוריקציהען זיך ווי איך האָב געטהאָן שוין פיעלע יאָהרען ?"

4 דאן איז דאָס וואָרט פון גאָט פון ארמעען געוועזן צו מיר אַזוי צו זאָגען :

5 זאָג צו דעם גאַנצען פאָלק פון לאַנד אויך צו די כהנים, פאָלגענדעס : אַז איהר האָט געפאַסט און געקלאָגט אין פינפטען מאָנאַט און אין זיעבע־טען אין פערלויף פון זיעבציג יאָהר, האָט איהר דען צוליעב מיר גע־פאַסט ?

6 און ווען איהר עסט און טרינקט, זייט איהר זעלבסט ניט די עסער און טרינקער ?

7 זיינען דאָס ניט די ווערטער וואָס גאָט האָט אויסגערופען דורך די ערשטע נביאים, ווען ירושלים איז רוהיג בעזעצט געווען, אויך איהרע שטעדט ארום איהר, ווען אויך דער דרום־זייט און ניעדער לאַנד זיינען בעזעצט געווען ?

8 און גאָט'ס וואָרט איז געווען צו זכריה'ן אַזוי צו זאָגען :

9 אַזוי זאָגט גאָט פון ארמעען — ריכטעט מיט גערעכטיגקייט, טהוט גנאָדע און בארעמהערציגקייט איינער מיט דעם צווייטען.

10 אַן אַלמנה אָדער א יתום, אַ פרעמדלינג אָדער אַן ארימאַן זאָלט איהר ניט בעדריקען ; קיינער פון אייך זאָל אויפ'ן צווייטען קיין שלעכטס טראַגען אין הארצען.

11 זיי האָבען אָבער ניט געוואָלט הערען, זיי האָבען אָבגעקעהרט דעם שול־טער און פערשטאָפּט זייערע אויערן אום ניט צו הערען.

12 אויך זייער האַרץ האָבען זיי האַרט געמאַכט ווי שטיין אום ניט צו הערען די לעהרע און די רייד וועלכע גאָט פון ארמעען האָט מיט זיין ווילען גע־שיקט דורך די פריהערדיגע נביאים ; דערפאַר איז גרויס געווען דער צאָרן פון גאָט פון ארמעען.

13 דער רעזולטאַט איז געווען — אַז גאָט פון ארמעען האָט געזאָגט : „אַזוי ווי ווען איך האָב גערופען האָבען זיי ניט געהערט, אַזוי וועל איך ניט הערען ווען זיי וועלען רופען."

14 איך האָב זיי מיט אַ שטורם פערוואָרפען אונטער אַלע פעלקער פון וועלכע זיי האָבען ניט געוואוסט, און דאָס לאַנד איז נאָך זיי געבליבען לעדיג פון דורכרייזענדע ; זיי האָבען אַ ליעבליכעס לאַנד צו וויסט געמאַכט.

## קאַפּיטעל ח

1 דאָס וואָרט פון גאָט פון ארמעען איז געווען אַזוי צו זאָגען :

2 אַזוי זאָגט גאָט פון ארמעען — איך נעהם זיך אָן פאַר ציון מיט גרויס איי־פער, און מיט גרויס צאָרן נעהם איך זיך אָן פאַר איהר.

3 אַזוי זאָגט גאָט : איך קעהר זיך צו ציון און וועל וואוינען אין ירושלים, דאַן וועט זיך ירושלים רופען די שטאָדט פון וואהרהייט, און דער באַרג פון גאָט פון ארמעען — דער הייליגער באַרג.

4 אַזוי זאָגט גאָט פון ארמעען : עס וועלען נאָך זיצען אַלטע מענער און אַלטע פרויען אין די ברייטע גאַסען פון ירושלים, יעדער פון זיי וועט האַלטען זיין שטעקען אין האַנד פון גרויס עלטער.

וּרְחֹב֤וֹת הָעִיר֙ יִמָּ֣לְא֔וּ יְלָדִ֖ים וִֽילָד֑וֹת מְשַׂחֲקִ֖ים בִּרְחֹבֹתֶֽיהָ׃ ה
כֹּ֣ה אָמַר֮ יְהוָ֣ה צְבָאוֹת֒ כִּ֣י יִפָּלֵ֗א בְּעֵינֵי֙ שְׁאֵרִית֙ 6
הָעָ֣ם הַזֶּ֔ה בַּיָּמִ֖ים הָהֵ֑ם גַּם־בְּעֵינַי֙ יִפָּלֵ֔א נְאֻ֖ם יְהוָ֥ה צְבָאֽוֹת׃
כֹּ֤ה אָמַר֙ יְהוָ֣ה צְבָא֔וֹת הִנְנִ֥י מוֹשִׁ֛יעַ אֶת־עַמִּ֖י מֵאֶ֣רֶץ 7
מִזְרָ֑ח וּמֵאֶ֖רֶץ מְב֥וֹא הַשָּֽׁמֶשׁ׃ וְהֵבֵאתִ֣י אֹתָ֔ם וְשָׁכְנ֖וּ בְּת֣וֹךְ 8
יְרוּשָׁלִָ֑ם וְהָיוּ־לִ֣י לְעָ֗ם וַֽאֲנִ֞י אֶהְיֶ֤ה לָהֶם֙ לֵֽאלֹהִ֔ים בֶּאֱמֶ֖ת
וּבִצְדָקָֽה׃ כֹּֽה־אָמַ֞ר יְהוָ֣ה צְבָא֗וֹת תֶּחֱזַ֙קְנָה֙ יְדֵיכֶ֔ם 9
הַשֹּׁמְעִים֙ בַּיָּמִ֣ים הָאֵ֔לֶּה אֵ֚ת הַדְּבָרִ֣ים הָאֵ֔לֶּה מִפִּי֙ הַנְּבִיאִ֔ים
אֲשֶׁ֗ר בְּיוֹם֙ יֻסַּ֣ד בֵּית־יְהוָ֣ה צְבָא֔וֹת הַהֵיכָ֖ל לְהִבָּנֽוֹת׃ כִּ֗י י
לִפְנֵי֙ הַיָּמִ֣ים הָהֵ֔ם שְׂכַ֤ר הָאָדָם֙ לֹ֣א נִֽהְיָ֔ה וּשְׂכַ֥ר הַבְּהֵמָ֖ה
אֵינֶ֑נָּה וְלַיּוֹצֵ֨א וְלַבָּ֜א אֵין־שָׁל֗וֹם מִן־הַצָּ֔ר וַאֲשַׁלַּ֥ח אֶת־כָּל־
הָאָדָ֖ם אִ֥ישׁ בְּרֵעֵֽהוּ׃ וְעַתָּ֗ה לֹ֤א כַיָּמִים֙ הָרִ֣אשֹׁנִ֔ים אֲנִ֖י 11
לִשְׁאֵרִ֣ית הָעָ֣ם הַזֶּ֑ה נְאֻ֖ם יְהוָ֥ה צְבָאֽוֹת׃ כִּי־זֶ֣רַע הַשָּׁל֗וֹם 12
הַגֶּ֜פֶן תִּתֵּ֣ן פִּרְיָ֗הּ וְהָאָ֙רֶץ֙ תִּתֵּ֣ן אֶת־יְבוּלָ֔הּ וְהַשָּׁמַ֖יִם יִתְּנ֣וּ
טַלָּ֑ם וְהִנְחַלְתִּ֗י אֶת־שְׁאֵרִ֛ית הָעָ֥ם הַזֶּ֖ה אֶת־כָּל־אֵֽלֶּה׃
וְהָיָ֡ה כַּאֲשֶׁר֩ הֱיִיתֶ֨ם קְלָלָ֜ה בַּגּוֹיִ֗ם בֵּ֣ית יְהוּדָה֮ וּבֵ֣ית 13
יִשְׂרָאֵל֒ כֵּ֚ן אוֹשִׁ֣יעַ אֶתְכֶ֔ם וִהְיִיתֶ֖ם בְּרָכָ֑ה אַל־תִּירָ֖אוּ
תֶּחֱזַ֥קְנָה יְדֵיכֶֽם׃ כִּ֣י כֹ֣ה אָמַ֮ר יְהוָ֣ה צְבָאוֹת֒ כַּאֲשֶׁ֨ר 14
זָמַ֜מְתִּי לְהָרַ֣ע לָכֶ֗ם בְּהַקְצִ֨יף אֲבֹתֵיכֶ֤ם אֹתִי֙ אָמַ֣ר יְהוָ֣ה
צְבָא֔וֹת וְלֹ֖א נִחָֽמְתִּי׃ כֵּ֤ן שַׁ֙בְתִּי֙ זָמַ֔מְתִּי בַּיָּמִ֖ים הָאֵ֑לֶּה טו
לְהֵיטִ֧יב אֶת־יְרוּשָׁלִַ֛ם וְאֶת־בֵּ֥ית יְהוּדָ֖ה אַל־תִּירָֽאוּ׃ אֵ֥לֶּה 16
הַדְּבָרִ֖ים אֲשֶׁ֣ר תַּעֲשׂ֑וּ דַּבְּר֤וּ אֱמֶת֙ אִ֣ישׁ אֶת־רֵעֵ֔הוּ אֱמֶת֙
וּמִשְׁפַּ֣ט שָׁל֔וֹם שִׁפְט֖וּ בְּשַׁעֲרֵיכֶֽם׃ וְאִ֣ישׁ ׀ אֶת־רָעַ֣ת רֵעֵ֗הוּ 17
אַֽל־תַּחְשְׁבוּ֙ בִּלְבַבְכֶ֔ם וּשְׁבֻ֥עַת שֶׁ֖קֶר אַל־תֶּאֱהָ֑בוּ כִּ֧י אֶת־
כָּל־אֵ֛לֶּה אֲשֶׁ֥ר שָׂנֵ֖אתִי נְאֻם־יְהוָֽה׃ וַיְהִ֥י דְּבַר־יְהוָ֛ה 18
צְבָא֖וֹת אֵלַ֥י לֵאמֹֽר׃ כֹּֽה־אָמַ֞ר יְהוָ֣ה צְבָא֗וֹת צ֣וֹם הָרְבִיעִ֡י 19
וְצ֣וֹם הַחֲמִישִׁ֡י וְצ֣וֹם הַ֠שְּׁבִיעִי וְצ֨וֹם הָעֲשִׂירִ֜י יִהְיֶ֧ה לְבֵית־
יְהוּדָ֛ה לְשָׂשׂ֥וֹן וּלְשִׂמְחָ֖ה וּלְמֹעֲדִ֣ים טוֹבִ֑ים וְהָאֱמֶ֥ת וְהַשָּׁל֖וֹם

5 די גאַסען פון שטאָדט וועלען פול זיין מיט קליינע אינגלאַך און קליינע מיידלאַך וואָס וועלען זיך שפּיעלען אין איהרע ברייטע גאַסען.

6 אַזוי זאָגט גאָט פון ארמעען : אַזוי ווי דאָ וועט אַ וואונדער זיין אין די אויגען פון די איבערגעבליבענע פון פאָלק אין יענער צייט. אַזוי וועט דאָס פאַר מיר אויך אַ וואונדער זיין — זאָגט גאָט פון ארמעען.

7 אַזוי זאָגט גאָט פון ארמעען : איך וועל רעטען מיין פאָלק פון די מזרח־לענדער און די לענדער וואו די זונן געהט אונטער.

8 איך וועל זיי צוזאַמענברענגען און זיי וועלען וואוינען אין ירושלים — זיי וועלען זיין מיין פאָלק מיט וואהרהייט, און איך וועל זיין זייער גאָט מיט טוגענד.

9 אַזוי זאָגט גאָט פון ארמעען : עס וועלען שטארק ווערען אייערע הענד ווען איהר וועט דאמאלס הערען דיעזע ווערטער פון די נביאים, אין דעם טאָג וואָס מען וועט דעם גרונדשטיין לעגען פון דאָס הויז פונ'ם גאָט פון ארמעען, אום דעם טעמפּעל צו בויען.

10 ווארום פאַר יענער צייט האָט דער מענש קיין פערדיענסט געהאַט, אויך האָט מען פאַר פיה קיין לוין בעקומען, עס איז פון פיינד קיין פריעדען געוועזען פאַר דעם אַרויסגעהער און אריינגעהער, און איך האָב אַלע מענ־שען אָנגערייצט איינעם אויף דעם אנדערן.

11 יעצט בין איך צו די איבריגע פון דיעזען פאָלק ניט ווי איך בין צו זיי אַ מאָל געוועזען.

12 קוים איז פערזעעהט פריעדען וועט דער וויינבוים געבען פרוכט, די ערד וועט איהרע געוויקסע געבען און דער הימעל וועט זיין טהוי געבען ; דאָס אַלץ וועל איך אַלס ערבטהייל געבען צו די איבערגעבליבענע פון דיעזען פאָלק.

13 ווען דאָס וועט געשעהען, איז אַזוי ווי איהר הויז פון ישראל זייט געוועזען אַ פלוך אונטער די פעלקער, אַזוי וועל איך אייך העלפען און איהר וועט זיין אַ בענשונג ; שרעקט זיך ניט און זאָלען אייערע הענד שטאַרק זיין.

14 ווארום אַזוי זאָגט גאָט פון ארמעען : אַזוי ווי איך האָב געדענקט אייך שלעכטס צו טהאָן, ווייל אייערע עלטערן האָבען מיר ערצאָרנט — זאָגט גאָט פון ארמעען — און האָב עס ניט בעדויערט,

15 אַזוי האָב איך זיך צוריק בעדענקט אין די טעג גוטס צו טהאָן מיט ירושלים און דאָס הויז יהודה, אַלזאָ שרעקט זיך ניט !

16 אָט וואָס איהר האָט צו טהאָן : רעדט די וואהרהייט איינער מיט דעם צווייטען, מיט וואהרהייט און פריעדענגעריכט ריכטעט אין אייערע שטעדט.

17 קיינער זאָל אויף דעם צווייטען שלעכטס טראַכטען אין הארצען, ליעבט ניט פאַלש שווערען, ווארום דאָס אַלץ האָב איך פיינד — זאָגט גאָט.

18 און דאָס וואָרט פון גאָט פון ארמעען איז געוועזען צו מיר אַזוי צו זאָגען :

19 אַזוי זאָגט גאָט פון ארמעען — דער פאַסט־טאָג פון פיערטען מאָנאַט, דער פאַסט־טאָג פון פינפטען מאָנאַט און דער פאַסט־טאָג פון צעהנטען מאָנאַט וועלען ווערען פאַר דאָס הויז יהודה טעג פון פרעהליכקייט און פריידע און גוטע צייטען ; איהר ליעבט נאָר וואהרהייט און פריעדען !

כ אֱהָבוּ׃ כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת עֹד אֲשֶׁר־יָבֹאוּ עַמִּים
21 וְיֹשְׁבֵי עָרִים רַבּוֹת׃ וְהָלְכוּ יוֹשְׁבֵי אַחַת אֶל־אַחַת לֵאמֹר
נֵלְכָה הָלוֹךְ לְחַלּוֹת אֶת־פְּנֵי יְהוָה וּלְבַקֵּשׁ אֶת־יְהוָה צְבָאוֹת
22 אֵלְכָה גַּם־אָנִי׃ וּבָאוּ עַמִּים רַבִּים וְגוֹיִם עֲצוּמִים לְבַקֵּשׁ
אֶת־יְהוָה צְבָאוֹת בִּירוּשָׁלָםִ וּלְחַלּוֹת אֶת־פְּנֵי יְהוָה׃
23 כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת בַּיָּמִים הָהֵמָּה אֲשֶׁר יַחֲזִיקוּ עֲשָׂרָה
אֲנָשִׁים מִכֹּל לְשֹׁנוֹת הַגּוֹיִם וְהֶחֱזִיקוּ בִּכְנַף אִישׁ יְהוּדִי
לֵאמֹר נֵלְכָה עִמָּכֶם כִּי שָׁמַעְנוּ אֱלֹהִים עִמָּכֶם׃

## CAP. IX. ט

ט

א מַשָּׂא דְבַר־יְהוָה בְּאֶרֶץ חַדְרָךְ וְדַמֶּשֶׂק מְנֻחָתוֹ כִּי לַיהוָה
2 עֵין אָדָם וְכֹל שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל׃ וְגַם־חֲמָת תִּגְבָּל־בָּהּ צֹר
3 וְצִידוֹן כִּי חָכְמָה מְאֹד׃ וַתִּבֶן צֹר מָצוֹר לָהּ וַתִּצְבָּר־כֶּסֶף
4 כֶּעָפָר וְחָרוּץ כְּטִיט חוּצוֹת׃ הִנֵּה אֲדֹנָי יוֹרִשֶׁנָּה וְהִכָּה
ה בַיָּם חֵילָהּ וְהִיא בָּאֵשׁ תֵּאָכֵל׃ תֵּרֶא אַשְׁקְלוֹן וְתִירָא וְעַזָּה
וְתָחִיל מְאֹד וְעֶקְרוֹן כִּי־הוֹבִישׁ מֶבָּטָהּ וְאָבַד מֶלֶךְ מֵעַזָּה
6 וְאַשְׁקְלוֹן לֹא תֵשֵׁב׃ וְיָשַׁב מַמְזֵר בְּאַשְׁדּוֹד וְהִכְרַתִּי גְּאוֹן
7 פְּלִשְׁתִּים׃ וַהֲסִרֹתִי דָמָיו מִפִּיו וְשִׁקֻּצָיו מִבֵּין שִׁנָּיו וְנִשְׁאַר
גַּם־הוּא לֵאלֹהֵינוּ וְהָיָה כְּאַלֻּף בִּיהוּדָה וְעֶקְרוֹן כִּיבוּסִי׃
8 וְחָנִיתִי לְבֵיתִי מִצָּבָה מֵעֹבֵר וּמִשָּׁב וְלֹא־יַעֲבֹר עֲלֵיהֶם עוֹד
9 נֹגֵשׂ כִּי־עַתָּה רָאִיתִי בְעֵינָי׃ גִּילִי מְאֹד בַּת־צִיּוֹן
הָרִיעִי בַּת־יְרוּשָׁלַםִ הִנֵּה מַלְכֵּךְ יָבוֹא לָךְ צַדִּיק וְנוֹשָׁע
י הוּא עָנִי וְרֹכֵב עַל־חֲמוֹר וְעַל־עַיִר בֶּן־אֲתֹנוֹת׃ וְהִכְרַתִּי־
רֶכֶב מֵאֶפְרַיִם וְסוּס מִירוּשָׁלַםִ וְנִכְרְתָה קֶשֶׁת מִלְחָמָה
וְדִבֶּר שָׁלוֹם לַגּוֹיִם וּמָשְׁלוֹ מִיָּם עַד־יָם וּמִנָּהָר עַד־אַפְסֵי־
11 אָרֶץ׃ גַּם־אַתְּ בְּדַם־בְּרִיתֵךְ שִׁלַּחְתִּי אֲסִירַיִךְ מִבּוֹר אֵין
12 מַיִם בּוֹ׃ שׁוּבוּ לְבִצָּרוֹן אֲסִירֵי הַתִּקְוָה גַּם־הַיּוֹם מַגִּיד
13 מִשְׁנֶה אָשִׁיב לָךְ׃ כִּי־דָרַכְתִּי לִי יְהוּדָה קֶשֶׁת מִלֵּאתִי

אפרים

ט v. 8. ה במקום א v. 9. מלרע ibid. ד

20 אזוי זאָגט גאָט פון ארמעען : עס וועט נאָך קומען אַ צייט וואָס פעלקער וועלען קומען און איינוואוינער פון פיעלע שטעדט,
21 און איינוואוינער פון איין שטאָדט וועלען געהן אין דער אנדער שטאָדט זאָגענדיג : קומט, לאָמיר געהן בעטען דעם עוויגען און זוכען דעם גאָט פון ארמעען, איך געה אויך !
22 און גרויסע פעלקער, און מעכטיגע נאציאָנען וועלען קומען אין ירושלים זוכען גאָט פון ארמעען און בעטען דעם עוויגען.
23 אזוי זאָגט גאָט פון ארמעען : אין יענע צייטען וועלען זיך צוזאמעננעהמען צעהן מענשען פון אלע שפּראכען און פעלקער, זיי וועלען אננעהמען אַ מאַן פון יהודה ביים ברעג קלייד און זאָגען : „מיר געהען מיט אייך, ווארום מיר האָבען געהערט אז גאָט איז מיט אייך.”

## קאַפּיטעל ט

1 אַ פּארטראג — גאָט'ס וואָרט אינ'ם לאנד חדרך און דמשק, זיין רוהע־אָרט : אַזוי ווי צו גאָט איז די אויג פון יעדען איינציגען מענשען, אזוי איז אויך צו אַלע שטאַמען ישראל'ס.
2 אויך חמת וואָס גרענצט זיך מיט איהר, צר אויך צידון, וועלכע איז זעהר קלוג.
3 צור האָט זיך אַ פעסטונג געבויט, זי האָט אנגעזאמעלט זילבער ווי זאמד און גוטעס גאָלד — ווי לעהם פון די גאסען.
4 גאָט אָבער וועט איהר פעראָרימען — איהר פערמעגען אויפ'ן ים וועט ער צושלאָגען, און וואָס זי האָט אויף דער ערד וועט אין פייער פער־ברענט ווערען.
5 אשקלון וועט עס זעהען און וועט זיך שרעקען, עזה וועט פערציטערט ווערען, אויך עקרון וואָס איהר אויסקוק האָט איהר צו שאַנדע גע־מאַכט ; עס וועט אונטערגעהן די קעניגרייך עזה און אשקלון וועט ניט מעהר בעזעצט ווערען.
6 אין אשדוד וועלען וואוינען אַלע אויסוואורפען און דעם שטאָלץ פון פלשתים וועל איך אויסראָטען.
7 איך וועל ארויסנעהמען זיינע בלוט־אָפּפער פון זיין מויל און זיינע העס־ליכקייטען פון זיינע צייהנער, ער וועט אויך בלייבען ביי אונזער גאָט און וועט זיין ווי אַ פירסט אין יהודה, עקרון וועט זיין ווי יבוסי.
8 איך וועל בעוואכען מיין הויז פון יעדער ארמעע און פון פערשידענע וואנ־דערער, קיין בעדריקער וועט זיי ניט פערבייגעהן, איך וועל שוין גוט קוקען מיט מיינע אויגען.
9 זיי זעהר פרעהליך, ציון'ס־טאָכטער ! יובעל, ירושלים'ס־טאָכטער ! אָט קומט דיין קעניג צו דיר, גערעכט און זיעגרייך איז ער, בעשיעדען און רייט אויף אַן עזעל אָדער אַן יונגען עזעל־קינד.
10 איך וועל אויסראָטען וועגען פון אפרים און פערד פון ירושלים, עס וועט ניט מעהר עקזיסטירען דער קריעגס בויגען ; ער וועט איינפיהרען פריעדען אונטער די פעלקער, זיין הערשונג וועט זיין פון ים ביז ים, און פון טייך ביז עק וועלט.
11 אויך דיינע געבונדענע שיק איך ארויס פונ'ם גרוב אין וועלכען עס איז קיין וואסער, צוליעב דיין בלוט־פערבינדונג.
12 קעהרט זיך צום פעסטונג, איהר מיט האָפנונג פערבונדענע, היינט וועל איך דיר אַ דאָפּעלטע נאָכריכט ברענגען.
13 דו, יהודה, האָסט פאר מיר דעם בויגען געטראגען, אפרים האָט עס מיט

אֶפְרַיִם וְעוֹרַרְתִּי בָנַיִךְ צִיּוֹן עַל־בָּנַיִךְ יָוָן וְשַׂמְתִּיךְ כְּחֶרֶב
גִּבּוֹר׃ וַיהוָה עֲלֵיהֶם יֵרָאֶה וְיָצָא כַבָּרָק חִצּוֹ וַאדֹנָי יֱהוִֹה 14
בַּשּׁוֹפָר יִתְקָע וְהָלַךְ בְּסַעֲרוֹת תֵּימָן׃ יְהוָה צְבָאוֹת יָגֵן טו
עֲלֵיהֶם וְאָכְלוּ וְכָבְשׁוּ אַבְנֵי־קֶלַע וְשָׁתוּ וְהָמוּ כְּמוֹ־יָיִן
וּמָלְאוּ כַּמִּזְרָק כְּזָוִיּוֹת מִזְבֵּחַ׃ וְהוֹשִׁיעָם יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם 16
בַּיּוֹם הַהוּא כְּצֹאן עַמּוֹ כִּי אַבְנֵי־נֵזֶר מִתְנוֹסְסוֹת עַל־
אַדְמָתוֹ׃ כִּי מַה־טּוּבוֹ וּמַה־יָּפְיוֹ דָּגָן בַּחוּרִים וְתִירוֹשׁ 17
יְנוֹבֵב בְּתֻלוֹת׃

## י CAP. X. י

שַׁאֲלוּ מֵיְהוָה מָטָר בְּעֵת מַלְקוֹשׁ יְהוָה עֹשֶׂה חֲזִיזִים א
וּמְטַר־גֶּשֶׁם יִתֵּן לָהֶם לְאִישׁ עֵשֶׂב בַּשָּׂדֶה׃ כִּי הַתְּרָפִים 2
דִּבְּרוּ־אָוֶן וְהַקּוֹסְמִים חָזוּ שֶׁקֶר וַחֲלֹמוֹת הַשָּׁוְא יְדַבֵּרוּ
הֶבֶל יְנַחֵמוּן עַל־כֵּן נָסְעוּ כְמוֹ־צֹאן יַעֲנוּ כִּי־אֵין רֹעֶה׃
עַל־הָרֹעִים חָרָה אַפִּי וְעַל־הָעַתּוּדִים אֶפְקוֹד כִּי־פָקַד יְהוָה 3
צְבָאוֹת אֶת־עֶדְרוֹ אֶת־בֵּית יְהוּדָה וְשָׂם אוֹתָם כְּסוּס הוֹדוֹ
בַּמִּלְחָמָה׃ מִמֶּנּוּ פִנָּה מִמֶּנּוּ יָתֵד מִמֶּנּוּ קֶשֶׁת מִלְחָמָה 4
מִמֶּנּוּ יֵצֵא כָל־נוֹגֵשׂ יַחְדָּו׃ וְהָיוּ כְגִבֹּרִים בּוֹסִים בְּטִיט ה
חוּצוֹת בַּמִּלְחָמָה וְנִלְחֲמוּ כִּי יְהוָה עִמָּם וְהֹבִישׁוּ רֹכְבֵי
סוּסִים׃ וְגִבַּרְתִּי | אֶת־בֵּית יְהוּדָה וְאֶת־בֵּית יוֹסֵף אוֹשִׁיעַ 6
וְהוֹשְׁבוֹתִים כִּי רִחַמְתִּים וְהָיוּ כַּאֲשֶׁר לֹא־זְנַחְתִּים כִּי
אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם וְאֶעֱנֵם׃ וְהָיוּ כְגִבּוֹר אֶפְרַיִם וְשָׂמַח 7
לִבָּם כְּמוֹ־יָיִן וּבְנֵיהֶם יִרְאוּ וְשָׂמֵחוּ יָגֵל לִבָּם בַּיהוָה׃
אֶשְׁרְקָה לָהֶם וַאֲקַבְּצֵם כִּי פְדִיתִים וְרָבוּ כְּמוֹ רָבוּ׃ 8
וְאֶזְרָעֵם בָּעַמִּים וּבַמֶּרְחַקִּים יִזְכְּרוּנִי וְחָיוּ אֶת־בְּנֵיהֶם 9
וָשָׁבוּ׃ וַהֲשֵׁבוֹתִים מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם וּמֵאַשּׁוּר אֲקַבְּצֵם וְאֶל־ י
אֶרֶץ גִּלְעָד וּלְבָנוֹן אֲבִיאֵם וְלֹא יִמָּצֵא לָהֶם׃ וְעָבַר בַּיָּם 11
צָרָה וְהִכָּה בַיָּם גַּלִּים וְהֹבִישׁוּ כֹּל מְצוּלוֹת יְאֹר וְהוּרַד

גאון

ט׳ v. 14. קמץ בז״ק

פײלען פול געמאכט; דו, ציון, האָסט דײנע זיהן אױפגערײצט אױף יון'ס זיהן — דערפאר װעל איך דיר קראפט געבען װי א שװערד אין האנד פון א העלד.

14 גאָט װעט צו זײ ערשײנען, זײן פײל װעט געהן מיט די שנעלקײט פון א בליץ; אױך װעט גאָט אין א שופר בלאָזען און אַ שטורעם־שטימע װעט ביז תימן געהן.

15 גאָט פון ארמעען װעט זײער שוץ זײן, דאן װעלען זײ עסען און שלינגען די שלײדער שטײנער, אין טומעל װעלען זײ (זײער בלוט) טרינקען װי װײן, זײ װעלען פול װערען װי די בעקענס בײ די װינקלען פון מזבח.

16 יענעם טאָג װעט זײ גאָט העלפען אלס זײן ליעבלינג פאָלק, װי עדעל־שטײנער װעלען זײ זיך אױסצײכענען אין זײן לאנד.

17 װי שעהן און פײן װעט עס זײן! די יונגע לײט װעלען װי קאָרן בליהען און װי װײנטרױבען — די יונגע מײדלאך.

## קאַפּיטעל י

1 בעט בײ גאָט רעגען אין רעגען צײט — גאָט מאכט בליצען און גיט גוס־רעגען, צו יעדערן — גראָז אין פעלד.

2 די אראקעל־בילדער רעדען פאַלש און די צױבערער זאָגען ליגען, אױך די טרױמען רעדען נאַרישקײט — זײער טרױסט איז נישט װערטה; דערפאר אירען זײ ארום װי שעפּסען, זײ װערען געדריקט װײל זײ האָבען קײן פיהרער.

3 אױף די פיהרער ברענט מײן צאָרן און די בעק װעל איך שטראָפען, װאָ־רום גאָט פון אַרמעען עראינערט זײן הערדע, דאָס הױז יהודה, ער װעט זײ שטארק מאכען װי אַ פּראכט־פערד אין קריעג.

4 פון איהם שטאַמט דער װינקעלשטײן, פון איהם שטאַמט דער נאגעל, פון איהם שטאַמט דער קריעגס־בױגען — פון איהם װעלען שטאַמען אַלע אנפיהרער.

5 זײערע העלדען װעלען אין קריעג טרעטען (איבער קערפּער) װי אױף דעם לעהם פון גאַס, זײ װעלען די קריעג אָנפיהרען, װארום גאָט איז מיט זײ, די פערד־רײטער װעלען צו שאַנדע װערען.

6 דאָס הױז יהודה װעל איך שטאַרקען און דאָס הױז יוסף — העלפען; איך װעל זײ צוריק ברענגען װײל איך ערבאַרעם זיך איבער זײ, זײ װעלען זײן װי איך װאָלט זײ ניעמאלס פערלאָזען — איך, עװיגער, בין זײער גאָט, איך װעל זײ ענטפערען.

7 אפרים װעט אַ קריעגס־העלד זײן, זײ װעלען פרעהליך זײן װי פון װײן; זײערע קינדער װעלען עס זעהען און פרעהליך זײן — זײער האַרץ װעט זיך פרעהען מיט גאָט.

8 איך װעל צו זײ אַ פײף טהאָן און װעל זײ צונױפקלײבען, איך האָב זײ שױן פרײ געמאכט, זאָלען זײ זיך יעצט פיעל פערמעהרען.

9 זאָגאר װען איך האָב זײ אונטער די פעלקער צושפּרײט װעלען זײ מיר אין די װײטע לענדער דערמאָהנען, און װעלען זײערע קינדער ערציעהען אז זײ זאָלען קענען צוריק געהן.

10 אַזױ װי איך האָב זײ ארױסגעבראכט פון מצרים אַזױ װעל איך ארױס־קלײבען פון אשור, איך װעל זײ ברענגען צו די פּראָװינצען פון גלעד און לבנון. עס װעט אָבער ניט גענוג זײן פאַר זײ.

11 ער װעט אריבער דעם ענגען ים, ער װעט אין ים אַװעלכע װעלען שלאַ־גען אַז אַלע טיעפעניסען פון טײך װעלען זיך שעהמען, אשור'ס שטאָלץ

12 גְּא֤וֹן אַשּׁוּר֙ וְשֵׁ֥בֶט מִצְרַ֖יִם יָסֽוּר׃ וְגִבַּרְתִּים֙ בַּֽיהוָ֔ה וּבִשְׁמ֖וֹ
יִתְהַלָּ֑כוּ נְאֻ֖ם יְהוָֽה׃

## Cap. XI. יא

יא

א 2 פְּתַ֥ח לְבָנ֖וֹן דְּלָתֶ֑יךָ וְתֹאכַ֥ל אֵ֖שׁ בַּאֲרָזֶֽיךָ׃ הֵילֵ֤ל בְּרוֹשׁ֙
כִּֽי־נָ֣פַל אֶ֔רֶז אֲשֶׁ֥ר אַדִּרִ֖ים שֻׁדָּ֑דוּ הֵילִ֙ילוּ֙ אַלּוֹנֵ֣י בָשָׁ֔ן כִּ֥י
3 יָרַ֖ד יַ֥עַר הַבָּצֽוּר׃ ק֚וֹל יִלְלַ֣ת הָרֹעִ֔ים כִּ֥י שֻׁדְּדָ֖ה אַדַּרְתָּ֑ם
4 ק֚וֹל שַׁאֲגַ֣ת כְּפִירִ֔ים כִּ֥י שֻׁדַּ֖ד גְּא֥וֹן הַיַּרְדֵּֽן׃ כֹּ֥ה אָמַ֖ר
ה יְהוָ֣ה אֱלֹהָ֑י רְעֵ֖ה אֶת־צֹ֥אן הַהֲרֵגָֽה׃ אֲשֶׁ֨ר קֹנֵיהֶ֤ן יַהַרְגֻן֙
וְלֹ֣א יֶאְשָׁ֔מוּ וּמֹכְרֵיהֶ֣ן יֹאמַ֔ר בָּר֥וּךְ יְהוָ֖ה וַאעְשִׁ֑ר וְרֹ֣עֵיהֶ֔ם
6 לֹ֥א יַחְמ֖וֹל עֲלֵיהֶֽן׃ כִּ֡י לֹא֩ אֶחְמ֨וֹל ע֜וֹד עַל־יֹשְׁבֵ֤י הָאָ֙רֶץ֙
נְאֻם־יְהוָ֔ה וְהִנֵּ֨ה אָנֹכִ֜י מַמְצִ֣יא אֶת־הָאָדָ֗ם אִ֣ישׁ בְּיַד־רֵעֵ֙הוּ֙
7 וּבְיַ֣ד מַלְכּ֔וֹ וְכִתְּתוּ֙ אֶת־הָאָ֔רֶץ וְלֹ֥א אַצִּ֖יל מִיָּדָֽם׃ וָאֶרְעֶה֙
אֶת־צֹ֣אן הַהֲרֵגָ֔ה לָכֵ֖ן עֲנִיֵּ֣י הַצֹּ֑אן וָאֶֽקַּֽח־לִ֞י שְׁנֵ֣י מַקְל֗וֹת
לְאַחַ֞ד קָרָ֣אתִי נֹ֗עַם וּלְאַחַד֙ קָרָ֣אתִי חֹֽבְלִ֔ים וָאֶרְעֶ֖ה אֶת־
8 הַצֹּֽאן׃ וָאַכְחִ֛ד אֶת־שְׁלֹ֥שֶׁת הָרֹעִ֖ים בְּיֶ֣רַח אֶחָ֑ד וַתִּקְצַ֤ר
9 נַפְשִׁי֙ בָּהֶ֔ם וְגַם־נַפְשָׁ֖ם בָּחֲלָ֥ה בִֽי׃ וָאֹמַ֕ר לֹ֥א אֶרְעֶ֖ה
אֶתְכֶ֑ם הַמֵּתָ֨ה תָמ֜וּת וְהַנִּכְחֶ֣דֶת תִּכָּחֵ֗ד וְהַנִּשְׁאָר֔וֹת תֹּאכַ֕לְנָה
י אִשָּׁ֖ה אֶת־בְּשַׂ֥ר רְעוּתָֽהּ׃ וָאֶקַּ֤ח אֶת־מַקְלִי֙ אֶת־נֹ֔עַם וָאֶגְדַּ֖ע
אֹת֑וֹ לְהָפֵיר֙ אֶת־בְּרִיתִ֔י אֲשֶׁ֥ר כָּרַ֖תִּי אֶת־כָּל־הָעַמִּֽים׃
11 וַתֻּפַ֖ר בַּיּ֣וֹם הַה֑וּא וַיֵּ֣דְעוּ כֵ֣ן עֲנִיֵּ֤י הַצֹּאן֙ הַשֹּׁמְרִ֣ים אֹתִ֔י כִּ֥י
12 דְבַר־יְהוָ֖ה הֽוּא׃ וָאֹמַ֣ר אֲלֵיהֶ֗ם אִם־ט֧וֹב בְּעֵינֵיכֶ֛ם הָב֥וּ
שְׂכָרִ֖י וְאִם־לֹ֣א ׀ חֲדָ֑לוּ וַיִּשְׁקְל֥וּ אֶת־שְׂכָרִ֖י שְׁלֹשִׁ֥ים כָּֽסֶף׃
13 וַיֹּ֨אמֶר יְהוָ֜ה אֵלַ֗י הַשְׁלִיכֵ֙הוּ֙ אֶל־הַיּוֹצֵ֔ר אֶ֣דֶר הַיְקָ֔ר אֲשֶׁ֥ר
יָקַ֖רְתִּי מֵעֲלֵיהֶ֑ם וָֽאֶקְחָה֙ שְׁלֹשִׁ֣ים הַכֶּ֔סֶף וָאַשְׁלִ֥יךְ אֹת֛וֹ
14 בֵּ֥ית יְהוָ֖ה אֶל־הַיּוֹצֵֽר׃ וָֽאֶגְדַּע֙ אֶת־מַקְלִ֣י הַשֵּׁנִ֔י אֵ֖ת
הַחֹֽבְלִ֑ים לְהָפֵר֙ אֶת־הָֽאַחֲוָ֔ה בֵּ֥ין יְהוּדָ֖ה וּבֵ֥ין יִשְׂרָאֵֽל׃
טו 16 וַיֹּ֥אמֶר יְהוָ֖ה אֵלָ֑י ע֚וֹד קַח־לְךָ֔ כְּלִ֖י רֹעֶ֥ה אֱוִלִֽי׃ כִּ֣י הִנֵּֽה־

אנכי

י״א v. 2. הבציר קרי   v. 5. קמץ בז״ק   ibid. הא׳ נחה

וועט ערניעדערט ווערען און מצרים׳ס הערשאַפט וועט אָבגעשאַפט ווערען.

12 זייער שטארקייט וועט זיין אין גאָט, ווייל זיי וועלען געהן נאָך זיין נאָמען —זאָגט גאָט.

## קאַפּיטעל יא

1 עפען, לבנון, דיינע טהירען אום א פייער זאָל דיינע צעדערן פערברענען!

2 קלאָג ציפּרעס־בוים, ווארום דער צעדער איז שוין געפאַלען און די מעכטיגע בוקס־בוימער צובראָכען; קלאגט אייכען פון בשן — דער בוימענהאַקער איז שוין אין וואלד אַוועק.

3 די הירטען קלאגען מיט אַ שטימע ווארום זייער ווײדע־פּלאַץ איז צוגראָבען, די יונגע לייבען שרייען הויך, ווייל עס איז פערניכטעט דער שטאָלץ פונ׳ם ירדן.

4 אזוי האָט גאָט געזאָגט: פּיטער די אונגליקליכע שעפּסען,

5 וואָס זייערע אייגענטהימער ערשלאָגען זיי אין פיהלען זיך ניט שולדיג, און די וואָס פערקויפען זיי זאָגען: „געלויבט איז גאָט איך ווער רייך!״ אויף זייערע הירטען האָבען קיין מיטלייד מיט זיי.

6 איך וועל שוין מעהר קיין מיטלייד האָבען מיט די איינוואוינער פונ׳ם לאַנד — זאָגט גאָט — איך וועל איבערגעבען די מענשען איינעם אין האַנד פון צווייטען אָדער אינ׳ם האַנד פון קעניג זיי וועלען אונטערברענגען דאָס לאַנד און מען וועט עס פון זיי זעלבסט ניט קענען רעטען.

7 איך זעלבסט וועל אויפפּאַסען אויף די אונגליקליכע שאָף, די ווירקליך גערדריקטע שאָף; איך וועל מיר נעהמען צוויי שטעקענס — איינעם רוף איך „נעם״, דעם אַנדערן „חבלים״, מיט זיי וועל איך די שעפּסען פּיטערן.

8 די דריי הירטען וועל איך אין איין מאָנאַט אָבשאַפען, איך קען זיי מעהר ניט ליידען און עס עקעלט מיר פון זיי.

9 און אַ מאָל בעשלים איך: איך וועל אייך ניט פּיטערן! די שוואַכע זאָל שטאַרבען, די קראנקע זאָל אונטערגעהן און די איבריגע זאָלען זיך עסען איינע די אַנדערע.

10 דאַן האָב איך גענומען מיין שטעקען „נעם״ און האָב איהם צושניטען, אום צו ברעכען מיין בונד וואָס איך האָב געשלאָסען מיט אַלע פעלקער.

11 און נאָך יענעם טאָג איז עס געבראָכען געוואָרען, דאַן האָבען די אָרימע שעפּסען וואָס היטען מיין בעפעהל ריכטיג געוואוסט אַז דאָס איז גאָט׳ס וואָרט.

12 אַז איך האָב זיי געזאָגט: „אויב איהר ווילט צאהלט מיר מיין לוין און אויב ניט הערט אויף״, האָבען זיי מיר מיין לוין געגעבען — דרייסיג זילבערשטיק..

13 אָבער גאָט האָט צו מיר געזאָגט: „וואַרף אַוועק דעם טהייערן פּרעזענט מיט וועלכען דו ביזט פון זיי פּרעזענטירט געוואָרען צום מייסטער!״ האָב איך גענומען די דרייסיג זילבער־שטיקער און האָב עס אַריינגעוואָרפען אין גאָט׳ס הויז, צום מייסטער.

14 דאַן האָב איך צושניטען מיין צווייטען שטעקען דעם „חבלים״, אום צו צוברעכען די ברודערשאַפט צווישען יהודה און ישראל.

15 און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: „שאַף זיך איין נאָך אַ מאָל געצייג פון אַ ניט געניטען הירט!

16 ווארום איך וועל אינ׳ם לאַנד אַזאַ הירט אָנשטעלען וועלכען עס וועט ניט

אָנֹכִי מֵקִים רֹעֶה בָּאָרֶץ הַנִּכְחָדוֹת לֹא־יִפְקֹד הַנַּעַר לֹא־
יְבַקֵּשׁ וְהַנִּשְׁבֶּרֶת לֹא יְרַפֵּא הַנִּצָּבָה לֹא יְכַלְכֵּל וּבְשַׂר
17 הַבְּרִיאָה יֹאכַל וּפַרְסֵיהֶן יְפָרֵק׃ הוֹי רֹעִי הָאֱלִיל עֹזְבִי
הַצֹּאן חֶרֶב עַל־זְרוֹעוֹ וְעַל־עֵין יְמִינוֹ זְרֹעוֹ יָבוֹשׁ תִּיבָשׁ וְעֵין
יְמִינוֹ כָּהֹה תִכְהֶה׃

ב

## Cap. XII. יב

א מַשָּׂא דְבַר־יְהוָה עַל־יִשְׂרָאֵל נְאֻם־יְהוָה נֹטֶה שָׁמַיִם וְיֹסֵד
2 אָרֶץ וְיֹצֵר רוּחַ־אָדָם בְּקִרְבּוֹ׃ הִנֵּה אָנֹכִי שָׂם אֶת־יְרוּשָׁלַםִ
סַף־רַעַל לְכָל־הָעַמִּים סָבִיב וְגַם עַל־יְהוּדָה יִהְיֶה בַמָּצוֹר
3 עַל־יְרוּשָׁלָםִ׃ וְהָיָה בַיּוֹם־הַהוּא אָשִׂים אֶת־יְרוּשָׁלַםִ אֶבֶן
מַעֲמָסָה לְכָל־הָעַמִּים כָּל־עֹמְסֶיהָ שָׂרוֹט יִשָּׂרֵטוּ וְנֶאֶסְפוּ
4 עָלֶיהָ כֹּל גּוֹיֵי הָאָרֶץ׃ בַּיּוֹם הַהוּא נְאֻם־יְהוָה אַכֶּה כָל־
סוּס בַּתִּמָּהוֹן וְרֹכְבוֹ בַּשִּׁגָּעוֹן וְעַל־בֵּית יְהוּדָה אֶפְקַח אֶת־
ה עֵינַי וְכֹל סוּס הָעַמִּים אַכֶּה בַּעִוָּרוֹן׃ וְאָמְרוּ אַלֻּפֵי יְהוּדָה
בְּלִבָּם אַמְצָה לִי יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלַםִ בַּיהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵיהֶם׃
6 בַּיּוֹם הַהוּא אָשִׂים אֶת־אַלֻּפֵי יְהוּדָה כְּכִיּוֹר אֵשׁ בְּעֵצִים
וּכְלַפִּיד אֵשׁ בְּעָמִיר וְאָכְלוּ עַל־יָמִין וְעַל־שְׂמֹאול אֶת־
כָּל־הָעַמִּים סָבִיב וְיָשְׁבָה יְרוּשָׁלַםִ עוֹד תַּחְתֶּיהָ בִּירוּשָׁלָםִ׃
7 וְהוֹשִׁיעַ יְהוָה אֶת־אָהֳלֵי יְהוּדָה בָּרִאשֹׁנָה לְמַעַן לֹא־תִגְדַּל
תִּפְאֶרֶת בֵּית־דָּוִיד וְתִפְאֶרֶת יֹשֵׁב יְרוּשָׁלַםִ עַל־יְהוּדָה׃
8 בַּיּוֹם הַהוּא יָגֵן יְהוָה בְּעַד יוֹשֵׁב יְרוּשָׁלַםִ וְהָיָה הַנִּכְשָׁל
בָּהֶם בַּיּוֹם הַהוּא כְּדָוִיד וּבֵית דָּוִיד כֵּאלֹהִים כְּמַלְאַךְ
9 יְהוָה לִפְנֵיהֶם׃ וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא אֲבַקֵּשׁ לְהַשְׁמִיד אֶת־
י כָּל־הַגּוֹיִם הַבָּאִים עַל־יְרוּשָׁלָםִ׃ וְשָׁפַכְתִּי עַל־בֵּית
דָּוִיד וְעַל ׀ יוֹשֵׁב יְרוּשָׁלַםִ רוּחַ חֵן וְתַחֲנוּנִים וְהִבִּיטוּ אֵלַי
אֵת אֲשֶׁר־דָּקָרוּ וְסָפְדוּ עָלָיו כְּמִסְפֵּד עַל־הַיָּחִיד וְהָמֵר
11 עָלָיו כְּהָמֵר עַל־הַבְּכוֹר׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִגְדַּל הַמִּסְפֵּד

בירושלם

י״א v. 17. קמץ בז״ק   י״ב v. 1. קמץ בז״ק   v. 6. יתיר י

אארען פאר די שוואכע, די יונגע וועט ער ניט בעזוכען און די קראנקע — ניט היילען, די געזונדע וועט ער ניט געבען עסען און די פעטע וועט ער אויפעסען זאגאר זייערע קלויען צוקייען.

17 אה, דו ניכטסווירדיגער הירט ! דו פערנאכלעסיגסט די שעפסען ! א שווערד וועט זיין ארעם צוברעכען און אויסשטעכען זיין רעכטע אויג — זיין ארעם וועט אויסדארען און זיין רעכטע אויג וועט בלינד ווערען.

## קאפיטעל יב

1 א פארטראג. גאט'ס ווארט וועגען ישראל. דאס זאגט גאט וואס האט אויסגעשפרייט דעם הימעל, געגרינדעט די ערד און בעשאפען דעם מענ־שען מיט א גייסט אין איהם :

2 איך וועל ירושלים מאכען אלס א גיפט גלאז פאר אלע פעלקער ארום, אויך פאר די לייטע פון יהודה וועלכע וועלען העלפען בעלאגערן ירושלים.

3 דאמאלס וועל איך מאכען ירושלים אלס א לאסט־שטיין פאר אלע פעל־קער — ווער עס וועט איהם וועלען אויפהויבען וועט זיך זיין פלייש צו־שניידען, זאגאר ווען עס וועלען זיך נעבען איהר פערזאמלען אלע פעלקער פונ'ם לאנד.

4 אין יענער צייט — זאגט גאט —וועל איך שלאגען יעדער פערד מיט ערשטוינונג און יעדער רייטער — מיט וואהנזין ; נאר אויף דאס הויז יהודה וועל איך מיינע אויגען עפענען, די פערד פון אלע אנדערע פעל־קער וועל איך מיט בלינדקייט שלאגען.

5 דאן וועלען יהודה'ס פירסטען טראכטען אין הארצען : „איך וועל מיר שטארק האלטען אן דעם גאט פון ארמעען — דער גאט פון די בעוואוינער פון ירושלים.

6 דאמאלס וועל איך די פירסטען פון יהודה מאכען ווי א קיכפייער פאר האלץ אדער ווי א ברענענדען פאקעל פאר טרוקענע גארבען — זיי וועלען פערניכטען אלע פעלקער פון ארום רעכטס און לינקס ; ירושלים אבער וועט אויף איהר ארט שטעהן.

7 צוערשט וועט גאט העלפען יהודה'ס געצעלטען, אום דער פראכט פון דוד'ס הויז און דער פראכט פון די איינוואוינער פון ירושלים זאל ניט איבערשטייגען דעם פראכט פון גאנץ יהודה.

8 אין יענער זעלביגער צייט וועט גאט זעלבסט בעשיצען די איינוואוינער פון ירושלים, דער שוואכסטער פון זיי וועט דאמאלס אזוי ווי דוד שטארק זיין, און דאס הויז דוד'ס — ווי די שטארקסטע העלדען, ווארום א מלאך פון גאט געהט זיי פאראויס.

9 אין יענער צייט וועל איך זוכען צו פערניכטען אלע פעלקער וואס קומען בעלאגערן ירושלים.

10 איך וועל אויסגיסען אויף דוד'ס הויז און אויף אלע איינוואוינער פון ירושלים א ליעבליכען און טרייסטפולען גייסט, זיי וועלען זיך שולדיג ערקלעהרען פאר מיר אויב זיי האבען יעמאנד מיט א שווערד געשטאכען, זיי וועלען איהם בעקלאגען ווי מען בעקלאגט אן איין־איינציגען, זיי וועלען אויף איהם ביטערליך וויינען ווי מען וויינט אויף אן ערשטלינג.

11 עס וועט דאמאלס א גרויסע קלאג זיין אין ירושלים ווי דער קלאג פון הדרמון אינ'ם טהאל מגדון.

12 בִּירוּשָׁלִָם כְּמִסְפַּד הֲדַדְרִמּוֹן בְּבִקְעַת מְגִדּוֹן׃ וְסָפְדָה
הָאָרֶץ מִשְׁפָּחוֹת מִשְׁפָּחוֹת לְבָד מִשְׁפַּחַת בֵּית־דָּוִיד
לְבָד וּנְשֵׁיהֶם לְבָד מִשְׁפַּחַת בֵּית־נָתָן לְבָד וּנְשֵׁיהֶם לְבָד׃
13 מִשְׁפַּחַת בֵּית־לֵוִי לְבָד וּנְשֵׁיהֶם לְבָד מִשְׁפַּחַת הַשִּׁמְעִי
14 לְבָד וּנְשֵׁיהֶם לְבָד׃ כֹּל הַמִּשְׁפָּחוֹת הַנִּשְׁאָרוֹת מִשְׁפָּחֹת
מִשְׁפָּחֹת לְבָד וּנְשֵׁיהֶם לְבָד׃

## CAP. XIII. יג — יג

א בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה מָקוֹר נִפְתָּח לְבֵית דָּוִיד וּלְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִָם
2 לְחַטַּאת וּלְנִדָּה׃ וְהָיָה בַיּוֹם הַהוּא נְאֻם ׀ יְהוָה צְבָאוֹת
אַכְרִית אֶת־שְׁמוֹת הָעֲצַבִּים מִן־הָאָרֶץ וְלֹא יִזָּכְרוּ עוֹד
וְגַם אֶת־הַנְּבִיאִים וְאֶת־רוּחַ הַטֻּמְאָה אַעֲבִיר מִן־הָאָרֶץ׃
3 וְהָיָה כִּי־יִנָּבֵא אִישׁ עוֹד וְאָמְרוּ אֵלָיו אָבִיו וְאִמּוֹ יֹלְדָיו
לֹא תִחְיֶה כִּי שֶׁקֶר דִּבַּרְתָּ בְּשֵׁם יְהוָה וּדְקָרֻהוּ אָבִיהוּ
4 וְאִמּוֹ יֹלְדָיו בְּהִנָּבְאוֹ׃ וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא יֵבֹשׁוּ הַנְּבִיאִים
אִישׁ מֵחֶזְיֹנוֹ בְּהִנָּבְאֹתוֹ וְלֹא יִלְבְּשׁוּ אַדֶּרֶת שֵׂעָר לְמַעַן
ה כַּחֵשׁ׃ וְאָמַר לֹא נָבִיא אָנֹכִי אִישׁ עֹבֵד אֲדָמָה אָנֹכִי
6 כִּי־אָדָם הִקְנַנִי מִנְּעוּרָי׃ וְאָמַר אֵלָיו מָה הַמַּכּוֹת הָאֵלֶּה
7 בֵּין יָדֶיךָ וְאָמַר אֲשֶׁר הֻכֵּיתִי בֵּית מְאַהֲבָי׃ חֶרֶב
עוּרִי עַל־רֹעִי וְעַל־גֶּבֶר עֲמִיתִי נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת הַךְ
אֶת־הָרֹעֶה וּתְפוּצֶיןָ הַצֹּאן וַהֲשִׁבֹתִי יָדִי עַל־הַצֹּעֲרִים׃
8 וְהָיָה בְכָל־הָאָרֶץ נְאֻם־יְהוָה פִּי־שְׁנַיִם בָּהּ יִכָּרְתוּ יִגְוָעוּ
9 וְהַשְּׁלִשִׁית יִוָּתֶר בָּהּ׃ וְהֵבֵאתִי אֶת־הַשְּׁלִשִׁית בָּאֵשׁ
וּצְרַפְתִּים כִּצְרֹף אֶת־הַכֶּסֶף וּבְחַנְתִּים כִּבְחֹן אֶת־הַזָּהָב
הוּא ׀ יִקְרָא בִשְׁמִי וַאֲנִי אֶעֱנֶה אֹתוֹ אָמַרְתִּי עַמִּי הוּא וְהוּא
יֹאמַר יְהוָה אֱלֹהָי׃

## CAP. XIV. יד — יד

2 א *הִנֵּה יוֹם בָּא לַיהוָה וְחֻלַּק שְׁלָלֵךְ בְּקִרְבֵּךְ׃ וְאָסַפְתִּי
אֶת־

* יד v. 1. הפטרה יום א׳ של סכות

12 דאָס גאַנצע לאַנד וועט אין טרויער זיין, יעדע פאַמיליע בעזונדער — די פאַמיליע פון דוד׳ס הויז בעזונדער, אבגעטהיילט פון זייערע פרויען, אויך די פאַמיליע פון נתן׳ס הויז בעזונדער, אָבגעטהיילט פון זייערע פרויען.
13 די פאַמיליע פון לוי׳ס הויז בעזונדער, אבגעטהיילט פון זייערע פרויען, אויך די פאַמיליע פון שמעי בעזונדער, אבגעטהיילט פון זייערע פרויען.
14 אויך אַלע אַנדערע פאַמיליען — יעדע פאַמיליע בעזונדער אבגעטהיילט פון זייערע פרויען.

## קאַפּיטעל יג

1 יענעם טאָג וועט זיך עפענען אַ קוואַל פאַר דוד׳ס הויז און די איינוואוינער פון ירושלים, צור פערצייהונג און ריינינגונג.
2 אין יענעם זעלביגען טאָג — זאָגט גאָט פון ארמעען — וועל איך אויס־ראָטען פון לאַנד די נעמען פון די געצען, אום זיי זאָלען מעהר ניט דערמאהנט ווערען; אויך די פּראָפעטען מיט דעם אונריינעם גייסט וועל איך אָבשאַפען פונ׳ם לאַנד.
3 דאן אויב יעמאַנד וועט נאָך פּראָפעצייהען, וועלען זאָגען צו איהם זיין פאטער און מוטער, זיינע עלטערן: „דו קענסט מעהר ניט לעבען! דו האָסט ליגען געזאָגט אין גאָט׳ס נאָמען; זיין פאטער און מוטער, זיינע עלטערן זעלבסט, וועלען איהם שטעכען אַלס ער וועט פּראָפעצייהען.
4 אין יענער צייט וועלען זיך די פּראָפעטען זעלבסט שעהמען מיט זייערע פאַנטאַזיעס און פּראָפעצייהונגען; זיי וועלען שוין מעהר ניט אנקליידען א האָריגען מאַנטעל אום צו פערשטעלען זיך.
5 ער וועט זאָגען: „איך בין קיין פּראָפעט! איך בין אַ ערד־ארבייטער, ווארום צו ערד־אַרבייט בין איך געוואָהנט פון מיין יוגענד.
6 און אז מען וועט איהם זאָגען: „פאַר וואָס איז ביי דיר קלעפּ־צייכענס אויף דיינע שולטערן?" וועט ער ענטפערן: „איך האָב קלעפּ געקראָגען אינ׳ם הויז פון מיינע פריינד!"
7 ערמונטער זיך, שווערד, אויף מיין הירט! אויף דעם מאַן וואָס פריינ־דעלט זיך צו מיר — זאָגט גאָט פון ארמעען — שלאָגט דעם הירט וועלען זיך צולויפען די שעפּסען; איך זעלבסט וועל מיט מיין האַנד שטיצען די קליינע שאָף.
8 עס וועט אינ׳ם גאַנצען לאַנד געשעהען — זאָגט גאָט — צוויי טהיי־לען וועלען אויסגעראָטען און פערניכטעט ווערען, און די דריטע טהייל וועט אינ׳ם לאַנד בלייבען.
9 אָבער אויך די דריטע וועל איך דורך פייער פיהרען, איך וועל זי לייי־טערן ווי מען לייטערט זילבער און פּרובירען ווי מען פּרובירט גאָלד — וועט ער רופען מיין נאָמען וועל איך איהם ענטפערן; איך וועל איהם רופען „מיין פאָלק", אויב ער וועט מיר רופען „מיין גאָט".

## קאַפּיטעל יד

1 עס קומט אַן אַ טאָג פון גאָט ווען דיין רויב וועט אין דיר צוטהיילט ווערען.
2 איך וועל פערזאַמלען אַלע פעלקער אין קריעג קעגען ירושלים, מען וועט

אֶת־כָּל־הַגּוֹיִם ׀ אֶל־יְרוּשָׁלִַם֮ לַמִּלְחָמָה֒ וְנִלְכְּדָה הָעִיר
וְנָשַׁסּוּ הַבָּתִּים וְהַנָּשִׁים תִּשָּׁגַלְנָה וְיָצָא חֲצִי הָעִיר בַּגּוֹלָה
וְיֶתֶר הָעָם לֹא יִכָּרֵת מִן־הָעִיר׃ וְיָצָא יְהוָה וְנִלְחַם בַּגּוֹיִם 3
הָהֵם כְּיוֹם הִלָּחֲמוֹ בְּיוֹם קְרָב׃ וְעָמְדוּ רַגְלָיו בַּיּוֹם־הַהוּא 4
עַל־הַר הַזֵּיתִים אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי יְרוּשָׁלִַם מִקֶּדֶם וְנִבְקַע הַר
הַזֵּיתִים מֵחֶצְיוֹ מִזְרָחָה וָיָמָּה גֵּיא גְּדוֹלָה מְאֹד וּמָשׁ חֲצִי
הָהָר צָפוֹנָה וְחֶצְיוֹ נֶגְבָּה׃ וְנַסְתֶּם גֵּיא־הָרַי כִּי־יַגִּיעַ גֵּי־ ה
הָרִים אֶל־אָצַל וְנַסְתֶּם כַּאֲשֶׁר נַסְתֶּם מִפְּנֵי הָרַעַשׁ בִּימֵי
עֻזִּיָּה מֶלֶךְ־יְהוּדָה וּבָא יְהוָה אֱלֹהַי כָּל־קְדֹשִׁים עִמָּךְ׃
וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא לֹא־יִהְיֶה אוֹר יְקָרוֹת יְקִפָּאוֹן׃ 6
וְהָיָה יוֹם־אֶחָד הוּא יִוָּדַע לַיהוָה לֹא־יוֹם וְלֹא־לָיְלָה וְהָיָה 7
לְעֵת־עֶרֶב יִהְיֶה־אוֹר׃ וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא יֵצְאוּ מַיִם־ 8
חַיִּים מִירוּשָׁלִַם חֶצְיָם אֶל־הַיָּם הַקַּדְמוֹנִי וְחֶצְיָם אֶל־הַיָּם
הָאַחֲרוֹן בַּקַּיִץ וּבַחֹרֶף יִהְיֶה׃ וְהָיָה יְהוָה לְמֶלֶךְ עַל־ 9
כָּל־הָאָרֶץ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה יְהוָה אֶחָד וּשְׁמוֹ אֶחָד׃
יִסּוֹב כָּל־הָאָרֶץ כָּעֲרָבָה מִגֶּבַע לְרִמּוֹן נֶגֶב יְרוּשָׁלִָם י
וְרָאֲמָה וְיָשְׁבָה תַחְתֶּיהָ לְמִשַּׁעַר בִּנְיָמִן עַד־מְקוֹם שַׁעַר
הָרִאשׁוֹן עַד־שַׁעַר הַפִּנִּים וּמִגְדַּל חֲנַנְאֵל עַד יִקְבֵי הַמֶּלֶךְ׃
וְיָשְׁבוּ בָהּ וְחֵרֶם לֹא יִהְיֶה־עוֹד וְיָשְׁבָה יְרוּשָׁלִַם לָבֶטַח׃ 11
וְזֹאת ׀ תִּהְיֶה הַמַּגֵּפָה אֲשֶׁר יִגֹּף יְהוָה אֶת־כָּל־ 12
הָעַמִּים אֲשֶׁר צָבְאוּ עַל־יְרוּשָׁלִָם הָמֵק ׀ בְּשָׂרוֹ וְהוּא עֹמֵד
עַל־רַגְלָיו וְעֵינָיו תִּמַּקְנָה בְחֹרֵיהֶן וּלְשׁוֹנוֹ תִּמַּק בְּפִיהֶם׃
וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא תִּהְיֶה מְהוּמַת־יְהוָה רַבָּה בָּהֶם וְהֶחֱזִיקוּ 13
אִישׁ יַד רֵעֵהוּ וְעָלְתָה יָדוֹ עַל־יַד רֵעֵהוּ׃ וְגַם־יְהוּדָה 14
תִּלָּחֵם בִּירוּשָׁלִָם וְאֻסַּף חֵיל כָּל־הַגּוֹיִם סָבִיב זָהָב וָכֶסֶף
וּבְגָדִים לָרֹב מְאֹד׃ וְכֵן תִּהְיֶה מַגֵּפַת הַסּוּס הַפֶּרֶד טו
הַגָּמָל וְהַחֲמוֹר וְכָל־הַבְּהֵמָה אֲשֶׁר יִהְיֶה בַּמַּחֲנוֹת הָהֵמָּה

כַּמַּגֵּפָה

v. 2. תִּשָּׁכַבְנָה קרי v. 6. וְקִפָּאוֹן קרי v. 13. למדנחאי אֶל־

די שטאָדט איינגעהמען — די הייזער וועלען בערויבט ווערען און די פרויען געשענדעט ווערען; אַ האַלבע שטאָדט וועט אויסוואַנדערן, אָבער דאָס איבריגע פאָלק וועט ניט אָבגעריסען ווערען פון שטאָדט.

3 גאָט זעלבסט וועט קומען קריעג פיהרען מיט יענע פעלקער, ווי ער האָט איין מאָל געקעמפּפט אין צייט פון קריעג.

4 ער וועט זיך דאַמאַלס שטעלען אויפ'ן אליוזען בארג וואָס איז נעבען ירושלים אין מזרח־זייט. דער אליוזען בארג וועט צושפּאַלטען ווערען אויף צוויי העלפט — מזרח און מערב, און עס וועט ווערען זעהר אַ גרויסער טהאָל; דאַן וועט זיך אָוועקרוקען איין האַלבער באַרג אין צפון און איינער אין דרום.

5 איהר וועט זיך צולויפען פונ'ם טהאָל וואָס צווישען די באַרג שפּיצען, ווארום דער טהאָל וועט טיעף זיין ווי די הויך פונ'ם באַרג; איהר וועט זיך צולויפען ווי איהר זייט געלאָפען פונ'ם ערד־ציטערנים אין די צייטען פון עזיה, קעניג פון יהודה; דאַן וועט גאָט ערשיינען און מיט איהם אַלע זיינע הייליגע.

6 אין יענעם טאָג וועט קיין ליכט זיין — ניט העלע און ניט דונקעלע,

7 עס וועט זיין אַ זאָנדערבאַרער טאָג, בעוואוסט נאָר צום עוויגען אַליין — ניט טאָג און ניט נאַכט, ערשט אבענד־צייט וועט ליכטיג ווערען.

8 אין יענעם טאָג וועט אַרוים פרישעס וואַסער פון ירושלים, אַ העלפט צום מזרח ים און אַ העלפט צום מערב ים, עס וועט פליסען ווי זומער אַזוי ווינטער.

9 און גאָט וועט קעניג זיין איבער'ן גאַנצען לאַנד — דאַמאַלס וועט גאָט זיין איינער און זיין נאָמען איינער.

10 רינגס אַרום וועט דאָס גאַנצע לאַנד ווי אַ גלייכער פּלאַץ זיין, פון גבע ביז רמון, זיד־ירושלים און ראמה; זי וועט אויף דעם זעלביגען אָרט בעזעצט ווערען, פונ'ם טהויער בנימין ביז דעם אָרט פון ערשטען טהויער און דעם ווינקעל־טהויער. אויך פון טהורעם חננאל ביז דעם קעניג'ס וויינקעלערן.

11 איבעראַל וועט בעזעצט זיין, עס וועט מעהר קיין שטערונג זיין — ירושלים וועט גאַנץ רוהיג זיין.

12 אָט דאָס וועט זיין דער פּלאָג מיט וועלכען גאָט וועט פּלאָגען אַלע פעל־קער וואָס האָבען ירושלים בעלאַגערט — עס וועט דער קערפּער צופוילט ווערען אין אַ קורצע צייט, די אויגען וועלען אין זייערע לעכער צופוילען און דער צונג אין מויל.

13 דאַן וועט זיין אונטער זיי אַ שרעקליכע פערווירונג, ווען איינער וועט דעם אנדערן פאַר'ן האַנד נעהמען, וועט זיין האַנד אין יענעמס האַנד בלייבען.

14 אויך יהודה וועט פאַר ירושלים שטרייטען ביז עס וועט אויפגעקליבען ווערען דאָס פערמעגען פון אַלע פעלקער אַרום — גאָלד, זילבער און זעהר פיעל קליידער.

15 עס וועט אויך זיין אַ פּלאָג אויף פערד, מיולען, קעמלען, עזלען און אַלער־ליי פיה, וואָס וועט זיך געפינען אין יענע לאַגערן — דאָס זעלבינע פּלאָג.

16 כַּמַּגֵּפָה הַזֹּאת׃ וְהָיָה כָּל־הַנּוֹתָר מִכָּל־הַגּוֹיִם הַבָּאִים עַל־יְרוּשָׁלָ͏ִם וְעָלוּ מִדֵּי שָׁנָה בְשָׁנָה לְהִשְׁתַּחֲוֺת
17 לְמֶלֶךְ יְהוָה צְבָאוֹת וְלָחֹג אֶת־חַג הַסֻּכּוֹת׃ וְהָיָה אֲשֶׁר לֹא־יַעֲלֶה מֵאֵת מִשְׁפְּחוֹת הָאָרֶץ אֶל־יְרוּשָׁלַ͏ִם לְהִשְׁתַּחֲוֺת
18 לְמֶלֶךְ יְהוָה צְבָאוֹת וְלֹא עֲלֵיהֶם יִהְיֶה הַגָּשֶׁם׃ וְאִם־מִשְׁפַּחַת מִצְרַיִם לֹא־תַעֲלֶה וְלֹא בָאָה וְלֹא עֲלֵיהֶם תִּהְיֶה הַמַּגֵּפָה אֲשֶׁר יִגֹּף יְהוָה אֶת־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר לֹא יַעֲלוּ לָחֹג
19 אֶת־חַג הַסֻּכּוֹת׃ זֹאת תִּהְיֶה חַטַּאת מִצְרָיִם וְחַטַּאת כָּל־
כ הַגּוֹיִם אֲשֶׁר לֹא יַעֲלוּ לָחֹג אֶת־חַג הַסֻּכּוֹת׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה עַל־מְצִלּוֹת הַסּוּס קֹדֶשׁ לַיהוָה וְהָיָה הַסִּירוֹת
21 בְּבֵית יְהוָה כַּמִּזְרָקִים לִפְנֵי הַמִּזְבֵּחַ׃ וְהָיָה כָּל־סִיר בִּירוּשָׁלַ͏ִם וּבִיהוּדָה קֹדֶשׁ לַיהוָה צְבָאוֹת וּבָאוּ כָּל־הַזֹּבְחִים וְלָקְחוּ מֵהֶם וּבִשְּׁלוּ בָהֶם וְלֹא־יִהְיֶה כְנַעֲנִי עוֹד בְּבֵית־יְהוָה צְבָאוֹת בַּיּוֹם הַהוּא׃

v. 21. עד כאן

16 יענע אַלע וואָס וועלען בלייבען פון אַלע פעלקער, וועלכע האָבען ירושלים בעלאגערט, זיי וועלען יאָהר־יעהרליך קומען בוקען זיך פאַר'ן גאָט פון ארמעען, און פייערן דעם סכות־פעסט.

17 יענע פון די פאמיליען פונ'ם לאנד, וואָס וועלען ניט קומען אין ירושלים בוקען זיך פאַר'ן קעניג, דעם גאָט פון די ארמעען, זיי וועלען קיין רעגען האָבען.

18 אויב די פאמיליע מצרים וועט ניט געהן און ניט קומען, וועט דען אויף זיי ניט זיין דער פּלאָג, מיט וועלכען גאָט וועט פּלאָגען די נאציאָנען וואָס קומען ניט פייערן דעם סכות־פעסט ?

19 די זינד פון מצרים און פון אַלע אנדערע נאציאָנען וועט בעשטעהען אין דעם וואָס זיי וועלען ניט קומען פייערן דעם סכות־פעסט.

20 דאמאלס וועלען אַלע גלעקלאך פון די פערד זיין הייליג צו גאָט, און די טעפּ פון גאָט'ס הויז וועלען זיין ווי די בעקענס וואָס שטעהען נעבען מזבח.

21 אַלע טעפּ פון ירושלים און גאנץ יהודה וועלען הייליג זיין צו גאָט פון ארמעען ; אַלע אָפּפער־ברענגער וועלען קומען און נעהמען פון זיי און קאָכען אין זיי (דעם אָפּפער) צו קאָכען ; עס וועט מעהר קיין כנעני אריינקו־מען, אין יענער צייט, אינ'ם הויז פון גאָט פון ארמעען.

# מ ל א כ י

# LIBER MALACHIÆ.

## CAPUT I. א

א מַשָּׂ֥א דְבַר־יְהוָ֖ה אֶל־יִשְׂרָאֵ֑ל בְּיַ֖ד מַלְאָכִֽי׃ אָהַ֤בְתִּי אֶתְכֶם֙ 2
אָמַ֣ר יְהוָ֔ה וַאֲמַרְתֶּ֖ם בַּמָּ֣ה אֲהַבְתָּ֑נוּ הֲלוֹא־אָ֨ח עֵשָׂ֤ו
לְיַעֲקֹב֙ נְאֻם־יְהוָ֔ה וָאֹהַ֖ב אֶֽת־יַעֲקֹֽב׃ וְאֶת־עֵשָׂ֖ו שָׂנֵ֑אתִי 3
וָאָשִׂ֤ים אֶת־הָרָיו֙ שְׁמָמָ֔ה וְאֶֽת־נַחֲלָת֖וֹ לְתַנּ֥וֹת מִדְבָּֽר׃ כִּֽי־ 4
תֹאמַ֨ר אֱד֜וֹם רֻשַּׁ֗שְׁנוּ וְנָשׁוּב֙ וְנִבְנֶ֣ה חֳרָב֔וֹת כֹּ֤ה אָמַר֙ יְהוָ֣ה
צְבָא֔וֹת הֵ֥מָּה יִבְנ֖וּ וַאֲנִ֣י אֶהֱר֑וֹס וְקָרְא֤וּ לָהֶם֙ גְּב֣וּל רִשְׁעָ֔ה
וְהָעָ֥ם אֲשֶׁר־זָעַ֛ם יְהוָ֖ה עַד־עוֹלָֽם׃ וְעֵינֵיכֶ֖ם תִּרְאֶ֑ינָה וְאַתֶּ֤ם ה
תֹּֽאמְרוּ֙ יִגְדַּ֣ל יְהוָ֔ה מֵעַ֖ל לִגְב֥וּל יִשְׂרָאֵֽל׃ בֵּ֛ן יְכַבֵּ֥ד אָ֖ב 6
וְעֶ֣בֶד אֲדֹנָ֑יו וְאִם־אָ֣ב אָ֣נִי אַיֵּ֣ה כְבוֹדִ֡י וְאִם־אֲדוֹנִ֣ים אָ֠נִי
אַיֵּ֨ה מוֹרָאִ֜י אָמַ֣ר ׀ יְהוָ֣ה צְבָא֗וֹת לָכֶם֙ הַכֹּֽהֲנִים֙ בּוֹזֵ֣י שְׁמִ֔י
וַאֲמַרְתֶּ֕ם בַּמֶּ֥ה בָזִ֖ינוּ אֶת־שְׁמֶֽךָ׃ מַגִּישִׁ֤ים עַֽל־מִזְבְּחִי֙ לֶ֣חֶם 7
מְגֹאָ֔ל וַאֲמַרְתֶּ֖ם בַּמֶּ֣ה גֵאַלְנ֑וּךָ בֶּאֱמָרְכֶ֕ם שֻׁלְחַ֥ן יְהוָ֖ה
נִבְזֶ֥ה הֽוּא׃ וְכִֽי־תַגִּשׁ֨וּן עִוֵּ֤ר לִזְבֹּ֙חַ֙ אֵ֣ין רָ֔ע וְכִ֥י תַגִּ֛ישׁוּ 8
פִּסֵּ֥חַ וְחֹלֶ֖ה אֵ֣ין רָ֑ע הַקְרִיבֵ֨הוּ נָ֜א לְפֶחָתֶ֗ךָ הֲיִרְצְךָ֙ א֣וֹ
הֲיִשָּׂ֣א פָנֶ֔יךָ אָמַ֖ר יְהוָ֥ה צְבָאֽוֹת׃ וְעַתָּ֛ה חַלּוּ־נָ֥א פְנֵי־אֵ֖ל 9
וִֽיחָנֵ֑נוּ מִיֶּדְכֶם֙ הָ֣יְתָה זֹּ֔את הֲיִשָּׂ֤א מִכֶּם֙ פָּנִ֔ים אָמַ֖ר יְהוָ֥ה
צְבָאֽוֹת׃ מִ֤י גַם־בָּכֶם֙ וְיִסְגֹּ֣ר דְּלָתַ֔יִם וְלֹֽא־תָאִ֥ירוּ מִזְבְּחִ֖י י
חִנָּ֑ם אֵֽין־לִ֨י חֵ֜פֶץ בָּכֶ֗ם אָמַר֙ יְהוָ֣ה צְבָא֔וֹת וּמִנְחָ֖ה לֹֽא־
אֶרְצֶ֥ה מִיֶּדְכֶֽם׃ כִּ֣י מִמִּזְרַח־שֶׁ֜מֶשׁ וְעַד־מְבוֹא֗וֹ גָּד֤וֹל 11
שְׁמִי֙ בַּגּוֹיִ֔ם וּבְכָל־מָק֗וֹם מֻקְטָ֥ר מֻגָּ֛שׁ לִשְׁמִ֖י וּמִנְחָ֣ה

טהורה

הפטרת תולדות יצחק v. 1.

# מ ל א כ י

## קאַפּיטעל א

1 א פאַרטראַג. גאָט'ס וואָרט צו ישראל דורך מלאכי.

2 „איך האָב אייך געליעבט" — זאָגט גאָט. ווען איהר זאָגען: „מיט וואָס ווייזטו אונז דיין ליעבע?" — איז ניט עשו אַ ברודער יעקב'ס? דאָך ליעב איך יעקב'ן;

3 און עשו'ן האס איך; זיינע בערג האָב איך געמאַכט צו וויסט און זיין בעזיץ — צו אַ בעוועלדערטע וויסטע.

4 אויב אדום זאָגט זיך: „מיר זיינען פעראַרימט געוואָרען — מיר וועלען אָבער צוריק אויפבויען די רואינען!" אַזוי זאָגט גאָט פון ארמעען, זיי וועלען בויען און איך וועל ברעכען; מען וועט זייער לאַנד רופען „בע־שטראָפער גרענעץ" און דאָס פאָלק „גאָט'ס פערפלוכטעס" אויף אייביג.

5 איהר וועט עס מיט אייערע אויגען זעהען און וועט זאָגען: גרויס איז גאָט וואָס איז אימער אויפ'ן גרענעץ פון ישראל.

6 אַ זוהן דאַרף כבוד אָבגעבען אַ פאַטער און אַ קנעכט — זיין הערן; בין איך אַ פאַטער, וואו איז מיין כבוד? בין איך אַ הערר, וואו איז מיין רעספּעקט? דאָס זאָגט גאָט פון ארמעען צו אייך כהנים, וואָס מאַכען מיין נאָמען צו שאַנדע. איהר וועט זאָגען: „מיט וואָס האָבען מיר דיין נאָמען צו שאַנדע געמאַכט?"

7 מען ברענגט אויף מיין טיש אָבשייליכעס ברויט. איהר וועט זאָגען: „מיט וואָס האָבען מיר עס אָבשייליך געמאַכט?" מיט דעם וואָס איהר זאָגט: „גאָט'ס טיש איז אַן העסליכער".

8 און אַז איהר ברענגט אַ בלינדען אַלס קרבן, איז דאָס ניט אונרעכט? אַז איהר ברענגט אָפּפער הינקעדיגע אָדער קראַנקע, איז דאָס ניט אונרעכט? פּרוביר דאָס ברענגען צו דיין פירשט, וועט ער דאָס פון דיר אָננעה־מען? וועט ער דיר דערפאַר גוט אויפנעהמען? — זאָגט גאָט פון ארמעען.

9 אַלזאָ בעט גאָט אום ער זאָל אונז בעגנאַדיגען, איהר זעלבסט האָט אייער צושטאַנד פערדיענט, וואָלט ער נאָר אייך אויפנעהמען — זאָגט גאָט פון ארמעען.

10 וואָלט זיך פון אייך איינער געפונען וואָס זאָל די טהירען צושליסען, אום איהר זאָלט ניט בעלייכטען מיין אַלטאַר נוצלאָז; איך וויל אייך מעהר ניט האָבען — זאָגט גאָט פון ארמעען — אויך קיין שפּייז־אָפּפער וויל איך פון אייער האַנד נעהמען.

11 פון זונען אויפגאַנג ביז זונען אונטערגאַנג איז מיין נאָמען גרויס צווי־שען די פעלקער, איבעראַל ווערט געריויכערט און געאָפּפערט צו מיין נאָ־

12 טְהוֹרָה כִּֽי־גָדוֹל שְׁמִי בַּגּוֹיִם אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ וְאַתֶּם
מְחַלְּלִים אוֹתוֹ בֶּאֱמָרְכֶם שֻׁלְחַן אֲדֹנָי מְגֹאָל הוּא וְנִיבוֹ
13 נִבְזֶה אָכְלוֹ׃ וַאֲמַרְתֶּם הִנֵּה מַתְּלָאָה וְהִפַּחְתֶּם אוֹתוֹ
אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת וַהֲבֵאתֶם גָּזוּל וְאֶת־הַפִּסֵּחַ וְאֶת־
הַחוֹלֶה וַהֲבֵאתֶם אֶת־הַמִּנְחָה הַאֶרְצֶה אוֹתָהּ מִיֶּדְכֶם
14 אָמַר יְהוָה׃ וְאָרוּר נוֹכֵל וְיֵשׁ בְּעֶדְרוֹ זָכָר וְנֹדֵר וְזֹבֵחַ
מָשְׁחָת לַאדֹנָי כִּי מֶלֶךְ גָּדוֹל אָנִי אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
וּשְׁמִי נוֹרָא בַגּוֹיִם׃

## CAP. II. ב

ב

2 א וְעַתָּה אֲלֵיכֶם הַמִּצְוָה הַזֹּאת הַכֹּהֲנִים׃ אִם־לֹא תִשְׁמְעוּ
וְאִם־לֹא תָשִׂימוּ עַל־לֵב לָתֵת כָּבוֹד לִשְׁמִי אָמַר יְהוָה
צְבָאוֹת וְשִׁלַּחְתִּי בָכֶם אֶת־הַמְּאֵרָה וְאָרוֹתִי אֶת־בִּרְכוֹתֵיכֶם
3 וְגַם אָרוֹתִיהָ כִּי אֵינְכֶם שָׂמִים עַל־לֵב׃ הִנְנִי גֹעֵר לָכֶם
אֶת־הַזֶּרַע וְזֵרִיתִי פֶרֶשׁ עַל־פְּנֵיכֶם פֶּרֶשׁ חַגֵּיכֶם וְנָשָׂא
4 אֶתְכֶם אֵלָיו׃ וִידַעְתֶּם כִּי שִׁלַּחְתִּי אֲלֵיכֶם אֵת הַמִּצְוָה
ה הַזֹּאת לִהְיוֹת בְּרִיתִי אֶת־לֵוִי אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ בְּרִיתִי ׀
הָיְתָה אִתּוֹ הַחַיִּים וְהַשָּׁלוֹם וָאֶתְּנֵם־לוֹ מוֹרָא וַיִּירָאֵנִי
6 וּמִפְּנֵי שְׁמִי נִחַת הוּא׃ תּוֹרַת אֱמֶת הָיְתָה בְּפִיהוּ וְעַוְלָה
לֹא־נִמְצָא בִשְׂפָתָיו בְּשָׁלוֹם וּבְמִישׁוֹר הָלַךְ אִתִּי וְרַבִּים
7 הֵשִׁיב מֵעָוֹן׃ כִּי־שִׂפְתֵי כֹהֵן יִשְׁמְרוּ־דַעַת וְתוֹרָה יְבַקְשׁוּ
8 מִפִּיהוּ כִּי מַלְאַךְ יְהוָה־צְבָאוֹת הוּא׃ וְאַתֶּם סַרְתֶּם מִן־
הַדֶּרֶךְ הִכְשַׁלְתֶּם רַבִּים בַּתּוֹרָה שִׁחַתֶּם בְּרִית הַלֵּוִי אָמַר
9 יְהוָה צְבָאוֹת׃ וְגַם־אֲנִי נָתַתִּי אֶתְכֶם נִבְזִים וּשְׁפָלִים לְכָל־
הָעָם כְּפִי אֲשֶׁר אֵינְכֶם שֹׁמְרִים אֶת־דְּרָכַי וְנֹשְׂאִים פָּנִים
י בַּתּוֹרָה׃ הֲלוֹא אָב אֶחָד לְכֻלָּנוּ הֲלוֹא אֵל אֶחָד בְּרָאָנוּ
11 מַדּוּעַ נִבְגַּד אִישׁ בְּאָחִיו לְחַלֵּל בְּרִית אֲבֹתֵינוּ׃ בָּגְדָה
יְהוּדָה וְתוֹעֵבָה נֶעֶשְׂתָה בְיִשְׂרָאֵל וּבִירוּשָׁלָםִ כִּי ׀ חִלֵּל
יהודה

ב׳ v. 7. עד כאן

מען, אויך ווערן ריינע שפּייז־אָפּפער געבראַכט ; ווארום צווישען די נאַציאָנען איז מיין נאָמען גרויס — זאָגט גאָט פון ארמעען.

12 איהר אָבער פערשוועכט איהם דערמיט וואָס איהר זאָגט : „„גאָט׳ס טיש איז אבשייליך און איהר רעדט וועגען איהם „זיין שפּייז איז פערהאַסט.״

13 אויך זאָגט איהר : „עס איז אַ לאַסט און מיר ליידען דערפון״ — זאָגט גאָט פון ארמעען, דערפאַר ברענגט איהר גערויבטעס, הינקעדיגע און קראַנקע, קוים ברענגט איהר אויף אַזאַ אַרט דעם שפּייז־אָפּפער, קען איך עס פון אייערע הענד אָננעהמען ? — זאָגט גאָט.

14 און זאָל פערפלוכט זיין דער קארגער, וועלכער האָט אין זיין הערדע אַ גוטען שעפּס און אז ער פערשפּרעכט אַ אָפּפער צו גאָט, ברענגט ער אַ פערדאָרבענעם ! איך בין דער גרעסטער קעניג — זאָגט גאָט פון ארמעען — און מיין נאָמען איז שרעקליך צווישען די נאַציאָנען.

## קאַפּיטעל ב

1 אַלזאָ, אויף אייך, כהנים, ליעגט דאָס פליכט !

2 אויב איהר וועט ניט געהאָרכזאַם זיין און וועט זיך ניט נעהמען צום האַרצען מיין נאָמען צו עהרען — זאָגט גאָט פון ארמעען, וועל איך אויף אייך אָנשיקען אַ פלוך, איך וועל אייערע ברכות אין קללות פערוואנדלען ; איך האָב שוין געשאָלטען נאָר איהר נעהמט זיך ניט צום הארצען.

3 איך וועל ווענין מאַכען די פּראָדוקטען פון אייער זעהען, און וועל אויף אייערע געזיכטער ארויפוואַרפען דאָס מיסט פון אייערע פעסט־אָפּפער, ביז איהר וועט זיך צו דאָס צוגעוואָהנען.

4 דאַן וועט איהר שוין וויסען אז איך האָב אייך געשיקט דיעזען בעפעהל אום אַ פערבינדונג צו מאַכען מיט לוי׳ן, — זאָגט גאָט פון ארמעען.

5 מיין פערבאַנד איז מיט איהם געווען אויף לעבען און פריעדען, איך האָב זיי איהם געגעבען ווען ער האָט מיר רעספּעקטירט, און געציטערט פאַר מיין נאָמען.

6 אַ טרייע לעהרע איז אין זיין מויל געווען, קיין אונרעכט האָט זיך אויף זיינע ליפּען געפונען, אין פריעדען און גערעכטיגקייט איז ער פאַר מיר געגאַנגען און האָט פיעל פון זינד צוריק געקעהרט.

7 דעם כהן׳ס ווערטער בעוואַכען דאָס וויסענשאַפט און פון זיין געשפּרעך זוכט מען לעהרע — אויב ער איז ווי אַ מלאך פונ׳ם גאָט פון ארמעען.

8 איהר אָבער האָט אָבגעקעהרט פונ׳ם גוטען וועג, איהר האָט פיעל אין אירטהום געבראַכט דורך אייער לעהרע, פערדאָרבענדיג דעם בונד וואָס איך האָב געמאַכט מיט לוי — זאָגט גאָט פון ארמעען.

9 דערפאַר האָב איך אייך געמאַכט פערהאַסט און ערנידעריגט פון דאָס גאַנצע פאָלק, ווייל איהר היט ניט אָב מיינע וועגען און אַכטעט ניט דאָס געזעץ.

10 האָבען מיר ניט אַלע איין פאָטער? האָט אונז אַלעמען ניט דער זעלביגער גאָט בעשאַפען ? ווארום זאָלען מיר אונטריי זיין איינער צום אנדערן און אין פערשוועכען דערמיט דעם בונד פון אונזערע עלטערן ?

11 גאַנץ יהודה איז אונטריי ! גרוילטהאַטען ווערען געטהאָן אין ישראל און

יְהוּדָה קֹדֶשׁ יְהוָה אֲשֶׁר אָהֵב וּבָעַל בַּת־אֵל נֵכָר׃ יַכְרֵת 12
יְהוָה לָאִישׁ אֲשֶׁר יַעֲשֶׂנָּה עֵר וְעֹנֶה מֵאָהֳלֵי יַעֲקֹב וּמַגִּישׁ
מִנְחָה לַיהוָה צְבָאוֹת׃ וְזֹאת שֵׁנִית תַּעֲשׂוּ כַּסּוֹת דִּמְעָה 13
אֶת־מִזְבַּח יְהוָה בְּכִי וַאֲנָקָה מֵאֵין עוֹד פְּנוֹת אֶל־הַמִּנְחָה
וְלָקַחַת רָצוֹן מִיֶּדְכֶם׃ וַאֲמַרְתֶּם עַל־מָה עַל כִּי־יְהוָה 14
הֵעִיד בֵּינְךָ וּבֵין ׀ אֵשֶׁת נְעוּרֶיךָ אֲשֶׁר אַתָּה בָּגַדְתָּה בָּהּ
וְהִיא חֲבֶרְתְּךָ וְאֵשֶׁת בְּרִיתֶךָ׃ וְלֹא־אֶחָד עָשָׂה וּשְׁאָר רוּחַ טו
לוֹ וּמָה הָאֶחָד מְבַקֵּשׁ זֶרַע אֱלֹהִים וְנִשְׁמַרְתֶּם בְּרוּחֲכֶם
וּבְאֵשֶׁת נְעוּרֶיךָ אַל־יִבְגֹּד׃ כִּי־שָׂנֵא שַׁלַּח אָמַר יְהוָה 16
אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל וְכִסָּה חָמָס עַל־לְבוּשׁוֹ אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
וְנִשְׁמַרְתֶּם בְּרוּחֲכֶם וְלֹא תִבְגֹּדוּ׃ הוֹגַעְתֶּם יְהוָה 17
בְּדִבְרֵיכֶם וַאֲמַרְתֶּם בַּמָּה הוֹגָעְנוּ בֶּאֱמָרְכֶם כָּל־עֹשֵׂה
רָע טוֹב ׀ בְּעֵינֵי יְהוָה וּבָהֶם הוּא חָפֵץ אוֹ אַיֵּה אֱלֹהֵי
הַמִּשְׁפָּט׃

## ג CAP. III. ג

הִנְנִי שֹׁלֵחַ מַלְאָכִי וּפִנָּה־דֶרֶךְ לְפָנָי וּפִתְאֹם יָבוֹא אֶל־ א
הֵיכָלוֹ הָאָדוֹן ׀ אֲשֶׁר־אַתֶּם מְבַקְשִׁים וּמַלְאַךְ הַבְּרִית אֲשֶׁר
אַתֶּם חֲפֵצִים הִנֵּה־בָא אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ וּמִי מְכַלְכֵּל 2
אֶת־יוֹם בּוֹאוֹ וּמִי הָעֹמֵד בְּהֵרָאוֹתוֹ כִּי־הוּא כְּאֵשׁ מְצָרֵף
וּכְבֹרִית מְכַבְּסִים׃ וְיָשַׁב מְצָרֵף וּמְטַהֵר כֶּסֶף וְטִהַר אֶת־ 3
בְּנֵי־לֵוִי וְזִקַּק אֹתָם כַּזָּהָב וְכַכָּסֶף וְהָיוּ לַיהוָה מַגִּישֵׁי מִנְחָה
בִּצְדָקָה׃ * וְעָרְבָה לַיהוָה מִנְחַת יְהוּדָה וִירוּשָׁלָםִ כִּימֵי 4
עוֹלָם וּכְשָׁנִים קַדְמֹנִיּוֹת׃ וְקָרַבְתִּי אֲלֵיכֶם לַמִּשְׁפָּט וְהָיִיתִי ׀ ה
עֵד מְמַהֵר בַּמְכַשְּׁפִים וּבַמְנָאֲפִים וּבַנִּשְׁבָּעִים לַשָּׁקֶר
וּבְעֹשְׁקֵי שְׂכַר־שָׂכִיר אַלְמָנָה וְיָתוֹם וּמַטֵּי־גֵר וְלֹא יְרֵאוּנִי
אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ כִּי אֲנִי יְהוָה לֹא שָׁנִיתִי וְאַתֶּם בְּנֵי־ 6
יַעֲקֹב לֹא כְלִיתֶם׃ לְמִימֵי אֲבֹתֵיכֶם סַרְתֶּם מֵחֻקַּי וְלֹא 7

שמרתם

* ג׳ v. 4. הפטרת שבת הגדול

ירושלים ! יהודה האָט פערשוועכט די געטליכע הייליגטהימער וועלכע ער האָט געדארפט ליעבען, און איז בעהערשט פון א טאָכטער פון פרעמדע געטער.

12 גאָט וועט פערטיליגען דעם מאַן וואָס טהוט אזעלכע זאכען, קינדער און קינדס־קינדער פון די געצעלטען פון יעקב, זאָגאר ווען ער ברענגט א שפייז־אָפּפער צו גאָט פון ארמעען.

13 און נאָך דאָס טהוט איהר אויך : מיט טרעהרען בעדעקט איהר גאָט׳ס מזבח, מיט געוויין און זיפצעריי, אז מ׳קען זיך שוין צום שפייז־אָפּפער ניט ווענדען ; קען אנגענעהם זיין וואָס פון אייערע הענד צו נעהמען ?

14 איהר פרעגט : „פאר וואָס ?" — ווייל גאָט האָט א ווארנונג געגעבען צווישען דיר און דיין יוגענדליכע פרוי, קעגען וועלכע דו ביזט אונטריי אָבוואָהל זי איז דיין פריינדין און דיין געזעצליכע פרוי.

15 דאָס טהוט ניט יענער וועלכער האָט אַן ערהאבענעם גייסט ! יעדער איינער דארף ווינשען האָבען געזעצליכע קינדער ; היט אייער גייסט און זייט ניט אונטריי אייער יוגענדליכע פרוי !

16 ווען יעמאנד האסט זיין פרוי, דארף ער איהר פריי לאָזען — זאָגט דער עוויגער, גאָט פון ישראל, און זאָל זיין אונרעכט פערדעקט זיין — זאָגט גאָט פון ארמעען ; היט אייער גייסט און זייט ניט טריילאָז.

17 מיט אייערע ווערטער בעלעסטיגט איהר דעם עוויגען, איהר פרעגט : „מיט וואָס בעלעסטיגען מיר איהם ? דערמיט וואָס איהר זאָגט : יעדער וואָס טהוט שלעכטס, איז אנגענעהם ביי גאָט, און דאָס איז וואָס ער פערלאַנגט," אָדער : „וואו איז דער גאָט וואָס שטראָפט ?"

## קאַפּיטעל ג

1 איך שיק מיין מלאך, ער וועט דעם וועג פאר מיר ריין מאכען, אום עס זאָל שנעל צו זיין טעמפּעל קומען דער הערר, וועמען איהר פערלאַנגט, אויך דער מלאך פון פערבינדונג וואָס איהר ווינשט קומט שוין אָן — זאָגט גאָט פון ארמעען.

2 ווער קען ערטראָגען דעם טאָג פון זיין קומען ? ווער קען אויף די פיס איינשטעהען ווען ער בעווייזט זיך ? ער ברענט ווי פייער, און רייניגט ווי וועשער־זייף.

3 ער וועט זיך צייט נעהמען און רייניגען ווי זילבער לוי׳ס קינדער, ער וועט זיי קלאָהר מאכען ווי גאָלד און זילבער, דאן וועלען זיי ווירקליך זיין שפייז־אָפּפער ברענגען צו גאָט.

4 און עס וועט ביי גאָט אנגענעהם זיין דער שפייז־אָפּפער פון יהודה און ירושלים ווי אין די אלטע צייטען אין די פריהעריגע יאָהרען.

5 איך זעלבסט וועל צום געריכט קעגען אייך צוטרעטען, איך וועל א שנע־לער עדות זיין קעגען די צויבערער, די אויסוואורפען, די וואָס שווערען פאלש און פערהאלטען דעם לוין פון טאָג־לוינער, פון אַן אלמנה אָדער א יתום אויך צו די וואָס ערניעדריגען דעם פרעמדלינג און רעספּעקטירען מיר ניט — זאָגט גאָט פון ארמעען.

6 אזוי ווי איך, גאָט, בין אונפערענדליך אזוי זייט איהר, יעקב׳ס קינדער, אונאונטערגענגליך.

7 אין די צייטען פון אייערע עלטערן האָט איהר פון מיינע געזעצע אָבגע־

שְׁמַרְתֶּם שׁוּבוּ אֵלַי וְאָשׁוּבָה אֲלֵיכֶם אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
8 וַאֲמַרְתֶּם בַּמֶּה נָשׁוּב׃ הֲיִקְבַּע אָדָם אֱלֹהִים כִּי אַתֶּם
קֹבְעִים אֹתִי וַאֲמַרְתֶּם בַּמֶּה קְבַעֲנוּךָ הַמַּעֲשֵׂר וְהַתְּרוּמָה׃
9 בַּמְּאֵרָה אַתֶּם נֵאָרִים וְאֹתִי אַתֶּם קֹבְעִים הַגּוֹי כֻּלּוֹ׃ הָבִיאוּ
אֶת־כָּל־הַמַּעֲשֵׂר אֶל־בֵּית הָאוֹצָר וִיהִי טֶרֶף בְּבֵיתִי וּבְחָנוּנִי
נָא בָּזֹאת אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אִם־לֹא אֶפְתַּח לָכֶם אֵת
11 אֲרֻבּוֹת הַשָּׁמַיִם וַהֲרִיקֹתִי לָכֶם בְּרָכָה עַד־בְּלִי־דָי׃ וְגָעַרְתִּי
לָכֶם בָּאֹכֵל וְלֹא־יַשְׁחִת לָכֶם אֶת־פְּרִי הָאֲדָמָה וְלֹא־
12 תְשַׁכֵּל לָכֶם הַגֶּפֶן בַּשָּׂדֶה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ וְאִשְּׁרוּ
אֶתְכֶם כָּל־הַגּוֹיִם כִּי־תִהְיוּ אַתֶּם אֶרֶץ חֵפֶץ אָמַר יְהוָה
13 צְבָאוֹת׃ חָזְקוּ עָלַי דִּבְרֵיכֶם אָמַר יְהוָה וַאֲמַרְתֶּם
14 מַה־נִּדְבַּרְנוּ עָלֶיךָ׃ אֲמַרְתֶּם שָׁוְא עֲבֹד אֱלֹהִים וּמַה־
בֶּצַע כִּי שָׁמַרְנוּ מִשְׁמַרְתּוֹ וְכִי הָלַכְנוּ קְדֹרַנִּית מִפְּנֵי יְהוָה
טו צְבָאוֹת׃ וְעַתָּה אֲנַחְנוּ מְאַשְּׁרִים זֵדִים גַּם־נִבְנוּ עֹשֵׂי
16 רִשְׁעָה גַּם בָּחֲנוּ אֱלֹהִים וַיִּמָּלֵטוּ׃ אָז נִדְבְּרוּ יִרְאֵי יְהוָה
אִישׁ אֶל־רֵעֵהוּ וַיַּקְשֵׁב יְהוָה וַיִּשְׁמָע וַיִּכָּתֵב סֵפֶר זִכָּרוֹן
17 לְפָנָיו לְיִרְאֵי יְהוָה וּלְחֹשְׁבֵי שְׁמוֹ׃ וְהָיוּ לִי אָמַר יְהוָה
צְבָאוֹת לַיּוֹם אֲשֶׁר אֲנִי עֹשֶׂה סְגֻלָּה וְחָמַלְתִּי עֲלֵיהֶם
18 כַּאֲשֶׁר יַחְמֹל אִישׁ עַל־בְּנוֹ הָעֹבֵד אֹתוֹ׃ וְשַׁבְתֶּם וּרְאִיתֶם
19 בֵּין צַדִּיק לְרָשָׁע בֵּין עֹבֵד אֱלֹהִים לַאֲשֶׁר לֹא עֲבָדוֹ׃ כִּי
הִנֵּה הַיּוֹם בָּא בֹּעֵר כַּתַּנּוּר וְהָיוּ כָל־זֵדִים וְכָל־עֹשֵׂה
רִשְׁעָה קַשׁ וְלִהַט אֹתָם הַיּוֹם הַבָּא אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
כ אֲשֶׁר לֹא־יַעֲזֹב לָהֶם שֹׁרֶשׁ וְעָנָף׃ וְזָרְחָה לָכֶם יִרְאֵי שְׁמִי
שֶׁמֶשׁ צְדָקָה וּמַרְפֵּא בִּכְנָפֶיהָ וִיצָאתֶם וּפִשְׁתֶּם כְּעֶגְלֵי
21 מַרְבֵּק׃ וְעַסּוֹתֶם רְשָׁעִים כִּי־יִהְיוּ אֵפֶר תַּחַת כַּפּוֹת
22 רַגְלֵיכֶם בַּיּוֹם אֲשֶׁר אֲנִי עֹשֶׂה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ זִכְרוּ
תּוֹרַת מֹשֶׁה עַבְדִּי אֲשֶׁר צִוִּיתִי אוֹתוֹ בְחֹרֵב עַל־כָּל־יִשְׂרָאֵל

חקים

v. 16. קמץ בז"ק v. 22 ז רבתי

קעהרט און האָט זיי ניט אָבגעהיט; קעהרט איהר זיך צוריק צו מיר וועל איך זיך קעהרען צו אייך — זאָגט גאָט פון ארמעען. איהר פרעגט: „ווי זאָלען מיר צוריקקעהרען?”.

8 דאַרף אַ מענש גאָט בערויבען ווי איהר בערויבט מיר? איהר פרעגט: „מיט וואָס האָבען מיר דיר בערויבט?” — די מעשר און די תרומה!

9 איהר ווערט פערפלוכט, אונרוהיגעס פאָלק, און מיר בערויבט איהר!

10 ברענגט אריין דאָס גאנצע מעשר אין שפּייכלער־הויז, און זאָל שפּייז זיין אין מיין הויז; פּרובירט מיר דערמיט — זאָגט גאָט פון ארמעען — אויב איך וועל פאַר אייך ניט עפענען די פענסטער פון הימעל און וועל אויף אייך אראָבגיעסען ברכה מעהר ווי גענוג.

11 איך וועל אָנשרייען אויפ׳ן פערצעהרער און ער וועט מעהר ניט פערדאַרבען די פּרוכט פון דר׳ערד, אויך ניט פערניכטען דעם וויינבוים אין פעלד — זאָגט גאָט פון ארמעען.

12 אַלע פעלקער וועלען אייך גליקליך שעצען, וואָרום איהר און אייער לאַנד וועט ווינשענס־ווערטה זיין — זאָגט גאָט פון ארמעען.

13 איהר האָט וועגען מיר האַרטע ווערטער גערעדט — זאָגט גאָט. איהר פרעגט: „וואָס האָבען מיר וועגען דיר גערעדט?”

14 איהר האָט געזאָגט: „עס איז נוצלאָז גאָט צו דיענען! און וועלכע נוצען האָבען מיר געהאַט אז מיר האָבען זיינע בעפעהלע אָבגעהיט? און אז מיר זיינען ארומגעגאַנגען פערפינסטערטע צוליעב דעם גאָט פון ארמעען?

15 אַט שעצען מיר גליקליך די פערברעכער, וואָרום די שלעכטס־טהוער זיינען פעסט געבויט, זיי זיינען זעהר שטאַרק און ווערען אימער גערעטעט.”

16 אָבער דאַן וועו די גאָטספאָרכטיגע רעדען זיך דורך איינער מיט דעם צווייטען, האָרכט גאָט אויס און הערט, ער פערשרייבט זיי ביי זיך אין בוך פון עראינערונגען אַלס גאָטספאָרכטיגע וועלכע אכטען זיין נאָמען.

17 זיי וועלען מיינע זיין — זאָגט גאָט פון ארמעען — דאַן ווען איך וועל זיי אַלס מוסטער פאָלק מאַכען, איך וועל אויף זיי מיטלייד האָבען, ווי אַ מאַן וואָס האָט מיטלייד מיט זיין געהאָרכזאַמען זוהן.

18 דאַמאָלס וועט איהר זעהען דעם אונטערשייד צווישען אַ פרומען און אַ פערברעכער, צווישען דעם וואָס דיענט גאָט און דעם וואָס דיענט איהם ניט.

19 יענער קומענדער טאָג וועט ברענען ווי אַן אויווען, אַלע פערדאָרבענע און פערברעכער וועלען ווערען שוואַך ווי שטרוי, און יענער קומענדער טאָג וועט זיי פערברענען — זאָגט גאָט פון ארמעען — און עס וועט פון זיי ניט בלייבען קיין וואָרצעל און קיין צווייג.

20 נאָר פאַר אייך, די וואָס רעספּעקטירען מיין נאָמען, וועט שיינען אַ מילדע זונן וועלכע היילט מיט איהרע שטראַהלען; איהר וועט אימער פעט זיין ווי די מאַסט קעלבער.

21 די פערברעכער וועט איהר צודריקען, זיי וועלען זיין ווי אַש אונטער אייערע פיס־טריט, דאַן ווען איך וועל מיין ארבייט טהאָן — זאָגט גאָט פון ארמעען.

22 געדענקט די לעהרע פון משה, מיין דיענער, אויף אַלע געזעצע און רעכטע וואָס איך האָב איהם איבערגעגעבען אין חרב, פאַר גאַנץ ישראל.

חֻקִּ֖ים וּמִשְׁפָּטִֽים׃ 23 הִנֵּ֤ה אָנֹכִי֙ שֹׁלֵ֣חַ לָכֶ֔ם אֵ֖ת אֵלִיָּ֣ה הַנָּבִ֑יא לִפְנֵ֗י בּ֚וֹא י֣וֹם יְהוָ֔ה הַגָּד֖וֹל וְהַנּוֹרָֽא׃ 24 וְהֵשִׁ֤יב לֵב־אָבוֹת֙ עַל־בָּנִ֔ים וְלֵ֥ב בָּנִ֖ים עַל־אֲבוֹתָ֑ם פֶּן־אָב֕וֹא וְהִכֵּיתִ֥י אֶת־הָאָ֖רֶץ חֵֽרֶם׃ ס ע״כ

הנה אנכי שלח לכם את אליה הנביא לפני בוא יום יהוה הגדול והנורא:

י'ת'ק'ק' סימן

# חזק

## סכום פסוקי תרי עשר

הושע מאה ותשעים ושבעה: ורגלך לא בצקה סימן.
יואל שבעים ושלשה: שלחו מגל סימן.
עמום מאה וארבעים וששה: קמו בניה סימן.
עובדיה עשרים ואחד: אך טוב לישראל סימן.
יונה ארבעים ושמונה: ישראל עושה חיל סימן.
מיכה מאה וחמשה: עלה אלהים בתרועה סימן.
נחום ארבעה ושבעה: יזל מים סימן.
חבקוק חמשים וששה: ולך תהיה צדקה סימן:
צפניה חמשים ושלשה: גן נעול סימן.
חגי שלשים ושמונה: כי אם גלה סודו סימן.
זכריה מאתים ואחד עשר: אשרי כל ירא יי׳ סימן.
מלאכי חמשים וחמשה: ויעקב הלך לדרכו סימן:

סכום הפסוקים של כל שנים עשר נביאים אלף וחמשים כי שרית עם אלהים סימן. וחציו. לכן בגללכם ציון שדה תחרש. וסדריו עשרים ואחד. ולכבוד אהיה בתוכה סימן:

23 איך שיק אייך אליהו דעם נביא איידער עס וועט קומען גאָט'ס גרויסער און שרעקליכער טאָג.

24 ער וועט צוריקברענגען דאָס הארץ פון עלטערן צו די קינדער און דאָס הארץ פון קינדער צו זייערע עלטערן, אום איך זאָל ניט קומען און שלאָגען דאָס גאַנצע לאַנד מיט פערניכטונג.

**איך שיק אייך אליהו דעם נביא איידער עס וועט קומען גאָט'ס גרויסער און שרעקליכער טאָג.**

## חזק.

**די צאהל פון פסוקים אין תרי עשר:**

הושע, הונדערט און זיעבען און נײַנציג.
יואל, דריי און זיעבעציג.
עמוס, הונדערט און זעקס און פערציג.
עובדיה, איין און צוואנציג.
יונה, אכט און פערציג.
מיכה, הונדערט און פינף.
נחום, זיעבען און פערציג.
חבקוק, זעקס און פופציג.
צפניה, דריי און פופציג.
חגי, אכט און דרייסיג.
זכריה, צוויי הונדערט און עלף
מלאכי, פינף און פופציג.

צוזאמען געפינען זיך אין תרי עשר, טויזענד און פופציג פסוקים. די העלפט דאפון איז, מיכה קאפ. ג', פסוק 12.